**אייער אלטע, געווענטענעם ראק?—ניין, ער האט איהם ניט.—האט איהר א זילבערנע גאָפּעל?—איך האב איינע.—האט אייער פעטער א שיינעם גאָרטען?—ער האט איינעם.—ווער זעהט ניט מיין זיידענעם הוט?—איך זעה איהם, אבער מיין שוועסטער זעהט איהם ניט.—רופט איהר ניט דעם סטאָליער?—ניין, מיין פאטער רופט דעם סטאָליער.—האט איהר ניט א גוטען מאַן, מאדאם?—יע, איך האב אַ גוטען מאַן, און ער האט אַ גוטע ווייב.—זעהט איהר דעם פלאָרין, וועלכען מיין זון האט?—איך זעה איהם.—וועמעס פערד האט אייער זון?—ער האט מיין פערד.—וועמעס זון איז דיזער קליינער מאַן?—ער איז מיין זון.—וועמעס זייגערל האט דער זייגער־מייסטער?—ער האט אייער גאלדענעם זייגערל.—האט איהר א שוועסטער?—איך האב קיין שוועסטער און קיין ברודער, אבער מיין מאן האט א שוועסטער און א ברודער.—וואס איז דיזער מאן?—ער איז א סטאָליער.—וועמעס סטאָליער איז ער?—ער איז מיין סטאָליער.—רופט מיך אייער פעטער?—ניין, ער רופט אייך ניט, אבער ער רופט אייער ברודער און אייער שוועסטער.—וועמען רופט איהר?—איך רוף אייך.—וועמען רופט אייער מומע?—זיא רופט אייער זון.—וועמען זעהט איהר?—איך זעה דעם אַלטען שניידער.—ווער האט גוטעם פּאַפּיער?—מיין פאטער האט וועלכעס.—ווער האט געלד?—איך האב וועלכעס.—ווער האט מיין פענ־מעסערל?—מיין טאָכטער האט עס.—זעהט מיך מיין פאטער?—ניין, ער זעהט אייך ניט.**

---

# Eighth Lesson.—אכטע לעקציאָן.

## Of the (אָוו דהי), פון דעם, פון דער.

| | |
|---|---|
| The color (אָד. colour). | דיא פארב, דער קאָלאָר. |
| Do you see the color of the ribbon? | זעהט איהר דיא פארב פון דעם באַנד? |
| I see it. | איך זעה זיא. |

אנגעהעריגקייט צו אַ זאַך אדער אַ פּערזאָן ווערט געוועהנליך בעצייכענט מיט דעם ווער־טעל of: the room of the house, דאָס צימער פון הויז; the arm of the man, דער אָרם פון מאַן (אָד. דעם מאַנ'ס אָרם). ביא פּערזאָנען ווערט דיא אנגעהעריגקייט געוועהנליך בעצייכענט דורך דיא צוזעצונג פון s מיט אַ שטריכעלע פאַר איהם ('s) [וויא אין יודיש].

| | |
|---|---|
| The man's hat. | דעם מאַנ'ס הוט. |
| The woman's sister. | דער פרוי'ס שוועסטער. |
| My uncle's wife is my aunt. | מיין פעטער'ס ווייב איז מיין מומע. |
| Is this boy that little man's son? | איז דיזער יונגעל יענעם קליינעם מאַנ'ס זון? |

ווען עס געהען עטליכע ווערטער, וועלכע בעצייכענען פּערזאנען אדער זאכען, צו וועלכע עפּעס געהערט, קומען ניט ביא אַלעמען דיא זעלביגע אנגעהעריקייטס צייכענס—נאָר זייא בייטען זיך: ביא איינעם קומט of, ביין אנדערן—'s.

| | |
|---|---|
| Have you the bottle of my aunt's brother? | האט איהר דיא פלאַש פון מיין מומע'ס ברודער? |

| | |
|---|---|
| The servant (דהי סאָיר׳וועגט). | דער בעדיענטער, דיא דיענסט. |
| The friend (דהי פרענד). | דער פריינד, דיא פריינדין. |
| The cook (דהי קוק). | דער קובער, דיא קעכין. |
| The cousin (דהי קאָזן). | דער שוועסטערקינד, דיא שוועסטערקינד. |

פיעלע ווערטער בעצייכענען צו גלייכער צייט מענליכע און ווייבליכע פערזאָנען, און פון דעם צוזאַמענהאַנג פערשטעהט מען אויב זייא בעצייכענען אַ מענליכע פערזאָן אדער אַ ווייבליכע. בייא דיא ווערטער cook און servant שטעלט מען דאָס וואָרט man, ווען זייא בעצייכענען אַ מענליכע פערזאָן, און woman—ווען אַ ווייבליכע פערזאָן: man-cook, אַ קוכער, man-servant, אַ דיענער; woman-cook, אַ קעכין, woman-servant, אַ דיענסט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| French (פרענטש) | פראַנצויזיש | German (דזשאֶיר׳מאָן) | דייטש |
| English (איניגליש) | ענגליש | Italian (איטאַליען) | איטאַליעניש |
| Dutch (דאַטש) | האָללענדיש | Spanish (ספּאֶניש) | שפּאַניש |

ווערטער, וואָס קומען פון נעמען פון פעלקער אדער לענדער, פאַנגען זיך אָן מיט גרויסע בוכשטאַבען.

| | |
|---|---|
| Have you my English book? | האָט איהר מיין ענגלישעם בוך? |
| I have neither your English book nor your French one. | איך האב ניט דיין ענגלישעם בוך ניט דיין פראַנצויזישעם. |

## (נידהער—נאָר), ניט—ניט. Neither—nor

ווען עס קומט אויס צו זאָגען צוויי מאָל „ניט" אויף צוויי בעזונדערע זאַכען ווערט דאָס ערשטע „ניט" איבערגעזעצט מיט neither, דאָס צווייטע—מיט nor. Neither-nor ווערט אָפט אויך איבערזעצט „ניט קיין—ניט קיין".

ווען עס קומט אויס צו ווידערהאָלען נאָך אַן אייגענשאַפטסוואָרט דעם נאָמען פון אַ זאַך, ווערט אַנשטאַט דער ווידערהאָלונג געשטעלט דאָס וואָרט one; אויכער, ווען דאָס איז אַ זאַך, וואָס קען ניט געצעהלט ווערען (וויא וואַסער, האָלץ). One ווערט אויך געשטעלט נאָך אַן אייגענשאַפטסוואָרט, וועלכעס ווערט געברויכט אין דעם זינען פון אַ זאַכוואָרט: a little one, אַ קליינער, ד. ה. אַ קינד.

| | |
|---|---|
| Have you a silver watch or a gold one? | האָט איהר אַ זילבערנעם זייגערל אדער אַ גאָלדענעם? |
| I have neither a gold nor a silver one.<br>I have not either a gold one or a silver one. | איך האב ניט קיין גאָלדענעם ניט קיין זילבערנעם. |

## ניט—ניט. Not either—or

נאָך דעם וואָרט not קומט either—or אַנשטאַט neither—nor.

| | |
|---|---|
| Is the man rich or poor? | איז דער מאַן רייך אדער אָרים? |

| | |
|---|---|
| ער איז ניט רייך ניט ארים. | He is neither rich nor poor.<br>He is not either rich or poor.? |
| ער אזי ניט קיין רייכער מאן ניט קיין ארימער. | He is neither a rich man nor a poor one.<br>He is not either a rich man or a poor one. |
| Wrong (ראָנג) אונרעכט; אונגערעכט | Right (ראַיט) רעכט; גערעכט |
| איך בין גערעכט (איך האב רעכט). | I am right. |
| איז מיין ברודער גערעכט? | Is my brother right? |
| איהר זייט גערעכט. | You are right. |
| איז ער ניט אונגערעכט? | Is he not wrong (אָד. is not he wrong?) |
| יע, ער איז אונגערעכט. | Yes, he is wrong. |
| אייער זון איז ניט אונגערעכט. | Your son is not wrong. |

## 9. צום איבערזעצען.

האט איהר דאס פאפיער פון מיין ברודער?—איך האב עס ניט, מיין הער.—ווער האט עס?—דיא שוועסטער פון דעם ארימען מאן (דעם ארימען מאנ'ס שוועסטער) האט עס.—האט אייער ברודער מיין פריינד'ס גאָלדענעם זייגערל?—ער האט עס ניט.—האט ער דאס זילבערנע?—ער האט ניט דאס זילבערנע זייגערל ניט דאס גאלדענע.—האט ער קיין זייגערל?—ער האט קיינס.—האט אייער זון מיין פאטער'ס פערד?—ניין, ער האט אייער פעטער'ס פערד.—זעהט אייער טאכטער דעם שעהנעם קאָלאָר פון מיין נייעם באנד?—זיא זעהט איהם.—רופט מיך אייער ברודער'ס בעדיענטער?—ער רופט אייך.—זעהט מיך דער ברודער פון מיין פאטער'ס פריינד?—ער זעהט אייך.—וועמען רופט מיין פעטער'ס פריינד?—ער רופט אייער שוועסטערקינד'ס בעדיענטען.—וועמעס בוך האט איהר?—איך האב אייער שוועסטער'ס בוך.—האט דיא פריינדין פון אייער מוטער'ס מומע א גוטע קעכין?—זיא האט א גוטע קעכין.—איז אייער פעדטער'ס פריינד רייך?—ניין, ער איז ניט רייך.—איז ער ארים?—ער איז ניט רייך, ניט אָרים.—איז אייער פריינדינ'ס מומע א רייכע פרוי?—זיא איז ניט קיין רייכע ניט קיין אָרימע פרוי.—האט איהר א דייטשען אדער א פראנצויזישען בעדיענטען?—איך האב ניט קיין דייטשען ניט קיין פראנצויזישען בעדיענטען; איך האב אן ענגלישען.—האָט איהר אן איטאַליענישעם אדער א האללענדישעם בוך?—איך האב ניט קיין איטאליענישעם ניט קיין האָללענדישעם.—וועמעס שטול איז דאס (this)?—עס איז מיין קליינעם ברודער'ס שטול.—האט אייער פריינד א נייעם פערד?—ער האט איינס.—וועלכעס מעסער האט איהר?—איך האב דאס שטאָהלענע.—וועלכע גאָפעל האט אייער טאכטער?—זיא האט דיא זילבערנע.—וועלכען מאן רופט דער סטאליער?—ער רופט דעם הויכען.—וועלכער מאן רופט מיך?—דער קליינער רופט אייך.—איז דער קליינער מאן גערעכט אדער דער גרויסער (הויכער)?—דער קליינער איז גערעכט אבער דער גרויסער איז אונגערעבט.—איז מיין שוועסטער גערעכט אדער אונגערעכט?—אייער שוועסטער איז

ניט גערעכט ניט אונגערעכט, אבער אייער קליינער ברודער איז אונגערעכט.—רופט ער מיך?—ניין, ער רופט אייך ניט, ער רופט אייער ברודער.

## Ninth Lesson.—ניינטע לעקציאָן.

### Each (אי־טש), every (עוורי), יעדער, יעדע, יעדעס.

Each שטעהט פיר אַן איינצעלנע זאַך אדער פּערזאָן, every—פיר אַ גרויסע צאָהל.
Each קען שטעהן אליין, every שטעהט מיט אַ זאכווארט אדער מיט אַ צאָהלוואָרט.

| | |
|---|---|
| I give (גיוו). I do not give. | איך גיב. איך גיב ניט. |
| You give. You do not give. | איהר גיט. איהר גיט ניט. |
| He, she, it gives (גיווז). | ער, זיא, עס גיט. |
| He, she, it does not give. | ער, זיא, עס גיט ניט. |
| He gives a florin to each. | ער גיט א פלאָרין צו יעדען. |
| He gives each a florin. | ער גיט יעדען א פלאָרין. |
| I give a book to every good boy. | איך גיב א בוך יעדען גוטען יונגעל. |
| I give every good boy a book. | איך גיב יעדען גוטען יונגעל א בוך. |

דאָס וואָרט, וועלכעס בעצייכענט אַ געגענשטאַנד, צו וועלכען עפּעס ווערד געריכטעט, האָט פאַר זיך דאָס ווערטעל to (צו)), ווען עס קומט נאָך דעם געגענשטאַנד, וועלכער ווערט צו איהם געריכטעט; קומט עס אָבער פ אַ ר דעם זעלבען, שטעהט עס אָהן to.

To me אָדער me מיר. To you אָדער you אייך.

### His (היז), זיינער, זיינע, זיין; זיינע (מ.).

| | | | |
|---|---|---|---|
| זיין זון | His son (היז סאָן) | זיין פּאפּיער | His paper (היז פּייפּער) |
| זיין טאָכטער | His daughter (היז דאָ־טער) | זיין בוך | His book (היז בו־ק) |

### Her (האָיר), איהר; איהרע (מ.).

| | | | |
|---|---|---|---|
| איהר הויז | Her house (האָיר האוס) | איהר ברודער | Her brother (האָיר בראָ דהער) |

Who gives me his book?
Who gives his book to me? } וועד גיט מיר זיין בוך.

I give it to you.
I give it you. } איך גיב עס אייך.

דיא ווערטער you און me, ווִיא אַלע אַנדערע פּירווערטער, קענען שטעהן אָהן to, ווען אַפילו זייא שטעהען נאָך דעם געגענשטאַנד, וועלכער ווערט צו זייא געריכטעט.

It שטעהט פ אַ ר דעם געגענשטאַנד, צו וועלכען עס ווערט געריכטעט, און דיזער געגענשטאַנד שטעהט געוועהנליך אָהן דעם ווערטעל to.

Everybody gives me his book.
Everybody gives his book to me. } יעדערער גיט מיר זיין בוך.

| | |
|---|---|
| Everybody (עֶווערִיבאָדי).<br>Every one (עֶווערי וואָן). | יעדערער. |
| Somebody(סאָמבאָדי).Some one(סאָם וואָן)<br>Anybody (אֶניבאָדי). Any one (אֶני וואָן). | אימעצער, יעמאנד. |
| Nobody (נאָובאָדי).<br>Not anybody (נאָט אֶניבאָדי).<br>No one(נאָו וואָן). Not any one(נאָט אֶני וואָן). | קיינער, ניעמאנד. |
| Everything (עֶווערִיטהינג). | אלעס, יעדע זאַך. |
| Something (סאָמטהינג).<br>Anything (אֶניטהינג). | עפּעס, עטוואָס. |
| Some (סאָם). | מאנכער; עטוואָס, אַ ביסעל. |
| Nothing (נאָטהינג).<br>Not anything (נאָט אֶניטהינג). | גאָרנישט. |

בייא דיא ווערטער יעדערער, אימעצער און קיינער ווערט דיא אַנגעהעריגקייט בע‑צייכענט וויא בייא זאַכווערטער, נעמליך דורך of אָדער 's: of everybody אָדער everybody's, יעדערנ'ס או. אַז. וו.

דיא ווערטער, וואָס זיינען צוזאַמענגעזעצט מיט any, ווערען געברויכט אין אַ פראַגע אָדער אַ פערניינונג; אין אַן אַנדער פאַל ווערען געברויכט דיא ווערטער מיט some.

| | |
|---|---|
| Does anybody (אָד any one) give me a florin? | גיט מיר אימעצער אַ גולדען? |
| Somebody (.אָד some one) gives you one. | אימעצער גיט אייך איינעם. |
| Does nobody (.אָד no one) see my book? | זעהט קיינער מיין בוך? |
| No one (.אָד nobody) sees it. | קיינער זעהט עס. |
| Have you anything? | האט איהר עפּעס? |
| I have something. | איך האָב עפּעס. |
| I have nothing (.אָד not anything). | איך האָב גאָרנישט. |
| Has the man everything. | האט דער מאן אלעס? |
| Does anybody (.אָד any one) see anything? | זעהט אימעצער עפּעס? |
| Nobody (.אָד no one) sees anything. | קיינער זעהט עפּעס. |
| Does your cousin give me anything? | גיט מיר אייער שוועסטערקינד עפּעס? |
| She gives you something. | זיא גיט אייך גאָרנישט. |
| She gives you nothing.<br>She does not give you anything. | זיא גיט אייך גאָרנישט. |

## She (שי), זיא. Her (האָיר), איהר, זיא.

Her קומט נאָך דעם האַנדלונגסוואָרט און שטעהט קיינמאָל מיט to, אויסער ווען עס קומט נאָך אַזעלכע ווערטער, נאָך וועלכע דאָס וואָרט „צו" איז שטאַרק נויטהיג, וויא נאָך „געהן" „רעדען" (געהן צו איהר, רעדען צו איהר) או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Do you give her a watch? | גיט איהר איהר אַ זייגערל? |
| I do not give her one. | איך גיב איהר קיינס. |
| Does your mother see my sister? | זעהט אייער מוטער מיין שוועסטער? |

| | |
|---|---|
| She sees her. | זיא זעהט זיא. |
| Do you give anything to the little boy?<br>Do you give the little boy anything? | גיט איהר עפּעס דעם קליינעם יונגעל? |
| I do not give anything to anybody (.אָד any one).<br>I give nobody anything. | איך גיב קיינעם עפּעס. |

## Him (הים), איהם.

Him שטעהט קיינמאָל מיט to, אויסער ווען עס קומט נאָך אַזעלבע ווערטער, נאָך וועלכע דאס וואָרט „צו" איז שטאַרק נויטהיג, וויא נאך „געהן", „ריידען" (געהן צו איהם, ריידען צו איהם) או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Do you see him? | זעהט איהר איהם? |
| I do not give him anything.<br>I give him nothing. | איך גיב איהם גאָרנישט. |
| What does your father give him? | וואָס גיט איהם אייער פאָטער? |
| He gives him a book. | ער גיט איהם א בוך. |

### 10. צום איבערזעצען.

וואָס גיט איהר מיר?—איך גיב אייך א גולדען.—גיט איהר מיין פריינד'ס זוהן איינעם?—איך גיב איהם קיינעם (not—one).—גיט איהר עפּעס זיין ברודער?—איך גיב איהם עפּעס.—וואָס גיט אייער פעטער זיין זוהן?—ער גיט איהם א זילבערנעם זייגערל.—וואס גיט אייער מומע אייער טאָכטער?—זיא גיט איהר אַן איטאַליענישעם בוך.—וואָס גיט אייער פריינד זיין בעדיענטען?—ער גיט איהם א נייעם ראָק.—גיט מיר אימעצער א גאָלדענעם זייגערל?—אימעצער גיט אייך איינס.—ווער גיט עס מיר?—אייער פאָטער גיט עס אייך.—גיט יעדער פאַטער זיין זוהן א גוטעס בוך?—יעדער גוטער פאָטער גיט זיין גוטען זוהן א גוטעס בוך.—רופט איהר דעם בעדיענטען?—איך רוף איהם ניט.—ווער רופט איהם?—אייער פאָטער רופט איהם.—ווער זעהט דעם אָרימען מאַן?—אייער ברודער זעהט איהם.—ווער האָט מיין שטאָק?—אייער זוהן האט איהם.

### 11. צום איבערזעצען.

רופט אייער מוטער איהר דיענסט?—זיא רופט זיא.—רופט זיא אייער שוועסטער?—זיא רופט זיא ניט.—גיט אייער שוועסטערקינד איהר שוועסטער א בוך?—זיא גיט איהר איינס.—גיט זיא איהר א דייטשעם בוך?—ניין, זיא גיט איהר אַן ענגלישעס.—גיט איהר איהר דאס פראנצויזישע בוך?—ניין, איך גיב עס איהר ניט.—רופט איהר אייער מוטער?—איך רוף זיא.—זעהט אייך אייער ברודער?—ער זעהט מיך ניט.—וועמען זעהט ער?—ער זעהט מיין פריינד.—גיט אייך יעדערער עפּעס?—יעדערער גיט מיר עפּעס.—זעהט יעדערער דאס בוך, וועלכעס איך גיב אייך?—יעדערער זעהט עס ניט.—זעהט עס אימעצער?—אימעצער זעהט עס.—ווער זעהט עס?—אייער פאָטער

זעהט עס.—רופט מיך אימעצער?—אימעצער רופט אייך.—רופט איהר אימעצען?— איך רוף קיינעם.—אייער פאָטער רופט אימעצען.—גיט איהר אימעצען א גולדען?—איך גיב אימעצען איינעם.—וועמען גיט איהר איינעם?—איך גיב דער אָרימער פרוי איינעם.

### 12. צום איבערזעצען.

רופט קיינער מיין בעדיענטען?—קיינער רופט איהם.—ווער רופט מיך?—קיינער רופט אייך.—רופט איהר קיינעם?—ניין, איך רוף קיינעם.—זעהט איהר קיינעם?—ניין, איך זעה קיינעם.—גיט קיינער דיזען ארימען מאַן עפּעס?—אייער פריינד גיט איהם עפּעס.—וואָס גיט ער איהם?—ער גיט איהם א גולדען.—זעהט איהר דעם גולדען, וועלכען ער גיט איהם?—יע, איך זעה איהם.—גיט איהר מיין זון אדער מיין טאָכטער א בוך?—איך גיב אייער זון א פראַנצויזישעס בוך, אָבער אייער טאָכטער גיב איך גאָרנישט.—יעדערער גיט איהר עפּעס; גיט איהר איהר גאָרנישט?—איך גיב איהר גאָרנישט.—ווער גיט מיר א זיידענעם פאָדים?—איך גיב אייך איינעם.—בין איך געריבעט?—ניין, איהר זייט אונגעריבעט.—איז ניט מיין שוועסטער אונגעריבעט?—ניין, זיא איז געריבעט.—האָט אייער פאָטער א גוטען שניידער?—יע, ער האט איינעם.—האט איהר אלעס?—איך האב ניט אלעס.—גיט מיר קיינער עפּעס?—ניין, קיינער גיט אייך עפּעס.—האט יענער מאַן א פריינד?—יע, ער האט איינעם.—ווער איז זיין פריינד?—מיין פאָטער איז זיין פריינד.—האָט אייער שוועסטער קיין פריינדין?—יע, איהר שוועסטערקינד איז איהר פריינדין.—האט איהר א גוטע קעכין, מאדאַם?—יע, מאדאַם, איך האב איינע.—גיט איהר איהר עפּעס?—איך גיב איהר עפּעס.—רופט זיא אייך?— זיא רופט מיך.

---

## Tenth Lesson.—צעהנטע לעקציאָן.

### Who (הו־). וועלכער, וועלכע, וועלכעס; וועלכע (מ.).

**Who** בעציהט זיך נאָר אויף פּערזאָנען. (**Which** ווערט מיט בעצוג אויף פּערזאָנען ניט געברויכט).

### Whose (הוז), וועלכענ'ס, וועמעס. **Whom** (הו־ם), וועלכען, וועמען.

**Whose** ווערט אויך געברויכט מיט בעצוג אויף טהיערע און ניט־לעבעדיגע זאַכען.

| | |
|---|---|
| Whom do you see? | וועמען זעהט איהר? |
| I see the man whom you call. | איך זעה דעם מאַן, וועלכען איהר רופט. |
| To whom do you give a silver watch? | וועמען גיט איהר א זילבערנעם זייגערל? |
| I give one to the servant, to whom you give a gold one. | איך גיב איינס דעם בעדיענטען, וועלכען איהר גיט א גאָלדענעס. |
| Whose book is this? | וועמעס בוך איז דאָס? |
| Is it the book of that boy, whose father calls him? | איז עס דאָס בוך פון יענעם יונגעל, וועלכענ'ס פאָטער רופט איהם? |

Is it the book of that boy, to whose father you give a florin?
איז עס דאס בוך פון יענעם יונגעל, וועלכענ׳ס פאָטער איהר גיט א גולדען?

Have you much silver?
האָט איהר פיעל זילבער?

## Much (מאָטש), פיעל.

I have not much, and my brother has also very little.
איך האב ניט פיעל, און מיין ברודער האט אויך זעהר ווייניג.

## Very (ווע׳רי), זעהר (געברויכט פאר אייגענשאפטסווערטער).

Little (ליטטל) ווייניג | Very little זעהר ווייניג

Very much; a great deal; a good deal — זעהר פיעל

Not very much; not a great deal — ניט זעהר פיעל

צווישען a deal, a good deal אָדער a great deal און דער זאַכוואָרט, צו וועלכען זייא געהערן, שטעלט זיך דאס ווערטעל of.

בייא אַ פראַגע דארף מען זיך נאָר בעדיענען מיט much אדער very much, ניט a deal, a great deal אָדער a good deal; אויך דאַרף a good deal ניט געברויכט ווערען בייא אַ פערניינונג.

The man whom you see, has little money, but his friend has a great deal (.אָד a good deal).
דער מאַן, וועלכען איהר זעהט, האט ווע־ניג געלד, אבער זיין פריינד האט זעהר פיעל.

The Frenchman (דהי פרענטש׳מאָן). — דער פראַנצויז.

The Englishman (דהי אינג׳לישמאָן). — דער ענגלענדער.

The Spaniard (דהי ספּאָניארד). — דער שפּאַניער.

The German (דהי דשאָירמאָן). — דער דייטש.

The Italian (דהי איטאָליאן). — דער איטאַליענער.

The Dutchman (דהי דאָטש׳מאָן). — דער האָללענדער.

The umbrella (אָמברעל׳לאָ) דער רעגענשירם | The pencil (פענ׳סיל) דער בליישטיפט

The enemy (עֶנימי). — דער פיינד.

Do yo call the Frenchman who has a silk umbrella?
רופט איהר דעם פראַנצויז, וועלכער האט א זיידענעם שירם?

## Also (אָל׳סאָו), too (טו־), אויך.

Too שטעהט מעהרסטענס אַם ענדע פון זאַץ אָדער צווישען דעם זאַכוואָרט און דעם האַנדלונגסוואָרט.

Do you see it also (.אָד too)? — זעהט איהר עס אויך?

I see it, and he sees it too. — איך זעה עס און ער זעהט עס אויך.

He, too, has a great deal of money. — ער האט אויך פיעל געלד.

## 13. צום איבערזעצען.

איז דיזער מאַן אייער פריינד?—ניין, ער איז ניט מיין פריינד.—איז ער אייער פיינד?—ער איז ניט מיין פריינד ניט מיין פיינד.—וועמעס פריינד איז ער?—ער איז מיין פעטער'ס פריינד.—וועלכען פעטער'ס?—ער איז דער פריינד פון מיין פעטער, וועלכענ'ס פערד איך האב.—האַט דער פראַנצויז פיעל געלד?—ער האט ניט פיעל.—גיט דער ענגלענדער דעם אָרימען שפּאַניער געלד (any money)?—ער גיט איהם וועלבעס.—גיט ער דעם האָללענדער עפּעס?—ער גיט איהם גאָרנישט.—וואָס גיט דער רייבער איטאַליענער אייער זון?—ער גיט איהם אַן איטאַליענישעס בוך.—גיט דער האָללענדער אויך איינס?—יע, ער גיט איהם אַ האָללענדישעס.—האט דער פראַנצויז א זיידענעם רעגענשירם?—ער האט זעהר א גוטען.—וועלכען איטאַליענער רופט דער ענגלענדער?—ער רופט דעם איטאַליענער וואָס זיין (וועלכענ'ס) זון האט אייער בוך.—זעהט דער שפּאַניער דעם האָללענדער?—וועלכען האָללענדער?—דעם קליינעם מאַן, וואָס אייער זון האט זיין עלפענ=ביינענעם שטאָק (וועמעס עלפענ=ביינענעם שטאק אייער זון האַט).—האט אייער שוועסטער מיין בליי=פען?—ניין, זיא האט זיא ניט.—ווער האַט זיא?—קיינער האט זיא, האט איהר זיא ניט?—איך האב קיין בליי=פען.—האט דעם אלטען האָללענדער'ס פריינד פיעל זייד?—ער האט זעהר פיעל.—האט דער דייטש פיעל פאַפּיער?—ער האט זעהר פיעל פאַפּיער.—האָט דער איטאַליענער אויך וועלכעס?—ניין, ער האט קיינעס.—האט דער ענגלענדער פיעל גאָלד און זילבער?—ער האט פיעל גאָלד, אבער זעהר ווייניג זילבער.—זעהט איהר דעם מאַן, וועלכען איך רוף?—איך זעה איהם ניט.—זעהט איהר דעם פריינד פון דעם אלטען מאַן, וועלכער זעהט אייך?—איך זעה ניט קיין (אַן) אלטען מאַן ניט זיין פריינד.—האט דיזער אלטער מאַן פיעל געלט?—ער האט ניט פיעל; ער האט זעהר ווייניג.—האט דער איטאַליענער געלד?—דער איטאַליענער האט קיין געלד, אבער זעהר פיעל זייד.—וואס האט דער שפּאַניער?—דער שפּאַניער האט לעדער און וואָל, אָבער קיין געלד.—האט דער האָללענדער פּאַפּיער?—דער האללענדער האט פּאַפּיער; ער האט גאָלד און זילבער, אבער קיין האָלץ.—האט ער קיין האלץ?—ניין, ער האט קיינס.—ווער איז דעם שפּאַניער'ס פריינד?—דער ענגלענדער איז זיין פריינד, און דער דייטש אויך.—האט איהר געלד?—איך האב ניט זעהר פיעל.—רופט דער האָללענדער דעם שפּאַניער?—ער רופט איהם.—רופט אייער פאָטער'ס פריינד מיין מומען?—ער רופט זיא ניט.—זייט איהר רייך?—איך בין ניט זעהר רייך.—בין איך גערעכט אדער אונגערעכט?—איהר זייט זעהר גערעכט.—איז אייער ברודער זעהר הויך?—ער איז זעהר הויך.—האט דיעזער מאַן א הויכע ווייב?—ניין, ער האט זעהר א קליינע.—ווער האט פיעל געלד?—קיינער האט פיעל.—ווער האט פיעל פּאַפּיער?—יעדערער האט פיעל.—רופט מיך אימעצער?—קיינער רופט אייך; אבער אימעצער רופט אייער ברודער.—איז דיעזעס פּאַפּיער גוט?—עס איז זעהר גוט.

# Eleventh Lesson.—עלפטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Have you any money? | האט איהר געלד? |
| I have no money at all. | איך האב גאר קיין געלד. |
| I have none at all. | איך האב גאר קיינס. |

## At all (אט א־ל), גאר, דורכאויס.

At all שטעהט אימער צום ענדע פון זאץ.

| | |
|---|---|
| Do not you (אד. do you not) give me anything at all?<br>Do you give me nothing at all? | גיט איהר מיר דורכאויס גארנישט? |
| I do not give you anything at all.<br>I give you nothing at all. | איך גיב אייך דורכאויס גארנישט. |
| I praise. I do not praise. | איך לויב. איך לויב ניט. |
| He, she praises. | ער, זיא לויבט. |
| He, she does not praise. | ער, זיא לויבט ניט. |

Thou praisest (דהאו פרייזעסט), דוא לויבסט.

## Thou (דהאו), דוא.

אין ענגליש ווערט קיינער געדוצט; אלע—פערוואנדטע, עלטערן, קינדער, ווערען געאירצט; אפילו צו טהיערע זאגט מען אויך „איהר", „אייך". דוא, דיר, דיך, דיין, ווערען אין ענגליש איבערזעצט you, your.

| | |
|---|---|
| Why do you not give me any meat? | וואָרום גיסטו מיר קיין פלייש? |
| Because I have none (אד. not any). | ווייל איך האב קיינס. |

## Why? (הוואי), וואָרום? Because (ביקא־ז), ווייל.

Bread (ברעד), ברויט. Meat (מי־ט), פלייש. Water (וואַ־טער), וואסער.

| | |
|---|---|
| Why do you call the man? | וואָרום רופט איהר דעם מאן? |
| Because he does not see me. | ווייל ער זעהט מיך ניט. |
| Do you praise my wine, uncle? | לויבט איהר מיין וויין, פעטער? |
| I praise your wine and the water too. | איך לויב דיין וויין און דאס וואסער אויך. |

## Other (אַדהער), אנדער, אנדערע, אנדערעם; אנדערע (מ.).

| | |
|---|---|
| Have you no other wine?<br>Have not you any other wine? | האט איהר קיין אנדערן וויין? |
| I have some other. | איך האב אן אנדערן. |
| Have you another stick? | האט איהר אן אנ־ער שטאק? |
| I have another. | איך האב אן אנדערן. |

An other ווערט געשריבען אין איין וואָרט—another.

| | |
|---|---|
| What other stick have you? | וואָס פיר אַן אנדער שטאָק האט איהר? |
| This is the other stick which I have. | דאס איז דער אנדער שטאק, וועלכען איך האב. |
| Have you any other bread? | האט איהר אנדערעס ברויט? |
| I have not any other (אָד. no other). | איך האב קיין אנדערעס. |

**Else (עלס), זאָנסט; אנדערס; אנדערער.**

| | |
|---|---|
| Nobody else, no one else, not any body else. | קיינער אנדערס, קיין אנדערער. |
| Somebody else, some one else. Anybody else, any one else. | אימעצער אנדערס. |
| Somthiug else; anything else. | עפעס אנדערס. |
| Nothing else. | גאָרנישט אנדערס, קיין אנדער זאך. |
| Do you call this man or that? | רופט איהר דיזען מאן אדער יענעם? |
| I call neither one nor the other. I do not call either one or the other. | איך רוף ניט איינעם ניט דעם אנדערן. |
| One or the other. | איינער אדער דער אנדערער. |

**In (אין), אין.**

## 14. צום איבערזעצען.

וועր לויבט מיין זון?—איך לויב איהם.—וועր לויבט מיין טאָכטער?—מיין מומע לויבט זיא.—לויבט מיך דער פראנצויז?—ער לויבט אייך.—לויבט דעם ענגלענדער'ס פריינד מיין קליינעם ברודער?—ער לויבט איהם.—לויבט דער ענגלענדער דעם שפּאַניער?—ער לויבט איהם ניט; אבער ער לויבט דעם איטאַליענער.—ועמען לויבט אייער מוטער?—זיא לויבט מיך.—ועמעס זון לויבט דער האללענדער?—ער לויבט זיין פריינד'ס זון.—ועמעס טאכטער לויבט דער פראנצויז?—ער לויבט דעם שפּאַניער'ס טאָכטער.—לויבט מיך דער האָללענדער אדער דער דייטש?—ניט דער האָללענדער ניט דער דייטש לויבט אייך.—וואָרום לויבט מיך ניט דער האָללענדער?—ווייל ער איז אייער פיינד, און דער דייטש לויבט אייך ניט, ווייל ער איז ניט אייער פריינד.—לויבט דער איטאַליענער דעם אלטען ענגלענדער'ס פריינד?—ער לויבט איהם ניט.—וואָרום לויבט ער איהם ניט?—ווייל דעם אלטען ענגלענדער'ס פריינד איז א פיינד פון דעם גוטען איטאַליענער.—ועמען לויבט איהר?—איך לויב יעדערן, וועלכער איז גוט.—לויבט אייער ברודער מיין ווין?—ניין, ער לויבט איהם גאָרניט.—וואָרום לויבט ער איהם ניט?—ווייל ער איז זעהר שלעכט.—וואָס גיט איהר מיר?—איך גיב דיר דורכאויס גאָרנישט.—וואָרום גיט איהר מיר דורכאויס גאָרנישט?—ווייל איך האב דורכאויס גאָרנישט.—האט איהר גוטעס וואסער?—איך האב גאר קיין וואסער.—האט דער ארימאן קיין ברויט?—ער האט קיינס.—האָט ער גאר קיינס?—ניין, ער האט גאר קיינס.—האט איהר עטוואס?—יע, איך האב וועלכעס, אבער איך האב זעהר ווייניג.

## 15. צום איבערזעצען.

**ועמען זעהט אייער פאטער?**—ער זעהט דעם ענגלענדער, וואָס זיין (וועלבענ'ס) זון גיט דעם אָרימען מאַן א גולדען.—זעהט ער אימעצען אַנדערס?—ניין, ער זעהט קיינעם אַנדערס.—וואָס גיט איהר אייער גוטער טאָכטער?—איך גיב איהר אַ ניצליכעס בוך.—גיט איהר איהר עפּעס אַנדערס?—ניין, איך גיב איהר גאָרנישט אַנדערס.—גיט איהר אייער זון אויך איינס?—איך גיב איהם אויך א בוך, און מיין פרוי גיט איהם אויך איינס.—וואָס פיר א בוך גיט איהם זיין מוטער?—זיא גיט איהם אַן איטאַליעַנישעס.—און וואָס פיר א בוך גיט איהר אייער טאָכטער?—איך גיב איהר אַן ענגלישעס.—גיט איהר אימעצער אַנדערס עפּעס?—ניין, קיין אַנדערער (nobody else) גיט איהר עפּעס.—וועמען רופט אייער ברודער'ס בעדיענטער?—ער רופט א שוסטער.—וואָס פיר א שוס־טער רופט ער?—ער רופט דעם ענגלענדער'ס שוסטער.—זעהט איהר עפּעס?—איך זעה דורכאויס גאַרנישט.—איז דאָס ניט א גרויסער הוט?—יע, עס איז זעהר א גרויסער; האַט איהר קיין קליינעם?—ניין, איך האָב קיין אַנדערן הוט.—האַט אייער זון א הוט?—ניין, ער האַט גאָר קיין הוט, אבער זיין פעטער האַט זעהר א שעהנעם, א זיידענעם (one קומט נאָך ביידע אייגענשאַפטסווערטער).—וועמעס פריינד איז דיזער קליינער מאַן?—ער איז מיין פריינד; איז ער ניט אויך אייער פריינד?—ניין, ער איז ניט מיין פריינד, ווייל איך גיב איהם גאָרנישט.—זייט איהר זיין פיינד?—איך בין קיינעמ'ס פיינד, איך בין יעדערנ'ס פריינד; אבער איך גיב איהם גאַרנישט, ווייל איך האָב דורכאויס גאַרנישט.—גיט איהר מיין מאַנ'ס ברודער געלד?—ניין, מאַדאַם, איך גיב איהם קיינס.—וואָרום גיט איהר איהם קיינס?—ווייל ער גיט מיר קיינס.—וואָרום רופט איהר מיך?—ווייל איך זעה אייך ניט.—וואָרום גיט איהר מיר דיזעס שלעכטע פּאַפּיער?—ווייל איך האָב קיין אַנדע־רעס.—האַט אייער פריינד אַנדערעס (any other)?—יע, ער האַט אַנדערעס (some other).—האַט איהר אַן אַנדער בוך?—איך האָב אַן אַנדער פראַנצויזישעס.—איז דאָס א פראַנצויזישעס?—ניין, עס איז א האָללענדישעס.—וועלכען וויין ליובט אייער פריינד, דער ענגלענדער?—ער ליובט דעם שפּאַניער'ס וויין.—ליובט אייער פעטער דיזען וויין אָדער יענעם?—ער ליובט ניט דיזען ניט יענעם, ניט איינעם ניט דעם אַנדערן.

## 16. צום איבערזעצען.

**גיט איהר אייער זון פלייש און וויין?** (any נאָר פאַר דעם ערשטען זאַכוואָרט).—איך גיב איהם פלייש, אבער קיין וויין.—איז אייער וויין ניט גוט?—יע, מיין וויין איז זעהר גוט, אבער וואַסער איז אויך גוט.—גיט איהר אייער בעדיענטען א ראָק?—איך גיב איהם אַן אַלטען ראָק און א נייעם הוט.—האַט דיזער מאַן א שעהנעם פערד?—ניין, ער האַט א העסליכעס.—האַט דיזער אָרימער מאַן האָלץ?—ניין, ער האַט גאָר קיינס.—וואָרום האַט ער קיינס?—ווייל קיינער גיט איהם וועלכעס.—זעהט איהר דעם מאַן, וועלכער האַט מיין הונד?—איך זעה איהם.—זעהט איהר דיא פרוי, וועלכע האַט מיין אַלטעס באַנד?—איך זעה זיא ניט.—זעהט איהר דעם הונד, וועלכען דיזער מאַן האַט?—איך זעה איהם.—רופט איהר דעם פראַנצויז, וועלכער האַט אייער זיידענעם רעגענ־שירם?—איך רוף איהם.—גיט איהר מיר דעם שטיינערנעם טיש, וועלכען דער פראַנ־

צויז האט?—איך גיב איהם דיר.—וועלכען מאַן רופט איהר?—איך רוף גאָר קיין מאַן, איך רוף אַ יונגעל.—וועלכען הונד רופט איהר?—איך רוף דעם הונד, וועלכען דיזער קליינער מאַן האט.—וועלכעס בוך האט איהר?—איך האב דאס בוך פון דעם מאַן, וועלכער האט מיין נייעס פערד.—וועמעס פערד איז דאס?—עס איז דאס נייע פערד פון דעם פראַנצויז, וואָס זיין (וועלכענ'ס) פריינד האט אַ שעהנעס הויז.—האט איהר פיעל גוטעס פּאַפּיער?—איך האב פיעל.—האט אייער שוועסטער גוטע זייד?—זיא האט זעהר גוטע (some very good). One קען ניט שטעהן אַנשטאַט ווערטער, וואָס בעצייכענען זאַכען, וועלכע קענען ניט געצעהלט ווערען).—האט אייער פאַטער פיעל גוטעס בליי?—ער האט זעהר גוטעס, אבער ניט פיעל.

---

# Twelfth Lesson.—צוועלפטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| וועמעס באַרשט האט דער בעדיענטער? | Whose brush has the servant? |
| ער האט אייערע. | He has yours. |

**Yours (יורז), דיינער, דער דייניגער; דיינע, דיא דייניגע; דיינס, דאָס דייניגע; דיינע, דיא דייניגע (מ.).**

Yours איז פון יענע פירווערטער, נאָך וועלכע עס שטעהט קיין זאַכוואָרט.

| | |
|---|---|
| איז דאס ניט א גרויסע קארטאפעל? | Is not this a large potato? |
| דאָס קעסטעל, דיא פּושקע. | The box (דהי באָקס). |
| **דיא טאַבאַק־פּושקע.** | **The snuff-box (דהי סנאָף־באָקס).** |

**The potato (פּאָטייטאָו) דיא קאַרטאָפּעל** | **The brush (בראַש)** דיא באַרשט

| | |
|---|---|
| ווער איז דיזע שעהנע דאַמע? | Who is this handsome lady? |
| זיא איז מיין פריינד, דעם איטאַליענער'ס ווייב. | She is my friend, the Italian's wife (אָד. the wife of my friend, the Italian). |
| איז דאס אייער פעטער'ס הויז אדער אייער מומע'ס? | Is this your uncle's house or your aunts? |
| עס איז מיין פאָטער, מוטער, פעטער און מומע'ס הויז. | It is my father, mother, uncle, and aunt's house. |

ווען עטליכע זאַכווערטער, וואָס בעצייכענען בעזונדערע בעזיץ־פּערזאָנען, שטעהען איינע נאָך דיא אַנדערע געבונדען מיט and (און), ווערט דאס אנגעהעריקייט'ס צייכען s' צוגעזעצט כלויז צום לעצטען פון זייא.

| | |
|---|---|
| איך פערקויף. איך פערקויף ניט. | I sell. I do not sell. |
| ער, זיא פערקויפט. ער זיא פערקויפט **ניט.** | He, she sells. He, she does not sell. |
| האט איהר זאַלץ גענוג? | Have you salt enough? |

## Enough (אינאָ־ף), גענוג.

| | |
|---|---|
| This wine is not good enough. | דיזער וויין איז ניט גוט גענוג. |
| Where is my hat? | וואו איז מיין הוט? |
| It is here, Sir. | ער איז היער, מיין הער. |

## Where (הווע־ר), וואו. Here (היי־ר), היער. There (דהע־ר), דאָ, דאָרטען.

| | |
|---|---|
| Your hat is there. | אייער הוט איז דא (אָד. דאָרטען). |
| That is my father's hat, but not mine. | דאס איז מיין פאָטער'ס הוט, אבער ניט מיינער. |

## Mine (מאַין), מיינער, דער מייניגער; מיינע, דיא מייניגע; מיינס, דאָס מייניגע; מיינע, דיא מייניגע (מ.).

Mine איז פון יענע פירווערטער, נאָך וועלכע עס שטעהט קיין זאכוואָרט.

| | |
|---|---|
| Does your uncle sell his horse? | פערקויפט אייער פעטער זיין פערד? |
| He does not sell it, but I sell mine. | ער פערקויפט עס ניט, אבער איך פערקויף מיינס. |
| Do you see my mother? | זעהט איהר מיין מוטער? |
| I do not see yours, but mine. | איך זעה ניט אייערע, נאָר מיינע. |

## 17. צום איבערזעצען.

וועמעס בוך איז דאס?—עס איז מיינס.—וועמעס זייגערל האט איהר?—איך האב מיינס.— וועמעס הונד רופט אייער בעדיענטער?—ער רופט מיינעם.—וועלכע פעדער גיט איהר אייער שוועסטער?—איך גיב איהר מיינע.—גיט איהר דיזען ראָק אייער ברודער'ס בעדיענטען?—ניין, איך גיב איהם (צו) מיינעם.—האט איהר אייער בארשט אדער מיינע?—איך האב אייערע.—רופט איהר מיין בעדיענטען אדער אייערן?—איך רוף אייערן.—פערקויפט אייער פאטער מיין פערד אדער אייערס?—ער פערקויפט אייערס.—האט איהר א פראנצויזישעס בוך אדער אן ענגלישעס?—מיינס איז אן ענגלישעס, אבער אייערס איז א פראנצויזישעס.—פערקויפט איהר אייער גארטען?—איך פערקויף איהם ניט.—פערקויפט דער פראנצויז זיין פערד?—ער פערקויפט עס; ער פערקויפט עס ניט.—פערקויפט דער ענגלענדער דעם איטאליענער'ס זייד?—ער פערקויפט זיא; ער פערקויפט זיא ניט.—וואָס פערקויפט דיזער מאן?—דיזער פערקויפט פאפיער, לעדער און האָלץ (ביא „פערקויפען" ווערט דאס וואָרט some ניט געשטעלט).—וואָס פערקויפט יענער?—ער פערקויפט שטאָהל, בליי, אויך וואָל און זייד.—פערקויפט ער פיעל?—איינער פערקויפט זעהר וועניג, אבער דער אנדערער פערקויפט זעהר פיעל.—פערקויפט ער אויך עלפענביין?—ער פערקויפט פאָרטרעפליכעס עלפענביין.—ווער פערקויפט מיר א גוטען שטול?—דער סטאליער פערקויפט אייך איינעם.—וועמען (to whom) פערקויפט דער שפאניער זיין וויין?—ער פערקויפט איהם דעם ענגלענדער און דעם דייטש.—האט איהר געלד

גענוג?—איך האב ניט געלד גענוג.—ווער האט גענוג?—קיינער האט גענוג.—איז דיזע פעדער גוט גענוג?—זיא איז גוט גענוג.—האט אייער טאכטער זייד גענוג?—זיא האט גענוג.—איז דיזע קארטאָפעל גרויס גענוג?—זיא איז גרויס גענוג.

### 18. צום איבערזעצען.

גיט מיר דיין פאטער פלייש גענוג?—ער גיט מיר ניט גענוג.—וואו איז אייער זייד, מאדאם?—מיין זייד איז אין מיין קעסטעל; וואו איז אייערע?—זיא איז, וואו אייערע איז.—זעהט איהר זיא ניט?—איך זעה מיינע, אבער ניט אייערע.—וואו איז מיין פּענ=מעסערל?—היער איז עס (is פֿאַר it).—וואו איז מיין הוט?—דאָרטן איז ער.—וואו איז מיין פאטער?—ער איז היער.—וואו איז דער שפּאַניער?—ער איז, וואו דער ענגלענדער איז.—וואו איז מיין טאַבאַק=פּושקע?—יענער מאן האט זיא.—וואו איז מיין בוך?—דאָרטן איז עס.—איז דאס ניט מיין מעסער?—ניין, דאס איז מיינס; אייערס איז דאָרטן.—ווער איז דיזע יונגע דאמע?—זיא איז דעם רייכען איטאַליענער'ס שוועסטער.—האט זיא ניט זעהר א שעהנעם אָרם און א קליינעם פוס?—זיא האט א שעהנעם אָרם, אבער ניט זעהר א (not a very) קליינעם פוס.—איז אייער מוטער אויך היער?—ניין, זיא איז ניט היער.—וועמעס הויז איז דאס?—עס איז מיין מוטער'ס און איהר שוועסטער'ס הויז.—וועמעס גאָרטען איז דאס?—עס איז מיין מומע'ס און מיין פעטער'ס גאָרטען.—וועמעס בעדיענטער זייט איהר?—איך בין דעם שפּאַניער'ס און דעם איטאַליענער'ס בעדיענטער, מיין הער.—וואָרום פערקויפט דיזער מאן דער קעבין א רעגענשירם?—דער מאַן פערקויפט איהר איינעם, ווייל זיא האט קיינעם.—וואָרום גיט דיא קעבין דעם מאַן געלד?—זיא גיט איהם געלד, ווייל ער פערקויפט איהר א רעגענשירם.—איז דער מאַן גערעכט?—ער איז גערעכט.—איז דיא קעבין אונגערעכט?—ניין, זיא איז גאָרניט אונגערעכט (גאָר=at all).—לויבט דיא קעבין דעם רעגענשירם?—ניין, זיא לויבט איהם גאָר ניט, ווייל עס איז גאָר קיין גוטער (a good one).—גיט דיזער אַלטער מאַן אימעצן עפּעס?—ער גיט קיינעם עפּעס; ער איז זעהר א רייכער (a פֿאַר very) און אויך זעהר א שלעכטער מאַן.

---

## Thirteenth Lesson.—.דרייצעהנטע לעקציאָן

| | |
|---|---|
| איך ארבייט. איך ארבייט ניט. | I work. I do not work. |
| ארבייטעט אייער ברודער שוין? | Does your brother work already? |
| ער ארבייטעט שוין. | He works already. |

### Already (אָ־לרע'די), שוין.

| | |
|---|---|
| איז אייער פאטער היער? | Is your father here? |
| ער איז נאָך ניט היער. | He is not yet here (.אָד not here yet). |
| ווען קומט ער? | When does he come? |
| איך ערוואַרט איהם מאָרגען. | I expect him to-morrow. |

**To-morrow** (טו-מאָר'ראָו), מאָרגען. **When** (הוועך), ווען.
**Not yet** (נאָט יעט), נאָך ניט.

Not yet קען שטעהן אין זאַץ צוזאַמען אדער צו=וואָרפען.

| | |
|---|---|
| I come. I do not come. | איך קום. איך קום ניט. |
| I expect. I do not expect. | איך ערוואַרט. איך ערוואַרט ניט. |
| Do you ever see your friend, the young Englishman? | זעהט איהר אמאל אייער פריינד, דעם יונגען ענגלענדער? |
| I never see him now. | איך זעה איהם יעצט קיינמאל (אד. גאר ניט). |

**Ever** (עָווער), אמאָל, ווען-עס-איז. **Never** (נעָווער), קיינמאָל, גאָר ניט.

Ever און never שטעהען אימער פאַר דעם וואָרט, וואָס בעצייכענט דיא טהואונג.

| | |
|---|---|
| Does the Scotchman come often to you now? | קומט דער שאָטלענדער יעצט אָפט צו אייך? |
| I now very seldom (אָד. rarely) see the Scotchman; but the Irishman comes almost every day. | דעם שאָטלענדער זעה איך יעצט זעהר זעלטען; אבער דער אירלענדער קומט כמעט (ביינאהע) יעדען טאָג. |

**Often** (אָפן), אָפט. **Now, at present** (נאַו, אַט פּרעָזענט), יעצט. **Seldom** (סעָלדאָם), **rarely** (רעָר'לי), זעלטען. **Almost** (אָל'מאָוסט), **nearly** (ניר'לי), כמעט, פאַסט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Every day | יעדען (אלע) טאָג | The day (דהי דיי) | דער טאָג |
| Every morning | יעדען (אלע) מאָרגען | The morning (דהי מאָר'נינג) | דער מאָרגען |
| Every evening | יעדען (אלע) אבענד | The evening (דהי איוו'נינג) | דער אבענד |
| Every night | יעדע (אלע) נאַכט | The night (דהי נאַיט) | דיא נאַכט |

| | |
|---|---|
| This morning. | דיזען מאָרגען אָד. היינט אין דער פריה. |
| This evening. | דיזען אבענד אָד. היינט פאַרנאַכט. |
| Does the brother of your friend, the Frenchman, come to you to-day? | קומט אייער פריינד, דעם פראַנצויז'ס ברודער, היינט צו אייך? |

**To-day** (טו-דיי'), היינט.

דיא צייט=בעשטימונגען: to-day, to-morrow, this morning או. אז. וו. שטעהען מעהרסטענס אם ענדע פון זאַץ.

| | |
|---|---|
| I expect him either this morning or this evening. | איך ערוואַרט איהם ענטוועדער דיזען מאָרגען אדער היינט פאַר נאַכט. |

**Either** (אי'דהער), ענטוועדער. **Or** (אָר), אָדער.

| | |
|---|---|
| The Scotchman (דהי סקאָטש'מאָן). | דער שאָטלענדער. |
| The Irishman (דהי איירישמאָן). | דער אירלענדער. |

Do you often work in the evening? — ארבייטעט איהר אָפט אין אבענד (אבענד־צייט)?

I often work in the evening. — איך ארבייט אָפט אין אבענד.

In the evening — אין אבענד | In the morning — אין דער פריה

דאס ווארט often, אָפט, שטעהט געוועהנליך פאר דעם ווארט, וואס בעצייכענט דיא טהואונג.

## 19. צום איבערזעצען.

ווען קומט אייער פאָטער?—ער קומט מאָרגען.—קומט אייער פעטער היינט?—ניין, ער קומט מאָרגען.—קומט דעם ענגלענדער'ס שוועסטער אָפט צו אייערער?—זיא קומט אָפט צו איהר.—ווען קומט זיא צו איהר?—זיא קומט צו איהר אין אבענד.—קומט מיין פעטער אָפט צו אייער פאטער?—יע, ער קומט אָפט אין אבענד.—ווען קומט איהר צו מיין ברודער?—איך קום ענטוועדער דיזען מארגען אדער היינט פאר נאכט.—קומט דיא פראנצויזישע דאמע היינט צו אייער מוטער?—זיא קומט ענטוועדער היינט אדער מארגען.—ווען ערוואַרטעט איהר אייער נייעם בעדיענטען?—איך ערוואַרט איהם היינט.—ערוואַרטעט איהר מיך היינט פאר נאכט?—איך ערוואַרט אייך דיזען מאָרגען און היינט פאר נאכט.—ווענען ערוואַרטעט אייער פעטער דיזען אבענד?—ער ערוואַרטעט אימעצען דיזען מאָרגען; ער ערוואַרטעט קיינעם דיזען אבענד.—ערוואַרטעט איהר דעם איטאַליענער אדער דעם שפאַניער היינט פאר נאכט?—איך ערוואַרט ניט איינעם ניט דעם אנדערן.—ערוואַרטעט אייער מומע איהר נייע קעבין היינט?—זיא ערוואַרטעט זיא ענטוועדער היינט אדער מאָרגען.—ווער ערוואַרטעט מיך היינט אין דער פריה, איהר אדער אייער ברודער?—מיין ברודער ערוואַרטעט אייך.—האט איהר שוין אייער נייעם הוט?—איך האב איהם נאָך ניט.—ווען ערוואַרטעט איהר איהם?—איך ערוואַרט איהם מאָרגען.—האט שוין אייער ברודער זיין נייעם ראָק?—ער האט איהם נאָך ניט; ער ערוואַרטעט איהם היינט פאר נאכט.—רופט שוין דער דייטשער דעם שפאַניער?—ער רופט איהם נאָך ניט.—איז אייער פאטער שוין היער?—ער איז נאָך ניט היער.—ווען קומט ער?—מיין מוטער ערוואַרטעט איהם ענטוועדער היינט פאר נאכט אדער מאָרגען.

## 20. צום איבערזעצען.

ארבייטעט אייער קליינער ברודער שוין?—ער ארבייטעט שוין.—ארבייטעט אייער פאָטער אמאָל אין אבענד?—ער ארבייטעט קיינמאל אין אבענד.—ווען ארבייטעט ער?—ער ארבייטעט פאסט יעדען מאָרגען.—ארבייטעט איהר אויך יעדען מאָרגען?—איך ארבייט יעדען מארגען און (יעדען) אבענד.—ווען קומט דער האָללענדער צו אייער פאָטער?—ער קומט יעדען טאג.—ארבייטעט דער ענגלענדער אמאָל אין אבענד?—ער ארבייטעט קיינמאל אין אבענד.—האט איהר זאלץ גענוג?—איך האב נאָך ניט גענוג.—האט דער קליינער יונגעל פלייש גענוג?—ער האט נאָך ניט גענוג.—גיט איהר אמאָל אייער קליינער טאָכטער וויין?—איך גיב איהר קיינמאל קיינעם (any).—לויבט דער פראַנצויז דעם שפאַניער אָפט?—ער לויבט איהם יעצט זעהר אָפט.—לויבט דער דייטש

אמאָל דעם האָללענדער?—ער לויבט איהם קיינמאל.—זעהט איהר אמאָל דעם איר־לענדער?—איך זעה איהם פאסט יעדען טאָג.—זעהט איהר דעם שאָטלענדער יעדען טאג?—ער קומט פאסט יעדען אבענד.—רופט אייך אייער פאָטער יעדען מאָרגען?—ער רופט מיך יעצט זעהר זעלטען.—בין איך ניט אָפט גערעכט?—איהר זייט זעהר זעל־טען גערעכט.—איז מיין גוטע מוטער ווען (אמאָל) אונגערעכט?—זיא איז פאסט קיינ־מאָל אונגערעכט.—ווען איז דער פראַנצויז אונגערעכט?—ווען ער איז ניט גערעכט.

## 21. צום איבערזעצען.

גיט דיזער מאַן זיין פרוי אָפט עפּעס?—ער גיט איהר זעהר אָפט עפּעס.—וואָס גיט ער איהר?—ער גיט איהר ענטוועדער א נייעס ניצליכעס בוך, אָדער א שעהנעס זיידענעס באנד.—גיט דיא פרוי אייער מאַן אויך אָפט עפּעס?—זיא גיט איהם קיינמאל עפּעס.—ארבייטעט איהר יעצט פיעל?—ניין, איך ארבייט יעצט זעהר וועניג.—האט איהר קיין אנדערן וויין?—יע, איך האב אויך אַנדערן.—וואס פיר אַנדערן וויין האט איהר?—איך האב אנדערן פראַנצויזישען וויין.—גיט איהר מיר היינט אין דער פריה (דיזען מאָרגען) א נייעס בוך?—איך גיב דיר איינס היינט אין דער פריה אדער היינט פאר נאַכט (די־זען אבענד). גיט איהר אויך איינס מיין שוועסטער?—ניין, דיין שוועסטער גיב איך קיינס.—ווארום גיט איהר איהר אויך ניט איינס?—וויל איך האב נאר איינס.—וואָס פערקויפט דיזער מאַן?—ער פערקויפט יעצט פאסט גאָרנישט.—איז דאס (this) ניט א נייע טאַבאַק־פושקע?—יע, זיא איז נייא.—איהר האט ביינאהע (כמעט) אלע טאג א נייע טאַבאַק־פושקע.—ניין, ניט אַלע טאג.—ווער רופט מיך?—דער פראַנצויז רופט אייך.—ער רופט זעהר אָפט.—וואו איז ער?—ער איז דארט.—וואָרום האט איהר מיין פעדער און ניט אייערע?—וויל אייער שוועסטער האט מיינע.—האט דער שפּאַניער פיעל געלד?—ער האט כמעט גאָר קיינס.—האט דער איטאַליענער פיעל וויין?—ער האט גאר קיינעס.—זעהט איהר מיך?—איך זעה אייך.—זעהט מיך אייער פאטער?—ער זעהט אייך אויך.—זעהט אייער שוועסטער א מאָל (ever) מיינע?—זיא זעהט זיא זעהר אָפט.

---

## Fourteenth Lesson.—פערצעהנטע לעקציאָן.

האט איהר איין הוט אדער צוויי? Have you one hat or two?

**One (וואָן), איינס; two (טו), צוויי; three (טהריי), דריי; four (פאָור), פיער.**

איך האב צוויי היט. I have two hats.

דיא מעהרצאָהל פון זאַכווערטער ווערט געמאַכט דורך דיא צוזעצונג פון דעם בוכשטאַב s.

וויפיעל פערד האט אייער פריינד? How many horses has your friend?

**Many (מעני), פיעלע.**

Many ווערט אימער געברויכט מיט בעצוג אויף א מעהרצאהל אדער אויף א סך.

## How (האו), וויא.

| | | | |
|---|---|---|---|
| How many? | וויא פיעלע? | How small? | וויא קליין? |
| How much? | וויא פיעל? | How large? | וויא גרויס? |

He has only two now (אָד. at present), but his father has three. — ער האט איצטער נאר צוויי, אבער זיין פאָטער האט דרייא.

## Only (אָנ׳לי), but (באָט), נאָר.

Has your servant his brushes? — האט אייער בעדי׳ענטער זיינע בערשט?

צו זאַכוווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט ch, sh, x און s, ווערט אין דער מעהרצאָל צוגע־זעצט es (געלעזען: איז); צ. ב. church (טשאָירטש), אַ קירכע,—churches (טשאָיר׳טשיז), קירכען או. אַז. וו.

He has them. — איהר האט זייא.

## Them (דהעם), זייא (העברעאיש אותם).

Do you see my handsome, new boots? — זעהט איהר מיינע שעהנע, נייע שטיוועל?

I see them; they are really (אָד. indeed) very handsome. — איך זעה זייא; זייא זיינעןווירקליך זעהר שעהן.

## Really (רי׳על׳לי), indeed (אינדי׳ד), ווירקליך.

## They (דהיי), זייא (העברעאיש הם).

## They, זייא; of them, פון זייא; to them, צו זייא; them, זייא.

They have. They have not. — זייא האבען. זייא האבען ניט.

They do. They do not do. — זייא טהוען. זייא טהוען ניט.

They see. They do not see. — זייא זעהען. זייא זעהען ניט.

They are (אָר). They are not. — זייא זיינען. זייא זיינען ניט.

They call. They do not call. — זייא רופען. זייא רופען ניט.

אין דער מעהרצאָהל האבען דיא האַנדלונגסווערטער איין פאָרמע פיר אַלע פערזאָנען; צ. ב. we call, מיר רופען; you call, איהר רופט; they call, זייא רופען.

| | | | |
|---|---|---|---|
| I am | איך בין | We are | מיר זיינען |
| You are | דו ביסט | You are | איהר זייט |
| He is | ער איז | They are | זייא זיינען |

Do your young ladies expect me to-day? — ערוואַרטען מיך אייערע יונגע דאמען היינט?

זאַכווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט y, פאָר וועלכען עס שטעהט אַ קאָנסאָנאַנט, פערענ־דערן אין דער מעהרצאָהל דאָס y אין ies: lady, אַ דאַמע,—ladies, דאַמען.

Yes, they expect you this evening. — יע, זייא ערוואַרטען אייך דיזען אבענד.

Have you many houses? — האט איהר פיעלע הייזער?

I have many. — איך האב פיעלע.

Have you much money? — האט איהר פיעל געלד?

I have not much. — איך האב ניט פיעל.

The room (רוּם), the rooms (רוּמז). דאס צימער, דיא צימערן.
The door (דאָור), the doors (דאָורז). דיא טהיר, דיא טהירען.
The lock (לאָק), the locks (לאָקס). דאס שלאָס, דיא שלעסער.
The bed (בעד), the beds (בעדז). דאס בעט, דיא בעטען.
The bedroom (בעד־רוּם), the bedrooms. דאס שלאָפ־צימער, דיא שלאָפ־צימערן.

**Their (דהייר), זייער.**

Hatmaker (האֶט־מייקער), hatter (האֶט־טער), א הוטמאכער, א קירזשנער.

## 22. צום איבערזעצען.

האט ער איין בליי־פען אדער צוויי?—ער האט איינעם.—האט אייער ברודער איין פריינד אָדער צוויא?—ער האט צוויא זעהר גוטע פריינד.—זעהט איהר איין הונד אדער צוויא?—איך האב דרייא הינד.—האט איהר צווייא טישען אדער דרייא?—איך האב דרייא.—האט אייער פעטער דרייא צימערן אדער פיער?—ער האט ניט דרייא צימערן ניט פיער.—וויא פיעלע צימערן האט ער?—ער האט צווייא צימערן.—האט אייער צימער איין טהיר אדער צווייא?—עס האט צווייא טהירען.—גיט איהר אייער זון צווייא פלאָרין?—איך גיב מיין זון פיער פלאָרין און מיין טאָכטער דרייא.—ערוואַרטעט איהר היינט פאַר נאַכט צווייא פריינד אדער דרייא?—איך ערוואַרט פיער.—פערקויפט אייער פאָטער זיינע פיער פערד?—ער פערקויפט נאָר צווייא.—האט דיא טהיר פון אייער שלאָפ־צימער איין שלאָס אדער צווייא?—זיא האט צווייא שלעסער.—וויא פיעלע בעדיענטע האט אייער פעטער?—ער האט נאר צווייא.—וויא פיעלע פערד האט דער איטאַליענער?—דער איטאַליענער האט נאר איינס, אבער דער פראַנצויז האט דריי.—ערוואַרטעט איהר היינט פיעל געלד?—איך ערוואַרט ניט פיעל.—ערוואַרטעט אייער ברודער וועלכעס?—ער ערוואַרטעט אויך זעהר וועניג.—גיט איהר אייער זון פיעלע פע־דערן?—איך גיב איהם פיעלע.—גיט אייער מומע איהר טאָכטער פיעל פלייש?—זיא גיט איהר ניט פיעל; זיא גיט איהר זעהר וועניג.—גיט דער האָללענדער דעם ארימען מאַן עפּעס?—ער גיט איהם פיעל וואסער און פיעל ברויט, אבער ער גיט איהם ניט פיעלע פלאָרינען.—פערקויפט דער ענגלענדער [וועלכע] פערד?—ער פערקויפט פיעלע. האט דיא דאַמע פיעלע בעטען?—זיא האט ניט פיעלע.—לויבען אייערע פריינד דעם ענגלענדער'ס בעטען?—זייא לויבען זייא.—רופען דיא בעדיענטע אייערע ברידער?—זייא רופען זייא.—פערקויפען דיא בעדיענטע פון אייערע ברידער דיא רעק, וועלכע אייערע ברידער גיבען זייא?—זייא פערקויפען זייא ניט.

## 23. צום איבערזעצען.

פערקויפען דיא שפּאַניער דיא פערד פון דעם ענגלענדער?—זייא פערקויפען זייא.—פערקויפען זייא זייא ווירקליך —יע, מיין הער, זייא פערקויפען זייא ווירקליך (געוועהנליך שטעהט really, ווירקליך, אין אָנפאַנג זאַץ פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט, indeed—אם ענדע).—וואָרום פערקויפען זייא זייא?—ווייל זייא האבען קיין געלד.—האבען דיא איטאַ־ליענער פיעל?—זייא האבען ניט פיעל, זייא האבען נאָר פיער גולדען (פלאָרין).—וויא

פיעל ווין האבען אייערע פעטערס?—זייא האבען זעהר פיעל.—פערקויפען זייא זייערע וויינען?—זייא פערקויפען זייא.—ווענען (to whom) פערקויפען זייא זייא?—זייא פערקוי=פען זייא צו דיא דייטשען.—האט דער האָללענדער פיעל זייד?—ער האט קיין זייד.—האט ער פיעלע פערד?—ער האט קיינע פערד.—איז אייער פערד קליין אדער גרויס?—עס איזט קליין.—זיינען אייער ברודער'ס פערד גרויס?—זייא זיינען זעהר גרויס.—האבען אייערע ברידער פיעלע הייזער?—ניין, זייא האבען ניט פיעלע.—וויא פיעלע האבען זייא?—זייא האבען נאר דרייא.—פערקויפען זייא זייא?—זייא פערקויפען זייא ניט.—וויא גרויס איז אייער פריינד'ס גאָרטען?—ער איז זעהר גרויס.—וויא פיעל געלד גיט איהר מיין שוועסטער?—אייער שוועסטער גיב איך נאר קיינס.—וואָרום גיט איהר איהר קיינס?—וייל איך האָב קיינס.—האָבען אייערע שוועסטער פיעלע שטאָהל=פעדערן?—זייא האָבען ניט פיעלע, זייא האבען יעדע נאר דרייא (דאָס וואָרט פיר יעדע—each, קומט אָם ענדע פון זאַץ).—האָט אייער קוזינע (שוועסטערקינד) צווייא גרויסע רעגענ=שירמס?—זיא האט צווייא; אבער זייא זיינען זעהר קליין.

## 24. צום איבערזעצען.

זעהט איהר דיא שעהנע הינד פון מיינע צווייא ברידער?—איך זעה זייא; וויא פיעלע האבען זייא?—זייא האבען ניט פיעלע; איינער האט צווייא און דער אַנדערער האט דרייא.—וואו זיינען מיין פאָטער'ס היט?—זייא זיינען היער.—איך זעה זייא ניט.—זעהט איהר זייא ניט.—איך זעה זייא.—פערקויפען דיא זין פון דיא פראַנצויזען עלפענ=ביינערנע שטעק?—ניין זייא פערקויפען קיינע, אבער זייא פערקויפען מעטאַלענע קנעפּ, גלעזערנע פלעשער, זיידענע היט און זעהר שעהנע, קליינע, גאָלדענע אוהרען (זייגער=לאַך).—זיינען אייערע טישען פון האָלץ אדער פון שטיין?—זייא זיינען פון האָלץ.—זיינען אייערע שלאָף=צימערן גרויס?—ניין, זייא זיינען זעהר קליין.—האט אייער הוטמאַ=כער פיעל געלד?—ער האט ניט פיעל געלד, אבער ער האט פיעלע היט.—ליבען מיין פעטער'ס פריינד אייערע פערד?—זייא ליבען זייא, ווייל זייא זיינען זעהר שעהן און גוט.—ליבען זייא מיינע וויינען?—איינער ליבט זייא, אבער דער אַנדערער ליבט זייא ניט.—גיבען אלע פאָטערס זייערע זין ניצליכע ביכער?—ניין, ניט יעדער פאָטער גיט זיין זון אַ ניצליכעס בוך, אבער פיעלע גיבען זייא פאַפּיער, פעדערן און בליי=פענעס.—זיינען דיא בליישטיפטען (בליי=פענעס), וועלכע דער מאַן פערקויפט, אויך גוט?—זייא זיינען גוט און שלעכט; פיעלע זיינען זעהר גוט.—גיט דיזער מאַן יעדען פון זיין פריינד'ס זין עטוואָס?—ער גיט זייא עטוואָס, ווען זייא זיינען גוט.—ווארום גיעבען דיא דאַמען זייערע קעבינס קיין פלייש?—ווייל זייא האבען שוין זעהר פיעל פלייש; זייא האבען פלייש גענוג.—האט דער ענגלענדער פיעלע הינד?—ניין, ער האט ניט פיעלע הינד; ער האט נאר איינעם, אבער ער איז זעהר גרויס.—גיט דיזער גוטער מאַן זיינע פיינד געלד?—ער גיט וועלכעס זיינע פריינד און זיינע פיינד.

## 25. צום איבערזעצען.

האט ניט אייער פאַטער אַ זעהר שעהנעס הויז?—ער האט דרייא זעהר שעהנע, גרויסע הייזער?—וויא פיעל ברידער און שוועסטער האבען אייערע צווייא פריינד, דיא

איטאַליענער?—איינער האט גאָר קיינע ברידער, אבער דרייא שוועסטער; דער אַנדערער האט גאר קיינע שוועסטער און פיער ברידער.—זיינען זייא היער?—ניין, זייא זיינען ניט היער; זייא ערוואַרטען זייא ענטוועדער היינט אבענדס (דיזען אבענד) אָדער מאָרגען.—רופען מיך דיא דאַמען?—יע, זייא רופען אייך.—וועלכען מאַן זעהט איהר?—איך זעה דעם מאַן, וועלכער פערקויפט אייך דיא גוטע שטאָהל=פעדערן.—זעהט איהר אימעצן אַנדערס (else)?—ניין, איך זעה קיינעם אַנדערס.—איז דאס אייער אַלטער הוט?—ניין, עס איז מיין נייער.—ווער ליבט מיך?—קיינער ליבט אייך, אבער דער ענגלענדער ליבט אייערע ברידער.—זייט איהר דיזען יונגען מאַנ'ס פאָטער?—איך בין ניט זיין פאָטער, נאָר זיין פעטער.—זייט איהר דיזער יונגער דאַמע'ס פריינדין?—איך בין קיין פריינדין פון דיזער יונגער דאַמע.—זייט איהר דיזען אַלטען מאַנ'ס פרויא?—איך בין ניט זיין פרוי, נאָר זיין טאָכטער.—וואָס זייט איהר, מיין הער?—איך בין אַ זייגער=מייסטער.—איז אייער ברודער אויך אַ זייגער=מייסטער.—איך האב צוויי ברידער, איינער איז אַ סטאָליער און דער אַנדערער אַ שניידער.—וועמעס שטיוועל זיינען היער?—מיינע שטיוועל זיינען היער און אייערע (yours) זיינען דאָרטען.—וועמעס ברודער זייט איהר?—איך בין דער ברודער פון דער יונגער דאַמע, וועלכע איהר זעהט דאָרטען.—האט איהר נאָר איין שוועסטער?—איך האב נאָר איין שוועסטער, אבער זיא האט דרייא ברידער.—זיינען דיא פראַנצויזישע ביכער גוט, וועלכע דער מאַן פערקויפט אייך?—זייא זיינען זעהר גוט.—האט ער קיינע ענגלישע ביכער?—ער האט וועלכע (some), אבער ער פערקויפט זייא ניט.—וויא פיעלע גאָלדענע אוהרען (זייגערלאך) האט איהר?—איך האב דרייא.—האט איהר אויך זילבערנע אוהרען?—איך האב קיינע.—ווירקליך ניט?—ניין, ווירקליך, איך האב יעצט קיין זילבערנע אוהר.—ווען קומט דער אַלטער אירלענדער?—ער קומט ניט אָפט, אבער מיין ברודער קומט אַלע מאָרגען און אַלע אבענד.—איז דיא קליינע פרוי, וועלכע איך זעה דאָרטען, דעם אַלטען פראַנצויז'ס פרויא?—ניין, זיא איז זיין פרוי'ס שוועסטער.—איז דער מאַן, וועלכען איהר רופט, דיזער גרויסער (tall), מיאוסער פרוי'ס מאַן?—ניין, ער איז ניט איהר מאַן, ער איז נאָר איהר בעדיענטער.—גיט איהר מיר דיזע קאַרטאָפעל?—יע, איך גיב זייא דיר.

---

## Fifteenth Lesson.—פופצעהנטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Do you see these little boys? | זעהט איהר דיזע קליינע יונגלאך? |
| I see a great many little boys. | איך זעה זעהר פיעלע קליינע יונגלאך. |

**These** (דהיז), **דיזע** (מ.).

| | |
|---|---|
| **Of these** | **פון דיזע** |
| **To these** | **צו דיזע** |

**A great many** (אַ גרייט מע'ני), **a good many** (אַ גוד מע'ני), **זעהר פיעלע.**

דיא מעהרצאָהל פון זאַכווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט y, פאַר וועלכען עס שטעהט אַ וואָקאַל, ווערט געמאַכט וויא געוועהנליך, ד. ה. בלויז דורך דיא צוזעצונג פון s:

**The boy** (באָי), **the boys.** — **דאָס יונגעל, דיא יונגלאך.**

| | |
|---|---|
| The day (דיי), the days. | דער טאָג, דיא טעג. |
| Those beautiful days. | יענע שעהנע טעג. |

**Those (דהאָוז), יענע.**

| | |
|---|---|
| The key (קי), the keys. | דער שליסעל, דיא שליסלען. |
| Why do you not give a potato to each of these boys? אָדער: Why do you not give each of these boys a potato? | וואָרום גיט איהר ניט יעדען פון דיזע יונג-לאך א קארטאָפעל? |
| I give them none, for I have no potatoes. | איך גיב זייא קיינע. ווייל איך האב קיינע קארטאָפעל. |
| Because I have none. | ווייל איך האב קיינע. |

**For (פאָר), ווייל.**

זאַכווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט o, ערהאַלטען געוועהנליך אין דער מעהרצאהל es: potato, אַ קאַרטאָפעל,—poatoes.

| | |
|---|---|
| Do you give me these books or those? | גיט איהר מיר דיזע ביכער אָדער יענע? |
| Which books do you give me? | וועלכע ביכער גיט איהר מיר? |
| I give you none (אָד. I do not give you any) of these; I give you some others? | איך גיב דיר קיינע פון דיזע; איך גיב דיר אנדערע. |

**Others (אָדהערז), אַנדערע [מ.].**

Five others, פינף אנדערע; the other five, דיא אַנדערע פינף.

Other נעהמט נאָך זיך s, ווען מען דאַרף נאָך איהם פערשטעהן אַ זאַכוואָרט אין דער מעהרצאָהל, און דאָס זאַכוואָרט געפינט זיך נאָך איהם ניט; ווען דאָס זאַכוואָרט געפינט זיך יע, דאַן ווערט צו other קיין s צוגעשטעלט.

**Six (סיקס), זעקס; seven (סעוון), זיבען; eight (אֵייט), אכט; nine (נאַין), ניין; ten (טען), צעהן.**

| | |
|---|---|
| Is your brother's child a boy or a girl? | איז אייער ברודער'ס קינד א יונגעל אָדער א מיידעל? |
| It is a girl. | עס איז אַ מיידעל. |
| The girl (גאָירל), the girls. | דאָס מיידעל, דיא מיידלאך. |
| The ship (שיפּ), the ships. The vessel (וועסל), the vessels. | דאָס שיף, דיא שיפען. |
| The negro (ני'גראָו), the negroes. | דער נעגער, דיא נעגערס. |
| The fly (פלאי), the flies (פלאיז). | דיא פליעג, דיא פליעגען. |
| Are these your books? | זיינען דאָס אייערע ביכער? |
| Yes, they are mine. | יע, זייא זיינען מיינע. |

## 26. צום איבערזעצען.

וויא פיעלע יונגלאַך האט איהר, מיין הער?—איך האב פינף.—האט אייער ברודער פיעלע יונגלאַך?—ער האט גאָר קיינע; דער אָרמער מאַן האט זיבען מיידלאַך.—וויא פיעלע יונגלאַך האט אייער שוועסטער?—זיא האָט אֵיין (a) יונגעל און אֵיין (a) מיידעל.—זיינען יענע יונגלאַך אייערע זין?—עס זיינען ניט אַלע (not all of them are) מיינע זין; דיא פיער קליינע יונגלאַך זיינען מיינע (mine).—ווער האט מיין שליסעל?—אייער בעדיענטער האט איהם.—וואו זיינען אייערע שליסלען?—אייער בעדיענטער האט זייא.—האט איהר פיעלע שליסלען?—יע, איך האב זעהר פיעלע; איך האב זעקס.—פערקויפט דער מאַן פיעלע קאַרטאָפעל?—ער פערקויפט זעהר פיעלע.—פערקויפט אייער פריינד דיזע שיפען אָדער יענע?—ער פערקויפט ניט דיזע ניט יענע.—וועלכע שיפען פערקויפט ער?—ער פערקויפט גאָר קיינע שיפען; ער פערקויפט שלעסער, שליסלען, שטולען און גלעזער, אבער קיינע שיפען.—פערקויפט ער עפּעס אַנדערס?—ניין ער פערקויפט גאָרנישט אַנדערס.—וועלכע זיינען דיא נעגערס פון דיזען שיף, דיזע אדער יענע?—ניט דיזע נעגערס ניט יענע זיינען דיא נעגערס פון יענעם שיף.—וויא פיעלע קאַרטאָפעל גיט איהר יעדען (to each) פון דיזע יונגלאַך?—דיזע קליינע יונגלאַך גיב איך נאָר פינף; אבער פון יענע דרייא גרויסע יונגלאַך גיב איך יעדען זיבען אָדער אכט קאַרטאָפעל.—גיט איהר זייא אויך ברויט?—איך גיב זייא אויך ברויט פלייש און וויין.

## 27. צום איבערזעצען.

גיט איהר דיזע אכט קליינע מיידלאַך אָפּט פלייש און וויין?—איך גיב זייא קיינמאָל פלייש אָדער וויין (either any meat or wine).—קומט אייער קליינער פריינד, דער פראַנצויז, אָפּט אין אבענד צו אייך?—ער קומט קיינמאָל ניט אין אבענד נאר אין דער פריה צו מיר.—צו ווענען קומט ער?—ער קומט אלע טאָג צו מיין ברודער.—ליובט דיא פראַנצויזישע דאַמע אייערע טעכטער און איהרע שוועסטערס?—זיא ליובט קיינמאָל דיזע אדער יענע.—ועמען ליובט זיא?—זיא ליובט מיין ברודער'ס יונגלאַך, אבער זיא ליובט ניט זיינע טעכטער ניט מיינע (mine).—גיט איהר דיזע יונגלאַך קיינע אַנדערע פעדערן?—איך גיב זייא קיינע אַנדערע.—זעהט איהר דיזע שעהנע (pretty), יונגע דאַמען?—יע, איך זעה זייא.—ווער זיינען זייא?—זייא זיינען יענעם מאַנ'ס שוועסטער.—וויא פיעלע יונגע דאַמען ערוואַרטען אייך דיזען אבענד?—איך ערוואַרט ניין אדער צעהן.—ערוואַרטעט איהר אויך קליינע יונגלאַך?—יע, איך ערוואַרט אכט, ניין אדער צעהן יונגלאַך.—זעהט איהר דיזע קליינע פליעג?—איך זעה זיא.—האט איהר פיעלע פליעגען?—מיר האבען זעהר פיעלע פליעגען.—האט אייער פעטער פיעלע בעדיענטע?—ער האט זעהר פיעלע, דען (for) ער האט צעהן.—דיזע צוויא נעגער זיינען זיינע בעדיענטע; ער האָט אֵיין (a) פראַנצויז, אֵיין ענגלענדער און דרייא דייטשע בעדיענטע, אֵיין איטאַליענער און צווייא שפּאַניער.—וועלכע פון דיזע ניין ביכער גיט איהר מיר?—איך גיב אייך גאָר קיינע (none at all) פון דיזע, אבער איך גיב אייך זיבען פון יענע ביכער; דען דיזע גיב איך אייער פאָטער.—ליובען דיזע פאָטערס זייערע זין?—זייא ליובען זייא ניט; דען זייא אַרבייטען ניט.—וואו פערקויפט דער פראַנצויז זיינע פערד?—ער פערקויפט

זייא היער.—פערקויפט ער ניין אדער צעהן פערד?—ער פערקויפט נאָר אכט.—האט ער נאָר דיזע אכט פערד?—ניין, ער האט נאָך זיבען (זיבען אנדערע).—זיינען דיא פאַ־טערס פון דיזע קליינע מיידלאך רייך?—ניין, זייא זיינען זעהר אָרים.—פערקויפען דיזע הוטמאכער פיעלע היט?—איינער פערקויפט פיעלע, דען זיינע היט זיינען גוט; אבער דיא פיער אנדערע פערקויפען ניט פיעלע, דען זייא האבען קיינע גוטע היט.

---

## Sixteenth Lesson.—זעכצעהנטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Do you know (נאָו) what leaf this is? | ווייסט איהר וואס פיר א בלאט דאָס איז? |
| It is a leaf of a tree in our garden. | עס איז א בלאט פון א בוים אין אונזער גאָרטען. |
| The tree (טרי) דער בוים | The leaf (ליף) דאָס בלאט |
| Have you more gardens than (דהאָן) one? | האָט איהר מעהר גערטנער אלס איינעם? |
| Yes, sir, we have several (סעוועראָל). | יע, מיין הער, מיר האבען עטליכע. |

**Than (דהאָן), אלס. More (מאָור), מעהר.**

| | |
|---|---|
| More than. | מעהר אלס. |

**Several (סעוועראָל), מעהרערע, עטליכע, איינינע.**

**We (ווי), מיר; us (אָס), אונז.**

| | |
|---|---|
| **Of us.** | **פון אונז, אונזער.** |
| **To us.** | **צו אונז.** |
| Do you know this gentleman? | קענט איהר דיזען הערן? |
| Yes, I know him. | יע, איך קען איהם. |
| The gentleman (דזשענטלמאָן). | דער הער, דער קאַוואליער. |
| I know (נאָו), I do not now. | איך וויים, איך וויים ניט. |
| We know, we do not know. | מיר ווייסען, מיר ווייסען ניט. |
| They know, they do not know. | זייא ווייסען, זייא ווייסען ניט. |
| Does this gentleman know you? | קען אייך דיזער הער? |
| I do not know whether (.אָד. if) he knows me. | איך וויים ניט, אויב (ציא) ער קען מיך. |

**Whether (הוועדהער), if (איף), אויב, ציא.**

| | |
|---|---|
| Do you give your sons gold watches or silver ones? | גיט איהר אייערע זין גאָלדענע אוה־רען אדער זילבערנע? |

ווען עס קומט אויס צו ווידערהאָלען נאָך אן אייגענשאַפטס וואָרט דעם נאָמען פון א זאך, ווערט אָנשטאָט דער ווידערהאָלונג געשטעלט דאָס וואָרט one פיר איינצאָהל, ones—פיר מעהרצאָהל.

| | |
|---|---|
| If they are very good, I give them gold ones. | ווען זייא זיינען זעהר גוט, גיב איך זייא גאָלדענע. |

## If (איף), ווען, אויב.

| | |
|---|---|
| He hase ight'horses, but his brother has more ; he has eleven or twelve. | ער האָט אַכט פערד, אבער זיין ברודער האט מעהר; ער האט עלף אָדער צוועלף. |

מען זאָל גוט מערקען, דאָס נאָך צאָהלען שטעהט ניט one.

## Eleven (אילע'וון), עלף; twelve (טוועלוו), צוועלף.

ווען דיא ווערטער דער, דיא, דיזער, דיזע, יענער, יענע דייטען אויף פערזאָנען, וויא אין דיא זעצע: דער געהט, יענער שטעהט, דיזע שרייבט, יענע טאַנצט או. אַז. וו., ווערען זייא אין ענגליש איבערגעגעבען מיט he (ער), she (זיא) אָדער מיט דיא ווערטער this (דיזער), that (יענער) [מ. these, those] מיט דער צושטעלונג פון דיא פערזאָנען, פון וועלכע מען רעדט; צ. ב. ש.: דער האָט עס, he has it אדער this man has it; יענע האָט עס, she has it אָדער that woman has it או. אַז. וו. — אין אַן ענטפער אויף אַ פראַגע קענען this, that (מ. these, those) קומען אָהן דער צושטעלונג פון דער פערזאָן אָדער זאַך: which man is here? וועלכער מאַן איז היער? — that, יענער.

## Several (סע'ווערעל), פערשיעדען, פערשיעדענע.

The niece (דהי ניס), דיא ניכטע (פלעמעניצע).

## So (סאָו), אַזוי.

## 28. צום איבערזעצען.

קענט איהר מיך, מיין הער?—ניין, איך קען אייך ניט.—קען אייער ברודער דיזען מאַן?—ער קען איהם.—קענען אייערע שוועסטער דיזע שעהנע, יונגע דאַמען?—זייא קענען זייא ניט.—קענען מיר דיא טעכטער פון יענער פראַנצויזישער דאַמע?—איהר קענט זייא ניט.—קען אייער מוטער דיזען יונגען מאַן?—זיא קען איהם ניט.—קען אייער פאָטער מיינע ברידער?—ער קען איינעם פון אייערע ברידער; דיא צווייא אַנדערע קען ער ניט.—קען דיזער פראַנצויז יענעם ענגלענדער?—ער קען איהם.—וועלכען פון יענע פיער יונגלאַך קען אייער ברודער?—דיא צווייא קליינע קען ער; דיא גרויסע קען ער ניט.—וואס פיר אַ שעהנע פרוי דיזע איז! קענט איהר זיא?—איך קען זיא ניט, אבער מיין מומע קען זיא.—וועלכע מומע, אייער פאָטער׳ס אדער אייער מוטער׳ס שוועסטער?—מיין פאָטער׳ס שוועסטער קען זיא.—קענען אונז דיזע פינף יונגלאַך?—זייא קענען אונז ניט.—קענען דיזע יונגע מיידלאַך אונזער שוועסטער?—זייא קענען זייא.—ווייסט איהר, ווער דיזער מאַן איז?—איך ווייס עס ניט.—ווייס אייער בעדיענטער, וואו מיין הוט איז?—ער ווייס עס ניט.—ווייס אייער מוטער, ווער דיזע פרוי איז?—זיא ווייס עס.—ווייסט איהר, וואו מיינע שליסלען זיינען?—איך ווייס עס ניט, אבער מיין ברודער ווייס עס.—ווער ווייס, וואו מיינע פעדערן זיינען?—דיזע יונגלאַך ווייסען עס.—ווער ווייס ניט, וויא גוט מיין מוטער איז?—יעדער איינער ווייס עס.—וואס ווייס מיין זוהן?—ער ווייס גאַר נישט.—ווייס מיין טאָכטער עפּעס?—זיא ווייס ניט פיעל, אבער זיא ווייס מעהר אלס איהר ברודער.—ווייסט איהר, וועמעס פערד מיינע ברידער האבען?—איך ווייס עס ניט.—ווייסען אייערע

שוועסטער, ווען אייער מומע ערוואַרטעט אונזער פעטער?—אונזערע שוועסטער וויסען עס ניט, אבער אונזערע קוזינעס (שוועסטערקינדער) וויסען.—קענט איהר מיין הונד?—איך קען איהם.—קען אייער זוהן מיינעם (mine)?—ער קען איהם.—קענט איהר מיין קוזינע?—איך וויס ווירקליך ניט, אויב (צי) איך קען זיא.—קענען אייערע ברידער אונזערע פעטערס?—זייא וויסען ניט, אויב (צי) זייא קענען זייא.—קענט איהר מעהר שפּאַניער אלס איטאַליענער?—איך וויס ניט, אויב (צי) איך קען מעהר פון דיזע אלס פון יענע.—קענען אייערע ברידער דיזע אדער יענע דאַמען?—איך וויס ניט, אויב זייא קענען דיזע אדער יענע; אבער איך וויס, דאס איך קען ניט דיזע ניט יענע.

## 29. צום איבערזעצען.

האט איהר מעהר שטולען אין אייער צימער אלס איך האב אין מיינעם?—איך האב מעהר אין מיינעם אלס איהר האט אין אייערן; דען איך האב צוועלף און איהר האט נאָר עלף.—וויא פיעלע פערד האט אייער פעטער מעהר אלס דער ענגלענדער?—ער האט דרייא מעהר אלס דער ענגלענדער; דען ער האט עלף און דער ענגלענדער האט נאָר אכט.—ליובט מיך אייער פאטער מעהר אלס מיינעם ברודער?—ער ליובט אייער ברודער מעהר אלס ער ליובט איך.—האט אייער פריינד וועלכע (any) פערד?—יע, ער האט עטליכע.—האט ער מעהר (פון זייא) אלס מיינער?—איך וויס ניט וויא פיעלע אייערער האט.—וואס פיר א בלאַט איז דאס (this)?—עס איז א קליינעס בלאַט פון דעם גרויסען בוים אין מיין פעטער'ס גאַרטען.—וואס פיר גלעזער פערקויפט דער מאַן?—ער פערקויפט פערשיעדענע (several).—וויא פיעלע הייזער האט אייער פריינד'ס ברודער?—איך וויס ניט וויא פיעלע ער האט; אבער איך וויס, ער האט עטליכע הייזער.—האט אייער בעדיענטער בערשטלאַך?—יע, ער האט עטליכע.—וויא פיעלע ביכער האבען אייערע זיהן?—איך וויס ווירקליך ניט, וויא פיעלע זייא האבען; זייא האבען יעדער פון זייא פערשיעדענע ענגלישע, פראַנצויזישע, דייטשע, איטאַליענישע און האָלענדישע ביכער.—גיט דיזער רייכער מאַן יענע אָרימע יונגלאַך עפּעס?—ער גיט ניט אַלעמען (to all), אבער ער גיט עפּעס (צו) עטליכע פון זייא—ווער גיט זייא מעהר, מיין פאַטער אדער אייערער?—מיינער גיט זייא מעהר אלס אייערער, דען מיינער גיט יעדען צוויא גולדען און אייערער גיט יעדען נאָר אײנעם.

## 30. צום איבערזעצען.

וועלכער פון דיזע יונגלאַך ארבייטעט מעהר, דער גרויסער אדער דער קליינער?—דער גרויסער ארבייטעט מעהר אלס דער קליינער.—זעהט איהר מעהר בוימער אלס איך?—איך וויס ניט וויא פיעלע בוימער איהר זעהט.—וויא פיעלע בעטען האט איהר אין אייערע שלאָפצימערן?—מיר האבען צווייא בעטען אין יעדען פון אונזערע דרייא שלאָפצימערן?—ארבייטעט מיין שוועסטער מעהר אלס אייערע?—זיא ארבייטעט מעהר אלס מיינע, אבער זיא ארבייטעט ניט מעהר אלס אונזערע קוזינע (שוועסטערקינד).—ארבייטעט אייערע קוזינע אזוי פיעל?—יע, זיא ארבייטעט אלע טאָג; ענטוועדער אין דער פריה אדער אין אבענד.—האט דער שפּאַניער מעהר געלד אלס דער איטאַליענער?—ער האט מעהר פערד, אבער ניט מעהר געלד אלס דער איטאַליענער.—האט דער

פראנצױזישער הערר עלף בעדיענטע אדער צוועלף?—ער האט ניט עלף ניט צוועלף.—
וויא פיעלע האט ער?—איך וויים ניט, אדער ער האט אכט אדער ניין, אבער איך וויים,
ער האט ניט מעהר אלס ניין.—וויים דיזער מאן וואו מיין הוט איז?—ניין, דער (he אָד.
this man) וויים עס ניט, אבער יענער וויים.—ווארום ליבט מיך יענע דאמע?—וויל זיא
קען איך ניט.—ליבט מיך אימעצער אנדערס?—ניין, קיין אנדערער (nobody else) ליבט
אייך, דען אלע דיזע דאמען קענען אייך.—זיינען דיזע דאמען מיינע פיינדינען?—זייא זיי=
נען ניט אייערע פיינדינען ניט אייערע פריינדינען.—זיינען דאס פראנצױזישע ביכער?—
ניין, עס (they) זיינען ענגלישע.—פערקויפט דיזער מאן גוטע רעגענשירמס?—ניין, ער
פערקויפט זעהר שלעכטע.—זיינען דאס (these) גאלדענע אדער זילבערנע שמעק טאבאק
פושקעס?—עס זיינען גאלדענע.—האט איהר נאר גאלדענע?—ניין, איך האב אויך זיל=
בערנע.—ווער איז גערעכט?—קיינער איז אונגערעכט.—ווארום איז יעדערער אונגערעכט?
—וויל קיינער איז ניט גערעכט.—יע, אימעצער איז גערעכט; איך קען איינעם, וועלכער
איז גערעכט.—איז אייער שוועסטער גערעכט?—זיא איז אויך גערעכט, זייא זיינען אלע
גערעכט.—דאס (that) איז רעכט, יעצט האבען מיר (we have) גענוג פון רעכט און
אונרעכט.—ניין, נאך ניט; איז ניט איינער גערעכט, ווען דער אנדערער איז אונגע=
רעכט?—יע, איהר האט רעכט (איהר זייט גערעכט).

---

# Seventeenth Lesson.—זיבצעהנטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Who has my steel knives (נאַיווז). | ווער האט מיינע שטאָהלענע מעסערס? |
| Which steel knives? | וועלכע שטאָהלענע מעסערס? |
| Those with the ivory handles. | דיא וואס זיינען מיט דיא זילבערנע שטילען. |

דער וואָס איז, דיא וואָס איז, דאָס וואָס איז, דיא וואָס זיינען
ווערען אין ענגליש אויסגעדריקט מיט דיא ווערטער that, those, ווען עס האַנדעלט זיך אום זאַכען;
ווען עס האַנדעלט זיך פון פערזאָנען געברויכט מען אין דעם זעלבען זינען דיא פערזאָנ=פּירווער=
טער he (ער), she (זיא), they (זייא).

## with (ווידה), מיט.

| | |
|---|---|
| The handle (האֶנדל). | דאָס הענטעל. |
| The knives (נאַיווז). | דיא מעסערס. |

זאַכווערטער וואָס ענדיגען זיך אין איינצאהל אויף f אדער fe ענדערן אין דער מעהרצאהל
f אָדער fe אין ves. עס זיינען דאָ מאַנכע אויסנאַהמען צו דיזער רעגעל. ווערטער וואָס ענדי=
גען זיך אויף ff, oof האבען אַ רעגעלמעסיגע מעהרצאהל.

| | |
|---|---|
| The leaf (ליף), the leaves (ליווז). | דאָס בלאט, דיא בלעטער. |
| The wife (וואיף), the wives (וואיווז). | דיא פרוי, דיא פרויען. |
| The muff (מאַף), the muffs. | דיא מופע, דיא מופעס. |
| The roof, the roofs. | דאס דאך, דיא דעכער. |
| Those men have your knives. | יענע מענער האבען אייערע מעסערס. |
| The man, the men. | דער מאַן, דיא מענער. |
| Man, men. | דער מענש, דיא מענשען. |

ווען דאָס וואָרט man בעצייכענט מענש, האט עס קיינמאָל ניט פאר זיך דעם בעשטי־מענדען אַרטיקעל the: man, דער מענש, men, דיא מענשען.

פאָלגענדע זאכווערטער זיינען אונרעגעלמעסיג אין דער מעהרצאָהל:

| | |
|---|---|
| The man (מאָן), the men (מען). | דער מאַן, דיא מענער. |
| The woman (וואוּמאָן), the women (ווי־מען). | דיא פרוי, דיא פרויען. |
| The child (טשאילד), the children (טשיל־דרען) | דאס קינד, דיא קינדער. |
| The mouse (מאוס), the mice (מאיס). | דיא מויז, דיא מייז. |
| The louse (לאוס), the lice (לאיס). | דיא לויז, דיא לייז. |
| The goose (גוּס), the geese (גי־ס). | דיא גאנז, דיא גענז. |
| The foot (פוּט), the feet (פי־ט). | דער פוס, דיא פיס. |
| The tooth (טוּטה), the teeth (טי־טה). | דער צאהן, דיא צאָהן. |
| The ox (אָקס), the oxen (אָק־סען). | דער אָקס, דיא אָקסען. |

מאַנכע זאַכווערטער האבען צוויי פאָרמעס אין מעהרצאָהל, איינע אַ רעגעלמעסיגע און דיא אַנדערע אַן אונרעגעלמעסיגע, און יעדע פאָרמע האט אַ בעזונדערע בעדייטונג:

## Brother (בראָדהער), א ברודער, א פריינד.

| | |
|---|---|
| 1) Brothers (בראָ־דהערז). | ברידער (פון געבורט). |
| 2) Brethren (ברעדה־רען). | ברידער (בעקאַנטע, פריינדע). |

## Die (דאַי), אַ מינצ־שטעמפעל, אַ שפּיעל־ביינדעל.

| | |
|---|---|
| 1) Dies (דאַיז). | מינצ־שטעמפּלען. |
| 2) Dice (דאַיס). | שפּיעל־ביינדלאך. |

## Pea (פּי־), אַרבעס.

| | |
|---|---|
| 1) Peas (פּי־ז). | ארבעס (איינצעלנע אַ בעשטימטע צאָהל). |
| 2) Pease (פּי־ז). | ארבעס (אַן אונבעשטימטע צאָהל). |

## Penny (פּענ־ני), אַ פּעני (אן ענגלישע מטבע); אַ פּעניג.

| | |
|---|---|
| 1) Pennies (פּענ־ניז). | פּענים (אַ בעשטימטע צאָהל). |
| 2) Pence (פּענס). | פּענים (דער סאָרט מטבע). |

פאלגענדע זאכווערטער האבען דיא זעלביגע פאָרם פיר איינצאָהל און מעהרצאהל:

| | |
|---|---|
| The deer (די־ר). | דער הירש, דיא הירשען. |
| The swine (סוואין). | דער שוויין, דיא שווינען. |
| The sheep (שי־פּ). | דאס שאָף, דיא שאָף. |
| The people (פּי־פּל). | דאס פאלק, דיא לייט. |
| The series (סי־ריז). | דיא סעריע (אָרדנונג), דיא סעריעס. |
| The species (ספּי־שיז). | דיא אַרט, דיא אַרטען. |
| Have the Italians as much money as the Germans? | האבען דיא איטאליענער אזוי פיעל געלד וויא דיא דייטשען? |
| They have not so much as the Germans. | זייא האבען ניט אזוי פיעל וויא דיא דייטשען. |

## As much as (אַז מאַטש אַז), אַזוי פיעל וויא.

## Not so much as, ניט אַזוי פיעל וויא.

| | |
|---|---|
| As rich as he. | אַזוי רייך וויא ער. |
| Not so rich as he. | ניט אַזוי רייך וויא ער. |
| Have you as many boys as I? | האָט איהר אַזוי פיעלע יונגלאַך וויא איך? |
| I have not so many as you. | איך האָב ניט אַזוי פיעלע וויא איהר. |

## As many as, אַזוי פיעלע וויא.

## Not so many as, ניט אַזוי פיעלע וויא.

| | |
|---|---|
| Have the three Frenchmen as fine horses as the Dutchmen whom I know? | האָבען דיא דרייא פראַנצויזען אַזעלכע (אַזוינע) שעהנע פערד וויא דיא האָללענדער, וועלכע איך קען? |
| They have as fine ones. | זייא האָבען אַזעלכע (אַזוינע) שעהנע. |
| They have not so fine ones. | זייא האָבען ניט אַזעלכע (אַזוינע) שעהנע. |

ווען דאָס וואָרט man קומט אין פערבינדונג מיט אַנדערע ווערטער און שטעהט אַם ענדע ווערט עס אין דער מעהרצאָהל אימער פערוואַנדעלט אין men: Frenchman, אַ פראַנצויז (פון Franch און man)—Frenchmen, פראַנצויזען. עס זיינען דאָ ווערטער וואָס ענדיגען זיך אויף man, וואָס איז גאָר ניט דאָס ענגלישע man, וויא firman, אַ בעפעהל [פון טירקיש]; אין אַזעלכע זאַכווערטער איז דיא מעהרצאָהל רעגעלמעסיג: firmans, בעפעהלען, ניט firmen. צו דיזע לעצטע געהערען: German (דזשאָיר׳מאָן), אַ דייטש, Ottoman (אָט׳טאָומאָן), אַ טערק, Mussulman (מאַס׳סאַלמאָן), אַ מאָהאַמעדאַנער, Norman (נאָר׳מאָן), אַ נאָרמאַנדיער, וועלכע זיינען אין דער מעהרצאָהל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| Germans | דייטשען | Mussulmans | מאָהאַמעדאַנער |
| Ottomans | טערקען | Normans | נאָרמאַנדיער |

| | |
|---|---|
| How many people (אָד. persons) do you see? | וויא פיעלע לייטע זעהט איהר? |
| I see more than twenty people (אָד. persons). | איך זעה מעהר אַלס צוואַנציג לייטע (מענשען). |
| The person (פּאָיר׳סאָן), the persons. | דיא פערזאָן, דיא פערזאָנען. |
| The people (פּי׳פּל). | דאָס פאָלק, דיא לייטע (מענשען). |

נאָך דעם וואָרט people קומט אימער דאָס האַנדלונגסוואָרט אין דער מעהרצאָהל.

| | |
|---|---|
| Are you a friend of this man's brothers? | זייט איהר אַ פריינד פון דיזען מאַנ׳ס ברידער? |
| I am everybody's friend; are we not all brethren? | איך בין יעדערנ׳ס פריינד; זיינען מיר ניט אַלע ברידער? |

## His (היז), זיין, דער זייניגער, דיא זייניגע, דאָס זייניגע.

| | | | |
|---|---|---|---|
| דרייצעהן | Thirteen (טהאיר׳טי־ן) | צוואנציג | Twenty (טוועג׳טי) |
| פערצעהן | Fourteen (פאָור׳טי־ן) | דרייסיג | Thirty (טהאיר׳טי) |
| פופצעהן | Fifteen (פיפ׳טי־ן) | פערציג | Forty (פאָר׳טי) |
| זעכצעהן | Sixteen (סיקס׳טי־ן) | פופציג | Fifty (פיפ׳טי) |
| זיבעצן | Seventeen (סעוונ׳טי־ן) | זעכציג | Sixty (סיקס׳טי) |
| אכצעהן | Eighteen (אֵיי׳טי־ן) | זיבעציג | Seventy (סעוונ׳טי) |
| ניינצעהן | Nineteen (נאינ׳טי־ן) | אכציג | Eighty (אֵיי׳טי) |

ניינציג (נאינ׳טי) Ninety

## 31. צום איבערזעצען.

קומען דיא פראנצויזען מיט זייערע פּערד?—ניין, אבער דיא ענגלענדער קומען מיט זייערע פּערד און הינד.—זעהט איהר דיא זעקס מענער אין יענעם גארטען?—ניין, איך זעה נאר פינף מענער.—האט איהר א גוטעם מעסער?—איך האב נאר גוטע מעסערם און גאר קיינע שלעכטע.—האט איהר גאלדענע מעסערם?—איך האב ניט קיינע גאלדענע און קיינע זילבערנע, איך האב נאר שטאהלענע מעסערם.—וויא פיעלע בלעטער זיינען אין אייער פראנצויזישען בוך?—איך וויים ניט; וויא פיעלע זיינען אין אייערן?—אין מיינעם זיינען מעהר בלעטער אלס אין מיין ברודער׳ס (אלס אין יענעם פון מיין ברודער— (than in that of my brother).—זעהט איהר יענע מענער מיט זייערע פרויען?—איך זעה פיעלע מענער און פרויען, אבער איך וויים ניט, אויב דיזע פרויען זיינען דיא ווייבער (פרויען) פון דיא מענער.—האט דיא פרוי א קינד?—זיא האט מעהר קינדער אלס איינס.—וויא פיעלע קינדער האט זיא?—זיא האט דרייא קינדער.—זעהט איהר דיזע קליינע מייז?—איך זעה זיא.—האט איהר פיעלע מייז אין אייער הויז?—מיר האבען זעהר פיעלע מייז אין א גזער הויז.—האט דער אָרימער מאן א שאף?—דער מאן איז ניט ארים, ער האט צעהן שאף און איין (a) אָקס.—האט ער אזוי פיעלע אָקסען וויא אייער בעדיענ־טענ׳ס פאטער?—ער האט ניט אזוי פיעלע, דען ער האט פופצעהן שאף און צוועלף אָקסען.—זעהט איהר דיא הירש־קוה (deer) אין יענעם גארטען?—איך זעה זיא.—וויא פיעלע הירש־קיה זעהט איהר?—איך זעה מער אלס צוואנציג.—פערקויפט דער מאן דיזע הירש־קיה?—ער פערקויפט זייא, אבער זיין ברודער פערקויפט זיינע ניט.—וואס פיר זא צאהן איז דאס (this)?—עס איז דער צאהן פון א הירש־קוה.—וויא פיעלע צאָהן האט אייער קליינעם קינד, מאדאם?—עס האט שוין פיער צאָהן (ווען מען רעדט פון א קינד אין דער וועלט ארויין זאגט מען it; ווען מען האט אבער דאביי אין זינען א יונגעל זאגט מען he, א מיידעל—she).—האט אייער קליינער זוהן שוין אזוי פיעל צאָהן וויא מיינער?—ער האט מעהר; ער האט זעקס צאָהן.—האבען דיזע ארימע לייט (people) פיעלע קינדער?—זייא האבען זעהר פיעלע (a great many) קינדער און ניט פיעל ברויט.

## 32. צום איבערזעצען.

קענט איהר דיזע לייטע?—איך קען זייא ניט; אבער מיין פאטער קען זייא.—זיינען זייא ארימע לייטע?—זייא זיינען זעהר ארימע לייטע, דען זייא האבען ניט קיין האָלץ, ניט קיין ברויט, ניט קיין פלייש.—האבען דיא שפאנישע שאף אזוינע (as) גוטע וואָל וויא (as)

**דיא איטאליענישע?**—דיא וואָל פון דיא איטאליענישע איז ניט אזוי גוט, וויא דיא (that) פון דיא שפאנישע.—פיעלע אַרטען פון דייטשע שאָף האבען אזוינע גוטע וואָל, וויא דיא שפאנישע שאָף.—האבען דיא דרייא דייטשען אזוי פיעלע פערד, וויא דיא דרייא ענגלענדער?—דיא דרייא דייטשען האבען ניט אזוי פיעלע וויא (so many as) דיא ענגלענדער, אבער זייא האבען אזוי פיעלע וויא דיא פינף פראנצויזען, וועלכע (whom) אייער פאטער קען.—האבען דיא האָללענדער אזוי פיעל זייד, וויא דיא איטאליענער?—זייא האבען ניט אזוי פיעל זייד.—זיינען דיא שפאניער אזוי רייך וויא דיא איטאליענער און דיא האָללענדער?—זייא זיינען אזוי רייך וויא דיא איטאליענער, אבער זייא האבען ניט אזוי פיעל געלד וויא דיא האָללענדער.—ליבט מיך אייער מומע אזוי אָפט וויא אייער פעטער?—מיין מומע ליבט אייך ניט אזוי אפט וויא מיין פעטער.—ערווארטעט אייער מוטער היינט אבענד אזוי פיעלע העררען וויא דאמען און אזוי פיעלע יונגלאך וויא מיידלאך?—זיא ערווארטעט אזוי פיעלע העררען וויא דאמען, אבער זיא ערווארטעט ניט אזוי פיעלע יונגלאך וויא מיידלאך.—אין וועלכע הייזער זיינען מעהר פליעגען, אין דיא [those] פון דיא פראנצויזען אדער אין דיא פון דיא ענגלענדער?—אין דיא הייזער פון דיא ענגלענדער זיינען אזוי פיעלע וויא אין דיא פון דיא פראנצויזען.—אין וועלכע גארטענס זיינען מעהר בוימען, אין מיינע אדער אין אייערע?—אין מיינע גארטענס זיינען אזוי פיעל וויא אין אייערע.—וועמעס בענדער זיינען אזוי שעהן וויא מיין קוזינע'ס (אָד. וויא דיא [those] פון מיין קוזינע)?—מיין שוועסטער'ס בענדער זיינען אזוי שעהן וויא אייער קוזינע'ס (אָד. וויא דיא פון אייער קוזינע).—וועמעס הויז איז אזוי גרויס וויא מיין פעטער'ס (=וויא יענעס (that) פון מיין פעטער)?—מיין פעטער'ס הויז איז אזוי גרויס וויא דאס הויז פון אייערן (as that of yours).—ווארום האט אייער יונגעל ניט אזוי פיעלע ביכער, וויא מיינער?—ווייל איך גיב איהם ניט אזוי פיעלע.—ווארום גיט אייער ברודער זיינע יונגלאך מעהר בליי-פעדערס, אלס איהר גיט אייערע?—ווייל ער האט מעהר בליי-פעדערס, אלס איך האב, און ניט אזוי פיעלע יונגלאך.—איז דער וויין, וועלכען דער פראנצויז פערקויפט, אזוי גוט וויא דער (that), וועלכען דער שפאניער פערקויפט?—ער איז ניט אזוי גוט.

## 33. צום איבערזעצען.

ערווארטעט אייער מומע פיעלע לייט (people) היינט?—זיא ערווארטעט ניט פיעלע לייט, אבער מיין מוטער ערווארטעט פיעלע.—וויא פיעלע פערזאָן (persons) ערווארטעט אייער מוטער?—זיא ערווארטעט דרייצעהן אדער פערצעהן.—איז אייער פריינד'ס מומע א גוטע פרוי?—זיא איז זעהר א גוטע פרוי (a פאר very) און איהר מאן איז זעהר א גוטער מאן; זייא זיינען זעהר גוטע לייט.—גיבען דיזע גוטע לייטע (פערזאָנען) פיעל צו ארימע לייט?—זייא גיבען זעהר פיעל (צו) ארימע לייט.—זיינען אייערע לייטע היער?—ניין, מיינע לייטע זיינען נאך ניט היער.—גיט איהר עפעס (צו) דיזע לייטע?—איך גיב זייא עפעס.—גיט איהר דיזע לייטע פיעל געלד?—איך גיב זייא אזוי פיעל וויא (as much as) איך האב.—וואס גיבען יענע לייטע (צו) דיא קינדער אין זייער גאָרטען?—זייא גיבען יעדען פון דיא יונגלאך אכט וועפלאך (שפיעל-ביינדלאך) און יעדען פון דיא מיידלאך גיבען זייא פיער.—אין וועלכע ביכער זיינען מעהר בלעטער, אין אייערע אדער אין אייער

שוועסטערקינד'ס?—אין מיינע ביכער זיינען מעהר, דען איינס האט דרייסיג און דאס אנדערע אכציג; און אין דיא דרייא ביכער פון מיין שוועסטערקינד זיינען נאר פערצעהן אין איינעם און פערציג אין יעדען פון דיא אנדערע.

## 34. צום איבערזעצען.

גיט דער ענגלענדער דיא דרייא ארימע יונגלאך עפּעס?—ער גיט יעדען א פעניג. —גיט דיא ענגלענדערין (Englishwoman) דיא קליינע קינדער געלד?—זיא גיט יעדען פון זייא פינף פעניג (pennies).—וויא פיעלע פעניג (pence) ענגלישעם געלד זיינען אין א גולדען?—צוואנציג פעניג זיינען א גולדען, פערציג פעניג זיינען צווייא, זעכציג פעניג זיינען דרייא גולדען, און פיער גולדען זיינען אכציג פעניג.—וויא פיעל איז זיבען און זעקס?—זיבען און זעקס איז אזוי פיעל וויא נײַן און פיער: דרייצעהן.—וויא פיעל איז (are) פער=צעהן מעהר אלס פינף?—אזוי פיעל וויא דרייצעהן איז מעהר אלס פיער.—וואס (וועל=כעס) איז מעהר, מיין קליינער יונגע, אכצעהן אדער זעכצעהן?—אכצעהן איז (are) מיט צווייא מעהר אלס זעכצעהן.—ווייסט דוא (you) אויך, מיט וויא פיעל צוואנציג איז מעהר אלס זיבצעהן?—יע געווים ווייס איך; צוואנציג איז מיט דרייא מעהר אלס זיבצעהן.—איז ניט פערציג און צוואנציג אזוי פיעל וויא דרייסיג, אכצעהן און צוועלף?—יע, איינס איז אזוי פיעל וויא דאס אנדערע.—וואס (וועלכעס) האט מעהר פיס, א פערד אדער א גאנז?—א פערד האט מעהר פיס אלס א גאנז; דען פערד האבען פיער פיס און גענז נאר צווייא.—א הירש און א שאף האבען יעדעס פיער פיס; וויא פיעלע פיס האבען זיבען הירשען אין אכט שאף?—אזוי פיעל וויא דרייצעהן שאף און צווייא הירשען: זעכציג.—היער זיינען דרייא פרויען, פון וועלכע (of whom) איינע האט איין קינד, און דיא צווייא אנדערע האבען יעדערע פיער קינדער; וויא פיעלע קינדער האבען דיא דרייא פרויען?—דיא דרייא פרויען האבען ניין קינדער.—גיט איהר אייער קעכין א טיכעל (handkerchief), מאדאם?—איך גיב יעדערער פון מיינע קעכינס צווייא טיכלאך.—גיט איהר אייער טאכטער א מופע?—איך גיב מיין טאכטער און מיין פלעמעניצע יעדערער א מופע.—ווייסט איהר ווער פערקויפט גוטע מופעס?—מיין זוהנ'ס פריינד פערקויפט זעהר גוטע.

---

## Eighteenth Lesson.—אכצעהנטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Whose sons are these two young gentlemen? | וועמעס זיהן זיינען דיזע צווייא יונגע הער=רען? |
| They are my father's friends' sons (אד. they are the sons of my father's friends). | דאס זיינען מיין פאטער'ס פריינד'ס זיהן. |

ווען דאס בעציהט זיך אויף א מעהרצאהל קומט אין ענגליש דאס ווארט they, these אדער those.

אנגעהעריגקייט צו א זאך אדער פערזאן ווערט געוועהנליך בעצייכענט מיט דעם ווערטעל of: the room of the house, דאס צימער פון הויז; the arm of the man, דער ארם פון מאן (אד. דעם מאנ'ס ארם). דיא אנגעהעריגקייט ווערט אויך בעצייכענט דורך דיא צו=

**זעצונג פון s מיט א שטריכעלע (s') אין איינצאָהל און דורך דיא צוזעצונג פון א שטריכעלע (')**
אין מעהרצאָהל: the boy's arm, דעם יונגעלס אָרם; the boys' arms, דיא יונגלאָכ'ס אָרמס,

| | |
|---|---|
| Their servants' sons (אָד. the sons of their servants) call them. | דיא זיהן פון זייערע בעדיענטע רופען זייא. |
| They have the young gentleman's books (אָד. the books of the young gentleman). | זייא האָבען דעם יונגען העררענ'ס ביכער. |

בייא זאַכווערטער, וועלכע האָבען אַן אונרעגעלמעסיגע מעהרצאָהל, זויא man (מ. men), ווערט דיא אנגעהעריגקייט אין דער מעהרצאהל בעצייכענט וויא אין דער איינצאהל, ד. ה. דורך s' און ניט מיט (') אליין: the men's houses, דאָס הויז פון דיא מענשען. בייא נעמען פון פעלקער ווערט דיא אנגעהעריגקייט אין מעהרצאָהל אימער בעצייכענט מיט of.

| | |
|---|---|
| Do you expect the children of the Frenchmen to-day? | ערוואַרטעט איהר היינט דיא קינדער פון דיא פראַנצויזען? |
| I expect the sons of the Frenchmen and of the Englishmen this evening. | איך ערוואַרט דיא זיהן פון דיא פראַנצויזען און פון דיא ענגלענדער היינט אבענד. |
| These are his sons' and his daughters' children (אָד. the children of his sons and daughters). | דאָס זיינען זיינע זיהנ'ס און טעכטער'ס קינדער. |

**ווען עס קומען עטליכע זאַכווערטער, וואָס בעצייכענען בעזיצער, איינע נאָך דיא אַנדערע ווערט דאָס אנגעהעריקייטס צייכען (s' אָד. ') צוגעזעצט צו יעדען פון זייא.**

## 35. צום איבערזעצען.

וואָס פיר ביכער זיינען דיזע?—זייא זיינען פראַנצויזישע ביכער.—וואָס פיר מעסערס זיינען דיזע?— זייא זיינען שטאָהלענע מיט הילצערנע שטיעלען (הענטלאַך).—וואָס פיר גאָפּלען זיינען דיזע?—זייא זיינען זילבערנע.—וואָס פיר א מאַן איז דאָס (that) אין אייער צימער?—דאָס (he) איז מיין ברודער'ס בעדיענטער.—איז ניט דיזען מאַנ'ס פרוי א זעהר שעהנעס פרויענצימער?—זיא איז א זעהר שעהנעס פרויענצימער.—ווער איז דיזער קליינער מאַן?—ער איז מיין ברודער.—ווער איז דיזעס גרויסע מיידעל?—זיא איז מיין שוועסטער.—רופט אימעצער זיא ניט?—יע. מיינע יונגלאָכ'ס שוועסטערקינדער רופען זיא.—האָט איהר דיא קינדער'ס שטיפעל?—וועלכע קינדער'ס (פון וועלכע קינדער?)—פון דיא קינדער פון דיא פראַנצויזען און ענגלענדער.—זיינען דאָס דיא פערד פון דיא איטאַליענער אדער דיא פערד (those—אָנשטאָט ווידערהאָלונג) פון דיא שפּאַניער?—זייא זיינען ניט (neither) דיא פערד פון דיא שפּאַניער ניט (nor) דיא פערד (those) פון דיא איטאַליענער, נאָר זייא זיינען דיא פערד פון דיא דייטשען.—וואו זיינען מיינע שוועסטער'ס און ברידער'ס ביכער?—אייערע שוועסטער'ס און ברידער'ס ביכער זיינען ענטוועדער אין זייער צימער אדער אין אייערן; איך ווייס ניט אין וועלכען צימער זייא זיינען.—זיינען דאָס (those) אייערע מומע'ס און פעטערס הייזער?—זייא זיינען ניט מיינע מומעס ניט מיינע פעטערס הייזער.—וועמעס הייזער זיינען זייא?—זייא זיינען מיין פריינד'ס פלעמעניקעס

און פלעמעניצעם הייזער.—זיינען דאס (those) מיינע זיהנ'ס און טעכטער'ס פערדען, וועלכע איהר האט?—זייא זיינען ניט אייערע זיהנ'ס ניט אייערע טעכטער'ס פערדען; זייא זיינען מיינע (mine—ווען עס ווערט הערויסגעלאָזען דיא זאך).

---

## Nineteenth Lesson.—ניינצעהנטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Is your father at home? | איז אייער פאָטער צו הויז? |
| He is not at home, Sir. | ער איז ניט צו הויז, מיין הערר. |
| When does he come home? | ווען קומט ער אהיים? |

**At home** (אָט האָום), צו הויז, אין דער היים.

**Home** (האָום), אהיים, נאָך הויז.

| | |
|---|---|
| He always comes home at four o'clock. | ער קומט אימער אהיים אום פיער א זייגער. |
| Does not he sometimes come home at half past three? | קומט ער ניט מאנכמאל א היים אום האלב פיער (=האלב נאָך דריי)? |
| He never comes home so early. | ער קומט קיינמאָל אהיים אזוי פריה. |
| How late is it now? | וויא שפעט איז עס יעצט? |
| It is a quarter past (.אָד after) four. | עס איז א פערטעל אויף פינף (=נאָך פיער). |

**Always** (אָ־ל'ווייז), אימער; **sometimes** (סאָמ'טאימז), מאנכמאל; **early** (איר'לי), פריה; **late** (לייט), שפעט.

| | |
|---|---|
| He is usually at home at ten. | ער איז געוועהנליך אום צעהן צו הויז. |

**Usually** (יו'זשואַללי), **generally** (דזשע'נעראָללי), געוועהנליך.

Early און late שטעהען נאָך דעם האנדלונגסוואָרט, usually און generally—פאַר דעם האנדלונגס וואָרט.

| | |
|---|---|
| When does your servant usually call you in the morning? | ווען רופט אייך אייער בעדיענטער געוועהנליך אין דער פריה? |
| He generally (.אָד usually) calls me at half past six. | ער רופט מיך געוועהנליך אום האלב זיבען. |

אנשטאָט וועקען זאָגט מען אין ענגליש מייסטענס רופען, call.

| | |
|---|---|
| At four o'clock. | אום פיער א זייגער. |

'O איז אַן אבקירצונג פון of the: of the clock=o'clock.

**At** (אָט), אום.

**Half** (האַף) | האלב ; **A quarter** (קוואָרטער) | א פערטעל

**After** (אַפ'טער), נאָך, נאָכדעם; **past** (פּאַסט), פאַריבער, פאַרביי; **before** (ביפאָור'), פאַר, בעפאָר, איידער.

The hour (אָור); an hour (אָן אור). — דיא שטונדע; א שטונדע.

The second (סעקאָנד) — דיא סעקונדע | The minute (מי'ניט) — דיא מינוט

| | |
|---|---|
| What o'clock is it? | וויא פיעל א זייגער איז עס? |
| A quarter past (.אָד after) four. | א פערטעל אויף פינף. |
| Half past four. | האלב פינף. |
| A quarter to five (.אָד before five). | דרייא פערטעל אויף פינף. |
| It wants to . . . | עס פעהלט צו . . . |
| It wants a quarter to five. | עס פעהלט א פערטעל צו פינף (=דרייא פערטעל אויף פינף). |
| Twenty minutes before five. | צוואנציג מינוטען צו (אָד. פאָר) פינף. |
| Twenty minutes past (.אָד after) five. | צוואנציג מינוטען נאָך פינף. |

אין ענגליש רעכענט מען דיא ערשטע האַלבע שטונדע צייט נאָך דער פערגאַנגענער און ניט אויף דיא צוקונפטיגע שטונדע, און דעריבער ווערט צ. ב. געזאָגט quarter past twelve u.,
„אַ פערטעל נאָך צוועלף" און ניט „אַ פערטעל אויף איינס", half past twelve, „האַלב נאָך צוועלף" און ניט „האַלב איינס" או. אַז. וו. דיא אַנדערע האַלבע שטונדע צייט ווערט גערעכענט אויף דיא ווי־ טערדיגע, וויא אין יודיש; צ. ב. a quarter to one, אַ פערטעל צו איינס, ten minutes to one, צעהן מינוטען צו איינס, twenty minutes to one, צוואַנציג מינוטען צו איינס או. אַז. וו.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Twenty-one | איין און צוואנציג | Thirty-one | איין און דרייסיג או. אז. וו. |
| Twenty-two | צווייא און צוואנציג | Forty-one | איין און פערציג או. אז. וו. |
| Twenty-three | דרייא און צוואנציג | Fifty-one | איין און פופציג או. אז. וו. |
| Twenty-four | פיער און צוואנציג | Sixty-one | איין און זעכציג או. אז. וו. |
| Twenty-five | פינף און צוואנציג | Seventy-one | איין און זיבעציג או. אז. וו. |
| Twenty-six | זעקס און צוואנציג | Eighty-one | איין און אכציג או. אז. וו. |
| Twenty-seven | זיבען און צוואנציג | Ninety-one | איין און נייינציג או. אז. וו. |
| Twenty-eight | אכט און צוואנציג | | |
| Twenty-nine | ניין און צוואנציג | | |

ביז פופציג קען מען דיא איינער זעצען פאַר דיא צעהנער; מען קען זאָגען one and twenty אַנשטאָט twenty-one או. אַז. וו. אָבער דיזע אַרט צעהלען ווערט זעהר זעלטען גע־ ברויכט.

| | |
|---|---|
| The afternoon (אָפ'טערנרן). | דער נאָכמיטאָג. |
| The forenoon (פאָור'נרן). | דער פאָרמיטאָג. |
| In the afternoon. | אום נאכמיטאג־צייט. |
| In the forenoon. | אום פארמיטאג־צייט. |

## 36. צום איבערזעצען.

איז אייער ברודער צו הויז?—ער איז ניט צו הויז.—איז אייער ברודער'ס פרוי צו הויז?—זיא איז צו הויז.—זיינען אייערע קוזינען צו הויז?—זייא זיינען ניט צו הויז.—ווייסט

איהר, אויב מיינע ברידער זיינען צו הויז?—איך ווייס ניט, אויב זייא זיינען צו הויז.—ווייס דער בעדיענטער פון דיא פראַנצויזען, אויב דיא ענגלענדער זיינען צו הויז?—ער ווייס ניט, אויב זייא זיינען צו הויז.—איז אימעצער אין דיזען הויז צו הויז?—דער בעדיענ-טער איז צו הויז.—איז זאָנסט קיינער (nobody else) צו הויז?—זיין פרוי איז אויך צו הויז.—וועמעס זיהן זיינען צו הויז?—דיא זיהן פון אייערע פריינד זיינען צו הויז.—ווען קומט אייער פאַטער נאָך הויז (אַהיים)?—ער קומט אַהיים אום זיבען יעדען אַבענד.—ווען קומט אייער ברודער אַהיים?—ער קומט זעלטען פאַר אַכט נאָך הויז.—געהט איהר יעצט נאָך הויז?—ניין, איך געה נאָך ניט נאָך הויז (נאָך ניט ווערט איבערגעזעצט not yet; not קומט פאַרן האַנדלונגס וואָרט, yet אַם שלוס פון זאַץ).—ווען געהט איהר אַהיים?—איך ווייס נאָך ניט, ווען איך געה אַהיים.—וויא פיעל איז דער זייגער?—איך ווייס ניט וויא פיעל דער זייגער איז.—איז עס שוין צוועלף?—עס איז שוין נאָך צוועלף.—וויא פיעל איז עס נאָך צוועלף?—עס איז נאָך ניט פיעל נאָך צוועלף; עס איז ערשט (נאָר) עלף מינוטען נאָך צוועלף.—איז עס נאָך ניט א פערטעל אויף איינס (=א פערטעל נאָך צוועלף)?—יע, עס איז פאַסט (כמעט) א פערטעל.—וויא פיעלע מינוטען איז עס נאָך א פערטעל אויף איינס (=נאָך צוועלף)?—עס איז דרייצעהן מינוטען נאָך א פערטעל אויף איינס; עס פעהלען (it wants) נאָר צווייא מינוטען צו האַלב איינס (=האַלב נאָך צוועלף).

## 37. צום איבערזעצען.

איז עס נאָך ניט מעהר אַלס האַלב צווייא?—ניין, עס איז נאָך ניט האַלב צווייא. ווען קומען אייערע בעדיענטע נאָך הויז?—אונזערע בעדיענטע קומען אום דרייא פערטעל אויף ניין (=א פערטעל צו ניין) נאָך הויז.—קומען אייערע זיהן אַהיים פריהער פאַר (before) אייערע טעכטער?—ניין, מיינע טעכטער קומען אַהיים פריהער פאַר מיינע זיהן (אין ענגליש כוז מען ווידערהאָלען come home).—ארבייטען אייערע קינדער אימער אין אַבענד?—זייא ארבייטען ניט אימער אין אַבענד.—ארבייטעט אייער פאָטער אימער אין דער פריה?—ער ארבייטעט אימער אין דער פריה, אַבער ער ארבייטעט נאָר צייטענווייז (sometimes) נאָכמיטאָג-צייט (in the afternoon) און אין אַבענד.—ווען לויבט מיך מיין פאַטער?—ער לויבט אייך ווען איהר זייט גוט און ווען איהר וועקט (רופט, call) איהם אין דער פריה.—וועקט (call) איהר דעם איטאַליענער פריה?—יע, איך רוף איהם זעהר פריה.—וועקט אייער ברודער מיינעם פריה אָדער שפּעט?—ער וועקט איהם זעהר שפּעט; דען ער וועקט איהם ניעמאַלס פאַר האַלב זיבען.—דאָס איז ניט זעהר שפּעט; עס איז ניט אַזוי שפּעט, וויא דער בעדיענטער רופט מיך.—ווען רופט ער אייך?—ער רופט מיך יעדען פריה-מאָרגען אום א פערטעל אויף ניין (=א פערטעל נאָך אַכט).—דאָס איז ווירקליך ניט נאָר ניט פריה, נאָר עס איז זעהר שפּעט.—קומט אייער פריינד איידער (before) זיין קליינער ברודער קומט?—יע, ער קומט פריהער פאַר (before) איהם.—ווען קומט זיין פאַטער געוועהנליך?—ער קומט געוועהנליך אום צוועלף א זייגער; ער קומט אַזוי פריה וויא זיין פאָטער.

## 38. צום איבערזעצען.

איז עס נאָך ניט אַכט?—ניין, עס איז ערשט (נאָר) דרייא פערטעל אויף אַכט (=א פערטעל צו אַכט).—וויא פיעל פעהלט צו אַכט?—עס פעהלט עפּעס מעהר אַלס

א פערטעל; עס פעהלען (it wants) נאך זיבצעהן מינוטען.—איז עס שוין האלב צעהן? —ניין, עס פעהלען נאך זעקס מינוטען צו האלב צעהן (=האלב נאך ניין).—זיינען דאס (these) מיינע פעדערן?—יע, זייא זיינען אייערע.—ווער האט דעם שליסעל צו דעם פראנצויז און ענגלענדער'ס צימער?—זייערע בעדיענטע האבען אימער זייערע שליסלען; זייא גיבען זייא אימער צו זייערע בעדיענטע.—וויא פיעלע מינוטען האט א שטונדע?—א שטונדע האט זעכציג מינוטען און א מינוט האט זעכציג סעקונדען.—וויא פיעלע שטונדען האט א טאג (מעת-לעת)?—א טאג האט פיער און צוואנציג שטונדען.—צווייא מעת-לעת (טעג) האבען אכט און פערציג שטונדען, דרייא האבען צווייא און זיבעציג און פיער האבען זעקס און ניינציג.—וויא פיעל איז פופצעהן, פערצעהן, דרייצעהן און דרייא און צוואנציג?—אזוי פיעל וויא צווייא און דרייסיג, דרייצעהן און צוואנציג: פינף און זעכציג.—וויא פיעל איז פופצעהן, דרייסיג און פופציג?—אזוי פיעל וויא דרייצעהן, פערצעהן, דרייסיג און אכט און דרייסיג: פינף און ניינציג.—וויא פיעל איז איינס, דרייא, פינף, זיבען, ניין און עלף?—איינס (one) מעהר אלס צעהן, זעכצעהן, אכט און איינס: זעקס און דרייסיג.—וואס איז מעהר, זיבען און צוואנציג און צווייא און פערציג, אדער דרייצעהן, דרייא און צוואנציג און דרייא און דרייסיג?—איינס איז אזוי פיעל וויא דאס אנדערע: ניין און זעכציג.—וויא פיעל איז איין און צוואנציג און דרייא און צוואנציג?—אזוי פיעל וויא זעכצעהן, זיבצעהן און עלף?—פיער און פערציג.—וויא פיעל איז זיבעציג און זיבצעהן?—זיבצעהן און זיבעציג איז (are) זיבען און אכציג.—וויא פיעל איז אכצעהן און אכציג?—אכצעהן און אכציג איז (are) אכט און ניינציג.—וויא פיעל איז ניינצעהן און ניינציג?—דאס וויס איך ווירקליך ניט.—איז עס ניט זיבען און צוואנציג מעהר אלס (than) צווייא און אכציג?—יע, איהר האט רעכט.—האב איך ווען (ever) אונרעכט?—ניין, איהר האט אימער רעכט.—וויא פיעל איז (are) זיבעציג און זיבצעהן מעהר אלס אכציג און אכצהען?—זיבעציג און זיבצעהן איז (are) ניט אזוי פיעל וויא אכציג און אכצעהן, ווארום (for) אכציג און אכצעהן זיינען אכט און ניינציג, און זיבצעהן און זיבעציג זיינען נאר זיבען און אכציג; אכציג און אכצעהן זיינען עלף מעהר אלס זיבעציג און זיבצעהן.

---

# Twentieth Lesson.—צוואנציגסטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| איך ברויך, איך וויל, איך דארף. איך ברויך ניט, איך וויל ניט, איך דארף ניט. | I want. I do not want. |
| ווער וויל מיין פעדער? | Who wants my pen? |
| ברויכט זיא דיא פעדער, וועלכע איך האָב? | Does she want the pen that I have? |

## That (דהאָט), וואס, וועלכער, וועלכע, וועלכעס; וועלכע (מ.).

עס זיינען דאָ דרייא ווערטער פיר ו ו ע ל כ ע ר: who, which און that. Who בעציהט זיך אויף פערזאָנען, which—אויף טהיערע און ניט-לעבעדיגע זאַכען, that—אויף ביידערליי. That אונטערשיידעט זיך פון who און which מיט דעם, וואָס עס קען ניט געברויכט ווערען מיט א פּאַרוואָרטעל, וויא to, of, או. אז. וו. That ווערט זעהר אָפט געברויכט, איבערהויפּט ווען דער אויסדרוק ו ו ע ל כ ע ר בעציהט זיך צוגלייך אויף פערזאָנען און טהיערע אדער ניט-לעבעדיגע

זאָגען, וואו עס לאזט זיך ניט געברויכען who אָדער which; צ. ב. the boy and dogs that I see, דיא יונגלאך און הינד, וועלכע איך זעה; עבענפאַלס ווערט that אימער געברויכט נאָך דיא ווער־טער nothing, גאַרנישט, all (אָ־ל), אַלע, אַלעס, the same (סיים), דער זעלבער, וויא אויך נאָך אַ וואָרט וואָס בעצייכענט דיא העכסטע שטופע פון אַן אייגענשאַפט; צ. ב. all that I see, אלעס וואָס (אָד. וועלכעס) איך זעה; the same that I have, דאָס זעלבע וואָס איך האָב; the best that I have, דאָס בעסטע וואָס איך האָב; nothing that I know, גאַרנישט וואָס (וועלכעס) איך ווייס.

| | |
|---|---|
| She does not exactly (אָד. just) wan⁺ that which you have. | זיא ברויכט ניט גראַדע דיא, וועלכע איהר האָט. |

**Not just (נאָט דושאַסט) אָד. not exactly (עגזאַקט׳לי), ניט גראַדע.**

**As (אַז), just as, exactly as, גראַדע אזוי, עבען אזוי וויא.**

**That which, דער יעניגער וועלכער, דעם יעניגען וועלכען; דיא יעניגע וועלכע; דאַס יעניגע וועלכעס.**

**Those which, דיא יעניגע וועלכע (מ.).**

| | |
|---|---|
| Which of the servants is at home? | וועלכער פון דיא בעדיענטע איז צו הויז? |
| He who (אָד. that) has the keys. | דער יעניגער, וועלכער האט דיא שליסלען. |
| He who אָד. that. | דער יעניגער, וועלכער. |
| She who אָד. that. | דיא יעניגע, וועלכע. |
| He whom. | דער יעניגער, וועלכען. |
| He to whom. | דער יעניגער, צו וועלכען. |
| She whom. | דיא יעניגע, וועלכע. |
| She to whom. | דיא יעניגע, צו וועלכער. |
| Those who אָד. that. / They who אָד. that. | דיא יעניגע, וועלכע. |

**That which, דאָס יעניגע וועלכעס, דאָס וואָס.**

אין דעם אויסדרוק דאָס וואָס, ווערט וואָס אימער איבערזעצט מיט which; צ. ב. that which I have, דאָס, וואָס איך האָב.

| | |
|---|---|
| Which of your cousins comes home at eleven a'clock? | וועלכע פון אייערע קוזינעס קומט אום עלף אַ זייגער אַ היים? |
| She who has your silk umbrella. | דיא יעניגע, וועלכע האט אייער רעגענ־שירם. |
| Do you expect the same shoemaker that I expect? | ערוואַרטעט איהר דעם זעלביגען שוסטער, וועלכען איך ערוואַרט? |
| I expect him whom you expect. | איך ערוואַרט דעם יעניגען, וועלכען איהר ערוואַרטעט. |
| Have you the same book that I have? | האט איהר דאָס זעלביגע בוך, וואָס (וועל־כעס) איך האָב? |

| | |
|---|---|
| I have not the same that you have, but another. | איך האב ניט דאס זעלבינע, וועלכעס איהר האט, נאר אן אנדערעס. |

**The same (סיים), דער זעלביגער, דעם זעלביגען; דיא זעלביגע, דאס זעלביגע; דיא זעלביגע (מ.).**

| | |
|---|---|
| To whom do you give any money? | וועמען גיט איהר געלד? |
| To him who (.אֶד that) wants it. | דעם יעניגען, וועלכער ברויכט עס. |
| To which of the girls do you give a book? | וועלכען פון דיא מיידלאך גיט איהר א בוך? |
| To her who is good. | דער יעניגער, וועלכע איז גוט. |
| Whom do you praise. | וועמען לויבט איהר? |
| Him who praises me. | דעם יעניגען, וועלכער לויבט מיך. |
| The shoe (שר). | דער שוך. |
| The horse-shoe (האָרס־שר). | דיא פֿאַדקעווע. |
| The copy-book (קאָ׳פּי־ברק). | דאס שרייב־בוך. |
| The blotting-paper (בלאָט׳טינג־פּייפּער). | לעש־פּאַפּיער. |
| The ruler (רו׳לער). | דיא ליניע. |
| The watch-chain (וואָטש־טשיין). | דאס אוהר־קייטעל. |
| The watch-key (וואָטש־קי). | דער אוהר־שליסעל. |
| The seal (סי־ל). | דער זיגעל. |
| The letter (לעט׳טער). The character (קאֶ׳ראֶקטער). | דער בוכשטאב. |
| The handwriting (האֶנד׳ראיטינג). | דיא האנדשריפט. |
| The pen-knife (פּען־נאיף). | דאס פּען־מעסערל. |

Thick (טהיק), דיק. Thin (טהין), דין. Nice (נאים), שעהן.

**Yet (יעט), still (סטיל), נאָך, נאך מעהר.**

**No more, not any more, ניט מעהר.**

| | |
|---|---|
| Do you still want my pen-knife? | ברויכט איהר נאך מיין פּען־מעסערל? |
| I do not want it any more. | איך ברויך עס ניט מעהר. |
| The window (ווינ׳דאָו), the windows. | דאס פענסטער, דיא פענסטער. |

### 39. צום איבערזעצען.

ברויכט אייער ברודער מיין אוהר־שליסעל?—ער ברויכט איהם יעצט ניט.—ברויכען אייערע שוועסטער מיינע ביכער?—זייא ברויכען זייא נאך.—ווען ברויכט איהר אייערע נייע שיך?—איך ברויך זייא דיזען מארגען.—האט איהר ניט נויטיג א נ יעם הוט?—ניין, איך ברויך קיין נייעם הוט.—ווער ברויכט ברויד (any bread)?—איך ברויך וועלכעס.—וואו זיינען דיינע (your) שרייב־ביכער מיין זוהן?—איך האב קיינע שרייב־ביכער; איך ברויך וועלכע (some).—ווער האט נויטיג לעש־פּאפּיער?—איך האב נויטיג וועלכעס

און מיין ברודער האט אויך נויטיג וועלכעס.—ווילסטו האבען (ברויכסט דוא) וואסער?—איך וויל האבען וועלכעס.—האט מיין פערד נויטיג נייע פאדקעוועס?—עס (it) האט וועלכע נויטיג.—ברויכט אייער מוטער מיין זייד נאך?—זיא ברויכט זיא נאך.—ווער וויל האבען (ברויכט) א גוטעס פעדער⸗מעסערל?—מיין ברודער ברויכט איינס.—וועלכעס פון דיזע שרייב⸗ביכער ווילט איהר האבען (ברויכט איהר)?—איך וויל האבען דיזעס.—ברויכט אייער זוהן פיעל געלד?—ער ברויכט זעהר פיעל.—וויא פיעל געלד ברויכט ער?—ער ברויכט פינף און אכציג גולדען.—ברויכט ער ניט מעהר (any more)?—ניין, ער ברויכט ניט מעהר.—רופט איהר מיך?—יע, איך האב דיר נויטיג.—ווער רופט מיך?—מיין פאטער רופט אייך, ער ברויכט אייך.—וועלכע שיך ווילט איהר האבען (ברויכט איהר)?—איך וויל האבען דיא טוכענע (cloth ones).—איך ברויך שרייב⸗ביכער; האט איהר וועלכע?—איך האב זעהר גוטע; וויא פיעלע ברויכט איהר?—איך און מיין שוועסטער ברויכען זעקס; מיר ברויכען יעדע דרייא (each קען אויך שטעהן אם ענדע זאץ).

## 40. צום איבערזעצען.

וועלכעס פערד פערקויפט איהר?—איך פערקויף יענעס, וועלכעס איך האב ניט זעהר נויטיג, דאס קליינע.—וועלכעס צימער ווילט איהר האבען?—איך וויל יענעס, וועלכעס האט נאר איין טהיר.—אין וועלכען צימער ארבייטעט איהר?—איך ארבייט אין דעם, וועלכעס האט גרויסע פענסטער.—וועלכע שליסלען ווילט איהר?—איך וויל יענע, וועלכע דער בעדיענטער האט.—וואס ערווארטעט איהר?—איך ערווארט וואס איהר ערווארטעט.—און וואס איז דאס?—עס איז געלד, וואס (that) איך ערווארט.—ווער גיט אייך געלד?—דער יעניגער, וועלכער (he who) האט וועלכעס.—וואס גיט אייך דער יעניגער, וועלכער האט קיינס? (give מוז קומען צווישען he און who).—דער יעניגער, וועלכער האט קיין געלד, גיט מיר קיינס.—ווער רופט מיך?—דער בעדיענטער רופט אייך.—וועלכער בעדיענטער?—דער, וועלכער האט דיא נייע בערשטלאך.—וועלכע שטיפעל האט דער בעדיענטער?—דיא יעניגע, וועלכע איהר גיט דעם ארימען מאן.—וועלכע פון מיינע שוועסטערס איז צו הויז?—דיא יעניגע, וועלכע ארבייטעט אימער אין איהר צימער.—וועלכע פון דיא פראנצויזישע יונגע דאמען האט מיין זייד?—דיא יעניגע, וועלכע גיט אייך איהר וואל.—וועלכען (to which) פון מיינע זיהן גיט איהר א בוך?—דעם יעניגען, וועלכער איז גוט.—וועלכען פון דיא בעדיענטע רופט מיין ברודער?—ער רופט דעם (him), וועלכען ער ברויכט.—וועלכען פערלאנגט ער?—ער פערלאנגט דעם יעניגען, וועלכען איהר קענט נאך ניט.

## 41. צום איבערזעצען.

וועלכען פון דיא ענגלענדער ערווארטעט איהר?—איך ערווארט דעם יעניגען, וועלכען אייער פאטער קען.—וועלכער (to which) פון יענע דאמען פערקויפט איהר זיידענע שיך?—איך פערקויף דער יעניגער (I sell some to her), וועלכע איהר זעהט דארטען.—וועלכען פון דיא קליינע מיידלאך גיט איהר דיזע שעהנע שרייב⸗ביכער?—איך גיב איינס יעדען פון יענע, וועלכע (to whom) איהר גיט גוטעס לעש⸗פאפיער.—וועלכע פון דיא פעדער⸗מעסערלאך ווילט איהר האבען?—דיא (יענע), וועלכע איהר ווילט ניט האבען.—איז

דיא האנדשריפט פון אייער טאכטער אזוי גוט, וויא דיא האנדשריפט פון מיינער? (that אנשטאַט דעם ווידערהאָלטען וואָרט האַנדשריפט).—מיין טאכטער'ס האנדשריפט איז ניט אזוי גוט וויא אייער טאכטער'ס (that of yours).—ווארום איז זיא ניט אזוי גוט? —ווייל איהרע בוכשטאבען זיינען ניט אזוי גרויס.—האט איהר דאס זעלביגע צימער, וועלכעס (that) אייער ברודער האט?—איך האב דאס זעלביגע צימער, וועלכעס ער האט?—ערווארטעט איהר דיזען נאכמיטטאג דיא זעלביגע לייטע, וועלכע איך ערווארט היינט (this) פאָרמיטטאָג?—איך ערווארט ניט דיא זעלביגע, וועלכע איהר ערווארטעט; איך ערווארט אנדערע (some others).—וואס פיר לייטע ערווארטעט איהר?—איך ערווארט דעם יונגען איטאליענער, דיא צווייא שפאניער און דעם האָללענדער מיט זיין שעהנער, קליינער פרוי.—פערקויפט איהר פאפיער?—יע, מיין קליינער יונגע; וואס פיר פאפיער ווילסטו האבען?—איך ברויך זעהר דינעס (some very thin—אָהן one נאָך דעם וואָרט thin, וויל פאַפיער איז אַ שטאָף־נאָמען און פיר אַ שטאָף־נאָמען קען one ניט שטעהן); האט איהר וועלכעס?—איך האב דינעס און דיקעס.—ווער איז דיזעס שעהנע, קליינע מיידעל?—עס (she) איז מיין שוועסטער.—ברויכט זיא קיין פאפיער?—יע, זיא ברויכט אויך וועלכעס, אבער זיא וויל דיקעס און אויך א ליניע (ליניקע, ruler).

## 42. צום איבערזעצען.

איז ניט דיזע האנדשריפט גראדע דיא זעלביגע וויא מיין פאטער'ס?—ניין, זיא איז ניט גראדע אזוי, וויא אייער פאטער'ס; אייער פאטער'ס האנדשריפט איז ניט אזוי קליין (small).—איז אייער צימער אזוי גרויס וויא מיינס?—עס איז גראדע אזוי גרויס, וויא אייערס, אבער עס איז ניט אזוי גוט וויא יענעס, וועלכעס דער קליינער שפאניער האט.—וואס גיט אייך אייער פאטער?—מיין פאטער גיט מיר, וואס אייער פעטער גיט אייך.—מיין פעטער גיט מיר אַ גאלדענעם אוהר־קייטעל, א גאלדענעם שליסעל און א גאלדענעם זייגערל (אין ענגליש ווערט דאָס אייגענשאַפטס וואָרט ניט ווידערהאלט).—האט איהר שוין אייער נייעס זייגערל און אייער נייעס אוהר־קייטעל? (אייער נייעס ווערט אין דער איבערזעצונג ניט ווידערהאלט).—איך האב מיין זייגערל, אבער דאס קייטעל האב איך נאָך ניט.—ווארום האט איהר נאך ניט דאס קייטעל?—ווייל איך וויל האבען (איך ברויך) איינס, וועלכעס (that) איז אזוי לאנג, וויא מיין ברודער'ס (that of my brother), און דער מאן האט נאך קיינס.—זעהט איהר מעהר הערען אדער מעהר דאמען?—איך זעה גראדע אזוי פיעלע פון דיזע וויא פון יענע.—ווילט איהר אזוי פיעל פון דעם דיקען פאפיער וויא פון דעם דינעם?—איך וויל גראדע אזוי פיעל פון דיזען, וויא פון יענעם.—ווילט איהר האבען גראדע אזוי פיעלע שרייב־ביכער, וויא אייער ברודער?—יע, איך וויל האבען גראדע אזוי פיעלע, וויא ער.—ברויכסט דוא אויך א ליניע, מיין קליינע? (my little one.—וואו עס ווערט אויסגעלאָזען דאס זאכוואָרט נאך אן אייגענשאַפטס וואָרט שטעלט מען אנשטאַט דער זאך אדער פערזאָן דאָס וואָרט one).—ניין, איך ברויך קיינס (I do not want one); מיין ברודער גיט מיר זיינס, ווען איך ברויך איינס.

# 21-st Lesson.—21-סטע לעקציאָן.

**Little (ליטל), וועניג; a little, א ביסעל.**

I have too little money. — איך האב צו וועניג געלד.

**Too (טו־), צו.**

Have you boots enough? — האָט איהר גענוג שטיפעל?
I have too few. — איך האב צו וועניגע.

**Few (פיו), וועניגע; a few, אייניגע.**

Too little; too much. — צו וועניג; צו פיעל.
Too few; too many. — צו וועניגע; צו פיעלע.
You have so many shirts. — איהר האט אזוי פיעלע העמדער.
So little; so much. — אזוי וועניג; אזוי פיעל.
So few; so many. — אזוי וועניגע; אזוי פיעלע.
The shirt (שאָירט). — דאס העמד (מענער־העמד).
The chemise (שימיז). — דאס פרויען־העמד.

| | | | |
|---|---|---|---|
| The stocking (סטאָקקינג) | די זאָק | The glove (גלאָוו) | די האנדשוה |
| A dozen (דאָזן) | א דוצענד | A pair (פער) | א פאָאר |

A yard (יארד). — אַן אֵייל, א יארד.
Linen (ליינען). — ליינען, לייוועגד.
A yard of linen. — אַן אֵייל לייוועגד.

**צווישען געוויכט, צאָהל אדער מאָס און דעם נאָמען פון דער זאַך קומט דאָס ווערטעל of.**

A glass of water. — א גלאָז וואסער.
A bottle of wine. — א פלאַש וויין.
Two pair of shoes. — צוויא פאָאר שיך.

ביי dozen, דוצענד, ווערט of מעהרסטענטהיילס היערבעלאַזען.

Three dozen silver knives and forks. — דרייא דוצענד זילבערנע מעסערס און גאָפּלען.
A dozen pair of gloves. — א דוצענד האנדשוה.
Two dozen pair of woollen (אָד. worsted) stockings. — צווייא דוצענד וואָלענע שטרימפף (זאָקען).

**Worsted (וואָירס׳טעד), וואָלענע.**

Who sells good linen shirts? — ווער פערקויפט גוטע ליינענע העמדער?
I want some linen shirts. — איך ברויך ליינענע העמדער.

**Though (דהאָו), although (אָ־לדהאָו׳), אָבוואָהל, כאָטש.**

**Yet (יעט), still (סטילל), דאָך.**

| | |
|---|---|
| I buy (באי); I do not buy. | איך קויף; איך קויף ניט. |
| Dear (דיר) — טהייער | Too dear — צו טהייער |
| Cheap (טשיפ) — וואָלוועל, ביליג | Too cheap — צו ביליג |
| Of whom do you buy your gloves? | בייא (פון) וועמען קויפט איהר אייערע האנדשוה? |
| I buy of—. | איך קויף בייא אדער פון—. |
| What sort of gloves does he sell? | וואָס פיר (א סאָרט) האנדשו פערקויפט ער? |
| What kind of, what sort of. | וואָס פיר, וואס פיר א זאָרט. |

פאַר אַן אייַנצאָל קומט נאָך דיזע אויסדריקע דאס ווערטעל a, אַ: what kind of a book, וואס פיר א בוך.

| | |
|---|---|
| The sort (סאָרט), the kind (קאַינד). | דיא אַרט, דיא סאָרט. |
| What sort of a horse has your brother at present (אָד. now)? | וואָס פיר א פערד האט אייער ברודער יעצט? |
| He has a young one. | ער האט א יונגעס. |
| I have six dozen shirts. | איך האב זעקס דוצענד העמדער. |
| What a many (אָד. great many) shirts! / What a number (אָד. great number) of shirts! | וואס פיר א מענגע (א סך) העמדער! |
| What a great many people! / What a crowd of people! | וואס פיר א מענגע (א סך) מענשען! |
| A number (נאָמבער) — א צאָהל, א סך | A quantity (קוואָנטיטי) — א מאָס, א סך |

A crowd (קראוד), א מענגע, א מאסע, א סך (פון מענשען).

| | |
|---|---|
| What a quantity of books! / What a number of books! / What a many books! | וואס פיר א מענגע (סך) ביכער! |
| What a quantity of wine, paper, meat etc. / What a deal of wine, paper, meat etc. | וואס פיר א סך וויין, פאפיער, פלייש או. אז. וו. |

בייא זאַכען, וואָס קענען געצעהלט ווערען, ברויכט מען פיר מענגע אָדער סך דיא ווערטער number, many, וועלכע נעהמען פאָר זיך דיא ווערטער great, very great, ווען עס קומט אויס צו בעצייכענען אַ גרויסע מענגע; בייא זאַכען, וואָס קענען ניט געצעהלט ווערען (וויא „וואַסער", „וואָל" או. אַז. וו.), קומט quantily of אָדער deal of צו בעצייכענען אַ מענגע אָדער אַ סך.

(קאָטטן), דיא באָוועל; באָוועלנע. The cotton

| | |
|---|---|
| Cotton slockings — באָוועלנע זאָקען | Cotton shirts — באָוועלנע העמדער |

## 43. צום איבערזעצען.

האט אייער זוהן גענוג געלד? (אָם ענדע זאָץ enough).—ניין, ער האט צו ווענינ.—ארבייטעט אייער טאכטער גענוג?—זיא ארבייטעט צו ווענינ.—ארבייטעט זיא ניט

יעדען מאָרגען און אבענד?—זיא ארבייטעט יעדען מאָרגען, אבער זעהר זעלטען אין אבענד.—האָט איהר צו פיעל אדער צו וועניג וויין?—איך האָב ניט צו פיעל ניט צו וועניג; איך האב גראָדע אזוי פיעל, וויא איך ברויך.—האבען דיא שפּאניער גענוג שיפען?—זייא האבען צו וועניגע.—האט דער פראנצויז אזוי פיעלע פערד, וויא ער ברויכט?—ער האט ניט אזוי פיעלע, וויא ער ברויכט, ער האט צו וועניגע.—גיט אייך אייער פאָטער גענוג ביכער?—ער גיט מיר צו וועניגע ביכער.—קענט איהר פיעלע לייטע?—איך קען צו וועניגע לייטע.—האט איהר גענוג פלייש און קארטאָפעל?—איך האב צו וועניג.—האבען אייערע טעכטער גענוג פאפּיער און פעדערן?—זייא האָבען צו וועניג פאפּיער א צו וועניגע פעדערן.—האט איהר אייניגע גולדען?—איך האָב אייניגע.—האט איהר ביכער?—איך האב אייניגע.—פערקויפט איהר גלעזער?—איך פערקויף אייניגע.—האבען ניט אייערע שוועסטערקינדער צו פיעלע ביכער?—זייא האבען ניט צו פיעלע ניט צו וועניגע ביכער; זייא האבען גראדע אזוי פיעלע, וויא זייא ברויכען.—האבען דיא לייטע גענוג וויין און גלעזער?—זייא האבען צו פיעל וויין און צו פיעלע גלעזער.—האָט דיזער מאָן ניט צו פיעלע קינדער?—יע, ער האט צו וועניג געלד און צו פיעלע קינדער.—איז דער שטיעל פון אייער מעסער ניט צו דין?—ער איז ניט צו דיק ניט צו דין; ער איז גראדע, וויא איך ברויך איהם.—איז דער מאָן רייך?—ער איז פיעל (a great deal) צו רייך, דען ער גיט קיינעם עפּעס.—קומט דיא העסליכע פרוי אָפט צו אייך?—זיא קומט פיעל צו אָפט.—קום איך ניט אָפט גענוג?—ניין, איהר קומט פיעל צו זעלטען (seldom).

## 44. צום איבערזעצען.

ברויכט אייער זוהן העמדער, מאדאם?—ניין, ער ברויכט קיינע (none אָד. not any).—וויא פיעלע העמדער האט ער?—ער האט פינף דוצענד.—וואס פיר א סך (a great many) העמדער!—האט אייער מאן איך אזוי פיעלע?—מיין מאן האט מעהר אלס מיין זוהן.—איז דאָס (this) א ליינענעס העמד אדער א באוועלנעס?—עס איז א ליינענעס.—וויא פיעלע העמדער (chemises, פרויענ-העמדער) האבען אייערע טעכטער?—יעדע פון מיינע דרייא טעכטער האט אכצעהן העמדער.—פערקויפט איהר וויין?—איך פערקויף יעצט קיינעם, וויל (for) איך האב קיינעם.—קויפט איהר פיעל וויין?—איך קויף פיעל און אָפט.—מיין ליעבער פאָטער (my dear father) איך ברויך העמדער.—וויא פיעלע העמדער ברויכסט דוא?—איך ברויך א דוצענד.—ווילסט דוא ליינענע און באוועלנע?—איך ברויך ליינענע; מיינע באוועלנע זיינען נאָך (אָם ענדע still אָד. yet) זעהר גוט.—וואו קויפט איהר אייערע זאָקען?—איך קויף מיינע זאָקען, וואו איך קויף מיינע האנדשוה.—פערקויפט דער מאן גוטע האנדשוה?—יע, איך קויף נאר גוטע; שלעכטע (bad ones) קויף איך גאר ניט.—וויא פיעלע זאָקען קויפט איהר?—איך קויף נאָר דרייא פּאָאָר; אָבער מיין ברודער קויפט א דוצענד (a dozen pair).—קויפט אייער פאָטער אן אנדערעס הויז?—ער קויפט אן אנדערעס.—קויפט דער ענגלענדער אייער פערד?—ער קויפט עס.—קויפט דער טישלער אייער ברודער'ס האָלץ?—ער קויפט עס ניט.—ווארום קויפט איהר ניט דיזע זאָקען?—מיר קויפען זייא ניט, וויל זיי זיינען צו טהייער.

## 45. צום איבערזעצען.

איז דער וויין, וועלכען איהר קויפט, אזוי טהייער וויא דער, וועלכען אייער פעטער

קויפט?—איינער איז אזוי טהייער וויא דער אַנדערער.—איז דיזע לייווענד ביליג?—זיא איז זעהר ביליג.—איז אייער טוך (געוואנד) אזוי ביליג, וויא מיין פאָטער'ס (that of my father)? —מיינס איז אזוי ביליג, וויא זיינס.—ווארום קויפט איהרא זוי פיעל לייוועגד?—איך קויף זיא, וויל איך ברויך זיא, אבוואהל זיא איז אזוי טהייער.—ווארום קויפט איהר דיזען טהייערן וויין?—איך קויף איהם, אבוואהל ער איז טהייער; דען ער איז זעהר גוט.— ווארום קויפט איהר ניט אייער טוך בייא מיין פריינד?—איך קויף מיין טוך ניט בייא איהם, אבוואָהל ער פערקויפט ביליג; דען איך קויף נאָר גוטעס טוך, און זיינס איז זעהר שלעכט.—ליובט אייך אייער פאָטער אָפט?—ער ליובט מיך זעהר זעלטען, אבוואהל איך ארבייט אימער (אין דער איבערזעצונג קומט אימער פאַר ארבייט) זעהר פיעל (a great deal).—גיבען דיא דייטשען דיא שפּאַניער געלד?—זייא גיבען זייא וועלכעס, אבוואהל דיא שפּאַניער גיבען קיינמאל (קיינמאָל פאַר גיבען) דיא דייטשען וועלכעס. —וואָס פיר טישען און שטוהלען פערקויפט דער טישלער (סטאָליער)?—ער פערקויפט גוטע אווי שלעכטע (מיט אָדער אָהן ones).

## 46. צום איבערזעצען.

וואָס פיר (what sort of) האנדשוה זיינען דיא, וועלכע (they that) דיזער מאַן קויפט?—ער קויפט באַוועלנע.—וואָס פיר מעסערס זיינען דיזע? זיינען זייא זילבערנע? —יע, זייא זיינען זילבערנע מיט עלפענ-ביינערנע שטיעלען.—וואָס פיר א מאַן איז דער אלטער שפּאַניער?—ער איז זעהר א (פאַר a very) גוטער מאַן.—וואָס פיר א הויז האָט אייער פעטער יעצט?—ער האט זעהר א שעהנעס, גרויסעס הויז.—וואו איז דער בעדיענ-טער?—ער איז אין מיין צימער; וואס ווילט איהר פון איהם?—איך וויל א גלאָז וואַ-סער.—ווארום רופט איהר מיך?—איך וויל א פלאַש וויין.—וויא פיעלע פּאָאַר שיך קויפט אייער טאָכטער?—זיא קויפט צווייא פּאָאַר שיך און מיין זוהן קויפט עבען (גראַדע) אזוי פיעלע פּאָאַר שטיעפעל.—גיט איהר דיזען מאַן א פלאַש (a bottle of) גוטען וויין?—איך גיב איהם א פלאַש וויין, צווייא פּאָאַר אַלטע שיך, א דוצענד זאָקען און א פּאָאַר וואָ-לענע האנדשוה.—וואָס פיר א סך (quantity)!—ווארום גיט איהר איהם אזוי פיעל?— וויל ער ברויכט עס.—זעהט איהר דיא מענגע מענשען (people) פאַר מיין הויז?—איך זעה א גרויסע מאַסע מענשען.—ווארום זיינען אלע דיזע לייטע דאָ?—זייא זיינען ארימע לייט און איך גיב יעדען פון זייא א שטיק (piece) ברויט און א גלאָז וויין.—וויא פיעלע פּאָאַר שטיעפעל האט איהר?—איך האב זיעבען פּאָאַר שטיעפעל און פיער פּאָאַר שיך. —וואס פיר א גרויסע מענגע!—פערקויפט אייער פריינד פיעל?—יע, ער קויפט און פער-קויפט א גרויסע מענגע (great deal) וויין.

---

# 22nd Lesson.—22סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| איך געה. איך געה ניט. | I go. I do not go. |
| וואוהין געהט איהר דיזען אבענד? | Where do you go this evening? |
| אין טהעאַטער. | To the theatre (.אָד play). |
| געהט איהר ניט אויפ'ן באַל? | Do not you (.אָד do you not) go to the ball? |

| | |
|---|---|
| ניין, איך גֶעה ניט אהין. | No, I do not go there. |
| קומט אייער פריינד, דער ענגלענדער, היינט אהער? | Does your friend, the Englishman, come here to-day? |

האנדלונגס ווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט o, נעהמען פיר דיא דריטע פערזאן איינצאהל געגענווערטיגע צייט דיא ענדונג es: to go—he goes, ער געהט.

| | |
|---|---|
| ניין, ער געהט צום יונגען שפאניער און זייא געהען היינט נאכמיטטאג צוזאמען נאך מאינץ. | No, he goes to the young Spaniard, and they go together to Mayence this afternoon. |

## Together (טוגעדהער), צוזאמען.

| | |
|---|---|
| צוזאמען מיט. | Together with. |
| מאינץ (א שטאדט אין דייטשלאנד). | Mayence (מיי־ענס). |

## Where (הווע־ר), וואו, וואוהין; here (היר), היער, אהער; there (דהע־ר), דארטן, אהין.

| | |
|---|---|
| דער ארט, דער פלאץ. | The place (פליים). |

## At (אֶט), אויף, צו; in (אין), אין; on (אָן), אויף; to (טו), צו, נאך, into (אין־טאו), אין, נאך; (אן ארט)

| | |
|---|---|
| אויף דעם באל. ביי'ן באל. | To the ball. At the ball. |
| אין טהעאטער (הערייץ). | To the theatre. |
| אין אן ארט. | To a place. |
| צו מיין פאטער. | To my father. |

Into און to בעציכנען אין, אויף, אויף דיא פראגע וואוהין? in און at בעדייטען אין, אויף, אויף דיא פראגע וואו? on או ף, אויף דיא פראגע וואו?

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין שטאדט (הערייץ). | Into (the) town. | אין דער שטאדט. | In (the) town. |
| אויף דאס לאנד. | Into the country. | אויף דעם לאנד. | In the country, |
| אין פעלד (הערייץ). | Into the field. | אויף דעם פעלד. | In the field. |
| אין גאס. | Into the street. | אין דער גאס. | In the street. |
| אין קירכע. | To, into church. | אין דער קירכע. | At church. |
| אין (צו) בעט. | To, into bed. | אין (צו) בעט. | In bed. |
| אין געפענגנים. | To, into prison. | אין דעם געפענגנים. | In prison. |
| אויף דיא בערזע. | To 'Change. | אויף דער בערזע. | On 'Change. |
| אין דיא שולע. | To school. | אין דער שולע. | At, in school. |
| צו זעע (אויפ'ן ים). | To sea. | אויף דער זעע. | At sea. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The exchange (עקסטשענדזש') | דיא בערזע | The church (טשאירטש') | דיא קירכע |
| The prison (פריזן) | דאס געפענגנים | The school (סקרל) | דיא שולע |

ביי church, school, 'Change (אבגעקירצט פון exchange) און ביי prison ווערט דאס ווערטעל the ניט געזעצט, ווען עס האנדעלט זיך ניט פון דיא געביידען זאנדערן פון דעם צוועק.

צוליב וועלכען מען געהט אין זייא. ווען דאָס וואָרט Exchange שטעהט ניט אָבגעקירצט מוז דאָס ווערטעל the מיט איהם געברויכט ווערען.

| | | | |
|---|---|---|---|
| דיא שטאָדט | The town (טאון) | דיא זעע, דער ים | The sea (סיר) |
| דאָס לאנד | The country (קאָנט'רי) | דאָס בעט | The bed (בעד) |

דאָס ווערטעל the שטעהט ניט פאַר town, ווען עס ווערט געברויכט אין געגענזאַץ צו country; צ. ב. is he in town or in the country? איז ער אין שטאָדט אָדער אויף לאַנד? The שטעהט אויך ניעמאַלס פאַר bed אין דעם אויסדרוק געהן צו בעט אָדער זיין אין בעט; אויך ניט פאר sea, אין דעם אויסדרוק צור זעע, אויפ'ן ים או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| He goes to sea—he is at sea. | ער געהט צור זעע—ער איז צור זעע. |
| Is he in prison? | איז ער איז געפענגנים? |
| Does your mother go to church to-morrow? | געהט אייער מוטער מאָרגען אין קירכע? |
| No, she goes with the children into the country. | ניין, זיא געהט מיט דיא קינדער אויף לאַנד. |
| Does she go anywhere else? | געהט זיא ערגעץ אנדערש-וואו? |
| She goes nowhere else; in the afternoon she goes into the field, and then back again into (אָד. to) town. | זיא געהט זאָנסט ערגעץ ניט; נאָכמיטטאָג געהט זיא אין פעלד און דאַן ווידער צוריק אין שטאָדט העריין. |

**Then (דהען), דאַן.**

**Back (באָק), צוריק; again (אָגע'ן), ווידער.**

| | |
|---|---|
| Back again. | ווידער צוריק. |

Again שטעהט נאָך דעם וואָרט, וואס בעצייכענט אָרט; צ. ב. ווידער היער, here again.

| | |
|---|---|
| Does he come back again? | קומט ער ווידער צוריק? |
| Is he here again? | איז ער ווידער היער? |

| | |
|---|---|
| **Somewhere (סאָמ'הוועָ'ר).**<br>**Anywhere (אֶ'ניהוועָ'ר).** | **ערגעץ-וואו, ערגעץ-וואוהין.** |
| **Nowhere (נאָו'הוועָ-ר).**<br>**Not anywhere.** | **אין ערגעץ ניט.** |
| **Everywhere (עָ'ווערי'הוועָ'ר).** | **איבעראַל, אומעטום.** |
| **Elsewhere (עלס'הוועָ-ר)**<br>**Somewhere else.**<br>**Anywhere else.** | **אנדערש וואו, אנדערש וואוהין.** |

## 47. צום איבערזעצען.

ווען געהט איהר אויף דאָס לאַנד?—איך געה גאָר ניט אויף דאָס לאַנד.—וואוהין געהען אייערע ברידער ד'יען פאָרמיטטאָג?—זייא געהען אין שטאָדט.—וויא פיעלע פון

אייערע בעדיענטע זיינען אין שטאָדט?—צווייא פון מיינע בעדיענטע זיינען אין שטאָדט און דרייא זיינען אויף לאַנד.—זיינען אימער דרייא פון אייערע בעדיענטע אויף לאַנד?—ניט אימער, אבער מאַנכמאָל.—ווער געהט מיט אייך אין פעלד?—מיינע לייטע געהען מיט מיר אין פעלד.—וואו זיינען אלע אייערע בעדיענטע?—זייא זיינען אלע אין פעלד.—וואוהין געהט אייער שוועסטער?—זיא געהט אין קירכע.—וואו איז אייער מוטער?—זיא איז אין קירכע.—ווייסט איהר וויא פיעלע קירכען עס זיינען אין אייער שטאָדט?—יע, מיר האבען אכט קירכען.—זעהט איהר דעם מאַן דאָרטן?—וועלכען מאַן?—יענעם קליינעם מאַן אויף (in) דער גאַס.—איך זעה איהם זעהר אָפט אויף דער גאַס.—קומט דער שפּאַניער היינט אַבענד אהער?—ניין, ער קומט ניט, ווייל ער געהט אויף דעם באַל.—געהט אייער ברודער אויף דעם באַל?—יע, זייא געהען צוזאַמען.—וואו איז אייער שוועסטער?—זי איז אויף (at) דעם באַל.—ווער געהט מיט איהר, ווען זיא געהט אויף דעם באַל?—געוועהנליך געהט מיין מוטער מיט איהר און מאַנכמאָל מיין מומע.—וואָרום געהט איהר ניט מיט איהר?—ווייל איך געה ניט אזוי פריה, וויא זיא; איך געה פּאַר צעהן אדער האלב עלף.—איז דאס ניט צו שפּעט?—ניין, עס איז ניט צו שפּעט, עס איז פריה גענוג.

## 48. צום איבערזעצען.

גערט איהר היינט (this) נאָכמיטטאָג אויף לאַנד? (צייט צולעצט).—יע, מיין מוטער און איך געהען אהין.—ווען קומט איהר ווידער צוריק?—מיר קומען היינט אַבענד ווידער צוריק.—געהען דיא קליינע קינדער מיט אייך?—יע, זייא געהען מיט (מיט מוז נאָך זיך האָבען דיא זאַך אָדער פּערזאָן; אין דיזען פּאַל דאַרף זיין: מיט אונז, with us).—איז אייער פעטער שוין ווידער אין שטאָדט?—ניין, ער איז נאָך אַלץ (still) אויף לאַנד.—איז אייער מומע אויך אויף לאַנד?—יע, געוויס, זייא זיינען אימער צוזאַמען.—וואו איז מיין הוט?—וועלכער הוט?—מיין נייער, דער זיידענער.—איך ווייס ניט, וואו ער איז; ער איז ערגעץ וואו אין הויז.—ברויכט איהר איהם יעצט?—יע, געוויס, ברוך איך איהם; זעהט איהר איהם ערגעץ?—ניין, איך זעה איהם אין ערגעץ ניט.—געהען שוין אייערע קליינע קינדער אין שולע?—געוויס, דרייא געהען שוין אין שולע, אבער פיער זיינען נאָך צו הויז.—איהר האָט זעהר פיעלע קינדער, מאַדאַם.—ניט צו פיעלע, מיין העררן; זייא זיינען אלע זעהר גוט.—און זייא זיינען אויך זעהר שעהנע קינדער, מאַדאַם, גראַדע וויא זייער מוטער.—וואו זיינען דיא קליינע (little ones), וועלכע זיינען נאָך צו הויז?—זייא זיינען ענטוועדער אין (דער) גאַס אדער אין (דעם) גאָרטען.—געהען אייערע שעהנע, קליינע קינדער אָפט אין גאַס?—ניין, זעהר זעלטען, מיין העררן; אבער זיי זיינען זעהר אָפט אין (דעם) גאָרטען.—זיינען זייא יעצט אין דער שולע?—יע, זייא זיינען דאָרטן.—געהען זייא אויך אום מיטטאג־צייט אין שולע?—דרייא נאכמיטטאָגען (afternoons) געהען זייא אין שולע און דרייא נאָכמיטטאָגען האבען זייא לעקציאָנען (lessons) צו הויז.

## 49. צום איבערזעצען.

געהט איהר ניט אויף דיא בערזע?—ניין, ניט היינט; מיין זוהן געהט דרייא טעג און איך געה דיא דרייא אַנדערע טעג.—וואָס טהוט אייער זוהן אויף דער בערזע?—ער

קויפט, וואס מיר האָבען נויטיג.—פערקויפט ער אויך?—ער פערקויפט קיינמאָל; איך פערקויף און ער קויפט.—וואָס פערקויפט איהר?—מיר קויפען און פערקויפען פיעלע זאַכען (many things): מעטאַלען, שטאָהל, בלייא, זילבער, גאָלד, מאַנכמאָל אויך לעדער, האָלץ און עלפענ־ביין.—געהט איהר ניעמאַלס צוזאמען אויף דיא בערזע?—ניין, מיר געהען ניעמאַלס צוזאַמען (never פאַר דעם האַנדלונגס וואָרט); איינער פון אונז איז אימער צו הויז.—ווען קומט איהר פון (from) דער בערזע?—אום האַלב דרייא, און דאַן געהען מיר געוועהנליך אויף לאַנד.—קומט איהר נאַכמיטטאָג־צייט ווידער צוריק אין שטאָדט?—ניט יעדען נאַכמיטטאַג.—אבער איהר קומט אלע מאָרגען אין שטאָדט?—יע, געוויס, דען איינער פון אונז נעהט יעדען פאָרמיטטאָג אום האַלב צוועלף אויף דיא בערזע.—וואוהין געהט אייער ברודער?—ער געהט אויפ'ן ים.—האָט איהר פיעלע שיפען אויפ'ן ים?—ניין, ניט פיעלע; מיר האָבען נאָר דרייא שיפען אויפ'ן ים.—וואו איז דער קליינער איטאַליענער יעצט?—ער איז אין געפענגניס.—ווארום איז ער אין געפענגניס?—ווייל ער האט ניט אזוי פיעל געלד, וויא ער ברויכט.—וואו איז דער בעדיענטער?—וועלכער בעדיענטער?—דער, וועלכער האט מיינע שליסלען.—איך ווייס ניט, וואו ער איז; ער איז ערגעץ־וואו אין הויז.—ברויכט איהר איהם?—יע, איך ברויך איהם, אבער איך זעה איהם אין ערגעץ ניט.—ווארום רופט איהר איהם ניט?—איך רוף איהם ניט, ווייל איך ווייס ניט, וואו ער איז.—דיזער מענש איז ניעמאַלס היער, ווען איך ברויך איהם; ער איז אימער אנדערס וואו; ער איז איבעראַל, וואו איך ברויך איהם ניט, און אין ערגעץ ניט, וואו איך ברויך איהם.—האט איהר מיין לעש־פאַפּיער?—ניין, איך האָב עס ניט, עס איז ערגעץ אין אייער צימער.—געהט איהר יעצט צו אייער פעטער?—איך געה נאָך ניט צו איהם.

---

# 23rd Lesson.—23סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| I live .אָד reside. | איך וואוין. |
| I do not live .אָד reside. | איך וואוין ניט. |
| Where does your uncle live now? | וואו וואוינט אייער פעטער יעצט? |
| He lives in the country. | ער וואוינט אויף לאַנד. |
| Does the young Dutchman still live in town? | וואוינט נאָך דער יונגער האָללענדער אין שטאָדט? |
| He now lives (.אָד resides) at (.אָד in) Mayence. | ער וואוינט יעצט אין מאַינץ. |

At, אין, ווערט געוועהנליך געברויכט בייא קלענערע, in—בייא גרעסערע ערטער.

| | |
|---|---|
| When do you go to dinner? | ווען געהט איהר צום מיטטאָג? |
| We go to dinner at half past one. | מיר געהען צום מיטטאג אום האלב צווייא. |
| At, to, from breakfast. | ביי'ן, צו, פון פרישטיק. |
| At, to, from dinner. | ביי'ן, צו, פון מיטטאָג. |
| At, to, from supper. | ביי'ן, צו, פון אָבענדעסען (וועטשערע). |

| | |
|---|---|
| He is at supper. | ער איז ביי'ן אבענדעסען. |
| At what time are you at breakfast? | אום וועלכע צייט זייט איהר ביי'ן פריהשטיק? |

ווען עס שטעהט בייא מאָהלצייטען אַ ווערטעל וויא to (צו), at (בייא), before (פאַר), after (נאָך) או. אַז. וו. ווערט דאָס ווערטעל the ניט געברויכט.

| | |
|---|---|
| Before dinner, after dinner. | פאַר מיטטאָג, נאָך מיטטאָג. |
| Is the dinner good in that house? | איז דער מיטטאָג אין יענעם הויז גוט? |
| When does he come back from the country? | ווען קומט ער צוריק פון לאַנד? |

**Out (אוט), אויס; out of, אויס, פון.**

| | |
|---|---|
| When do you expect him back to supper? | ווען ערווארטעט איהר איהם צוריק צום אבענדעסען? |
| He generally goes out at six, and is at home again at seven or half past. | ער געהט געוועהנליך אויס אום זעקס און איז צו הויז ווידער אום זיבען אדער האלב אכט. |

אין ענגליש איז דיא שטונדע נאָך דיא ווערטער before און after ניט נויטיג צו ווידערהאָלען.

| | |
|---|---|
| At eight or a quarter before. | אום אכט אדער דרייא פערטעל אויף אַכט. |
| Is your son always at home at one (אָד. one o'clock)? | איז אייער זוהן אימער אום איינס אוהר צו הויז? |
| He never comes home before a quarter past (one). | ער קומט ניעמאלס אהיים פאר א פערטעל אויף צוויי נאָך הויז. |
| Where does the young Scotchman's uncle live now? | וואו וואוינט דעם יונגען שאָטלענדער'ס פעטער יעצט? |
| He lives at 27 (אָד. at No. 27) Hill Street. | ער וואוינט נומער 27 היללא גאַס. |

ווען עס ווערט אנגעגעבען דיא הויז-נומער פון אַ וואוינונג קומט קיין פּאָרווערטעל, וויא at, in, פאַר דער נומער אויך ניט דאָס ווערטעל in פאַר דעם נאָמען פון גאַס. ווען עס קומט בלויז דיא גאַס, שטעלט מען דאָס ווערטעל in אָהן the.

| | |
|---|---|
| He lives No. 23 William Street. | ער וואוינט אין נומער 23 וויללִיאַם גאַס. |
| I live at No. 27 Grand Street. | איך וואוין אין נומער 27 גראַנד גאַס. |
| Where does the Englishman with his son live? | וואו וואוינט דער ענגלענדער מיט זיין זוהן? |
| They live in Canal Street. | זייא וואוינען אין קאַנאַל גאַס. |
| Who is with your father? | ווער איז בייא אייער פאטער? |

**With (ווידה), בייא.**

| | |
|---|---|
| Nobody is with him. | קיינער איז בייא איהם. |
| When is your mother at home? | ווען איז אייער מוטער צו הויז? |
| You will always find her at home at ten o'clock in the forenoon. | איהר וועט איהר אימער געפינען צו הויז אום צעהן אוהר פאָרמיטטאָג. |

Noon (נוּן) מיטטאָג | Noontime (נוּנ׳טאַים) מיטטאָג־צייט

The time (טאַים). — דיא צייט.

I shall go to theatre this evening. — איך וועל היינט אבענד געהן אין טהעאטער.

Will you give me a book this morning? — וועט איהר מיר געבען א בוך דיזען מאָרגען?

I shall not give you one either to-day or to-morrow. — איך וועל דיר קיינס ניט געבען ניט היינט ניט מאָרגען.

I shall (שאַל). — איך וועל.

You will (וויל). — דוא וועסט, איהר וועט.

He, she will. — ער, זיא וועט.

They will. — זייא וועלען.

דיא צוקונפטיגע צייט פון האַנדלונגכווערטער ווערט געמאַכט דורך דאָס וואָרט shall פיר דיא ערשטע פערזאָן (I, we) און will פיר דיא צווייטע און דריטע פערזאָן (it, he, she, they). נאָך shall און will ווערט אין אַ פראַגע און אַ פערנייכונג דאָס האַנדלונגכוואָרט do ניט גע־ברויכט: shall I go? זאָל איך געהן; will you go? וועט איהר געהן? או. אַז. וו.

In the night; by night; at night. — בייא נאכט.

The week (וויִ־ק). — דיא וואָך.

The night (נאַיט). — דיא נאכט.

## At (אַט), אום; about (אַבאוט׳), אונגעפעהר; at about, אונ־געפעהר אום.

Where do you come from? — פון וואנען קומט איהר?

I come from (אַד. out of) the garden. — איך קום פון דעם גאָרטען.

Is my uncle within? — איז מיין פעטער אין הויז?

## Within (ווידהאין), אינוועניג, אין הויז.

He is not within. — ער איז ניט אין הויז.

He is from home. — ער איז פערררייזט, ער איז אוועג.

## From (פראָם), פון; from home, אוועג פון הויז.

## From where?, where—from?, פון וואַנען?

Where does he come from? — פון וואנען קומט ער?

I do not know where he comes from (אַד. from where he comes). — איך ווייס ניט פון וואנען ער קומט.

From there. — פון דאָרטען.

From אונטערשיידעט זיך פון of מיט דעם, דאָס of בעצייכענט געוועהנליך אנגעהעריגקייט און from בעצייכענט טרענונג אָדער שיידונג פון עפּעס.

דאָס וואָרט from קומט זעהר אָפט איבערגעשטעלט אַם ענדע פון זאַץ, ווען עס קומט מיט דעם וואָרט where.

The shop (שאָפּ). — דער לאַדען, דיא קראָם.

I find. I do not find. — איך געפין. איך געפין ניט.

## 50. צום איבערזעצען.

וואוינט איהר נאך בייא (with) אייער ברודער?—ניין, איך וויין יעצט ניט בייא איהם (יעצט קומט צו לעצט).—וואו וואוינט דער פראנצויז, וועלכער קומט אזוי אפט צו אייער פאטער?—ער און דיא צווייא ענגלענדער וואוינען צוזאמען אויף הילל גאס נומער 32.—וואוינען דיא לייט, צו וועלכע אייער זוהן געהט יעדען טאג, אימער נאך אויף בראד גאס?—זייא וואוינען נאך דארטען.—וואוינט אייער פריינדין, דיא שעהנע (pretty) פראנצויזישע דאמע, נאך בייא אייער מומען?—זיא וואוינט נאך בייא איהר.—וואוינט איהר אין דיזען הויז, מיינע העררען (gentlemen)?—ניין, מיר וואוינען יעצט אויף לאנד, וואו מיר האבען זעהר א שעהנעם הויז און זעהר א שעהנעם גארטען.—געפינט איהר דעם ענגלענדער צו הויז, ווען איהר געהט צו איהם אום ניין אוהר אין דער פריה?—איך געפין איהם אימער אום דיזע (that) צייט צו הויז.—געפינט איהר איהם אימער בייא'ן פריהשטיק (always פאר דעם האנדלונגס ווארט)?—איך געפין איהם אימער בייא'ן פריהשטיק.—געפינט איך אייער פריינד בייא'ן פריהשטיק.—ווען ער קומט אום ניין אוהר פארמיטטאגס צו אייך?—ער געפינט מיך קיינמאל אזוי שפעט בייא'ן פריהשטיק.—ווען געהען אייערע לייטע צום פריהשטיק?—אונזערע לייטע געהען צום פריהשטיק אום זיבען אוהר.—געהט איהר אימער אום האלב אכט צום פריהשטיק?—מיר געהען צום פריהשטיק, ווען אונזערע לייטע קומען פון פריהשטיק.

## 51. צום איבערזעצען.

ווייסט איהר, אויב איך געפין דעם ענגלענדער בייא'ן מיטטאגעסען אום איינס א זייגער?—איהר געפינט איהם אום צווייא אוהר בייא'ן מיטטאגעסען.—קומט איהר אלע (do you all—) אום א פערטעל אויף דרייא פון מיטטאגעסען?—מיר קומען אום דרייא פערטעל אויף צווייא פון מיטטאגעסען.—אום וועלכע צייט געהען דיא יונגע לייטע אין זייער הויז צום אבענדעסען?—דיא יונגע לייטע אין אונזער הויז געהען אונגעפעהר אום (at about) האלב אכט צום אבענדעסען.—ווער איז יעצט בייא אייער פאטער?—דער מאן וועלכער פערקויפט דיא בילינגע האנדשוה, איז בייא איהם.—וואס פיר א דאמע איז אין איהר שוועסטער'ס צימער?—דיא ענגלישע דאמע איז בייא איהר.—איז אימעצער בייא איהר ברודער?—מיין פעטער איז בייא איהם.—וועלכער פעטער?—מיין מוטער'ס ברודער.—איז עס דער (he), וועלכער וואוינט אין בראד גאס נומער 27?—ניין, דער אנדערער איז בייא איהם, וועלכער וואוינט אויף האי גאס נומער 1.—איז אימעצער בייא אייער שוועסטער?—אייער קוזינע איז בייא איהר.—זיינען אייערע ברידער צו הויז?—ניין, זייא זיינען ניט צו הויז (פעררייזט).—וואו זיינען זייא?—איך ווייס ווירקליך ניט, וואו זייא זיינען.—איך געפין זייא ניעמאלס צו הויז.—איהר וועט זייא געפינען צו הויז, ווען איהר קומט אום (about) מיטטאגצייט.

## 52. צום איבערזעצען.

פון וואנען קומט דיזער מאן?—ער קומט פון אונזער גארטען.—אום וועלכע צייט קומט דער בעדיענטער פון דער שטאדט?—ער קומט געוועהנליך אום פינף אוהר נאכמיטטאג פון דער שטאדט.—קומט שוין אייער פאטער פון דער בערזע?—געוויס, ער

קומט אימער אונגעפעהר אום דיזע צייט פון דער בערזע.—וואָרום קומען ניט דיא קינ-
דער פון דער גאַס?—זייא זיינען ניט אויף דער גאַס, זייא זיינען שוין אין בעט.—אום
וועלכע צייט קומט אייער זוהן פון זיין לאַדען?—ער קומט געוועהנליך אום א פער-
טעל אדער אום האַלב אַכט פון זיין לאַדען.—האָט ניט דער מאַן, פון וועלכען איך קויף
מיינע באַוועָלנע שטרימפּף, זעהר א שעהנעם לאַדען?—יע, זיין לאַדען איז זעהר שעהן
און ער פערקויפט זעהר גוטע שטרימפּף (זאָקען).—פון וואַנען קומען דיזע דאַמען?—זייא
קומען פון מיין פעטער'ס גאָרטען.—האָט ער מעהר גערטנער אַלס (than) איינעם?—ער
האַט צווייא גערטנער, א קליינעם אין דער שטאָדט און א גרויסען, שעהנעם אויף דעם
לאַנד.—ערוואַרטעט איהר אייער פאָטער דיזע וואָך?—איך ערוואַרט איהם און מיין
ברודער דיזע וואָך.—איז דער יונגער האָללענדער, וועלכער וואוינט אין אייער הויז, נאָך
צו הויז, מאַדאַם?—יע, ער איז נאָך צו הויז, דען ער איז נאָך צו (אין) בעט.—ער געהט
יעדען אַבענד אום דרייא פערטעל אויף עלף צו בעט און קומט ניעמאַלס (never פאַר דעם
האַנדלונגס וואָרט) הערויס פאַר א פערטעל אויף עלף אין דער פריה פון בעט.—ווען געהט
ער אין דער פריה הערויס פון הויז (from home)?—נאָך דעם פריהשטיק געהט ער הע-
רויס; אום צווייא אדער האַלב דרייא געהט ער צום מיטטאָגעסען.—איז ער לאַנג (long)
ביי'ן מיטטאָגעסען?—גאָר ניט.—דאַס איז ווירקליך זעהר ווייניג; טהוט ער עס אַלע
אַבענד?—יע, אַלע אַבענד אין (דער) וואָך.—געהט ער ניעמאַלס אין קירכע?—יע, ווען
זיין פאָטער און זיין מוטער (זיין ווערט ניט ווידערהאָלט) זיינען היער, געהט ער אין קירכע.

## 24th Lesson.—24סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Whose horses are those? | וועמעס פערד זיינען יענע? |
| To whom do those horses belong? | וועמען געהערען יענע פערד? |
| They are ours. | זייא זיינען אונזערע. |
| They belong to us. | זייא געהערען אונז. |
| To whom do these books belong? | וועמען געהערען דיזע ביכער? |
| Whose books are these? | וועמעס ביכער זיינען דיזע? |
| They belong to my sister. | זייא געהערען צו מיין שוועסטער. |
| They are my sister's. | זייא זיינען מיין שוועסטער'ס. |
| Do these scissors belong to your aunt? | געהערט דיזע שער צו אייער מומען? |
| Are these your aunt's scissors? | איז דיזע שער דיין מומע'ס? |
| The scissors (סיזזאַרז). | דיא שער. |
| Do these clothes belong to your brothers? | געהערען דיזע קליידער צו אייערע ברידער? |
| Are these your brothers' clothes? | זיינען דיזע אייערע ברידער'ס קליידער? |
| The clothes (קלאָוז). | דיא קליידער. |
| They belong to them. | זייא געהערען צו זייא. |
| They are theirs. | זייא זיינען זייערע. |

**Theirs** (דהיירז), זייערער, דער זייעריגער; זייערע, דיא זייעריגע;
זייערס, דאָס זייעריגע; זייערע, דיא זייעריגע (מ.).

| | |
|---|---|
| Which of these two houses belongs to your cousin? | וועלכעס פון דיזע הייזער געהערט אייער שוועסטערקינד? |
| Which of these houses are your cousin's? | וועלכע פון דיזע הייזער זיינען אייער שוועסטערקינד'ס? |
| The large one belongs to him. | דאָס גרויסע געהערט צו איהם. |
| The large one is his. | דאָס גרויסע איז זיינס. |

**His** (היז), זיינער, דער זייניגער; זיינע, דיא זייניגע; זיינס, דאָס זייניגע;
דיא זייניגע (מ.).

| | |
|---|---|
| Does this book belong to her? | געהערט דיזעס בוך צו איהר? |
| Is this book hers? | איז דיזעס בוך איהרס? |
| All the books are hers. | אלע ביכער זיינען איהרע. |

**Hers** (האָירז), איהרער, דער איהריגער; איהרע, דיא איהריגע;
איהרס, דאס איהריגע; איהרע, דיא איהריגע (מ.).

| | |
|---|---|
| Do these tables belong to us? | געהערען דיזע טישען צו אונז? |
| Are these tables ours? | זיינען דיזע טישען אונזערע? |
| Yes, these tables are ours. | יע, דיזע טישען זיינען אונזערע. |

**Ours** (אורז), אונזערער, דער אונזעריגער; אונזערע, דיא אונזעריגע;
אונזערס, דאס אונזעריגע; אונזערע, דיא אונזעריגע (מ.).

| | |
|---|---|
| To whom do these trousers belong? | וועמען געהערען דיזע הויזען? |
| Whose trousers are these? | וועמעס הויזען זיינען דיזע? |
| The trousers (טראויזערז). | דיא הויזען. |
| They belong to you. | זייא געהערען צו אייך. |
| They are yours. | זייא זיינען אייערע (אייעריגע). |

**Yours** (יורז), אייערער, דער אייעריגער; אייערע, דיא אייעריגע;
אייערס, דאס אייעריגע; דיא אייעריגע (מ.).

| | |
|---|---|
| Does this collar belong to the large dog? | געהערט דיזעס האלזבאנד דעם גרויסע הונד? |
| The collar (קאָללאָר). | דאָס האלזבאנד, דער קראגען. |
| Is this collar the large dog's? | איז דיזעס האלזבאנד דעם גרויסען הונד'ס? |
| Yes, it belongs to it. | יע, עס געהערט צו איהם. |
| Yes, it is its. | יע, עס איז זיינס. |

**Its (איטס), זיינער, דער זייניגער; איהרער, דער איהריגער; זיינע, דיא זייניגע; איהרע, דיא איהריגע; זיינס, דאָס זייניגע; איהרס, דאס איהריגע; זיינע, דיא זייניגע; איהרע, דיא איהריגע (מ.).**

Its ווערט געברויכט, ווען מען רעדט פון ניט-לעבעדיגע זאכען, אָדער פון טהיערע, ווען עס ווערט ניט אָנגעגעבען זייער געשלעכט (מין).

מעהרערע זאכווערטער, איבערהויפט אַזעלכע, וועלכע בעצייכענען זאכען, וואָס בע-שטעהען פון צוויא טהיילען, ווערען אין ענגליש געברויכט נאָר אין מעהרצאָהל פאָלגענדע זאכ-ווערטער זיינען פון דיזער זאָרט:

| | | | |
|---|---|---|---|
| דיא שער | The scissors (סיזזאָרז) | דיא פייער-צוואַנג | The tongs (טאָנגז) |
| דיא גרויסע שער | The shears (שי־רז) | דער קאָרסעט | The stays (סטייז) |
| דיא הויזען | The trousers (טראוזערז) | דאָס פיה | The cattle (קאַטל) |
| דאס קנייפ-צווייגנגל (פינסערז) | The pincers | דיא וואארע | The goods (גודז) |

ביא זאכען, וואָס בעשטעהען פון צוויא גלייכע טהיילען, וויא scissors, tongs, שטעלט מען אויך דיא ווערטער pair of פאָראויס.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַן אבצווייגע | A pair of tongs | א שער | A pair of scissors |
| א קאָרסעט | A pair of stays | א גרויסע שער | A pair of shears |

מיט דעם ווערטעל a אָדער מיט א צאָהל-וואָרט, מוזען אימער פאר אַזעלכע ווערטער קומען pair of:

| | | | |
|---|---|---|---|
| צוויא קאָרסעטען | Two pair of stays | א קאָרסעט | A pair of stays |
| דרייא צוואַנגען | Three pair of tongs | צוויא שערען | Two pair scissors |

I belong. I do not belong. איך געהער. איך געהער ניט.

וואו עס ווערט בעצייכענט אנגעהעריגקייט כוז ביא לעבלאָזע זאכען און אָפט אויך ביא טהיערע געברויכט ווערען belong אנשטאָט דער אָנגעהעריגקייטס פאָרם ('s); צ. ב. to which door does this key belong? צו וועלכער טיהר געהערט דיזער שליסעל? מען זאָגט קיינמאָל: which door's key? וועלכער טיהר'ס שליסעל? או. אז. וו.

My, thy, his, her או. אַז. וו. הייסען בעזיצ-אַנצייגענדע ווערטער, וויל זייא בעצייכענען בעזיצונג אָדער אנגעהעריגקייט. דיא בעזיצ-אנצייגענדע ווערטער זיינען:

**My (מאי), מיין, מיינע (מ.).**
**Thy (דהאי), דיין; דיינע (מ.).**
**His (היז), זיין; זיינע (מ.).**
**Her (האָיר), איהר; איהרע (מ.).**
**Its (איטס), זיין, איהר; זיינע, איהרע (מ.).**
**Our (אור), אונזער, אונזערע (מ.).**
**Your (יור), אייער; אייערע (מ.).**
**Their (דהייר), זייער, זייערע (מ.).**

דיא בעזיצ-אַנצייגענדע ווערטער, מיט אויסנאַהמע פון his און its, ענדערן זייערע פאָרמעס. ווען עס ווערט הערויסגעלאָזע דער געגענשטאַנד אָדער ווערט געשטעלט פאר זייא (וויא אין

דיא זעצע: איך רייד פון מיינעם ניט פון אייערן; דאָס בוך איך מיינס).—פאָלגענדע זיינען דיא אַנדערע פאָרמעס פון דיא בעזיץ=אנצייגענדע ווערטער:

Mine (מאַיין), מיינער, מיינע, מיינס; מיינע (מ.).
Thine (דהאַין), דיינער, דיינע, דיינס; דיינע (מ.).
His ), זיינער, זיינע, זיינס; זיינע (מ.).
Hers (האָירז), איהרער, איהרע, איהרס; איהרע (מ.).
Its (איטס) { איהרער, איהרע, איהרס; איהרע (מ.).
זיינער, זיינע, זיינס; זיינע (מ.).
Ours (אַורז), אונזערער, אונזערע, אונזערס; אונזערע (מ.).
Yours (יורז), אייערער, אייערע, אייערס; אייערע (מ.).
Theirs (דהיירז), זייערער, זייערע, זייערס; זייערע (מ.).

| | |
|---|---|
| Have you any more horses than these? | האָט איהר נאָך מעהר פערד אלס דיזע? |
| We have two more (אָד. two others) at home. | מיר האָבען נאָך צוויא צו הויז. |

More (מאָור), other (אָדהער), others (אָדהערז), נאָך.

Another (אַנאָדהער), נאָך איין; נאָך איינער, נאָך איינע, נאָך איינס.

| | |
|---|---|
| Three more. Four more. / Three others. Four others. | נאָך דרייא. נאָך פיער. |
| How much more? | וויא פיעל נאָך? |
| How many more? | וויא פיעלע נאָך? |
| How much more money do you want? | וויא פיעל געלד ברויכט איהר נאָך? |
| How many more pens do you want? | וויא פיעלע פעדערן ברויכט איהר נאָך? |
| I want a good deal (אָד. a great deal) more. | איך ברויך נאָך זעהר פיעל. |
| I want a great many more. | איך ברויך נאָך זעהר פיעלע. |
| Have you any money left? | האָט איהר נאָך געלד? (ד. ה. האָט איהר געלד איבריג?). |

Left (לעפט), נאָך, איבריג, מעהר.

| | |
|---|---|
| I have some left. | איך האָב נאָך (איבריג) עטוואָס. |
| I have nothing left. | איך האָב גאָרנישט מעהר (איבריג). |
| I have none (אָד. not any) left. | איך האָב קיינס מעהר (איבריג). |
| We have no money at all left (אָד. no money left at all) | מיר האָבען קיין געלד מעהר (איבריג). |
| I have a good deal left | איך האָב נאָך זעהר פיעל (איבריג). |
| I have a good (אָד. great) many left. | איך האָב נאָך זעהר פיעלע (איבריג). |

| | |
|---|---|
| איך האב נאך איינינע (מעהר). | I have a few more. |
| איך האב נאך איינינע (איבריג). | I have a few left. |
| איך האב נאך יועלכע (מעהר). | I have some more. |
| איך האב נאך וועלכע (איבריג). | I have some left. |
| נאך מעסערס. | Some (אָד. any) more knives. |
| קיינע מעסערס מעהר. | No more knives. / No more knives left. |
| נאך געלד. | Some (אָד. any) more gold. |
| קיין גאָלד מעהר. | No more gold. / No more gold left. |

More שטעהט פאָר דעם געגענשטאַנד, left—נאָך דעם געגענשטאַנד.

**Less** (לעס), ווענינער, ניט אזוי פיעל (אין מאָס).

**Fewer** (פיו׳ער), ווענינער, ניט אזוי פיעלע (אין צאָהל).

| | |
|---|---|
| איך האב פיעל ווענינער איבריג אלס—. | I have a great deal less left than—. |
| איך האב זעהר פיעלע ווענינער אלס— | I have a great many less left than—. |
| ווענינער געלד אלס איך. | Less money than I. |
| ווענינער פערד אלס ער. | Fewer horses than he. |

**For** (פאָר), פיר.

| | |
|---|---|
| פיר וועלכען מאן? | For which man? |
| פיר דעם וועלכער איז הי׳. | For the man who is here. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| Henry (הענ׳רי) | הענריך | George (דזשאָרדזש) | געאָרג |
| Charles (טשאַרלז) | קאַרל | Edward (עד׳וואָרד) | עדוואַרד |
| Emily (ע׳מילי) | עמיליע | Augustus (אָ־גאַס׳טאָס) | אויגוסט |
| Harriet (האַר׳ריעט) | הענריעטע | John (דזשאָן) | יאָהאַן |
| Charlotte (טשאַר׳לאָט) | שאַרלאָטע | Eliza (אילאַי׳זאָ) | עליזע |
| Amelia (אָמי׳ליאָ) | אמאַליע | Betsy (בעט׳סי) | בעטי |
| William (וויל׳ליאָם) | ווילהעלם | Mary (מאַ׳רי) | מאַריע |

## 53. צום איבערזעצען.

ווער האָט מיין שער?—איך ווייס ניט ווער עס האָט זיא (אין ענגליש זייא).—
וועמעס שער האָט מיין טאָכטער?—זיא האָט איהרע.—וועמעס שרייב־בוך האָט אייער
קוזינע עמיליע?—זיא האָט איהרס.—האבען דיא מיידלאך זייערע ברידער׳ס ביכער?—זייא
האָבען זייערע.—פיר וועלכע קינדער קויפט אייער מומע זאַקען?—זיא קויפט וועלכע פיר
איהרע.—(צו) וועלכע יונגלאך גיט דעם פראַנצויז׳ס פרוי מעסערס? (פאַר מעסערס קומט any).
—זיא ניט וועלכע צו איהרע.—איז אייער פאָטער אין אונזער גאָרטען אָדער אין זיינעם?
—ער איז ניט אין אייערן, זאָנדערן (but) אין זיינעם.—האָט דער בעדיענטער מיינע הוי־
זען?—ער האָט זייא.—האָט מיין ברודער מיין לעש־פאַפּיער אדער זיינס?—ער האָט ניט

אייערס ניט זיינס.—וועמעס לעש=פּאַפּיער האָט ער?—ער האט אונזערס.—האבען אייערע
שוועסטערקינדער געאָרג און אויגוסט מיינע שטאָל=פעדערן?—ניין, זייא האבען ניט
אייערע, זייא האבען זייערע.—איז מיין ברודער'ס שטאָק אזוי דיק וויא מיינער?—ניין
זיינער איז ניט אזוי דיק וויא אייערער.—זיינען הענריכ'ס און עדוואַרד'ס פערד ('s בלויז
נאָך Edward) אזוי שעהן וויא אונזערע?—ניין, זייערע זיינען ניט אזוי שעהן וויא אייערע.
—וועמעס בעדיענטע זיינען זייא?—זייא זיינען אונזערע.—צו וועמען געהערען דיא פערד,
וועלכע דיזע מענער האָבען?—זייא געהערען צו אונז.—צו וועמען געהערט דיזעס שרייב=
בוך?—עס געהערט צו מיין קליינער שוועסטער.—געהערט דיזער שטוהל צו דיזען צי=
מער?—ניין, ער געהערט צו דיא שטוהלען אין מיין פאָטער'ס צימער.—געהערט דיזער
שליסעל צו אייער זיינערל?—ניין, ער איז מיין ברודער ווילהעלמ'ס.—געהערט דיזעס
פערד דעם פראַנצויזען? (אָד. איז דאס דעם פראַנצויז'ס פערד?)—ניין. עס איז דעם
איטאַליענער'ס.—צו וועמען געהערען דיזע מעסערס? (אָד. וועמעס מעסערס זיינען דיזע?)
—זייא געהערען צו מיינע ברידער.—געהערען דיזע בלעטער (leaves) צו דיזען בוך?—
צווייא געהערען צו דיזען און דאס גרויסע בלאַט געהערט צו יענעם.—געהערט דיזער הוט
דיזען גרויסען (tall) יונגעל?—ניין, ער איז דעם קליינעמ'ס.

## .54 צום איבערזעצען.

צו וועמען געהערען דיזע קליידער?—זייא געהערען דיזען קינד.—האט איהר איין
קאָרסעט אדער צווייא?—איך האב צווייא.—האט אייער שוועסטער איין שער אדער
צווייא?—זיא האט איין גרויסע שער און איין קליינע.—וועמען געהערט דאס פיה (אין
ענגליש: וועמען געהערען [illegible] cattle [illegible] ווערט אימער געברויכט אין מעהרצאָהל)
אויף יענעם פעלד?—עס גע[illegible] צו מיין [illegible]—וועמען געהערט דיזעס קנייפ=צוויינ=
געל (pincers, מעהרצאָהל)?—עס געהערט צו מיין טישלער.—געהערען אלע דיזע לייטע
צו דיזען שיף (ship)?—נאר פיער פון זייא געהערען צו דיזען שיף, דיא אנדערע וואוינען
אין דיזער שטאָדט.—געהערט (געהערען) דיזע פייער צוואַנג צו אייער צימער?—ניין, זיא
געהערט צו מיין ברודער'ס צימער.—האט דער ענגלענדער נאָר דיזעס פערד?—ניין, ער
האָט נאָך צווייא.—האָט איהר נאָר איין פּאָאַר שיך?—ניין. איך האָב נאָך א פּאָאַר.—
האט אייער פריינד נאָר דיזע צווייא הייזער?—ניין, ער האט נאָך איינס אויף דעם לאַנד.
—האָט איהר ניט מעהר געלד אלס דיזע דרייצעהן גולדען?—יע, איך האב נאָך וועלכעס
צו הויז.—וויא פיעל האט איהר נאָך (more)?—איך ווייס ווירקליך ניט גענוי (exactly),
וויא פיעל איך האב נאָך.—ברויכט איהר נאָך שרייב=פעדערן?—יע, איך ברויך נאָך
וועלכע.—האט דיזער מאַן נאר דיזען לאַדען?—ער האט נאָך איינעם אין גראַנד גאַס.—
זיינען אלע דיזע אייערע קינדער?—יע, און איך האָב נאָך צווייא אין דער (at) שולע.—
וויא פיעל ווין פערקויפט אייך דער האָלענדער נאָך?—ער פערקויפט מיר נאָך צווייא
דוצענד פלאַשען (more צולעצט).

## .55 צום איבערזעצען.

האָט דער שפּאַניער אזוי פיעלע שיפען, וויא דער ענגלענדער?—ער האט וועני=
גער (fewer).—האָט דער פראַנצויז וועניגער געלד אלס דער האָללענדער?—ער האָט

פיעל וועניגער.—ליבט דיין פאָטער דיך מעהר אלס מיינער ליבט מיך?—מיין פאָטער ליבט מיך וועניגער, אלס דיינער ליבט דיך.—וואָרום קויפט איהר וועניגער (fewer) האַנדשוה אלס שטרימפף?—ווייל איך ברויך ניט אזוי פיעלע.—ווער ארבייטעט וועניגער (less), אייער בעדיענטער אדער אונזערער?—אונזערער ארבייטעט וועניגער אלס אייערער.—האט איהר אזוי פיעלע צימערן אין אייער הויז, וויא מיר האָבען אין אונזערן?—מיר האבען וועניגער צימערן אלס איהר.—ערוואַרטעט איהר וועניגער הערר'ן אלס דאמען?—איך ערוואַרט אזויא פיעלע הערען וויא דאמען.—קען (וויים) אייער קליינע שוועסטער וועניגער איטאַליעניש אלס האָללענדיש?—זיא וויים אזוי וועניג פון איינעם וויא פון דעם אנדערן; זיא קען ניט דיזעם ניט יענם.—פערקויפט דער טישלער (סטאָליער) אזוי פיעלע טישען וויא שטוהלען?—ער פערקויפט זעהר וועניג טישען און נאָך וועניגער שטוהלען.—ארבייטעט איהר מעהר אדער וועניגער אלס אייער ברודער?—איך ארבייט ניט מעהר ניט וועניגער אלס ער; מיר ארבייטען איינער גראַדע אזוי פיעל וויא דער אַנדערער.—האט איהר נאָך וועלכעס געלד (איבריג)?—איך האב גאָר קיינס מעהר (איבריג).—וויא פיעל וויין האט אייער פאָטער נאָך?—ער האט נאָך דרייסיג פלאַשען.—האבען דיא יונגלאַך נאָך אזוי פיעל פאַפּיער וויא דיא מיידלאַך?—זייא האבען וועניגער איבריג.—האט אימעצער (any one) פון אייך נאָך איינִיגע (a few) גולדען (איבריג)?—יע, מיין ברודער האט נאָך דרייא (איבריג).—ווער (which) פון אייך האט מעהר געלד איבריג אלס איך?—יעדער פון אונז האט מעהר איבריג אלס דוא.—גיט דיר דיין שוועסטער פון דיא קארטאָפעל, וועלכע (that) זיא האט איבריג?—ניין, זיא גיט מיר קיינע, אבוואהל (though) זיא האט אזוי פיעלע איבריג.—איז דאס (that) ניט אונרעכט?—דאס איז געוויס ניט רעכט; גיסט דוא איהר אימער פון דיינע, ווען דוא האסט וועלכע איבריג?—יע, געוויס; איך גיב איהר אימער וועלכע (some), ווען איך האב וועלכע (any) איבריג.

# 25th Lesson.—25סטע לעקציאָן.

זיין. To be (בי).

האבען. To have (האָוו).

ווערטער וויא זיין, האָבען, ריידען, מאַכען או. אז. וו. הייסען האַנדלונגס-ווערטער אָדער טהואונגס ווערטער, ווייל זייא דריקען אויס אַ האַנדלונג אָדער אַ טהואונג.

דיא פערגאַנגענע צייט און דאס פערגאַנגענהייטס מיטעלווארט פון אַ טהואונג ווערען בעצייכענט דורך דיא צוזעצונג פון d אָדער ed צום האַנדלונגס וואָרט: want—wanted, געברויכט. (אַ d אַליין ווערט צוגעגעבען ווען עס איז דאָ אַם ענדע אַן e).

דאָס פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט איז דיא פאָרם פון אַ האַנדלונגסוואָרט, וועלכע ווערט געברויכט נאָך דיא ווערטער האָבען און זיין צו בעצייכענען אַ בעענדיגטע טהואונג: I have wanted, איך האָב געברויכט.

פיעלע האַנדלונגס ווערטער געהען ניט פון דיזער רעגעל און האָבען פערשיעדענע אַנדערע פאָרמעס צו בעצייכנען דיא פערגאַנגענע צייט און דאָס מיטעלוואָרט; אַזעלכע האַנדלונגס ווערטער הייסען אונרעגעלמעסיגע.

**ווען האַנדלונגס ווערטער דריקען אויס קיין צייט, זאָנדערן בלויז דיא בענענונג פון דער** טהואונג, וויא געהן, ברויכען או. אַז. וו., קומט פאַר זייא דאָס ווערטעל to: to want, ברויכען, to have, האָבען או. אַז. וו. דיזע פאָרם פון האַנדלונגסווערטער הייסט דיא ניט-בעשטימטע אַרט.

פאָלגענדעס איז אַ פערצייכניס פון אַלע האַנדלונגסווערטער, וואָס זיינען ביזהער פאָרגעקומען, מיט זייערע פאָרמעס פיר דיא פערגאַנגענע צייט און פון דעם פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט.

| פערגאַנגענע צייט און מיטעלוואָרט. | ניט-בעשטימטע אַרט. | ניט-בעשטימטע אַרט. | פערגאַנגענע צייט. | פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט. |
|---|---|---|---|---|
| געהאַט. | האָבען, | To have, | had, | had. |
| געוועזען. | זיין, | To be, | was (וואָ־ז), | been. |
| געטהאָן. | טהאָן, | To do, | did (דיד), | done (דאָן). |
| געזעהן. | זעהן, | To see, | saw (סאָ־), | seen (סי־ן). |
| גערופען. | רופען, | To call, | called, | called. |
| געגעבען. | געבען, | To give, | gave (גייוו), | given (גיוון). |
| געלויבט. | לויבען, | To praise, | praised, | praised. |
| פערקויפט. | פערקויפען, | To sell, | sold (סאָולד), | sold. |
| ערוואַרטעט. | ערוואַרטען, | To expect, | expected, | expected. |
| געקומען. | קומען, | To come, | came (קיים), | come. |
| געקענט, געוואוסט. | קענען, וויסען; | To know, | knew (ניו), | known. |
| געלעבט, געוואוינט. | לעבען, וואוינען; | To live, | lived, | lived. |
| געוואוינט. | וואוינען, | To reside, | resided, | resided. |
| געברויכט. | ברויכען, | To want, | wanted, | wanted. |
| געאַרבייטעט. | אַרבייטען, | To work, | worked, | worked. |
| געקויפט. | קויפען, | To buy, | bought (באָ־ט), | bought. |
| געגאַנגען. | געהן, | To go, | went (וועגט), | gone (גאָן). |
| געפונען. | געפינען, | To find, | found (פאַונד), | found. |
| געהערט. | געהערען, | To belong, | belonged(בילאָנגד), | belonged. |

ביא דיא רעגעלמעסיגע האַנדלונגסווערטער, וואָס ערהאַלטען d, ed פיר דיא פערגאַנגענע צייט און מיטעלוואָרט, וועט אין דיא וויטערדיגע לעקציאָנען קומען אַ שטערנדעל (*).

| | | | |
|---|---|---|---|
| The vice (וואַיס) | דיא זינד | The war (וואָר) | דער קריג מלחמה |
| The virtue (וואָיר־טשו) | דיא טוגענד | The peace (פי־ס) | דער פרידען, שלום |
| Industrious (אינדאַס־טריאָס) | פלייסיג | Useful (יוס־פול) | ניצליך |
| Lazy (לייזי), idle (אַידל) | פויל | Pleasant (פּלע־זאָנט) } | אַנגענעהם |
| Hurtful (האָירט־פול) | שעדליך | Agreeable(אָגרי־אָבל) } | |
| True (טרו) | וואהר, ריכטיג | Diligent (די־לידזשענט) | פלייסיג |

| | |
|---|---|
| עס איז רעכט. עס איז ניט רעכט. | It is right. It is not right. |
| איז עס אונרעכט? עס איז ניט אונרעכט. | Is it wrong? It is not wrong. |
| זיין גערעכט, האָבען רעכט. | To be right. |
| זיין אונגערעכט, האבען אונרעכט. | To be wrong. |

| | |
|---|---|
| Is it right to be industrious? | איז עס רעכט צו זיין פלייסיג? |
| It is very wrong to be idle. | עס איז זעהר אונרעכט צו זיין פויל. |
| Is not my brother wrong not to give me anything? | איז מיין ברודער ניט אונגערעכט מיר גאָרנישט צו געבען? |
| To have a mind, to have a wis | האָבען לוסט. |
| The mind (מאינד) דער פערשטאנד, לוסט | The wish (וויש) דער וואונש, דיא לוסט |
| Not to have a mind (.אָד wish). To have no mind (.אָד wish). | ניט צו האָבען קיין לוסט, קיין לוסט צו צו האָבען. |
| Have you a mind (.אָד wish) to go to the ball? | האט איהר לוסט צו געהן אויפ'ן באל? |
| I have no wish (.אָד mind) to go. | איך האָב קיין לוסט צו געהן. |

דיא פאָרם פון דער פערגאַנגענער צייט איז פיר אַלע פערזאָנען אין איינצאָהל און מעהר=צאָהל דיא זעלביגע, מיט אויסנאַהמע פון דעם האַנדלונגס וואָרט to be, וועלכעס האַט פיר מעהר=צאָהל אַן אַנדער פאָרם, נעמליך were (וואָיר).

| | |
|---|---|
| I was; he, she, it was. | איך וואר; ער, זיא, עס וואר. |
| We were; you were; they were. | מיר ווארען; איהרווארט; זייא ווארען. |
| I had; he, she, it had. | איך האָב געהאַט; ער, זיא, עס האט געהאט. |
| We had; you had; they had. | מיר האבען געהאט; איהר האָט געהאט; זייא האבען געהאט. |
| I saw; he saw. | איך האב געזעהן; ער האט געזעהן. |
| We saw; you saw; they saw. | מיר האבען געזעהן; איהר האט געזעהן; זייא האבען געזעהן. |
| I called; he called; she called. | איך האב גערופען; ער האט גערופען; זיא האט גערופען. |
| We called; you called; they called. | מיר האָבען גערופען; איהר האט גערופען; זייא האבען גערופען. |
| Did my brother give you your book back again yesterday? | האט אייך מיין ברודער נעכטען געגעבען אייער בוך צוריק? |

אי אַ פראַגע=זאַץ און אי אַ פערניינונגס זאַץ קומט אין דער פערגאַנגענער צייט did פאַר דעם האַנדלונגס וואָרט; דאָס האַנדלונגס וואָרט קומט נאָך did אין זיין איינפאַכער פאָרם, ד. ה. אָהן אַ שום צוגעזעצטע ענדונג.

| | |
|---|---|
| He gave it me yesterday morning. | ער האט עס מיר געגעבען נעכטען אין דער פריה. |

אין ענגליש האָבען דיא האַנדלונגס ווערטער דרייא פאָרמעס פיר דיא פערגאַנגענע צייט: דיא איינפאַכע, דיא נעגענווערטיג=פערגאַנגענע און דיא פאָר=פערגאַנגענע.

דיא איינפאַכע פאָרם פון דער פערגאַנגענער צייט איז דיא, וועלכע קומט אַליין, אָהן דער הילפע פון have אָדער to be, בלויז מיט דער ענדונג ed.

דיא איינפאַכע פאָרם פון דער פערגאַנגענער צייט ווערט געברויכט פיר אַ טהואונג אין אַ גאַנץ=פערגאַנגענער צייט: פיר נעכטען, פאָריגע וואָך, פאָריגען יאהר, פיר אַ

פערגאַנגענע שטונדע או. אַז. וו.; עבענפאַלס ווען מען רעדט פון דיא טהואונגען פון געשטאָרבענע.
(דיא געגענוואַרטיג=פערגאַנגענע און דיא פאַר=פערגאַנגענע צייט=פאָרמעס וועלען ערקלערט ווערען
אין דער 26סטער לעקציאָן).

| | |
|---|---|
| Yesterday (יעס׳טערדיי). | נעכטען. |
| Yesterday morning. | נעכטען אין דער פריה. |
| Yesterday evening. / Last night. | נעכטען (אין) אבענד. |
| Did you expect me last night (אָד. yesterday evening)? | האט איהר מיך ערוואַרטעט נעכטען אבענד? |
| I expected you last night. | איך האָב אייך ערוואַרטעט נעכטען אבענד? |
| Was my son industrious yesterday? | איז מיין זוהן נעכטען געוועזען פלייסיג? |
| I was there an hour ago (אָד. since). | איך בין דאָרטען געוועזען פאַר א שטונדע (א שטונדע צוריק). |
| A week ago (אָד. since). | פאַר אכט=טאָג (א וואָך צוריק). |

### Ago (אָגאָו׳), צוריק, פאַר; since (סינס), זייט, צוריק, פאַר.

| | |
|---|---|
| Eight days ago (אָד. since). | פאַר אכט טעג (אכט טעג צוריק). |
| I called him an hour ago (אָד. since). | איך האָב איהם גערופען פאַר א שטונדע (א שטונדע צוריק). |
| We did not expect it. | מיר האָבען עס ניט ערוואַרטעט. |

### That (דהאָט), דאָס, אַז.

## 56. צום איבערזעצען.

איז עס ניט גוט, יעדען (to every body) צו זיין ניצליך?—עס איז גוט, רעכט און זעהר אַנגענעהם יעדען צו זיין ניצליך.—איז עס ניצליך צו האָבען פיעלע פריינד?—עס איז ניצליך און אַנגענעהם צו האבען פיעלע פריינד.—איז עס ניט אַנגענעהם צו וואוינען אין א שעהנעם הויז?—עס איז ווירקליך זעהר אַנגענעהם צו וואוינען אין א שעהנעם הויז און צו האָבען א גרויסען גאָרטען.—איז עס שעדליך צו האָבען פיינד (שונאים)?—עס איז זעהר גוט גאָר קיין פיינד צו האָבען (גאָר קיין, at all, אַם ענדע).—האט מיין ברודער רעכט מיך צו וועקען (רופען) אין דער פריה?—ער האט זעהר רעכט דיך צו וועקען.—האט איהר לוסט צו פערקויפען אייער פערד?—איך האָב לוסט עס צו פערקויפען (צו פערקויפען עס); האט איהר לוסט עס צו קויפען (צו קויפען עס)?—איך האב קיין לוסט עס צו קויפען, אבער מיין פריינד, דער ענגלענדער, וועלכער וואוינט אין אונזער הויז, האט לוסט עס צו קויפען.—האט איהר צייט (time) צו זעהן מיינע שעהנע ביכער?—איך האב קיין צייט יעצט זייא צו זעהן.—האט איהר לוסט צו געהן היינט אבענד אויף דעם באַל?—איך האָב לוסט, אָבער איך האב קיין צייט צו געהן אויפ׳ן באַל.—וואס איז דער יעניגער (he), וועלכער איז קיינעם ניט ניצליך?—ער איז יעדען שעדליך (שעדליך קומט פאַר יעדען).—איז עס א זינד צו זיין פויל?—עס איז א גרויסע זינד.

## 57. צום איבערזעצען.

וואו זייט איהר געוועזען נעכטען?—איך בין געוועזען אויף דעם לאנד.—ווען זייט איהר געוועזען אויף דעם לאנד?—איך בין דארטען געוועזען פאר צווייא טעג (צווייא טעג צוריק).—זייט איהר נעכטען אבענד געוועזען אויף דעם באל?—איך בין דארטען געוועזען (געוועזען פאר דארטען).—זיינען אייערע שוועסטערס דארטען געוועזען?—זייא זיינען דארטען ניט געוועזען; זייא זיינען ניט געגאנגען.—איז אימעצער געוועזען בייא (with) אייך?—אייערע קוזינען שארלאטע און אמאליע זיינען געוועזען בייא זייא.—וואס האבען זייא געטהאן? (do—what did they do? האט אזוי גוט וויא אנדערע האנדלונגס ווערטער בייא א פראגע און א פערניינונג דאס האנדלונגסווארט do פאר זיך).—איך ווייס ניט, וואס זייא האבען געטהאן—וואו זייט איהר געווען נעכטען מיינע העררען?—מיר זיינען געוועזען אויף (in) דעם פעלד.—האט איהר נעכטען מיין בוך געהאט?—איך האב עס ניט געהאט, מיין ברודער האט עס געהאט.—האט אייער שוועסטער געהאט (פאר have קומט געוועהנליך ניט do) איהרע פראנצויזישע לעקציאן אום זיבען א זייגער היינט אין דער פריה (דיזען מארגען)?—זיא האט היינט קיין לעקציאן; זיא האט זיא (it) געהאט נעכטען.—האט איהר נעכטען געזעהן דאס פערד אויף דעם לאנד? (געכטען אם ענדע).—איך האב עס ניט געזעהן.—האט עס דער ענגלענדער געזעהן?—ניין, דער ענגלענדער האט עס ניט געזעהן, אבער זיין בעדיענטער האט עס געזעהן.—האבען אייערע ברידער געזעהן מיינע שוועסטערס אין טהעאטער נעכטען אבענד?—איך ווייס ניט, אויב זייא האבען זייא געזעהן.—וועמען האט איהר געזעהן?—מיר האבען געזעהן אייער פעטער און אייער מומען.—האבען אייערע פריינד געזעהן אימעצן, וועמען זייא האבען געקענט?—האט דער מאן, וועלכער איז נעכטען געוועזען היער, גערופען מיין פעטער?—ער האט גערופען אייער פאטער און אייער ברודער ווילהעלם.—וואס האט איהר געגעבען דעם ארימען יונגעל?—איך האב איהם געגעבען ברויט און א פאאר שיך.—האט אייער שוועסטער עפעס געגעבען דעם קליינעם מיידעל?—מיין שוועסטער איז ניט געוועזען צו הויז, אבער מיין קוזינע עליזע האט איהם (איהר) עפעס געגעבען.—ווען האט איהר געגעבען מיין ברודער זיין בוך צוריק? (back נאך געגעבען).—איך האב עס איהם געגעבען צוריק פאר דרייא טעג (three days ago).

## 58. צום איבערזעצען.

האט אייער פאטער פערקויפט נעכטען זיינע באוועל?—ער האט זיא פערקויפט דעם פראנצויז?—וואס האט דער מאן, וועלכער איז היער געוועזען א שטונדע צוריק, פערקויפט אייער מוטער?—ער האט איהר פערקויפט באוועלנע זאקען און לעדערנע האנדשוה.—וועלכע פון דיא צווייא יונגלאך דארטען אויף (in) דער גאס האט אייך נעכטען פערקויפט דעם הונד?—דער גרויסער (tall) מיט דעם שטאק האט איהם מיר פערקויפט.—זיינען דיא צווייא יונגלאך געקומען צוזאמען?—ניין, זייא זיינען געקומען ניט צוזאמען.—זיינען דיא העררען, וועלכע איהר האט ערווארטעט, געקומען נעכטען אבענד?—איינער פון זייא איז געקומען אום זיבען, דער אנדערער איז געקומען אום האלב אכט.—האט אייער שוועסטער געוואוסט נעכטען, דאס מיין מוטער איז ניט געוועזען צו הויז?—איך ווייס ניט, אויב זיא האט עס געוואוסט.—ווייסט איהר, דאס איך האב פערקויפט

מיין פערד נעכטען אין דער פריה?—מיר האבען עס שוין געוואוסט נעכטען.—איהר ווייסט אבער ניט, דאס איך האב שוין ווידער אן אנדערס (one another).—ניין, מיר האבען עס ניט געוואוסט.—פון וועמען האט אייער פאטער געקויפט זיין ווין נעכטען?—ער האט איהם געקויפט פון דעם שפאניער.—אין (at) וועלכען לאדען האט אייער מומע געקויפט איהרע זיידענע זאקען דרייא אדער פיער טעג צוריק?—זיא האט זייא געקויפט אין דעם גרויסען, נייעם לאדען אויף (in) גראנד גאס.—זייט איהר נעכטען געגאנגען מיט אייער פריינד אויף לאנד (נעכטען אם ענדע)?—מיין ברודער און מיין שוועסטער מא־ריע זיינען געגאנגען מיט זייא; איך בין ניט געגאנגען מיט זייא, דען איך בין געגאנגען אין טהעאטער.—ווען זייט איהר געגאנגען צו ב׳ט נעכטען אב׳נד?—מיר זיינען געגאנ־גען צו בעט זעהר פריה; עס איז געוועזען גראדע א פערטעל אויף עלף.—זייט איהר נעכטען געגאנגען אויף (to) דיא בערזע?—איך בין ניט געגאנגען; מיין זוהן איז געגאנגען.—האט איהר געפונען דיא וואארען, וועלכע איהר האט געזוכט?—איך האב יעפונען מאנכע (some), אבער איך האב ניט געפונען אלע, וועלכע (that) איך האב געברויכט.—האט איהר דעם האללענדער געפונען צו הויז דיזען מארגען?—יע, איך האב איהם גע־פונען נאך (still) אין בעט.—ווייסט איהר נאך ניט (do you not yet know—אין א פער־זיינונג קומט yet צו בעצייכענען נאך) וועמען געהערט דאס זייגערל, וועלכעס איהר האט נעכטען געפונען?—עס האט געהערט צו א שפאניער.—וואו האט איהר עס גע־פונען?—מיר האבען עס געפונען אין גאס.

## 26th Lesson.—26סטע לעקציאן.

דיא געגענווערטיג־פערגאנגענע צייט־פארם ווערט געמאכט אויס דעם פערגאנגענהייטס מיטעלווארט און דעם האנדלונגס־ווארט to have, האבען, אדער א מאל אויך to be, זיין.

דיא געגענווערטיג־פערגאנגענע צייט־פארם ווערט געברויכט ווען דיא צייט, וואס דיא האנד־לונג איז געשעהן איז נאך ניט פערפלאכען, וויא: היינט, דיזען פארמיטאג, דיזע וואך, היינטיגען יאהרהונדערט, אדער וואו עס ווערט גאר קיין צייט ניט אנגעגעבען.

ביידע צייט־פארמעס, דיא איינפאכע און דיא געגענווערטיג־פערגאנגענע, ווערען אין יודיש איבערגעזעצט אלץ איינס, ווארום אנשטאט דיזע ביידע פארמעס פיר דיא פער־גאנגענע צייט איז אין יודיש מעהר נימא וויא איינע. איבערזעצענדיג דיא יודישע שטיקער אין ענגליש מוז דער לערנער גוט האלטען אין זינען דיא רעגלען, ווען צו געברויכען דיא איינפאכע צייט־פארם און ווען צו געברויכען דיא געגענווערטיג־פערגאנגענע, און אין דער ענגלי־שער איבערזעצונג שטעלען יעדע אויף איהר ארט. וואו עס וועט זיין שווער צו ענטשיידען, וועל־כע צייט־פארם צו געברויכען, וועט עס אנגעוויזען ווערען אין מיטען זאץ דורך דיא בוכשטאבען „א. פ.‟ פיר דיא איינפאכע פערגאנגענע און „ג. פ.‟ פיר דיא געגענווערטיג־פערגאנגענע.

| | |
|---|---|
| איז מיין פעטער דא געוועזען? | Has my uncle been here? |
| האט איהר ניט געזעהן מיין ברודער? | Have not you seen my brother? |
| איך האב היינט געקויפט זעהר פיעלע ביכער. | I have bought a great many books to-day. |
| זייט איהר געוועזן אין ענגלאנד? | Have you been in England? |
| זיינען מיר היינט ניט געוועזן גוט? | Have not we been very good to-day? |

| | |
|---|---|
| יע, איהר זייט געווען גוט דיזע גאַנצע וואָך. | Yes, you have been **very good all this** week. |
| דיזע גאַנצע וואָך. | All this week. |
| איז מיין פעטער געקומען? | Is my uncle come? |
| ער איז געקומען, אָבער ער איז ווידער אוועקגעגאַנגען. | He is come, but he **is gone away again.** |
| וויא לאַנג זייט איהר (שוין) היער? | How long have you been here? |

דיא געגענוואַרטיג־פערגאַנגענע צייט־פאָרם ווערט אין ענגליש מאַנכמאָל געברויכט אַנשטאָט דיא געגענוואַרטיגע צייט־פאָרם אין יודיש, אָבער דאָס איז נאָר דאַן, ווען דיא האַנדלונג איז אין דער ווירקליכקייט אַ פערגאַנגענע. ווען מיר פרעגען אַ מענשען, וויא לאַנג ער איז אין אַ לאַנד, אָדער וואו עס איז, מיינען מיר: וויא לאַנג איז ער שוין דאָרטען אָפּגעווען, ד. ה. וועלכע צייט איז פערגאַנגען זינט ער איז דאָרטען. דיא צייט־פאָרמעס, וואָס קומען נאָך דיא ווערטער שוין און נאָך ווערען אין ענגליש אימער איבערזעצט מיט דער געגענוואַרטיג־פערגאַנגענער צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| איך בין נאָך ניט לאַנג היער. (בוכשטעבליך: איך בין נאָך ניט לאַנג געוועזען היער). | I have not been here long. |
| וויא לאַנג האָט איהר (שוין) דיזען הוט? (בוכשט.: וויא לאַנג האָט איהר שוין געהאַט דיזען הוט?) | How long have you had **this hat?** |
| איך האָב איהם (נאָך) ניט לאַנג. | I have not had it long. |

אויסער דיא איינפאַכע און געגענוואַרטיגע פערגאַנגענע צייט־פאָרמעס איז דאָ נאָך איינע מיט דעם נאָמען דיא פאָר־פערגאַנגענע, וועלכע ווערט געמאַכט דורך דיא איינפאַכע פערגאַנגענע צייט־פאָרם פון have (נעמליך: had) צוזאַמענגעזעצט מיט דעם פערגאַנגענהייטס מיטעל־וואָרט פון דעם האַנדלונגס וואָרט; צ. ב. I had expected, איך האָב געהאַט ערוואַרטעט; I had seen, איך האָב געהאַט געזעהן או. אַז. וו.

דיא פאָר־פערגאַנגענע צייט־פאָרם בעצייכענט אַ האַנדלונג, וואָס איז שוין לאַנג פערגאַנגען, וואָס איז שוין געענדיגט געוואָרען אין דער פערגאַנגענער צייט, איבערהויפּט פאַר אַן אַנדער טהואונג, וועלכע איז יעצט אויך אַ פערגאַנגענע.

דיא טהואונג וואָס קומט נאָך אַ פריהערדיגע טהואונג ווערט אין ענגליש אימער אויסגעדריקט מיט דער איינפאַכער פערגאַנגענער צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| איך האָב געהאַט געזעהן מיין מומען, איידער איהר האָט געזעהן אייערע. | I had seen my aunt, before you **saw** yours. |
| מיין ברודער האָט געהאַט פערקויפט זיין אַלטע אוהר, איידער מיין שוועסטער האָט איהם געקויפט אַ נייע. | My brother had sold his old **watch,** before my sister bought him **a new** one. |
| אַלס מיין ברודער האָט געקויפט אַ נייע אוהר, האָט ער שוין פערקויפט זיין אַלטע. | When my brother bought **a new watch,** he had already sold his old one. |
| איז מיין פאָטער שוין געוועזען אין אייער הויז, ווען איך בין אויסגעגאַנגען? | Had my father already been **at your** house, when I went out? |

| | |
|---|---|
| When did you find this money? When have you found this money? | ווען האט איהר געפונען דיזעס געלד? |

מיט דיא ווערטער when, as ווערט מעהרםטענס דיא אייגפאכע פערגאנגענע צייט־פארם געברויכט.

| | |
|---|---|
| I found it when (אַד. as) we went out of the house this morning. | איך האב איהם געפונען, ווען (אלס) מיר זיינען הערויסגעגאנגען פון הויז דיזען מאָרגען. |

## When (הוועז), as (אַז), ווען, אלס.

ווען דאס וואָרט when שטעהט בייא צווייא האנדלונגען, פון וועלכע דיא ערשטע איז געשעהען פריהער, שטעהט דיא ערשטע האנדלונג אין דער פאָר־פערגאנגענער צייט־פאָרם און דיא צווייטע אין דער אייגפאכער פערגאנגענער צייט־פאָרם; ווען עס שטעהט בייא צווייא גלייכצייטיגע האנדלונגען, קומען ביידע אין דער אייגפאכער פערגאנגענער צייט־פאָרם.

As (אַלס) שטעהט אימער בייא גלייכצייטיגע האנדלונגען.

| | |
|---|---|
| When I was in New York, I went to theatre almost every evening. | אלס איך בין געוועזען אין ניו יאָרק, בין איך געגאנגען אין טהעאטער ביינאהע יעדען אבענד. |
| When were you in (אַד. at) New York? | ווען זייט איהר געוועזען אין ניו יאָרק? |
| I was there when your brother was there. | איך בין דאָרטען געוועזען, ווען (אלס) אייער ברודער איז דארטען געוועזען. |
| When did you see my brother? | ווען האט איהר געזעהן מיין ברודער? |
| One evening as my father and I went into the theatre. | איין אבענד, אלס מיין פאָטער און איך זיינען געגאנגען אין טהעאטער. |
| Augusta (אָ־גאַס־טאָ). | אויגוסטא. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The year (ייר) | דאס יאָהר | The day (דיי) | דער טאג |
| One day (וואַן דיי) | איין טאג | One evening (וואַן איווניגג) | איין אבענד |

| | |
|---|---|
| Had you been here long when I came home? | זייט איהר שוין לאנג געוועזען היער, אלס איך בין געקומען אהיים? |
| I had not been here long. | איך בין (נאָך) ניט לאנג געווע היער. |

## 59. צום איבערזעצען.

ווער האט געהאט (ג.־פ.) מיין פעדער?—אייער ברודער האט זיא געהאט.—ווען האט ער זיא געהאט?—ער האט זיא געהאט דיזען מאָרגען.—וועמעס פערד האט איהר געהאט?—מיר האבען געהאט אונזער פעטער'ס פערד.—האבען דיא קינדער געהאט זייער פריהשטיק?—זייא האבען עס נאך ניט געהאט (נאָך ניט have).—וואו זייט איהר היינט געוועזען?—איך בין היינט נאך ניט אויס (out) געוועזען.—זייט איהר געוועזען אויף דער בערזע?—ניין, מיין ברודער איז דאָרטען געוועזען.—זייט איהר און דיא קינדער היינט געוועזען אויף לאנד?—מיר זיינען היינט דאָרטען ניט געוועזען.—זיינען אייערע צווייא פריינד, דער האללענדער און דער איטאליענער, געוועזען היער דיזען מאָרגען?—זייא

זיינען געוועזען היער.—איז אימעצער אַנדערס (זאָנסט, else) געוועזען היער?—איך ווייס ניט, אויב אימעצער אנדערס איז געוועזען היער.—איז דיא דינסט געוועזען אין מאַרק (at the market)?—זיא איז דאָרטן געוועזען פאַר פריהשטיק.—ווען איז (has) דער שניידער געוועזען היער?—ער איז גאָר היער ניט געוועזען (גאָר ניט not at all; not צווישען has און been, at all צום ענדע).—זיינען דיא מיידלאַך געוועזען היינט אין שולע?—זייא זיינען היינט ניט געוועזען אין שולע.—וואָס האסט דוא געטהאָן דיזע גאַנצע (all this) וואָך?—איך האב געטהאָן זעהר פיעל.—האט איהר געזעהן מיין פעטער'ס נייעם הויז?—איך האב עס נאָך ניט געזעהן.—ווייסט דו, צי (if) דער דיענער האט געזעהן דעם שוסטער?—יע, ער האט איהם געזעהן.—וואו האט איהר געזעהן דעם יונגען ענגלענדער?—איך האב איהם געזעהן אין גאַס.—ווער האט מיך גערופען?—קיינער האט דיך גערופען.—האט יאָהאַן גערופען דעם הונד?—ער האט איהם גערופען (איהם, it).—האט אייער פאטער געגעבען אייער ברודער דאס ענגלישע בוך?—ער האט עס איהם געגעבען היינט נאָכמיטטאָג (דיזען נאָכמיטטאָג).—וואָרום האט איהר געגעבען דעם קינד אזוי פיעל פלייש?—איך האָב איהם (אָד. איהר) געגעבען ניט מעהר (no more) אלס איך גיב איהם (אָד. איהר) געוועהנליך (געוועהנליך, usually, פאַר give).

## 60. צום איבערזעצען.

האָט אייער מוטער עפּעס געגעבען מיין קליינער שוועסטער?—זיא האט איהר געכטען געגעבען (א. פ.) זעהר א שעהנעס, איטאַליענישעס בוך (געכטען צום ענדע).—האט אייער מומע אייך געלויבט?—זיא האט אונז געלויבט, דען מיר זיינען געוועזען זעהר גוט.—האט איהר דיזע וואכע פיעל פערקויפט? (צייט צולעצט).—ניין, מיר האבען זעהר וועניג פערקויפט.—האט אייער פאָטער פערקויפט זיינע פערד?—ער האט נאָר פערקויפט איינס.—וועלכעס האט ער פערקויפט?—ער האט פערקויפט דאס קליינע.—האט איהר פערקויפט אייער גאַנצעס (all your) האָלץ?—מיר האָבען נאָך ניט פערקויפט אַלעס.—האט דער מאַן פערקויפט זיינע זילבערנע מעסערס און גאָפּלען?—ער האט ניט פערקויפט דיא זילבערנע, נאָר דיא שטאָהלענע מיט עלפענביינערנע שטיעלען.—איז אייער פאָטער געקומען?—ער איז געקומען אין (to) שטאָדט דיזען נאָכמיטטאָג.—איז אימעצער געקומען מיט איהם?—ניין, קיינער איז מיט איהם געקומען.—וויא לאַנג קענט (ג. פ.) איהר שוין דיזען מאַן? (שוין ניט איבערזעצט).—איך קען איהם שוין לאַנג (long אָד. a long time).—קען אייער ברודער דעם יונגען שאָטלענדער שוין לאַנג?—ער קען איהם נאָך ניט לאַנג (נאָך ניט איבערזעצט).—קענען אייערע שוועסטערס דיא פראַנצויזינען (פראַנצויזישע דאַמען) שוין לאַנג?—זייא קענען זייא שוין זעהר לאַנג.—וואוינט איהר שוין לאַנג אויף דעם לאַנד?—מיר וואוינען נאָך ניט לאַנג דאָרטען.—וואוינט אייער פריינד'ס פאָטער שוין אזוי לאַנג אין שטאָדט, וויא זיין פעטער אויף דעם לאַנד?—ער וואוינט נאָך ניט גאַנץ (quite) אזוי לאַנג איז דיזער שטאָדט.—האט דער שפּאַניער געקויפט דיא שאָף?—יע, ער האט געקויפט פינף און פערציג שאָף און אויך דרייצעהן אָקסען.—בייא (of) וועמען האט איהר געקויפט אייער ווין?—איך האב נאָך ניט געקויפט קיין (any) ווין.—האט איהר געקויפט עפּעס אַנדערס?—איך האב געקויפט א שער און צוויא דוצענד מעסערס און גאָפּלען.

## .61 צום איבערזעצען.

האָב איך געהאַט רעכט (was I right) צו קויפען אזוי פיעלע מעסערס?—ניין, איהר האָט געהאַט אונרעכט צו קויפען זייא.—וואָרום האב איך געהאַט אונרעכט?—ווייל איהר האָט געהאַט גענוג מעסערס.—וואו איז (is) דער בעדיענטער געגאַנגען (gone)?—ער איז געגאַנגען אויף דעם מארק.—וועלכער פון אייך איז געגאַנגען אויף דיא בערזע היינט?—איך בין דאָרט געוועזען (ג. פּ.).—איז מיין זוהן צו הויז?—ניין, מיין העררע, ער איז געגאַנגען אין דיא קירכע.—ווער איז מיט איהם געגאַנגען?—איך וויים ניט, אויב אימעצער איז (is) געגאַנגען (gone) מיט איהם.—וואו זיינען דיא יונגע דאַמען געגאַנגען?—זייא זיינען (are) געגאַנגען מיט זייער מומען אין טהעאַטער.—ווען איז מיין זוהן געגאַנגען (א. פּ.) אויף לאַנד?—ער איז געגאַנגען פאר מיטטאגעסען; עס איז געוועזען אונגעפעהר (about) האלב צוועלף.—האבען דיא לייטע געפונען זייער געלד ווידער? (ווידער צוליצעט).—זייא האבען עס נאָך ניט געפונען.—איז עס וואר, דאס אייער ברודער האט געפונען אַ גאָלדענע איהר?—ער האט געפונען אן אוהר, אבער עס איז ניט געוועזען (א. פּ.) א גאָלדענע, נאָר אַ זילבערנע.—ווען האָסטו געגעבען מיין שליסעל?—איך האב איהם געגעבען דעם בעדיענטען.—דוא האסט געטהאן (ג. פּ.) זעהר אונרעכט איהם צו געבען (צו) דעם בעדיענטען.—האט איהר פערקויפט אַלע אייערע היט?—ניין, איך האב נאך וועלבע (ג. ד, left, צולעצט).—וויא פיעל געלד האט איהר נאָך (איבריג)?—איך האָב נאָך צוועלף גולדען (איבריג).—האט איהר מעהר קינדער אַלס אייער שוועסטער?—ניין, זיא האט מעהר אַלס איך; זיא האט דרייא און איך האב נאר דיזעס איינע.—וועלכע פון דיזע ביכער געהערען (צו) אייך, דיזע אדער יענע?—דיזע געהערען (צו) מיר און יענע געהערען (צו) מיין ברודער.

## .62 צום איבערזעצען.

ווען האט איהר געקויפט אייער הוט?—איך האב געהאַט געקויפט מיין נייעם הוט, איידער דער מאַן האט פערקויפט (א. פּ.) מיין אַלטען.—האט איהר געהאַט געזעהן אייער מומען, איידער אייער ברודער האט געזעהן אייער מוטער?—מיין ברודער האט געהאַט געזעהן מיין פאָטער און מוטער, איידער איך האב געזעהן מיין מומען.—האט איהר נאָך געהאַט (א. פּ.) אייער הויז אויף דעם לאַנד, אַלס (when) איהר האט געקויפט דאס נייע אין שטאָדט?—איך האב שוין געהאַט פערקויפט מיין הויז אויף דעם לאַנד, אַלס איך האב געקויפט (א. פּ.) מיין הויז אין שטאָדט.—זיינען מיינע ברידער געוועזען (were) אויסגעגאַנגען, אַלס זייא זיינען געקומען נאך אונזער הויז?—קאַרל איז געוועזען אויסגעגאַנגען, אבער יאָהאַן איז נאך געוועזען צו הויז.—האט איהר ניט געהאַט געפונען דאָס געלד, איידער איך האב אייך געזעהן דיזען פאָרמיטטאג?—איך האב עס געהאַט געפונען און האב שוין עס געגעבען צוריק דעם מאַן, וועמען עס האט געהערט, איידער איהר האט מיך געזעהן.—קענט איהר (ג. פּ.) דעם יונגען פראַנצויז שוין לאַנג?—איך האב איהם שוין געהאַט געקענט, איידער איך בין געגאַנגען נאך (to) ניו יאָרק.—זיינען דיא יונגע לייטע געגאַנגען נאך הויז, נאָכדעם וויא (נאָכדעם וויא, after) מיר האבען געהאַט געוועזען אין טהעאַטער?—זייא האבען געהאַט געגאַנגען נאך הויז און האבען

נעהאט געזעהן מיין פאָטער, איידער זייא זיינען געגאַנגען (א. פ.) אין טהעאַטער.—האט איהר געזעהן מיין ברודער, ווען (אלס) איהר זייט געוועזען אין ניו יאָרק?—איך האב איהם געזעהן אַיין אבענד, אלס (as) ער איז געגאַנגען (א. פ.) אין טהעאַטער.—האט דער בעדיענטער נעהאַט גערופען מיין ברודער, איידער איך האב אייך גערופען?—אלס איהר האט מיך גערופען, האט ער אייער ברודער נאך (yet) ניט געהאַט גערופען.—ווען האט איהר געקויפט דיזע אוהר?—איך האב זיא געקויפט, אלס איך בין געוועזען אין ניו יארק. —ווען האט אייער פאטער פערקויפט זיין פערד?—ער האט עס פערקויפט, אלס איך בין געוועזען אויף דעם לאַנד.—ווען האט מיין פעטער מיך געליבט?—ער האט אייך געליבט אַיין טאָג, אלס איהר און אייער ברודער זייט געוועזען אין (at) קירכע.—האט אייער פעטער געוואוינט אין שטאָדט אלס איהר האט געוואוינט אויף דעם לאַנד?—אלס מיר האבען געוואוינט אויף דעם לאַנד, האט מיין פעטער געוואוינט אין שטאָדט. —האט ניט מיין ברודער געהאַט פערקויפט זיין פערד דעם פראַנצויז, איידער איהר האט פערקויפט אייערס דעם ענגלענדער?—אייער ברודער האט נאך ניט פערקויפט זיין פערד, אלס (when) איך האב געקויפט מיינס.

## 63. צום איבערזעצען.

וואו האט איהר געזעהן דיזע דאַמע?—איך האב זיא געזעהן אַיין אָבענד אין אייער הויז.—ווען האט איהר געפונען דיזע אוהר?—איך האָב זיא געפונען אַיין פריהמאָרגען אין דער גאַס.—ווער האט געליבט איהר שוועסטער?—מיין מומע האט זיי געליבט.—ווען האָט זיא זיא געליבט?—אַיין אבענד, אלס זיא איז געוועזען ביי אונז אויף לאַנד (ביי אונז, with us, צולעצט).—האט דער מאַן גערופען זיין פרוי, אדער האט זיא איהם גערופען? (איהם צולעצט).—ער האט זיא ניט גערופען, זיא האט איהם גערופען. —האט אייער בעדיענטער געזעהן אונזערן, אלס אונזערער האט געזעהן אייערן?—אונזער בעדיענטער האט געזעהן אייערן, אבער אייערער האט ניט געזעהן אונזערן.—וועמעס בוך איז עס געוועזען, וואס (that) אייער קוזינע אויגוסטע האט געפונען אין מיין צימער?—עס איז געוועזען איהרס.—וועמען האט דער טישלער פערקויפט דיא טישען און שטוהלען, וועלכע (that) איך האב איהם פערקויפט געבטען?—ער האט זייא נאך קיינעם ניט פערקויפט.—זיינען עס (they) געוועזען שפאַניער אָדער איטאַליענער, וועלכע האבען געקויפט אייער ברודער'ס פערד?—עס זיינען געוועזען ניט קיין (neither) שפאַניער ניט קיין (nor) איטאַליענער, עס זיינען געוועזען צווייא שאָטלענדער און אַן אירלענדער.—געהערט דיזעס הויז (ג.פ.) אייער פאָטער שוין לאַנג? (שוין ניט איבערזעצט).—ער האט עס שוין (ג.פ.) צווייא יאהר.—קענען אייערע שוועסטערס אייערע פערד, ווען זייא זעהען זייא?—זייא קענען ניט מיינע, אבוואהל (although אָד. though) איך קען זייערע.—גיט אייך אייער פאטער אזוי פיעל געלד, וויא איהר ברויכט?—ער גיט מיר אזוי פיעל וויא איך ברויך.—ליבט אייך אייער פאָטער אזוי אָפט, וויא ער ליבט אייער ברודער?—ער ליבט מיך אימער, ווען ער ליבט מיין ברודער.—ארבייטעט איהר אזוי אָפט, וויא אייער ברודער ארבייטעט?—איך ארבייט, ווען ער ארבייטעט, און ער געהט אויס, ווען איך געה אויס; מיר געהן אימער אויס (always פאַר go out) צוזאַמען אום האלב צוועלף פאָרמיטטאָג (in the forenoon).

# 27th Lesson.—27סטע לעקציאָן.

Which of these two pretty little girls is your daughter, Madam?

וועלכעס פון דיזע צווייא שעהנע קליינע מיידלאַך איז אייער טאָכטער, מאַדאַם?

The taller one is my daughter, the other one is my niece.

דיא גרעסערע איז מיין טאָכטער, דיא אַנדערע איז מיין ניכטע (פּלעמעניצע).

Is your son as old as mine?

איז אייער זוהן אַזוי אַלט וויא מיינער?

He is younger than yours, and my nephew, my brother's son, is the youngest of the three.

ער איז יונגער אַלס אייערער, און מיין נעפע (פּלעמעניק), מיין ברודער'ס זוהן, איז דער יונגסטער פון דיא דרייא.

בייא צאָהל־ווערטער ווערט ones ניט געשטעלט פיר אַ פריהער־ערמאָהנטע זאַך; מען זאָגט קיינמאָל ניט two ones, three ones אויף דער אַרט וויא מען זאָגט good ones, young ones א. אז. וו.

The nephew (נעוויו) (ער נעפע (פּלעמעניק | The niece (נים) (דיא ניכטע (פּלעמעניצע

אייגענשאַפטען האָבען דרייא גראַדען אָדער שטופען: דיא געוועהנליכע, דיא העכערע און דיא העכסטע; און אייגענשאַפטס ווערטער נעהמען געוויסע ענדונגען אָדער ווערטער צו בעצייכנען דיא העכערע און דיא העכסטע שטופע.—בייא איינזילביגע און עטליכע צווייזילביגע אייגענשאַפטסווערטער ווערט צו בעצייכנען דעם העכערן גראַד צוגעזעצט er, דעם העכסטען—est, און וואו דאס וואָרט ענדיגט זיך מיט e ווערען בלויז צוגעזעצט r, st.

| אייבפאַכע שטופע. | העכערע שט. | העכסטע שט. | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| Old, | older, | oldest. | אלט, | עלטער, | עלטעסט. |
| Great, | greater, | greatest. | גרויס, | גרעסער, | גרעסט. |
| Large, | larger, | largest. | | | |
| Sour (סאַור), | sourer, | sourest. | זויער, | זויערער, | זויערסט. |
| Sweet, | sweeter, | sweetest. | זיס, | זיסער, | זיסעסט. |
| Full (פול), | fuller, | fullest. | פול, | פולער, | פולסט. |
| Long, | longer, | longest. | לאַנג, | לענגער, | לענגסט. |
| Short, | shorter, | shortest. | קורץ, | קירצער, | קירצעסט. |

You are a happy man; you are happier than I am, for labor is sweeter than idleness.

דוא ביסט אַ גליקליכער מענש; דוא ביסט גליקליכער אַלס איך בין, ווייל אַרבייט איז זיסער אַלס לעדיג־גאַנג.

Labor (לייבאָר) ארבייט | Idleness (איידל'נעס) לעדיג־גאַנג

You are quite right; I am the happiest man in the world, when I have a good deal to do.

איהר זייט גאַנץ גערעכט; איך בין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט, ווען איך האָב פיעל (אַ סך) צו טהאָן.

בייא אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט y, פאַר וועלכען עס געפינט זיך אַ קאָנסאָנאַנט, ווערט דאס y בייא דער צוזעצונג פון er און est פערביטען אויף i, וויא עס איז צו זעהן פון דיא פאָלגענדע ביישפיעלע:

| | | | איינפאַכע שטופע. | העכערע שט. | העכסטע שט. |
|---|---|---|---|---|---|
| שעהנסט. | שעהנער, | שעהן, | Pretty, | prettier, | prettiest. |
| גליקליכסט. | גליקליכער, | גליקליך, | Happy, | happier, | happiest. |
| געשעפטיגסט. | געשעפטיגער, | געשעפטיג, | Busy (ביזי), | busier, | busiest. |
| פוילסט. | פוילער, | פויל, | Lazy, | lazier, | laziest. |
| וויציגסט. | וויציגער, | וויציג, | Witty(וויט׳טי), | wittier, | wittiest. |
| שמוציגסט. | שמוציגער, | שמוציג, | Dirty, | dirtier, | dirtiest. |

My friend, the Italian, is more learned than the Spaniard, but the French physician is the most learned man that I saw.

מיין פריינד, דער איטאַליענער, איז געלהר־טער אַלס דער שפּאַניער, אבער דער פראַנצויזישער אַרצט איז דער געלעהר־טעסטער מאַן, וועלכען איך קען.

The physician (פיזישאַן). דער דאָקטאָר, דער אַרצט.

ביי צוויי־זילביגע אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ענדיגען זיך אויף ful ,en ,ed ,al ,ain, id ,ile ,ing ,ive ,less ,ous ,some און ate, ווי אויך ביי אַלע דריי־זילביגע און מעהר־זילביגע אייגענשאַפטסווערטער, ווערט פיר די העכערע שטופע געשטעלט דאָס וואָרט more (מעהר), פיר די העכסטע—most (מעהרסט).

ביי handsome קענען די העכערע און העכסטע שטופען אויך געמאַכט ווערען דורך r, st.

| | | | איינפאַכע שט. | העכערע שט. | העכסטע שט. |
|---|---|---|---|---|---|
| געפעליגסט. | געפעליגער, | געפעליג, | Obliging, | more obliging, | most obliging. |
| ניצליכסט. | ניצליכער, | ניצליך, | Useful, | more useful, | most useful. |
| געלעהרטעסט. | געלעהרטער, | געלעהרט, | Learned, | more learned, | most learned. |
| שעהנסט. | שעהנער, | שעהן, | Beautiful, | more beautiful, | most beautiful. |

## Than (דהאַן), אַלס.

Is not your stick longer than that of your brother?

איז ניט אייער שטאָק לענגער אַלס אייער ברודער׳ס?

Yes, it is the longest stick that I ever had (אָד. that I have ever had).

יע, עס איז דער לענגסטער שטאָק, וועלכען איך האב אַמאָל געהאַט.

## Ever (עווער), אַמאָל, ווען.

ביי די ווערטער ever, never און when ווערט מעהרסטענס געברויכט די איינפאַכע פערגאַנגענע צייט־פאָרם.

My uncle's house is larger and more beautiful than yours; it is the largest and most beautiful house in the whole neighborhood.

מיין פעטער׳ס הויז איז גרעסער און שעהנער אַלס אייערס; עס איז דאָס גרעסטע און שעהנסטע הויז אין דער גאַנצער נאַכבאַרשאַפט.

Neighborhood (נייבאָרהרד) נאַכבאַרשאַפט | Whole (האָול) גאַנץ

ווען עס געהען צוויי אייגענשאַפטסווערטער צו איין זאַכוואָרט און איינס נעהמט פיר די שטופען er, est און דאָס אַנדערע more, most, דאַן שטעהט דאָס אייגענשאַפטסוואָרט מיט er, est צוערשט.

## 64. צום איבערזעצען.

איז מיין גלעזערנע (glass) פלאַש אזוי גרויס און אזוי שעהן וויא אייערע?—זיא איז גרעסער און שעהנער אלס מיינע.—איז דעם ענגלענדער'ס פעטער עלטער אלס מיין פאָטער?—ניין, אייער פאָטער איז עלטער אלס ער.—וועלכע פון דיזע מיידלאַך איז דאס עלטעסטע?—וועמעס שטאָק איז לענגער, אייערער אדער מיינער?—מיינער איז לענגער; עס איז דער לענגסטער שטאָק, וואָס (that) איך האָב אמאָל (ever) געזעהן.—האט אייער מומע א גרעסערעס הויז אלס מיר האָבען?—מיין מומע'ס הויז איז פיעל גרעסער; עס איז איינס פון דיא גרעסטע הייזער וואָס (that) איך האב אמאָל געזעהן.—איז דיזעס פראַנצויזישע בוך אזוי טהייער וויא יענעס, וועלכעס איך האב נעכטען געקויפט?—עס איז פיעל טהייערער, אלס אייערס; עס איז איינס פון דיא טהייערסטע ביכער, וואס ז'ער מאַן האט מיר ווען (ever) געשיקט.—איז דאס טהעאטער געוועזען פול נעכטען זובענד?—עס איז געוועזען פיעל פולער, אלס איך האב ערוואַרטעט.—איז עס געוועזען נולער, אלס עס איז געוועזען אכט טעג צוריק?—עס איז געוועזען דאס פולסטע הויז, וועלכעס (that) איך האב אמאָל געזעהן.—זיינען דיא שיפען פון דיא ענגלענדער אזוי גרויס וויא דיא שיפען (אַנשטאַט צו ווידערהאָלען שיפען קומט those) פון דיא שפּאניער?—פיעלע פון דיא ענגלישע שיפען זיינען פיעל גרעסער אלס דיא שפאַנישע און מאַנכע זיינען ניט אזוי גרויס.—איז דיזעס געוואַנד (cloth) ביליגער אלס יענעס?—ניין, עס איז ניט ביליגער; דען איך האב ניעמאלס געקויפט ביליגערעס געוואַנד, אלס יענעס.—איז ניט מיין ראָק צו לאַנג?—ניין, ער איז ניט צו לאַנג, דען ער איז קירצער אלס מיינער און דאס (that) איז דער קירצעסטער ראק, וועלכען איך האב ווען (ever) געהאט.—איז ניט דער וויין, וועלכען דער פראַנצויז האט אייך פערקויפט (ג.פ.), זויער?—געוויס, ער איז זויערער אלס יענער, וועלכען איהר האט געקויפט פאַר דרייא וואָכען; עס איז דער זויערסטער וויין, וועלכען איך האב ווען געקויפט.—זיינען דיזע גלעזער אזוי טהייער וויא יענע?—יענע זיינען טהייערער אלס דיזע.

## 65. צום איבערזעצען.

האט איהר געזעהן דעם מיאוסן (ugly) הונד, וועלכען מיין ברודער האָט?—ניין, איך האב איהם ניט געזעהן; איז ער מיאוסער אלס דער (that), וועלכען דער האָללענדער האָט?—עס איז ווירקליך (indeed) דער מיאוסטער הונד, וועלכען איך האב ווען געזעהן (א. פ.).—וויא פיעלע קינדער האט אייער מומע?—זיא האט זיבען זעהר שעהנע (pretty) מיידלאַך.—זיינען זייא אַלע שעהן?—זייא זיינען אלע פיעל שעהנער אלס וועלכע איינע (any) פון דיא יונגע מיידלאַך, וואס (who) זיינען נעכטען געוועזען אין (at) אונזער הויז (נעכטען צולעצט).—זייא זיינען דיא שעהנסטע מיידלאַך אין דער שטאָדט.—זייט איהר זעהר בעשעפטיגט (busy) יעצט?—יע, איך ארבייט זעהר פיעל (a great deal); איך בין קיינמאל געוועזען בעשעפטיגטער אלס יעצט (just now).—איז דאס (this) א געשעפטיגע (busy) צייט בייא (with) אייך?—דאס איז אונזער געשעפטיגע צייט אין דעם יאהר.—זייט איהר יעצט בעשעפטיגטער, אלס איהר זייט געוועזען א מאָנאט צוריק?—יע, געוויס; א מאָנאט צוריק האבען מיר געארבייטעט נאר פאָרמיטטאָג (in the forenoon),

אבער יעצט ארבייטען מיר פאָרמיטטאָג, נאכמיטטאג און זעהר אָפט זעהר שפעט אין אבענד.—ארבייטעט אייער פעטער יאָהאַן פיעל? (much; בייא א פראַגע געברויכט מען ניט דעם אויסדרוק a great deal).—ער ארבייטעט זעהר וועניג; ער איז דער פוילסטער יונג (boy), וועלכען איך האב ווען געקענט.—איז ניט מיין פריינד, דער אירלענדער, זעהר וויציג?—יע, איך האב איהם געזעהן איניגע (a few) טעג צוריק; ער איז ווירקליך וויציגער, אלס איך האב ערוואַרטעט (א. פ.).—איז ער ניט דער וויציגסטער מענש (person), וואס איהר האט ווען געזעהן?—יע, ער איז פיעל וויציגער אלס מיין פעטער.—וואָרום איז אייער שרייב-בוך אזוי שמוציג?—איך האב ניט געהאט קיין לעש-פאַפּיער נעכטען.—אייער שרייב-בוך איז שמוציגער אלס וועלכעס (any) פון דיא אַנדערע; אלע אייערע ביכער זיינען דיא שמוציגסטע אין דער שולע.

## 66. צום איבערזעצען.

ווער איז געוועזען דער מאַן, וועלכען איך האב נעכטען געזעהן אין (at) אייער הויז?—ער איז אונזער דאָקטאָר און זעהר א (a פאַר very) געלעהרטער מאַן.—איז ער געלעהרטער אלס דער ענגלישער דאָקטאָר, וועלכער וואוינט אין פילאַדעלפיא (Philadelphia) און וועלכער איז געוועזען היער איניגע (some) טעג צוריק?—איך ווייס ניט, אויב ער איז געלעהרטער, אלס דער ענגלישער דאָקטאָר; אבער ער איז איינער פון דיא געלעהרטעסטע מענער, וועלכע מיר האָבען אין דער שטאָדט.—האט איהר שוין געזעהן מיין פעטער'ס שעהנעם (beautiful) גאָרטען?—איך האב איהם געזעהן איניגע (a few) טעג צוריק; ער איז שעהנער אַלס אונזערער.—איז עס ניט דער שעהנסטער גאָרטען אין שטאָדט?—יע, עס איז דער שעהנסטער און גרעסטער גאָרטען, וועלכען איך האב געזעהן אין דיזער נאַכבאַרשאַפט; ער האט איהם געקויפט א מאָנאט צוריק פון א מאַן, וועלכער וואוינט אויף גראַנד גאַס.—האט דער מאַן נאך מעהר פערד?—יע, ער האט נאך זעהר פיעלע (a great many more); אבער יענעס, וועלכעס מיין פעטער האט געקויפט, איז געוועזען דאס שעהנסטע פון אַלע (=פון זייא אַלע, of them all).—געפינט איהר עס אזוי אנגענעהם צו וואוינען אויף לאַנד, וויא איהר האט ערוואַרטעט?—איך געפין עס פיעל אנגענעהמער; עס איז געוויס אנגענעהמער צו זיין אין דער פריה און אין אבענד אויף דעם לאַנד אלס צו זיין אין דער שטאָדט.—געפינט איהר ניט דעם פריה-מאָרגען דיא אַנגענעהמסטע צייט אויף דעם לאַנד?—איך געפין דיא אבענדען דיא אנגענעהמסטע צייט, ווייל אין דער פריה געה איך אין שטאָדט (צייט צולעגט) און איך קום פון דער שטאָדט אין אבענד.—איז אייער זוהן זעהר פלייסיג יעצט, מאדאַם?—יע, ער איז פלייסיגער, אלס ער איז געוועזען מאנכע (some) צייט צוריק.—וועלכער פון דיזע יונגען איז דער פלייסיגסטער (diligent, industrious)?—דיזער איז דער פלייסיגסטער; ער ארבייטעט מעהר, אלס דיא צווייא אנדערע (others) צוזאַמען.—וואָרום ביסט דוא ניט פריינדליכער (געפעליגער) געגען (צו) דיין שוועסטער?—איך בין זעהר געפעליג געגען איהר; איך בין געוויס דער געפעליגסטער ברודער אין דער גאַנצער שטאָדט, איך גיב איהר אימער וואס זיא פערלאַנגט (to want) פון מיר.—אבער עס איז גאָר ניט געפעליג (ג אָ ר נ י ט נאָך געפעליג) ניט אויסצוגעהן מיט איהר.—איך האב עטוואס אנדערס צו טהאָן.

# 28th Lesson.—28סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| וואָס פיר א פעטער אָקס דאָס איז! | What a fat ox that is! |
| איך האב נעכטען איינעם געזעהן, וועלכער איז געוועזען פעטטער; עס איז געוועזען דער פעטטסטער אָקס, וועלכען איך האב אמאָל געזעהן. | I saw one yesterday that was fatter; it was the fattest ox that I had ever seen. |
| איז דאס נים א גרויסעס קינד? | Is not this a big child? |
|ווירקליך, עס איז גרעסער אלס מיין שוועסטער'ס. | Indeed, it is bigger than my sister's. |
| עס איז דאס גרעססטע קינד. | It is the biggest child. |

ווען אַן איינ-זילביגעס אייגענשאַפטסוואָרט ענדיגט זיך מיט אַן איינצעלנעם קאָנסאָנאַנט, פאַר וועלכען עס געפינט זיך אַן איינצעלנער וואָקאַל-בוכשטאַב, ווערט דער ענד-קאָנסאָנאַנט געדאָפּעלט פאַר דיא צוגעזעצטע ענדונגען er, est.—ביישפּיעלע:

| | | | אייגפאַכע שט. | העכערע שט. | העכסטע שט. |
|---|---|---|---|---|---|
| גרעסט. | גרעסער, | גרויס, | Big, | bigger, | biggest. |
| פעטסט. | פעטטער, | פעט, דיק, | Fat, | fatter, | fattest, |
| דינסט. | דינער, | דין, | Thin, | thinner, | thinnest. |

פאָלגענדע אייגענשאַפטסווערטער האָבען אונרעגעלמעסיגע פאָרמעס פיר דיא העכערע און דיא העכסטע שטופע.

| | | | אייגפאַכע שט. | העכערע שט. | העכסטע שט. |
|---|---|---|---|---|---|
| בעסט. | בעסער, | גוט, | Good, | better, | best. |
| ערגסט. | ערגער, | שלעכט, | Bad, Ill, Evil, | worse(וואָירס), | worst(וואָירסט). |
| שפּעטסט. | שפּעטער, | שפּעט, | Late, | later (לייטער), | latest. [מיט בעצוג אויף צייט.] |
| לעצט. | לעצטער, | שפּעט, | Late, | latter(לאַ'טער), | last. [מיט בעצוג אויף אָרדנונג.] |
| קלענסט. ווענינסט. | קלענער, ווענינער, | קליין, וועניג, | Little, | less, | least (לייסט). |
| מעהרסט. | מעהר, | פיעל, פיעלע, | Much, Many, | more, | most. |
| נעהענטסט. נעכסט. | נעהענטער, | נאָהענט, | Near, | nearer, | nearest. next. |
| עלטעסט. | עלטער, | אלט, | Old, | older, elder, | oldest. eldest. |
| ווייטעסט. | ווייטער, | וויט, | Far, | farther, | farthest. |

Next מיינט סאַמע נעכסט, וואָס געפינט זיך גלייך לעבען א געגענשטאַנד אָדער

גלייך נאָך איהם; צ. ב. the next house, דאָס נעכסטע, דאָס צווייטע הויז; next to me, נעכסט צו מיר, גלייך נאָך מיר.

Older, oldest ווערען נאָר געברויכט פיר ווירקליכע אַלטקייט, elder און eldest—פיר עלטערקייט, איבערהויפט ווען מען רעדט פון דיא יאָהרען פון שוועסטער און ברידער: the oldest man, דער עלטעסטער מאַן; the elder brother דער עלטערער ברודער; the eldest sister, דיא עלטעסטע שוועסטער או. אַז. וו.

פאָלגענדע אייגענשאַפטסווערטער ווערען אימער נאָר געברויכט צו בעצייכענען דיא העכסטע שטופע:

| | |
|---|---|
| The foremost (פאָור׳מאָוסט). | דער, דיא, דאָס פארדערסטע. |
| The hindmost (האינד׳מאָוסט). | דער, דיא, דאָס הינטערסטע. |
| The innermost (אינ׳נערמאָוסט). | דער, דיא, דאָס אינוועניגסטע. |
| The lowermost (לאָו׳ערמאָוסט). | דער, דיא, דאָס ניעדעריגסטע. |
| The nethermost (נע׳דהערמאָוסט).<br>The undermost (אָנ׳דערמאָוסט).<br>The bottommost (באָט׳טאָם-מאָוסט). | דער, דיא, דאָס אונטערסטע. |
| The outmost (אוט׳מאָוסט).<br>The outermost (אוטערמאָוסט). | דער, דיא, דאָס אויסערסטע. |
| The utmost (אָט׳מאָוסט). | דער, דיא, דאָס אויסערסטע, מעגליכסטע |
| The upmost (אָפ׳מאָוסט).<br>The uppermost (אָפּ׳פערמאָוסט).<br>The topmost (טאָפּ׳מאָוסט). | דער, דיא, דאָס אויבערסטע. |

## Very (וועׂ׳רי), סאמע,ווירקליך.

| | |
|---|---|
| The hindmost of all. | דאָס הינטערסטע פון אלע. |
| The undermost book of all. | דאָס אונטערסטע בוך פון אלע. |
| The very foremost man of all. | דער סאמע פאָרדערסטער מאַן פון אלע. |
| To stand (סטאָנד); stood (סטוד), stood. | שטעהן; געשטאנען. |
| *To appear (אָפּפּי־ר).<br>*To seem (סי־ם). | שיינען, שיינען צו זיין. |
| To hide (האיד); hid (היד), hidden (הידן). | בעהאלטען, פערבערגען; פערבאָרגען. |
| To grow (גראָו); grew (גרו), grown (גראָון). | וואקסען; געוואקסען. |
| *To borrow (באָר׳ראָו). | באָרגען, לייהען. |
| Need (ני־ד). | נויט, בעדירפניס. |
| To be in need.<br>To have need. | בעדארפען, האבען נויטה. |
| The age (איידזש). | דאס אלטער, דיא יאהרען. |
| Old age, great age. | גרויסעס אלטער, הויכעס אלטער |
| How old ? | וויא אלט? |
| What age? | וועלכעס אלטער? וויא אלט? |

| | |
|---|---|
| How old (אָד. what age) is your son William? | וויא אלט איז אייער זוהן ווילהעלם? |
| He is ten years old (אָד. he is ten). | ער איז צעהן יאהר אלט. |
| He is tall for his age. | ער איז גרויס (הויך) פיר זיין אלטער. |
| I stood near your father. | איך בין געשטאנען לעבען דיין פאטער. |

**Near (ניר), לעבען, בייא.**

| | |
|---|---|
| The corner (קאָרנער). | דער ווינקעל, דיא עקע. |
| The company (קאָמפּאָני). | דיא געזעלשאפט. |

**Most (מאָוסט), דאס מעהרסטע, דיא מעהרסטע, דער גרעסטער טהייל.**

| | |
|---|---|
| He has most. | ער האט דאס מעהרסטע. |
| Most houses (אָד. of the houses) in this town are large. | דיא מעהרסטע הייזער אין דיזער שטאָדט זיינען גרויס. |
| Most boys know this. | דיא מעהרסטע יונגלאך ווייסען דאָס. |
| Most people buy of these. | דיא מעהרסטע לייטע קויפען פון דיזע. |
| Most of this field belongs to my father. | דער גרעסטער טהייל פון דיזען פעלד געהערט צו מיין פאָטער. |

## 67. צום איבערזעצען.

איז אייער פערד אזוי גרויס וויא אונזערס?—אונזערס איז פיעל גרעסער אלס אייערס.—וועלכער פון אייך דרייא יונגלאך איז דער גרעסטער?—איך בין דער גרעסטער, איך בין פיעל גרעסער אלס יאָהאַן און (or) ווילהעלם.—ווער איז געוועזען (א. פ.) דיא דיקע (fat) פרוי, וועלכע איז געוועזען היער יעצט עבען (just now)?—עס איז געוועזען מיין אלטע מומע; זיא איז בייnאהע דיקער אלס איהר מאַן, און ער איז דער דיקסטער מענש, וועלכען איהר האט וועהן געזעהן.—וואו האט איהר געקויפט דיזען דינעם שטאָק?—איך האב איהם געקויפט בייא (of) דעם מאַן אין קאָנאָל גאס.—איז ער ניט דינער און שעהנער (prettier) אלס דער, וועלכען דער פראַנצויז האָט?—ער איז צו דין; דיא דינסטע שטעק זיינען ניט אימער דיא שעהנסטע.—ווארום קויפט איהר דיזעס דיקע פאַפּיער?—דער מאַן האט ניט געהאט קיין (had no) דינערעס.—עס איז פיעל צו דיק; עס איז דאס דיקסטע פאַפּיער, וואָס (that) איך האב וועהן געהאט.—איז דאָס (this) א גוטעס בוך?—עס איז זעהר א גוטעס, פיעל בעסער אלס יענעס, וועלכעס מיין פאָטער האט געגעבען (א. פ.) מיין שוועסטער.—ווער פערקויפט דיא בעסטע שרייב-פעדערן?—דער מאַן אין דיזען קליינעם לאַדען פערקויפט דיא בעסטע (נאָך דער העכסטער שטופע קומט ניט one אָדער ones).—דיא שער איז זעהר שלעכט; האסט דוא קיין אנדערע (others, וויל שער איז אין ענגליש אין דער מעהרצאָהל).—איך האב אַן אנדערע, אָבער זיא איז נאָך ערגער.—דוא האסט אימער דיא ערגסטע שער אין גאַנצען הויז.—ווארום ניט איהר מיר אזעלכעס שלעכטעס פאַפּיער?—וויל איך האב קיין בעסערס; איך גיב

**איך דאס בעסטע, וואס (that) איך האב.—זיינען ניט דיזע זאָקען ערגער אלס יענע?—יע, נעווים; זייא זיינען דיא ערגסטע זאָקען, וועלכע איך האָב ווען געקויפט (א. פּ.).—ווארום קומט איהר אזוי שפּעט נאך הויז?—עס איז ניט שפּעט, עס איז ערשט (נאָר, only) האלב ניין.—ווער איז געוועזען (א. פּ.) דער לעצטער, וואָס איז געקומען אהיים?—יאָהאן און הענריך זיינען געקומען צוזאמען אום א פערטעל אויף פינף (=א פערטעל נאָך פיער); עדוואַרד איז געקומען א שטונדע שפּעטער און קאַרל איז געוועזען דער לעצטער; ער איז געקומען דער שפּעטסטער (the latest).—האבען דיא לייטע, וועלכע זיינען געוועזען (א. פּ.) אין אייער הויז, פיעל געלד?—איך ווייס ניט, אויב זייא האבען פיעל געלד; זייא האבען פיעלע קינדער און פיעלע בעדיענטע.**

## 68. צום איבערזעצען.

ברויכט איהר אזוי פיעל זייד וויא וואָל?—איך ברויך מעהר זייד אלס וואָל.—ווער פון אייך (which of yon) האט דיא מעהרסטע ביכער?—איך האב דיא מעהרסטע (דיא ווערט ניט איבערזעצט); איך האב פיער מעהר אָלס ער.—איהר גיט מיר צו ווענינ פלייש; ווארום גיט איהר מיר ווענינער אלס (צו) מיין ברודער?—איך גיב דיר וועניגער אלס איהם, ווייל דוא ביסט דער קלענסטער יונגעל בייא (at) דעם טיש.—ווארום גיסט דוא ניט דיין ברודער דאס ברויט, וואס איז לעבען (near) דיר?—עס איז נעהענטער צו איהם אלס צו מיר (צו ווערט נאָך נעהענטער ניט איבערזעצט).—וועלכעס בוך ברויכט איהר?—יענעם וועלכעס איז נעכסט צו אייך (וועלכעס איז ווערט אין דער איבערזעצונג אויסגעלאָזען).—איז אימעצער אין נעכסטען צימער?—צווייא הערען זיינען בייא מיין פאָטער.—ווער וואוינט אין דעם צווייטען (נעכסטען, next) הויז?—איך קען ניט דיא לייטע.—וואוינען זייא (נאָך) ניט לאנג (ג.=פּ.) אין דעם הויז?—ניין, זייא זיינען געקומען ערשט (only) צווייא טעג צוריק.—וועלכעס פון דיזע ביכער ווילט איהר האָבען (=ברויכט איהר)?—דאס סאמע (very) אונטערסטע פון זייא אלע.—וואו זייט איהר געשטאנען (א. פּ.) נעכטען אבענד?—איך בין געשטאנען לעבען (near) אייער פאָטער.—וויא לאנג שטעהט (ג.=פּ.) דיזער שטוהל היער?—ער שטעהט ניט לאנג היער.—וואו שטעהט מיין רעגענשירם?—ער שטעהט אין א ווינקעל פון מיין צימער.—ער איז נעכטען דאָרטען געשטאנען, אבער ער שטעהט יעצט ניט (צייט צולעצט).—ווארום בעהאלט איהר אימער אייערע ביכער? (always פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט).—איך בעהאלט זייא ניט; זייא זיינען אימער היער אויף דעם טיש.—איז (is אָד. has) מיין זוהן ניט זעהר פיעל געוואקסען?—ער איז זעהר פיעל געוואַקסען.—איז ער מעהר געוואַקסען אלס מיינער?—ער איז ביינאָהע אזוי גרויס וויא זיין עלטערער ברודער.—איז אייער פריינד געוואָרען רייך?—ער איז געוואָרען זעהר רייך צווייא יאהר צוריק (ווערען, to grow).—באָרגט איהר אָפט געלד (אָפט פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט) פון דעם שפּאַניער?—איך באָרג קיינמאָל קיין (any) געלד פון וועמען עס איז (any body).—האט ניט דער שאָטלענדער געבאָרגט וועלכעס (some) געלד בייא (of) דעם האָללענדער?—איך ווייס ווירקליך ניט, אויב ער האט געבאָרגט וועלכעס בייא איהם אָדער ניט.

## 69. צום איבערזעצען.

**בייא וועמען באָרגען דיא שפּאַניער געלד (any money)?—דיא באָרגען בייא יע-**

דערן.—וויא אלט איז אייער עלטעסטער זוהן?—ער איז צוועלף יאהר אלט.—וויא פיעל איז אייער עלטעסטער זוהן עלטער, אלס אייער יונגסטער? (נאך דער העכסטער שטופע קומט ניט one).—ער איז פינף יאהר עלטער; מיין יונגסטער יונגע איז זיבען יאהר אלט. —איז ער ניט זעהר גרויס פיר זיין אלטער?—ער איז זעהר גרויס פיר זיין אלטער; ער איז בייכאהע אזוי גרויס וויא מיין עלטעסטער, וועלבער איז שוין ניין יאהר אלט.—האט דער מאן געהאט (א. פ.) קיין (no) גרעסערעס פערד?—ער האט געהאט (א. פ.) א גרעסערעס, אבער עס איז געוועזען (א. פ.) צו טהייער פיר איך.—ווער גיט אייך בעסערע ביכער, אייער מומע אדער אייער פעטער?—מיין פעטער גיט מיר אימער דיא בעסטע און ניצליכסטע ביכער.—שיינט ניט דיזער מאן צו זיין אלט?—יע, ער שיינט (צו) מיר צו זיין זעהר אלט.—ווארום בארגט דיזער מאן געלד בייא (of) אייך?—ווייל ער ברויכט וועלכעס.—איז ער ארמער אלס איהר?—ניין, אבער ער האט געקויפט אזוי פיעלע העמדער, שטרימפף (זאקען), שיך, שטיפעל און האנדשוה, דאס ער האט קיין געלד מעהר (איבריג, left).—ווארום בעהאלט איהר אייער שרייב־פעדער?—ווייל דאס איז דיא בעסטע שרייב־פעדער, וועלכע (that) איך האב ווען (ever) געהאט.—פון (from) וועמען בעהאלט איהר זיא?—איך בעהאלט זיא פון מיין שוועסטער.

### 70. צום איבערזעצען.

ווארום גיט איהר מיר דיזען זויערן וויין?—עס איז דער זעלבינער וויין, וועלכען איהר האט געהאט נעכטען.—איז אייער הויז אזוי שעהן (handsome) וויא אונזערס?—עס איז גרעסער און שעהנער אלס אייערס.—האט איהר ניט וועניגער צימערן, אלס מיר, און זיינען ניט אייערע צימערן קלענער, אלס אונזערע?—ניין, מיר האבען אזוי פיעלע צימערן, וויא איהר, און זייא זיינען אזוי גרויס, וויא אייערע.—ווער וואוינט נעהענטער צו אייך, דער שאטלענדער אדער דער פראנצויז?—דער שאטלענדער וואוינט נעהענטער צו אונז, דען ער וואוינט אין דעם נעכסטען (next) הויז.—איז קארל געקומען אהיים?—ניין, ער איז נאך ניט צו הויז (yet, צולעצט).—קארל איז אימער דער לעצטער.—ווארום קומט ער ניט מיט דיא אנדערע?—ער קומט אימער שפעטער, ווייל ער איז דער עלטעסטער.—זייט איהר אימער גליקליך, ווען איהר האט פריינד?—איך בין גליקליך, ווען איך האב זייא, אבער ניט, ווען איך בעדארף זייא (when I am in need of them). —איז דיזער מאן זעהר געלעהרט?—ער איז זעהר קלוג און געלעהרט; אבער ער וויל אימער (אימער פאר he wants) (he wants) צו שיינען קליגער און געלעהרטער, אלס אלע איבריגע אין דער געזעלשאפט, אין וועלכער ער איז.

---

# 29th Lesson.—29סטע לעקציאן.

בייא האנדלונגסווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט y, פאר וועלכען עס שטעהט א קאנסאנאנט־בוכשטאב, ווערט דאס y פערביטען אויף i פאר דער צוגעזעצטער ענדונג ed פיר דיא פערגאנגענע צייט און פיר דאס פערגאנגענהייט מיטעלווארט, און אויף ie פאר דעם בוכשטאב s, וואס ווייזט צו־עזיגט אין דיא דריטע פערזאן איינצאהל געגענווערטיגע צייט:

| | |
|---|---|
| To magnify (מאַג׳ניפאי), magnified. | פערגרעסערן, פערגרעסערט. |
| To satisfy (סאַ׳טיספאי), satisfied. | בעפרידיגען, בעפרידיגט. |
| He magnifies. | ער פערגרעסערט. |
| She satisfies. | זיא בעפרידיגט. |

איינ=זילביגע האַנדלונגסווערטער, וויא אויך מעהר=זילביגע האַנדלונגסווערטער מיט דעם אַק= צענט אויף דער לעצטער זילבע, וואָס ענדיגען זיך מיט אַן איינצעלנעם קאָנסאָנאַנט=בוכשטאַב, פאַר וועלכען עס שטעהט אַן איינצעלנער וואָקאַל=בוכשטאַב, פערדאָפּלען דעם ענד=קאָנסאָנאַנט פאַר דער צוגעזעצטער ענדונג ed:

| | |
|---|---|
| To shun (שאַן)—shunned (שאַנד). | מיידען, אויסמיידען—געמיידט. |
| To drop (דראָפּ)—dropped (דראָפּט). | הערא‌בווארפען—הערא‌בגעוואָרפען. |
| Charles, what o'clock is it? | קאַרל, וויא פיעל א זייגער איז עס? |
| I do not know; my watch is broken. | איך וויים ניט; מיין זייגערל איז צובראָכען. |
| To break (ברייק); broke (בראָוק), broken. | צוברעכען; צובראָכען. |
| Whose watch have you broken? | וועמעס אוהר (זייגערל) האסט דוא צו= בראָכען? |

## (אָון), אייגען. Own

| | |
|---|---|
| Has your brother your book or his own? | האט דיין ברודער דיין בוך אדער זיין איי= גענעם? |
| He has neither mine nor his own; he has his cousin's. | ער האט ניט מיינס ניט זיין אייגענעם; ער האט זיין שוועסטערקינד'ס. |
| Have you a horse of your own? | האט איהר אַן אייגענעם פערד? |
| I have not one of my own. | איך האב קיין אייגענעם. |

אייגענעם ווערט זעהר אָפט איבערזעצט מיט דיא אויסדריקע of my own, of his own, of her own או. אַז. וו. צוגעשטעלט נאך דעם געגענשטאַנד; צ. ב. האָסט דוא אַן איי= גענעם הויז? Have you a house of your own? ; האָט ער אַן אייגענעם גאָר= טען? Has he a garden of his own? או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Have you a horse of your own? | האט איהר אַן אייגענעם פערד? |
| I have not one of my own. | איך האב קיין אייגענעם. |
| They have a room of their own. | זייא האבען אַן אייגענעם צימער. |
| She has a house of her own. | זיא האט אַן אייגענעם הויז. |
| He had three houses of his own. | ער האט געהאַט דרייא אייגענע הייזער. |
| We shall not have a servant of our own. | מיר וועלען ניט האבען אַן אייגענעם דינער. |
| To bring; brought (בראָ־ט), brought. | ברייגנען; געבראַכט. |
| *To follow (פאָל׳לאָו). | פאָלגען, נאָכגעהן. |
| Why does the man follow you? | ווארום געהט אייך דער מאַן נאָך? |
| I do not know, why he follows me. | איך וויים ניט, ווארום ער געהט מיר נאָך. |
| Does William take the letters to the post-office? | נעהמט ווילהעלם דיא בריעף אויף דיא פאָסט? |
| He has already taken them. | ער האט זייא שוין גענומען. |

Take (טייק); took (טוק), taken (טייקן). — נעהמען, ברייננען, אוועגטראָגען; גענומען.
The post (פּאָוסט) אָד. Post-office (אָפּ'פיס). — דיא פּאָסט, דיא פּאָסטט.
*To carry (קאֶרי). — טראָגען.
He, she carries. — ער, זיא טראָגט.
The master (מאָס'טער) — דער הערר, ווירטה | The mistress (מיס'טרעס) — דיא ווירטהין
The pride (פּראיד) — דער שטאָלץ | The word (וואירד) — דאָס וואָרט
*To try (טראי). — פּראָבירען, זיך בעמיהען.
He, tries; she tries. — ער פּראָבירט; זיא פּראָבירט.
Why do you not try to find the man at home? — ווארום בעמיהסט דוא זיך ניט צו געפינען דעם מאַן צו הויז?
I have tried. — איך האב מיך בעמיהט.
Avaricious (אֶוואֶריישאָס). — קאַרג, גייציג.

## 71. צום איבערזעצען.

וואו האט אייער ניכטע (פּלעמעניצע) איהר זייגערל?—זיא האט עס יעצט ניט; זיא האט עס צובראָכען.—ווער האט עס?—מיין נעפע (פּלעמעניק) האָט עס.—ווען האט אייער פּלעמעניצע עס איהם געגעבען?—זיא האט עס איהם געגעבען נעכטען.—איז עס וואהר (true), דאָס אייער ברודער האט אזוי פיעלע ביכער?—ניין, עס איז ניט וואהר; ער פערגרעסערט (איבערטרייבט) אלעס.—וואָס פערגרעסערט ער?—ער פערגרעסערט דיא צאָהל (number) פון זיינע ביכער.—ווארום בעפּרידיגט איהר ניט אייער פעטער'ס פריינד?—איך האב איהם שוין בעפרידיגט.—האט איהר דעם קליינעם פראנצויז איבער־זעצט, דאס איהר האט ניט זיין בוך?—איך האב איהם יעצט איבערצייגט (צייט צו'זעצט).—ווארום בעמיהט איהר זיך ניט צו איבערצייגען אייער פאטער, דאס ער איז אונגע־רעכט?—איך האב עס זיך שוין זעהר אָפט בעמיהט.—מיידעט איך דיזער שפּאַניער אוים?—ער מיידט מיך ניט אוים.—האט אייער שוועסטער אויסגעמיידט דיזע אַלטע קארגע פרוי?—זיא האט זיא אויסגעמיידען.—האבען אייערע זיהן נעכטען אויסגעמיידט דיא יונגע לייט, וועלכע זייא האבען געזעהן אין זייער פאָטער'ס גאָרטען?—זייא האבען זייא אויסגעמיידט.—האבען זייא עפּעס הערגאָבגעוואָרפען?—איך האב הערגאָבגעוואָרפען מיין נאָז טיכעל.—וואס האט אייער קוזינע (שוועסטערקינד) הערגאָבגעוואָרפען?—זיא האט הערגאָבגעוואָרפען איהר זייגערל.—האט זיא דאס זייגערל צובראָכען אלס זיא האט עס הערגאָבגעוואָרפען?—עס האט זיך צובראָכען, אבער דאס גלאָז האט זיך ניט צובראָכען.—האט איהר אייער אייגענעם פראנצויזישעם בוך אדער אייער שוועסטערקינד'ס?—איך האב מיין אייגענעס.—האט איהר גענומען אייער פעטער'ס פערד נעכטען אדער אייער אייגענע.—מיר האבען גענומען ניט אייער פעטער'ס ניט אונזערע אייגענע.—וועמעס פערד האט איהר גענומען?—מיר האבען גענומען אונזער פריינד'ס, דעם ענגלענדער'ס פערד.—ברייננט איהר מיר מיינע שטיפעל?—ניין, איך ברייננ אייער ברודער'ס.—רופט דער בעדיענטער אייער הונד אדער דעם אירלענדער'ס?—ער רופט ניט מיינעם ניט דעם אירלענדער'ס.—וועמעס הונד רופט ער?—ער רופט זיין אייגענעם.

## 72. צום איבערזעצען.

וועמעס ראָק האט דער שניידער געבראַכט (ג.=פ.)?—ער האט געבראַכט אייער פלעמעניק'ס.—האט איהר מיין לעש=פּאַפּיער?—ניין, איך האב מיין אייגענעם.—האט דער דיענער זיין רעגענשירם אדער דיין מוטער'ס?—ער האט זיין אייגענעם.—ווען ברייננגט דער בעדיענטער דיא קינדער אַהיים?—ער ברייננגט זייא אום האלב צוועלף (=האלב נאָך עלף).—נעהמט איהר אייער קינד אַהיים, איידער איהר געהט אויף לאַנד?—ניין, איך נעהם איהם (it) מיט (with me) אויף לאַנד.—האט איהר נאָך ניט געבראַכט מיינע נייע שטיפעל?—איך האב געבראַכט אייערע און אייער זוהנ'ס נעכטען אבענד.—האט דער שוכטער שוין איך געבראַכט (=געבראַכט איך) דיא געווענדענע שיך?—ער האט זייא געבראַכט אייניגע (a few) טעג צוריק.—פיר וועמען האט דער מאַן געבראַכט דיזע העמדער?—ער האט זייא געבראַכט פיר מיך.—האט דיא פרוי נאָך ניט געבראַכט מיין טאָכטער לייגענע העמדער?—זיא האט זייא איהר געגעבען דיזען מאָרגען.—ווער ברייננגט דיא בריף אויף (to) דיא פּאָסט?—יאָהאַן האט זייא גענומען.—וואוהין נעהמט איהר דיזען טיש?—איך נעהם איהם אין (to) אייער צימער.—זיינען דיזע מיין טאָכטער'ס העמ=דער (אָד. געהערען דיזע העמדער צו מיין טאָכטער?)—ניין, מאַדאַם, זייא זיינען אייער ניכטע'ס.—האט איהר געבראַכט דעם ארימען מאַן דאס געלד, וואס איך האב אייך געגעבען פיר איהם נעכטען?—איך האב עס נאָך ניט געבראַכט צו איהם.—האט דער בעדיענטער געבראַכט דיא בריעף פון (from) דער פּאָסט?—יע, ער האט געבראַכט דרייא.—וויא פיעלע בריף האט איהר היינט צו נעהמען אויף דיא פּאָסט? (to-day צולעצט).—איך האב צו נעהמען פינף (to take צולעצט).

## 73. צום איבערזעצען.

האט אייער פעטער אייך געגעבען (אייך נאָך געגעבען) וועלכעס (any) געלד?—יע, אבער נאָר זעהר ווענינג; ער איז צו קאַרג צו געבען מיר פיעל.—ער איז ניט קאַרג, וויל ער גיט אייך ניט אזוי פיעל, וויא איהר ברויכט; ער גיט אייך געלד זעהר אָפט.—איז (has) אייער פריינד, דער שפּאַניער, היינט געקומען אַהער (here) פון ניו יאָרק? (ציט צולעצט).—ניין, איך האב איהם ערוואַרטעט (א. פ.), אבער ער האט געבראָכען (ג.=פ.) זיין וואָרט.—ברעכט ער אָפט זיין וואָרט? (often צווישען does he און break).—ניין, ער ברעכט עס זעהר זעלטען.—האט אייער מוטער אימעצען מיטגענומען אויף לאַנד? (=האט אייער מוטער גענומען אימעצען מיט זיך (her) אויף לאַנד?)—זיא האט גענומען דיא קינדער.—ווער נעהמט אייערע קינדער אין (to) שולע אין דער פריה?—דער בע=דיענטער פיהרט (נעהמט) זייא.—טראָגט ער זייערע ביכער?—ער טראָגט דיא ביכער (אָנשטאָט דיא ביכער קומט those) פון דיא דרייא יונגסטע; דיא צווייא עלטעסטע טראָגען זייא אליין (=זייערע אייגענע).—וועלכער פון אייערע זיהן איז דער פלייסיגסטער?—ווילהעלם איז דער פלייסיגסטער פון אלע (=פון זייא אלע).—איז ער דער עלטעסטער?—ניין, דער עלטעסטער איז דער פוילסטער.—וואו איז מיין גלאָז?—קאַרל האט עס צו בראָכען.—קאַרל צוברעכט אלעס (every thing).—ווער האט עס איהם געגעבען (א. פ.)?—עדוואַרד האט עס איהם געגעבען.—עס איז זעהר אונרעכט פון (of) עדוואַרדן (צו) קאַרלען

צו געבען מיין גלאָז (צו קארלען נאָך געבען); ווארום ניט ער איהם ניט זיין איינענעם? —זיין איינענעם איז שוין געוואָרען צובראָכען.—איז שטאָלץ א טוגענד (א שעהנע מדה, virtue) אדער א זינד (vice)?—עס איז ניט קיין (neither) טוגענד ניט קיין (nor) זינד.

## 30th Lesson.—30סטע לעקציאָן.

### (סעלף), זעלבסט, אליין. Self

| | |
|---|---|
| I did not go myself; I sent the servant. | איך בין ניט געגאנגען אליין, איך האב געשיקט דעם בעדיענטען. |
| I myself; thou thyself. | איך זעלבסט; דוא זעלבסט. |
| He himself; she herself. | ער זעלבסט; זיא זעלבסט. |
| It itself. | עס זעלבסט; ער זעלבסט; זיא זעלבסט. |
| One one's self (אָד. oneself). | מען זעלבסט. |
| We ourselves (אירסעלווז). | מיר זעלבסט. |
| You yourself. | איהר זעלבסט (איינצאָהל). |
| You yourselves (יורסעלווז). | איהר זעלבסט (מעהרצאָהל). |
| Why did you not (אָד. did not you) go yourself? | ווארום זייט איהר (איינצאָהל) ניט געגאנגען אליין? |
| I was not quite well and, therefore, stopped (אָד. stayed) at home. | איך בין ניט געוועזען גאנץ געזונד און דעריבער בין איך געבליבען צו הויז. |

### (דהער'פאָור), דעריבער. Therefore

| | |
|---|---|
| To send (סענד); sent (סענט), sent. | שיקען; געשיקט. |
| To feel (פי־ל); felt (פעלט), felt. | פיהלען; געפיהלט. |
| To stay (סטיי); staid (סטייד), staid. [אויך רעגעלמעסיג.] | בלייבען; געבליבען. |
| *To remain (רימיין). | בלייבען. |
| *To stop (סטאָפּ). | זיך אבשטעלען, בלייבען שטעהן; בלייבען. |
| To cut (קאָט); cut, cut. | שניידען; געשניטען. |
| Were you in the country last week? | זייט איהר געוועזען אויף לאנד פאָריגע וואָך? |
| I was not in the country all (אָד. the whole of) last month. | איך בין ניט געוועזען אויף לאנד דעם גאנצען פאָריגען מאָנאט. |
| Last month — פאָריגען מאָנאט | Last week — פאָריגע וואָך |
| The month (מאָנטה). | דער מאָנאט. |
| My father has written this letter; he always writes all his letters himself. | מיין פאָטער האט געשריבען דיזען בריף; ער שרייבט אימער זיינע בריף אליין (זעלבסט). |

| | |
|---|---|
| To write (**ראיט**); wrote (**ראוט**), **written** (**ריטן**). | שרייבען; **געשריבען.** |
| Have you yourselves **read what the man** has written? | האט איהר אליין **געלעזען, וואס דער מאן** האט געשריבען? |
| To read (ריד); **read** (**רעד**), **read** (**רעד**). | לעזען; **געלעזען.** |
| We have read the letter ourselves. | מיר **האבען אליין געלעזען דעם בריף.** |

דיא ווערטער myself, yourself או. אז. וו. קומען געוועהנליך אם ענדע פון זאץ.

| | |
|---|---|
| My brother himself has seen the man. | מיין ברודער אליין האט געזעהן דעם מאן. |
| He has seen him himself. | ער האט איהם אליין געזעהן. |
| She gave it to her herself. | זיא אליין האט עס איהר געגעבען. |
| They saw them themselves. | זייא אליין האבען זייא געזעהן. |
| Do you go to the post-office **yourself?** | געהט איהר (איינצאהל) אליין אויף דיא פאסט? |
| I assure you that I always **go myself.** | איך פערזיכער אייך, דאס איך געה אימער אליין. |
| *To assure (**אשורר**). | פערזיכערן. |
| Do you make **your own dresses, Madam?** | מאכט איהר אליין אייערע קליידער, מאדאם? |
| I make all my own dresses. | איך מאך אליין אלע מיינע קליידער. |

**Own** ווערט אין ענגליש געברויכט אנשטאט אליין אדער זעלבסט אין אזעלכע פעלע וויא אין דיא עבען-געגעבענע צוויא ביישפיעלען.

| | |
|---|---|
| Does your daughter knit **her own stockings?** | שטריקט אייער טאכטער אליין איהרע זאקען? |
| To knit (**ניט**); **knit, knit.** | שטריקען; געשטריקט. |
| We make our own **breakfast.** | מיר מאכען אליין אונזער פריהשטיק. |
| I cut my own hair. | איך שנייד אליין מיינע האאר. |
| I gave it into his own hand. | איך האב עס איהם אליין אוועקגעגעבען אין האנד. |
| This is the very same **man that we saw** yesterday. | דאס איז גראדע דער זעלבער מאן, וועלכען מיר האבען געזעהן נעכטען. |
| The very same. | גראדע דער זעלבער, עבען דער זעלבינער. |

**Quite** (קוואיט), גאנץ; **well** (וועלל), גוט, וואויל.

| | |
|---|---|
| Do you write to your **father to-day?** | שרייבט איהר צו אייער פאטער היינט? |
| I shall write to him. | איך וועל צו איהם שרייבען. |
| I shall write him **a letter.**<br>I shall write **a letter to him.** | איך וועל איהם שרייבען א בריף. |

**וועו מען שטעלט פריהער דיא פערזאן צו וועמען מען שרייבט און נאכהער דאס ווארט בריף, ווערט הערויסגעלאזען דאס ווערטעל to פאר דער פערזאן, וויא עס איז צו זעהן פון דעם זאץ: I shall write him a letter.**

I brush my clothes. איך בערשט (רייניג) מיינע קליידער.

He brushes your coat. ער בערשט (רייניגט) אייער ראָק.

*To brush (בראַש). בערשטען, אויסבערשטען, רייניגען, פוצען.

I pass your house. איך געה פארביי אייער הויז.

He passes here every day. ער געהט היער פארביי יעדען טאָג.

*To pass (פּאַס). פארבייגעהן, פאריבערגעהן.

האנדלונגסווערטער, וואָ ענדיגען זיך מיט sh, ss, x, z, נעהמען אין דער דריטער פּערזאָן אייבצאהל געגענווערטיגע צייט es אַנשטאַט s: to brush—he brushes, ער בערשטעט; to pass—she passes, זיא געהט פארבייא.

Have you made this your bed room? האט איהר דאָס געמאַכט אַלס אייער שלאָפצימער?

He has made him his head-clerk. ער האט איהם געמאַכט פיר זיין ערשטען געשעפטס בעדיענטען.

דיא ווערטער אַלס, פיר, צו אי עהנליכע, ווערען נאָך דעם האַנדלונגסוואָרט to make אין ענגליש הערויסגעלאָזען.

| | | | |
|---|---|---|---|
| The clothes (קלאָח) | דיא קליידער | The dress (דרעס) | דאס קלייד, דער אנצוג |
| The clerk (קלאָירק) | געשעפטס בעדיענטער | The fool (פּרל) | דער נאַר |

### Away (אָוויי), אוועג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Common (קאָממאָן) | געוועהנליך; איינפאַך | Free (פּרי) | פריי |

The kitchen (קיטשען). דיא קיך.

| | | | |
|---|---|---|---|
| The note | דאס בילעט, דער צעטעל | The letter (לעטטער) | דער בריף |

Next door. דיא נעבסטע (אָד. צווייטע) טהיר, אין דעם נעבסטען הויז.

Our next-door neighbor. אונזער נעבסטער נאַכבאַר (שכן).

## 74. צום איבערזעצען.

וועו האט איך אייער פאָטער געגעבען דיזע שעהנע, קליינע גאָלדענע אוהר?—ער האט זיא מיר געגעבען פאָריגע וואָך.—וואו האט ער זיא געקויפט?—ער האט זיא ניט געקויפט אַליין (זעלבסט).—ווער האט זיא פיר איהם געקויפט?—מיין פעטער האָט גע־האַט צו קויפען א דוצענד קליינע פראַנצויזישע, גאָלדענע אוהרען.—געהט דאס זייגערל גוט (well)?—איך פערזיכער אייך, דאס עס געהט זעהר גוט.—געהט אייער אוהר אזוי גוט וויא מיינע?—זיא געהט זעהר גוט, ווען זיא געהט, אבער זיא שטעלט זיך זעהר אָפט אָב.—וויא פיעל א זייגער איז עס יעצט?—איך ווייס ניט, מיין אוהר איז שטעהן געבליבען.—ווען איז זיא שטעהן געבליבען?—זיא איז געבליבען שטעהן היינט אין דער פריה אום דרייא פערטעל אויף זיבען (=א פערטעל צו זיבען).—זייט איהר היינט געגאַנגען צום שפּאַציער?—איך בין ניט געגאַנגען אַליין (זעלבסט), זאָנדערן (but) איך האב געשיקט מיין ברודער.—געהט אייער מוטער אויף דעם מארק אַליין (זעלבסט)?—ווען זיא געהט

ניט אליין, שיקט זיא (זיא פאר שיקט) איהר קעכין.—זייט איהר און אייער פּאָטער היינט געוועזען אויף דער בערזע? (צייט צולעצט).—מיר זיינען ראַרטען ניט געוועזען זעלבסט.—געהט קיינער אַנדערס פיר אייך אויף (to) דיא בערזע, ווען איהר געהט ניט אליין?—יע, ווען מיר געהען ניט אויף דיא בערזע אליין, שיקען מיר (=מיר שיקען) אונזער געשעפטס בעדיענטען.—ווארום שיקט מיר ניט אייער ברודער מיין פראַנצויזישעס בוך צוריק?—ער פערזיכערט מיר, דאס ער האט עס אייך געשיקט.—געהט איהר זעלבסט אויף דיא פּאָסט?—איך פערזיכער אייך, דאס איך געה אימער (=אימער געה) זעלבסט.

## 75. צום איבערזעצען.

האט אייער שוועסטער זעלבסט געשריבען דיזען בריף? (זעלבסט צולעצט).—זיא פערזיכערט מיר, דאס זיא האט איהם געשריבען זעלבסט.—זיינען אייער הערר (ווירטה) און ווירטהין צו הויז?—מיין ווירטהין איז צו הויז, אבער מיין ווירטה איז אוועגגעגאַנגען (is gone out).—וואו איז אייער ווירטהין?—זיא איז אין (דער) קיך.—געהט זיא זעלבסט אין קיך? (זעלבסט צולעצט).—יע, געוויס, זיא איז אימער זעלבסט אין קיך.—זיינען דיאביידע האַללענדער אליין געוועזען היער, אדער זייא האבען געשיקט זייער בעדיענטען?—זייא זיינען זעלבסט געוועזען היער.—געהען אייערע טעכטער זעלבסט צו זייער מומען, איהר אונגצוטראָגען (to take to her) דאס קלייד, אדער זייא וועלען עס שיקען צו איהר? (צו קען אויבגעלאָזען ווערען).—ניין, זייא ברייננגען עס זעלבסט.—איז דער יונגער מאַן היער ווידער געוועזען נעכטען?—וועלכער יונגער מאַן?—פון דער צווייטער (next) טהיר, וועלכער בלייבט אימער (=אימער בלייבט) אזוי לאַנג.—ער איז דאָרטען געבליבען צווייא שטונדען.—ווארום איז ער געבליבען אזוי לאַנג?—ער האט ניט געוואוסט ווא פיעל אוהר (what o'clock) עס איז געוועזען.—ווארום האט ער ניט געוואוסט?—ער האט העראבגעוואָרפען זיין אוהר איין טאָג פאָריגע וואָך און זיא האט זיך צובראָכען.—בלייבט איהר לאַנג אויף דער בערזע?—איך בלייב ניעמאַלס לענגער אלס א שטונדע און צוואַנציג מינוטען.—זיינען דיא יונגע לייט געבליבען לאַנג בייא אייך נעכטען אבענד?—זייא זיינען געבליבען אונגעפעהר צווייא שטונדען.—בלייבט אייער זוהן געוועהנליך לאַנג אויף (at) דעם באַל?—ער בלייבט געוועהנליך (געוועהנליך פאר בלייבט) נאָר א שטונדע.—ווארום בלייבט דיא קעכין אזוי לאַנג אויף דעם מארק?—זיא בלייבט אזוי לאַנג, ווייל זיא האט זעהר פיעל צו קויפען.—ווער פוצט (בערשטעט) אייער ראָק?—דער בעדיענטער פוצט איהם.—האט ער איהם היינט געפוצט?—איך ווייס ניט, אויב ער האט איהם שוין געפוצט.—פוצט איהר ניט אייער הוט?—איך פוץ איהם אימער, איידער איך געה אוועג (=געה אויס).—אבער היינט האט איהר איהם ניט געפוצט.—איך פערזיכער אייך, איך האב איהם געפוצט היינט אין דער פריה (=דיזען מאָרגען).—ווער האט געמאכט דיזע שטיפעל?—מיין שוסטער האט זייא געמאַכט.—מאַכט ער גוטע שטיפעל?—ער מאכט זייא זעהר גוט, ניט (neither) צו גרויס ניט (nor) צו קליין.—וואו וואוינט ער?—ער וואוינט אויף איסט בראָדוויי (East Broadway).—איז דאס ניט דער זעלביגער מאַן, וועלכען מיר האבען נעכטען געזעהן אין אייער פּאָטער'ס גאָרטען? (צייט צולעצט).—יע, עס איז דער זעלביגער.—זיינען דיזע נייע שיך?—יע, זייא זיינען גאַנץ נייא.

## 76. צום איבערזעצען.

האט איהר געשיקט אייער זוהן אין (to) פאריז? —ניין, איך האב איהם ניט אוועג=
געשיקט; איך האב איהם געמאַכט פיר מיין געשעפטס בעדיענטען (פיר זוויסגעלאָזען).—
—האט איהר דאָס (this) געמאַכט פיר אייער שלאָפצימער? —יע, מיר האָבען דאָס גע=
מאַכט פיר אונזער שלאָפצימער, ווייל דאס נעבכסטע צימער איז צו קליין.—ווארום בע=
מיהט איהר אייך ניט צו מאַכען דיזען יונגען מאַן פיר אייער פריינד? —איך האב איהם
געמאַכט פיר מיין פריינד.—שניידעט דיזע שער? —ניין, עס איז זעהר א פראָסטע (common)
שער, זיא שניידעט גאר ניט.—שניידעט אייער פעדער=מעסערל? —יע, עס שניידעט זעהר
גוט (well).—שניידעט אימעצער ברויט פיר דיא קינדער? —דער בעדיענטער שניידעט וועל=
כעס פיר זייא.—ווער שרייבט אייערע בריף? —אונזער געשעפטס בעדיענטער שרייבט
דיא פראַנצוזישע בריף.—האט ער געשריבען דיזען בריף? —ניין, מיין זוהן האט געשריבען
דיזען בריף.—האט ער געשריבען נאָר דיזען איינציגען (איינעם) בריף? —ער האט געשרי=
בען נאך איינעם.—וואו איז דער אנדערער בריף, וועלכען ער האט געשריבען? —איך
האב איהם געגעבען (צו) מיין פרוי.—שרייבט אייער פאָטער אלע זיינע בריף און צעטלאך
אליין? —ער שרייבט אלע זיינע בריף אליין.—ווען האט איהר געשריבען צו דעם פראַנ=
צויז? —איך האב (צו) איהם געשריבען נעכטען.—שרייבט אייער מוטער דער איטאַליעני=
שער דאַמע א בריף אָדער א צעטעל? —זיא שרייבט איהר א צעטעל.—לעזט אייער זוהן
אייערע בריף? —ער לעזט זייא.—לעזט אייער טאכטער פיעלע ענגלישע ביכער? —זיא
לעזט מעהר דייטשע אלס ענגלישע ביכער.—ווען האט איהר געלעזען דיזעס בוך? —מיר
האבען עס געלעזען צוויא מאָנאט צוריק.

## 77. צום איבערזעצען.

האבען מיינע שוועסטערס געשריבען זייערע בריף? —זייא האבען זייא געשריבען.—
ווער האט זייא געלעזען? —אייער מוטער האט זייא געלעזען, איידער זייא האבען זייא
געשיקט אויף (to) דיא פאָסט.—שרייבט איהר דעם שפאַניער דייטשע צעטלאך? —ער
לעזט זייא ניט, ווען איך שרייב איהם דייטשע צעטלאך.—איז (has) דער שפאַניער היינט
היער פארבייגעגאַנגען? —דער שפאַניער איז היער ניט פארבייגעגאַנגען, אבער דער אי=
טאַליענער איז פארבייגעגאַנגען אונזער הויז א פערטעל צו צעהן.—האט איהר היינט
געזעהן דעם איטאַליענער'ס פאטער? (צייט צולעצט).—יע, ער איז מיר פארבייגעגאַנגען
אין (דער) גאַס.—מאַכט דיא קעכין אייער פריהשטיק פיר אייך? —ניין, מיר מאַכען אונ=
זער פריהשטיק אליין (we make our own breakfast).—שטריקט איהר פיעל, מאַדאַם?
—איך האב אימער צו (too) פיעלע אנדערע זאכען צו טהאָן; אבער מיינע מיידלאך
שטריקען, ווען זייא האבען קיין אנדער זאך (nothing else) צו טהאן; זייא שטריקען אלע
זייערע שטרימפּף (זאָקען) אליין.—מאַכע זייא אויך זייערע העמדער אליין? —ניין, זייא
מאַכען זייא ניט אליין.—ווארום פוצט (בערשטעט) איהר ניט אליין אייער ראָק און הוי=
זען? —איך וויים ניט, וואו דאס בערשטעל איז.—ווער איז דיזער יונגער מאַן? —ער איז
אונזער געשעפטס בעדיענטער.—האט איהר נאך מעהר (any more) געשעפטס בעדיענ=
טע? —ניין, מיר האבען נאָר דיזען איינעם.—איז אימעצער אייך נאָכגעגאַנגען? —א מאַן

איז מיר נאָכגעגאַנגען.—ווען איז ער אייך נאָכגעגאַנגען?—ער איז מיר נאָכגעגאַנגען נעכטען אין היינט.—נעהט איך נאָך דער הונד?—ער געהט נאָך מיין ברודער, אָבער ער געהט מיר ניט נאָך.—געהט ער נאָך אייער שוועסטער?—ער געהט איהר נאָך.

# 31st Lesson.—31סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| To think (טהינק); thought (טהאָ־ט), thought. | דענקען; געדאַכט. |
| *To esteem (איסטי־ם). | שעצען, הויכשעצען. |
| *To consider (קאָנסי־דער). | בעטראַכטען. |
| *To deem (די־ם). | מיינען. |
| To think of. | דענקען פֿון. |
| Do you think of me? | דענקסט דוא פֿון מיר? |
| Did you think of him? | האסט דוא געדאַכט פֿון איהם? |
| We thought of nothing. | מיר האָבען געדאַכט פֿון גאָרנישט. |

דיא האַנדלונגסווערטער to think, to esteem, to consider און to deem ווערען אויך געברויכט אין דער בעדייטונג האַלטען פֿיר: I think it good, איך האַלט עס פֿיר גוט; he considers it useful, ער האַלט עס פֿיר ניצליך או. אז. וו.

To esteem ווערט נאָר געברויכט אין גוטען זין בייא אַ געגענשטאַנד וואָס פֿערדיענט שעצונג, דיא אַנדערע ווערטער ווערען געברויכט אין יעדער בעדייטונג.

| | |
|---|---|
| Do you think it easy to learn the English language? | האַלט איהר עס פֿיר לייכט צו לערנען דיא ענגלישע שפּראַך? |
| I do not consider the English language difficult. | איך האַלט ניט דיא ענגלישע שפּראַך פֿיר שווער. |
| Easy (אי־זי) לייכט, גרינג | Difficult (דיפֿיקאָלט) שווער |
| *To attempt (אַטטעמפּט). | פֿערזוכען, פּראָבירען, וואַגען. |
| Have you attempted to read the French letter? | האט איהר פֿערזוכט לעזען דעם פֿראַנצויזישען בריף? |
| *To learn (לאָירן). | לערנען, זיך לערנען. |
| Do you learn to read? | לערנט איהר אייך לעזען? |
| My children learn to write. | מיינע קינדער לערנען זיך שרייבען. |
| Do you consider the young Spaniard a clever man? | האַלט איהר דעם יונגען שפּאַניער פֿיר אַ געשיקטען מאַן? |
| Clever (קלעווער). | געשיקט, פֿעהיג. |
| I think him a clever man and very pleasant companion. | איך האַלט איהם פֿיר אַ געשיקטען מענשען און פֿיר אַ זעהר אנגענעהמען קאָמפּאַניאָן. |

| | |
|---|---|
| **The companion (קאָמפּאַניאָן).** | **דער קאָמפּאַניאָן, דער געזעלשאַפטער.** |
| Is not my brother your best friend? | איז ניט מיין ברודער אייער בעסטער פריינד? |
| I esteem (.אָד think) him my best friend. | איך האַלט איהם פיר מיין בעסטען פריינד. |
| I know also that he always was a friend to my eldest brother. | איך ווייס אויך, דאַס ער איז אימער געוועזען אַ פריינד פון מיין עלטעסטען ברודער. |

דאָס יודישע ווערטעל פון ווערט אין דער צוזאַמענשטעלונג אַ פריינד פון איבערזעצט אין ענגליש to.

| | |
|---|---|
| *To remember (רימעמ׳בער).<br>*To recollect (רעקאָללעקט׳). | נעדענקען, זיך ערינערן אָן. |
| *To promise (פּראָ׳מיס). | פערשפּרעכען, צוזאָגען. |
| *To wish (וויש). | ווינשען, פערלאַנגען. |
| Do you remember what you read yesterday? | געדענקט איהר (ערינערט איהר אייך) וואָס איהר האָט נעכטען געלעזען? |
| I remember it. | איך געדענק עס. |
| I remember him very well. | איך געדענק איהם זעהר גוט. |
| Does your sister remember what she promised me? | געדענקט אייער שוועסטער, וואָס זיא האָט מיר פערשפּראָכען? |
| She remembers it. | זיא געדענקט עס. |

זיך, מיך, אונז או. אַז. וו. אין אַזעלכע זעצע, וואו דיא האַנדלונג ווערט צוריקגעוואָרפען אויף דיא פּערזאָן, פון וועלכער עס געהט דיא רייד, וויא „איך ליעב מיך", „דוא ליעבסט דיך", „ער ליעבט זיך" או. אַז. וו., ווערען אין ענגליש איבערזעצט myself, yourself, himself או. אַז. וו.

| | | | |
|---|---|---|---|
| I—to myself | איך—מיר | I—myself | איך—מיך |
| He—to himself | ער—זיך | He—himself | ער—זיך |
| She—to herself | זיא—זיך | She—herself | זיא—זיך |
| It—to itself | עס—זיך | It—itself | עס—זיך |
| One—to one's self (oneself) | מען—זיך | One—one's self (oneself) | מען—זיך |
| We—to ourselves | מיר—אונז | We—ourselves | מיר—אונז |
| You—to yourself (איינצ.) | איהר—אייך | You—yourself (איינצ.) | איהר—אייך |
| You—to yourselves (מ.) | איהר—אייך | You—yourselves (מ.) | איהר—אייך |
| They—to themselves | זייא—זיך | They—themselves | זייא—זיך |

| | |
|---|---|
| Is it right to praise one's self? | איז עס רעכט זיך צו לויבען? |
| You praise yourself, because no one else praises you. | דוא לויבסט דיך, ווייל קיין אַנדערער לויבט דיך. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| *To dress | אָנטהאָן, זיך אָנטהאָן | *To undress | אויסטהאָן, זיך אויסטהאָן |

| | |
|---|---|
| Do you not dress (yourself) yet? | טהוט איהר אייך נאָך ניט אָן? |
| At what o'clock in the evening do you undress (yourself). | וויא פיעל אַ זייגער אין אָבענד טהוט איהר אייך אויס? |

| | |
|---|---|
| זיך אויפפיהרען, זיך בענעהמען. | *To behave (ביהייוו).<br>To behave one's self. |
| וויא האט זיך מיין זוהן אויפגעפיהרט? | How has my son behaved? |
| ער פיהרט זיך אימער אויף גוט. | He always behaves well. |
| אייער שוועסטער האט זיך ניט גוט אויפ־געפיהרט. | Your sister has not behaved herself well. |
| פיהרען. | *To conduct (קאָנדאָקט׳). |
| זיך אויפפיהרען. | To conduct one's self. |
| איהר האט אייך אויפגעפיהרט זעהר גוט. | You have conducted yourself very well. |
| זעהט איהר אייך אין שפּיגעל? | Do you see yourself in the looking-glass? |
| ער האט זיך בעהאַלטען. | He had hid himself. |
| איך לויב מיך קיינמאָל. | I never praise myself. |
| לויבען מיר אונז? | Do we praise ourselves? |
| דער ארבייטער. | The workman (וואָירק׳מאַן). |
| דער שפּיגעל. | The looking-glass (לו׳קינג־גלאַס).<br>The glass (גלאַס).<br>The mirror (מיר׳ראָר). |

## 78. צום איבערזעצען.

וואָס דענקט איהר?—איך דענק, דאס עס איז בעסער צו בלייבען צו הויז אלס
אויסצוגעהען.—ווייסט איהר, וואָס אייער פריינדין דענקט?—איך וויים ניט, וואָס זיא
דענקט.—האט איהר נעכטען געדאַכט פון מיר? (צייט צולעצט).—איך האב געדאַכט
נעכטען דעם גאַנצען טאָג (all yesterday) פון אייך.—האבען אייערע ברידער געדאַכט
פון זייערע פערד?—זייא האבען געדאַכט מעהר פון זייערע פערד אלס פון זייערע ביכער.
—פון וועמען האט אייער מומע געדאַכט?—זיא האט געדאַכט פון איהרע קינדער?—
ווארום דענקט איהר ניט פון וואָס איהר האט צו טהאן?—איך דענק פון וואָס איך האב
צו טהאָן.—דענקט איהר אָפט פון מיר?—איך דענק זעהר אָפט פון גאָרנישט.—שעצט
איהר מיין פריינד?—איך שעץ איהם און זיין פאָטער.—שעצט איהר דיזען מאַן, ווייל ער
איז רייך?—איך שעץ לייטע, ווען זייא זיינען גוט, אבער ניט, ווייל זייא זיינען רייך.—
שעצט דער שפּאַניער דיא דייטשען?—ער שעצט זייא, ווען ער בארגט געלד בייא (of) זייא.
—האַלט איהר דיזען מאַן פיר געשיקט?—איך האַלט איהם פיר אַ גרויסען נאַר.—וועמען
האַלט איהר פיר געשיקטער, דעם שפּאַניער אדער דעם איטאַליענער?—איך קען ניט
איינעם ניט דעם אנדערן; אבער מיין פאָטער האַלט דעם איטאַליענער פיר געשיקטער
(cleverer) אלס דעם שפּאַניער.—האַלט איהר עס פיר רעכט צו ברעכען וואָרט? (ווען
מען רעדט פון ברעכען וואָרט כתם אין דער וועלט הע־יין, אָהן אַ פּערזאָן, שטעלט מען צו
דאָס וואָרט one's : to break one's word).—קיינער האַלט עס פיר רעכט.—האַלטען פאָטערס
פיר רעכט, ווען זייערע זיהן זיינען ניט פלייסיג?—האַלטען זייא עס פיר לייכט צו שריי־
בען אַ גוטען בריעף?—איך האַלט עס פיר זעהר שווער.—וואָס האַלט אייער שוועסטער

פיר לייכטער, צו לערנען פראַנצויזיש אָדער ענגליש?—זיא האַלט עס פיר לייכטער צו לערנען פראַנצויזיש.—לערנען אייערע קינדער ענגליש?—זייא לערנען עס.—לערנט אייער טאָכטער שוין איטאַליעניש?—זיא לערנט (ז"ג.) עס שוין אַ יאָהר (שוין ניט איבערזעצט). —האבען אייערע קינדער געלערנט שרייבען איידער זייא האבען געלערנט לעזען?—זייא האבען זיך געלערנט לעזען, איידער זייא האבען זיך געלערנט שרייבען.—בייא (of) וועמען לערנט זיך דער האָללענדער פראַנצויזיש?—ער לערנט זיך עס פון אַ פראַנצויז.—לערנט דער ענגלישער הערר (gentleman), וועלכער וואוינט אין אייער הויז, דייטש?—ער לערנט עס ניט; זיין פרוי לערנט עס.—וואָרום פּרובירט איהר ניט לערנען שפּאַניש?—איך האב עס פּרובירט, אבער איך געפין עס צו שווער.—איך פערזיכער אייך, דאס שפּאַניש איז גאָר ניט שווער (גאָר ניט צולעצט).—האט איהר עס פערזוכט (פּרובירט)?—יע, געוויס; איך האב עס ניט נאָר פערזוכט, זאָנדערן איך האב עס געלערנט.

## 79. צום איבערזעצען.

לערנט זיך אייער קליינע טאָכטער שטריקען?—זיא לערנט זיך עס; זיא האט שוין געשטריקט זעקס פּאָאר זעהר שעהנע שטרימפּף.—פיר וועמען האט זיא זייא געשטריקט?—זיא האט זייא געשטריקט פיר זיך.—איהר האט מיר נעכטען פערשפּראָכען צו ברייננען (מיר) אַן ענגלישעם בוך; האט איהר עס געבראַכט?—איך האב אייך געבראַכט, וואס איך האב אייך פערשפּראָכען; היער איז זעהר אַ גוטעס און ניצליכעס בוך.—געדענקט אייער מומע דיא שעהנע (pretty), קליינע פראַנצויזין, וועלכע איז געוועזען היער אַ יאהר צוריק?—זיא געדענקט זיא.—נעדענקט איהר, וויא פיעל געלד איך האב אייך געגעבען נעכטען?—איך געדענק ניט, אבער מיין פאטער געדענקט.—געדענקט איהר אלעס, וואס (that) איהר האט ווען געלעזען?—איך געדענק פיעל אָבער ניט אלעס. —וויא פיעל אוהר אין דער פריה טהוט איהר אייך אָן?—איך טהוא מיך אָן געוועהנליך אום (at) האלב אכט (=האלב נאָך זיבען).—ווער טהוט אָן דיא קינדער?—דיא קינדער טהוען זיך אָן אליין.—האט איהר אייך אנגעטהאן נעכטען איידער אייער ברודער האט זיך אָנגעטהאָן?—מיין עלטעסטער ברודער האט זיך אנגעטהאָן פאָר (before) מיר, אבער מיין יונגסטער ברודער האט זיך אָנגעטהאָן נאָך מיר.—טהוען זיך דיא קינדער אויס אליין אין אבענד?—זייא טהוען זיך אָן און טהוען זיך אויס אליין.—איז אייער פריינד אַ גוטער קאָמפּאַניאָן?—ער איז דער אנגענעהמסטער געזעלשאַפטער, וועלכען (that) איך האב ווען געקענט.

## 80. צום איבערזעצען.

איז אייער טישלער (סטאָליער) אַ גוטער ארבייטער?—ער איז דער געשיקטעסטער (cleverest) ארבייטער אין דער גאַנצער שטאָדט.—האט ער פיעל געארבייטעט פיר אייך? (פיעל נאָך געאַרבייטעט).—ער האט געמאַכט אלע זיינע טישען און שטוהלען.—זיינען זייא טהייער?—ניין, זיינע שטוהלען זיינען דיא ביליגסטע, וועלכע איך האב ווען געזעהן.—וועט איהר בלייבען בייא (with) מיר היינטיגען (this) אבענד?—ווען איהר פערלאַנגט עס.—האט איהר אייך איינגעשניטען (cut yourself)?—איך האב מיך ניט איינגעשניטען.—ווער האט זיך איינגעשניטען?—מיין קליינע טאָכטער האט זיך איינגעשני-

טע:.—האט אימעצער איהר געגעבען א מעסער?—זיא האט געפונען א מעסער אויף דעם טיש.—האט זיך אייער ברודער היינט ווידער איינגעשניטען?—יע, ער שניידט זיך אימער איין.—ווער ליבט אייער שוועסטער?—יעדערער ליבט זיא, און זיא ליבט זיך אויך.—זייט איהר היינט געוועזען גוט, קינדער?—יע, פאפא, מיר זיינען היינט געוועזען זעהר גוט און זעהר פלייסיג.—איהר ליבט אייך, קינדער; ליבט אייך אייער מוטער?—מיר ליבען אונז, ווייל אונזער מוטער ליבט אונז אויך.—ביסט דוא היינט געוועזען א גוטער יונגע אין שולע? (צייט צולעצט).—יע, ליעבער (dear) פאפא, איך בין ווירקליך געוועזען זעהר גוט.—ליבסט דוא דיך, אדער דיין מוטער ליבט דיך?—איך ליב מיך, ווען איך בין גוט און ווען קיין אנדערער (nobody else) ליבט מיך.—בין איך אונגערעכט, פאפא?—ניין, דוא ביסט גערעכט, מיין זוהן.—ביסט דוא היינט געוועזען גוט?—איך בין היינט געוועזען גוט און דעריבער האב איך מיך געליבט.—דוא ביסט גערעכט, מיין זוהן; דוא ביסט א געשיקטער יונג.—זעהט איהר אייך אין דעם שפיגעל?—איך זעה מיך און אייך.—זעהט אייער קוזינע אויגוסטא דעם שפיגעל?—זיא זעהט דעם שפיגעל, אבער זיא זעהט זיך זעלבסט ניט.—איז דאס אייער טוך, מאדאם?—יע, עס איז מיינס.—איהר האט עס עבען הערabגעווארפען.—איהר זייט זעהר פריינדליך (kind), מיין הערר.

---

# 32nd Lesson.—32סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| I will (וויל)—I would (ווארד). | איך וויל, איך וועל—איך האב געוואלט, איך וואלט. |
| I shall (שאל)—I should (שרד). | איך זאל, איך וועל—איך האב געזאלט, איך וואלט. |
| I can (קאן)—I could (קרד). | איך קען—איך האב געקענט, איך וואלט געקענט. |
| I may (מיי)—I might (מאיט). | איך קען, איך מעג—איך האב געקענט, איך האב געמעגט. |
| I must (מאסט). | איך מוז, איך דארף. |
| I ought (א־ט). | איך דארף, איך מוז—איך האב געדארפט. |

Will, shall, can, may, must און ought זיינען מאנגעלהאפטע האנדלונגס־ווערטער, דאס הייסט זייא ווערען נאר געברויכט אין דיא אויבען אנגעגעבענע בעדייטונגען און האבען מעהר קיינע אנדערע פארמעס. דיזע האנדלונגסווערטער ערהאלטען קיין s פיר דיא דריטע פערזאן איינצאהל געגענווארטיגע צייט, וויא געוועהנליכע האנדלונגסווערטער: he will, ער וויל, ער וועט; she may, זיא מעג או. אז. וו.; אויך האבען זייא קיין פארם פיר דיא ניט־בעשטימטע ארט (ד. ה. פיר וועלען, זאלען, קענען, מעגען, מוזען און דארפען).

ווען דיא האנדלונגכווערטער וועלען, זאלען, קענען, מעגען און מוזען דארפען געגעבען ווערען אין דעם זין פון דער ניט־בעשטימטער ארט, ווערען זייא אויסגע־דריקט דורך אנדערע האנדלונגסווערטער, וואס האבען עהנליכע בעדייטונגען; פאלגענדע זיינען דיא געוועהנליכסטע:

### פיר וועלען.

| | |
|---|---|
| ווינשען, וועלען | *To wish (וויש) |
| פערלאנגען, וועלען | *To want (וואָנט) |
| רעכנען, וועלען | *To intend (אינטענד) |
| וועלען | To be willing |

### פיר זאָלען.

| | |
|---|---|
| זיין גענעטהיגט | To be obliged (אָובלאַידזשד) |
| זיין געצוואונגען, זאָלען | To be compelled (קאָמפּעללד) |
| זיין געצוואונגען | To be forced (פאָורסט) |

### פיר קענען.

| | |
|---|---|
| זיין אין שטאנד, קענען. | To be able (אֵייבל). |

### פיר מעגען.

| | |
|---|---|
| זיין ערלויבט מעגען | To be permitted |
| זיין ערלויבט | To be allowed (אַללאַוד) |
| מיר ווילען איהם ניט זעהן. | We will not see him. |
| אבער איהר זאלט איהם זעהן | But you shall see him. |
| איך האב עס ניט געוואָלט קויפען. | I would not buy it. |
| איהר האט עס געזאָלט פּראָבירען. | You should try it. |
| ווילט איהר נעהמען דיזען בריעף אויף דיא פּאָסט? | Will you take this letter to the post-office? |
| וויל אייער שוועסטער היינט אבענד געהן אין טהעאטער? | Will your sister (אָד. does your sister intend to) go to the theatre this evening? |
| ווילען אייערע ברידער יעדער קויפען א הוט? | Do your brothers want (אָד. intend) to buy a new hat each? |
| איך האב געקויפט א הוט. | I have bought a hat. |
| האט אייער פעטער געקויפט א קארעט? | Has your uncle bought a carriage? |
| דער וואָגען, דיא קארעט. | The carriage (קאַררידזש). |
| איבערשרייבען, קאָפּירען. | *To copy (קאָפּי). |
| ער קאָפּירט—ער האט געקאָפּירט. | He copies—He copied. |
| דוא האסט געמאכט אזוי פיעלע פעהלערן אין דעם לעצטען בריף, דאָס דוא זאָלסט גאָר ניט מעהר קאָפּירען קיין בריף פיר מיך. | You have made so many mistakes in the last letter that you shall not copy any more letters at all for me. |
| דער פעהלער, דער טעות. | The mistake (מיסטייק). |
| דער פעהלער, דער אירטהום, דיא שולד. | The fault (פאָ־לט). |
| דיא שולד, דאָס פערברעכען. | The guilt (גילט). |
| דיא שולד, דער חוב (פון געלד). | The debt (דעט). |
| עס איז ניט געוועזען מיין שולד. | It was not my fault. |
| וועמעס שולד איז עס געוועזען? | Whose fault was it? |

| | |
|---|---|
| It was nobody's fault. | עס איז ניט געוועזען קיינעמ'ס שולד. |
| Why would you not stay with us yesterday? | ווארום האט איהר ניט געוואָלט בלייבען בייא אונז נעכטען? |
| I could not; I was obliged to go home. | איך האב ניט געקענט; איך האב געמוזט געהן אהיים. |
| Can you go out with me now? | קענט איהר יעצט מיט מיר אויסגעהן? |
| I can not, I must do my task. | איך קען ניט, איך מוז מאכען מיין אויפגאבע. |
| The task (טאַסק). | דיא אויפגאבע, דיא לעקציאָן. |

To do בעדייטעט געוועהנליך טהאָן, מאַנכמאל אבער מאַכען; to make בעצייכענט געוועהנליך מאַכען און מאַנכמאָל אויך טהאָן:

| | |
|---|---|
| To do honor (אָד. credit). | מאַכען עהרע. |
| To do business. | מאַכען געשעפט. |
| To do a task אָד. an exercise. | מאַכען א לעקציאָן. |
| To do one's hair. | זיך מאַכען (צורעכט) דאס האאָר. |
| The lesson (לעסן), exercise (עק'סערסאַיז). | דיא לעקציאָן. |
| The honor (אָ'נאָר), credit (קרע'דיט). | דיא עהרע. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The business (ביז'נעס) | דאָס געשעפט | The pleasure (פלע'זשור) | דאס פערגניגען |

| | |
|---|---|
| To make a vow. | טהאָן א נדר. |

To make האָט נאָך פיעלע מעהרערע בעדייטונגען:

| | |
|---|---|
| To make a request. | שטעלען א ביטע. |
| To make oath. | געבען א שבועה. |
| To make war. | פיהרען קריג (מאַכען מלחמה). |
| To make a choice. | אויסקלייבען, אויסוועהלען. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The request (ריקוועסט') | דיא ביטע | The oath (אָוטה) | דיא שבועה |
| The fortune (פאָר'טשן) | דאָס פערמעגען | The choice (טשאָיס) | דיא וואהל |
| The vow (וואו) | דער נדר | The war (וואָ־ר) | דער קריעג, מלחמה |

| | |
|---|---|
| Ought not the children to go out? | האבען דיא קינדער ניט געדאַרפט אויסגעהן? |
| Should not the children go out? | האבען דיא קינדער ניט געזאָלט אויסגעהן? |
| You ought to wait till I come. | דוא האָסט געדאַרפט ווארטען ביז איך קום. |
| *To wait (וויים). | ווארטען. |

## Till (טיל), until (אָנטיל'), ביז.

דיא האַנדלונגסווערטער וואָס שטעהען נאָך will, shall, can, may, must, קומען אָהן דעם ווערטעל to.

| | |
|---|---|
| Can you come to me? | קענט איהר קומען צו מיר? |
| No, I cannot. | ניין, איך קען ניט. |

דיא ווערטער can און not ווערען געשריבען וויא איין וואָרט צוזאַמען: cannot.

| | |
|---|---|
| Were you obliged (forced אָד. compelled) to go out? | האט איהר געמוזט אויסגעהן? |
| He has been obliged (forced אָד. compelled) to stay at home the whole day. | ער האט געמוזט בלייבען צו הויז דעם גאַ צען טאָג. |
| Were we able to (אָד. could we) do it? | האבען מיר עס געקענט טהאָן? |
| He was not able to (אָד. could not) write. | ער האט ניט געקענט שרייבען. |
| He did not want (wish אָד. intend) to see it.<br>He would not see it. | ער האט עס ניט געוואָלט זעהן. |
| You were not willing to give it me.<br>You did not wish to give it me.<br>You did not intend to give it me.<br>You would not give it me. | איהר האט עס מיר ניט געוואָלט געבען. |
| They must have passed here (אָד. this way. | זייא מוזען היער פארבייגעגאנגען זיין (=זייא האבען היער געמוזט פאַרבייגעהן). |
| She has not been allowed (אָד. permitted) to work. | זיא האט ניט געדארפט (געטאָרט) אַר בייטען. |
| What may he have been? | וואָס מעג ער געוועזען זיין? (=וואָס האָ ער געקענט זיין?) |

ווען may און must שטעהען פאר דעם וואָרט have, נאָך וועלכען עס קומט א פערגאַ גענהייטס מיטעלוואָרט, בעצייכנען זייא דיא פערגאַנגענע צייט: I may have seen, איך האָ געקענט זעהן; I must have been, איך האָב געמוזט זיין או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Is it not very provoking that I am obliged (אָד. that I must) stay at home to-day? | איז עס ניט פערדריסליך, דאס איך מוּ היינט בלייבען צו הויז? |
| Provoking (פּראָו-וואָוקינג). | פערדריסליך, ערגערליד. |
| *To explain (עקספּליין). | ערקלערען. |
| *To like (לאיק). | ליבען, האָלט האבען, גערן האבען, געפע לען זיין, ווערען. |
| Do you like him? | האט איהר איהם גערן? |
| Do you like to read French books? | האט איהר האָלט צו לעזען פראנצויזישע ביכער? |
| I do not like the book. | איך האב דאס בוך ניט גערן.<br>דאס בוך געפעלט מיר ניט. |
| You will like our house | אונזער הויז וועט אייך געפעלען. |
| Do you like fish? | האט איהר האָלט פיש? |
| Do you like wine? | האט איהר גערן וויין. |
| You may go out if you like. | דוא מעגסט אויסגעהן ווען דוא ווילסט (=ווען דיר געפעלט). |

| | |
|---|---|
| I do what I like. | איך טהוא וואס איך וויל (=וואס מיר געפעלט). |
| You may have it if you like. | איהר קענט עס האבען, ווען איהר ווילט. |
| How do you like this wine? | וויא געפעלט אייך דיזער וויין? |
| I do not like your coat. | מיר געפעלט ניט אייער ראק. |
| He likes her very much. | ער האט זיא זעהר גערן. |

### Very much, זעהר פיעל, זעהר.

| | |
|---|---|
| To like better. | ליעבער האבען, גערנער האבען. |
| I like much better to read than write. | איך האב פיעל ליעבער צו לעזען אלס שריי-בען. |
| *To love (לאוו). | ליעבען. |
| *To receive (ריסיוו). | קריגען, ערהאלטען; אויפנעהמען. |
| Have you received any letters? | האט איהר ערהאלטען (וועלכע) בריף? |
| To forget (פארגעט); forgot (פארגאט), forgotten (פארגאטען). | פערגעסען; פערגעסען (פערגאנג. צייט-פארם און מיטעלווארט). |
| He forgets everything. | ער פערגעסט אלעס. |
| Have you forgotten your book again? | האט איהר ווידער פערגעסען אייער בוך? |
| He forgot his book yesterday. | ער האט נעכטען פערגעסען זיין בוך. |

## 81. צום איבערזעצען.

ווילט איהר מיר געבען אייער מעסער?—איך וויל עס אייך געבען.—וויל אייער ברודער מיר שיקען זיין בעדיענטען?—ער וויל איהם שיקען צו אייך.—ווילט איהר רופען דעם בעדיענטען?—איך וויל איהם רופען.—וויל אייער פעטער און אייער מומע קויפען דיזעס הויז און דיזען גארטען?—זייא וועלען זייא ניט קויפען.—ווארום האט אייער זוהן ניט געוואלט געהן אין טהעאטער נעכטען אבענד?—ער האט ניט געוואלט געהן, ווייל ער האט געוואלט (wished) בלייבען בייא (with) זיין שוועסטער צו הויז.—האבען דיא קינדער ניט געוואלט געהן אין שולע היינט אין דער פריה?—ניין, זייא האבען ניט גע-וואלט געהן.—ווילסט דוא מיר געבען דיזע פעדער?—ניין, איך וויל ניט; איך דארף זיא האבען זעלבסט.—ווארום האט דער שפאניער ניט געוואלט פערקויפען דעם וויין היינט אין דער פריה?—ווייל דער פראנצויז, וועלכער האט עס געוואלט (wished) קויפען, האט ניט געוואלט געבען אזוי פיעל געלד, וויא דער שפאניער האט פערלאנגט.—ווער זאל געהן אויף (דיא) פאסט?—יאהאן זאל געהן.—זאל איך איבערשרייבען (קאפירען) דיזען בריף?—ניין, ווילהעלם זאל עס איבערשרייבען.—זאל איך האבען א גלאז וויין, פאפא?—יע, דוא זאלסט האבען איינס.—זאל איך קויפען דיזען רעגענשירם אדער יע-נעם?—דוא זאלסט קויפען ניט דעם ניט יענעם (=ניט איינעם ניט דעם אנדערן).—ווארום ניט, פאפא?—דיין מוטער וועט דיר איינס קויפען.—זאל דער מאן העריינקומען (come in)?—ניין, ער דארף (must) ניט העריינקומען; ער מוז בלייבען, וואו ער איז.—ווען זאלען מיר געהן אויף (into) לאנד?—היינט נאכמיטטאג; דיא קינדער וועלען געהן

מיט איך.—דארפען (מוזען) דיזע שטוהלען שטעהן היער?—ניין, זייא דארפען שטעהן, וואו זייא זיינען געשטאנען נעכטען.

## 82. צום איבערזעצען.

קענסט דוא צוברעכען דיזען שטאק?—איך קען איהם צוברעכען.—קענסט דוא דיך זעהן אין דעם שפיגעל פון היער?—איך קען איך זעהן, אבער ניט מיך.—קען ניט אייער שוועסטער בלייבען בייא אונז דעם גאנצען אבענד?—זיא קען ניט בלייבען לענגער (any longer) אלס איך.—קען דער בעדיענטער מיר ברייננען א בוך פון שטאדט?—ער קען אייך קיינס ברייננען (he cannot bring you one), ווייל ער פערבלייבט אין שטאדט.—קענסט דוא דיך ניט ערראינערן, וואו איך האב געקויפט מיינע לעצטע האנד-שוה?—איך קען עס ניט וויסען, ווייל איך בין ניט געוועזען בייא דיר, ווען דוא האסט זייא געקויפט.—קענסט דוא און דיינע ברידער קומען אום (at) פינף?—איך קען, אבער מיינע ברידער קענען ניט קומען פאר זיבען אדער האלב אכט (=האלב נאך).—קען די-זעס קליינע מיידעל שוין שטריקען?—איך קען דיר פערזיכערן, דאס זיא האט שוין אליין געשטריקט אלע איהרע שטרימפף (=זיא האט געשטריקט אלע איהרע אייגענע שטרימפף).—וויא קענען אזוי פיעלע לייטע וואוינען אין דיזען קליינעם הויז?—איך וויים ניט, וויא זייא קענען, אבער זייא מוזען.—ווארום מוזען זייא?—ווייל זייא האבען קיין גרעסערעס.—קענען זייא קיינס קויפען?—קענט איהר קויפען איינס?—איך קען ניט, ווייל איך האב קיין געלד.—דאס איז עבען דיא אורזאך (reason), ווארום דיזע ארימע לייטע קענען ניט קויפען א גרעסערעס הויז.—מאמא, מעג איך היינט שרייבען א בריף צום פאפא?—יע, דוא מעגסט, אויב דוא קענסט, אבער דוא דארפסט ניט מאכען קיינע (any) פעהלערן.—מעג איך עס אויך נעהמען אויף דיא פאסט אליין?—דוא מעגסט עס זעלבסט נעהמען, אבער דוא מוסט באלד קומען צוריק (צייט צולעצט).—וויא לאנג מעג איך אוי-סען בלייבען (stay out)?—דוא מעגסט אויסען בלייבען ביז אכט; אום אכט אוהר מוסט דוא זיין צו הויז?—קענען (מעגען) דיא קינדער געהן אין גארטען?—ניין, זייא קענען (מוזען) ניט.—מעג איך לעזען דיזען בריף?—דוא מעגסט, אויב דוא קענסט.

## 83. צום איבערזעצען.

וויא פיעל געלד קענט (מעגט) איהר נאך האבען איבריג? (נאך ניט איבערזעצט).—מיר קענען ניט האבען פיעל איבריג, ווייל מיר האבען געקויפט זעהר פיעלע ביכער.—וועמעס הוט קען (מעג) דאס זיין?—דאס מוז זיין דעם הערר'נס, וועלכער איז היער גע-וועזען נעכטען פארנאכט.—וויא שפעט קען (מעג) עס זיין?—עס מוז שוין זיין נאך ניין.—עס קען נאך ניט זיין אזוי שפעט (נאך צולעצט).—ווער קען (מעג) זיין דער יונגער הערר, וועלכער איז היער פארבייגעגאנגען יעצט עבען?—ער מוז זיין דער זוהן פון דעם אלטען מאן, וועלכער איז געוועזען (was) בייא איהם.—ווארום געהסט דוא ניט אויס?—איך קען ניט אויסגעהן; איך דארף (=איך האב צו) שרייבען נאך איינינע (a few more) בריף, וועלכע מוזען זיין אויף דער פאסט פאר פיער.—מעג יאהאן קויפען דיזעס בוך?—ער מעג עס קויפען, ווען ער האט געלד גענוג.—וועלכעס פון דיא קינדער מעג מיט מיר געהן אויף לאנד? (מיט מיר צולעצט).—זייא מעגען אלע געהן, ווען (אויב) זייא זיינען גוט

און האבען געלערנט זייערע לעקציאנען.—וואו איז דער בעדיענטער?—ער איז נאָך ניט געקומען צוריק פון שטאָדט.—ער האט געדאַרפט זיין צוריק, איך האב איהם געשיקט צווייא שטונדען צוריק.—ווארום האָסט דוא געמאַכט אזוי פיעלע פעהלערן אין דיזען בריף?—איך האב עס געשריבען אזוי וואויל, וויא איך האב געקענט.—איך האב ניט געדאַרפט מאַכען אזוי פיעלע פעהלערן.—(צו) וועמען האט דער רייכער מאַן געזאָלט געבען געלד (any money)?—ער האט עס געדאַרפט געבען דעם, וועלכער (to him who) ברויכט וועלכע

## 84. צום איבערזעצען.

ווארום האט מיך אייער ברודער ניט גערופען?—ער האט ניט געוואָלט.—האט אייער זוהן ניט געוואָלט הערייןקומען (come in)?—ער האט געוואָלט (wished) הערײנ=קומען, אבער ער האט ניט געקענט.—האבען דיא קינדער ניט געוואָלט לערנען זייערע אויפגאַבען (tasks)?—זייא האבען זייא געוואָלט לערנען, אבער זייא האבען זייא געפונען פיר צו שווער.—ווארום האט איהר ניט געוואָלט פערקויפען אייער פערד צו דעם שאָטלענ=דער?—וויל ער האט מיר ניט געוואָלט געבען אזוי פיעל, וויא איך האב פערלאַנגט.—האט אימעצער פערלאַנגט מיך צו זעהן?—קיינער האט פערלאַנגט דיך צו זעהן.—וואָס האבען דיזע לייטע געוואָלט (wish) קויפען?—זייא האבען געוואָלט קויפען זייד (some silk) און באַוועל.—האבען אייערע ברידער ניט געוואָלט (=גערעכענט, intended) נעכטען געהן נאָך פילאדעלפיא? (צייט צולעצט).—זייא האבען געוואָלט געהן, אבער זייא האבען ניט ניט געקענט.—האט איהר געקענט לעזען (=זייט איהר געווען אין שטאַנד צו לעזען, have you been able to read) מיין בריף?—איך האב איהם ניט געקענט לעזען.—האט דער בעדיענטער געפונען מיינע האַנדשוה?—ער האט זייא ניט געקענט געפינען.—וועלכע קאַרעט האט אייער פאָטער געוואָלט (=גערעכענט) קויפען?—ער האט געוואָלט קויפען דעם ענגלענדער׳ס קאַרעט.—האט דער איטאַליענער פערלאַנגט (צ. פ.) צו זעהן דיזען גארטען אדער יענעם?—זייא האבען פערלאַנגט צו זעהן ניט דיזען ניט יענעם.—וויא לאַנג האט איהר געמוסט (were you obliged) בלייבען צו הויז נעכטען?—איך האב גע=מוזט בלייבען נעכטען צו הויז ביז שפעט אין אבענד.—האט איהר געמוזט אליין אבפוצען (to brush) אייער ראָק?—איך האב אליין געמוזט אָבפוצען.

## 85. צום איבערזעצען.

ווער האט גענומען מיין לעש=פאַפּיער?—אימעצער האט געמוזט זיין (must have been) אין אייער צימער און האט עס גענומען (פאַר דעם צווייטען האַנדלונגסוואָרט ווערט has אויס=געלאָזען).—האט קיינער געזעהן מיין הונד?—אימעצער האט איהם געמוזט זעהן.—איך האב ניט געטאָרט (I was not allowed) אויסגעהן.—האט איהר געלעזען דיא ביכער, וועלכע איך האב אייך געשיקט?—מיר האבען ניט געטאָרט (=מיר זיינען ניט געוועזען ערלויבט) לעזען דיזע ביכער.—וויא לאַנג האט איהר געמעגט (have you been allowd) בלייבען נעכטען אויף דעם לאַנד?—מיר האבען געמעגט פערבלייבען דאָרטען דעם גאַנצען נאַכמיטטאָג.—ווארום האט איהר ניט געמעגט אויסגעהן דיזען פאָרמיט=טאג?—מיר האבען געמוזט ארבייטען דעם גאַנצען פאָרמיטטאג.—האט אייער קליינער

ברודער געמעגט נעכטען ווידער אויסגעהן?—יע, ער האט געמעגט אויסגעהן פארמיט-
טאג.—וויא פיעלע ביכער מוז איך אייך נאך (more) שיקען?—איהר מוזט מיר שיקען
נאך דרייא.—וויא פיעלע פאאר זאקען מוז איך אייך נאך שיקען? (more פאר pair).
—איהר מוזט מיר שיקען נאך זעקס פאאר (more צולעצט).—זאל איך קויפען
האנדשוה (any gloves) פיר דיא קינדער?—דוא קענסט יעדען קויפען א פאאר
(יעדען צולעצט).—איז דער שניידער פארבייגעגאנגען היער היינט?—ער האט געקענט
פארבייגעהן (he may have passed), אבער איך האב איהם ניט געזעהן.—האט אייער
שוועסטער ניט מעהר אלס נאך דרייא פלארין?—זיא קען האבען נאך (left) מעהר, אבער
איך וויס ניט.—האט דער שוסטער ניט געוואלט (been willing) שיקען דיא שיך?—ער
האט זייא געוואלט שיקען, אבער ער האט ניט געקענט (ג.פ., he has not been able).

## 86. צום איבערזעצען.

געהט איהר אויף לאנד מיט אונז?—ניין, איך טאר (may) ניט אויסגעהן; איז עס
ניט פערדריסליך?—האסט דוא מיר געבראכט מיינע ביכער צוריק?—ניין, עס איז זעהר
פערדריסליך, מיין שוועסטער האט זייא געגעבען (צו) איהר שוועסטערקינד.—ווילט איהר
מיר ערקלערען, וואס אייער ברודער ברויכט?—האט איהר האלט דיזען מענשען?—איך
האב איהם זעהר (very well) האלט (זעהר גאך האלט).—האט איהר האלט קאר-
טאפעל?—איך האב זייא זעהר האלט.—וויא געפעלט אייך (how do you like) דיזעס
ברויט?—איך האב עס האלט זעהר פיעל.—וויא געפעהלט אייך אונזער נייעס הויז?—
עס געפעלט אונז בעסער אלס דאס אנדערע אויף (in) קאנאל גאס.—האט איהר האלט
דיזען ווין אזוי פיעל וויא יענעם?—דיזער געפעלט מיר בעסער.—קען (מעג) איך היינט
אויסגעהן?—דוא קענסט (מעגסט), אויב דיר געפעלט.—מעג מיין פריינד קומען צו מיר
היינט?—יע, אויב איהם געפעלט.—מעגען דיא קינדער נעהן אין גארטען דיזען נאכמיט-
טאג?—יע, אויב זייא געפעלט.—וועלכען פון דיזע צווייא היט האסט דוא בעסער ליעב,
דיזען אדער יענעם?—איך האב דעם אנדערן בעסער ליעב.—וויא איז אייך געוועזן געפע-
לען (did you like) דער איטאליענער, וועלכער איז געוועזען היער נעכטען בייא נאכט
(last night)?—ער איז מיר גאר ניט געווען געפעלען (גאר ניט צולעצט).—האט אייער
ברודער ליעב צו געהן פריה צום בעט?—ער האט ניט ליעב צו געהן צו בעט פאר עלף
אדער האלב אויף צוועלף (half past).—ליעבען (to love) מוטערס זייערע קינדער?—
יעדע מוטער ליעבט איהרע קינדער.—ליעבט איהר מיך?—איך ליעב אייך.—ליעבט זיא
איהם?—זיא ליעבט איהם.—ליעבט ער זיא?—ער ליעבט זיא.—ליעבען מיר אונז זעלבסט?
מיר ליעבען אונז זעלבסט.—ליעבט איהר אייערע שוועסטערס?—איך ליעב זייא.—
ליעבט ער זיך זעלבסט?—ער ליעבט זיך זעלבסט, ער ליעבט קיין אנדערן (anybody else).
—וועמען ליעבט איהר?—איך ליעב דיא, וועלכע ליעבט מיך.—ליעבט אונז אייער מומע?
—זיא ליעבט אייך און לויבט אייך (דאס ערשטע אייך ווערט אויסגעלאזען).—ערהאלט
דער שפאניער זיינע בריף היינט?—ער ערהאלט קיינע בריף היינט.—נעהמען אייער פע-
טער און מומע אויף זייערע פריינד היינט?—זייא נעהמען זייא אויף.—האט איהר ער-
האלטען, וואס איך האב אייך געשיקט?—איך האב גארנישט (anything) ערהאלטען

(גאָרנישט צולעצט).—וואָס האט דיזעס מיידעל ווידער פערגעסען? (ווידער צולעצט).—זיא האט פערגעסען איהר שרייב־בוך.—האט איהר נעכטען אויך ניט עפּעס פערגעסען?—ניין, איך האב נעכטען גאָרנישט פערגעכען.—האט איהר ניט פערגעסען מיר צו שיקען מיין בוך?—דאס איז געוועזען מיין ברודער'ס שולד (fault); ער האט עס אייך געוואָלט שיקען (אייך צולעצט).—ווארום האט ער עס (=אזוי, so) ניט געטהאָן? (so צו־לעצט).—איך ווייס ניט, ווארום ער האט פערגעסען; ער פערגעסט אָפט (אָפט פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט).

---

# 33rd Lesson.—33סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| איך וועל. מיר וועלען. | I shall. We shall. |
| דוא וועסט, איהר וועט. | You will. |
| ער, זיא, עס וועט. | He, she, it will. |
| זייא וועלען. | They will. |

דיא צוקינפטיגע צייט פון האַנדלונגסווערטער ווערט געמאַכט דורך דאָס וואָרט shall פיר דיא ערשטע פערזאָן (I, we) און will פיר דיא צווייטע און דריטע פערזאָן (he, she, it, they).

Will פיר I און we בעדייטעט וועלען, און shall פיר דיא צווייטע און דריטע פער־זאָן בעדייטעט זאָלען:

| | |
|---|---|
| איך וויל. מיר ווילען. | I will. We will. |
| דוא זאָלסט. ער זאָל. זייא זאָלען. | You shall. He shall. They shall. |

נאָך shall אָדער will ווערט אין אַ פראַגע אָדער אין אַ פערניינונגס זאַץ ניט געשטעלט דאָס וואָרט do; צ. ב. shall I go? וועל איך געהן? will you go? וועסט דוא געהן? או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| וועסט דוא מיך לויבען? | Will you praise me? |
| איך וועל דיך לויבען, ווען דוא ביסט גוט. | I shall praise you if you are good. |
| וועט אייער פאָטער קויפען דיזעס הויז? | Will your father buy this house? |
| ער וויל עס ניט קויפען. | He does not want to buy it. |
| מיר וועלען נאָך לאַנג היער ניט פערבלייבען. | We shall not remain here much longer. |
| פיעל לענגער, נאָך לאַנג. | Much longer. |
| ניט פיעל לענגער, ניט לאַנג מעהר. | Not much longer. |
| וויא פיעל לענגער? וויא לאַנג נאָך? | How much longer? |
| וועט איהר נאָך לאַנג שרייבען? | Will you write much longer? |
| איך וועל ניט לאַנג מעהר שרייבען. | I shall not write much longer. |
| ווען וועט איהר אָברייזען? | When will you set out (אָד. set off)? |
| איך וועל אברייז'ן, ווען מיין ברודער קומט צוריק. | I shall set out when my brother returns. |
| אברייזען, אוועגפאָהרען. | To set out, to set off. |
| אבגערייזט, אוועגגעפאָהרען. | Set out, set off. |

**If** (איף), **ווען, אויב; when** (הווען), **ווען** (אויף צייט).

| | |
|---|---|
| וועט איהר היינט עסען פריה אָדער שפּעט? | Will you eat early or late to-day? |
| איך וועל גאָר ניט עסען, ווען איך מוז אָב=רייזען דיזען מאָרגען. | I shall not eat at all, if I must set off this morning. |
| ווען וועט איהר צוריקקומען? | When will you return? |
| צוריקקומען, זיך צוריקקעהרען. | *To return (ריטאירן). |
| איך וועל צוריקקומען, ווען איך האב געענ=דיגט (אָד. פערטיג) מיינע געשעפטען. | I shall return, when I have finished (.אָד done) my business. |
| דאָס געשעפט, דיא געשעפטען. | The business (ביזנעס). |
| מאַכען געשעפטען. | To do business. |
| פערטיג. | Ready(רעדי), finished(פיניש), done(דאַן). |
| ענדיגען, בעענדיגען, פערטיג מאַכען. | *To finish (פיניש). |
| האבען פערטיג, פערטיג זיין. | To have done. |
| מיר זיינען געוועזען פערטיג מיט דעם מיט=טאָג=עסען. | We had done dinner. |
| זייט איהר פערטיג? | Have you done? |
| זייט איהר (שוין) פערטיג מיט מיין בוך? | Have you done with my book? |
| איך בין נאָך מיט איהם ניט פערטיג. | I have not done with it yet. |

With ווערט געשטעלט, ווען מען האלט עפּעס אין ניצען אָדער אין געברויך, וויא דאָס בוך אין דעם עבענ=געגעבענעם זאַץ.

| | |
|---|---|
| איינלאַדען, בעטען. | *To invite (אינוואיט). |
| פרעגען, בעטען. | *To ask (אָסק). |
| וועט דער יונגער ענגלענדער איינלאַדען דעם שפּאַניער? | Will the young Englishman invite the Spaniard? |
| איך וועל האבען (אָד. זיין) געוועזען. | I shall have been. |

עס זיינען דאָ צוויא צייט=פאָרמעס פיר דיא צוקינפטיגע צייט: דיא איינפאַכע און דיא בעענדיגטע. דיא איינפאַכע צוקינפטיגע צייט=פאָרם דריקט אויס אַ האַנדלונג, וואָס וועט ערשט פּאַסירען אין דיא צוקינפטיגע צייט, וויא I shall make, איך וועל מאַכען; דיא בעענדיגטע צוקינפטיגע צייט=פאָרם דריקט אויס אַ האַנדלונג, וואָס וועט שוין אין דיא צוקינפטיגע צייט זיין בעענדיגט; צ. ב. I shall have made, איך וועל האָבען געמאַכט.

דיא בעענדיגטע צוקינפטיגע צייט=פאָרם ווערט געמאַכט דורך have מיט דעם פערגאַנגענ=הייטס מיטעלוואָרט פון האַנדלונגסוואָרט צוגעזעצט נאָך shall אָדער will.

| | |
|---|---|
| איך וועל האָבען געהאַט. | I shall have had. |
| איך וועל האבען געלויבט. | I shall have praised. |
| דוא וועסט האבען געלויבט. | You will have praised. |
| ער, זיא, עס וועט האָבען געלויבט. | He, she, it will have praised. |
| מיר וועלען האבען געלויבט. | We shall have praised. |
| איהר וועט האָבען געלויבט. | You will have praised. |
| זייא וועלען האָבען געלויבט. | They will have praised. |

| | |
|---|---|
| *To return (ריטאָירן). | צוריקגעבען, צוריקקעהרען, אומקעהרען. |
| When will you return me my book? | ווען וועט איהר מיר צוריקגעבען (אומקעה־רען) מיין בוך? |
| As soon as I have read it. | אזוי באַלד וויא איך וועל עס האָבען געלעזען. |

## As soon as, אזוי באַלד וויא.

נאָך דיא ווערטער after, when, as soon as און בייא to go און to come לאָזט מען הערויס דיא ווערטער shall אָדער will אין דער בעענדיגטער צוקינפטיגער צייט־פאָרם: as soon as I have read it, אזוי באַלד וויא איך וועל עס האָבען געלעזען.

## As much as, אזוי פיעל וויא.

| | |
|---|---|
| Possible (פּאָס׳סיבל). | מעגליך. |
| As much as possible. | אזוי פיעל וויא מעגליך. |
| At what time will you go into the country this evening? | אום וועלכע צייט וועט איהר געהן אויף לאַנד היינט אבענד? |
| After I have read my letters. | נאָך דעם וויא איך וועל האָבען געלעזען מיינע בריף. |
| *To dine (דאַין). | עסען מיטטאג. |
| *To sup (סאָפּ). | עסען אבענד־ברויט, עסען וועטשערע. |
| *To breakfast (ברעקפאָסט). | פריהשטיקען, אנבייסען. |
| America (אַמע׳ריקאַ). | אמעריקא. |
| The American (אַמע׳ריקאַן). | דער אמעריקאנער. |
| Baltimore (באָ־ל׳טימאָור) באַלטימאָר | Chicago (טשיקאַ׳גאָו) טשיקאַגאָ |

## 87. צום איבערזעצען.

וועט איהר שיקען אייער זוהן נאָך טשיקאַגאָ?—איך וועל איהם שיקען.—וועט ער מאַכען געשעפטען (any business) אין טשיקאַגאָ?—ער וועט פּרובירען מאַכען וועלכע.—וועט איהר מיר געבען, וואָס איהר האט מיר פערשפּראָכען?—איך וועל עס אייך געוויס געבען (certainly צווישען shall און give).—וועט איהר לעזען דאס בוך, וועלכעס איך האב אייך געבראַכט?—מיר וועלען עס לעזען אזוי באַלד, וויא מיר האבען צייט.—וואו וועלען מיר היינט עסען מיטטאג?—מיר וועלען היינט עסען מיטטאָג, וואו מיר האבען נעכטען גע־געסען מיטטאָג (צייט צולעצט), צו הויז.—ווער וועט זיין אין (at) אונזער הויז היינט אבענד?—דער דאָקטאָר (physician) מיט זיין פרוי, זיינע צווייא טעכטער (זיינע אויסגעלאָזען), דרייא ניכטען (פּלעמעניצעס) און צווייא נעפען (פּלעמעניקעס); דיא קליינע פראַנצויזין (Frenchwoman) מיט איהר מאַן און איהר שוועסטער (איהר ניט ווידערהאָלט), מיין פעטער און מיין מומע (מיין ניט ווידערהאָלט), דער יונגער אמעריקאנער, וועלכער איז נעכטען געקומען פון באַלטימאָר, און דער ענגלענדער, בייא וועלכען איהר האט געקויפט דאָס פערד; אין אלעמען (all together) וועלען קומען זעכצעהן פערזאָן (זעכצעהן פערזאָנען וועלען קומען) היינט אבענד צו אונז אין הויז (to our house).—וועט אייער

צימער זיין גרויס גענוג פיר אזוי פיעלע לייט?—מיר וועלען האבען פלאץ (room) גענוג.—וועל איך אייך זעהן אויף (at) דעם באל מאָרגען אבענד?—איהר וועט מיך זעהן, ווען איהר בלייבט זעהר לאנג.—וועלען אייערע שוועסטערס און אייערע קוזינעס (אייערע ניט ווידערהאָלט) ניט געהן אויף (to) דעם באל? (not נאָך will).—זייא וועלען געהן מיט מיין מוטער אום ניין אָדער האלב-צעהן (=האלב נאָך; ווען דיאשטונדע איז שוין איינמאָל ערמאָהנט ווערט זיא נאָך דעם וואָרט past ניט ווידערהאָלט).—ווערט איהר און אייערע קינדער זיין היער היינט אבענד?—מיר וועלען זיין היער היינט אבענד, ווען מיר וועלען האבען צייט.—רעכענסט דו (do you intend) צו געהן זעהן אונזער ליעבען (dear) פריינד?—איך רעכען איהם צו געהן זעהן (איהם צולעצט).—ווען ווערסט דו מיר שיקען דאָס בוך, וועלכעס דו האסט מיר פערשפּראָכען (promised) נעכטען אבענד?—איך וועל עס דיר שיקען מאָרגען; איך קען עס דיר ניט שיקען היינט.—דאַרפסט (=האָסט) דו היינט ארבייטען פיעל? (צייט צולעצט).—היער קומט א יונגער מאן, ווער איז ער?—ער איז מיין שוועסטערקינד'ס זוהן.—פון וואנען קומט דיזער יונגער מאן?—ער קומט פון אמע-ריקא.—אין וועלכען אָרט האָט דער יונגער אמעריקאנער געוואוינט?—ער האט געוואוינט אין באַלטימאָר.—האט ער אימער געוואוינט אין באַלטימאָר, אין קיין אנדערן אָרט?—ער האט אויך געוואוינט אין טשיקאגאָ.—איז טשיקאגאָ א גרויסע שטאָדט?—טשיקאגאָ איז איינע פון דיא גרעסטע שטעדט פון אמעריקא.

## 88. צום איבערזעצען.

ווען ווערט איהר אברייזען?—איך וועל אברייזען אום פיער אוהר היינט (this) נאכ-מיטטאָג.—ווערט אייער פאָטער ארבייטען פריהער פאַר (פריהער פאַר, before) אייך?—מיין פאָטער ווערט ארבייטען היינט אין דער פריה.—ווען האט דער אמעריקאנער אָבגערייזט?—ער האט אבגערייזט צוויא טעג צוריק.—ווען ווערט איהר קומען צוריק (זיך צוריקקעהרען, return)?—איך וועל היער זיין ווידער אין א וואָך.—ווערט אייער פאָטער באלד קומען צוריק?—ער ווערט קומען צוריק אזוי באלד וויא ער האט פערטיג (אָד. האָט געענדיגט) זיינע געשעפטען.—ווען ווערט אייער נייעס הויז זיין געענדיגט?—עס ווערט זיין געענדיגט נעכסטען מאָנאט.—ווען ווערט איהר עסען אבענד-ברויט (supper)?—מיר וועלען עסען אבענד-ברויט אום האלב נאָך ניין.—ווערט איהר איינלאדען אייער נאכבאר?—איך וויים נאָך ניט, אויב איך וועל איהם איינלאדען.—ווערט איהר דארפען (want) מיין בוך נאָך לענגער (much longer)?—איך וועל עס ניט דארפען נאָך לענגער.—וועלען דיא יונגע דאמען בלייבען היער נאָך לענגער?—זייא וועלען ניט קענען בלייבען היער נאָך לענגער.—וויא לאַנג נאָך וועלען מיר האבען צו וואַרטען אויף (=פיר, for) אונזער געלד?—איהר ווערט ניט לאַנג מעהר האָבען צו וואַרטען (לאַנג מעהר צולעצט).—ווען וועל איך נעהמען דיא בריף אויף דיא פּאָסט?—איהר ווערט זייא נעהמען אום זעקס.—ווער ווערט אנטהאן דיא קינדער?—זייא וועלען זיך אליין אָנטהאָן.—דו ווערסט דיך איינשניידען.—ווער ווערט זיך איינשניידען?—אייער קליינע שוועסטער ווערט זיך איינשניידען.—ווערסט דו געדענקען, וואס דו האסט מיר פערשפּראָכען? (מיר צולעצט).—איך וועל געדענקען.

# 34th Lesson.—34סטע לעקציאָן.

**Soon** (סון), באלד; **after** (אַפ׳טער), נאָך.

| | |
|---|---|
| When do you go out this afternoon? | ווען געהט איהר אוים היינט נאָכמיטטאָג? |
| I shall remain (.אָד stay) at home till after four o'clock. | איך וועל בלייבען צו הויז ביז נאָך פיער אוהר. |
| I shall have done directly. | איך וועל גלייך (באלד) זיין פערטיג. |
| When I have read this book, I shall have to read another (.אָד one more). | ווען איך האב אבגעלעזען דיזעס בוך, האָב איך נאך איינם צו לעזען. |
| Next week I shall have been here three months. | נעכסטע וואָך בין איך דרייא מאָנאַטען היער. |

**Then** (דהען), דאַן.

**Immediately** (איממי׳דיאַייטלי), **directly** (דירעקט׳לי), גלייך, באלד.

אין יודיש ווערט מאנכמאָל געברויכט דיא געגענווערטיגע פאָרם פיר דיא צוקונפטיגע צייט, וויא „נעכסטע וואָך בין איך" אנשטאָדט „נעכסטע וואָך וועל איך זיין", „דאַן האָב איך" אָנשטאָדט „דאַן וועל איך האָבען" או. אַז. וו. אין ענגליש מוז אימער פיר דיא צוקינפטיגע צייט שטעהן דיא פאָרם פון דער צוקינפטיגער צייט.

| | |
|---|---|
| I shall not have written my letters before eight o'clock this evening. | איך וועל מיינע בריף ניט האָבען געשריבען פאר אכט אוהר היינט אבענד. |
| The thing (טהינג), the matter (מאַט׳טער) | דיא זאך. |
| Politness (פּאָולאיט׳נעם). | העפליכקייט, אנשטענדיגקייט. |
| Complaisance (קאָמ׳פּלעזאָנס). | אנגענעהמיגקייט, געפעליגקייט, פריינדליכקייט. |
| Foolish (פר׳ליש). | נאריש, דום. |
| Indulgent (אינדאָל׳דזשענט). | פריינדליך, גוט, גינסטיג. |
| Have you money enough? | האט איהר גענוג געלד? |
| O, I have to spare. | אָ, איך האָב איבריג. |
| To have to spare. | האבען איבערצולאָזען, האָבען איבריג. |
| He has nothing to spare. | ער האט גאָרנישט איבריג. |
| *To spare (ספּע־ר). | איבערלאָזען, ענטבעהרען, לייהען. |
| I cannot spare any money to-day. | איך קען היינט ניט ענטבעהרען (איבערלאָזען) קיין געלד. |
| Will you be able to spare me your carriage to-morrow? | וועט איהר מיר מאָרגען קענען איבערלאָזען (לייהען) אייער קארעט? |
| Will your father be willing to sell the horse? | וועט אייער פאטער וועלען פערקויפען דאס פערד? |
| Will the people be obliged to wait? | וועלען דיא לייטע מוזען ווארטען? |

| | |
|---|---|
| איך וועל וועלען. | I shall wish (אָד. want). |
| איך וועל מוזען. | I shall be obliged. |
| איך וועל קענען (מעגען). | I shall be allowed. |
| איך וועל געוואָלט (פערלאַנגט) האבען. | I shall have wished (אָד. wanted). |
| איך וועל האָבען געזאָלט (געמוזט). | I shall have been obliged. |
| איך וועל האָבען געמעגט. | I shall have been allowed. |
| איך וועל ניט קענען קומען. | I shall not be able to come. |
| איך וועל מוזען געהן אהין (דאָרטען). | I shall be obliged to go there. |
| וועט זיא מעגען קומען מאָרגען? | Will she be permitted to come to-morrow? |
| וועלען מיר קענען מאכען פיעל געשעפט? | Shall we be able to do much business? |
| וועט איהר קענען שרייבען ביז פינף אוהר? | Will you be able to write till five o'clock? |
| ווען איך קען זעהן ביז דאַן. | If I can see till then. |
| איך וועל ערשט מאָרגען אָברייזען. | I shall not leave till to-morrow. |

### Not till (נאָט טיל), ניט פאַר, ניט ביז, ערשט.

| | |
|---|---|
| איך וועל ניט זיין פערטיג פאַר זעקס אוהר היינט אבענד.<br>איך וועל ערשט זיין פערטיג זעקס אוהר היינט אבענד. | I shall not have done till six o'clock this evening (אָד. to-night). |
| ווען מוזט איהר האָבען אייערע שטיפעל? | When must you have your boots? |
| איך מוז זייא האבען בעשטימט בייא ניין מאָרגען פריה. | I must have them positively by nine to-morrow morning. |

### By (באַי), בייא, אום, אונגעפעהר.

| | | | |
|---|---|---|---|
| By then | בייא יענער צייט | Till (אָד. until) then | ביז דאַן |

### To-morrow (טו־מאָר'ראָו), מאָרגען.

| | |
|---|---|
| מאָרגען פריה. | To-morrow morning. |
| מאָרגען אין דער פריה. | To-morrow in the morning. |
| מיר וועלען האבען געגעסען מיטטאָג בייא צוויא אַ זייגער. | We shall have dined by two.<br>We shall have done dinner by two o'clock. |
| איך בין היער געוועזען אום צוועלף. | I was here at twelve. |
| איך בין היער געוועזען אונגעפעהר צוועלף. | I was here by twelve. |
| מיין מוטער וועט זיין אין אונזער הויז אונגעפעהר אום פינף אַ זייגער היינט נאָכמיטטאָג. | My mother will be in our house by five o'clock this afternoon. |
| פערלאָזען, אברייזען; פערלאזען, אבגערייזט. | To leave (ליוו), left (לעפט), left. |
| האט ער אבגערייזט? | Has he left? |
| ער האט אבגערייזט נעכטען. | He left yesterday. |

## 89. צום איבערזעצען.

ווען וועט אייער זוהן אבריידען?—מיין זוהן און מיין נעפע (פלעמעניק) וועלען בליי=
בען היער ביז מאָרגען נאָכמיטטאָג.—ווען מוז דער שניידער שיקען אייער ראָק?—ער
מוז איהם שיקען בייא צעהן אַ זייגער מאָרגען אין דער פריה.—ווען וועט איהר מעגען
(=זיין ערלויבט, be allowed) אויסגעהן ווידער?—איך וועל מעגען אויסגעהן ווידער אונ־
געפעהר (by) מאָרגען.—וועלען מיר מעגען אויסגעהן מאָרגען נאָכמיטטאָג?—מיר וועלען
ניט טאָרען (=זיין ערלויבט) אויסגעהן.—וועט דער אַמעריקאנער וועלען פערקויפען זיין
פערד דעם ענגלענדער?—ער וועט עס איהם וועלען פערקויפען (עס איהם צולעצט),
ווען אייער פאָטער האט עס לוסט צו קויפען (עס צולעצט).—ער וועט עס געוויס וועלען
קויפען.—וועלען מיר קענען (=זיין אין שטאנד, be able) מאכען געשעפטען צוזאמען, ווען
(if) איהר וועט פערקויפען אזוי ביליג, וויא איך מוז קויפען?—וועט איהר קענען קומען
היינט אַבענד?—איך וועל ניט קענען קומען היינט אַבענד?—וועט איהר מוזען (=זיין
געצוואונגען, be obliged) קאָפּירען דיזען בריף?—איך וועל מוזען קאָפּירען דיזען און
שרייבען נאָך פינף (five more).—וועט איהר מאָרגען קענען איבערלאָזען (to spare) אַ
ביסעל געלד? (צייט צולעצט).—איך וועל ניט האבען פיעל איבערצולאָזען.—ווען דוא
ברויכסט ניט מעהר אלס זעקס פלאָרין, וועל איך זייא דיר קענען געבען (זייא דיר
צולעצט).—ווען וועט איהר זיין פערטיג מיט דיא בריף?—איך וועל זיין פערטיג בייא
פינף אָדער האלב זעקס (half past).—ווען מוז דיא קאַרעט זיין בייא (at) דער טהיר?—
זיא מוז בעשטימט (positively) זיין בייא דער טהיר אונגעפעהר אום (by) אַ פערטעל
נאָך דרייא.—וויא לאנג וועט איהר פערבלייבען אין פאריז?—איך וועל דארטען בלייבען
ביז נעכסטען מאָנאט.—זייט איהר געוועזען פערטיג מיט'ן פריהשטיק אום אַכט?—מיר
האבען שוין געהאט פערטיג אום זיבען.—ווען וועט איהר האבען געזעהן דעם שפאניער?
—איך וועל איהם האָבען געזעהן בייא דרייא אַ זייגער.—וועט איהר האבען פערקויפט
אייער גאנצעס (all your) האָלץ ביז (by) מאָרגען?—איך ווייס ניט, אויב איך וועל עס
האבען פערקויפט אין גאנצען (all) בייא יענער צייט (by then).—וועט אייער פריינד
האבען געקויפט זיין נייעס פערד אונגעפעהר מאָרגען?—ער וועט עס ניט האבען גע=
קויפט בייא יענער צייט.—וועט ניט דיזער בוים זיין (have) אויסגעוואקסען פיעל בייא
נעכסטען יאהר?—ער וועט זיין אויסגעוואקסען פיעל בייא יענער צייט.—וויא לאנג זייט
איהר (=זייט איהר געוועזען) היער?—נעכסטע וואָך בין איך (=וועל איך האָבען געווע=
זען) היער דרייא מאָנאטען.—וויא לאנג איז דער אַמעריקאנער היער?—נעכסטען מאָנאט
איז ער היער דרייא יאהר.—וויא פיעלע שטוהלען האט דער טישלער (סטאָליער) גע=
שיקט?—ער האט געשיקט דרייא שטוהלען, ער האט נאָך צו שיקען נאָך דרייא (three more)
און דאַן וועט ער האבען געשיקט צווייא דוצענד אין גאנצען (in all).—וויא פיעלע פלא=
שען וויין האט דער בעדיענטער גענומען אויף לאנד?—ער האט גענומען פינף און ער
האט נאָך פופצעהן פלאשען צו נעהמען און דאַן וועט ער האבען גענומען ניין דוצענד
אין גאנצען.—האט דיא פרוי נאָך פיעלע העמדער צו מאכען?—ניין, נאָר נאָך צווייא.—
וויא פיעלע וועט זיא דאַן האָבען געמאכט?—זיא וועט דאַן האָבען געמאכט, אין גאנצען,
אַ דוצענד העמדער פיר ווילהעלמען או אַ דוצענד העמדער (=פרויענ=העמדער, chemises

מיר שארלאָטען.—וויא פיעלע פּאָאר זאָקען האט מאריע געשטריקט פיר זיך?—ווען זיא האט פערטיג דיזעס פּאָאר, ווערט זיא פיר זיך האבען געשטריקט (זיך צולעצט) א גאנצע דוצענד. (whole)

### 90. צום איבערזעצען.

ווען וועלען מיר זיין פערטיג מיט דעם מיטטאָגעסען?—מיר וועלען ניט האבען געגעסען מיטטאָג (dined) ביז דרייא.—ווערט איהר זיין פערטיג מיט דעם אבענד־ברויט אום האלב ניין?—מיר וועלען שוין האבען אבגעגעסען אבענד־ברויט (supper) פריהער (before then).—אום וויא פיעל א זייגער זייט איהר געוועהנליך פערטיג מיט דעם פריהשטיק?—מיר זיינען פערטיג מיט פריהשטיק אום האלב זיבען יעדען מאָרגען.—האט איהר געפריהשטיקט?—נאָך ניט, אבער איך וועל זיין גלייך פערטיג.—איז דיין מוטער אָנגעטהאָן (dressed)?—נאָך ניט, אבער זיא ווערט גלייך זיין פערטיג.—ווען וועל איך היינט געפינען אויף דער בערזע?—איהר ווערט מיך געפינען אויף דער בערזע אום דרייא פערטעל אויף צווייא (=א פערטעל צו צווייא).—זייט איהר נאָך געוועזען צו הויז א שטונדע צוריק?—ניין, איך האב אבגערייזט צווייא שטונדען צוריק.—האט איהר קיין יטאָק?—איך וועל זאָגלייך קויפען איינעם (זאָגלייך צולעצט).—ווערט איהר קויפען א זייקען אדער א דינעם?—איך וועל קויפען דעם דינסטען, וואס (that) איך קען געפינען. —ווארום ערוואַרטעסט דוא קיין העפליכקייט פון דיזען מענשען?—ווייל ער איז צו גינציג (גינסטיג) צו זיך אליין און דיזע זאָרט מענשען האבען זעלטען העפליכקייט און אנגענעה־מזינקייט איבערצולאָזען פיר אַנדערע.—איז דיין ברודער פערטיג מיט מיין פעדער?—ער איז פערטיג דאמיט (with it).—ווערסט דוא געבען דיין שוועסטער דאס בוך, ווען דוא ביסט דאמיט פערטיג?—איך וועל גלייך זיין פערטיג דאמיט און איך וועל עס איהר געבען.—האסט דוא עטוואס אנדערס (anything else) איהר צו געבען? (איהר צולעצט). —איך האב נאָך עטוואס (something more) איהר צו געבען.—וואס איז עס?—דאס איז א פּאָאר נייע זאָקען.

---

# 35th Lesson.—35סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| איך וואָלט שרייבען. | I should write. |
| דוא וואָלסט שרייבען. | You would write. |
| ער וואָלט שרייבען. | He would write. |
| מיר וואָלטען שרייבען. | We should write. |
| איהר וואָלט שרייבען. | You would write. |
| זייא וואָלטען שרייבען. | They would write. |
| איך וואָלט. | I should. |
| דוא וואָלסט. | You would. |
| ער, זיא, עס וואָלט. | He, she, it would. |
| מיר וואָלטען. | We should. |
| איהר וואָלט. | You would. |
| זייא וואָלטען. | They would. |

דער אויסדרוק וואָלט ווערט אין ענגליש איבערזעצט פיר דיא ערשטע פערזאָן (I, we) מיט דעם וואָרט should, פיר דיא איבריגע פערזאָנען—מיט would. דיזע אַרט אויסדרוק הייסט בעדינגונגס אַרט.

| | |
|---|---|
| You would not do that. | דוא וואָלסט דאָס ניט געטהאָן. |
| Would you read this letter, if—? | וואָלט איהר געלעזען דיזען בריף, ווען—? |
| I should not read it. | איך וואָלט איהם ניט געלעזען. |
| Should we find him at home now? | וואָלטען מיר איהם געפינען יעצט צו הויז? |
| You would not find him. | איהר וואָלט איהם ניט געפינען. |
| Would your sister invite me, if—? | וואָלט אייער שוועסטער מיך איינגעלאַדען, ווען—? |
| They would certainly invite them. | זייא וואָלטען זייא געוויס איינגעלאַדען. |
| Would not your brother go into the country with us? | וואָלט ניט אייער ברודער געגאַנגען מיט אונז אויף לאַנד? |
| He should (.אָד ought to) go with you, for he is not quite well and the country air would do him good. | ער האָט געדאַרפט געהן מיט אייך, דען ער איז ניט גאַנץ געזונד, און דיא לאַנד-לופט וואָלט איהם געטהאָן גוטס. |

פיר דיא ערשטע פערזאָן (I, we) בעדייטעט Would געוואָלט, און should פיר דיא איבריגע פערזאָנען בעדייטעט געזאָלט, געדאַרפט: I would go, איך האָב געוואָלט געהן; you should go, דוא האָסט געזאָלט געהן, he should go, ער האָט געדאַרפט געהן.

| | |
|---|---|
| To do good. | טהאָן גוטס, זיין פון נוצען. |
| The country (קאָנטרי) — דאָס לאַנד | The air (ער) — דיא לופט |
| The country air. | דיא לאַנד-לופט. |
| Should not our friend Henry go to see our uncle? | זאָל ניט אונזער פריינד הענריך געהן זעהן אונזער פעטער? |
| He should not; it is not necessary. | ער זאָל ניט; עס איז ניט נעטהיג. |
| Would you have gone into the country? | וואָלט איהר געהאַט געגאַנגען אויף לאַנד? |
| I should have gone. | איך וואָלט געהאַט געגאַנגען. |
| I should have praised. | איך וואָלט געלויבט. |
| You would have praised. | דוא וואָלסט געלויבט. |
| He, she, it would have praised. | ער, זיא, עס וואָלט געלויבט. |
| We should have praised. | מיר וואָלטען געלויבט. |
| You would have praised. | איהר וואָלט געלויבט. |
| They would have praised. | זייא וואָלטען געלויבט. |

דיא פערגאַנגענע צייט-פאָרם פון דער בעדינגונגס אַרט ווערט געמאַכט דורך have מיט דעם פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט.

| | |
|---|---|
| If I praise. | ווען איך לויב. |
| If you praise. | ווען דוא לויבסט. |
| If, he, she, it praise. | ווען ער לויבט. |

| | |
|---|---|
| If we praise. | ווען מיר לויבען. |
| If you praise. | ווען איהר לויבט. |
| If they praise. | ווען זייא לויבען. |

נאָך דעם וואָרט if (אויב, ווען), וויא אויך נאָך אַלע ווערטער, וועלכע קומען גלייך נאָך דיזער רעגעל, ווערט געברויכט דיא איינפאַכע פאָרם פון האַנדלונגכוואָרט, דאס הייסט דיא אונבעשטימטע אַרט, ווען עס ווערט גערייטעט אויף אַ ניט-בעשטימטע צוקינפטיגע האַנדלונג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Although (אָ־לדהאָו) / Though (דהאָו) | אָבוואָהל, כאָטש | Provided(פּראָו-וואַי־דעד) | פארויסגעזעצט / בתנאי |
| Except (עקסעפּט׳) / Unless (אָנלעס׳) | אויסער, סיידען | Lest (לעסט) | דאס ניט, טאָמער |
| | | Till (טיל), until (אָנטיל׳) | ביז |
| So that (סאָו דהאָט) | אזוי דאס | Whether (הוועדהער) | אויב, צי |

| | |
|---|---|
| Will my brother dine with you to-day? | וועט מיין ברודער היינט עסען מיטטאָג בייא אייך? |
| If he be here in time, not if he come so late as the last time. | ווען ער איז היער אין צייט (בעצייטענס), ניט ווען ער קומט אזוי שפעט, וויא דאס לעצטע מאָל. |

## In time, (אין טאַים), אין צייט, בעצייטענס.

## Time (טאַים), אַ מאָל.

| | |
|---|---|
| The last time. | לעצטעס מאָל. |
| The next time. | נעכסטעס מאָל. |
| Will you give that book to my little sister? | וועט איהר געבען יענעס בוך מיין קליינער שוועסטער? |
| I must see whether she behave well to-morrow, as she did last time. | איך מוז זעהן, אויב זיא פיהרט זיך אויף מאָרגען גוט, וויא פאריגעס מאָל. |
| Will you give my cousin William, what you have promised him? | וועט איהר געבען מיין שוועסטערקינד וויל-העלמען, וואָס איהר האט איהם פערשפּראָכען? |
| I shall give it him provided he do what he has promised me; but certainly not till he do it. | איך וועל עס איהם געבען, פאָרויסגעזעצט (בתנאי) ער זאָל טהאָן, וואס ער האט מיר פערשפּראָכען; אבער זיכער ניט ביז ער טהוט. |

ווען עס ווערט גערייטעט אויף אַן אונבעשטימטע האַנדלונג אין דער פערגאַנגענער צייט, ווערט געברויכט דיא פערגאַנגענע צייט-פאָרם: If I had, ווען איך וואָלט געהאַט; If I came, ווען איך וואָלט געקומען או. אַז. וו.

בייא דעם האַנדלונגסוואָרט to be, ווערט אין דיזען פאַל אימער געברויכט דיא מעהר-צאָהל: were.

| | |
|---|---|
| If I were (ניט was). | ווען איך וואָלט געווען. |
| If you were. | ווען דוא וואָלסט געווען. |

| | |
|---|---|
| If he, she, it were. | וועָן ער, זיא, עס וואָלט געוועזען. |
| If we were. | וועָן מיר וואָלטען געוועזען. |

או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| He would not come, even if we called him. | ער וואָלט ניט געקומען, זעלבסט וועָן מיר וואָלטען איהם גערופען. |

וועָן עס קומט אין זאַץ ניט פאָר איינס פון דיא אויבען-געבראַכטע בינדווערטער if, though, till או. אז. וו., ווערט דיא בעדינגונגס אַרט אויסגעדריקט, וויא געוועהנליך—מיט should און would.

| | |
|---|---|
| I should not do it. | איך וואָלט עס ניט געטהאָן. |
| I know he would give it me. | איך ווייס ער וואָלט עס מיר געגעבען. |
| We should go away directly. | מיר וואָלטען גלייך אוועגגעגאַנגען. |
| He would not stay. | ער וואָלט ניט געבליבען. |

בייא did, had, were און should קען מען אויסלאָזען דאָס וואָרט if, אָבער דאַן קומען דיזע האַנדלונגסווערטער פאָר דער פערזאָן:

| | |
|---|---|
| Were he rich (if he were rich). | וועָן ער וואָלט זיין רייך. |
| Were it true (if it were true). | וועָן עס וואָלט זיין וואהר. |
| Had we known it (if we had known it). | וועָן מיר וואָלטען עס געוואוסט. |
| Had they seen me (if they had seen me). | וועָן זייא וואָלטען מיך געזעהן. |
| Did I know (if I know). | וועָן איך ווייס. |
| Should I see him (if I see him). | וועָן איך זעה איהם. |
| Should he not come (if he do not come). | וועָן ער קומט ניט. |
| Did we like her (if we liked her). | וועָן זיא וואָלט אונז געפעלען. |
| Did you know (if you knew). | וועָן איהר וואָלט וויסען. |
| My brother says, the man has been here. | מיין ברודער זאָגט, דער מאַן איז היער געוועזען. |
| To say (סיי); said (סעד), said. | זאָגען; געזאָגט. |
| The servant said, if he did not come to-day, he would certainly come to-morrow. | דער בעדיענטער האט געזאָגט, וועָן ער קומט ניט היינט, קומט ער געוויס מאָרגען. |

וועָן עס שטעהן צוויא זעצע אין פערבינדונג, שטעהען דיא האַנדלונגסווערטער אין ביידען אין דער זעלבער צייט-פאָרם; שטעהט אין דעם פאָרדער-זאַץ דאָס האַנדלונגסוואָרט אין דער געגענ-ווערטיגער צייט-פאָרם, שטעהט עס אין דעם נאָכ-זאַץ אויך אין דער געגענווערטיגער, שטעהט עס אין דעם פאָרדער-זאַץ אין דער פערגאַנגענער צייט-פאָרם, שטעהט עס אין דעם נאָכ-זאַץ אין דער פערגאַנגענער צייט-פאָרם או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| He says he can not come. | ער זאָגט ער קען ניט קומען. |
| He said he could not come. | ער האט געזאָגט ער קען ניט קומען. |
| I cannot give him the book though he wish it. | איך קען איהם ניט געבען דאָס בוך אָבוואהל ער ווינשט עס. |

| | |
|---|---|
| I could not give him the book, though he wished it ever so much. | איך האב עס ניט געקענט געבען דאָס בוך אָבוואָהל ער האט עס געוואונשען. |
| I shall not give him the book, though he wish it ever so much. | איך וועל איהם דאָס בוך ניט געבען, ווען ער ווינשט עס אויך זעהר פיעל. |
| I should not give him the book, though he wished it ever so much. | איך וואָלט איהם ניט געגעבען דאָס בוך, ווען ער וואָלט עס אויך געוואונשען זעהר פיעל. |

**Ever so much, וויא אויך נאָך, נאָך אזוי פיעל.**

**Ever so many, נאָך אזוי פיעלע.**

**Ever so long, נאָך אזוי לאנג.**

| | |
|---|---|
| He would not read, if he had ever so many books. | ער וואָלט ניט געלעזען, ווען ער וואָלט נאָך אזוי פיעלע ביכער געהאט. |
| The moment (מאָמענט). | דער אויגענבליק, דיא רגע. |

**Without (ווידהאַוט'), אָהן.**

| | |
|---|---|
| To be of use. | זיין פון נוצען, ניצען. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| *To cease (סי־ם) | אויפהערען | *To ask (אָסק) | פרעגען, בעטען |
| *To persuade (פערסוּוייד) | איבעררעדען | *To demand (דימאָנד) / *To ask for | פאָדערן, פער־לאנגען |
| *To hope (האָופּ) | האָפען | | |

| | |
|---|---|
| You may speak to him now. | איהר קענט מיט איהם יעצט רעדען. |
| To speak (ספּי־ק), spoke (ספּאָוק), spoken (ספּאָוקן). | רעדען, שפּרעכען; גערעדט. |

דאָס וואָרט מיט נאָך רעדען ווערט אין ענגליש איבערזעצט to (צו).

| | |
|---|---|
| To speak about something. | רעדען איבער עפּעס. |
| To speak about (אָד. on) business. | רעדען איבער געשעפט. |

**About (אָבאַוט'), on (אָן), איבער, וועגען.**

| | |
|---|---|
| About what? | איבער וואָס? |
| About what has he spoken to you? | איבער וואָס האט ער גערעדט מיט אייך? |
| I must speak to him. | איך מוז רעדען מיט איהם. |

## 91. צום איבערזעצען.

ווילט איהר רופען אייער ברודער?—איך וואָלט איהם גערופען, ווען איך וואָלט געוואוסט, וואו ער איז (=וואו ער איז געוועזען, was; דיא צייט־פאָרם מוז שטימען מיט דער צייט־פאָרם פון פאָרדער־זאץ).—וואָלט ער געקומען, ווען איהר וואָלט איהם גערופען?—ווען איך וואָלט איהם גערופען, וואלט ער געווים קומען.—וואָלט איהר געגאנגען צום שפּאַניער ווען איהר וואָלט איהם געקענט?—ווען איך וואָלט איהם געקענט און איהר וואָלט מיך מיטגענומען (=גענומען מיט אייך), וואָלט איך געהן צו איהם.—וואָלט אייער

מומע געבען מיין שוועסטער א גוטעס בוך, ווען זיא וואָלט עס געבעטען?—זיא וואָלט איהר געגעבען איינס, ווען דיין שוועסטער וואָלט עס געבעטען.—וואָלט איהר געקויפט מיין הויז, ווען איך וואָלט עס פערקויפט?—מיר וואָלטען עס געקויפט, ווען איהר וואָלט עס פערקויפט ביליג, און ווען מיר וואָלטען געהאַט גענוג געלד.—וואָלט דיזער בוים געוואַקסען בעסער (any better), ווען ער וואָלט געשטאַנען אין אַן אַנדער אָרט?—איך דענק ניט, דאָס ער וואָלט וואַקסען בעסער.—וואָלט דיזעס גלאָז זיך צוברעכען, ווען איך וואָלט עס העראָבגעוואָרפען?—עס וואָלט זיין זעהר פערדריסליך, ווען דוא וואָלסט צוברעכען מיין בעסטעס גלאָז.—וואָלט ניט דיזער בוים זיין פיעל שעהנער, ווען ער וואָלט געוואַקסען בעסער?—ווען ער וואָלט געוואַקסען בעסער, וואָלט ער זיין דער שעהנסטער בוים פון אייער גאָרטען.—וואָלט איהר נעמען דיזען בריף אויף דיא פּאָסט פיר מיך, ווען איך וואָלט אייך געבעטען?—מיר וואָלטען איהם ניט גענומען.—ווארום וואָלט איהר עס ניט געטהאָן?—ווייל איהר זייט צו פויל עס צו טהאָן אליין.—וואָלט איהר מיטגעהן (=געהן מיט מיר), ווען איך וואָלט איהם אוועגגעטראָגען (if I took it) אליין?—ווען איהר וואָלט געגאַנגען אויף דיא פּאָסט און גענומען דעם בריף אליין, וואָלטען מיר מיטגעהן (=געגאַנגען מיט אייך).—וואָלט איהר ניט מוזען אליין אבפּוצען אייער ראָק (to brush your own coat), ווען איהר וואָלט ניט געהאַט קיין דיענסט?—ווען איך וואָלט ניט געהאַט קיין דיענסט, וואלט איך אליין אָבגעפּוצט מיין ראָק.—וואָלטען אונזערע בעדיענטע האָבען עטוואָס צו טהאָן, ווען מיר וואָלטען אליין געפּוצט אונזערע ראָק?—זייא וואָלטען גאָרנישט האָבען צו טהאָן.—וואָלט עס ניט געוועזען בעסער, ווען איהר וואָלט געשריבען אייערע בריף אליין?—ווען מיר וואָלטען געשריבען אונזערע בריף אליין, וואלט אונזער שרייבער (clerk) גאָר נישט געהאַט צו טהאָן.—וואָלט איהר ניט זיין געצוואונגען עס צו טהאָן, ווען ער וואָלט עס ניט געטהאָן?—ווען ער וואָלט עס ניט געטהאָן, וואָלטען מיר זיין געצוואונגען עס צו טהאָן אליין.—וואָלטען אייערע קינדער זיך אנטהאָן?—ווען זייא וואָלטען געקענט, וואָלטען זייא זיך אָנטהאָן.

## .92 צום איבערזעצען.

וואָלט איהר אייך אָנגעטהאָן, ווען איהר וואָלט געקענט (געמעגט) אויסגעהן?—וואָלט איך געקענט אויסגעהן, וואָלט איך מיך געהאַט אָנגעטהאָן.—וואלט איהר אויסגעהן, ווען איהר וואָלט געקענט?—ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך אויסגעהן.—וואלטען דיא קינדער געהן אין שולע, ווען זייא וואָלטען געקענט בלייבען צו הויז?—ווען דיא קינדער וואָלטען געקענט בלייבען צו הויז, וואלטען זייא ניט געהן אין שולע.—וואָלטען אייערע שוועסטערס אליין שטריקען זייערע זאָקען (their own stockings), ווען זייא וואָלטען קיינע ניט געקענט קויפען?—ווען זייא וואָלטען ניט געקענט קויפען קיין זאָקען, וואָלטען זייא מוזען (=זיין געצוואונגען) זיך אליין צו שטריקען (to knit their own).—וואָלט עס ניט זיין פיעל בעסער, ווען זייא וואָלטען זיך אליין געשטריקט (knit their own) זאָקען און זיך אליין געמאַכט העמדער (=פרויענהעמדער, chemises).—עס וואָלט געווים זיין פיעל בעסער, און זייא וואָלטען עס (=אזוי, so) טהאָן אויך (too), ווען מיין מוטער וואלט זייא ניט געגעבען קיין געלד צו

קויפען העמדער און זאָקען.—וואָלטען אייערע פריינד'ס זיהן קומען, ווען איך וואָלט זייא איינגעלאָדען?—זייא וואָלטען קומען, ווען איהר וואָלט זייא געבעטען און גערעדט מיט (to) זייערע פאָטערס דאריבער (about it).—וואָלט אייער שוועסטער קומען צו מיינער, ווען זיא וואָלט געבליבען צו הויז?—זיא וואָלט דאָך (still) ניט קענען קומען, ווייל זיא קען ניט אויסגעהן היינט אבענד.—וואָלטען אייערע זיהן האבען גערעדט מיט אונזערע, ווען זייא וואָלטען זייא געהאט געזעהן?—זייא וואָלטען געוויס האבען גערעדט מיט זייא.—רעדט דער ענגלענדער מיט דעם אמעריקאנער, ווען ער זעהט איהם?—געוויס, ער רעדט מיט איהם.—ווארום זאָל (should) ער ניט רעדען מיט איהם?—איך האב געדאכט זייא זיינען פיינדע (אנשטאָט זיינען ווערט געברויכט דיא פערגאַנגענע צייט־פאָרם ווייל דאָס האנדלונגס־וואָרט פון פאָרדער־זאַץ איז אין דיזער פאָרם).—ווארום האָסט דוא געדאכט, דאס זייא זיינען שונאים?—איך ווייס ווירקליך ניט, ווארום איך האָב אזוי געדאכט.

## 93. צום איבערזעצען.

וואָס האט אייער פאָטער געזאָגט (צו) מיין בעדיענטען היינט אין דער פריה?—ער האט איהם גאָרנישט געזאָגט, דען ער האט איהם גאָר ניט געזעהן.—וואָס זאָגט אייער פריינד, דער קליינער אמעריקאנער, צו מיין נייעם פערד?—ער זאָגט, עס איז איינס פון דיא שעהנסטע פערד, וועלכע ער האט ווען געזעהן.—איז דער בעדיענטער געוועזען בייא דעם שניידער?—יע, ער האט געזאגט ער וועט (—ער האט גע־וואָלט, (he would קומען צו אייך דיעזען נאכמיטאָג.—האט איהר געפרעגט אייער קוזינע, אויב זי האט ניט גענומען מיין ענגלישעס בוך?—יע, איך האב זיא געפרעגט.—נוא (well), וואס האט זיא געזאגט? (איינ. פערג.)—זיא זאָגט עס איז זעהר אונרעכט פון אייך צו דענקען, דאס זיא נעהמט אייער בוך; עס קען איהר פון קיינע נוצען זיין (איהר נוצען).—האבען אייערע מומעס ערהאלטען (received) א בריף פון פאריז?—זייער פריינדין שרייבט (צו) זייא, דאס זיא וועט בלייבען צוויא מאָנאטען לענגער.—געהט אייער ברודער אויף דאס לאנד?—ער געהט אהין (there) נעכסטע וואָך; ער האָפט דיא לאנד־לופט וועט איהם טהאָן גוטעס.—אָבער וואָס האט דער האָללענדער געשפראָכען מיט אייער פעטער?—ער האט מיט איהם גע־שפראָכען איבער געשעפט.—קענט איהר ניט איבעררעדען אייער ניכטע (פלעמעניצע) היער צו בלייבען (היער נאָך בלייבען) איינינע טעג מעהר (=לענגער)?—מיר וועלען האבען א באָל אין אונזער הויז נעכסטע וואָך.—זיא זאגט זיא קען ניט בלייבען היער לענגער (any longer); זיא טאָר (מעג) ניט.—ווען קומט אייער ברודער אהיים?—איך ערוואַרט איהם יעדען אויגענבליק.—האט איהר עפּעס איהם צו זאָגען (איהם נאָך זאָגען)?—איך האב צו רעדען מיט איהם איבער געשעפטען.

## 94. צום איבערזעצען.

וועט אייער ברודער געהן אין טהעאטער היינט אבענד?—ער וועט ניט געהן, סיי־דען ער בעענדיגט זיינע בריף אום פינף א זייגער.—האט איהר נאָך לוסט צו קויפען דאס פערד פון דעם אירלענדער?—איך האב נאָך לוסט עס צו קויפען; אבער איך וועל עס ניט קויפען, סיידען ער פערקויפט עס פיר זעהר פיעל וועניגער אלס ער האָט געב־

טען געבעבען (צייט צולעצט).—ווערט איהר מיר ניט געבען נאָך צעהן פלאָרין?—איך וועל דיר זייא ניט געבען, ווען איהר בעט מיך נאָך אַזוי פיעל.—האט אייער זוהן געלעזען דאס בוך, וועלכעס איך האב איהם געגעבען, אלס (ווען) ער איז געוועזען היער לעצטעס מאָל?—ער לעזט קיינמאָל, איהר מעגט איהם געבען (=ווען איהר גיט איהם) נאָך אַזוי פיעלע ביכער.—ווארום בעהאלט איהר דיזען בריף?—איך בעהאלט איהם, דאָס מיין שוועסטער זאָל איהם ניט זעהן (=טאָמער זעהט איהם מיין שוועסטער).—ווארום האט איהר ניט גערעדט מיט דעם יונגען האָללענדער?—איך ווינש מיט איהם ניט צו רעדען, טאמער לאָדעט ער מיך איין.—ווערט דער שפּאַניער מאָרגען האָבען דאס געלד?—ער ווערט קיינס האָבען, סיידען ער באָרגט וועלכעס.—מעג מיין טאָכטער נעהמען דיין רע־גענשירם?—זיא מעג איהם נעהמען, בתנאי (פאָרויסגעזעצט) זיא ברייננגט איהם מיר צוריק באַלד.—ווען ווערסט דוא איהם ברויכען?—איך מוז איהם האָבען צוריק באַלד.—דאַרף (ought) ניט יעדערער זוכען זיך צו מאַכען ניצליך?—יעדערער מוז זיך מאַכען אַזוי ניצליך, וויא ער קען, ווארום פון דעם אויגענבליק, וואָס (that) אַ מענש—און ווען אויך ער האט נאָך אַזוי פיעל געלד—הערט־אויף זיך צו מאַכען ניצליך פיר (to) אַנדערע, ווערט ער אַ לאַסט (burden) פיר זיך אַליין.—וואָלט איהר אַלזאָ (then) זיין אַ פוילענצער (לעדיג־געהער)?—ניין, געוויס ניט; איך וואָלט ניט וועלען זיין אַ פוילענצער, ווען איך וואָלט נאָך אַזוי רייך געוועזען און געהאט נאָך אַזוי פיעל געלד און נאָך אַזוי פיעלע קאַ־רעטען און פערד.—אבער טהוט יעדערער, וואָס ער האט געדאַרפט?—נאר זעהר ווע־ניגע; פיעלע האבען גרויסע שוויריגקייט זיך צו איבעררעדען צו טהאָן דאָס, וואָס זייא דאַרפען טהאָן.

---

# 36th Lesson.—36סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| To promise (פּראָ'מיס). | פערשפּרעכען. |
| Do you come to our house this evening? | קומט איהר צו אונז היינט אבענד? |
| I cannot promise you, for I am invited to go to my uncle. | איך קען אייך ניט פערשפּרעכען, דען איך בין איינגעלאַדען צו געהן צו מיין פעטער. |

ווען מען פערשטעהט אונטער דיא ווערטער צו אָדער בייא, וואָס בעציהען זיך אויף אַ פּערזאָן, ניט אַזוי פיעל דיא פּערזאָן אַליין, וויא דעם אָרט פון דער פּערזאָן—דאָס הויז, דעם געשעפטס פּלאַץ, דיא ווערק־שטאַט און דערגלייכען—קומט אין ענגליש דיא פּערזאָן מיט דעם אַנגעהעריגקייטס צייכען s' און דער אָרט קען אויסגעלאָזען ווערען: to my uncle's, צו מיין פעטער (=נאָך מיין פעטער'ס הויז); to the tailor's, צו דעם שניידער (=נאָך דעם שניידער'ס ווערק־שטאַט); at my uncle's, בייא מיין פעטער, at the tailor's, בייא דעם שניידער.

## So (סאָו), עס, דאָס, יע.

| | |
|---|---|
| Will your father return (.אָד come back) to-day? | ווערט אייער פאָטער היינט קומען צוריק? |
| I hope so. | איך האָף יע, איך האָף עס. |
| Has your brother really written this letter? | האט אייער ברודער ווירקליך געשריבען דיזען בריף? |

| | |
|---|---|
| He says so. | ער זאָגט יע, ער זאָגט עס. |
| You think I am rich, but I am not (.אָד not so). | איהר דענקט איך בין רייך, אבער איך בין עס ניט. |
| You should not do so. | איהר זאָלט עס (אָד. דאָס) ניט טהאָן. |

ווען עס אָדער דאָס בעציהט זיך אויף עפּעס וואָס איז פריהער געזאָגט געוואָרען, ניט אויף אַ געגענשטאַנד, ווערט עס אין ענגליש איבערזעצט so. ווען דאָס יודישע וואָרט יע געהט ניט אַליין נאָר צוזאַמען מיט אַ האַנדלונגסוואָרט צו ענטפערן אויף אַ פראַגע אויב עפּעס געשעהט יע אָדער ניט, ווערט עס עבענפאַלס איבערזעצט so.

| | |
|---|---|
| Will you come to see me? | ?ווערסט דוא מיך קומען זעהן |
| I hope so. | איך האָף יע. |
| Will he write to his brother? | ?וועט ער שרייבען צו זיין ברודער |
| He says so. | ער זאָגט יע. |

## To (טו) צו; at (אָט), בייא.

| | | | |
|---|---|---|---|
| At my house | בייא מיר | To my house | צו מיר |
| At his house | בייא איהם | To his house | צו איהם |
| At her house | בייא איהר | To her house | צו איהר |

| | |
|---|---|
| To come, go to our house. | קומען, געהן צו אונז. |
| To be, stay, live at our house. | זיין, בלייבען, וואוינען בייא אונז. |
| To come, go to your house. | קומען, געהן צו אייך. |
| To be, stay, live at your house. | זיין, בלייבען, וואוינען בייא אייך. |
| To come, go, send to their house. | קומען, געהן, שיקען צו זייא. |
| To be, stay, live at their house. | זיין, בלייבען, וואוינען בייא זייא. |
| To go to the shoemaker's. | געהן צו דעם שוסטער. |
| To be at the joiner's. | זיין בייא דעם סטאָליער |
| To go to my father's. | געהן צו מיין פאָטער. |
| To be at his brother's. | זיין בייא זיין ברודער. |
| Was the young Spaniard at your house yesterday? | ?איז געוועזען דער יונגער שפּאַניער בייא אייך נעכטען |
| He would have come to our house, if he had not been obliged to go to his brother's. | ער וואָלט געקומען צו אונז, ווען ער וואָלט ניט געהאַט געמוזט געהן צו זיין ברודער. |
| John, have you taken the horse to the farrier's? | ?יאָהאַן, האָסט דוא גענומען דאָס פערד צו דעם פערד־שמיעד |
| The farrier (פאַר־ריער). | דער פערד־שמיעד, דער פאַדקעווע־שמיעד. |
| I have taken the horse to Dan, the farrier's (.אָד to Dan's, the farrier). | איך האָב גענומען דאָס פערד צו דאָן, דעם פערד־שמיעד. |
| I spent the evening at Doctor Helm's my friend and instructor. | איך האָב צוגעבראַכט דעם אבענד בייא דאָקטאָר העלם, מיין פריינד און לעהרער. |

| | |
|---|---|
| To spend (ספענד); spent (ספענט), spent. | פערברייננען, צוברייננען; פערבראכט (צייט). פערברייננען, אויסגעבען; פערבראכט, אויסגעגעבען (געלד). |
| The instructor (אינסטראַקטאָר). | דער לעהרער |
| *To play (פליי). | שפיעלען. |
| To play for money. | שפיעלען אום געלד (אין געלד). |
| To play for love. | שפיעלען אוים ליעבע (אהן געלד) |
| To play at cards, at chess. | שפיעלען אין קאָרטען, אין שאך. |
| The cards (קאַרדז) דיא קאָרטען | The chess (טשעס) דער שאך |

ביא אַלע שפיעלען ווערט דאָס ווערטעל at געשטעלט צו בעצייכענען אין: at cards, אין קאָרטען, at chess, אין שאך או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| To play at hide and seek (אָד. bo-peep). | זיך שפיעלען אין בעהעלטענעס. |
| To play at blind man's buff. | שפיעלען אין באפענעס. |
| Hide and seek (האייד אַנד סיק). Bo-peep (באָו-פיפ). | בעהעלטענעס (א שפיעל). |
| Blind man's buff (בלאיינד מאַנז באַף). | בלינדע קוה, באפענעס (א שפיעל). |
| The game (גיים). | דאס שפיעל; דיא פארטיע, דער קאָן. |
| A game of cards. | א פארטיע קאָרטען. |
| A game of chess. | א פארטיע שאך. |
| A round game. | א געזעלשאפטס שפיעל (א קאָרטען-שפיעל אין וועלכען עס נעהמען אנטהייל מעהרערע פערזאָנען). |
| The player (פלייער). | דער שפיעלער. |
| The chess-player דער שאך-שפיעלער | The billiard-player דער בילליארד-שפיעלער |
| Draughts (דראַפטס). | דאמענ-שפיעל. |
| Billiards (בילליאַרדז). | בילליארד, בילליארד-שפיעל. |
| Can you play at chess? | קענט איהר שפיעלען שאך? |
| Can you play at billiards? | קענט איהר שפיעלען בילליארד? |
| Can (קאַן); could (קוד), could. | קענען; געקענט. |
| To know (נאָו); knew (ניו), known (נאָון). | וויסען, קענען; געוואוסט, געקענט. |

Can הייסט קענען—זיין אין שטאנד, האָבען דיא מעגליכקייט; to know הייסט קענען—וויסען, האָבען בעקאנטשאפט; I can do, איך קען טהאָן; I can speak, איך קען רעדען; I know English, איך קען (וויים) ענגליש; he knows his business, ער קען (וויים) זיין געשעפט או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| Do you know your lesson? | קענסט (ווייסט) דוא דיין לעקציאן? |
| Do you know English? | קענט איהר ענגליש? |
| Can you speak English? | קענט איהר רעדען ענגליש? |
| Has he known his lesson? | האט ער געקענט זיין לעקציאן? |

| | |
|---|---|
| I do not know how to write this. | איך ווייס דאָס ניט וויא צו שרייבען. |
| *To believe (בילי־וו). | גלויבען, דענקען. |
| I believe you. | איך גלויב אייך. |
| He will not believe me. | ער וועט מיר ניט גלויבען. |
| I believe in all that he says. | איך גלויב אין אלעס וואָס ער זאָגט. |
| Is your father at home? | איז אייער פאָטער צו הויז? |
| I believe (.אָד think) so. | איך דענק יע. |
| To keep (קיפּ); kept (קעפּט), kept. | האַלטען; געהאַלטען. |
| Will you keep your promise? | וועט איהר האַלטען אייער פערשפּרעכען? |
| I shall keep my promise. | איך וועל האַלטען מיין פערשפּרעכען. |
| Will you keep this book for me? | וועסט דוא האַלטען דיזעס בוך פיר מיך? |
| I shall keep it for you. | איך וועל עס האַלטען פיר אייך. |
| The promise (פּראָ׳מיס). | דאָס פערשפּרעכען, דער צוזאָג. |
| The teacher(טי׳טשער), master(מאַס׳טער). | דער לעהרער. |
| The English teacher .אָד master. | דער ענגלישער לעהרער. |
| The French teacher .אָד master. | דער פראַנצויזישער לעהרער. |
| The German teacher .אָד master. | דער דייטשער לעהרער. |
| The dancing-master (דאָנ׳סינג־מאַס׳טער) | דער טאַנצ־לעהרער. |
| The writing-master (ראי׳טינג־מאַס׳טער) | דער שרייב־לעהרער. |
| The school-master (סקו־ל׳־מאַס׳טער). | דער שול־לעהרער. |
| The dealer (די־׳לער). | דער הענדלער. |
| The horse-dealer. | דער פערד־הענדלער. |
| The wine-dealer. The wine-merchant. | דער וויינ־הענדלער. |
| The merchant (מאָיר׳טשאַנט). | דער קויפמאַן, דער הענדלער. |

## 95. צום איבערזעצען.

עדוואַרד, וואַרום (why) האָסט דוא צובראָכען מיין גלאָז?—פּאַפּאַ, עס איז ניט געוועזען מיין שולד.—וועמעס שולד איז עס געוועזען, דען (then)?—עס איז געוועזען דעם הונד׳ס שולד.—וואַרום קומט איהר אזוי שפּעט נאָך הויז?—עס איז ניט אונזער שולד; אונזער שול־לעהרער האט אונז געהאַלטען אין שולע אזוי לאַנג.—וואַרום האַלט אייער שוועסטער מיין בוך אזוי לאַנג?—עס איז ניט איהר שולד; איהר קוזינע האט עס מיט־גענומען א היים (=גענומען אהיים מיט איט איהר), און האט עס איהר נאָך ניט גע־בראַכט צוריק.—האָט איהר לוסט מיט מיר צו געהן נאָך טשיקאַגאָ?—איך וואָלט ווע־לען (like) געהן מיט אייך, ווען איך וואָלט געהאט געשריבען מיינע בריף.—וויא פיעלע נאָך (more) האט איהר צו שרייבען?—איך האָב שוין געשריעבען דרייא, און איך האָב נאָך פיער צו שרייבען.—ווער לעזט דיא בריף, ווען זייא זיינען אויפגעשריבען (written)?

—מיין ברודער לעזט זייא איידער (before) ער שיקט זייא אויף (to) דיא פאסט.—ווען געהט איהר נאך באלטימאר?—איך וואלט וועלען (like) אבערייזען אום צוועלף און עסען מיטטאג אין (at) באלטימאר.—ווען ווערט איהר ווידער זיין צוריק? (ווידער צולעצט)—איך וועל זעהן (=מיך בעמיהען, try) זיין צוריק צום אבענד־עסען.—וואלסט דוא ניט געקענט שרייבען דיינע בריף מארגען?—וואס דענקסט דוא? וואס וואלט מיין פאטער זאגען?—וואוהין איז אייער פאטער געגאנגען?—איך גלויב ער איז געגאנגען צום פערדהענדלער אין לאדלאו גאס (Ludlow Street), צו פרובירען א פערד.—איך האב געדאכט, ער האט געקויפט איינס נעכטען.—ער האט עס ניט גערן געהאט.—וועסט דוא מיר פערשפרעכען צו לעזען דיזע וואך דאס בוך, וועלכעס איך האב נעכטען דיר געשיקט?—איך וויל דיר ניט פערשפרעכען, ווייל (for) איך ווייס ניט, אויב איך וועל האבען צייט.—ווייסט דוא, וואו דער אמעריקאנער וואוינט יעצט?—ניין, איך וואלט געוואלט וויסען, ווייל איך האב איהם עפעס צו זאגען (איהם צולעצט).

## 96. צום איבערזעצען.

קומט דער איטאליענער צו אייך (=צו אייער הויז) היינט פארנאכט?—ניין, ער זאגט ער קען ניט קומען; ער האט פערשפראכען צו געהן צו מיין פעטער.—האט ער איהם איינגעלאדען?—ער האט איהם איינגעלאדען צו פערברייגנען דעם אבענד בייא איהם (=אין זיין הויז).—געהט איהר צו אייער ענגלישען לעהרער, אדער ער קומט צו אייך?—מיר געהען צו איהם.—איך האב געזעהן אייער דיענער מיט אייער פערד היינט אין דער פריה; וואוהין איז ער געגאנגען מיט איהם?—ער איז געגאנגען צו דעם פערדשמיעד.—איז אייער ווירטהין צו הויז?—ניין, זיא איז געגאנגען צו איהר ניכטע (פלעמעניצע) אויף לאנד.—וועט איהר מארגען עסען מיטטאג בייא אונז? (צייט צולעצט).—איך האב פערשפראכען דעם ענגלענדער צו עסען מיטטאג בייא זיין פאטער.—זייט איהר איינגעלאדען צו הערן דזשאהנסאן (Johnson) דיזען אבענד?—יע, און מיין יונגערע טאכטער אויך.—איך וועל אויך געהן (אויך צולעצט); וועלען מיר געהן צוזאמען?—איך וואלט זעהר וועלען (I should like very much) געהן מיט דיר, אבער איך האב פערשפראכען צו נעהמען מיינע צווייא קוזינעס, וועלכע זיינען געקומען פון לאנד, און וועלכע זיינען אויך איינגעלאדען.—זייט איהר געוועזען בייא מאדאם דזשאהנסאן פאריגע (last) נאכט?—יע, איך בין געוועזען דארטען מיט מיינע קוזינעס.—האסט דוא דארטען געזעהן דעם יונגען שפאניער, וועלכער האט געפריהשטיקט נעכטען בייא אונז? (צייט צולעצט).—איך האב איהם דארטען געזעהן.—האסט דוא איהם געגעבען דעם בריף, וועלכען דוא האסט ערהאלטען פיר איהם?—ניין, איך האב איהם געהאט געהאלטען צו הויז; איך האב ניט געוואוסט, דאס איך וועל (וואלט, should) איהם זעהן.—האט איהר געקויפט דעם וויין, וועלכען איהר האט נעכטען פערזוכט?—איך האב איהם ניט געקויפט; איך האב עס גאר ניט גערן געהאט (גאר ניט, at all, צולעצט).—איך האב איהם זעהר גערן געהאט (זעהר ווערט פאר א האנדלונגסווארט איבערזעצט very much אדער very well).—האט איהם דער מאן פערקויפט? (איהם, it, צולעצט).—ניין, דוא קענסט (מעגסט) איהם האבען (איהם צולעצט).

## 97. צום איבערזעצען.

וועסט דוא מיט מיר געהן צו הערן דזשאָהנסאָן, דעם וויינ=הענדלער?—גראַדע יעצט קען איך ניט (גראַדע יעצט צולעצט); ווען דוא קענסט וואַרטען ביז דיזען נאָכמיטטאָג, וועל איך געהן מיט דיר.—ניין, איך מוז גלייך געהן (גלייך, directly, צולעצט); איך קען ניט פערזוכען קיין (any) וויין נאָך מיטטאָג (dinner).—האט ער וועלכען גוטען וויין יעצט עבען?—ער זאָגט יע (so).—רעכענט איהר צו קויפען פיעל?—איך דענק יע, ווען ער געפעהלט מיר.—האט איהר אויסגעגעבען פיעל אויף (for) וויין פאָריגעס (=לעצטעס) יאהר?—זעהר פיעל; איך האָב ניט ליעב צו דענקען פון דעם (of it), וויא פיעל איך האב אויסגעגעבען.—וועט דער שפּאַניער זיין היינט בייא נאַכט?—איך דענק יע.—וואו איז דזשאָהן (John)?—ער איז ניט צו הויז; איך האב איהם געשיקט צו דזשאָהנסאָן, דעם שוסטער.—וועלען אייערע שוועסטערס קומען באַלד אהיים?—זייא זיינען נאָר נעגאַנגען צו זייער מומען; זייא קענען ניט אויסען בלייבען פיעל לענגער, ווייל מיר ערוואַרטען וועלכע געזעלשאַפט היינטיגען אָבענד.—וועט איהר אויך קומען? (אויך, too, צולעצט)—וועמען ערוואַרטעט איהר?—עטליכע (several) דאַמען און הערען.—איך ווייס וויירקליך ניט, אויב (whether) איך קען קומען.—עס נוצט גאָר ניט (=עס איז גאָר פון קיינע נוצען) דיך צו בעטען, דוא קומסט קיינמאָל (קיינמאָל פאַר קומסט).—איך פערזיכער (assure) אייך, איך האב אזוי פיעל צו ארבייטען, דאס איך קען נאָר זעהר זעלטען (rarely) אויסגעהן אין אָבענד.—קען (מעג) איך אלזאָ (then), דיך ערוואַרטען?—איך וועל טהאָן מיין בעסטעס.—וועסט דוא שפּיעלען אין (at) קאָרטען?—מיין פאָטער, מיין מוטער און דיא צווייא אַמעריקאנער וועלען שפּיעלען אין קאָרטען.—וואָס וועט איהר טהאָן?—איך וועל געוויס מוזען (=זיין געצוואונגען) צו שפּיעלען שאָך מיט מיין מומען.—וואס וועלען דיא יונגע לייטע טהאָן?—זייא וועלען שפּיעלען מאַנכעס (some) געזעלשאַפטס שפּיעל (round-game).—שפּיעלט אייער ברודער אויך שאָך?—ניין, ער שפּיעלט ביליאַרד, ער קען ניט שפּיעלען קיין (any) אַנדער שפּיעל.—איז ער א גוטער ביליאַרד=שפּיעלער?—ער שפּיעלט בעסער אַלס אונזער שוועסטערקינד פון ניו יאָרק, וועלכער האט זיך אימער געהאַלטען פיר (considered himself) דעם בעסטען ביליאַרד=שפּיעלער, ביז ער האט געשפּיעלט מיט מיין ברודער.—שפּיעלט איהר אָפט אין (for) געלד?—ניין, איך שפּיעל קיינמאָל אין געלד.—וואָרום ניט?—ווייל איך האָב פערשפּראָכען מיין פאָטער דאָס ניט צו טהאָן (not to do so).—אויף אזאַ'ן אויפן (=דאַן, then) זייט איהר געוויס גאַנץ גערעכט.

## 98. צום איבערזעצען.

האט איהר ווען (ever) געשפּיעלט אין דאַמען?—ניין, איך האָב עס ניט האָלט.—ווער איז א בעסערער שאַך=שפּיעלער, דער פראַנצויז, וועלכען איך האָב געזעהן נעכטען בייא אייך, אדער מיין נעפע?—איך גלויב אייער נעפע שפּיעלט זעהר פיעל (א סך) בעסער.—וויא פיעלע פּאַרטיען ביליאַרד (=פון ביליאַרד) האט איהר געשפּיעלט?—איך האב געשפּיעלט זעקס.—וואס וועט איהר טהאָן בייא אייער פעטער דיזען אָבענד?—איך ווייס נאָך ניט (נאָך, yet, צולעצט); איך גלויב מיר וועלען שפּיעלען אין קאָרטען.

—אין געלד אדער אָהן געלד?—מיר שפּיעלען אָהן געלד; דענקסט דוא ניט, (דאָס) מיר זיינען גערעכט?—יעדער וויא ער האט האָלט; איך האָב האָלט אם בעסטען (best) צו שפּיעלען אין געלד.—וועל איך אייך געפינען צו הויז היינט ביי נאַכט (to-night)?—איך וועל זיין צו הויז, אָבער מיין פאָטער און מוטער און ברידער און שוועסטערס געהען צו הערן דשאָהנסאָן, אונזער דאָקטאָר און איניגסטען (most intimate) פריינד.—קענסט דוא איהם?—יע, איך בין נעכטען געוועזען ביי איהם.—האט ער ניט זעהר א שעהנע פרוי?—יע, זיא איז שעהנער אין הויז אלס אין גאַס.—וואָלט איך טהאָן בעסער ווען איך קויף (=צו קויפען) דיזען הוט אלס יענעם?—איך דענק איהר וואָלט טהאָן בעסער, ווען איהר קויפט (=צו קויפען) דיזען.—ווארום דענקט איהר אזוי?—וויל ער איז קלענער; איך האָב ניט האָלט גרויסע היט.—וואָלט איהר מיר גלויבען, ווען איך וואָלט אייך פערזיכערט דאס איך האב (=האב געהאט, had; דיא צייט־פאָרם פון דעם שפּעטערדיגען זאַץ מוז שטימען מיט דער צייט־פאָרם פון דעם פאָרדער־זאַץ), דאָס איך האָב פיעל געלד?—איך וואָלט אייך ניט גלויבען, וויל איהר באָרגט ביי (of) יעדען.—קענען אייערע קינדער שוין לעזען ענגליש?—זייא קענען עס לעזען און שרייבען (עס צו־לעצט).—גיט אייער ברודער אויס אזוי פיעל געלד וויא איהר?—ער זאָגט ער גיט אויס וועניגער אלס איך.—ווער האט מעהר אויסגעגעבען אויף (on) זיין גאָרטען, אייער פאָטער אדער אייער פעטער?—מיין פאָטער האט, איך דענק, אויסגעגעבען מעהר אויף זיינעם.—וועט אייער ברודער קענען ענדיגען זיינע אויפגאַבען (tasks) היינט?—איך דענק יע.—און אייער שוועסטער איהרע?—זיא בעמיהט זיך זייא צוא האבען פערטיג (זייא נאָך האָבען); זיא האט צו שרייבען נאָך צווייא פיר איהר פראַנצויזישען לעהרער.—ווען קומט אייער שרייב־לעהרער?—אום צווייא.—און אייער טאַנצ־לעהרער?—אום דרייא.—וואו איז אייער מוטער?—זיא איז געגאַנגען צו אונזער נאַכבאַר.—וועלען מיר זיין ביי אונז אדער ביי אייך היינט ביי נאַכט?—איך דענק מיר וועלען בלייבען ביי אונז.

---

## 37th Lesson.—37סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| א ליעבענדע מוטער. | A loving mother. |
| א וויינענדיגעס קינד. | A crying child. |
| ליעבענד | Loving (לאָווינג) |
| וויינענד | Crying (קראַיאינג) |
| איז ניט דאָס לעזען גוטע ביכער ניצליך? | Is not reading good books useful? |
| דאס לעזען גוטע ביכער איז זעהר ניצליך. | Reading good books is very useful. |
| דאָס לעזען. | Readiug (רי־דינג). |
| דיזען מאַנ'ס געשעפט בעשטעהט אין קויפען און פערקויפען. | This man's business consists in buying and selling. |
| דאָס קויפען | Buying (באַיאינג) |
| דאָס פערקויפען | Selling (סעללינג) |
| בעשטעהן. | *To consist (קאָנסיסט). |

ווערטער, וואָס ווערען געמאַכט פון האַנדלונגסווערטער דורך דיא צוזעצונג פון ing, וויא

crying, loving (פון cry, וויינען, love, ליעבען) און אזוי וויטער, טראָגען אין ענגליש דעם נאָמען ג ע ג ע נ וו ע ר ט י ג ע ס מ י ט ע ל וו אָ ר ט.

ביי דער צוזעצונג פון ing צו אַ האַנדלונגסוואָרט אום דערפון צו מאַכען אַ געגענוואַרטיגעס מיטעלוואָרט מוז מען אָבהיטען פאָלגענדע רעגלען:

ווען דאָס האַנדלונגסוואָרט ענדיגט זיך מיט איין שטומען e, ווערט דאָס e הערויסגעוואָרפען ביי דער צוזעצונג פון ing; צ. ב. to save, רעטען—sav-ing, רעטענד; to have, האָבען—hav-ing, האבענד.

ווען דאָס האַנדלונגסוואָרט ענדיגט זיך מיט ie, ווערען דיזע צוויא בוכשטאַבען פערביטען אויף y פאַר דער צוגעזעצטער ענדונג ing; צ. ב. to lie, ליעגען—lying, ליגענד; to die, שטאַרבען—dying, שטאַרבענד.

ווען דאָס האַנדלונגסוואָרט ענדיגט זיך מיט אַן איינצעלנעם קאָנסאָנאַנט=בוכשטאַב, פאַר וועלכען עס געפינט זיך אַן איינצעלנער וואָקאַל=בוכשטאַב, ווערט דער לעצטער בוכשטאַב פערדאָפּעלט פאַר דער ענדונג ing; צ. ב. to drop, הערַאָבוואָרפען—dropping, הערַאָבוואָרפענד; to stop, אָבשטעלען—stopping, אָבשטעלענד. דיזע רעגעל גילט אימער ביי איינזילביגע ווערטער; ביי מעהרזילביגע ווערטער גילט דיזע רעגעל נאָר ווען דיא לעצטע זילבע האָט אויף זיך דעם אַקצענט אָדער דעם דריק: to regre′t, בעדויערן—regre′tting, בעדויערנד; אַן אויסנאַהמע מאַכען דיא האַנדלונגסווערטער, וואָס ענדיגען זיך אויף l, אין וועלכע דער ענד=בוכשטאַב (l) ווערט אימער פערדאָפּעלט, סייא דער אַקצענט איז ד אָ אויף דער לעצטער זילבע, סייא נ י ט דאָ.

דאָס געגענוועַרטיגע מיטעלוואָרט (דאָס וואָרט וואָס ווערט געמאַכט פון אַ האַנדלונגסוואָרט דורך דיא צוזעצונג פון ing) קען האָבען פערשיעדענע בעדייטונגען—אַ בעדייטונג פון אַ זאַכוואָרט, וויא the reading, דאָס לעזען; אַ בעדייטונג פון אַ וואָרט, וואָס ענדיגט זיך אין יודיש מיט ע נ ד אָדער ע נ ד י ג, וויא loving, ליעבענד, crying, וויינענדיג; אַ בעדייטונג פון אַ האַנדלונגסוואָרט גופא, וויא walking אין דעם זאַץ: do you like walking?, האָט איהר ליעב צו געהן? א. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| To practise (פּראַק׳טיס). | פּראַקטיצירען. |
| A practising physician. | אַ פּראַקטיצירענדער דאָקטאָר. |
| *To love (לאַוו). | ליעבען. |
| A loving mother. | אַ ליעבענדע מוטער. |
| *To cry (קראַי). | וויינען. |
| A crying child. | אַ וויינענדיגעס קינד. |
| *To follow (פאָל׳לאָו). | פאָלגען, נאָכגעהן, נאָכקומען. |
| The following number. | דיא פאָלגענדע (נעכסטע) נומער. |
| To weep (וויפּ); wept (וועפּט), wept. | וויינען; געוויינט. |
| Afflicting (אַפפליק׳טינג).<br>Distressing (דיסטרעס׳סינג). | בעטריבענד. |
| *To oblige (אָבלאַידזש׳). | וויזען אַ געפעליגקייט טהאָן אַ טובה. |
| Obliging (אָבלאַי׳דזשינג). | געפעליג, פריינדליך, גוט. |
| Is he not very obliging? | איז ער ניט זעהר געפעליג? |
| His brother is more obliging than he. | זיין ברודער איז געפעליגער אלס ער. |
| *To entertain (ענטערטיין׳). | אונטערהאַלטען, אַמוזירען. |
| Is this book entertaining? | איז דיזעס בוך אונטערהאַלטענד (אַמוזאַנט)? |

| | |
|---|---|
| Is this an entertaining book? | איז דאס אן אונטערהאלטענדעס (אמוזאנ־טעם) בוך? |
| *To amuse (אֶמיוז). | אמוזירען, מאכען פערגניגען. |
| Amusing (אֶמיוזינג). | אמוזאנט, אנגענעהם. |
| *To interest (אינטערעסט׳). | אינטערעסירען. |
| He is the most obliging man that I know | ער איז דער געפעליגסטער מאן, וועלכען איך קען. |
| The story (סטאָורי). | דיא געשיכטע. |
| This story is very amusing. | דיזע געשיכטע איז זעהר אמוזאנט (שעהן). |
| This is a very interesting story. | דאס איז זעהר אן אינטערעסאנטע געשיכטע. |
| These stories are highly (.אָד most) interesting. | דיזע געשיכטען זיינען העכסט אינטערע־סאנט. |

**Highly (האַי׳לי), most (מאָוסט), העכסט.**

| | |
|---|---|
| Reading (רי־דינג). | דאָס לעזען. |
| Is not reading (.אָד the reading of) good books very necessary for young people? | איז ניט דאָס לעזען גוטע ביכער זעהר נעטהיג פיר יונגע לייטע? |
| Necessary (נע׳סעססאָרי). | נעטהיג, נאָטהווענדיג. |
| Not only reading, but remembering too, is necessary. | ניט נאָר לעזען, נאר אויך געדענקען, איז נעטהיג. |
| *To remember (רימעמ׳בער). | געדענקען. |
| Remembering (רימעמ׳בערינג). | דאָס געדענקען. |
| In what does this man's business consist? | אין וואָס בעשטעהט דיזען מאנ׳ס געשעפט? |
| *To consist (קאָנסיסט׳). | בעשטעהן. |
| This man's business consists in buying and selling all sorts (.אָד in the buying and selling of all sorts) of interesting objects. | דיזען מאנ׳ס געשעפט בעשטעהט אין קויפען און פערקויפען אלע זאָרטען (אלער ארט) אינטערעסאנטע זאכען. |

ווען א געגענווערטיגעס מיטעלוואָרט ווערט געברויכט אין דעם זין פון א זאכוואָרט, וויא reading, דאָס לעזען, selling, דאָס פערקויפען או. אז. וו., קען פאַר איהם קומען דאָס ווער־טעל the, אָבער אין דיזען פאַל מוז נאָך דעם מיטעלוואָרט קומען דאָס ווערטעל of; צ. ב. the buying and selling of all sorts, דאָס קויפען און פערקויפען פון אלע זאָרטען.

**All sorts of (אָ־ל סאָרטס אָוו)**
**All kinds of (אָ־ל קאַינדז אָוו)** } **אלע זאָרטען, אלערליי, אלער ארט.**

| | |
|---|---|
| Speaking (.אָד to speak) so long must be very fatiguing. | רעדען אזוי לאנג מוז זיין זעהר ערמידענד. |

| | |
|---|---|
| *To fatigue (פאַטיג). | ערמידען, מיד מאכען. |
| Fatiguing (פאַטיגינג). | ערמידענד, מיד מאַכענד, מידיג. |
| Writing (.אַד to write) much is very tiresome and fatiguing. | שרייבען פיעל איז זעהר לעסטיג און מידיג. |
| Tiresome (טאירסאַם). | לעסטיג, ערמידענד, שווער. |

דאָס געגענוואַרטיגע מיטעלוואָרט קען געברויכט ווערען צו בעצייכנען א האנדלונג פיר אַלע צייטען: געגענווארטיגע, פערגאַנגענע און צוקינפטיגע. דיא פערשיעדענע צייטען ווערען בעצייכענט דורך דיא פערשיעדענע צייט־פאָרמען פון דעם האנדלונגסוואָרט to be (am, is, are, was, were, have been, shall be, will be).

### געגענווארטיגע צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| I am writing. | איך שרייב. |
| You are writing. | דוא שרייבסט. |
| He, she, it is writing. | ער, זיא, עס שרייבט. |
| We are writing. | מיר שרייבען. |
| You are writing. | איהר שרייבט. |
| They are writing. | זייא שרייבען. |

### איינפאכע פערגאַנגענע צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| I was writing. | איך האב געשריבען. |
| You were writing. | דוא האסט געשריבען. |
| He, she, it was writing. | ער, זיא, עס האט געשריבען. |
| We were writing. | מיר האבען געשריבען. |
| You were writing. | איהר האט געשריבען. |
| They were writing. | זייא האָבען געשריבען. |

### געגענווערטיג־פערגאַנגענע צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| I have been writing. | איך האָב געשריבען. |
| You have been writing. | דוא האסט געשריבען. |
| He, she, it has been writing. | ער, זיא, עס האט געשריבען. |
| We have been writing. | מיר האבען געשריבען. |
| You have been writing. | איהר האָט געשריבען. |
| They have been writing. | זייא האָבען געשריבען. |

### פאָר־פערגאַנגענע צייט־פאָרם.

| | |
|---|---|
| I had been writing. | איך האָב געהאַט געשריבען. |
| You had been writing. | דוא האָסט געהאט געשריבען. |
| He, she, it had been writing. | ער, זיא, עס האט געהאט געשריבען. |
| We had been writing. | מיר האָבען געהאַט געשריבען. |
| You had been writing. | דוא האָסט געהאַט געשריבען. |
| They had been writing. | זייא האָבען געהאט געשריבען. |

### איינפאכע צוקינפטיגע צייט־פארם.

| | |
|---|---|
| I shall be writing. | איך וועל שרייבען. |
| You will be writing. | דוא וועסט שרייבען. |
| He, she, it will be writing. | ער, זיא, עס וועט שרייבען. |
| We shall be writing. | מיר וועלען שרייבען. |
| You will be writing. | איהר וועט שרייבען. |
| They will be writing. | זייא וועלען שרייבען. |

### בעענדיגטע צוקינפטיגע צייט־פארם.

| | |
|---|---|
| I shall have been writing. | איך וועל האבען געשריבען. |
| You will have been writing. | דוא וועסט האבען געשריבען. |
| He, she, it will have been writing. | ער, זיא, עס וועט האבען געשריבען. |
| We shall have been writing. | מיר וועלען האבען געשריבען. |
| You will have been writing. | איהר וועט האבען געשריבען. |
| They will have been writing. | זייא וועלען האבען געשריבען. |

דיא עבענ־געגעבענע צייט־פארמען ווערען געברויכט צו בעצייכנען א האנדלונג, וועלכע געשעהט צו גלייכער צייט מיט אן אנדער האנדלונג, אדער, ווען עס ווערט אנגעגעבען דיא דויערונג, דיא פארטזעצונג אדער דיא פערלענגערונג פון א טהואונג וועהרענד א געוויסער צייט.

| | |
|---|---|
| I am speaking to you, when you are here. | איך רייד מיט אייך, ווען איהר זייט היער. |
| He was writing, when I was with him. | ער האט געשריבען, אלס איך בין געוועזען בייא איהם. |
| You may count these pieces while (אד. whilst) I am measuring those. | דוא קענסט צעהלען דיזע שטיקער, וועהרענד איך מעסט יענע. |

*To measure (מעזשור) מעסטען | *To count (קאונט) צעהלען

### While (הוואיל), whilst (הווארלסט), וועהרענד, אין דער צייט וואס.

| | |
|---|---|
| You should not be playing, whilst your brother is working. You should not (אד. ought not) to play, when your brother is working. | דוא זאלסט ניט שפיעלען וועהרענד (אין דער צייט וואס) דיין ברודער ארבייטעט. |

ווען מען געברויכט אין יודיש א ווארט, וואס ענדיגט זיך מיט ענדיג, וויא גייענדיג, שטעהענדיג או. אז. וו., ווערט אין ענגליש געוועהנליך געברויכט א געגענווערטיגעס מיטעלווארט, ד. ה. א ווארט, וואס ווערט געמאכט פון א האנדלונגסווארט דורך דיא צוזעצונג פון ing.

| | |
|---|---|
| You will find him reading. | איהר וועט איהם געפינען לעזענדיג. |
| He is always working; he is either reading or writing; he is always doing something. | ער ארבייטעט אימער; ענטוועדער ער לעזט אדער ער שרייבט; ער טהוט אימער עטוואס. |

ווען דאס ווארט always בעצייכענט א געוואוינהייט, ווערט בייא איהם אימער דיא האנדלונג אויסגעדריקט מיט דעם געגענווערטיגען מיטעלווארט.

דאָס געגענוואַרטיגע מיטעלוואָרט ווערט אויך געברויכט, ווען מען וויל בעצייכנען א האנדלונג, וואָס געשעהט אין דער צייט וואָס מען רעדט. עס פערשפּאָרט פיעל מאָל דאָס וואָרט און.

| | |
|---|---|
| My sister is working in the next room. | מיין שוועסטער ארבייטעט אין נעכסטען צימער. |
| My brother is in the garden, speaking to the gardener. | מיין ברודער איז אין גאָרטען און ער רעדט מיט דעם גערטנער. |
| Is your father writing? | שרייבט אייער פאָטער? |
| He is writing now. | ער שרייבט יעצט. |
| It is just striking six. | עס שלאָגט עבען זעקס. |
| To strike (סטראיק); struck (סטראָק), struck. | שלאָגען; געשלאָגען. |
| I am coming. | איך קום (שוין). |
| She is just going away. | זיא געהט עבען אוועג. |
| What are you doing there? | וואָס טהוט איהר דאָרטען? |
| I am making a dress. | איך מאַך א קלייד. |
| There he comes running. | דאָרטען קומט ער לויפענדיג (צולויפען). |
| To run (ראָן); run, run. | לויפען; געלאָפען. |
| He stood leaning against a tree. | ער איז געשטאַנען לעהנענדיג זיך (אָנגעשפּארט) אָן א בוים. |
| To lean (לין); leant (לענט), leant. | לעהנען, זיך אָנשפּארען; געלעהנט, אָנגעשפּארט. |

## Against (אָגענסט׳), געגען, אָן.

| | |
|---|---|
| Running (ראָנ׳נינג). | לויפענד. |
| A running account. | א לויפענדע רעכנונג. |
| The account (אַקקאונט׳). | דיא רעכנונג. |
| *To walk (וואָ־ק). | געהן; געהן שפּאַצירען. |
| The walk. | דער שפּאַציער. |
| To take a walk. | מאַכען א שפּאַציער. |
| The piece (פּי־ס). | דאָס שטיק. |
| I have a piece of bread. | איך האָב א שטיק (שטיקעל) ברויט. |

## While (הוואַיל), whilst (הוואַילסט), During (דיו׳רינג) — ווערענד, אין דער צייט וואָס.

While, whilst ווערען געברויכט פאר א האַנדלונגסוואָרט, וויא אין דעם זאץ: while I am reading, ווערענד איך לעז; during ווערט געברויכט פאר א זאַכוואָרט, וויא אין דעם זאַץ: during the time, ווערענד דער צייט.

| | |
|---|---|
| Yesterday I was staying at home all day (אָד. the whole day). | נעכטען בין איך געבליבען צו הויז דעם גאַנצען טאָג. |

| | |
|---|---|
| I was writing from seven to nine. | איך האָב געשריבען פון זיבען ביז ניין. |
| Have you been waiting for me long? | ווארט איהר שוין אויף מיך לאנג? |

דאָרטן, וואו מען דריקט זיך אין יודיש אויס מיט א געגענווערטיגע צייט־פאָרם, וועלכע ווייזט אויף א האנדלונג, וואָס געהערט צו דער פערגאַנגענהייט, ווערט אין ענגליש אימער גע־ברויכט דיא געגענווערטיג־פערגאַנגענע צייט־פאָרם; דעריבער ווערט געזאָגט have you been waiting long אנשטאָט are you waiting long, ווייל ווען איך זאָג long הייסט עס, דאָס דיא האנדלונג האָט זיך שוין אָנגעהויבען פון פריהער. ענגליש איז זעהר פינקטליך אין דעם גע־ברויך פון דיא צייט־פאָרמען פון דיא האנדלונגסווערטער; דער לעזער זאל עס זיך גוט מערקען.

| | |
|---|---|
| I have been waiting this hour for your brother. | איך ווארט שוין א שטונדע אויף אייער ברודער. |
| I have been writing these three hours. | איך שרייב שוין דרייא שטונדען. |

## This, these, זייט, זינט.

| | |
|---|---|
| This hour. | זייט א שטונדע. |
| These two hours. | זייט צווייא שטונדען. |
| We have been playing a whole (.אָד full) hour. | מיר האָבען געשפּיעלט א גאנצע שטונדע. |
| Full (פול). | פול, גאנץ. |

## 99. צום איבערזעצען.

ווארום וויינט אייער מוטער?—זיא וויינט, ווייל זיא האָט ערהאלטען זעהר א בע־טריבענדען בריף פון איהר שוועסטער.—האט אייער שוועסטער געוויינט?—מיין שוועס־טער האט נאָך ניט געזעהן דעם בריף.—ווארום וויינט דיזעס קינד?—עס וויינט אימער, ווען זיין קליינער ברודער איז ניט אין צימער.—איז עס געוועזען אַן אונטערהאלטענדעס בוך, וועלכעס אייער מומע האט אייך געגעבען נעכטען?—עס איז ניט געוועזען איינס פון דיא אמוזאַנטעסטע (אונטערהאלטענדסטע).—איז עס ניט געוועזען זעהר פריינדליך (גע־פעליג) פון מיין קוזינע עליזע צו בלייבען בייא מיר נעכטען דיא גאנצע נאַכט (the whole of last night)?—זיא איז אימער זעהר געפעליג.—געפינט איהר עס ניט לעסטיג (tiresome) צו מוזען (=זיין געצוואונגען) איבערשרייבען דעם בריף נאָך א מאָל (ווידער, again)?—קיין זאַך (nothing) קען זיין לעסטיגער אלס דאס איבערשרייבען א בריף, וועלכען מען (=איינער, one) האט אליין געשריבען.—האט איהר פערקויפט דיא וואָל, וועלכע איהר האט געקויפט פאָריגע וואָך?—ניין, איך האב זיא נאָך ניט פערקויפט; קויפען (buying) איז פיעל לייכטער אלס פערקויפען.—האט איהר פיעלע ביכער?—ניין, איך ווינש איך וואָלט געהאט (I had) פיעלע; אָבער ווינשען (געגענוו. מיטעלוו.) איז ניט האָבען.—וואָס לעזט איהר דאָרטן?—איך לעז א פראנצויזישעם בוך.—איהר לעזט אימער; ווארום שרייבט איהר ניט אייער אויפגאַבע (exercise)?—לעזען איז אנגענעהמער אלס שרייבען; פיעל שרייבען (געגענוו. מיטעלוו.) איז פיר מיך דיא לעסטיגסטע זאַך.—ווארום האט איהר ווידער געקויפט א פען־מעסערל? (ווידער, again, צולעצט)—איהר קויפט אימער, וואס איהר ברויכט ניט.—איהר טהוט קיינמאָל, וואס איהר פערשפּרעכט; איהר דענקט אימער פון עפּעס (עטוואָס) אנדערעס.

## 100. צום איבערזעצען.

וועמעס שרייבען איז דאָס?—עס איז מיין זוהנ'ס שרייבען.—עס איז א שעהנעס שרייבען פיר א יונגעל פון אכט יאָהר (דאָס ווערטעל אַ, a, ווערט אוסגעלאָזען).—איז ער פלייסיג?—ער געהט קיינמאָל לעדיג (he is never idle), ער טהוט אימער עטוואָס; ער איז זעהר א גוטער יונגע.—ווילט איהר נעהמען א בוך און לעזען, וועהרענד (=אין דער דער צייט וואָס) איך שרייב א בריף?—איך וויל געהן אין דעם גאָרטען און לעזען, וועהרענד איהר שרייבט דיזען בריף.—וואָס האָט דער האָללענדער געטהאָן, ווען איהר זייט געוועזען בייא איהם היינט אין דער פריה?—ער האט געפריהשטיקט, ווען איך בין געוועזען בייא איהם.—ויען האט אייער מומע געלעזען דעם בריף, וועלכען זיא האט נעכטען ערהאלטען פון איהר מאַן?—זיא האט איהם עבען געלעזען (been reading), אלס (ווען) אייער פאָטער איז געוועזען בייא איהר.—איז געוועזען דער קליינער פראַנצויז בייא דעם האָללענדער, אלס איהר זייט דאָרטען געוועזען?—ניין, ער איז גראַדע אוועגגעגאַנגען, אלס (as) איך בין הערייַנגעגאַנגען אין (entering אָד. going into) דאָס הויז.—האָט זיך מיין פעטער אָנגעטהאָן, ווען אייער ברודער איז געוועזען בייא איהם?—ניין, ער איז געגאַנגען שפּאַצירען אין (דעם) גאָרטען.—מאכט אייך דער שניידער ווידער א ראָק? (ווידער צולעצט)—ער מאַכט מיר א ראָק און צווייא פּאָאָר הויזען.—האט דער סטאָליער אייך שוין געשיקט דיא שטוהלען?—ער שיקט מיר עבען זעקס; דיא לייט טראָגען זייא העריין אין (into) מיין צימער.—וואו איז דער בעדיענטער?—ער נעהמט דיא קינדער אין (to) שולע.—איז אייער ברודער צו הויז?—ער איז אין גאָרטען און רעדט (=רעדענדיג) מיט דעם גערטנער.—האט עס שוין געשלאָגען צווייא?—עס שלאָגט עבען.

## 101. צום איבערזעצען.

אויף (for) וויא לאַנג געהט איהר אין (to) ניו יאָרק?—איך געה אויף א וואָך.—וויא לאַנג וואַרט איהר שוין אויף מיך?—איך וואַרט שוין זייט (these) צעהן מינוטען.—לערנען אייערע שוועסטערס ענגליש?—זייא לערנען עס שוין זייט (these) דרייא מאָנאַטען.—וואָס האט איהר געטהאָן דעם גאַנצען פאָרמיטטאָג?—איך האב געארבייטעט דעם גאַנצען פאָרמיטטאָג.—וואוינט אייער פריינד יעצט ווידער אין שטאָדט?—ניין, ער וואוינט נאָך אויף (דעם) לאַנד.—איז אייער נאַכבאַר געוועזען לאַנג בייא אייך?—ער איז געוועזען בייא מיר א שטונדע, (=פיר א שטונדע לאַנג (for an hour).—וואָס האָט איהר געטהאָן בייא דעם שפּאַניער נעכטען בייא נאַכט?—איך האב געשפּיעלט אין שאך מיט איהם.—קען איך רעדען מיט אייער ברודער?—ער וואַרט אויף אייך אין דעם גאָרטען.—וואָס טהוט אייער טאָכטער יעצט?—זיא איז אין נעבסטען צימער און שטריקט (=שטריקענד).—איז אייער מומע אָנגעטהאָן?—זיא טהוט זיך עבען אָן.—וואו זייט איהר געוועזען אום האלב צעהן (=האלב נאָך ניין) היינט נאָכמיטטאָג?—איך בין געוועזען בייַן פערד-הענדלער און פּראָבירט (=פּראָבירענדיג) א פערד.—וויא לאַנג שרייבט איהר שוין (ג.פּ.)?—איך שרייב ניט לאַנג.—וואָס האט אייך געזאָגט דער איטאַליענער אלס (ווען) איך האָב אייך געזעהן שטעהן מיט איהם אין גאס היינט אין דער פריה?—ער האט זיך בעמיהט מיך צו איבעררעדען צו געהן מיט איהם אויף א מאָנאַט נאָך (to)

פילאדעלפיא (צייט צולעצט).—קענסט דוא דיזע פרוי?—ניין, אָבער מיין ברודער קען זיא.—זעהט איהר דאָס יונגעל, וואָס (that) רעדט (גענענוו. מיטעלוו.) מיט מיין זוהן?—איך זעה קיין יונגעל, וואָס רעדט מיט אייערן, אָבער איך זעה א יונגעל (אנשטאָדט דער ווידער־האָלונג פון יונגעל קומט one), וואָס גיט (צו) מיינעם א בוך (מיינעם צולעצט).

---

# 38th Lesson.—38סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| *To carry (קאֶר׳רי). | טראָגען. |
| Carrying (קאֶר׳ריאינג). | טראָגענד, וואָס טראָגט. |

דאָס געגענוועֶרטיגע מיטעלוואָרט שטעהט מאַנכמאָל וואו עס ווערען געברויכט דיא בעציהונגס ווערטער וועלכער, וואָס:

| | |
|---|---|
| There is a man selling (who sells) sticks. | דאָרטען איז א מאן, וועלכער פערקויפט שטעק. |
| Do you see the woman carrying (who carries) the two little children? | זעהט איהר דיא פרוי, וואָס טראָגט דיא צוויא קליינע קינדער? |
| A good father praising (who praises) his child. | א גוטער פאָטער, וועלכער לויבט זיין קינד. |
| An industrious boy reading with attention. | א פלייסיגער יונגע, וועלכער לעזט מיט אויפמערקזאַמקייט. |
| Attention (אֶטטענ׳שאָן). | אויפמערקזאַמקייט, אכט. |
| A woman doing good to everybody. | א פרוי, וואָס טהוט יעדען גוטעס. |
| Good (גו׳ד). | גוטעס. |
| A person having never (who has never) lived in the country. | א פערזאָן, וואָס האָט קיינמאָל געוואוינט אויף דעם לאַנד. |

דאָס געגענוועֶרטיגע מיטעלוואָרט שטעהט אימער וואו מען בעדיענט זיך אין יודיש מיט דיא ווערטער אַלס, אַזוי וויא אין אָנפאַנג פון א זאַץ.

| | |
|---|---|
| Having seen him, I went to his father. | אלס איך האב איהם געזעהן, בין איך געגאנגען צו זיין פאָטער. |
| Having seen him, he now goes to his father. | אזוי וויא ער האט איהם געזעהן, געהט ער יעצט צו זיין פאָטער. |
| Having seen him, we shall go to his father. | אזוי וויא מיר האָבען איהם געזעהן, וועלען מיר געהן צו זיין פאָטער. |
| Having seen him, they went to his father. | אלס זייא האָבען איהם געזעהן, זיינען זייא געגאנגען צו זיין פאָטער. |
| Having seen him you ought to (אָד. should) go to his father. | אזוי וויא איהר האט איהם געזעהן, האָט איהר געדאַרפט געהן צו זיין פאָטער. |
| After having seen you, he intends to go to his father. | נאכדעם, וויא ער וועט אייך האָבען געזעהן, רעכענט ער צו געהן צו זיין פאָטער. |

Wishing to see him, and not being able to find him anywhere, I wrote to his wife.

אזוי וויא איך ווינש איהם צו זעהן און איך קען איהם אין ערגעץ ניט געפינען, האב איך געשריבען צו זיין פרוי.

Wishing to see him, and not being able to find him anywhere, I must write to his wife.

אזוי וויא איך ווינש איהם צו זעהן און איך קען איהם ניט געפינען, מוז איך שרייבען צו זיין פרוי.

Having to speak to you on business, but not being able, yesterday, to find you anywhere, he was compelled to stay here till to-day.

אזוי וויא ער האט מיט אייך צו רעדען וועגען געשעפט, אבער ער האט אייך נעכטען ניט געקענט געפינען אין ערגעץ, איז ער געווען געצוואונגען צו בלייבען היער ביז היינט.

Wishing to speak to us on business, but not being able to find us anywhere, they were obliged (.אד compelled) to stay here till to-day.

אזוי וויא זייא האבען מיט אונז געוואלט רעדען, אבער זייא האבען אונז ניט געקענט געפינען אין ערגעץ, האבען זייא היינט געמוזט בלייבען היער.

Not being able or willing to give him the mone she forcrd (obliged .אד compelled) to tell him to borrow it elsewhere.

אזוי וויא זיא האט איהם ניט געקענט אדער ניט געוואלט געבען דאס געלד, האט זיא איהם געמוזט זאגען, עס צו בארגען אנדערש וואו.

Not being able or willing to give him the money, you are quite right in telling him so.

אזוי וויא איהר קענט ניט אדער איהר ווילט איהם ניט געבען דאס געלד, זייט איהר גאנץ גערעכט, ווען איהר זאגט עס איהם.

In telling.

אין זאגען, ווען מען זאגט.

I am right in telling him.

איך בין גערעכט, ווען איך זאג איהם.

She asked him to stay and explain himself, but he, thinking he had said enough for the present, went away immediately.

זיא האט איהם געבעטען צו בלייבען און זיך צו ערקלערען; אבער אזוי וויא ער האט געגלויבט, דאס ער האט גענוג געזאגט פיר יעצט, איז ער גלייך אוועקגעגאנגען.

The present (פרעזענט).

דיא געגענווערטיגע צייט, דיא יעצטיגע צייט.

For the present.

פיר יעצט.

My father not liking the wine sends it back.

אזוי וויא מיין פאטער האט ניט האלט דעם וויין, שיקט ער איהם צוריק.

My father not liking the wine sent it back.

אזוי וויא מיין פאטער האט דעם וויין ניט גערן געהאט, האט ער איהם געשיקט צוריק.

My father having tried the wine and not liking it, will send it back.

אזוי וויא מיין פאטער האט פערזוכט דעם וויין, און ער געפעלט איהם ניט, וועט ער איהם שיקען צוריק.

My mother being very much dissatisfied with the cook, sent her away.

אזוי וויא מיין מוטער איז געוועזען זעהר אונצופריעדען מיט דער קעכין, האט זיא זיא אוועגגעשיקט.

*To dissatisfy (דיססאַ׳טיספאַי). — אונצופירידען מאכען.

Dissatisfied (דיססאַ׳טיספאַיד). — אונצופרידען.

דאָס וואָרט זעהר נאָך אַ פערגאַנגענעם מיטעלוואָרט ווערט אויסגעדריקט מיט דעם וואָרט much, אָדער very much, קיינמאָל מיט very אַליין.

My brother, not being a card-player, did not stay after eight.

אזוי וויא מיין ברודער איז קיין קאָרטענ־שפּיעלער, איז ער ניט געבליבען (ביז) נאָך אכט.

עס איז היער צו בעמערקען, דאָס אין אַזעלכע זעצע וויא דיא עבענ־געגעבענע, ווערען אַס ענדע ניט ווידערהאָלט דיא פּערזאָנען וואָס קומען פאָר אין אָנהייב; און אין דעם איז ענגליש אַנ־דערש וויא יודיש, וואו דיא פּערזאָנען אָדער זאַכען ווערען יע ווידערהאָלט מיט דיא ווערטער ער, זיא, עס או. אַז. וו. צ. ב. My mother not being old, works very hard, אזוי וויא מיין מוטער איז ניט אַלט, אַרבּייטעט זיא זעהר שווער. דאָס פּערזאָנ־וואָרט זיא קומט אין ענגליש ניט פאָר.

נאָך ווערטער, וויא אין, פאָר, נאָך, בּייא, קומט דאָס האַנדלונגסוואָרט אין דער פאָרם פון דעם געגענווערטיגען מיטעלוואָרט.

דיא ווערטער אין, פאָר או. אַז. וו. הייסען פערהעלטניס־ווערטער.

פערהעלטניס־ווערטער זיינען אַזעלכע ווערטער, וואָס ווייזען דאָס פערהעלטניס (דיא שייכות) פון געגענשטענדע אין אָרט, אין צייט, אין ווענדונג און אין נאָך מעהרערע הינזיכטען.

דיא פערהעלטניס־ווערטער, וועלכע קומען אין פערבּינדונג מיט דעם געגענווערטיגען מי־טעלוואָרט, זיינען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| About (אַבאוט׳) | אום, וועגען, איבער | From (פראָם) | אויס, פון |
| Above (אַבאָוו׳) | איבער, העכער, צו הויך | In (אין) | אין; וועהרענד |
| After (אַפ׳טער) | נאָך, נאָכדעם, נאכהער | Near (ני־ר) | נעבען; בּיינאהע, כמעט |
| Against (אַגענסט׳) | ווידער, געגען | Regarding (ריגאַר׳דינג) | אין בעטרעף, וועגען, איבער |
| At (אַט) | אויף, ביי, אין, צו | Respecting (ריספּעק׳טינג) | |
| Before (ביפאָור׳) | פאָר, בעפאָר, אַיידער | Save (סייוו) | אויסער |
| Below (בילאָו׳) | אונטער, נידריגער | Since (סינס) | זייט; זייט דעם; אזוי וויא |
| Beneath (ביני־טה׳) | אונטער | Through (טהרו׳) | דורך; פון |
| Besides (ביסאַידז׳) | אויסער, אויסער דעם | To (טו) | צו, ביז; אויף |
| Between (ביטווי־ן׳) | צווישען, אונטער | Towards (טאָו׳אָרדז) | געגען |
| Betwixt (ביטוויקסט׳) | צווישען | With (ווידה) | מיט, דורך |
| Beyond (בי־יאָנד׳) | איבער, העריבער | Within (ווידהאין׳) | אין |
| By (באַי) | דורך, פון; אום | Without (ווידהאוט׳) | אָהן |
| For (פאָר) | פיר, וועגען; ווייל | | |

Concerning (קאָנסאָיר׳נינג). — וועגען, וואָס אנבעטרעפט.

Except (עקסעפּט׳). — אויסער, אויסגענומען.

| | |
|---|---|
| Contrary to (קאָנ׳טראָרי טו). | געגען, ווידער. |
| With regard to (ווידה ריגארד׳ טו).<br>With respect to (ווידה ריספעקט׳ טו).<br>In regard of (אין ריגארד׳ אָוו). | אין בעטרעף, ווענען, וואָס אנבעטרעפט. |
| For the sake of (פאָר דהי סייק אָוו). | ווענען, אום, צוליב. |
| In consequence of (אין קאָנ׳סיקווענס אָוו). | צופאָלגע, ווענען, מחמת. |
| By dint of (באי דינט אָוו). | דורך. |
| On account of (אָן אָקקאונט׳ אָוו). | ווענען, צוליעב. |
| Instead of (אינסטעד׳ אָוו). | אנשטאָט צו, אנשטאט דאס. |
| In spite of (אין ספאיט אָוו). | ניט קוקענדיג, ניט געאכטעט. |
| I spoke of going to Chicago. | איך האָב גערעדט פון געהן נאָך טשיקאגאָ. |
| I spoke of my going to Chicago. | איך האב גערעדט פון מיין געהן נאָך טשיקאגאָ.<br>איך האב גערעדט פון דעם, דאָס איך געה נאָך טשיקאגאָ. |
| I spoke of my brother's going to Philadelphia. | איך האָב גערעדט פון מיין ברודער׳ס געהן נאָך פילאדעלפיא.<br>איך האב גערעדט פון דעם, דאָס מיין ברודער געהט נאָך פילאדעלפיא. |
| My cousin spoke of playing at cards. | מיין שוועסטערקינד האט גערעדט פון שפיעלען אין קאָרטען. |
| He went away, after having called me. | ער איז אוועגגעגאנגען נאָכדעם, וויא ער האָט מיך גערופען. |
| You must show me the letter, before sending it to the post-office. | איהר מוזט מיר וויזען דעם בריף פאר׳ן שיקען (איידער איהר שיקט איהם) אויף דיא פאָסט. |
| I am quite tired with walking. | איך בין גאנץ מיד פון געהן. |
| Since my writing to him. | זייט מיין שרייבען צו איהם.<br>זייט איך האב איהם געשריבען. |
| He has decided on doing it. | ער איז ענטשלאָסען עס צו טהאָן. |
| *To decide (דיסאיד). | ענטשליסען, אבמאכען. |
| He is above taking money for this service. | ער איז צו הויך צו נעהמען געלד פיר דיזען דיענסט (טובה). |
| The service (סאָירוויס). | דער דיענסט, דיא טובה. |
| You were near falling. | איהר זייט געווען נאָהענט פון פאַלען.<br>איהר זייט נאָך אַ האָאָר געפאַלען. |
| Near (ניר) | ביינאָהע, כמעט, נאָך אַ האָאָר, שיר. |

| | |
|---|---|
| Respecting (אָד. in regard to) my returning, I cannot yet say anything positive. | וואָס אנבעטרעפט מיין צוריקקומען, קען איך נאָך גאָרנישט זאָגען געוויסעס. |
| Positive (פּאָזיטיוו). | געוויס, בעשטימט. |
| He saved himself by jumping through the window. | ער האָט זיך גערעטעט הערויסשפּרינגענ־דיג פון פענסטער. |
| *To save (סייוו). | רעטען. |
| He accomplished it by dint of working night and day. | ער האָט עס עררייכט, דורך ארבייט (אר־בייטענדיג) טאָג און נאכט. |
| *To accomplish (אַקקאָמפּליש). | עררייכען, ערלאנגען. |
| She will do nothing without asking her husband. | זיא וויל גאָרנישט טהאָן, אָהן פרעגען (ניט פרעגענדיג) איהר מאַן. |
| I have nothing against your going there. | איך האָב גאָרנישט געגען אייער געהן דאָרטן (אהין). |
| She does not believe in his coming. | זיא גלויבט ניט אין זיין קומען. |
| That comes from your lying in bed so long. | דאָס קומט פון אייער ליעגען אין בעט אזוי לאנג. |
| Except his having much money. | אויסער, ווען ער האט פיעל געלד. |
| Besides her being rich. | אויסער איהר רייך זיין (אויסער דעם, וואָס זיא איז רייך). |
| He insisted upon (אָד. on) my taking his horse. | ער איז בעשטאַנען דארויף, דאס איך זאָל נעהמען זיין פערד. |
| *To insist (אינסיסט). | בעשטעהן, אָנשטעהן. |
| She insists on his living in her house. | זיא בעשטעהט דארויף, דאָס ער זאל וואוינען אין איהר הויז. |
| I wrote without my father's knowing it. | איך האב געשריבען, אָהן מיין פאָטער'ס וויסען (עס). |
| He wished to copy the letter before his uncle's seeing it. | ער האט געוואָלט איבערשרייבען דעם בריף פאר זיין פעטער'ס זעהן (איידער זיין פעטער האט איהם געזעהן). |
| We knew it before the Spaniard's coming to our house. | מיר האָבען עס געוואוסט פאר דעם שפּאַ־ניער'ס קומען (איידער דער שפּאַניער איז געקומען) צו אונז. |
| He was punished for not learning his lesson. | ער איז בעשטראָפט געוואָרען פיר זיין ניט לערנען (ווייל ער האט ניט געלערנט זיין לעקציאָן). |
| *To punish (פּאָניש). | בעשטראָפען. |

Here is a pretty book for you, for being (.אָד having been) so diligent. — היער איז א שעהנעס בוך פיר דיך, פיר דיין זיין (ווייל דוא ביסט געוועזען) אזוי פלייסיג.

He praised me for calling him so early this morning. — ער האט מיך געליבט פיר (מיין) אויפוועקען איהם (ווייל איך האב איהם אויפגעוועקט) אזוי פריה דיזען מאָרגען.

The pleasure (פּלעזשור). — דאָס פערגניגען.

I have the pleasure of seeing you — איך האָב דאָס פערגניגען אייך צו זעהן.

נאָך דער פראַזע האָבען דאָס פערגניגען צו קען אימער קומען דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט אנשטאָט דיא אונבעשטימטע פאָרם פון האַנדלונגס וואָרט.

Do you like walking? — האָט איהר ליעב צו געהן?

He ceased speaking. — ער האט אויפגעהערט צו רעדען.

*To cease (סים). — אויפהערען.

נאָך פיעלע האַנדלונגסווערטער קומט דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט אנשטאָט דיא אונבעשטימטע פאָרם; פאָלגענדע זיינען דיא געוועהנליכסטע פון דיזער קלאַסע האַנדלונגסווערטער:

*To abhor (אֶבהאָר) פעראבשייען, האסען
*To attempt (אֶטטעמט) פערזוכען, פרובירען.
*To avoid (אֶוואָיד) פערמיידען
*To continue (קאָנטיניו) פאָרטזעצען
*To decline (דיקלאַיך) אבלעהנען, ענטזאגען
*To defer (דיפאָיר) אבלעגען
*To delay (דיליי) פערציהען, אָבלעגען
*To detest (דיטעסט) פעראָבשייען, פעראַכטען.
*To dread (דרעד) פירכטען, מורא האָבען פיר—.
*To endure (ענדיור) דולדען, ערטראָגען
*To enjoy (ענדזשאָי) געניסען, האָבען פערגניגען פון—.
*To escape (עסקייפּ) ענטלויפען; אויסמיידען.
*To fail (פייל) פערפעהלען
*To fear (פיר) פירכטען
*To finish (פיניש) ענדיגען, פערטיג ווערען מיט—.
*To help (העלפּ) העלפען; זיך איינהאַלטען
*To hinder (הינדער) הינדערן, שטערן

*To intend (אינטענד) בעאבזיכטיגען, רעכנען, האָבען בדעה.
*To interrupt (אינטעררופּט) אונטערברעכען.
*To lament (לאָמענט) בעקלאגען, בעדויערן
*To miss (מיס) פערפעהלען; פערזאַמען
*To neglect (נעגלעקט) פערנאַכלעסיגען
*To omit (אָומיט) אויסלאָזען
*To oppose (אָפּפּאָוז) זיך געגנען, זיך דערדערווידערן.
*To practise (פּראַקטיס) פּראַקטיצירען, זיך איבען אין—, איינשטודירען.
*To prefer (פּריפאָיר) פאָרציהען, ליעבער האָבען.
*To prevent (פּריווענט) פערהינדערן, פערהיטען.
*To propose (פּראָפּאָוז) פארשלאָגען, רעכנען, דענקען.
*To refuse (ריפיוז) ענטזאגען, אָבשלאָגען
*To regret (ריגרעט) בעדויערן
*To repent (ריפּענט) בעדויערן, האָבען חרטה אויף—.
*To risk (ריסק) ריזיקירען
*To scruple (סקרופּל) זיך בעדענקען, צווייפלען

| | |
|---|---|
| To forbear(פאָרבער־ר); forbore (פאָרבאָור), forborn (פאָרבאָרן). | ערטראָגען, איינהאַלטען; איינגעהאַלטען. |
| To forbid (פאָרביד); forbid, forbid. To forbid; forbade (פאָרבעד), forbidden (פאָרבידן). | פערבאָטען, פערוועהרען; פערוועהרט. |
| To understand (אָנדערסטאָנד); understood (אָנדערסטורד), understood. | פערשטעהן; פערשטאַנען. |
| I abhor lying. | איך פעראַכט ליגען זאָגען. |
| *To lie (לאַי). | זאָגען ליגען. |
| He attempted speaking to her. | ער האט פערזוכט רעדען מיט איהר |
| Displeased (דיספליי־זד). | אונצופרידען. |

## .102 צום איבערזעצען.

וואָס טהוט יעצט דער בעדיענטער?—ער פוצט (=בערשטעט) אייערע קליידער.—האט דער שפּאַניער אייך בעצאָהלט דאָס געלד?—ער האט עס מיר ניט בעצאָהלט; דער שפּאַניער פערשפּרעכט אימער מעהר אלס ער קען טהאָן.—וואַרום איז דער יונגע געקומען צולויפען (=לויפענדיג) צו אייך יעצט עבען?—ער איז געקומען צולויפען צו מיר, ווייל ער האט געזעהן א מאַן פערקויפענדיג שטעק, און ער האט געוואָלט (was wishing) קויפען איינעם.—האט איהר איהם געגעבען (וועלכעס) געלד?—איך האב איהם געגעבען וועלכעס.—האט ער געקויפט א שטאָק?—ניין, ווייל זעהענדיג א מענשען, וועלכער האט ניט געהאַט קיין שיך, (קיין) הוט, ניט קיין ראָק, האט ער איהם געגעבען דאָס געלט, וואָס (that) איך האב איהם געגעבען צו קויפען א שטאָק.—ער איז א גוטער יונגע, וואָס זיין (=וועמעס) גרעסטער פערגניגען איז טהאָן (doing) גוטעס.—וואַרום רעדסט דוא ניט מיט (to) דיזען יונגען מאַן?—איך רעד ניט מיט איהם, ווייל, נאָך דעם, וויא איך האָב פיר איהם געטהאָן (having done) אלעס, וואָס איך האב געקענט, טהוט ער נאָך אלץ ניט (נאָך אלץ, still) וואָס ער האט געדאַרפט.—ווען האָסט דוא געפונען דיזעס געלד?—איך האב עס געפונען אום זיבען א זייגער היינט אין דער פריה (=דיזען מאָרגען), ביי'ן (on) הערויסגעהען פון הויז.—זייענדיג געצוואונגען צו בלייבען צו הויז דעם גאַנצען טאָג, וואָלט איך אייך זיין זעהר דאַנקבאַר (=פערפליכטעט, obliged), ווען איהר וואָלט קומען היינט (דיזען) נאָכמיטטאָג און בלייבען איינינע (a few) שטונדען בייא מיר.—ביי'ן (on) ערהאַלטען אייער פריינדליכען (געפעלינען) בריף איז מיין ברודער גלייך געגאנגען צו העררן דזשאָהנסאָן, וועלכער האָט פערשפּראָכען איהם צו לייהען (to spare) זיין פערד פיר איינינע שטונדען.

## .103 צום איבערזעצען.

זעהענדיג (=געפינענדיג), דאָס עס וועט זיין אונמעגליך פיר מיך צו האַלטען מיין פערשפּרעכען און פערברענגען (to spend) דיזען אַבענד אין אייער אנגענעהמער געזעלשאַפט, מוז איך צוריקהאַלטען (reserve) דיזעס פערגניגען פיר מיך פיר מאַנכע אַנדערע צייט.—וואַרום שפּיעלט איהר ניט א פּאַרטיע שאַך מיט מיין ברודער?—איך וואָלט

זעהר וועלען שפיעלען מיט איהם, אבער אזויא וויא איך בין (=זייענדיג) א שלעכטער
שאכ=שפיעלער, און איך געפין (=געפינענדיג) א סך מעהר פערגניגען צו בלייבען אין דער
געזעלשאפט פון דיזע ליעבענסווירדיגע (amiable) יונגע דאמען, האף איך אייער ברודער
וועט געפינען אימעצן אנדערס צו שפיעלען מיט איהם.—איבער וואס האט איהר גע=
רעדט מיט דעם יונגען ענגלענדער?—איך האב גערעדט איבער דעם, דאס ער האט
(=איבער זיין האבען) דאס שעהנסטע פערד אין דער גאנצער שטאדט.—זייט איהר גע=
גאנגען צו הערן דזשאהנסאן היינט אין דער פריה?—ניין, אנשטאט צו געהן (=אנ=
שטאדט מיין געהן) צו איהם, איז ער געקומען צו מיר.—ווען וועט איהר מאכען (=נעה=
מען, take) א שפאציער היינט נאכמיטטאג?—איך וועל מאכען א שפאציער נאך דעם,
וויא איך וועל האבען (=נאך האבען) געענדיגט מיין געשעפט.—האט איהר אייך איינ=
געשניטען?—ניין, אבער איך האב מיך נאך א האאר איינגעשניטען (I was near cutting
myself).—האט דער מאן אנגענומען (וועלכעס) געלד פיר וואס ער האט געטהאן פיר
אייך?—ער איז צו הויך (above) צו נעהמען געלד.—האט איהר געארבייטעט פיעל היינט?
—איך האב געארבייטעט דעם גאנצען טאג; איך האב געמאסטען דיזע פופצעהן שטי=
קער טוך, אויסער דעם, וואס איך האב געשריבען (besides writing) דרייא לאנגע בריף.

## 104. צום איבערזעצען.

האט אייער לעהרער אייך געלויבט?—ער האט מיך געלויבט דאפיר, ווייל איך
האב געלערנט (=פיר דאס לערנען, פיר דאס האבען געלערנט) מיין אויפגאבע בעסער
אלס לעצטעס מאל.—איז אייער פאטער אונצופרידען (displeased) מיט אייך?—ער איז
אונצופרידען מיט מיר דאפיר, ווייל איך בין געגאנגען אין טהעאטער און האב איהם
ניט געפרעגט (without asking him).—ווארום איז אייער מוטער בייז אויף (angry with)
אייער שוועסטער?—זיא איז בייז אויף זיא, ווייל זיא איז געקומען (=פיר איהר קומען)
אזוי שפעט.—האט איהר פראבירט שרייבען אן ענגלישען בריף?—איך האב פראבירט
שרייבען איינעם.—האט דער איטאליענער ווייטער גערעדט (=פארטגעזעצט רעדען)
נאך דעם, וויא איך בין אוועגגעגאנגען?—ער האט גערעדט ווייטער און ער האט גע=
רעדט פיר א שטונדע.—ווארום מיידט אייער פעטער אויס צו זעהן דעם שפאניער?—
ווייל דער שפאניער וויל אימער בארגען געלד בייא איהם.—געהט אייער קוזינע מיט
אייך היינט אויף לאנד?—זיא האט זיך ענטזאגט (declined) צו געהן מיט מיר אויף
לאנד.—ווארום פירכטעט איהר צו געהן צו אייער פעטער?—איך האב מורא צו געהן צו
איהם, ווייל איך האב פיינד (detest) צו שפיעלען אין קארטען.—ווען וועט איהר זיין פער=
טיג מיט דעם מעססטען דיזע שטיקער?—איך וועל, וואהרשיינליך (probably), ניט זיין
פערטיג מיט מעססטען זייא ביז פינף א זייגער.—ווארום האט איהר איינגעלאדען דעם
האללענדער צום אבענד=עסען?—איך האב ניט געקענט ניט (I could not help) איינ=
לאדען איהם.—ווארום האסט דוא ניט געקנט?—איך האב ניט געקענט ניט איינלאדען
איהם, ווייל (as) ער איז געוועזען דערבייא (=צוגעגען, present), אלס איך האב איינגע=
לאדען דיין ברודער.—וועלען אייערע שוועסטערס מארגען געהן אויף דעם באל?—ניין, זייא
האבען ליעבער (prefer) צו בלייבען צו הויז.

# 39th Lesson.—39סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| You should avoid doing such a thing. | איהר האט געזאָלט פערמיידען טהאָן אזא זאַך (אזוינס). |

## Such a thing, אזא זאַך, אזוינס.

א געגענווערטיגעם מיטעלוואָרט ווערט זעהר אָפט געברויכט אין פערבינדונג מיט א זאַכ־וואָרט צו בעצייכענען א זאַך; צ. ב.

| | |
|---|---|
| A riding-horse (ראַי־דינג האָרס). | א רייט־פערד. |
| Playing-cards (פּלייאינג־קארדז). | שפּיעל־קאָרטען. |
| A dancing-lesson (דאַנסינג־לעססן). | א טאַנץ־לעקציאָן. |
| A knitting-needle (ניטטינג־נידל). | א שטריק־נאָדעל, א פּרענטעל. |
| A drinking-cup (דרינקינג קאָפּ). | א טרינק־קובאַק, א טרינק בעכער. |
| A washing-stand (וואָשינג־סטאַנד).<br>A washing-table (וואָשינג־טייבל). | א וואַש־טישעל. |
| A dressing-table (דרעססינג־טייבל). | א טואַלעט־טישעל, א פּוץ־טישעל. |
| A dressing-room (דרעססינג־רום).<br>A dressing-parlor (דרעססינג־פּאַרלאָר). | אַן אָנקליידונגס צימער, א צימער צום אָנטהאָן זיך. |
| A sitting-room (סיטטינג־רום).<br>A parlor (פּאַרלאָר). | א זיץ־צימער, א זאַל. |
| A dining-room (דאַינינג־רום). | א שפּייז־צימער, אַן עס צימער. |
| A dwelling-house (דוועללינג־האַוס). | א וואוינ־הויז. |
| A reading-desk (רידינג־דעסק). | א לעזע־טישעל, א לעזע־פּולט. |
| A writing-table (ראַיטינג־טייבל).<br>A writing-desk (ראַיטינג־דעסק). | א שרייב־טיש, א שרייב־פּולט. |
| To ride (ראַיד); rode (ראָוד), ridden (רידדן). | רייטען; געריטען. |
| The ride (ראַיד). | דער שפּאַציער־רייט. |
| To take a ride. | מאַכען א שפּאַציער־רייט, רייטען שפּאַציערען. |
| To wake(וועיק); woke (וואָוק), waked(וועיקט). | וועקען, אויפוועקען; געוועקט, אויפגעוועקט. |
| *To wash (וואָש). | וואַשען. |
| To sit (סיט); sat (סאַט), sat. | זיצען; געזעסען. |
| To sleep (סליפּ); slept (סלעפּט), slept. | שלאָפען; געשלאָפען. |
| To dwell (דוועל); dwelt (דוועלט), dwelt. | וואוינען; געוואוינט. |
| *To die (דאַי). | שטאַרבען. |
| Dying (דאַיאינג). | שטאַרבענד. |
| To lie (לאַי); lay (ליי), lain (ליין). | ליעגען; געלעגען. |
| Lying (לאַיאינג). | ליעגענד. |
| *To lie (לאַי). | זאָגען ליגען. |

| | |
|---|---|
| וואו איז מיין בליי=פעדער? | Where is my lead-pencil? |
| זיא איז געלעגען אויף אייער שרייב=טיש היינט אין דער פריה. | It was lying on your writing-table this morning. |
| וויא פיעלע צימערן האט איהר אין אייער הויז? | How many rooms have you in your house? |
| מיר האָבען אַ גרויסעס עס=צימער, צוויא זיצ=צימערן (זאַלען), אַ פריהשטיק=צי= מער און זיבען שלאָפ=צימערן, פון וועלכע צוויא זיינען מיט צימערן צום אָנטהאָן זיך. | We have a large dining-room, two sitting-rooms (אָדער parlors), a breakfast-room, and seven bedrooms (אָדער sleeping-rooms), two of which are with dressing-rooooms. |

דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט ווערט אין ענגליש אָפט געברויכט דאָרטן, וואו מען בע= דיענט זיך אין יודיש מיט אַ פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט, אויסצודריקען אַ בעפעהל.

| | |
|---|---|
| איצטער ניט געוואוינט! | No crying now! |
| ניט גערעדט! | No talking! No speaking! |
| ניט געלאָפען! | No running. |
| האט איהר אייער ברודער געזאָגט צו קומען צו אונז היינט אבענד? | Have you told your brother to come to our house this evening? |
| איך האָב נאָך ניט געהאט קיין געלעגענ= הייט איהם צו זאָגען. | I have not yet had an opportunity of telling him. |
| דיא געלעגענהייט. | The opportunity (אָפּפּאָרטיוניטי). |
| האבען אַ געלעגענהייט צו—. | To have an opportunity of—. |
| האט איהר עטוואָס דאגעגען, צו געהן מיט מיר אויף לאנד מאָרגען נאָכמיטטאָג. | Have you any objection to going into the country with me to morrow afternoon? |
| דיא איינווענדונג, עטוואָס דאגעגען. | The objection (אָבדזשעקשאָן). |
| האָבען עטוואָס דאגעגען. | To have an objection to—. |
| איינווענדען, ענטגעגענזעצען; פאָרהאַלטען. | *To object (אָבדזשעקט). |
| ווען וועט איהר זיין פערטיג מיט איבער= שרייבען דיזען בריף? | When will you have done copying this letter? |
| איך וועל זיין פערטיג אין פינף מינוטען. | I shall have done in five minutes. |
| זאָגען, ערצעהלען; געזאָגט, ערצעהלט. | To tell (טעל); told (טאָולד), told. |
| זאָגען; געזאָגט. | To say (סיי); said (סעד), said. |

נאָך דעם האַנדלונגסוואָרט to tell קומט ניט דאָס ווערטעל to; נאָך to say קומט אי= מער to פאַר דער פערזאָן.

| | |
|---|---|
| אייער ברודער האט געזאָגט מיין שוועס= טער און זיא האט מיר געזאָגט. | Your brother told my sister, and she told me. |
| איך וועל ניט געהן, אָהן אייך צו וויסען צו געבען (וואו איך וועל אייך ניט געבען צו וויסען). | I shall not go, without letting you know. |

| | |
|---|---|
| To let (לעט); let, let. | לאָזען, פערדינגען; געלאָזען, פערדונגען. |
| Do you let your children go to the theatre this evening? | לאָזט איהר אייערע קינדער געהן אין טהעאטער דיזען אבענד? |
| No, I let them go yesterday. | ניין, איך האב זייא נעכטען געלאָזען געהן. |
| Does your daughter go into the country to-morrow? | געהט אייער טאָכטער מאָרגען אויף לאנד? |
| She would go, if I let her. | זיא וואָלט געהן, ווען איך וואָלט זיא לאָזען. |

פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט וואָס קומט נאָך let ווערט קיינמאָל ניט געשטעלט דאָס ווערטעל to.

| | |
|---|---|
| I let go. | איך לאָז געהן. |
| She lets me go. | זיא לאָזט מיך געהן. |
| What did the tailor say, when you brought him the money? | וואס האט דער שניידער געזאָגט אלס דוא האסט איהם געבראַכט דאס געלד? |
| He said I should tell you that he would be glad, if everybody paid him so punctually. | ער האט געזאָגט איך זאל אייך זאָגען, דאָס ער וואָלט זיך געפרייט, ווען יעדערער וואָלט איהם בעצאהלט אזוי פּינקטליך. |
| To be glad (גלאַד). | זיין פרעהליך, זיך פרייען. |
| I am glad. | איך פריי מיך. |
| Punctually (פּאַנק־טשואַללי). | פּינקטליך. |
| He said. | ער האט געזאגט. |
| He told me. | ער האט מיר געזאגט (אָד. ערצעהלט). |
| They told us. | זייא האבען אונז געזאָגט (אָד. ערצעהלט). |
| What will your father say? | וואָס וועט אייער פאטער זאָגען? |

עס איז צו מערקען, דאָס וואו עס שטעהט נאָך דעם וואָרט זאָגען קיין פּערזאָן, קומט געוועהנליך to say ניט to tell.

| | |
|---|---|
| I do not know what he will say. / I cannot tell what he will say. | איך וויים ניט, וואָס ער וועט זאָגען. |
| I cannot tell. | איך קען ניט זאָגען, איך וויים ניט. |
| He, she cannot tell. | ער, זיא וויים ניט. |
| We, they could not tell | מיר, זייא האבען ניט געוואוסט. |
| *To owe (אָו). | שולדען, שולדיג זייין; פערדאנקען, דאנק שולדיג זיין. |
| When will you pay me what you owe me? | ווען וועט איהר מיר בעצאָהלען, וואָס איהר זייט מיר שולדיג? |
| I owe you nothing. / I do not owe you anything. | איך בין אייך גאָרנישט שולדיג. |
| *To complain (קאָמפּליין). | זיך בעקלאָגען. |

| | |
|---|---|
| To understand; understood, understood. | פערשטעהן; פערשטאנען. |
| Have you understood me? | האט איהר מיך פערשטאנען? |
| I understood him. | איך האב איהם פערשטאנען. |
| I cannot understand you. | איך קען אייך ניט פערשטעהן. |
| I understand you have sold your horse. | איך הער, איהר האט פערקויפט אייער פערד. |

To understand ווערט אויך געברויכט אין דעם זין פון הערען, ווען דאס הערען לעגט זיך ניט אויף די קראפט פון הערען זאנדערן אויף דאס וואס מען פערשטעהט פון הערען.

| | |
|---|---|
| The hope (האופ). | דיא האפנונג. |
| To have a hope of—. | האפנונג האבען אויף—. |
| *To hope (האופ). | האפען. |
| *To contradict (קאנטראדיקט). | ווידערשפרעכען. |

## By (באי), through (טהרו), דורך, פון.

| | |
|---|---|
| The want (וואנט). | דער מאנגעל. |
| The want of—. | דער מאנגעל פון—; דער מאנגעל אן. |
| For the want of—. | אוים מאנגעל אן. |
| *To need (ניד). | ברויכען, האבען נעטהיג. |

וועגען דעם האנדלונגסווארט to need איז צו בעמערקען דרייא זאכען:

1שטענס, דאס עס נעהמט ניט קיין s אין דער דריטער פערזאן איינצאהל;

2טענס, דאס אין א פראגע-זאץ אדער אין א פערנייינונגס זאץ קומט פאר איהם ניט דאס האנדלונגסווארט to do;

3טענס, דאס ווען עס שטעהט פאר אן אנדער האנדלונגסווארט ווערט פאר יענעם קיינמאל ניט געשטעלט דאס ווערטעל to.

| | |
|---|---|
| He need. She need. | ער ברויכט. זיא ברויכט. |
| I need not go. | איך ברויך ניט צו געהן. |
| He need not go. | ער ברויכט ניט צו געהן. |

## 105. צום איבערזעצען.

זיץ איך אויף אייער שטוהל?—ניין, איך קען זיצען אויף יענעם שטוהל.—ווער איז געזעסען נעבען אייך צו אבענד-ברויט פאריגע (last) נאכט?—דער פראנצויז איז געזעסען נעבען מיר.—ווער איז געוועזען דער הערר, וועלכער איז געזעסען צווישען אייערע צווייא שוועסטערקינדער?—עס איז געוועזען דער פעטער פון דעם יונגען מאן, וועלכער איז געזעסען נעבען מיין טאכטער.—שלאפט איהר אויף דעם לאנד דיא יעצטיגע צייט (at present)?—מיין פאטער און מוטער שלאפען אויף דעם לאנד, אבער מיין ברודער און איך שלאפען אין שטאדט.—און אייער שוועסטער?—מיין שוועסטער שלאפט אויף דעם לאנד.—האט איהר געשלאפען, אלס איך בין געקומען אהיים?—איך האב געשלאפען, ווען איהר זייט גקקומען אהיים, אבער איהר האט געמאכט אזא גערויש (noise), דאס איהר האט מיך אויפגעוועקט.—קען איך רעדען מיט אייער פאטער?—וואס ווילט

איהר איהם זאָגען?—ווען איך וואָלט אייך געוואָלט זאָגען, וואָס איך האָב צו זאָגען אייער פאָטער, וואָלט איך ניט פרעגען נאָך (for) איהם.—וועט איהר מיר זאָגען, אויב איך קען איהם זעהן אָדער ניט?—ער איז אין דעם זאַל.—וועט איהר איהם רופען?—איך וועל איהם ניט רופען, וואו איך וויים ניט (=אָהן וויסען) וואָס איהר פערלאַנגט פון איהם.—איך וועל אייך זאָגען: איך וויל (wish) באָרגען עטוואָס געלד בייא (of) איהם.—האָב איך עס ניט געזאָגט? (עס, so, צולעצט)—איהר זייט גאַנץ גערעכט; אָבער איך וויל (want) עס ניט באָרגען פיר מיך אליין.—פיר וועמען ברויכט איהר עס?—איך ברויך עס פיר אַן אָרימען מענשען; איך וויל (wish) איהם געבען אַ געלעגענהייט צו טהאָן (of doing) גוטעס.—זייט איהר ניט אליין דער אָרימער מאַן?—איך האָב מעהר געלד אַלס איהר דענקט.

## 106. צום איבערזעצען.

ווייסט איהר, דאָס דער אַלטער איטאַליענישער לעהרער איז היינט געשטאָרבען (א. פ.)?—איך וויים עס; מיין ברודער האָט עס מיר ערצעהלט.—וואו איז מיין ראָק?—עס ליעגט אויף אייער בעט.—האָט איהר היינט געזעהן דעם ענגלענדער?—איך בין געוועזען אין (at) זיין הויז אום צעהן אַ זייגער היינט אין דער פריה.—איז ער ניט געוועזען נאָך אין בעט?—ער ליעגט אימער ביז עלף אָדער האַלב צוועלף (half past).—איך וויים עס; איהר וואָלט ניט זאָגען ליגען, ווען איהר וואָלט געזאָגט, דאָס ער ליעגט ביז איינס אַ זייגער; ווייל (for) ער טהוט עס (so) יעדען טאָג.—ווער האָט געפּאַרבט דיזעס טיבעל?—אַ מאַן, ו אַס וואוינט אין עססעקס (Essex) גאַס האָט עס געפּאַרבט.—האָט זיך אייער פאָטער בעקלאָגט אויף (of) מיין ברודער?—ער האָט זיך בעקלאָגט אויף איהם.—בעקלאָגט ער זיך אָפּט אויף איהם?—ער בעקלאָגט זיך זעהר אָפּט אויף איהם.—בעקלאָגט ער זיך אויף מאַנגעל אַן ארבייט?—איך ברויך מיך ניט צו בעקלאָגען אויף מאַנגעל אַן ארבייט, ווייל איך האָב מעהר צו טהאָן אַלס איך ליעב.—קענט איהר מיר געבען אַ גוטעס בוך?—איך האָב אייך געקענט געבען איינס, אָבער עס וואָלט זיין פון קיין נוצען; איהר האָט זעהר פיעלע ביכער אַליין און לעזט זייא קיינמאָל ניט.—קען דער שניידער מיך לאָזען האָבען מיין ראָק בייא צעהן אַ זייגער מאָרגען אין דער פריה?—ער וועט עס אייך לאָזען האָבען.—האָט איהר פערדרונגען אייער הויז אויף דעם לאַנד?—איך האָב עס פערדרונגען.—וואָלט איהר ניט פערדינגען צווייא פון דיזע צימערן?—מיין הערר (master) האָט מיר געזאָגט איך דאַרף (must) זייא ניט פערדינגען, וואו איך וועל זייא ניט פערדינגען (=אָהן צו פערדינגען זייא, without letting them אַלע צוזאַמען—אויף (for) ווייא לאַנג האָט איהר פערדונגען אייער לאַנד-הויז?—מיר האָבען עס פערדונגען אויף דרייא יאָהר.

## 107. צום איבערזעצען.

האָט אימעצער נערעדט פון מיר?—אימעצער האָט גערעדט פון אייך.—ווער איז עס געוועזען?—אייער מומע האָט מיר ערצעהלט זעהר פיעל וועגען (about) אייך.—וואָס האָט זיא געזאָגט, האָט זיא מיך געליובט?—זיא רעדט קיינמאָל פון אייך, וואו זיא ליובט אייך ניט (without raising you).—זאָל איך צו אייך קומען היינט בייא נאַכט?—

געוויס, איך וועל אייך ערוואַרטען; אבער קומט ניט, וואו איהר בריינגט ניט אייער שוועסטער. - וויא פיעל געלד קענט איהר מיר געבען?—איך קען אייך גאָרנישט געבען, וואו איך פערקויף ניט מיין פערד; און דאס וועל איך ניט קענען טהאָן.—איהר פער־שפּרעכט קיינמאָל ניט עפּעס, וואו איהר ברעכט ניט אייער וואָרט.—און איהר קומט צו מיר קיינמאָל ניט, אָהן עפּעס צו בעטען בייא (of) מיר.—שרייבט איהר נאָך ניט דעם פּראָנצוויזישען בריף?—איך מוז מעסטען דיא דרייא שטיקער לייווענד, אָנשטאָט צו שרייבען דעם בריף.—זאָלען מיר מאַכען (=נעהמען, take) א שפּאַציער איידער מיר געהן (=פאַר'ן געהן) צו אונזער פעטער?—איך מוז ארבייטען איידער איך מאַך (=פאַר'ן נעהמען) א שפּאַציער.

## 108. צום איבערזעצען.

וואוהין געהט איהר?—איך געה צו דעם שניידער, צו בעצאָהלען איהם וואס איך בין איהם שולדיג.—איך ווינש איך וואָלט עס אויך געקענט טהאָן (אויך, too, צולעצט). —איז אייך דער פראַנצויז שולדיג פיעל?—ער איז מיר שולדיג מ הר אַלס איהר דענקט. — ער בעקלאַגט זיך, דאס ער האט (he complains of having) קיין געלד און ער קען ערגעץ ניט באָרגען וועלכעס.—וואו האט איהר געקויפט דיזעס וואַש־טישעל?—איך האב עס געקויפט בייא (at) כווינטאָן דעם טישלער.—איז עס ביליג?—עס איז ניט טהייער.—לער־נען זיך אייערע שוועסטער רייטען?—זייא האבען זיך דיזעס געלערנט זייט (these) צווייא מאָנאַטען.—האט אימעצער געזעהן מיין שטריק־נאָדעל?—א שטונדע צוריק איז זיא גע־לעגען היער אויף דעם טיש.—וואו איז אייער פעטער?—ער מאכט (=נעהמט) א שפּאַ־ציער־רייט.—האט איהר לוסט צו רייטען שפּאַציערען (=נעהמען א שפּאַציער־רייט) אויף דעם לאַנד מאָרגען נאָכמיטטאָג?—איך האב א פערלאַנג (wish), אבער איך האב קיין צייט.—ווער איז געוועזען בייא (with) דעם איטאַליענער, אַלס ער איז געשטאָרבען?—מיין פאַטער איז געוועזען בייא איהם.—ווען איהר געהן אויף דיא בערזע מיט מיר?—איך האב גאָרנישט דאַגעגען (no objection) צו געהן מיט אייך, אבער איך מוז זיין ווידער צו הויז אום האַלב צווייא.—דאס (so) קענט איהר; עס שלאָגט זיבען נאָר צוועלף. —וואָרום ווידערשפּרעכט איהר דיזען מאַן?—איך ווידערשפּרעך איהם, ווייל איך דענק, דאס ער איז אונגערעכט.—זייט איהר ניט צופרידען, דאס דער שפּאַניער האט אייך בעצאָהלט, וואס ער איז אייך געווען שולדיג?—איך פערזיכער אייך, דאס איך פריי מיך זעהר, ווייל איך האב געדאַכט, ער וועט (=וואָלט) מיר קיינמאָל ניט בעצאָהלען.

## 109. צום איבערזעצען.

וועט איהר מיך לאָזען זעהן דיא אוהר, וועלכע איהר האט געקויפט?—זיא איז נאָך בייא דעם זייגער־מייסטער.—ווען וועט איהר זיא האבען?—ער האט פערשפּראָכען זיא צו שיקען היינט אבענד.—האט איהר פיר זיא בעצאָהלט?—איך האב פיר זיא גלייך בעצאָהלט.—האט זיך דער מאַן געפרייט (was—glad), אַלס איהר האט איהם בעצאָהלט? —ער האט זיך זעהר געפרייט, ווייל ער האט געזאָגט, ער דאַרף (=האט געדאַרפט) האָבען דאָס געלד.—האט איהר געבּרענגט דעם דיענער, ווען זיין הערר וועט (=וואָלט) זיין צו הויז?—ער האט געזאָגט ער קען ניט (= האט ניט געקענט) זאָגען.—איהר האט

פערשפראָכען דעם מאַן איהם צו צאַהלען, וואָס איהר זייט איהם שולדיג; ווארום צאַהלט איהר איהם ניט?—איך האָב איהם בעצאַהלט, וואָס איך בין איהם געוועזן שולדיג.—ווען האָט איהר איהם בעצאַהלט?—איך האָב איהם בעצאַהלט נעכטען.—ווארום רעדט איהר אַזוי לאַנג?—איך מוז רעדען.—יעצט מעהר ניט (no more) גערעדט!—איהר וויינט דיא גאַנצע צייט; יעצט מעהר ניט געוויינט!—וואו איז ווילהעלם?—ער איז אין דעם גאָרטען; דאָרטען קומט ער צו לויפען (=לויפענדיג).

---

# 40th Lesson.—40סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| האַסען. | *To hate (הייט). |
| געהאַסט ווערען. | To be hated. |

אַ האַנדלונג קען אויסגעדריקט ווערען אויף צוויא אַרטען: אויף דער אַרט פון טהאָן און אויף דער אַרט פון געטהאָן ווערען.

דיא אַרט פון געטהאָן ווערען הייסט דיא ליידענדע אַרט.

דיא ליידענדע פאָרם ווערט געמאַכט דורך דאָס פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט פון דעם האַנדלונגסוואָרט מיט דיא פערשיעדענע פאָרמען פון to be, זיין (I am, you are, he is, we are, you are, they are):

**געגענוואַרטיגע צייט-פאָרם.**

| | |
|---|---|
| איך בין, איך ווער געהאַסט. | I am hated. |
| דוא ביסט, דוא ווערסט געהאַסט. | You are hated. |
| ער, זיא, עס איז, ווערט געהאַסט. | He, she, it is hated. |
| מיר זיינען, מיר ווערען געהאַסט. | We are hated. |
| איהר זייט, איהר ווערט געהאַסט. | You are hated. |
| זייא זיינען, זייא ווערען געהאַסט. | They are hated. |

**איינפאַכע פערגאַנגענע צייט-פאָרם.**

| | |
|---|---|
| איך בין געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | I was hated. |
| דוא ביסט געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | You were hated. |
| ער, זיא ,עס איז, געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | He, she, it was hated. |
| מיר זיינען געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | We were hated. |
| איהר זייט געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | You were hated. |
| זייא זיינען געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | They were hated. |

**געגענוואַרטיג-פערגאַנגענע צייט-פאָרם.**

| | |
|---|---|
| איך בין געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | I have been hated. |
| דוא ביסט געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | You have been hated. |
| ער, זיא, עס איז געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | He, she, it has been hated. |
| מיר זיינען געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | We have been hated. |
| איהר זייט געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | You have been hated. |
| זייא זיינען געוועזן, געוואָרען געהאַסט. | They have been hated. |

פאָר-פערגאַנגענע צייט-פאָרם.

| | |
|---|---|
| איך בין געוועזן געהאַסט. | I had been hatea. |
| דוא ביסט געוועזן געהאַסט. | You had been hated. |
| ער, זיא, עס איז געוועזן געהאַסט. | He, she, it had been hated. |
| מיר זיינען געוועזן געהאַסט. | We had been hated. |
| איהר זייט געוועזן געהאַסט. | You had been hated. |
| זייא זיינען געוועזן געהאַסט. | They had been hated. |

איינפאַכע צוקינפטיגע צייט-פאָרם.

| | |
|---|---|
| איך וועל זיין, ווערען געהאַסט. | I shall be hated. |
| דוא וועסט זיין, ווערען געהאַסט. | You will be hated. |
| ער, זיא, עס וועט זיין, ווערען געהאַסט. | He, she, it will be hated. |
| מיר וועלען זיין, ווערען געהאַסט. | We shall be hated. |
| איהר וועט זיין, ווערען געהאַסט. | You will be hated. |
| זייא וועלען זיין, ווערען געהאַסט. | They will be hated. |

בעענדיגטע צוקינפטיגע צייט-פאָרם.

| | |
|---|---|
| איך וועל געהאַסט זיין. | I shall have been hated. |
| דוא וועסט געהאַסט זיין. | You will have been hated. |
| ער, זיא, עס וועט געהאַסט זיין. | He, she, it will have been hated. |
| מיר וועלען געהאַסט זיין. | We shall have been hated. |
| איהר וועט געהאַסט זיין. | You will have been hated. |
| זייא וועלען געהאַסט זיין. | They will have been hated. |

| | |
|---|---|
| איך לויב. | I praise. |
| איך ווער געלויבט. | I am praised. |
| ער האָט געשיקט. | He has sent. |
| ער איז געשיקט געוואָרען. | He has been sent. |
| זיא האָט געליעבט. | She loved. |
| זיא איז געוואָרען געליעבט. | She was loved. |
| ווער וועט זעהן? | Who will see? |
| ווער וועט געזעהן ווערען? | Who will be seen? |
| מיר וואָלטען אויסמיידען. | We should shun. |
| מיר וואָלטען אויסגעמיעדען ווערען. | We should be shunned. |
| קענט איהר ניט איינלאַדען? | Cannot you invite? |
| קענט איהר ניט איינגעלאַדען ווערען? | Cannot you be invited? |
| ליעבען, האָבען גערן. | *To like. |
| געליעבט ווערען. | To be liked. |

| | |
|---|---|
| *To pity. | בעדויערן, ערבארמען. |
| He would certainly not be pitied. | ער וואָלט געוויס ניט בעדויערט ווערן. |
| He will not be pitied, but hated. | ער וועט ניט ווערען בעדויערט, נאָר געהאסט. |
| Why is he hated? | ווארום איז (אָד. ווערט) ער געהאסט? |
| To build (בילד); built (בילט), built. | בויען; געבויט. |
| Is your uncle's house finished? | איז אייער פעטער'ס הויז בעענדיגט? |
| No, it is still building. | ניין, עס ווערט נאָך געבויט. |

מאַנכע האַנדלונגסווערטער ברויכען ניט דיא הילפע פון to be, am, are, is או. אז. וו. אויסצודריקען דיא ליידענדע אַרט, ד. ה. דיא אַרט פון געטהאָן ווערען.

| | |
|---|---|
| These goods are selling very well. | דיזע וואארען ווערען פערקויפט זעהר גוט. |
| The house is still building. | דאס הויז ווערט נאָך געבויט. |
| By whom are good children loved? | פון וועמען ווערען גוטע קינדער געליעבט? |
| They are loved and praised by everybody. | זייא ווערען געליעבט און געלויבט פון יעדען. |
| Industrious and obedient children are often rewarded by their parents. | פלייסיגע און געהאָרזאמע קינדער ווערען אָפט בעלוינט פון זייערע עלטערן. |
| *To reward (ריוואָ־רד). | בעלוינען. |
| Obidient (אָובי־דיענט) געהאָרזאם | Disobedient (דיסאָובי־דיענט) אונגעהאָרזאם |
| Parents (פּער־רענטס). | עלטערן. |
| *To obey (אָוביי). | געהאָרכען, פאָלגען. |
| *To disobey (דיסאָוביי). | ניט געהאָרכען, ניט פאָלגען. |
| Does he obey you? | געהאָרכט (פאָלגט) ער אייך? |
| Good children obey their parents. | גוטע קינדער געהאָרכען זייערע עלטערן. |
| The relation (ריליי־שאָן). | דער פערוואנדטער, דיא פערוואנדטע. |
| To make (מייק); made (מייד), made. | מאַכען; געמאַכט. |
| *To prepare (פּריפּע־ר). | צוברייטען, פאָרברייטען. |
| Are the children dressed? | זיינען דיא קינדער אָנגעטהאָן? |
| *To dress. | אָנטהאָן, אָנקליידען. |
| No, they are just being dressed. | ניין, זייא ווערען עבען אנגעקליידעט (אָנגעטהאָן). |

ווען דיא ליידענדע אַרט בעצייכענט אַ האַנדלונג, וועלכע ווערט פאָרטגעזעצט אָדער אָנגעהאַלטען אין דער צייט, פון וועלכער עס ווערט גערעדט, וויא צום ביישפּיעל: זייא ווערען נאָך אָנגעקליידעט, זייא האָבען געהאַלטען אין אָנגעקליידעט ווערען, ווערט דיא ליידענדע פאָרם געמאַכט דורך דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט פון to be (being); צ. ב. I am being dressed, איך ווער אָנגעקליידעט (יעצט); he was being dressed, ער האט געהאַלטען אין אָנגעקליידעט ווערען (פריהער) או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| The child is being dressed. | דאס קינד ווערט אָנגעקליידעט. |

| | |
|---|---|
| The servants were being sent to town. | דיא בעדיענטע זיינען געשיקט געוואָרען אין שטאָדט. |
| *To mistake (מיסטייק). | זיך אירען, מאַכען אַן אירטהום. |
| To mistake for. | אננעהמען פיר—, האַלטען פיר—. |
| To be mistaken. | זיך אירען, האָבען אַ טעות. |
| To be mistaken אָד. misunderstood. | ניט פערשטאַנען ווערען, שלעכט פערשטאַנען ווערען. |
| To misunderstand. | ניט פערשטעהן, שלעכט פערשטעהן. |
| A misunderstanding. | אַ מיספערשטענדניס. |
| A mistake. | אַן אירטהום, אַ טעות. |
| I mistake אָד. I am mistaken. | איך איר מיך, איך האָב אַ טעות. |
| I mistook אָד. I was mistaken. | איך האָב מיך געאירט, איך האָב געהאַט אַ טעות. |
| You must be mistaken. | איהר מוזט אייך אירען, איהר מוזט האָבען אַ טעות. |
| I think your sister is mistaken. | איך גלויב אייער שוועסטער אירט זיך. |
| He mistook me for my brother. | ער האָט מיך אָנגענומען פיר מיין ברודער. |
| I mistook the house. | איך האָב געהאַט אַן אירטהום אין דאָס הויז. |
| I went into the wrong house. | איך בין געגאַנגען ניט אין דאָס ריכטיגע הויז. |
| Wrong (ראָנג). | ניט רעכט; ניט ריכטיג. |
| The lawyer (לאָ־יער). | דער אַדוואָקאַט. |
| The head (העד). | דער קאָפּ. |
| Perseverance (פּערסיווי־ראָנס). | אויסדויער, אויסוואַרטונג. |
| Coldness (קאָולד־נעס). | קאַלטקייט. |
| Folly (פאָ־לי). | דומהייט, נאַרישקייט. |

## 110. צום איבערזעצען.

האָבען ניט געדאַרפט דיזע פלייסיגע קינדער בעלוינט ווערען?—זייא זיינען שוין בעלוינט געוואָרען פון זייער פעטער און מומען.—ווען מוזען דיא ענגלישע בריף געשריבען ווערען?—זייא מוזען געשריבען ווערען פאַר זעקס אַ זייגער היינט (=דיזען) נאָכמיטטאָג. —ווען מוזען אייערע נייע העמדער געמאַכט ווערען?—זייא מוזען געמאַכט ווערען נעכסטע וואָך.—פון (דורך) וועמען איז דיזער טיש געמאַכט געוואָרען?—ער איז געמאַכט געוואָרען פון מיין טישלער (סטאָליער).—ווען וועט אייער פעטער'ס נייעס הויז זיין געבויט?—עס וועט ניט זיין געבויט ביז נעכסטעס יאהר.—בויט ניט דער ענגלענדער אליין אַ נייעס הויז?—ער בויט איינס.—זעהט איהר איין (=געפינט איהר), דאָס איהר אירט אייך?—איך דענק ניט, דאָס איך האָב מיך געאירט.—נוא (well), ווער פון אייך האָט

# 44th Lesson.—44סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Have you seen the watch I bought yesterday? | האט איהר געזעהן דאס זייגערל, (וועלכעס) איך האב נעכטען געקויפט? |
| I have not; is it a gold one? | ניין (איך האב ניט); איז עס פון גאָלד? (ד. ה. איז עס א גאָלדענעס?) |
| Was the man I saw at your house yesterday, a Frenchman? | איז (געוועזן) דער מאַן, וועלכען איך האב נעכטען געזעהן בייא אייך, א פראנצויז? |
| No, he was not. | ניין (ער איז ניט געוועזן). |

אין אן ענטפער ווערט אין ענגליש ווידערהאָלט דאס הילפס האַנדלונגסוואָרט פון דעם פראַגע-זאַץ אנשטאַט צו זאָגען יע אָדער ניין: Have you been here?, זייט איהר געוועזן היער? —I have, יע; I have not, ניט.

| | |
|---|---|
| Have you been at the physician's? | זייט איהר געוועזען בייא דעם דאָקטאָר? |
| I have. | יע (=איך האָב). |
| Have you seen him? | האט איהר איהם געזעהן? |
| Yes, I have. | יע (=יע, איך האב). |
| Do you think he will soon be here? | דענקט איהר ער וועט באלד היער זיין? |
| I think he will. | איך גלויב יע (=איך דענק ער וועט). |
| Do you understand me? | פערשטעהט איהר מיך? |
| I do. | יע (=איך טהו, ד. ה. איך פערשטעה). |
| Yes, I do, Sir. | יע, מיין הערר (=יע, מיין הערר, איך טהו, ד. ה. איך פערשטעה). |
| Can you read this letter? | קענט איהר לעזען דיזען בריף? |
| I can. | יע (=איך קען). |
| Yes, I can, Sir. | יע, מיין הערר (=יע, מיין הערר, איך קען). |
| He is a Russian, he speaks English like an Englishman. | ער איז א רוסע, ער רעדט ענגליש וויא אן ענגלענדער. |
| The Russian (ראשיאַן). | דער רוסע. |
| My cousin is a Dutchman, he speaks English like a native. | מיין שוועסטערקינד איז א האָללענדער, ער רעדט ענגליש וויא א געבאָרענער (ד. ה. וויא א געבאָרענער ענגלענדער). |
| The native (נייטיוו). | דער געבאָרענער, דער געבירטיגער. |
| A native of America. | א געבירטיגער פון אמעריקא. |
| The countryman (קאַנטרימאַן). | דער לאנדסמאַן; דער דאָרפמאַן. |
| The countrywoman (קאַנטריוואומען). | דיא לאנדספרוי; דיא דאָרפספרוי. |
| Countrymen (קאַנטרימען). Country-people (קאַנטרי-פיפּל). | לאנדסלייטע; דאָרפלייט. |
| Like (לאַיק), | וויא; גלייך. |

| | |
|---|---|
| The man ı like. | דער מענש, וועלכען איך האב ליעב. |
| The house I bought. | דאס הויז, וועלכעס איך האב געקויפט. |
| The book I have bought to-day is very interesting. | דאס בוך, וועלכעס איך האב היינט גע- קויפט איז זעהר אינטערעסאנט. |

דיא ווערטער whom, which, that (וועמען, וועלכען, וועלכע) קענען אָפט אויסגעלאָזען ווערען.

| | |
|---|---|
| Who was the man you spoke to? | ווער איז געוועזען דער מאן, מיט וועלכען איהר האט גערעדט? |
| It was he I bought my watch of. | עס איז געווען דער, בייא וועמען איך האב געקויפט מיין אוהר. |

דיא ווערטלאך to, of, from, about און אַנדערע, וועלכע שטעהען געוועהנליך גלייך פאַר דיא ווערטער, אויף וועלכע זייא בעציהען זיך, ווערען געשטעלט אַם ענדע פון זאַץ, ווען עס ווערט אויסגעלאָזען דאָס וואָרט who, which אָדער that:

| | |
|---|---|
| To whom are you going? אָד. whom are you going to? | צו וועמען געהט איהר? |
| Is this the man of whom you complain?<br>Is this the man you complain of? | איז דאס דער מאן, אויף וועלכען איהר בעקלאָגט אייך? |
| I am going to the man to whom you saw me speak yesterday.<br>I am going to the man whom you saw me speak to yesterday. | איך געה צו דעם מאן, מיט וועלכען איהר האט מיך נעכטען געזעהן רעדען. |
| To what man did you speak?<br>What man did you speak to? | מיט וואָס פיר א מאן האט איהר גערעדט? |
| On whom can I depend?<br>Whom can I depend on? | אויף וועמען קען איך מיך פערלאָזען? |
| *To depend (דיפּענד). *To rely (רילאַי). | זיך פערלאָזען. |
| To depend on (אָד. upon) somebody אָד. something.<br>To rely on (אָד. upon) somebody אָד. something. | זיך פערלאָזען אויף אימעצן אָד. עפּעס. |
| May I depend upon you? | קען איך מיך פערלאָזען אויף אייך? |
| You can rely upon me. | איהר קענט אייך אויף מיך פערלאָזען. |
| The object (אָבּדזשעקט). | דער צוועק, דער ציעל. |
| The pains (פּיינז). | דיא מיהע. |
| To take pains. | זיך מיהע געבען, זיך בעמיהען. |
| To take great pains. | זיך געבען גרויסע מיה. |
| I have taken great pains. | איך האב מיר גענעבען פיעל (גרויסע) מיה. |
| *To cost (קאָסט); cost, cost. | קאָסטען; געקאָסט. |

| | |
|---|---|
| *To suffer (סאַפּפער). | ליידען; דולדען. |
| The worth (וואָירטה). | דערווערטה. |
| Worth (וואָירטה). | ווערטה, עס לוינט, כדאי. |

דאָס האַנדלונגסוואָרט, וואָס קומט נאָך worth, קומט אין דער פאָרמע פון דעם געגענוואַר־טיגען מיטעלוואָרט.

| | |
|---|---|
| It is worth trying. | עס איז ווערט צו פּרובירען. |
| It is worth seeing him. | עס איז ווערט איהם צו זעהן. |
| It is worth speaking to him. | עס איז ווערט מיט איהם צו רעדען. |
| He is worth speaking to. | ער איז ווערט מען זאל מיט איהם רעדען. |
| He is not worth speaking to. | ער איז ניט ווערטה מען זאל מיט איהם רעדען. |
| It is not worth speaking of. | עס עס ניט ווערטה דערפון צו רעדען. |
| To be worth while. | דיא צייט ווערטה זיין (ד. ה. ווערטה זיין דיא מיה). |
| What has become of my pen? | וואס איז געוואָרען פון מיין פעדער? / וואו איז אהין נעקומען מיין פעדער? |
| What has become of the Spaniard? | וואס איז געוואָרען פון דעם שפּאניער? / וואו איז אהינגעקומען דער שפּאניער? |
| To become (ביקאָם); became (ביקיים), become. | ווערען, אהינקומען; געוואָרען, אהינגעקומען. |
| He went back to Spain and became an officer. | ער איז געגאנגען צוריק נאָך שפּאניען און איז געוואָרען אַן אָפיציער. |
| The officer (אָפּפיסער). | דער בעאמטער; דער אָפיציער. |
| What has become of your nephew? | וואָס איז געוואָרען פון אייער נע (פּלע־מעניק)? |
| He has become a merchant. | ער איז געוואָרען א קויפמאן. |
| The merchant (מאָיר׳טשאָנט). | דער קויפמאן, דער סוחר. |

אויכער to become זיינען דאָ נאָך דרייא ווערטער צו בעצייכענען ווערען—זייא זיינען: to grow, to get און to turn.

| | |
|---|---|
| To grow (גראָו); grew (גרו), grown (גראָון). / To get (נעט); got (גאָט), got. / *To turn (טאָירן). | ווערען; געוואָרען. |

To turn לעגט זיך געוועהנליך אויף דעם איבערגאַנג פון איין שטאַנד צו אַן אַנדערן, וויא:

| | |
|---|---|
| He was turned Catholic. | ער איז געוואָרען קאַטהאָליק. |
| The wine has turned sour. | דער וויין איז געוואָרען זויער. |
| The leaves turned yellow. | דיא בלעטער זיינען געוואָרען געל. |
| He was a tailor but he has turned merchant. | ער איז געווען א שניידער אבער ער איז געוואָרען א קויפמאן. |

עס איז צו מערקען, דאָס פאַר דער פּערזאָן אָדער זאַך, וואָס קומט נאָך דעם האַנדלונגס־וואָרט to turn, ווערט אויסגעלאָזען דאָס ווערטעל a, וויא אין turned Catholic, turned merchant; מען זאָגט ניט: to turn a Catholic, to turn a merchant או. אַז. וו.

## Since (סינס), זייט.

| | |
|---|---|
| Since he has become (grown, אָד. got) so rich. | זייט ער איז געוואָרען אזוי רייך. |
| She is growing (getting, אָד. becoming) handsomer every day. | זיא ווערט שעהנער יעדען טאָג. |
| I have not seen him since he was here last time. | איך האב איהם ניט געזעהן זייט ער איז היער געוועזען לעצטעס מאָל. |

## Of late, (אָוו לייט), זייט איינינער צייט, זייט דער לעצטער צייט.

| | |
|---|---|
| I have of late become (grown, אָד. got) very lazy | איך בין זייט איינינער צייט געוואָרען פויל. |
| The Protestant (פּראָ׳טעסטאַנט). | דער פּראָטעסטאַנט, דיא פּראָטעסטאַנטין. |
| The Catholic (קאַ׳טהאָליק). | דער קאַטהאָליק, דיא קאַטהאָליקין. |
| The Jew (דזשו). The Jewess (דזשו׳עס). | דער יוד. דיא יודין. |
| The Lutheran (לו׳טהעראַן). | דער לוטהעראַנער, דיא לוטהעראַנערין. |
| The mahometan (מייהאָ׳מיטען). | דער מאהאָמעדאַנער, דיא מאהאָמעדאַנערין. |
| This man speaks as good English as French, so that I do not know if he is an Englishman or a Frenchman. | דיזער מאַן רעדט אזא גוטעס ענגליש (אזוי גוט ענגליש) וויא פראַנצויזיש, אזוי, דאס איך ווייס ניט, אויב ער איז אַן ענגלענדער אדער אַ פראַנצויז. |

ווען דאָס ווערטעל a דאַרף קומען פאַר אַ וואָרט, וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל־בוכשטאַב, ווערט צו איהם צוגעזעצט דער בוכשטאַב n (an): an apple, אַן עפּעל, an egg, אַן איי או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Is your friend a Jew or a Christian? | איז אייער פריינד אַ יוד אָדער אַ קריסט? |
| My friend is not a Christian, he is a Jew. | מיין פריינד איז ניט אַ קריסט, ער איז אַ יוד. |
| What is your friend, a Catholic or a Protestant? | וואס איז אייער פריינד, אַ קאַטהאָליק אָדער אַ פּראָטעסטאַנט? |
| He is a Catholic, but his wife is a Protestant. | ער איז אַ קאַטהאָליק, אָבער זיין פרוי איז אַ פּראָטעסטאַנטין. |
| *To gain. | פערדיענען, געווינען. |
| *To get; got, got. | פערדיענען, קריגען, האבען; פערדיענט, געקראָגען. |

ווען to get בעצייכענט האָבען ווערט עס געברויכט צוזאַמען מיט have: I have got, איך האָב, you have got, איהר האָט או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| Since he has become (grown .אָד got) poor he has become (grown .אָד got) much more civil. | זייט ער איז געוואָרען אָרים איז ער געוואָרען פיעל העפליכער (אָנשטענדיגער). |
| Civil (סיוויל). | העפליך, אנשטענדיג. |
| I have got your pen-knife and you have got my pen. | איך האב אייער פענ=מעסערל און איהר האט מיין פעדער. |

דער אויסדרוק have got אין דעם זינען פון האָבען ווערט נאָר געברויכט פון דעם איינפאַכען פאָלק; have אליין איז גענוג צו בעצייכנען האָבען.

| | |
|---|---|
| I have your paper and you have my ink. | איך האב אייער פאַפּיער און איהר האט מיינע טינט. |
| To weigh (וויי). | וועגען, אָבוועגען. |
| This bread weighs one pound. | דיזעס ברויט וועגט איין פונט. |
| The pound (פּאונד). | דאָס פונט. |
| That man weighs a hundred pounds. | יענער מאַן וועגט הונדערט פונט. |

## 126. צום איבערזעצען.

וויא געפעלט אייך דאס פערד, וועלכעס איך האב נעכטען געקויפט? (וועלכעס קען אויסגעלאָזען ווערען)—מיר געפעלט עס זעהר.—וואו איז דאס בוך, וועלכעס איך האב אייך געשיקט?—עס ליעגט אויף דעם טיש נעבען יענעם, וועלכעס מיין שוועסטער לעזט יעצט.—איז דאס דער הוט, וועלכען איהר האט געקויפט בייא ריטשארדזן?—ניין (=ניין, עס איז ניט).—איז דאס דאס ערשטע מאל, דאס איהר זייט אין דיזער שטאדט?—יע (=יע, עס איז).—ניין, מיין הערר (=ניין, עס איז ניט, מיין הערר).—וועט אייער שוועסטער געהן צום באַל מיט אייך?—יע (=יע, זיא וועט).—האט דער דאָקטאָר געזאָגט, דאס ער וועט (=וואלט) זיין היער אום ניין?—יע, מיין הערר (=ער האט געזאָגט ער וועט, מיין הערר).—וואלט איהר האבען געגעבען עפּעס דעם ארימען מאַן, וועלכען מיר האבען געזעהן א שטונדע צוריק, ווען איהר וואלט געהאט וועלכעס געלד?—יע (=איך וואלט).—דארפען ניט דיזע בריף געשריבען ווערען?—יע, גלייך (=זייא דארפען, גלייך).—ווען וועט איהר האבען צוריק דיא אוהר, וועלכע איהר האט נעכטען געגעבען דעם זייגער=מייסטער?—זיא וועט זיין פערטיג מאָרגען.—האט איהר געמאָסטען דיא שטיקער טוך, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען היינט אין דער פריה?—ווער האט אייך געזאָגט, דאס איך בין ניט געוועזען צו הויז? (דאָס אָדער אַז קען אויסגעלאָזען ווערען)—יעדער, וועמען איך האב געפרעגט, האט עס מיר געזאָגט (עס, so, צולעצט); קיינער האט ניט געוואוסט, אַז איהר זייט געוועזען צו הויז.—וועלען דיא העררען, וועלכע איהר ערוואַרטעט, קומען?—יע, איך האָף (=זייא וועלען, איך האָף).—וועלען דיא שפּאַניער בעצאהלען, וואס זייא זיינען שולדיג?—איך דענק, ניט (=זייא וועלען ניט, איך דענק).—וואוינט איהר אין דעם זעלבינען הויז, אין וועלכען דער ענגלענדער וואוינט?—יע (=איך וואוין, I do).—פערשטעהט איהר איהם, ווען ער רעדט צו אייך?—יע (=איך פערשטעה, I do), ווען

**ער רעדט ניט צו שנעל.—ווייס אייער זוהן, וואו מיר וואוינען?—יע (=ער ווייס, he does). —מוזען דיזע בריף איבערגעשריבען (קאָפּירט) ווערען?—ניין (=ניין, זייא מוזען ניט).**
(מען זאָל גוט מערקען, דאָס אין ענגליש ענטפערט מען געוועהנליך ניט אויף פראַגען בלויז מיט יע און ניין; עס ווערט אימער ווידערהאָלט דער ערשטער טהייל פון דער פראַגע, איבערהויפט דיא הילפס חאַנדלונגסווערטער, וויא: can, do, have, shall, will או. אַז. וו. מאַנכמאָל ווערט יע אָדער ניין גאָר אויסגעלאָזען; צ. ב. do you eat? עסט איהר?—I do, יע; Have you any money? האט איהר געלד?—I have not, ניין; נאָר מען קען אויך זאָגען Yes, I do און No, I have not, און עס איז טאַקע בעסער צו זאָגען אזוי).

## 127. צום איבערזעצען.

וואס פיר א שפּיעל שפּיעלט איהר?—מיר שפּיעלען דאס זעלבע שפּיעל, וועלכעס איהר האט געשפּיעלט נעכטען.—אין (at) וועלכען לאַדען האט איהר געקויפט דיזע האַנדשוה?—איך האב זייא געקויפט בייא דזשאָהנסאָנען.—קענט איהר מיך היינט לאָזען האבען מיין ראָק?—איך קען ניט ביז מאָרגען, מיין העררר.—איז דאס (that) געוועזען אייער ענגלישער לעהרער, מיט וועמען איך האב געזעהן אייך רעדען היינט אין דער פריה?—יע, מיין העררר (=עס איז געוועזען, מיין העררר).—איז דאס (this) דאָס בעט, אין וועלכען מיין פריינד איז געשטאָרבען?—יע, מיין העררר (=עס איז, מיין העררר).—וואו שטעהט דער שטוהל, אויף וועלכען מיין טאַשענ-טיכעל איז געלעגען?—ער שטעהט נעבען יענעם, אויף וועלכען אייער שוועסטער איז געזעסען יעצט עבען.—ווילט איהר מיר ווייזען דיא צווייא דאמען, צווישען וועלכע מיין שוועסטערקינד איז געזעסען פאָריגע (לעצטע) נאכט? —יע, באלד (=איך וויל, באלד).—וואס פיר א געשעפט איז עס געוועזען, איבער וועלכעס אייער פעטער האט גערעדט מיט מיין ברודער?—ער האט מיט איהם גערעדט וועגען זיין ווינשען צו פערקויפען זיין הויז.—זייט איהר א מענש, אויף וועלכען איך קען מיך פערלאָזען?—איך האָף אזוי.—ווארום גיט איהר ניט דעם קליינעם יונגעל, וואס ער וויל האבען (wants)?—איך בין א פאָטער און איך דאַרף (מוז) וויסען בעסער אלס איהר, וואָס איז גוט פיר איהם.—האט איהר מיטלייד אויף דיזען מענשען?—איך האב מיטלייד אויף איהם; ווייל אֵייערנעכטען איז ער געוועזען א מאַן און א פאָטער, און נעכטען איז נעשטאָרבען זיין פרוי און זיינע צווייא קינדער.—וואס איז דיזער מאַן?—ער איז א שוסטער.—איז אייער זוהן געוואָרען א זייגער-מייסטער?—ניין, ער איז געוואָרען א דאָקטאָר.—איז אייער פריינד'ס פרוי א פּראָטעסטאַנטין?—ניין, ער איז א פּראָטעסטאַנט, אבער זיא איז א קאַטהאָליקין.—איז אייער פרוי א לוטהעראַנערין?—יע, זיא איז א לוטהעראַנערין.—זיינען דיזע הערערען יודען אָדער קריסטען?—דיזע הערערען זיינען יודען.—וואס איז דער זוהן פון דעם אלטען מאַן, וועלכען מיר האבען נעכטען געזעהן אין (at) אייער הויז?—ער איז אַן אָפיציער.

## 128. צום איבערזעצען.

קען אייער פּלעמעניק ענגליש?—ער האט עס געקענט אלס (when) א יונגעל.— וואס איז דיזער מאַן?—ער איז א טאַנצ-לעהרער.—וואו איז אהינגעקומען מיין שטאָק? (=וואס איז געווארען פון מיין שטאָק?) איך קען איהם ניט געפינען.—עדוואָרד האט

איהם גענומען.—וואס איז געוואָרען פון דער יונגער דאַמע, וועלכע איז געוועזען אין אייער הויף אויף דעם לאַנד צוויא יאהר צוריק?—איך ווייס ניט, וואס איז געוואָרען פון איהר.—דענקט איהר ניט, דאס מיין זוהן איז געוואָרען פיעל העכער זייט ער געהט אין שולע? (דאָס האַנדלונגסוואָרט געהן קומט היער אין דער פערגאַנגענער צייט=פאָרם, ווייל since איז אַ פערהעלטניס=וואָרט [זעה זייטע 172] און עס איז אַ רעגעל, דאָס ווען זעצע ווערען געבונדען מיט פערהעלטניס ווערטער מוז דיא צייט=פאָרם פון דעם הינטער=זאַץ שטימען מיט דער צייט=פאָרם פון דעם פאָרדער=זאַץ).—וואס איז דיזע אוהר ווערטה?—זיא איז ווערטה פינף און זעכציג דאָללער און 75 סענטס.—דענקט איהר דיזעס פערד איז ווערטה טויזענד דאָללער?—איך דענק ניט, (דאָס) עס איז ווערטה אזוי פיעל (דאָס וואָרט דאָס אָדער אַז ווערט אָפט אויסגעלאָזען).—איז דיזע זאַך ווערטה, דאס מען זאל דערפון רעדען (=איז דיזע זאכע ווערט דאס רעדען דערפון—speaking of?)—דער מאַן איז ניט ווערטה, דאס מען זאל פון איהם רעדען.—דער בריף איז ניט ווערטה, דאס מען זאל איהם לעזען.—וואו איז אהינגעקומען מיין לעש=פאפיער (קלעק=פאפיער, blotting paper)?—עס ליעגט אין אייער שרייב=בוך.—האט איהר וועלכעס געלד איבריג?—איך האב גאָר קיינס איבריג.—וואָס קאָסט דיזעס מעסער?—עס קאָסט צוויא דאָללער און פינף און זיבעציג סענט.—וואָס האט אייך געקאָסט צו לערנען טאַנצען?—עס האט מיר געקאָסט מעהר צייט און געלד אלס עס איז ווערטה.—וואס האט געקאָסט בויען דיזעס הויז?—עס האט געקאָסט פינף טויזענד פונט (ענגלישעס געלד) צו בויען, אבער עס וואלט ניט געקאָסט אזוי פיעל, ווען מיין פעטער וואלט פערשטאַנען (had my uncle understood) עפּעס וועגען בויען.—ווער האט אבגעוויגען דאס פלייש?—דיא קעכין האט עס אבגעוויגען.—ווען האט זיא עס אבגעוויגען?—זיא האט עס אבגעוויגען, ווען עס איז געבראַכט געווארען.—ווארום האט איהר צוריקגעשיקט דאס קאַלב=פלייש?—אזוי וויא איך האב (=האבענדיג) עס אבגעוויגען און געפונען צו גרינג אין געוויכט (short weight), האָב איך עס געשיקט צוריק.

## 129. צום איבערזעצען.

איז דיזער מאַן א געבירטיגער פון האמבורג?—יע, ער איז מיין לאַנדסמאַן.—האט איהר היינט געזעהן אייער לאַנדספרוי?—איך האב געזעהן און גערעדט מיט איהר.—ווער האט געבראַכט דעם בריף?—א פרוי פון דעם לאַנד האט איהם געבראַכט.—ווארום זיינען אזוי פיעלע לאַנד=לייט (country-people) אין שטאָדט?—איך האב געזעהן קיינע מעהר אלס געוועהנליך.—וועט איהר קומען צו אונז (=צו אונזער הויז) היינטיגען אבענד (=דיזען אבענד)?—יע (=איך וועל), אויב איך קען.—וועט איהר זיין בייא אייער שוויגער מאָרגען אבענד?—איך דענק יע (=איך דענק איך וועל).—ווארום קויפט איהר ניט א בעסערעס פערד?—איך קען יעצט ניט קויפען קיין אנדערעס, פון מאַנגעל אן (for want of) געלד (ד. ה. ווייל מיר פעהלט געלד).—ווארום וועגען מיר ניט דיא אונרעכטען (wrongs), וועלכע מיר טהוען (צו) אנדערע, אזוי פיעל, וויא מיר וועגען יענע, וועלכע ווערען אונז געטהאָן (=געטהאָן צו אונז)?—ווייל מיר פיהלען (feel) דאס אונרעכט, וועלכעס ווערט אונז געטהאן, אבער זעהר זעלטען יענעס, וועלכעס מיר טהוען (צו) אנדערע.—האט איהר אייך איינגעשניטען?—איך האב מיך איינגעשניטען.—ווארום

ניט איהר אייך ניט מיה צו שרייבען בעסער? (זיך געבען מיה, to take pains)—איך פערזיכער אייך איך גיב מיר זעהר פיעל מיה (זעהר פיעל, very great).—האט אייער איטאליענישער לעהרער אייך געמאכט א געשענק?—ער האט מיר געמאכט א געשענק דיזעס שעהנע (=פון דיזען שעהנעם) בוך.—ווען איהר וואלט אייך גענעבען מעהר מיה, וואלט איהר רעדען בעסערעס ענגליש, ווייל ניט (without) געבענדיג זיך מיה איז ניט ווערטה דיא מיה (=דיא צייט, while) צו לערנען וואס=עס=איז (anything).

## 45th Lesson.—45סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| May I depend on the servant's being here at three o'clock? | מעג איך מיך פערלאזען אויף דעם בעדיענטען'ס זיין (ד. ה. דאס דער בעדיענטער ועט זיין) היער אום דרייא א זייגער? |
| You may depend upon it. | איהר קענט אייך ד א ר ו י ף פערלאזען. |
| Of what do you complain? | איבער וואס בעקלאגט איהר אייך? |

| | | | |
|---|---|---|---|
| With what? | מיט וואס? | With it. | מיט דעם, דערמיט. |
| Out of what? | פון וואס? | With them. | מיט זייא, דערמיט. |
| For what? | פיר וואס, וואצו? | To it. | צו דעם, דערצו. |
| With which. | מיט וועלכען, ע. | Of it. | פון דעם, דערפון. |
| Out of which. | פון וועלכען, ע. | Of them. | פון זייא, דערפון. |
| In which. | אין וועלכען, ע. | With this אָד. it. | מיט דעם, דערמיט. |
| Under which. | אונטער וועלכען, ע. | Out of this. | פון דעם, דערפון. |
| By which. | דורך וועלכען, ע | Under this אָד. it. | אונטער דעם, דארונטער. |

| | |
|---|---|
| Will you write your name under this? | וועט איהר שרייבען אייער נאמען אונטער דעם (אָד. דארונטער)? |
| What does he say to it? | וואס זאגט ער צו דעם (אָד. דערצו)? |
| Of what did you speak? | פון וואס האט איהר גערעדט? |
| Of what is that made? | פון וואס איז דאס געמאכט? |
| It is made of the same wood of which this table is made. | עס איז געמאכט פון דעם זעלבען האלץ, פון וועלכען דיזער טיש איז געמאכט. |
| I have bought these glasses at Porter's. | איך האב געקויפט דיזע גלעזער בייא פארטערן. |
| What have you paid for them? | וואס האט איהר פיר זייא (אָד. דאפיר) בעצאהלט? |
| I have paid for them seventy-five cents. | איך האב דאפיר בעצאהלט פינף און זיבעציג סענט. |
| He lives in the house in which my uncle lived. | ער וואוינט אין דעם הויז, אין וועלכען מיין פעטער האט געוואוינט. |

| | |
|---|---|
| דאס יונגעל איז געביסען געוואָרען פון דעם הונד. | The boy was bitten by the dog. |
| בייסען; געביסען. | To bite (באיט); bit (ביט), bitten (ביטען). |
| שלאָגען; געשלאָגע | To strike (סטראיק); struck (סטראַק), struck.<br>To beat (בי־ט); beat (בעט), beaten (בי־טען). |
| מיט וואס איז ער געשלאָגען געוואָרען? (ד. ה. מיט וואס האט מען איהם געשלאָגען?) | With what was he struck? |
| ער איז געשלאָגען געוואָרען מיט א שטיק האָלץ (ד. ה. מען האט איהם געשלאָגען מיט אַ שטיק האָלץ). | He was struck with a piece of wood. |
| פון וועמען איז ער געשלאָגען געוואָרען? (ד. ה. ווער האָט איהם געשלאָגען?) | By whom was he struck? |
| דאס איז דער שטאָק, מיט וועלכען דער יונגעל האט איהם געשלאָגען. | This is the stick with which the boy has beaten him. |

דיא האנדלונגכווערטער to strike און te beat אונטערשיעדען זיך אין זייערע בעדייטונגען: to strike מיינט שלאָגען איין מאָל, ד. ה. געבען אַ שלאָג, אַ קלאַפּ מיט עפּעס; to beat מיינט שלאָגען ווידערהאָלט, ככדר. To strike ווערט אויך געברויכט ווען מען רעדט פון דעם שלאָגען פון אַ זייגער; צ. ב. the clock strikes one, דער זייגער שלאָגט איינס; it struck nine, עס האט געשלאָגען ניין או. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| דיא געפאהר — The danger (דיינ׳דזשער) | דער מוטה — The courage (קאָ׳ריידזש) |

| | |
|---|---|
| ערלאַנגען. | *To obtain (אָבטיין). |
| ערווערבען. | *To acquire (אַקקוואיר׳). |
| געווינען. | *To gain (גיין). |
| איך ווארט אויף אייער זוהן. | I am waiting for your son. |
| ער ווארט אויף אייער טאָכטער. | He is waiting for your daughter. |
| איך ווארט אויף מיין בוך. | I am waiting for my book. |
| איז דאָס דאָס בוך, אויף וועלכעס איהר ווארט? | Is this the book for which you are waiting? |
| ווארום ליעגט יענעס בוך אויף דער ערד? | Why does that book lie on the ground (אָד. floor)? |
| דער באָדען, דיא ערד. | The ground (גראונד). |
| דער באָדען, דיא דילען. | The floor (פלאָור). |
| אויף דער ערד. | On the ground אָד. floor. |
| עס איז עבען העראָבגעפאלען פון טיש? | It fell off the table just now. |
| הערא‌בפאלען; הערא‌בגעפאלען. | To fall off; fell off, fell off. |

## Off (אָף), אוועג, פאָרט, אָב, הערְאָב, אויס.

Do not you take off your coat. אָד. do not you take your coat off. — טהוט איהר ניט אויס אייער ראָק?

בייא פירווערטער (me, you, him, her, it, them) שטעהט off אימער נאָך, בייא זאַכווערטער,—וויא כען וויל—פאָר אָדער נאָך.

To take off; took off, taken off. — הערְאָבנעהמען, אויסטהאָן; אויסגעטהאָן.

I want to pull off my boots. — איך וויל הערְאָבציהען (אויסטהאָן) מיינע שטיפעל?

*To pull off. — הערְאָבציהען; אויסטהאָן.

Is he off? — איז ער פאָרט? (ד. ה. איז ער אוועג?)

I must be off. — איך מוז זיין פאָרט (ד. ה. איך דארף אוועגגעהן).

## Far (פאַר), ווייט.

Is he still far off? — איז ער נאָך ווייט אוועג?

Yes, he is. — יע.

He is far from being so great a man as I expected. — ער איז ווייט פון זיין (ד. ה. ער איז ווייט דערפון, צו זיין) אזא גרויסער מאַן וויא איך האב ערווארטעט.

You wear too small a hat. — איהר טראָגט א צו קליינעם הוט.

ווען עס קומט אַן אייגענשאַפטסוואָרט און אַ זאַכוואָרט נאָך דיא ווערטער as, so און too, ווערט דאָס ווערטעל a געשטעלט צווישען דעם אייגענשאַפטסוואָרט און דעם זאַכוואָרט.

Is not this as fine a house as your uncle's? — איז דאס ניט אזא שעהנעם הויז, וויא אייער פעטער'ס?

The ground (גראונד) דער באָדען | The floor (פלאָור) דער עטאזש

The ground floor. — דער באָדען־עטאזש (ד. ה. דער אונטער־סטער עטאזש).

On the first floor. — אויף דעם ערשטען עטאזש.

Clean (קלִין) ריין | Dirty (דאֶיר־טי) שמוציג

*To clean (קלִין). — רייניגען, ריין מאכען; פוצען.

*To dirty (דאֶיר־טי). — בעשמוצען, שמוציג מאכען.

To put on; put on, put on. — אנטהאָן; אָנגעטהאָן.

Have you put on a clean shirt to-day? — האט איהר היינט אָנגעטהאָן א ריינעם העמד?

The linen (לינען). — דיא וועש.

Clean linen. — ריינע וועש.

A linen-draper (דריי־פּער). — א לייווענד־הענדלער.

| | |
|---|---|
| A woollen-draper. | א וואָל- אָד. טוך-הענדלער. |
| I have bought this linen at Mr. Porter, the linen-draper's, in Walker Street. | איך האב געקויפט דיזע לייוועגד בייא הערדן פּאָרטער, דעם לייוועגד-הענדלער, אויף וואָקער גאַס. |
| You cannot think how good and amiable a girl she is. | איהר קענט ניט גלויבען וואס פיר א גוטעס און ליעבענסווירדיגעס מעדכען זיא איז. |

ווען דאס וואָרט how ווערט געברויכט אין דעם זין פון וואָס פיר אַ ווערט דאָס ווערטעל a, גראַדע וויא בייא as, so און too, געשטעלט צווישען דעם אייגענשאַפטס וואָרט און דעם זאַכוואָרט: How fine a table it is!, וואָס פיר אַ שעהנער טיש איז עס!

| | |
|---|---|
| To think (טהינק); thought (טהאָ־ט), thought. | דענקען, גלויבען; געדאכט, געגלויבט. |
| Amiable (אֵיימיעבל). | ליעבענסווירדיג, ליעבליך. |
| You should leave off writing. | איהר זאָלט אויפהערען שרייבען. |
| Where did we leave off? | וואו האבען מיר אויפגעהערט? אָד. וואו זיינען מיר געבליבען שטעהן? |
| To leave off; left off, left off. | אויפהערען, זיך אבשטעלען; אויפגעהערט, שטעהן געבליבען. |
| If he do not leave off drinking he will soon die. | ווען ער הערט ניט אויף טרינקען וועט ער באלד שטארבען. |
| The kindness (קאינדנעס). | דיא פריינדליכקייט, דיא גוטקייט. |
| The goodness (גודנעס). | דיא גוטקייט, דיא פריינדליכקייט. |

## 130. צום איבערזעצען.

האט אייער פאטער געהערט עפּעס פון דעם בריף, וועלכען ער האט פערלאָרען? —ער האט נאָך גארנישט געהערט דערפון.—וואס וועט איהר טהאָן מיט דיזען בוך? —איך קען נאָך ניט זאגען, וואס איך וועל טהאָן דערמיט.—ווער האט געטרונקען פון דיזען וויין?—קיינער האט וועלכעס געטרונקען דערפון.—פון וועמען האסט דוא ערהאלטען דיזען שעהנעם הוט?—איך האב איהם ערהאלטען פון מיין פעטער פּאָרטער.—האסט דוא איהם געדאנקט דאַפיר?—איך האב איהם געדאנקט דאפיר.—וואס וועט איהר מיר געבען פיר מיין שטאָק?—איך וועל דיר גאָרנישט געבען פיר איהם, איך דארף איהם ניט האבען (דאַרפען האָבען, to want).—האבען דיא צווייא פראנצויזען געשפּראָכען וועגען דעם וויין מיט (to) אייך?—זייא האבען נאָך ניט גערעדט מיט מיר דאריבער.—וואס טהוסט דוא מיט אלע דיזע פעדערן?—איך שרייב מיט זייא.—וויא פיעל פערדיענט (געווינט) איהר פון (by) דיזען געשעפט?—איך פערדיען ניט פיעל דערפון.—האט איהר קיין אנדער שער?—איך קען דערמיט ניט שניידען.—איך האב קיין אנדערע.—מעג איך מיך פערלאָזען דארויף, דאס איהר קומט ווידער? (=מעג איך מיך פערלאָזען, אויף אז ער באלד קומען ווידער?)—איהר מעגט אייך דארויף פערלאָזען.—פערלאָזט ער זיך דארויף, דאס דיא שפּאניער וועלען איהם בעצאהלען (=פערלאָזט ער זיך אויף דיא

שפּאניערס׳ בעצאחלען איהם), וואס זייא זיינען איהם שולדיג?—ער פערלאָזט זיך דארויף אָבער ער אירט זיך.—ליעגט אייער בוך אונטער מיינעם?—עס ליעגט ניט דערונטער נאָר עס ליעגט דערבייא (near it).—ווילט אוהר עפּעס שרייבען דערונטער?—איך וויל עפּעס שרייבען דערונטער.—וועט איהר שפּיעלען דערמיט?—מיר קענען ניט שפּיעלען דערמיט.—פון וואס רעדט איהר?—מיר רעדען דערפון וואס איהר גיט אויס (=מיר רעדען פון אייער אויסגעבען) אזוי פיעל געלד.—וואס ווייסט איהר דערפון?—איך ווייס דערפון זעהר פיעל.—פון וועלכער סארט מעטאל איז דאס געמאכט?—איך ווייס ניט פון וואס עס איז געמאכט.—ווארט איהר אויף מיך?—איך ווארט אויף אייער ברודער.—ווארט אייער שוועסטער דערויף (for this)?—זיא ווארט דערויף.—זיינען דיזע לייטע גערעכט?—דיא לייטע זיינען גערעכט, און איהר זייט אונגערעכט.

## .131 צום איבערזעצען.

וואו איז דאס בוך, פון וועלכען איהר האט גערעדט?—דאס (this) איז עס.—איז דאס דיא לייוועגד, פון וועלכער דיינע העמדער זיינען געמאכט?—יע, געפעלט זיא אייך?—לייוועגד איז א זאך, פון וועלכער איך פערשטעה גאָרנישט.—האט איהר נאָך פון דעם טוך, פון וועלכען איהר האט געמאכט פיר מיין ברודער א ראק?—איך האב קיינם איבריג דערפון.—וואוינען נאָך אייערע עלטערן אין דעם הויז, אין וועלכען זייא האבען געוואוינט צווייא יאהר צוריק?—זייא וואוינען ניט מעהר (לענגער) דערין.—וועט איהר קומען היינט צו אונז?—עס וועט מיינע עלטערן פרייען אייך צו זעהן.—עס טהוט מיר לייד איך קען ניט האבען דאָס פערגניגען דיזען אבענד, אבער מאָרגען, געוויס (זייט זו׳עצט).—האט דער קליינער הונד געביסען אייער טאָכטער?—יע, ער האט זיא געביסען, ווייל זיא האט איהם געשלאָגען.—מיט וואס האט זיא איהם געשלאָגען?—זיא האט איהם געשלאָגען מיט איהר רעגענשירם.—איז דאס דער רעגענשירם, מיט וועלכען זיא האט איהם געשלאָגען?—ניין, יענער, וועלכער ליעגט אויף דעם טיש.—האט דיזער מאַן פערדיענט (gained) פיעל געלד?—ער האט פערדיענט זעהר פיעל פון (by) זיין וויין.—פערדיענען דיזע לייטע פיעל געלד?—זייא פערדיענען נאר ווייניג.—וואָרום האט איהר געשלאָגען דיזען מאַן?—ער האט מיך געשלאָגען צוערשט.—האט עס געשלאָגען זעקס?—עס שלאָגט עבען.—וויא לאַנג האט איהר געווארט אויף (for) מיך?—איך האב אויף אייך געווארט א שטונדע (this hour).—אויף וואָס ווארט איהר?—איך ווארט אויף מיין געלד.—דאן (then) מעגט איהר ווארטען א לאַנגע צייט.

## .132 צום איבערזעצען.

ווארום נעהמט איהר העראָב אייער הוט?—איך נעהם איהם העראב, ווייל איך וויל איהם ניט טראָגען (=האַלטען אויף, to keep on).—וועט איהר אָבשניידען דיזעם שטיק?—איך וועל עס אבשניידען, ווייל איהר ווינשט עס.—האט איהר אוועגגעשיקט דיא וואַארע?—איך וועל זייא אוועגשיקען מאָרגען.—וועט איהר זיין אזוי גוט העראבנעהמען דיא ביכער פון דעם טיש?—איך וועל זייא העראָבנעהמען.—ציהט איהר העראָב אייערע שטיפעל, איידער איהר טהוט אויס (=נעהמט העראָב) אייער ראָק?—צוערשט טהוא איך אויס מיין ראָק און דערנאָך מיינע שטיפעל.—טהוט איהר ניט אויס

אייערע זאָקען איידער איהר געהט צו בעט?—טהוט אייער פאָטער אויס זיין ראָק, ווען
ער קומט אהיים?—ער טהוט איהם אויס, ווען ער געהט ווידער ניט אויס (ווידער צו=
לעצט).—ווענ איהר אנטהאן א ריינעם העמד?—איך ווינש אָנצוטהאָן ריינע וועש.—ויא
אָפט טהוט איהר אָן ריינע וועש?—איך טהוא אָן ריינע וועש יעדען טאָג.—וואו האט
איהר געקויפט דיא טאשען-טיכלאך?—איך האב זייא געקויפט בייא דעם לייוועגד=
הענדלער אין וואָקער גאס.—זיינען זייא טהייער?—ניין, זייא זיינען זעהר ביליג.—איז
אייער שוועסטערקינד א לייוועגד=הענדלער?—ניין, ער איז א טוך=הענדלער.—האט איהר
געהאט אזא (as a) גוטען מיטטאָג (=מיטטאג=עסען), וויא מיר?—מיר האבען זעלטען
אזא גוטען מיטטאָג, וויא איהר.—איז דער פראנצויזישער דאָקטאָר אזא געשיקטער
(clever) מאָן וויא דער איטאליענער, וועלכען איך האב נעבטען געזעהן אין אייער הויז?
—איך האלט איהם פיעל געשיקטער.—ווארום קויפט איהר אזא גרויסען הוט פיר אזא
קליינעם יונגע?—איך האב ניט גערן קליינע היט.—וויא געפעלט אייך אונזער גאָר=
טען?—עס איז א צו קליינער גאָרטען פיר אזא גרויסעם הויז.—איז ניט מיין קווינע,
מאדאם ריטשארדז א זעהר שעהנע פרוי?—יע, געוויס; זיא איז א צו שעהנע פרוי
פיר אזא העסליכען (מיאוסן) מאַן, וויא זיא האט.

## .133 צום איבערזעצען.

וואוינט איהר אויף דעם אונטערסטען (ground) עטאַזש?—ניין, מיר וואוינען אויף
דעם ערשטען עטאזש.—זיינען אייערע שלאָפצימערן אויף דעם ערשטען אדער צווייטען
עטאזש?—זייא זיינען אויף דעם דריטען עטאזש.—פון וואס דענקט איהר?—איך דענק
פון דעם געלד, וואס איך האב פערלאָרען.—איהר זאלט ניט אימער דענקען דערפון;
וייל ניט דורך אימער דענקען דערפון וועט איהר עס קריגען (get) צוריק; איהר פער=
געסט עסען און טרינקען, און עס איז דומהייט (folly) אימער צו דענקען פון דעם, דורך וואָס
(=וועלכעס) מיר פערגעסען אונז זעלבסט (אין דיזען זאץ קומען אַלע האנדלונגסווערטער אין דער
פאָרם פון דעם געגענווערטיגען מיטעלוואָרט).—בין איך ניט גערעכט?—איהר זייט ניט אונ=
גערעכט; אבער איך גלויב, מיר האבען מאנכמאל גערן צו דענקען פון עפעס, וואס (that)
איז אונז ניט אנגענעהם (אונז צולעצט).—האט איהר געשריבען דיא צווייא בריף פיר
דעם איטאליענער?—איך האב זייא געשריבען, אבוואהל איך האב עס ניט גערן געהאט
צו טהאָן.—פרייט אייך ניט, דאס איהר האט זייא געשריבען?—יע, עס פרייט מיך
יעצט, דאס איך האב עס געטהאָן, וויל איך האב געלערנט זעהר פיעל דאדורך (by it),
וואָס (=וועלכעס, that) איך האב פריהער ניט געוואוסט (פריהער צולעצט).—וואָס
טהוט דער דיענער יעצט?—ער מאכט ריין אייערע צימערן.—וואס וועט ער האבען צו
טהאן, ווען ער האט זייא פערטיג?—דאן מוז ער אבפוצען (בערשטען) מיינע קליידער און
פוצען (רייניגען) מיינע שטיפעל.—וואו האט איהר געמאכט אייערע שטיפעל אזוי שמו=
ציג?—איך האב געמאכט (=גענומען) א לאנגען שפאציערגאנג, און עס איז געוועזען אזוי
שמוציג אין דיא גאסען, דאס עס איז געוועזען גאַנץ אונמעגליך זיך צו האלטען (to keep
one's self) ריין.—ווילט איהר אָנטהאָן ריינע וועש?—יע, ווילט איהר זיין אזוי פריינד=
ליך צו זאגען דעם דיענער צו ברייננען מיר א פאאר ריינע שטיפעל?—יע (=איך וויל).—

וואו האט איהר היינט געגעסען מיטטאג?—בייא מיין פעטער.—וואס האט איהר גע־האט צום מיטטאג?—איך געדענק ניט; אבער וואס מיר האבען געהאט איז געוועזען זעהר גוט.

---

## 46th Lesson.—46סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Have, be, call, read. | האַב, זיי, רוף, לעז! / האַט, זייט, רופט, לעזט! |
| Let him read. | זאל ער לעזען. |
| Let her be. | זאל זיא זיין. |
| Let it call. | זאל עס רופען. |
| Let us read. | לאָ'מיר (לאָזט אונז) לעזען. |

אַ בעפעהל אָדער אַ ביטע, וואס ווערט געווענדעט צו אַ צווייטער פּערזאָן, ווערט בע־צייכענט מיט דער אונגעענדערטער פאָרם פון האַנדלונגסוואָרט אָהן דעם ווערטעל to: have, האָב, האָט! read, לעז, לעזט!

פיר דיא צווייטע און דריטע פּערזאָן ווערט פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט געזעצט דאָס וואָרט let: let me have, לאָ'מיך (לאָז מיך) האָבען; let us have, לאָ'מיר האָבען (לאָזט אונז האָ־בען); let him have, זאָל ער האָבען; let them have, זאָלען זייא האָבען.

| | |
|---|---|
| Is Charles to go to the post-office, or must I go? | דארף קארל געהן אויף דיא פּאָסט, אָדער איך דארף געהן? |
| No, you go. | ניין, געה דוא! |
| Do not have, do not be, do not call אָד. Have not, be not, call not. | האב ניט, זיי ניט, רוף ניט. / האט ניט, זייט ניט, רופט ניט. |
| Do not let him have. | זאל ער ניט האבען. |
| Let him not have, be, call אָד. Do not let him have, be, call. | זאל ער ניט האבען, זיין, רופען. |

אין אַ פערניינונג שטעהט געוועהנליך do not בייא דעם האַנדלונגסוואָרט. צו מאַכען דעם בעפעהל אָדער דיא ביטע שטאַרקער ווערט בלויז געשטעלט not, בייא דער ערשטער פּערזאָן נאָך דעם האַנדלונגסוואָרט, בייא דער צווייטער און דריטער—פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט (נאָך let him, let us או. אַז. וו.).

| | |
|---|---|
| Do not let us go out to-day. / Let us not go out to-day. | לאָזט אונז היינט ניט הערויסגעהן. |
| Do not read now. | לעז, לעזט יעצט ניט. |
| Do not let him go now. / Let him not go now. | לאָז, לאָזט איהם יעצט ניט געהן. |
| Let her speak. | לאָז זיא רעדען אָד. זאָל זיא רעדען. |
| Do not interrupt her. | אונטערברעך זיא ניט (ד. ה. פאל איהר ניט הערייין אין דיא רייד). |
| *To interrupt (אינטערראַפּט). | אונטערברעכען, הערייינפאלען אין דיא רייד. |

*To pray (פריי). / *To beg (בעג). — בעטען.

To pray און to beg אונטערשיעדען זיך אָפט אין זייערע בעדייטונגען: to pray מיינט אָפט בעטען, טהאָן תפלה; to beg מיינט אויך בעטלען.

Pray (פריי) אָד. Do (דו). — ביטע, איך בעט.

ווען מען וויל אויסדריקען דיא ביטע שטאַרקער זאָגט מען pray do, זעה איך בעט דיך, זעהט איך בעט אייך.

To do a favor. — טהאָן א געפאלען (א טובה).

Do me the favor. — טהוט מיר דעם געפאלען.

Pray, do her the favor. — ביטע, טהוט איהר דעם געפאלען.

Do און pray קענען אַלס אַ שטאַרקע ביטע אין יודיש איבערזעצט ווערען זעה, זעהט.

Do (אָד. pray), buy me a few sheets of letter-paper. — זעהט קויפט מיר איינינע בויגען בריף-פאַ-פיער.

Be still! Be quiet! — זיי (אָד. זייט) רוהיג! / שטיל! רוהיג!

Quiet (קוואַיעט). / Still (סטיל). — רוהיג, שטיל.

*To oblige (אָבלאַידזש). — פערפליכטען; טהאָן א געפעליגקייט.

Do oblige me by putting this letter in the post (אָד. post-office) as you go by (אָד. past). — זעהט טהוט מיר א געפעליגקייט מיט'ן אוועגלעגען דיז'ן בריף (ד. ה. דיזען בריף אוועגצולעגען) אויף דיא פּאָסט, ווען איהר געהט פאַרביי.

To post a letter. / To mail a letter. / To put a letter in the post. — לעגען אָד. געבען א בריף אויף דיא פּאָסט.

To go by אָד. past. — פאַרבייגעהן.

As I go by אָד. past. — ווען איך געה פאַרביי.

As I went by אָד. past. — אַלס איך בין פאַרבייגעגאַנגען.

I saw your father go by אָד. past. — איך האָב געזעהן אייער פאָטער פאַרבייגעהן.

I saw your father as he went by אָד. past. — איך האָב געזעהן אייער פאָטער, אַלס ער איז פאַרבייגעגאַנגען.

I saw your father as I went by. — איך האָב געזעהן אייער פאָטער אַלס איך בין פאַרבייגעגאַנגען.

I go by, he goes by, we go by, I went by או. אַז וו. קענען אויך איבערגעזעצט ווערען: אין פאַרבייגעהן אָדער פאַרבייגעהענדיג; צ. ב. I saw him, as I went by, איך האָב איהם געזעהן אין פאַרבייגעהן, פאַרבייגעהענדיג האָב איך איהם געזעהן.

To lend (לענד); lent (לענט), lent, — לייהען; געליהען.

בייא to lend קומט ניט דאָס ווערטעל to פאַר דער פערזאָן אָדער זאַך: lend him—ניט: lend to him.

| | |
|---|---|
| Put; put, put. | שטעלען, לעגען, זעצען, טהאָן; געשטעלט או. אז. וו. |
| Put your watch in your pocket. | לעגט הערײַן אייער זייגערל אין טאש. |
| The pocket (פּאָק׳קעט). | דיא טאש, דיא קעשענע. |
| Put on your hat. | טהוט אָן אייער הוט. |
| Put knives and forks on the table. | לעג מעסערס און גאָפּלען אויף דעם טיש. |
| To put by. | אװעגלעגען, לעגען ביי זייט. |
| When you have read the book, put it by. | ווען איהר האט געלעזען (ווען איהר ועט אָבלעזען) דאס בוך לעגט עס אװעג. |
| You never put your things by. | איהר לעגט קיינמאָל ניט אייערע זאכען אװעג. |
| To leave (ליװו); left (לעפט), left.<br>To let (לעט); let, let. | לאָזען; געלאָזען. |

To leave און to let אונטערשיעדען זיך אין זייערע בעדייטונגען: to leave מיינט לאָזען אין דעם זין פון פערלאָזען, צוריקלאָזען אָדער איבערלאָזען; to let מיינט לאָזען אין דעם זין פון ערלויבען, ניט שטערן.

| | |
|---|---|
| Leave me your stick. | לאָזט מיר אייער שטאָק. |
| We left our umbrellas with the servant. | מיר האבען געלאָזען אונזערע רעגענשירמס בייא דעם בעדיענטען. |
| You ought not to leave your mother alone. | איהר האט ניט געדארפט לאָזען אייער מוטער אליין. |
| Leave me alone now! | לאָזט מיך יעצט אליין! (ד. ה. לאָזט מיך יעצט צו רוה). |
| Leave it! | לאָזט עס אָב! |
| Let it alone! | לאָז עס צורוה! (ריהר עס ניט אָן!) |
| Let that be!<br>Let it be אָד. alone! | לאָז דאס זיין! (לאָז עס צורוה!) |
| Let him alone! | לאָז איהם צופרידען. |
| Let me alone! | לאָז מיך צופרידען. |

## Alone (אַלאָון׳), אליין; צורוה, צופרידען.

| | |
|---|---|
| He will not let me alone | ער וועט מיך ניט לאָזען צופרידען. |
| To leave alone.<br>To let alone. | לאָזען צופרידען. |

To let האָט אויסער דיא בעדייטונג פון לאָזען נאָך איין בעדייטונג—פערדינגען:

| | |
|---|---|
| I have let my house. | איך האב פערדונגען מיין הויז. |
| The house is let. | דאס הויז איז פערדונגען. |
| *To spend (ספּענד); spent (ספּענט), spent. | אויסגעבען; אויסגעגעבען. |

| | |
|---|---|
| That young man spends all his money. | יענער יונגער מאן גיט אויס זיין גאנצעס געלד. |
| *To fetch (פעטש). | ברייננגען. |
| Fetch me a spoon from the kitchen. | ברייננ מיר א לעפעל פון קיך |

### From, out of, אויס, פון.

| | |
|---|---|
| The choice (טשאָיס) דער פרייער ווילען | The necessisy (ניסעס'סיטי) דיא נויטה |
| From choice. | אויס פרייען ווילען (פרייוויליג). |
| From necessity. | אויס נויטה (געצוואונגען). |

### 134. צום איבערזעצען.

ביטע, פרעג דיין ברודער, אויב ער רעכענט ניט אומצוקעהרען מיר מיין בוך, וועלכעס איך האב איהם געליהען מעהר אלס זעקס מאָנאטען צוריק?—פרעג איהם אליין, עס איז פון קיינע נוצען, ווען איך זאג איהם.—ווען איהר געהט אויף דיא בערג זאגט מיר, איך וויל געהן מיט אייך.—אלזאָ (then) קום, איך געה יעצט.—ווען שרייבט איהר צו אייער זוהן אין פאריז?—איך וועל צו איהם שרייבען מאָרגען.—ביטע, אלזאָ, שרייבט (do write) איהם פיר מיך צו קויפען דיא צוויא טיכלאך, אום (for) וועלכע איך האב איהם געבעטען.—קומט, לאָמען געהן שפאציערען (=נעהמען א שפאציער-גאנג).—איך קען ניט, איך מוז בלייבען צו הויז.—ווארום מוזט איהר? איהר האט גאָר-נישט צו טהאָן.—ווען (if) איך וואָלט ניט געווען געצוואונגען, וואלט איך הערויסגעהן, איך פערזיכער אייך; איך בלייב ניט צו הויז אויס פרייען ווילען נאָר אויס נויטה.—ביטע, זאגט מיר ווארום?—איך האב ניט א הוט אנצוטהאָן (אָנטהאָן, to put on); איך האב געשיקט צוועגשיקען מיינעם צו דעם הוט-מאכער.—עס טהוט מיר לייד, ווירקליך.—וויא פיעל א זייגער איז עס?—א פערטעל צו פינף.—אלזאָ געה אויף (to) דיא פאָסט און ברייננ דיא בריף.—היער זיינען דיא בריף איך האב זייא געבראכט.—ווייסט דוא אוועקלייגען אויף פאָסט דיא אנדערע בריף?—יע (=יע, איך וועל).—ווען וועסט דוא זייא נעהמען אויף דיא פאָסט?—איך וועל זייא באלד נעהמען אויף דיא פאָסט.—זייט אזוי גוט, גיט מיר געלד, איך האב קיינס.

### 135. צום איבערזעצען.

וויא פיעל האסט דוא בעצאהלט פיר דיין אוהר?—איך האב בעצאהלט פינף און נייצינ דאָללער דאפיר; אבער, ביטע, זאג ניט מיין פאטער, דאס איך האב אויס-געגעבען אזוי פיעל געלד.—וואָרום דאַרף (must) ער ניט וויסען?—ער זאגט מיר אימער ניט אויסצוגעבען צו פיעל געלד.—ער איז גאנץ גערעכט; האלט דיין געלד אין דיין טאש.—עדוואַרד, וואו האסט דוא געלעגט מיין בוך?—איך האב ניט געהאט דיין בוך; זוך עס.—איך האב עס געזוכט אומעדום און קען עס אין ערגעץ ניט געפינען (ערגעץ צולעצט); שאַרלאָטע זאָגט, איהר האט עס געהאט.—מיין טהייערער פריינד, איך האָב איך עפעס צו זאָגען.—ביטע, וואַרט נאָר א מינוט און אונטערברעכט מיך יעצט ניט (צייט צולעצט).—אזוי, יעצט בין איך פערטיג; זאָגט מיר וואָס איהר האט צו זאָגען.—

איך האב אייך גארנישט צו זאגען, אבער צו פרענגען עפּעס.—אלזאָ (then) פרענגט.— דער מאַן, וועלכען איהר האט געזעהן שטעהן נעבען מיר אויף דער בערזע נעכטען, וויל (wants) באָרגען הונדערט דאָללער בייא (of) מיר; דארף (must) איך איהם לייהען?— לייהט איהם קיין געלד, איהר וועט עס ניט קריגען צוריק.—ווארום דענקט איהר אזוי?— איך דענק ניט, איך ווייס עס; ער האט געבאָרגט הונדערט דאָללער בייא מיין ברו־ דער, ניט ווענינער אלס צווייא יאהר צוריק, און (ער) איז נאָך זייא שולדיג.—ער וועט אייך בעצאָהלען אין דרייא מאָנאַטען פון היינט.

## 136. צום איבערזעצען.

געהט איהר שוין?—יע, איך מוז געהן.—ביטע, לאָזט אונז נאָך ניט אוועג; בלייבט און לאָמיר שפּיעלען נאָך א קאָן (another game) שאך.—ניין, איך האב שוין גע־ שפּיעלט דרייא קאָנען, און איך קען ווירקליך ניט מעהר שפּיעלען (play no more). —אלזאָ, לאָמיר שפּיעלען א קאָן קאָרטען.—ניין, איך שפּיעל קיינמאָל אין (at) קאָרטען.— איהר זייט ניט אונגערעכט; מען (one) קען טהאָן עפּעס בעסערעס (something better) אלס שפּיעלען אין קאָרטען.—וואָס טהוט איהר יעצט?—איך מאך (I am doing) מיין פראנצויזישע אויפגאַבע.—הערט איהר יעצט אויף שרייבען? (צייט צולעצט).—איך הער אויף שרייבען.—וועט איהר טרינקען וואסער אדער ווייז?—גיסט מיר אַן א גלאָז ווייז, זייט אזוי גוט.—ווילהעלם, אייער נאַכבאר (שכן) האט קיין ווייז מעהר (=איבריג) אין זיין גלאָז; בעט איהם ער זאָל נעהמען (=בעט איהם צו נעהמען) א גלאָז וויין מיט אייך.—וועט איהר נעהמען נאָך א פּענעץ (slice) רינד־פלייש?—ניין, דאנקע אייך, איך האב גע־האט נענוג.—איך בין פערטיג מיט דעם שרייבען דיא בריף; וואס זאל (=מוז) איך יעצט טהאָן?—צעהל דאס געלד, וועלכעס (that) הער גאָרדאָן האָט געבראכט.—האט איהר געזעהן מיין שוואָגער היינט אין דער פריה?—ניין (=ניין, איך האב ניט); ווארום פרעגט איהר?—איהר האט בייא איהם מאָרגען צו עסען מיטטאָג.—איך קען ניט; איך מוז געהן מאָרגען נאך ניו יאָרק.—ווארום איז דער וויין נאָך ניט אבגעשיקט געוואָרען?— איך האב איהם ניט געשיקט, וויל איך האב ניט געהאט קיין צייט.—האט איהר צו קאָפּירען דיזע בריף?—איך מוז קאָפּירען דעם ענגלישען; דער פראנצויזישער בריף איז שוין געוואָרען געקאָפּירט.—ביטע, טהוט מיר א געפאלען.—געוויס; וואָס איז עס?— לעגט אוועג דיזען בריף אויף (in) דיא פּאָסט, ווען איהר געהט פאַרבייא.—מעג איך יעצט אוועגגעהן? (צייט צולעצט).—זייט רוהיג; איהר זעהט איך צעהל צוזאמען דיזע בעטרע־ פען (amounts), און איהר אונטערברעכט מיך אימער.—לעגט אייער טאַשענ־טיכעל אין אייער טאש.—זאָל איך קויפען דיזען שטאָק?—איהר טהוט גאָרנישט נאָר איהר גיט אויס געלד.—וואס לעזט איהר?—איך לעז א דייטשעם בוך.—איהר לעזט גאָרנישט אויסער (=נאָר) דייטש; ווארום לעזט איהר ניט ענגליש?—קענט איהר מיר לייהען אייער פערד? איך וואָלט וועלען (like) רייטען (ride) אויף (into) דאָס לאנד.—ניין (=ניין, איך קען ניט).—מיין ברודער האט פערדונגען דאס הויז (=זיין הויז) אויף (for) א (one) יאהר.—וועמעס בוך איז עס, וועלכעס ליעגט אויף דעם טיש?—עס איז מיין שוועסטערקינד'ס.—ווען איהר זייט פערטיג מיט דעם ארבייטען, לעגט אייערע זאכען

אוועג.—איך לעג אימער מיינע זאכען אוועג.—דארף (=מוז) יאהאן געהן אויף לאנד?—ניין, לאז איהם ווארטען.

---

# 47th Lesson.—47סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| I do not go, nor my brother either. | איך געה ניט, מיין ברודער אויך ניט. |

**Nor either** (נאר אי־דהער), אויך ניט.

| | |
|---|---|
| I never see the young Spaniard now. | איך זעה גאר דעם יונגען שפאניער יעצט ניט. |

**Never** (נע'ווער), גאר ניט, גאר ניט מעהר.

| | |
|---|---|
| Nor I . אד nor I either. | איך אויך ניט. |

**Nor—either** (נאר אי־דהער), אויך ניט.

| | |
|---|---|
| I shall not go into the country to-morrow; will you? | איך וועל מארגען ניט געהן אויף לאנד; וועט איהר? |
| No, I shall not go either. | ניין, איך וועל אויך ניט געהן. |

**Not—either** (נאט אי־דהער), אויך ניט.

| | |
|---|---|
| I never see the Englishman either. | איך זעה דעם ענגלענדער אויך קיינמאל. |

**Never—either** (נע'ווער אי־דהער), אויך קיינמאל.

מען איבערזעצט ניט דיא אויסדריקע also not אויך ניט, also never ניעמאלס מיט; זייא מוזען, וויא דיא געגעבענע ביישפיעלען ווייזען, איבערגעזעצט ווערען מיט nor, neither, nor—either, nor—ever.—נאך nor און not שטעהט קיינמאל ניט neither אדער never, זאנדערן: ever, either (not—either, not—ever, nor—either).

| | |
|---|---|
| I cannot find it either.<br>Nor can I find it either. | איך קען עס אויך ניט געפינען. |
| I never see him either.<br>Nor do I ever see him. | איך זעה איהם אויך קיינמאל. |

**But** (באט), נאר, אויסער.

| | |
|---|---|
| You never come, but when I do not want you. | איהר קומט קיינמאל, אויסער ווען איך ברויך אייך ניט. |
| Economical (איקאנא'מיקעל). | שפארזאם. |
| To have to, To be to. | מוזען, דארפען. |
| He is to dine with us to-day. | ער דארף בייא אונז היינט עסען מיטטאג. |
| My brother has to buy new books. | מיין ברודער דארף קויפען נייע ביכער |
| To go for—. | געהן נאך—. |
| To send for—. | שיקען נאך—. |
| *To look for. | זוכען. |

| | |
|---|---|
| זאל איך אייך ברייננען אן אנדער בוך? | Shall I fetch you another book? |
| זאל איך געהן נאך אן אנדער בוך פיר אייך? | Shall I go for another book for you? |
| ניין, איך האב שוין געשיקט נאך איינס. | No, I have already sent for one. |

## Both (באָוטה), ביידע; ביידעם.

דאָס ווערטעל the, וויא אויך my, your, his או. אז. וו. שטעהען אימער נאך both.

| | |
|---|---|
| ביידע ברידער. | Both the brothers. |
| ביידע שליסלען. | Both the keys. |
| ביידע הייזער. | Both the houses. |

מיר ביידע, איהר ביידע און זייא ביידע ווערען איבערזעצט: both of us, both of you, both of them.

| | |
|---|---|
| איהר האט געזעהן אונז ביידען אין דיזען פלאץ. | You have seen both of us in this place. |
| מיר ביידע זיינען געוועזען היער. | We were both of us here. |
| איך האב צו אייך ביידען דאן געשפראָכען. | I have spoken to both of you then. |
| איך האב זייא ביידען געזעהן. | I have seen both of them. |

ווען דיא פערזאָנען ווערען געשטעלט פאר דעם וואָרט both ווערט אויסגעלאָזען דאָס וואָרט of:

| | |
|---|---|
| איך האב זייא ביידען. | I have them both. |

## Both and— (באָוטה אֶנד), אי,—אי.

| | |
|---|---|
| האט איהר געזעהן מיין נייעס פערד? | Have you seen my new horse? |
| איך האב עס אי געזעהן אי פּראָבירט, און געפין עס אי שעהן אי גוט. | I have both seen and tried it, and find it both handsome and good. |

## Rather (ראַ'דהער), ליעבער.

| | |
|---|---|
| איך וואָלט ליעבער בלייבען צו הויז. | I would (אָד. had) rather stay at home. |
| ער זאָגט ער וואָלט איהר ליעבער ניט זאָגען. | He says he would (אָד. had) rather not tell her. |

Had ווערט זעהר אָפט געברויכט אנשטאָט would.

| | |
|---|---|
| וואָס וואָלט איהר ליעבער, געהן אויף דעם קאָנצערט אָדער אין טהעאטער? | What had (אָד. would) you rather, go to the concert or to the play? |

נאך had rather, וויא אויך נאך would rather, ווערט פאר האנדלונגסווערטער ניט געשטעלט דאָס ווערטעל to:

| | |
|---|---|
| איך וואָלט עס ליעבער מאַכען. | I had reather make it. |
| ער וואָלט ליעבער קויפען נייע שיך. | He had reather buy new shoes. |
| וואָס וואָלט איהר ליעבער טהאן, לעזען אָדער שרייבען? | What had you rather do, read or write? |
| איך וואָלט ליעבער לעזען. | I had rather read. |
| זאָל איך אייך געבען נאך עטוואָס רינד־פלייש? | Shall I give you a little more beef? |

| | |
|---|---|
| Thank you, I have had enough. | דאנקע, איך האב געהאט גענוג. |
| A small piece? | א קליינעס שטיקעל? |
| I had rather not, I am much obliged to you. | איך וואלט ליעבער ניט; איך דאנק אייך זעהר. |
| Much obliged. | פיעל פערפליכטעט (ד. ה. זעהר דאנקבאר). |
| I am much obliged. | איך בין זעהר פערפליכטעט (ד. ה. איך דאנקע זעהר). |
| I am much obliged to you for the favor you have done me. | איך דאנק אייך זעהר פיר דעם געפאלען, וועלכען איהר האט מיר געטהאן. |
| Oh, if you had rather not, I will not press you. | א, ווען איהר וואלט ליעבער ניט, וויל איך ניט דרינגען אין אייך. |
| Ask the gentleman to step into the parlor and wait a few moments; I shall be with him directly. | בעט דעם העררן הערייגצוטרעטען אין צימער און צו ווארטען א פאאר אויגענ-בליקען; איך וועל גלייך בייא איהם זיין. |

ווען עס קומען מעהרערע הצנדלונגבווערטער בייא איין פערזאן אדער זאך, ווערט דאס ווערטעל to געשטעלט נאר פאר דעם ערשטען, דיא איבעריגע קומען אהן to.

| | |
|---|---|
| *To step (סטעפ). | טרעטען. |
| To step in, into. | הערייגטרעטען. |
| A step. | א טריט, א שריט. |
| To walk a step. | געהן א טריט. |
| To take steps אד. measures. | טהאן שריט, טהאן מיטלען, נעהמען מאס-רעגעל. |
| Step in, if you please. | טרעט (קומט) געפעליגסט הערייז. |

ווען עס ווערט געקלאפט אן טהיר זאגט מען come in! אד. walk in!—קומט הערייז!

| | |
|---|---|
| If you please. | געפעליגסט. / ווען אייך געפעלט. |

If you please שטעהט געוועהנליך אם ענדע פון זאץ.

| | |
|---|---|
| Will you hand me that glass, if you plaese? | ווילט איהר מיר געפעליגסט דערלאנגען דאס גלאז? |

## 137. צום איבערזעצען.

קומט איהר פון דעם גארטען?—ניין, איך קום פון דעם הויז.—האט איהר הערויס-גענומען דיא רעכנונגען פון דיא בריף?—איך האב זייא הערויסגענומען.—וואו איז ווילהעלם? ער איז נאר-וואס (עבען) הערויסגעגאנגען פון (דעם) הויז.—געהט איהר אין (דאס) טהעאטער היינט פארנאכט?—ניין, איך וועל בלייבען צו הויז.—איך געה אויך ניט.—איך האב ניט קיין גוטעס בוך צו לעזען; קענט איהר מיר געבען איינס?—איך האב אויך קיינס (קיינס, not one אד. none).—ווער איז דיזער מאן?—איך קען (וויים) איהם ניט.—איך קען איהם אויך ניט.—וויא געפעלט אייך דאס פערד, וועלכעס אייער ברודער האט געקויפט?—מיר געפעלט עס גאר ניט.—מיר געפעלט עס אויך ניט.—ער האט בעצאהלט צו פיעל

געלד דאַפיר (for it).—איך געה קיינמאָל אין (דאָס) טהעאַטער; געהט איהר?—ניין,
איך געה אויך קיינמאָל.—האט איהר געזעהן מיינע זיהן ערגעץ=וואו?—יע, איך האב
זייא געזעהןביידען, אַלס זייא זיינען פארבייגעגאנגען אונזער הויז היינט אין דער פריה.
—האט איהר מיינע צוויי שליסלען?—איך האב זייא ביידע.—וואו זיינען מיין שטאָק און
מיין הוט? (דאָס צווייטע מיין ווערט ניט איבערזעצט)—איך האב געזעהן זייא ביידע אין
אייער צימער.—וועלען אייערע שוועסטערס קומען צו אונז (=צו אונזער הויז) דיזען
אבענד?—יע, איך גלויב זייא וועלען ביידע (both of them) קומען.—ווער האט געהאַט
מיינע צווייא ענגלישע ביכער?—קיינער האט זייא געהאט; איך האב זייא ביידע גע=
זעהן ליגען אויף אייער טיש.—איך האב אייך געשיקט דרייא ביכער; האט איהר זייא
געלעזען?—איך האב געלעזען זייא אַלע דרייא; זייא זיינען זייער אונטערהאַלטענד (אַמו=
זאנט, entertaining)—קענט איהר זייא מיר שיקען צוריק, אדער זאָל איך שיקען נאָך
זייא?—דיא צווייא ענגלישע (English ones) וועל איך אייך שיקען היינט (this) נאָכ=
מיטטאָג; דעם פראַנצויזישען וואָלט איך ליעבער האַלטען ביז מאָרגען אָדער איבערמאָר=
גען.—וויא פיעל נאָך (=לענגער) וועט איהר האבען צו ארבייטען?—איך וועל האָבען צו
ארבייטען ביז זיבען א זייגער.—האט איהר איבערגעלאָזען אייערע צווייא טעכטער אויף
דעם לאַנד?—יע, זייא וועלען בלייבען דאָרטען ביז מאָרגען נאָכמיטטאָג.

## 138. צום איבערזעצען.

האט איהר געזעהן דעם ענגלענדער און זיין פרוי?—איך האב געזעהן און גערעדט
מיט (to) זייא ביידען.—ווען זייט איהר אויפגעשטאַנען היינט אין דער פריה?—מיר זיי=
נען געוועזען ביידע אויף פאַר זעקס א זייגער.—האט איהר געשריבען דיא בריף?—איך
האב אַי געשריבען דיא בריף אַי זייא געקאָפּירט.—וואָס האט איהר געטהאָן אויף דער
בערזע?—איך האב אַי געקויפט אַי פערקויפט פיעלע זאכען.—איז מיין זוהן פלייסיג?—
ער איז אַי פלייסיג אַי געהאָרכזאם; איך האב מיך ניט צו בעקלאָגען אויף איהם.—עס
פרייט מיר עס צו הערען.—וועט איהר מיר געבען א בויגען (sheet) פאַפּיער?—איך האב
קיין פּאַפּיער אין (דעם) הויז; זאָל איך שיקען נאָך וועלכעם?—ניין, ווען (if) איהר האט
קיינס, וועל איך אַליין געהן נאָך וועלכעס (אַליין, myself, צולעצט).—שיקט אייער מו=
טער נאָך (וועלכעס) ברויט?—זיא האט געשיקט נאָך וועלכעס היינט אין דער פריה.—
ווען זאָל איך שיקען נאָך דיא קינדער?—שיקט נאָך זייא אום זעקס אָדער האַלב זיבען
(פּלויז : half past דיא שטונדע ווערט ניט ווידערהאָלט).—איז דער בעדיענטער געגאַנגען נאָך
אייער פערד?—ער איז געגאַנגען נאָך איהם.—וואָס זוכט איהר?—איך זוך מיין שטאָה=
לענע פעדער.—איז דאָס דאָס בוך, וועלכעס איהר זוכט? (וועלכעס קען אויסגעלאָזען
ווערען און for קען שטעהן אַם ענדע)—יע, איך האב עס געזוכט שוין א שטונדע (שוין א
שטונדע, this hour).—איז אייער הערר (master) צו הויז?—יע (=יע, ער איז), מיין
הערר; וועט איהר געפעליגסט (אָד. זיין אַזוי גוט) הערייַנגעהן?—וואָרום לאַכט איהר?—
מיר לאַכען פון (at) דיזען קליינעם מאַן און זיין גרויסער פרוי (דאָס וואָרט פון נאָך
לאַכען ווערט איבערזעצט at).—לאַכט איהר פון מיר?—פאַרוואָס (וואָרום) זאָלען מיר לאַכען
פון אייך?—וואָרום לאַכט איהר אימער?—איך האב מיך ניט געקענט איינהאַלטען

זאָגען, פון וואָס איך האב געלאכט. (I could not help) לאכען (laughing); אבער איך וויל ניט (=איך האב ניט גערן) צו

## 139. צום איבערזעצען.

ווערלען מיר אויסגעהן שפּאַציערען (=נעהמען א שפּאַציערגאנג)?—איך וואָלט ליעבער בלייבען צו הויז.—לאָמיר (let us) יעצט שרייבען.—איך וואָלט ליעבער יעצט לעזען.—איהר וואָלט אימער ליעבער טהאָן עפּעס אנדערש אלס וואָס איך זאָג אייך.—וואָס וואָלט איהר ליעבער, געהן אויף דאָס לאנד היינט נאָכמיטטאָג, אָדער אויף (to) דעם קאָנצערט היינט אבענד?—איך ווייס ווירקליך ניט, וואָס איך וואָלט ליעבער.—האט איהר לוסט (a mind) צו געהן מיט מיר צו מיין פעטער און שפּיעלען א קאָן קאָרטען?—איך וואָלט ליעבער מאַכען א שפּאַציער אלס צו געהן צו אייער פעטער.—זייט זאיהר הונגעריג?—איך בין אי הונגריג אי דורשטיג.—עס איז דאָ (there is) עפּעס צו עסען און טרינקען.—מיט וועמען ווינשט איהר צו רעדען?—איך ווינש צו רעדען מיט אייער זוהן.—וועט איהר הערייננעהן (step in)?—ניין, איך דאנק אייך, איך וואָלט ליעבער וואַרטען אויף (for) איהם הי ר.—ווילט איהר יעצט פריהשטיקען?—ניין, איך וואָלט ליעבער וואַרטען א שטונדע.—ווארום האט אייער פאָטער מיך געבעטען געזאָגט, דאס איך זאָל (should) ניט לאַכען אויף (at) מיין אייגענעם ווייַן?—ווייל עס איז בעסער, דאס אנדערע זאָלען (should) לאַכען אויף דיין ווייַן אלס דוא זעלבסט; עס איז פיעל בעסער איבערצולאָזען (to leave) דאָס לאַכען פיר (to) אנדערע; דענקסט דוא ניט, דאס מיין פאָטער איז געוועזען גערעכט?—ער איז ניט געוועזען אונגערעכט.

---

## 48th Lesson.—48סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Our house is new. | אונזער הויז איז נייא. |
| It is newly built. | עס איז נייא געבויט. |
| The book is bad. | דאס בוך איז שלעכט. |
| It is badly written. | עס איז שלעכט געשריבען. |
| This woman is very pretty. | דיזע פרוי איז זעהר שעהן. |
| But she is not prettily dressed | אבער זיא איז ניט שעהן געקליידעט. |
| It is certain. | עס איז געוויס. |
| It is certainly true. | עס איז געוויס וואהר. |
| These two words are quite different; they must be differently applied. | דיזע צווייא ווערטער זיינען גאַנץ פערשיעדען; זייא מוזען פערשיעדען אנגעווענדעט (געברויכט) ווערען. |
| Was it not agreeable to you? | איז עס אייך ניט געוועזען אנגענעהם? |
| Were you not agreeably surprised. | זייט איהר ניט געוועזען אנגענעהם איבערראשט? |
| Is the stick whole again? | איז דער שטאָק ווידער גאַנץ? |

It was quite אָדער entirely spoiled. — ער איז געוועזען גאַנץ פערדאָרבען.

It is quite, entirely אָדער wholly untrue. — עס איז גאַנץ אונוואהר (אין גאַנצען ניט וואהר).

The room is good. — דאס צימער איז גוט.

The rooms are well furnished. — דיא צימערן זיינען גוט מעבלירט.

*To furnish (פאָירניש). — מעבלירען, אויסמעבלירען.

אייגענשאַפטסווערטער בעציהען זיך זעהר אָפט אויף האַנדלונגען און דאַן ווערט צו זייא צוגעזעצט דיא ענדונג ly.

ביא דער צוזעצונג פון דער ענדונג ly מוז מען היטען אייניגע כללים:

אין אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט y, ווערט y פערביטען אויף i פאַר דער ענדונג ly; צ. ב. happy—happi-ly, גליקליך.

אין אייגענשאַפטסווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט ue, וואַרפט מען הערויס דעם e פאַר דער ענדונג ly; צ. ב. true—tru-ly, וואהר.

אין אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט le, ווערט אנשטאָט צו־צוגעבען דיא ענדונג ly בלויז דער e איבערגעביטען אויף y; צ. ב. able—abl-y, פעהיג.

אין אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט ll (צוויא l־ען) ווערט אנשטאָט ly בלויז צוגעגעבען y; צ. ב. full—full-y.

| | |
|---|---|
| Courteous (קאָירטשאָס)—Courteously.<br>Civil (סיוויל)—Civilly.<br>Polite (פאָולאַיט)—Politely. | העפליך. |
| Impartial (אימפאַרשאַל)—Impartially. | אונפּאַרטייאיש. |
| Real (ריעל)—Really. | ווירקליך. |
| Light (לאַיט)—Lightly. | לייכט, נרינג. |
| Bad (באַד)—Badly. | שלעכט. |
| Slow (סלאָו)—Slowly. | לאַנגזאַם. |
| True (טרו)—Truly. | וואהר, וואהרהאַפטיג. |
| Entire (ענטאַיר)—Entirely. | גאַנץ, גענצליך. |
| Full (פולל)—Fully. | פול, גאַנץ. |
| Whole (האָול)—Wholly. | גאַנץ, גענצליך. |
| Common (קאָממאָן)—Commonly. | געוועהנליך, געמיין. |
| Tolerable (טאָלערעבל)—Tolerably. | ערטרעגליך, ציעמליך, ניש־קשה־דיג. |
| Agreeable (אַגריי־עבל)—Agreeably. | אנגענעהם, געפעליג. |
| Pretty (פריטטי)—Prettily. | היבש, שעהן. |

מאַנכע אייגענשאַפטסווערטער קענען קומען אָהן ly צו בעציהען זיך אויף אַ האַנדלונג; איינס פון דיזע איז slow, לאַנגזאַם: he walks slow, ער געהט לאַנגזאַם.

מאַנכע אייגענשאַפטסווערטער ווערען גאַר איבערגעביטען אויף אַנדערע ווערטער, ווען זייא בעציהען זיך אויף האַנדלונגען—good ווערט איבערגעביטען אויף well, bad אויף ill און many אויף much:

Good—Well. — גוט.

| | |
|---|---|
| Bad—Ill. | שלעכט. |
| Many—Much. | פיעלע—פיעל. |
| *To apply (אַפּפּלאַי). | אנווענדען, געברויכען. |
| *To surprise (סאַירפּראַיז). | איבערראשען. |
| To surprise with—. To surprise by—. | איבערראשען מיט. |

To surprise with ווערט געברויכט, ווען דיא איבערראשונג איז דורך א געגענשטאנד; to surprise by—ווען דיא איבערראשונג איז דורך א האנדלונג, דורך א טהואונג.

| | |
|---|---|
| The surprise. | דיא איבערראשונג. |
| To bind (באַינד); bound (באונד), bound. | בינדען, איינבינדען; געבונדען. |
| Has not the Frenchman received you more politely than he received my brother? | האט דער פראנצויז אייך ניט אויפגענומען העפליכער אלס ער האט אויפגענומען מיין ברודער? |
| *To receive (ריסיווו). | אויפנעהמען, עמפּפאנגען. |
| Is not my exercise written better than yours? | איז ניט מיין אויפגאבע געשריבען בעסער אלס אייערע? |
| It is farther from New York to Baltimore than from Baltimore to Philadelphia. | עס איז ווייטער פון ניו יאָרק נאָך באלטימאָר אלס פון באלטימאָר נאָך פילאַדעלפיא. |
| Your rooms are even worse furnished than mine. | אייערע צימערן זיינען זאָגאר ערגער מעבלירט אלס מיינע. |

## Even (איוון), זאָגאר, אפילו.

## Not even, זאָגאר ניט, צום מאָל ניט, ניט א מאָל.

דיא גראַדען אָדער דיא שטופען ווערען בייא אַלע אייגענשאַפטסווערטער, וואָס קריגען דיא ענדונג ly, געמאַכט דורך more און most: beautifully, שעהן; more beautifully, שעהנער; most beautifully, אַם שעהנסטען.

(וועגען דיא גראַדען פון אייגענשאַפטען זעה זייטע 113).

בייא well, ill אָד. badly, little, much, near און far, ווערען דיא גראַדען בעצייכענט אונרעגעלמעסיג:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| Well, | better, | best. | גוט, | בעסער, | אַם בעסטען. |
| Badly אָד. ill, | worse, | worst. | שלעכט, | ערגער, | אַם ערגסטען. |
| Little, | less, | least. | ווייניג, | ווייניגער, | אַם ווייניגסטען. |
| Much, | more, | most. | פיעל, | מעהר, | אַם מעהרסטען. |
| Near, | nearer, | nearest. next. | נאהענט, | נעהענטער, | אַם נעהענטסטען. |
| Far, | farther, further, | farthest. furthest. | ווייט, | ווייטער, | אַם ווייטסטען. |

| | |
|---|---|
| Will you be here soon? | ?ווענט איהר היער זיין באלד |

**Soon (סוּן), באלד, גיך.**

| | |
|---|---|
| He very seldom comes to our house. | ער קומט זעהר זעלטען צו אונז. |

**Seldom (סעל'דאָם), זעלטען.**

| | |
|---|---|
| Come often, if you please. | קומט אָפט, געפעליגסט. |

**Often (אָפן), אָפט.**

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| Soon, | sooner, | soonest. | באלד, | גיכער, | אם גיכסטען. |
| Seldom, | seldomer, | seldomest. | זעלטען, | זעלטענער, | אם זעלטעסטען. |
| Often, | oftener, | oftenest. | אָפט, | אָפטער, | אם אָפטעסטען. |

**Lately, of late, פאַר א קורצער צייט, זייט איינינער צייט.**

**Formerly (פאָר'מערלי), פריהער.**

| | |
|---|---|
| I have not seen him lately (.אָד of late). | איך האב איהם ניט געזעהן זייט איינינער צייט. |
| Frequent—Frequently. | אָפט. |
| Repeated—Repeatedly. | אָפט, ווידערהאָלט. |
| Early (אֶיר'לי). | פריה, פריהיג, באלדיג |
| Scarce (סקערס), rare (רער). | זעלטען. |
| It is a scarce book. | עס איז א זעלטענעס בוך. |
| Good people are scarce. | גוטע לייט זיינען זעלטען. |
| A rare example .אָד instance. | א זעלטענעסביישפיעל. |
| The example (עגזאַמפּל). The instance (אינ'סטאַנס). | דאס ביישפיעל. |
| A rare case. | א זעלטענער פאַל. |
| The case (קייס). | דער פאַל. |
| Frequent visits. | אָפטע בעזוכען. |
| An early answer. | א באלדיגער ענטפער. |
| The answer (אַנ'סער). | דער ענטפער, דיא אנטוואָרט. |
| *To answer (אַנ'סער). | ענטפערן, אנטוואָרטען. |

*נאָך to answer קומט ניט דאָס ווערטעל to (צו, אויף).

| | |
|---|---|
| Do you answer his letter? | ?ענטפערט איהר אויף זיין בריף |
| Answer me that! | ענטפערט מיר דאָס! (ד. ה. ענטפערט מיר דערויף!) |
| To give .אָד to make answer. | געבען אנטוואָרט. |
| He gave me no answer. He made me no answer. | ער האט מיר קיין אנטוואָרט געגעבען. |

| | |
|---|---|
| Deceased (דיסי־סט'). | פערשטאָרבען, געשטאָרבען. |
| Late (לייט). | פריהערדיג, פאָריג; פערשטאָרבען. |
| Our late firm. | אונזער פריהערדיגע פירמע. |
| The firm (פאָירם). | דיא פירמע, דער האנדלונגסנאָמען. |
| My late father. | מיין פערשטאָרבענער (זעליגער) פאָטער. |
| The late Mr. Porter. | דער פערשטאָרבענער הערר פאָרטער. |
| My poor father. | מיין זעליגער פאָטער. |

Poor מיינט אייגענטליך אָ ר י ם. ווען מען רעדט פון פערשטאָרבענע פערוואנדטע און געליעבטע פריינד זאָגט מען poor אין דער בעדייטונג פון פ ע ר ש ט אָ ר ב ע ן אָד. ז ע ל י ג.

| | |
|---|---|
| My poor mother. | מיין זעליגע מוטער. |
| Your poor sister. | אייער זעליגע שוועסטער. |
| Poor William. | דער זעליגער ווילהעלם. |
| To make a visit. / To pay a visit. | מאכען א בעזוך. |
| For instance. | צום ביישפיעל, למשל. |
| *To fit (פיט). | קליידען, פאסען. |

## 140. צום איבערזעצען.

געפעלט אייך מיין נייער ראָק?—ער געפעלט מיר זעהר גוט.—געפעלט אייך מיין
ברודער'ס ראָק אזוי פיעל, וויא מיינער?—זיינער געפעלט מיר ניט אזוי גוט.—לעזט
איהר א גוטעס בוך?—ניין, דאס בוך איז ניט גוט, אויך איז עס ניט גוט געשריבען.—
איז דאָס א נייעס בוך?—ניין, איך האב עס געהאט א לאנגע צייט; עס איז נאָר נייא
געבונדען.—האט איהר געזעהן דאס שעהנע קלייד, וועלכעס מיין ברודער האט מיר גע-
בראכט פון פאריז?—ניין; איז עס געמאכט געוואָרען אין פאריז?——יע, געוויס; און
עס איז אזוי שעהן געמאכט.—איז עס ניט אנגענעהם צו האָבען אזא פריינדליכען
(דיענסטפערטיגען, obliging) ברודער?—יע, ווען (if) ער איבערראשט אזוי אנגענעהם
זיין שוועסטער מיט שעהנע קליידער.—האט איהר געזעהן מיין איידים'ס נייעס הויז?—
איך בין נעכטען געוועזען בייא איהם (=אין זיין הויז); דאס הויז איז שעהן און עס איז
אויך שעהן מעבלירט (א ו י ך, too, צולעצט).—ווער האט געמאכט אייערע שטיפעל?—
ווארום? קליידען זייא (do they fit) גוט?—זייא קליידען שעהן.—האט דער שפאניער
עמפפאנגען אייער זוהן העפליך?—ער איז זעהר העפליך און (ער) עמפפאנגט יעדען איי-
ציגען (one) העפליך.—זייט איהר געוועזען צו הויז נעכטען דעם גאנצען טאָג? (נעכטען
דעם גאנצען טאָג, all yesterday)—איך האב ניט געקענט אויסגעהן, ווייל איך האב גע-
האט א סך צו טהאָן און איך בין נאָך ניט גאנץ פערטיג.—וויא פיעל א זייגער איז עס?
—עס שלאָגט עבען זיבען; יעצט בין איך גאנץ צו אייער דיענסט.—אלזאָ לאָמיר
געהן אין (דאָס) טהעאטער; עס וועט זיין זעהר פול.—דענקט איהר, דאס מיין פעטער'ס
גאָרטען איז אזוי גרויס, וויא אונזערער?—איך דענק ער איז גאנץ (fully) אזוי גרויס וויא
אונזערער.—איז דאס טוך פון אייער ראָק אזוי גוט, וויא מיינס?—עס איז גאנץ אזוי

גוט, וויא אייערס.—איז עס א יונגעס פערד, וועלכעס אייער נעפע האט געקויפט?—עס איז גאנץ יונג; עס איז נאר פיער יאהר אלט.—האט ער בעצאהלט פיעל דערפיר?—ניין, ער האט עס געקויפט זעהר ביליג.

## 141. צום איבערזעצען.

האט ניט מיין זוהן געשריבען דיזען בריף זעהר שעהן?—יע; ער שרייבט פיעל בעסער אלס מיינער, וועלכער איז בײנאהע צוויא יאהר עלטער.—וועד בינדט אייערע ביכער? זייא זיינען זעהר שלעכט געבונדען.—עס איז ניט געוועזען זיין שולד (פעהלער); ער בינדט זייא געוועהנליך זעהר גוט.—האט איהר געזעהן דעם שפאניער זייט איניגער צייט?—איך האב איהם געזעהן לעצטע וואך.—רעדט ער נאך אזא (as) שלעכטעס דייטש, וויא לעצטעס יאהר?—ער רעדט פיעל בעסער יעצט.—רעדט דער איטאליענער ערגער אלס ער?—ער רעדט פיעל ערגער.—איז עס אזוי ווייט פון אייער הויז צו דער בערזע, וויא פון אונזערן?—עס איז ניט אזוי ווייט פון אייער הויז וויא פון אונזערן.—איז עס ווייטער פון פילאדעלפיא נאך טשיקאגא אלס פון באלטימאר נאך ניו יארק?—עס איז ווייטער פון פילאדעלפיא נאך טשיקאגא.—איז דיא קירכע ווייט פון היער?—עס איז ניט זעהר ווייט.—מוז איך שיקען נאך דעם דאקטאר?—איהר מוזט נאך איהם שיקען זאגלייך.—האט אייך ניט געפרייט צו הערען, דאס מיין ברודער האט פערקויפט מיין וויין אזוי גוט?—איך בין געוועזען זעהר (=פיעל) צופריעדען (pleased) עס צו הערען.—איז אייער זייגערל אזוי טהייער, וויא מיין פעטער'ס?—עס איז פיעל טהייערער.—איז דעם אמעריקאנער'ס הויז אזוי שעהן מעבלירט, וויא דעם ענגלענדער'ס?—עס איז פיעל שעהנער מעבלירט.— זייט איהר צופרידען (pleased) מיט דעם נייען פראנצויזישען בוך, וועלכעס איך האב אייך געשיקט?—איך בין זעהר פיעל צופריעדען דערמיט.—איז מיין ראק פערטיג?—עס איז פאסט פערטיג.—ווען וועט איהר מיר איהם שיקען?—איהר זאלט איהם בעשטימט האבען בייא זיבען א זייגער היינט פארנאכט.

## 142. צום איבערזעצען.

איז דיזער מאן ווירקליך אזוי ארים וויא ער זאגט?—ער מוז זיין זעהר ארים, ווייל ער (for) האט ניט צום מאל געלד גענוג צו קויפען (וועלכעס) ברויט פיר זיינע פיער קליינע קינדער.—האט איהר געזאגט דעם האללענדער, דאס איך ווינש צו רעדען מיט איהם?—איך האב ניט נאר געזאגט איהם, נאר איך האב זאגאר געשריבען צו איהם היינט (this) פארמיטטאג, דאס איהר וועט איהם ערווארטען.—האט איהר געפונען דעם ענגלענדער נאך צו הויז, אלס איהר זייט געגאנגען צו איהם (=צו זיין הויז) היינט אין דער פריה?—ניין, ער איז שוין געוועזען אויסגעגאנגען.—געהט ער אפט אויס אזוי פריה?—זעהר זעלטען; עס איז א זעלטענער פאל.—האט איהר געפונען דאס בוך, וועלכעס איהר האט געוואלט (=געוואונשען) קויפען?—ניין, עס איז זעהר א זעלטענעס בוך, איך האב עס ניט געקענט געפינען אין דער גאנצער שטאדט.—איז עס אן אלטעס בוך?—עס איז זעהר אלט, עס איז געדרוקט געווארען הונדערט יאהר צוריק.—בעזוכט אייך דער שאטלענדער אפט?—ער האט אונז פריהער (formerly) בעזוכט זעהר אפט, אבער זייט איניגער צייט האבען מיר איהם געזעהן זעהר ווייניג (we have seen very little of him).—אויף וועלכען בריף האט איהר צו ענטפערן? (אויף ווערט אויסגעלאזען)—איך האב צו

ענטפערן אויף דעם פראַנצויזישען בריף.—וואס האט דער שפּאַניער אייך געענטפערט, ווען איהר האט איהם געזאָגט, דאס ער מוז בעצאהלען, וואָס ער שולדעט אונז?—ער האט געזאגט ער האט קיין געלד און קען אונז נאָך ניט בעצאהלען.—וואָרום ענטפערט איהר מיר ניט, ווען איך רעד צו אייך?—איך האב אייך געענטפערט דרייא מאָל און קען אייך ניט געבען קיין אַנדער ענטפער (ניט פאַר קיין ווערט אין דער איבערז. אויסגעל.). איז ניט דיזער מאַן נאָך שולדיג אייך וועלכעס געלד?—ער איז אונז גאָרנישט שולדיג; ער האט אַלעס בעצאהלט (צו) אונזער פריהערדיגער פירמע.—האט איהר געקענט (געוואוסט) ד.ם פערשטאָרבענעם העררן פאָרטער?—איך האב איהם געקענט זעהר גוט; מיר האבען געמאכט זעהר פיעלע געשעפטען (a great deal of business) מיט איהם.—האט איהר געבויט דיזעס הויז?—ניין, מיין זעליגער פאָטער האט עס געבויט.—האט איהר נאָך פיעלע (=פיעלע מעהר) וויזיטען צו מאכען היינט?—איך האב מעהר קיינע וויזיטען צו מאכען.

---

# 49th Lesson.—49סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| You write fast (אָד. quick); why do not you write slower? | איהר שרייבט אזוי שנעל; וואָרום שרייבט איהר ניט לאַנגזאַמער? |

**Fast** (פאַסט), **quick** (קוויק), שנעל, געשווינד.

**Fast** און **quick** קענען קומען אָהן דער ענדונג ly זיך צו בעציהען אויף אַ האַנדלונג.

Fast, faster, fastest.
Quick, quicker, quickest.
} שנעל, שנעלער, אַם שנעלסטען.

**Immediately** (איממי׳דיאייטלי)
**Instantly** (אינ׳סטאַנטלי)
} גלייך, זאָגלייך, אויגענבליקליך.

| | |
|---|---|
| He immediately brouht the book back, אָד. he brought the book back immediately. | ער האט גלייך געבראכט דאס בוך צוריק. |
| I shall immediately send you the money, אָד. I shall send you the money immediately. | איך וועל אייך אויגענבליקליך שיקען דאָס געלד. |
| We sent immediatly (instantly) for the physician, אָד. we immediately sent for the physician. | מיר האבען גלייך געשיקט נאָך דעם דאָקטאָר. |

דיא ווערטער ever (אַמאָל), never (ניעמאַלס), often (אָפט), now (יעצט), always (אי־מער), then (דאַן), soon (באַלד), seldom (זעלטען), שטעהען געוועהנליך פאַר דעם האַנדלונגס־וואָרט פון זאַץ; אַלע דיזע, אויסער never און ever, ווערען געשטעלט אַם ענדע זאַץ, ווען זיא זיינען דער עיקר פון זאַץ און ווערען אויסגערעדט מיט אַ דריק.

אייגענשאַפטסווערטער וואָס בעציהען זיך אויף אַ האַנדלונג, וויא אויך ווערטער, וואָס בע־צייכנען צייט, שטעהען ענטוועדער פאַר דעם האַנדלונגסוואָרט אָדער אַם ענדע פון זאַץ. ווערטער,

וואָס בעצייכנען צייט, שטעהען געוועהנליך צולעצט (אויבער ever, never און always). ווען דאָס האַנדלונגסוואָרט געהט מיט have קומט דאָס אייגענשאַפטסוואָרט, וואָס בעציהט זיך אויף דיא האַנדלונג, נאָך דעם וואָרט have, ווען מען וויל עס שטעלען אַם אָנפאַנג זאַץ.

| | |
|---|---|
| Does he ride well? | רייט ער גוט? |
| He rides beautifully. | ער רייט שעהן. |
| He speaks badly. | ער רעדט שלעכט. |
| Do you see the Italian often?<br>Do you often see the Italian? | זעהט איהר דעם איטאליענער אָפט? |
| I see him daily. | איך זעה איהם טעגליך (אַלע טאָג). |
| The daily newspaper. | דיא טעגליכע צייטונג. |
| The newspaper (ניוז־פּייפּער). | דיא צייטונג. |
| How much do you pay the man weekly? | וויא פיעל צאָלט איהר דעם מאַן וועכענט־ליך (אַלע וואָך)? |
| I pay him either monthly or quarterly. | איך צאָהל איהם ענטוועדער מאָנאַטליך (אַלע מאָנאַט) אָדער פערטעל־יעהרליך (אַלע פערטעל יאָהר). |
| Do you keep yearly accounts with your tailor? | האַלט איהר (ד. ה. האָט איהר) יעהרלי־כע רעכנונגען מיט אייער שניידער? |
| No, I pay half-yearly אָד. every half year. | ניין, איך בעצאָהל האַלב־יעהרליך אָד. אַלע האַלב יאָהר. |
| The quarter (קוואָר־טער). | דאָס פערטעל יאָהר. |
| The half-year (האַפ־ייר). | דאָס האַלב יאָהר. |
| Daily (דיי־לי). | טעגליך, אַלע טאָג. |
| Weekly (וויק־לי). | וועכענטליך, אַלע וואָך. |
| Monthly (מאָנטה־לי). | מאָנאַטליך, אַלע מאָנאַט. |
| Quarterly (קוואָר־טערלי). | פערטעל־יעהרליך, אַלע פערטעל יאָהר. |
| Yearly (ייר־לי). | יעהרליך, אַלע יאָהר. |

דיא ווערטער daily, weekly, monthly, quarterly און yearly קענען שטעהן אַי בייא האַנדלונגען אַי בייא געגענשטענדע; צ. ב. I work daily, איך אַרבייט אַלע טאָג; the daily bread, דאָס טעגליכע ברויט.

| | |
|---|---|
| The rent (רענט). | דאָס דירה־געלד, דאָס וואוינונג־געלד. |
| The wages (וויי־דזשיז). | דער לוין, דיא געצאָהלט. |
| To be (בי); was (וואָז), been (בין). | זיין; געוועזען. |
| My shop is at present at No. 113 Canal Street. | מיין לאַדען איז (אָד. געפינט זיך) יעצט אויף קאַנאַל גאַס. |
| No. (נאָמ־בער). | נומער. |

No. איז דיא אַבקירצונג פון דעם לאַטיינישען וואָרט Numero, פון numerus אַ צאָהל. עס ווערט געלעזען „נאָמ־בער", ווייל אין ענגליש איז דאָס וואָרט פיר צאָהל — number.

I am in a great embarrassment. איך בין (אָד. איך בעפינדע מיך) אין אַ גרויסער פערלעגענהייט.

The embarrassment (עמבאַ'רעססמענט). דיא פערלעגענהייט.

To be קען אויך בעדייטען זיך בעפינדען אָדער מאַכען, ווען עס האַנדעלט זיך פון דעם, וויא אימעצן געהט.

How are you? וויא בעפינדעט איהר אייך? (אָד. וואָס מאכט איהר?)

I am very well, I thank you. איך בין זעהר וואהל, איך דאנק אייך.

דאָס האַנדלונגסוואָרט to do האָט אין אַזאַ פאַל אויך דיא בעדייטונג זיך בעפינדען, מאַכען:

How do you do? וואָס מאכט איהר? (אָד. וויא בעפינדעט איהר אייך?)

How is your sister?
How does your sister do? וואָס מאכט אייער שוועסטער?

She is very well. זיא איז זעהר וואָהל.

ביי דער ערשטער פערזאָן ווערט ניעמאָלס געברויכט to do נאָר to be צו בעצייכנען דאָס בעפינדען: I am well, ניט I do well.

## Rather (ראָ'דהער), אַ ביסעל.

The head-ache (העד'=אֵייק). קאָפּ=שמערצען, דער קאָפּ=וועהטאָג.

The ear-ache (איר'=אֵייק). אויערן=שמערצען, דער אויערן=וועהטאָג.

The tooth-ache (טוּרטה=אֵייק). צאָהנ=שמערצען, דער צאָהנ=וועהטאָג.

I have a very bad אָד. violent tooth-ache. איך האב זעהר שטארקע צאָהנ=שמערצען.

Violent (וואַי'אָולענט). שטארק.

I have the head-ache. איך האב קאָפּ=שמערצען.

He has the ear-ache. ער האט אויערנ=שמערצען.

ווען עס שטעהט קיין אייגענשאַפטסוואָרט וויא bad, violent או. אַז. וו. ווערט פאַר דיא ווערטער head-ache, tooth-ache או. אַז. וו. געשטעלט דאָס ווערטעל the אנשטאָט a.

The ache (אֵייק). דער שמערץ, דער וועהטאָג.

*To ache (אֵייק). שמערצען, וועה טהאָן.

My head aches. דער קאָפּ טהוט מיר וועה.

אנשטאָט דעם, וואָס מען בעדיענט זיך אין יודיש ביי דיא טהיילען פון קערפער מיט דעם ווערטעל דער, דיא אָדער דאָס מיט דיא פערזאָנ=ווערטער מיר, דיר, איהם, אונז, או. אַז. וו., ווערען אין ענגליש געברויכט דיא בעזיץ=אנצייגענדע ווערטער my, your, his, ours או. אַז. וו. דאָס זעלביגע איז אויך מיט קליידער און פערוואַנדטע:

His teeth ache. דיא ציינער טהוען איהם וועה.

Take off your hat! נעהם העראָב דעם הוט!

Where is my (your או. אַז. וו.) aunt? וואו איז דיא מומע?

Sore (סאָור). שמערצהאַפט, שלעכט, קראנק.

| | |
|---|---|
| א שלעכטער האלז, א קראנקער האלז. | A sore throat. |
| א שלעכטער פינגער. | A sore finger. |
| דיא פיס זיינען מיר גאנץ קראנק. | My feet are quite sore. |
| ער האט א שלעכטעס (קראנקעס) פוס=ביין. | He has a sore leg. |
| איך האב שמערצען אין (דעם) רוקען. | I have a pain in my back. |
| דער שמערץ, שמערצען. | The pain (פיין). |
| זיא האט שמערצען אין (דער) זייט. | She has a pain in her side. |
| האט איהר שמערצען אין (דער) ברוסט?<br>טהוט איך וועה דיא ברוסט? | Have you a pain in your chest? |
| ער האט געבראכען דאס פוס=ביין. | He has broken his leg. |
| ער האט אויסגעלונקען דיא האנד. | He has sprained his hand. |
| אויסלינקען. | *To sprain (ספריין). |
| איך האב אויסגעלונקען דאס האנד=געלענק. | I have sprained my wrist. |
| דאס האנד=געלענק. | The wrist (ריסט). |
| זיא איז געפאלען און האט זיך אויסגע-לונקען דעם פוס. | She fell and sprained her foot. |
| מיין ברודער איז געפאלען און האט זיך אויסגעלונקען דעם קנעכעל. | My brother fell and sprained his ankle. |
| דער קנעכעל. | The ankle אד. ancle (אַנקל). |
| ער איז הערא בגעפאלען פון דעם פערד און האט געבראכען דאס געניק (דעם האלז). | He fell from his horse and broke his neck. |
| דער האלז, דאס געניק. | The neck (נעק). |
| יעדער צאהן אין (דעם) מויל טהוט מיר וועה. | Every tooth in my mouth aches. |
| האט איהר אויסגעלונקען דעם גראבען פינגער? | Have you sprained your thumb? |
| דער גראבער פינגער. | The thumb (טהאם). |
| דער שטערן (פון געזיכט). | The forehad (פאָור'העד), brow (בראו). |
| האט איהר איך וועה געטהאן? | Have you hurt yourself? |
| איך האב מיר וועה געטהאן דאס קניע. | I have hurt my knee. |
| שאדען, וועה טהאן; געשאדעט, וועה=געטאן. | To hurt (האירט); hurt, hurt. |
| עס טהוט מיר וועה. | It hurts me. |
| דער רעכטער פוס. | The right foot. |
| דער לינקער אָרם. | The left arm. |
| Left (לעפט) לינק | Right (ראיט) רעכט |
| איז אייער מוטער קראנק? | Is your mother ill? |

| | |
|---|---|
| זיא איז געוועזען אונוואָהל (נים געזונד) דיא גאַנצע פאָריגע וואָך. | She was very unwell all last week. |
| וואָס איז געוועזען דער מער מיט איהר?<br>וואָס האָט איהר געפעהלט? | What was the matter with her? |
| זיין דער מער, פעהלען (פון קראַנקהייט). | To be the matter. |
| וואָס איז איהר געוועז?<br>וואָס איז געווען איהר קראַנקהייט? | What was her complaint? |
| דיא קראַנקהייט. | The complaint (קאָמפלײנט׳). |
| עס איז נאָר א לייכטע אונפּאַסליכקייט. | It is only a slight indisposition. |
| לייכט, קליין. | Slight (סלאַיט). |
| דיא אונפּאַסליכקייט. | The indisposition (אינדיספּאָזי׳שאָן). |
| זיא איז געוועזען א ביסעל אונפּאַסליך (ניט מיט אַלעמען). | She was a little indisposed. |
| אונפּאַסליך, ניט מיט אלעמען. | Indisposed (אינדיספּאָוזד). |
| אין אַכט נעהמען; זיך היטען. | To take care. |

צווישען to take care און דעם געגענשטאַנד קומט אימער דאָס ווערטעל of:

| | |
|---|---|
| איהר מוזט אייך נעהמען אין אַכט. | You must take care of yourself. |
| נעהמט אייך אין אַכט!<br>היט אייך! | Take care! |
| אונוואָהל, אונפּאַסליך, נים מיט אַלעמען. | Unwell (אָנוועל׳), poorly (פּורר׳לי). |
| א קליינער קאָפּ-וועהטאָג. | A slight head-ache. |
| איך לייד פון קאָפּ-וועהטאָג. | I suffer from the head-ache. |
| ליידען. | *To suffer (סאָפּ׳פער). |
| אונטערוואָרפען. | Subject (סאָב׳דזשעקט). |
| זיין אונטערוואָרפען, ליידען. | To be subject. |
| ליידען אָפט. | To be very subject. |
| זיא ליידט אָפט קאָפּ-שמערצען. | She is very subject to the head-ache. |
| מעגליך. | Possible (פּאָס׳סיבל)—Possibly. |
| אונמעגליך. | Impossible (אימפּאָס׳סיבל)—Impossibly. |
| איך קען עס אונמעגליך טהאָן. | I cannot possibly do it. |

קען אונמעגליך, קענען אונמעגליך ווערט איבערזעצט cannot possibly, ניעמאַלס can impossibly, לויט דער ווערטליכער בעדייטונג.

| | |
|---|---|
| ער קען אונמעגליך שרייבען דעם בריף פיר אייך. | He cannot possibly write the letter for you. |
| מיינע ברידער קענען אונמעגליך אייך מאַכען היינט א בעזוך. | My brothers cannot possibly pay you a visit to-day. |

| | |
|---|---|
| We cannot possibly come to-night. | מיר קענען אונמעגליך קומען היינט ביי א נאַכט. |
| What is the matter with the child? | וואָס איז דער מער מיט דעם קינד? (ד. ה. וואָס פעהלט דעם קינד?) |
| Nothing is the matter with me. | גאָר נישט איז דער מער מיט מיר (ד. ה. מיר פעהלט גאָרנישט). |
| *To ail (אֵייל). | פעהלען (פון קראַנקהייט). |
| Does he ail anything?<br>Is anything the matter with him? | פעהלט איהם עפּעס? |
| Ailing (אֵיילינג). | פעהלענד אין געזונדהייט, קרענקליך. |
| He has been ailing a long time. | ער איז שוין קרענקליך א לאַנגע צייט. |
| She is always ailing. | זיא איז אימער קרענקליך. |
| To keep my, your .או. אז. וו bed.<br>To be confined to my, your .או. אז. וו bed. | היטען דאָס בעט. |
| I was obliged to keep my bed.<br>I was confined to my bed. | איך האב געמוסט היטען דאָס בעט. |
| To catch (קאַטש); caught (קאָ־ט), caught. | כאַפּען; געכאַפּט. |
| To catch cold. | כאַפּען קעלט (ד. ה. זיך פערקיהלען). |
| The cold (קאָולד). | דיא פערקעלטונג, דיא פערקיהלונג. |
| The cold in the head.<br>The catarrh (קאַטאר׳). | דיא פערקיהלונג אין קאָפּ, דער קאטאר. |
| Lame (ליים). | געקריפּעלט, הינקעדיג. |
| Lame of one leg. | הינקעדיג אויף איין פוס. |
| To walk lame. | געהן הינקעדיג, הינקען. |
| He walks quite lame. | ער געהט גאַנץ הינקעדיג.<br>ער הינקט גאַנץ שטארק. |
| *To knock (נאָק). | שטויסען, קלאַפּען, זיך אָבשלאָגען. |

**Against (אֶגענסט׳), at (אֶט), געגען, ווידער, אָן.**

| | |
|---|---|
| To knock at the door. | קלאַפּען אָן דיא טהיר. |
| To knock against a stone. | זיך אָבשלאָגען אָן א שטיין. |
| I knocked my knuckles against the corner of the table. | איך האָב אבגעשלאָגען דיא פינגער־קנעכלאַך אָן דעם ווינקעל (קאנט) פון טיש. |
| The knuckle (נאַקל). | דער פינגער־קנעכעל. |
| The caution (קאָ־שאָן). | דיא פאָרזיכטיגקייט. |
| Cautious (קאָ־שאָס)—Cautiously. | פאָרזיכטיג. |
| Incautious (אינקאָ־שאָס)—Incautiously. | אונפאָרזיכטיג, ניט פאָרזיכטיג. |

## 143. צום איבערזעצען.

קענט איהר געהן אזוי שנעל, וויא איך?—איך קען געהן שנעלער אלס איהר.—וואָרום רעדט איהר אזוי שנעל?—איך האב געוואלט זעהן, אויב איהר פערשטעהט מיך אזוי גוט, ווען איך רעד גיך, וויא ווען איך רעד לאנגזאם.—האט איהר פערשטאנען, וואָס איך האב געזאָגט יעצט עבען?—איך האב שוין איך געזאָגט, דאס איהר מוזט רעדען לאנגזאמער.—געהט אייער אוהר ריכטיג (right)?—ניין, עס געהט צו לאנגזאם.—קענט איהר מיר זאָגען וויא פיעל דער זייגער איז?—איך קען אייך ניט זאָגען פינקטליך, ווייל, איך גלויב, מיין זייגערל געהט צו שנעל.—ווייסט איהר וויא פיעל עס געהט צו שנעל?—איך דענק עס געהט ביינאהע צעהן מינוטען צו שנעל.—אלזא (then) געהט אייער אוהר גראדע אזוי פיעל צו שנעל, וויא מיינע געהט צו לאנגזאם.—האט ווילהעלם גענומען דיא בריף אויף (to) דיא פאָסט?—איך האב צו ענטפערן (אויף) דעם האמבורגער בריף, און אזוי באלד, וויא איך האב איהם אויפגעשריבען, קען ער זייא נעהמען אלע צוזאמען.—ווילהעלם, זאָג דושאָהנען, (דאָס) ער דארף אויגענבליקליך געהן נאָך דיא בריף אויף דיא פאָסט.—ער איז שוין געגאנגען נאָך זייא.—אויף וואָס בעקלאָגט זיך אייער פאָטער?—ער בעקלאָגט זיך אויף דעם, דאס איהר האט איהם ניט געשיקט (=אויף אייער ניט שיקען איהם) זיין ראָק אייערנעכטען, וויא איהר האט איהם געהאט פערשפראָכען.—שרייבט אייער זוהן גוט?—ער שרייבט שעהן.—זעהט איהר דיא צווייא אמעריקאנער אָפט?—מיר זעהען זייא פאסט טעגליך.—וויא אָפט צאָהלט איהר אייער שוסטער?—איך צאהל איהם, ווען ער שיקט מיר זיין רעכנונג.—און וויא אָפט שיקט ער זיא אייך?—ער שיקט זיא אלע פערטעל יאהר (פיערטעל=יעהרליך).—צאהלט איהר (אייער) דירה=געלד מאָנאטליך אָדער וועכענטליך?—איך צאהל עס ניט—ניט מאָנאטליך, ניט וועכענטליך, נאָר פערטעל=יעהרליך (ווען עס קומט פריהער אין זאַץ דאָס וואָרט ניט, not, ווערען ניט—ניט איבערזעצט either—or).—וויא לאנג האט איהר (ג.=פ. צייט=פאָרם) דיזען בעדיענטען?—ער איז (ג.=פ.) בייא מיר א יאהר.—וויא אָפט צאָהלט איהר איהם זיין געהאלט (לוין)?—איך צאהל איהם אלע פערטעל יאהר.

## 144. צום איבערזעצען.

געפינט זיך ניט (is not) אייער לאדען אין מארקעט (Market) גאס?—מיין לאדען איז אין פאיק (Pike) גאס.—איז אייער זוהן נאָך אין טשיקאגאָ?—ניין, ער איז געוועזן אין לאָנדאָן זייט א מאָנאט.—האט איהר געלד איבריג (to spare)?—איך האב בעצאהלט אזוי פיעלע רעכנונגען דיזע וואָך, דאס איך האב גאָרנישט איבריג.—עס טהוט מיר זעהר לייד, ווייל איך בין אין א גרויסער פערלעגענהייט.—אויב איך קען מאָרגען פיעללייכט אייך לייהען וועלכעס (צייט צולעצט), וועל איך אייך לאָזען וויסען.—עס איז א זעלטענער פאל, דאס איינער טרעפט (=קומט) צו דער ריכטיגער פערזאָן, ווען ער איז אין א פער=לעגענהייט.—איהר זייט גאנץ גערעכט.—וואָס מאכט איהר? (וויא בעפינדעט איהר אייך? וויא געהט עס אייך?)—דאנקע, איך בין זעהר וואָהל (געזונד).—איז אייער פאָ=טער עטוואס בעסער היינט?—ער איז ניט אזוי געזונד, וויא ער איז געוועזען נעכטען.—וואָרום זייט איהר ניט געקומען פאָריגע נאכט? מיר האבען אייך ערוואַרטעט.—איך

האב געהאט קאָפּ-שמערצען און איך האב אונמעגליך געקענט הערויסגעהן.—ליידט נאָך אייער שוועסטער פון דיא אויערן-שמערצען?—זיא איז גאַנץ געזונד ווידער.—דאס פרייט מיך.—האט איהר צאָהן-שמערצען?—איך האב געהאט צאָהן-שמערצען און אויערן-שמערצען דיזע גאַנצע (all this) וואָך.—פעהלט עפּעס (=איז עפּעס דער מער מיט) אייער שוועער? איך האב איהם ניט געזעהן אויף דער בערזע פיר עטליכע טעג.—ער האט אַ קראַנקען האלז און (ער) איז געצוואונגען צו היטען דאָס (=זיין) צימער.—ווארום האט אייער ברודער ניט געמאַכט (done) זיין לעקציאָן (task אָד. exercise)?—ער האט קראַנקע אויגען.—האט ער זיך פערקיהלט?—ער האט זיך פערקיהלט פאָריגע וואָך, אַלס מיר זיינען געגאַנגען אויף (into) דאָס לאַנד איין אבענד.—ווארום געהט איהר אַזוי לאַנגזאַם?—איך קען ניט געהן גיכער (any faster), דיא פיס זיינען מיר גאַנץ קראַנק.—וועט דער יונגער ענגלענדער קומען אויף (to) דעם באַל מאָרגען אבענד?—ער וועט ניט קענען הערויסגעהן פיר אַ לאַנגע צייט. ער איז הערונטערגעפאַלען פון זיין פערד און ער האט צובראָכען דעם פוס.—עס טהוט מיר לייד עס צו הערען.—איהר געהט הינקענדיג; וואָס איז דער מעהר מיט אייך?—איך בין געפאַלען אין (דער) גאַס פאָריגע נאַכט, אַלס (as) איך בין געגאַנגען אַהיים, און איך האב אויסגעלונקען דעם רעכטען פוס

## 145. צום איבערזעצען.

גוטען מאָרגען, מיין הערר, וואָס מאַכט איהר?—איך דאַנק אייך, איך בין פיעל בעסער היינט.—האט איהר נאָך וועלכען שמערץ (pain) אין אייער שולטער?—איך האב מעהר קיין שמערץ אין מיין שולטער, אבער מיין האַנד-געלענק טהוט מיר וועה.—איז עס דער רעכטער אדער דער לינקער אָרם?—איך האב אַ שמערץ אין ביידע אָרמס, אבער מעהר אין דעם רעכטען אלס אין דעם לינקען.—ווארום געהט דער קליינער יונגע הינקענדיג?—ער האט אַ קלאַפּ געטהאָן (knocked) זיין פוס אָן (against) אַ שטיין און האט זיך וועה געטהאָן דעם פוס.—וויא פיעלע פינגער האָסט דוא אין יעדער האַנד, מיין קליינער יונגע?—פיער פינגער און אַ דוימען (אַזוי הייסט דער גראָבער פינגער).—וויא פיעל איז פיער מאָל פינף?—צוואַנציג.—און וויא פיעל איז זיבען מאָל צוואַנציג?—הונדערט און פערציג (פאַר הונדערט קומט a אָדער one).—ווארום ביסט דוא ניט געקומען אין שולע נעכטען נאָכמיטטאָג?—איך האב געהאט קאָפּ-שמערצען און אַ שלעכטען האלז, און מיין מוטער האט געזאָגט, איך זאָל בעסער (I had better) בלייבען צו הויז (had ווערט גע-ברויכט אין דעם זין פון וואָלט און זאָל פאַר די ווערטער better און rather).—זייט איהר בעסער יעצט?—איך בין ווידער גאַנץ געזונד (ווידער צולעצט).—ווארום איז ניט געוועזען אייער שוועסטער נעכטען אין (at) שולע?—עפּעס איז געפאַלען אויף איהר פוס, און דאָס האט איהר געשאַדט אַזוי פיעל, דאָס זיא האט ניט געקענט געהן.—איז דאָס אייער בוך, וועלכעס ליעגט אויף דעם טיש?—עס איז ניט מיינס, עס איז מיין ברודער'ס.—ווארום לעגט ער ניט זיינע ביכער בייא זייט (אָד. אַוועג)?—ער לאָזט אימער זיינע ביכער ליגען, וואו זייא האבען ניט געדאַרפט (ought).—וואָס דאַרף זיין דיא ערשטע זאַך, (וואָס) מיר טהוען אין דער פריה?—נאָכדענקען (to consider), וואָס מיר האָבען צו טהאָן.—און וואָס האבען (דאַרפען) מיר צו טהאָן יעדען אבענד?—פרעגען אונז זעלבסט, אויב מיר האָבען עס געטהאָן.

## 146. צום איבערזעצען

איז אייער מומע נאָך קראַנק (אונוואָהל)?—זיא איז נאָך זעהר קראַנק.—איז זיא לאַנג געוועזען קראַנק (ill)?—שוין (this) א וואָך.—ווארום האָבען מיר ניט געהאַט דאָס פערגניגען, פאָריגע נאַכט, צו זעהן אייך אין אונזער הויז?—איך האָב געקענט אונמעגליך אויסגעהן.—ווארום ניט? זייט איהר געוועזען ניט געזונד?—איך האָב געהאַט א לייכטען קאָפּ-וועהטאָג, און איך האָב ניט געקענט אויסגעהן.—ליידט נאָך אייער מוטער אזוי פיעל פון קאָפּ-וועהטאָג?—זיא ליידט נאָך זעהר פיעל דערפון.—ליידט זיא אָפט פון קאָפּ-וועהטאָג?—זיא ליידט אָפט פון (she is very subject to) קאָפּ-וועהטאָג.—איז אייער פערקיהלונג עפּעס (any) בעסער?—איך בין נאָך גאָר ניט געזונד (וואָהל, well); איך האָב א זעהר שטאַרקע פערקיהלונג אין קאָפּ.—האָט איהר אייך פערקיהלט?—איך האָב מיך געמוזט פערקיהלען הערויסגעהענדיג (=אויף דעם הערויסקומען, on the coming out) פון דעם טהעאַטער דיא אייערנעכטיגע נאַכט (the night before last).—ווארום נעהמט איהר אייך ניט אין אכט? איהר זייט ניט געוועזען געזונד א (some) צייט.—היט נאָך אייער ברודער דאָס בעט?—ניין, אָבער ער וועט מוזען היטען זיין צימער פיר איניגע (a few) טעג לענגער.—וואָס איז דער מעהר מיט אייער האַנד?—איך האָב אָבגעשלאָגען מיינע פינגער-קנעכלאַך אָן (against) דעם ווינקעל פון דעם טיש.—וויא לאַנג האָט אייער פעטער געהיט (פאָר-בערג. צייט-פאָרם) דאָס בעט, איידער ער איז געשטאָרבען?—ער איז ניט געוועזען לאַנג אין בעט, אָבער ער האָט געמוזט היטען דאָס צימער פיר א מאָנאַט.—קענט איהר מיר בעצאָהלען דאָס געלד, וועלכעס איהר זייט מיר שולדיג?—איך קען אייך אונמעגליך בעצאָהלען עטוואָס (anything) פאַר נעכסטער וואָך.—עס טהוט מיר לייד.

---

# 50th Lesson.—50סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| עס איז דאָ. עס זיינען דאָ. | There is. There are. |
| איז דאָ פיעל וויין דיזעס יאהר? | Is there much wine this year? |
| עס איז ניט דאָ פיעל, אָבער וואָס עס איז דאָ איז גוט. | There is not much, but what there is is good. |
| זיינען דאָ פיעלע עפּעל דיזעס יאהר? | Are there many apples this year? |
| עס זיינען דאָ זעהר פיעלע. | There are a great many. |
| איז דאָ (וועלכעס) וואַסער אין דיזער פלאַש? | Is there any water in this bottle? |
| עס איז דאָ וויין דערין. | There is wine in it. |
| עס זיינען דאָ ניט קיין קאַרשען ניט קיין באַרנעס אין הויז. | There are neither cherries nor pears in the house. |
| וואָס פיר פרוכט איז דאָ אין דעם הויז? | What sort of fruit is there in the house? |
| עס איז דאָ א מאַן, וואָס פרעגט נאָך אייך. | There is a man inquiring after you. |
| עס איז ניט דאָ א וואָרט וואהרהייט אין דעם גערעד. | There is not a word of truth in the report. |

| | |
|---|---|
| There is **nothing in it.** | **עס איז דערין גאָרנישט דאָ.** |
| Were there many people **at the theatre?** | זיינען געוועזען פיעלע לייטע אין (דעם) טהעאַטער? |
| Where there is no industry (.**אָד** application), there can be no (.**אָד** there cannot be any) progress made. | וואו עס איז ניט דאָ קיין פלייס (חשק), קען אויך קיין פאָרטשריט געמאכט ווערען. |
| The industry (אינ׳דאַסטרי). The application (אַפּפּליקיי׳שאַן). | דער פלייס, דיא פלייסיגקייט, דער חשק. |
| The progress (פּראָ׳גרעס). | דער פאָרטשריט, דיא פאָרטשריטע. |

דאָס וואָרט progress האָט קיין מעהרצאָהל.

| | |
|---|---|
| What sort of books have you bought? | וואָס פיר ביכער האָט איהר געקויפט? |
| What sort of wine have you there? | וואָס פיר וויין האָט איהר דאָרטען? |
| All sorts of—, all kinds of—. | אַלע זאָרטען, אַלערליי. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The truth (טרוטה) | דיא וואהרהייט | The water (וואָ׳טער) | דאָס וואסער |
| The untruth (אָנטרוטה׳) | אונוואהרהייט | The fruit (פרוּט) | דיא פרוכט |
| The noise (נאָיז) | דער גערויש | The raspberry (ראָספּ׳בעררי) | מאלינעס |
| The report (רעפּאָורט׳) | דער קלאַנג | The strawberry (סטראָ׳בעררי) | ערד־בעערען |
| Industrious (אינדאַס׳טריאַס) Assiduous (אַססי׳דיואַס) | פלייסיג | Grateful (גרייט׳פול) Ungrateful (אָנגרייט׳פול) | דאנקבאר אונדאנקבאר |
| Sarah (סאָ׳רא) | שרה | Abraham (איי׳בראָהאָם) | אברהם |
| Rebecca (ריבעק׳קאָ) | רבקה | Isaac (אי׳זאָק) | יצחק |
| Rachel (ריי׳טשעל) | רחל | Jacob (דזשיי׳קאָב) | יעקב |
| Leah (לי׳א) | לאה | Moses (מאָ׳זעס) | משה |
| Mary (מאָ׳רי) | מרים, מאריע | Aaron (אָ׳ראָן) | אהרן |

## In (אִן), אין, אויף.

| | |
|---|---|
| Do you believe **in it?** | גלויבט איהר דערין? |
| If I were **in your place.** | ווען איך וואלט געווען אויף אייער אָרט? |
| I should not like to be **in his place.** | איך וואָלט ניט וועלען זיין אויף זיין אָרט. |
| The place (פּלייס). | דער אָרט, דער פּלאַץ. |
| Put everything **in its place.** | לעג יעדע זאך אויף איהר אָרט. |

## Since (סִינס), זינט, זייט.

| | |
|---|---|
| Is it long since you saw my **brother?** | איז עס לאַנג זייט איהר האָט געזעהן מיין ברודער? |
| It is long since I saw him. | עס איז לאַנג זייט איך האָב איהם געזעהן. |
| Is it long since you dined? | איז עס לאַנג זייט איהר האָט געגעסען מיטטאָג? |

| | |
|---|---|
| It is not long since I dined. | עס איז ניט לאנג זייט איך האב **געגעסע** מיטטאָג. |

## Ago (אֶגאָו'), since (סינס), פאַר, זייט, צוריק.

| | |
|---|---|
| A week ago אָד. since. | פאַר אכט טאָגען. / זייט אכט טאָג. / א וואָך צוריק. |
| A fortnight ago אָד. since. | פאַר פערצעהן טאָג (פאַר צוויא וואָכען). |
| A fortnight (פאָרט'נאַיט). | פערצעהן טאָג, צוויא וואָכען. |
| A year ago אָד. since. / A twelvemonth ago אָד. since. | פאַר א יאהרען. |
| A century ago אָד. since. | פאַר הונדערט יאהרען. |
| A twelvemonth (טוועלוומאָנטה). | צוועלף מאָנאטען, א יאהר. |
| The century (סענ'טשורי). | דאס יאהרהונדערט, הונדערט יאהר. |
| This day week. | היינט איבער אכט טאָג. |
| To-morrow week. | (פון) מאָרגען איבער אכט טאָג. |
| It will be a week to-morrow. | עס וועט זיין מאָרגען אן אכט טאָג. |
| Next Monday week. | (פון) נעכסטען מאָנטאג איבער אכט טאָג. |
| It was a week last Tuesday. | עס איז געוואָרען א וואָך פאָריגען דיענסטאָג. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| Sunday (סאָנ'דיי) | זאָנטאג | Wednesday (וועננ'דיי) | מיטוואָך |
| Monday (מאָנ'דיי) | מאָנטאג | Thursday (טהאָירז'דיי) | דאָנערסטאג |
| Tuesday (טיוז'דיי) | דיענסטאג | Friday (פראַי'דיי) | פרייטאָג |
| Saturday (סאָ'טאָרדיי) | שבת | | |

| | |
|---|---|
| Have you been back long? | זייט איהר שוין לאנג צוריק? |
| I have been here ever since last Monday. | איך בין שוין היער זייט דעם **פערגאנגענעם** מאָנטאג. |

## Ever since—, שוין זייט—.

| | |
|---|---|
| I shall see you on Wednesday. | איך וועל אייך זעהן מיטוואָך. |

אין ענגליש ווערט פאַר דעם בעשטימטען טאָג געשטעלט דאָס ווערטעל on (אויף, אן): I shall be here on Monday, איך וועל היער זיין מאָנטאג.

| | |
|---|---|
| *To propose (פראָופּאָוז). | פאָרלעגען. |
| Punctual (פאָנק'טשואָל)—Punctually. | פינקטליך. |
| The name (ניים)' | דער נאָמען. |
| The neighborhood (נייבאָרהורד). | דיא נאכבארשאפט. |

## 147. צום איבערזעצען.

ווער האט געלעגט דיזען הוט אויף דעם טיש?—איך האב איהם דאָרט געלעגט. —איז דאָ פיעל פרוכט דיזעס יאהר?—עס איז דאָ זעהר פיעל (א סך, a great deal).—

איז דאָ א גוטער זייגער־מייסטער אין דיזער שטאָדט?—עס זיינען דאָ עטליכע זעהר גוטע.—ווער איז דער בעסטער אוהרמאכער אין דיזער שטאָדט?—אברהם איז דער בעסטער אוהר־מאכער.—איז יצחק אויך א גוטער אוהר־מאכער?—יצחק איז ניט אזוי גוט, וויא אברהם.—איז דאָ אן אוהר־מאכער אין דיזער גאס?—ניין, עס איז קיינער דאָ אין דיזער גאס, נאָר אין דער נעכסטער.—וועט איהר מיר ווייזען אין וועלכען הויז?—ווען איהר וועט וואַרטען אן אויגענבליק אויף מיך, וועלען מיר געהן צוזאמען.—וועט איהר מיר זאָגען, מיין העדר, אויב עס איז (whether there is) עפעס צובראָכען אין מיין זייגערל?—עס איז גאָרנישט צובראָכען דערין, אבער עס האט נעטהיג רייניגען (cleaning).—וועט איהר עס לאָזען בייא מיר?—איך וועל עס לאָזען בייא אייך; אבער איך קען ניט זיין אָהן א זייגערל; קענט איהר מיר לייהען איינס?—איך וועל אייך לייהען איינס; איהר קענט נעהמען דיזעס.—געהט עס גוט?—עס געהט זעהר גוט.—ווען וועט מיין זייגערל זיין פערטיג?—ווען איהר וועט זיין אזוי גוט קומען ווידער איבערמאָרגען, וועט עס, דענק איך, זיין פערטיג.—וועט עס זיין (will there be) פיעל ווין דיזעס יאהר?—איך גלויב עס וועט זיין זעהר פיעל ווין דיזעס יאהר.—איז דאָ וועלכעס פאַפּיער אין הויז?—עס איז דאָ וועלכעס אין הויז.—וועמעס מעסער איז דיזעס?—עס איז מיין ברו־דער'ס.—איז דאָ וועלכעס וואסער אין דיזער פלאש?—עס איז ניט דאָ קיין וואסער מעהר (left) דערין.—איז ניט דאָ קיין ווין מעהר אין הויז?—עס איז ניט דאָ קיין ווין מעהר.—וואָס פיר פרוכט איז דאָ אין הויז?—עס זיינען נאָך דאָ וועלכע ערדבעערען (כאָד, left, צולעצט).—וועלען זיין פיעלע לייטע בייא אייך היינט בייא נאַכט?—מיר ערוואַרטען ניט פיעלע.—זיינע געוועזן פיעלע לייטע אין אייער גאָרטען נעכטען נאָכמיט־טאָג?—עס זיינען ניט געוועזן פיעלע דאָרטען.—זיינען דאָ פיעלע פיינע הייזער אין דיזער שטאָדט?—עס זיינען דא זעהר פיעלע פיינע הייזער היער.

## 148. צום איבערזעצען.

מאכט מיין זוהן וועלכע פאָרטשריטע אין ענגליש?—עס טהוט מיר לייד צו זאָגען, דאס ער מאכט גאָר זעהר קליינע פאָרטשריטע, ווייל ער איז ניט פלייסיג; און וואו עס איז (ניט) דאָ קיין פלייס, קען קיין פאָרטשריט געמאכט ווערען.—האט איהר געקויפט פיעל היינט?—איך האב געקויפט אלערליי זאכען.—וואס האט איהר געקויפט?—איך האב געקויפט (וועלכע) זאַכען, האנדשוה, לייווענד פיר העמדער און א זעהר שעה־נע קליינע גאָלדענע אוהר.—איז דאָ א גוטע קראָם (shop) אין דער נאָכבאַרשאַפט, וואו איך קען קויפען א פּאָאָר האנדשוה?—עס איז דאָ איינע דיא צווייטע (=נעכסטע, next) טהיר.—איז דאָ וועלכע וואהרהייט אין דעם קלאנג, דאס דער פראנצויז איז אוועגגעפאָהרען (left), און האט ניט בעצאהלט (=אָהן בעצאהלען, without paying), וואָס ער איז געוועזן שולדיג?—עס איז ניט דאָ א וואָרט וואהרהייט אין דעם קלאנג.—וואָס איז דער מער אין גאס?—א מאן איז העראָבגעוואָרפען געוואָרען פון זיין פערד; ער האָט צובראָכען זיין פוס.—זיינען דאָ אזוי פיעלע בארנעס, וויא עפּעל אין דעם מארק?—עס זיינען דאָ מעהר עפּעל אלס בארנעס דאָרטען.—וועט איהר ענטפערן אויף מיינע בריף, ווען איך שרייב צו אייך?—ווען איך האב צייט, וועל איך האבען פיעל פערגניגען צו

ענטפערן (=אין ענטפערן) אייערע בריף.—האט איהר גערן צו שפיעלען אין קארטען?—ניין (=ניין, איך האב ניט, no, I do not).—איך אויך ניט.—וואס פיר לייטע זיינען דיא, וועלכע וואוינען דיא צווייטע טהיר?—זייא שיינען (seem) צו זיין זעהר רוהיגע לייטע, אבער איך קען זייא ניט.—וואס פיר ביכער האט איהר געקויפט היינט אין דער פריה?—איך האב געקויפט אלערליי ביכער, פראנצויזישע, ענגלישע און איטאליענישע.—קענט איהר דעם רוסע, וועלכער האט דיא שעהנע פערד?—ניין (=איך קען ניט, I do not); אויך ווינש איך איהם ניט צו קענען.—וואס וואלט איהר טהאן, ווען איהר וואלט געווען אויף (in) מיין ארט?—איך וויים ווירקליך ניט, וואס איך וואלט טהאן, ווען איך וואלט געווען אויף אייער ארט.—וואלט איהר וועלען זיין אויף מיין ברודער'ס ארט?—איך וואלט ניט וועלען זיין אויף זיין ארט.—איך אויך ניט, איך פערזיכער אייך.—זאל איך דיזע ביכער לעגען בייא זייט?—יע, אימער לעג יעדע זאך אויף איהר ארט, און האב אן ארט פיר אלעס (=יעדע זאך, everything).

## .149 צום איבערזעצען.

וויא לאנג איז עס זינט איהר האט געזעהן דעם איטאליענער?—עס איז ניט לאנג זייט איך האב איהם געזעהן.—איז עס ניט לאנג זייט מיין פאטער איז געווען היער?—ער איז געווען היער פאר צווייא שטונדען (=צווייא שטונדען צוריק).—איז עס לאנג זייט איהר האט געהאט א בריף פון אייער פריינד?—עס איז זעהר לאנג זייט איך האב געהאט איינעם פון איהם.—ווען זייט איהר געוועזען אויף דעם לאנד?—איך בין געוועזען אויף דעם לאנד פערצעהן טאג צוריק.—ווען איז דיזעס הויז געבויט געווארען?—עס איז געבויט געווארען פאר הונדערט יאהרען.—ווען ערווארטעט איהר אייער פאטער?—מיר האבען היינט ערהאלטען פון איהם א בריף, אין וועלכען ער שרייבט (=זאגט), דאס ער וועט היער זיין דיזע וואך.—וועט אייער שוועסטער קומען צו אונז אויף דאס לאנד פון מארגען איבער אכט טאג?—איך דענק זייא וועלען ניט קענען געהן אויף דאס לאנד ביז איבער אכט טאג פון נעכסטען מאנטאג.—האט איהר נאכגעדענקט וואס איך האב אייך פארגעלעגט א טאג אדער צווייא צוריק?—איך האב עס נאכגעדענקט און עס טהוט מיר זעהר לייד, איך קען עס אונמעגליך טהאן.—ווען (if) איהר פערקויפט דעם כואן דיא פופציג דוצענד פאאר זאקען און דיא אנדערע ארטיקלען, וועלכע ער ברויכט (וועלכע אוויסגעלאזען), קענט איהר אייך פערלאזען, דאס ער וועט אייך בעצאהלען (=אויף זיין בעצאהלען אייך).—ער האט פערשפראכען דיא זעלביגע זאך, ווען ער האט געקויפט דיא באוועל פון מיר א צוועלף מאנאטען צוריק, און איך האב נאך געהאט צו ווארטען מעהר אלס פיער מאנאטען אויף (for) מיין געלד.—ער לעגט יעצט פאר צו געבען א וועקסעל אויף (at) דרייא מאנאטען אויף פאריז.

## .150 צום איבערזעצען.

געדענקט איהר איך האב אייך געליהען א פראנצויזישעס בוך פאר א וואך אדער צווייא וואכען?—ניט נאר איך געדענק עס, נאר איך האב געזאגט מיין זוהן פאר א שטונדע אדער צווייא, אוועגצוטראגען (=נעהמען) עס צוריק צו אייך, און אייך געבען (=אומקעהרען) מיין בעסטען דאנק דאפיר.—איך האב געדאכט איהר האט געהאט פערגעסען,

ווייל איהר האט פערשפּראָכען צו שיקען עס צוריק פערגאנגענעם (last) מאָנטאג און היינט (this) איז דאָנערסטאג.—איהר האלט אימער אייער וואָרט אזוי פּינקטליך, דאָס איך האב געקענט (=געמעגט, might) גלויבען איהר האט פערגעסען.—זייט איהר געווע= זען אין טהעאטער פאָריגע נאכט?—ניין; אבער דיא אָייערנעכטיגע נאכט (the night be- fore last) בין איך געווען (נאָך ג ע ו ו ע ן קומט צוגעשטעלט there).—אָ, איך געדענק איהר האט געזאָגט אייניגע (some) צייט צוריק, דאס איהר קענט ניט (=דאס איהר האט ניט געקענט) געהן קיין אנדער (any) אבענד אויסער דאָנערסטאג און פרייטאָג.—יע, מיטוואָך (פֿאַר דעם טאָג פון וואָך קומט on) מוז איך בלייבען אין קראָם ביז נאָך אכט, אָפט ביז ניין און זאָגאר האלב צעהן (half past).—מאָנטאג און דאָנערסטאג אבענד האב איך מיין ענגלישע לעקציאָן; יעדען זאָמסטאג (שבת) בין איך בייא מיין פעטער און זונטאג זיינען מיר אויף דעם לאנד.—איהר פערברייננט אייער צייט אנגע= נעהם און ניצליך.—יע, עס איז אנגענעהם יעצט לעבען אויף דעם לאנד; דיא טעג ווע= רען שוין (are already getting) זעהר לאנג.—וואס איז אייער נאָמען?—מיין נאָמען איז משה.—און וואס איז אייער ברודער'ס נאָמען?—מיין ברודער'ס נאמען איז אהרן.—ווע= מעס נאָמען איז יעקב?—יעקב איז דער נאָמען פון אברהמ'ס בעדיענטען.—וויא פיעלע טעכטער האט אייער שוועסטער מרים?—מרים האט פיער טעכטער; זייערע נעמען זיינען: שרה, רבקה, רחל און לאה.—וועלכע איז דיא עלטסטע און וועלכע איז דיא יונגסטע?—שרה איז דיא עלטסטע און לאה איז דיא יונגסטע.—וויא אלט זיינען רחל און רבקה?—רחל איז צוועלף יאהר אלט און רבקה פופצעהן.

---

# 51st Lesson.—51סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| A couple (קאָפּל). | א פּאָאר (אין דער בעדייטונג פון א י י נ י ג ע). |

פאר א זאכוואָרט שטעהט נאָך couple דאָס ווערטעל of; צ. ב. a couple of days, א פּאָאר טעג.

| | |
|---|---|
| I am going into the country for a couple of days. | איך געה אויף דאָס לאנד אויף א פּאָאר טעג. |
| A day or two. | א טאָג אדער צוויא—א פּאָאר טעג. |
| Two or three days. | צווייא אדער דרייא טעג—א פּאָאר טעג. |
| A minute or two. | א מינוט אדער צווייא—א פּאָאר מינוטען. |
| Two or three minutes. | צווייא אדער דרייא מינוטען—א פּאָאר מי= נוטען. |
| A yard or two. | אן אֵייל אדער צוויא—א פּאָאר אֵיילען. |
| I am going into the country for a day or two.<br>I am going into the country for two or three days. | איך געה אויף דאס לאנד אויף א פּאָאר טעג. |

| | |
|---|---|
| He was here a minute or two ago. / He was here two or three minutes ago. | ער איז היער געוועזען א פאאר מינוטען צוריק. |
| Buy me a yard or two of linen. | קויפט מיר א פּאָאר איילען לייווענד. |
| I have not seen him this month or two. | איך האב איהם ניט געזעהן זייט א פאאר מאָנאטען. |
| The question (קוועס׳טשאָן). | דיא פראגע. |
| To ask a question. | פרעגען א פראגע, שטעלען א פראגע. |
| Do not ask me so many questions. | פרעגט (שטעלט) מיר ניט אזוי פיעלע פראגען. |
| It is a question—. | עס איז א פראגע—. |
| The question is—. | דיא פראגע איז—. |
| I have a question to ask you. | איך האב אייך א פראגע צו שטעלען (איך האב אייך עפּעס צו פרעגען). |
| You ask me so many questions that I am determined to answer you no more. | איהר שטעלט מיר אזוי פיעלע פראגען, דאס איך האב מיך פאָרגענומען אייך ניט צו ענטפערן מעהר. |

פאר דיא ווערטער more (מעהר), longer (לענגער), better (בעסער), און פאר אלע אנ-דערע אייגענשאפטסווערטער מיט דער צוגעזעצטער ענדונג er, ווערט פיר ניט מעהרסטענס גע-שטעלט no אנשטאט not:

| | |
|---|---|
| No more. | ניט מעהר. |
| No longer. | ניט לענגער. |
| No better. | ניט בעסער. |
| No dearer. | ניט טהייערער. |

| | |
|---|---|
| *To determine (דיטאָיר׳מין). | זיך פאָנעהמען, זיך ענטשליסען, בעשליסען. |
| He is determined to do it. | ער איז ענטשלאָסען עס צו טהאָן. |
| To determine on—. | בעשליסען צו—. |

נאך to determine קומט דאס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט:

| | |
|---|---|
| He is determined on doing it. | ער איז ענטשלאָסען עס צו טהאָן. |
| What have you determined on? | וואס האט איהר בעשלאָסען? |
| To teach (טי־טש), taught (טאָ־ט), taught. | לערנען (מיט אימיצן); געלערנט. |
| To teach to swim. | לערנען שווימען. |
| He teaches me to write. | ער לערנט מיך שרייבען. |
| To swim (סווים), swam (סוואם), swum (סוואָם). | שווימען געשוואומען. |
| Swimming (סווימ׳מינג). | דאס שווימען. |
| The confidence (קאָנ׳פירענס). | דאס צוטרויען, דאס פערטרויען. |
| The confidence in—. | דאס פערטרויען צו—. |
| To have confidence in a person. | האבען צוטרויען צו א פערזאָן. |
| To put אָד. to place confidence in a person. | זעצען פערטרויען אין א פערזאָן. |

| | |
|---|---|
| Do you place no confidence in me? | זעצט איהר קיין פערטרויען אין מיך? |
| To draw (דראָ); drew (דרר), drawn (דראָ־ן). | ציהען; געצויגען. |
| *To commence (קאָממענס). To begin (ביגין); began (ביגאָן), begun (ביגאָן). | אנפאנגען; אנגעפאנגען. |

**At length (אֶט לענגטה), at last (אֶט לאָסט), ענדליך.**

| | |
|---|---|
| *To use (יוז). | פלעגען. |
| I used to go. | איך פלעג געהן. |
| He used to say. | ער פלעגט זאָגען. |
| My brother used to come to our house every evening. | מיין ברודער פלעגט קומען צו אונז יעדען אבענד. |
| The language (לאֶנגווידזש). | דיא שפּראַך. |

## 151. צום איבערזעצען.

גוטען מאָרגען, מיין הערר. איז מיין זייגערל פערטיג?—עס איז פערטיג; אָבער עס וואָלט זיין בעסער, ווען איהר וואָלט עס מיר געקענט לאָזען אויף (for) נאָך א טאָג אָדער צוויא (נ אָ ך, longer, צולעצט).—זעהר גוט; היינט (this) איז דיענסטאָג, איך וויל קומען ווידער דאָנערסטאג נאָכמיטטאָג.—וועט עס יעצט געהן גוט?—איך האָף יע (י ע, so).—וואָס לערנט דיזער מאן אייערע קינדער?—ער לערנט זייא לעזען און שרייבען.—לעזען זייא גוט?—זייא לעזען זעהר גוט.—בייא (of) וועמען האבען דיא צווייא עלטערע געלערנט שרייבען?—זייא האבען עס געלערנט בייא אן ענגלענדער.—וויא שרייבען זייא?—זייא שרייבען ניט שלעכט.—האט דער מאן פיעלע שילער?—ער האט א סך, ווייל ער לערנט זעהר גוט.—לערנט ער עפּעס אויסער (besides) שרייבען?—ניין, ער לערנט קיין אנדער זאַך.—וויא שרייבט ער?—ער שרייבט שעהן.—האט ער זייא געלערנט לאנג?—זייט אונגעפעהר א יאהר.—וועט איהר איהם ניט לאָזען לערנען אייערע קינדער אויך?—ער וועט (=זאָל, shall) לערנען מיין יונגעל; מיין קליינעם מיידעל איז נאָך צו יונג צו לערנען זיך שרייבען.—וועט איהר זיא ניט לאָזען לערנען זיך שרייבען?—איהר מוטער לערנט זיא שרייבען, און מוטערס זיינען דיא בעסטע לעהרערינען פיר זייערע קליינע קינדער אזוי לאנג וויא זייא זיינען צו יונג צו שיקען (=צו ווערען געשיקט) אין שולע.—דאָ (there) זייט איהר גאנץ גערעכט.—איך געדענק מיין פרוי האט אויך געלערנט אונזערע קינדער איידער זייא זיינען געגאנגען אין שולע; זיא האט זייא געלערנט לעזען, שרייבען, און זאָגאר לעזען פראנצויזיש.—איהר האט א גוטע פרוי, און אזוי האב איך אויך.—קען זיין עטוואָס בעסערס (better) אין דער וועלט אלס א גוטע פרוי און מוטער?—ניין, זיכער ניט, עס איז גאָרנישט דאָ בעסערס, און מיר דארפען זייןווירקליך (truly) דאנקבאר, דאס מיר האבען אזעלכע גוטע פרויען, און דאס אונזערע קינדער האבען אזעלכע גוטע מוטערס.—וועלכע טעג קומט אייער שרייב־לעהרער (writing-master) צו אייך?—ער

קומט ניט צו מיר, איך געה צו איהם (=צו זיין הויז).—וועלכע טעג?—דיענסטאָג, דאָנערסטאָג און שבת.—געהט איהר פאָרמיטטאָג אדער נאָכמיטטאָג?—צווייא שטונדען יעדען פאָרמיטטאָג, פון האַלב צעהן ביז (to) האַלב צוועלף.

## 152. צום איבערזעצען.

וויא האָט איהר נעכטען פערבראַכט דעם טאָג? (פערברייננגען, to spend).—איך בין אויפגעשטאַנען זעהר שפּעט, אום (at) האַלב צעהן, מיך אָנגעטהאָן זעהר לאַנגזאַם, געפריהשטיקט אום עלף; דאַן האָב איך געמאַכט איינינע בעזוכען און בין געגאַנגען עסען מיטטאָג צו מיין אַלטער מומען.—וואָס מאַכט דיא אַלטע דאמע?—זעהר וואָהל, איך דאַנק אייך; זיא האָט מיך אויפגענומען (אויפנעהמען, to receive) זעהר פריינדליך; מיר האָבען געהאַט א פאָרטרעפליכען (excellent) מיטטאָג און א גוטעס גלאָז וויין.—אזוי, האָט איהר ניט געהאַט זיך צו בעקלאָגען אויף דעם מיטטאָגעסען.—ניין, געוויס ניט.—איז געוועזען וועלכע געזעלשאַפט אין אייער מומע'ס גאָרטען?—יע, עס זיינען געוועזען פיעלע לייטע דאָרטען.—ווער איז געוועזען דאָרטען?—עס זיינען געוועזען מיין שוועסטערקינד פון פּאַריז, מיינע שוועסטערקינדער רבקה און לאה, מיינע צווייא ברידער יצחק און יעקב, דער יונגער אַמעריקאַנער, וועלכען איהר האָט געזעהן בייא אונז (=אין אונזער הויז) א טאָג אדער צווייא צוריק, און זיבען אַנדערע (more) דאַמען און הערען, וועלכע איהר קענט ניט.—וואָס האָט איהר געטהאָן?—מיר האָבען געשפּיעלט אין קאָרטען, און צווייא פון דיא הערען האָבען געשפּיעלט אין ביליאַרד.—ווען זייט איהר גענאַנגען אַהיים?—אום (at) א פערטעל צו אַכט; עס איז געוועזען זעהר א שעהנער אָבענד.—איבער וואָס האָט איהר גערעדט מיט אייערע שעהנע קוזינעס?—איהר ווילט (=ווינשט) וויסען, צי מיר האָבען ניט גערעדט וועגען אייך? יע מיר האָבען גערעדט וועגען אייך.—האָט איהר גערעדט איבער דעם קלאַנג וועגען מיר? ווען יע (if you did), האָף איך, (דאס) איהר האָט זייא פערזיכערט, דאס עס איז ניט דאָ א וואָרט וואָהרהייט דערין.—אזוי האָב איך געטהאָן, איהר קענט אייך פערלאָזען דערויף.—וויא פיעלע הייזער, דענקט איהר, זיינען דאָ אין דיזער גאַס?—איך קעןווירקליך ניט זאָגען (ווירקליך פאר קען); איך דענק פון הונדערט ביז הונדערט און צוואַנציג.—איז דאָ עפּעס נייעס דיזען מאָרגען?—עס איז גאָרנישט דאָ נייעס, אויסער (except), דאס דער אַמעריקאַנער האָט, ענדליך, מיר בעצאַהלט, וואָס ער איז מיר געוועזען שולדיג.—עס פריייט מיך.—איך קען אייך פערזיכערן, עס איז מעהר אַלס איך האָב ווען (ever) ערוואַרטעט.

## 153. צום איבערזעצען.

איז שמואל (Samuel) צו הויז?—ער איז ניט צו הויז, אָבער ער וועט ווידער זיין צו הויז (ווידער צולעצט) אין א פּאָאַר מינוטען (=אין א מינוט אָדער צווייא).—וועט איהר געפעלינסט הערייננקומען (געפעלינסט, if you please, צולעצט), און וואַרטען אויף איהם?—איך וועל וואַרטען אויף איהם.—איז נאָך דאָ וועלכער וויין אין דיזער פלאַש?—ניט פיעל, עס איז דאָ נאָך א פּאָאַר גלעזער (=א גלאָז אָדער צווייא) דערין.—איך וואָלט וועלען (like) וויסען, אויב עס איז דאָ אימעצער אין דיזער שטאָדט, וועלכער קען מיט מיר לערנען רוסיש?—עס איז קיין איינער דאָ,

דענק איך; עס זיינען דאָ לעהרערס פון ביינאהע אלע שפּראַכען, אבער איך ווייס ניט פון קיינעם, וועלכער לערנט רוסיש.—ווען איז אייער פאָטער אָנגעקומען?—ער איז אָנגעקומען פאר א פּאָאָר שטונדען (=א שטונדע אָדער צווייא).—זיינען דאָ פיעלע יונגלאך אין אייער שולע?—יע, עס זיינען דאָ ביינאהע הונדערט.—לערנט איהר פיעל אין (at) אייער שולע?—אזוי אָפט, וויא איהר זעהט מיך, שטעלט (=פרעגט) איהר מיר דיזע פראגע; איך בעט אייך (pray), שטעלט מיר ניט אזוי פיעלע פראגען.—ווער איז געוועזען דער הערר, וועלכער האט גערעדט מיט אייך יעצט עבען?—ער איז א מאַן, וועלכען איך האב געזעהן אין בערלין פאר א פּאָאָר וואָכען (=א וואָך אדער צווייא).—וואו האט איהר געקויפט דיזע מעסערס און גאָפּלען?—איך האב זייא געקויפט בייא פּאָרטער.—פערקויפט ער ביליג?—איך קען ניט גראַדע (axactly) זאָגען, דאס ער פערקויפט ביליג, אבער וואָס ער פערקויפט איז גוט. דאס ביליגסטע איז ניט גראַדע אימער דאס בעסטע.—דאָ זייט איהר זיכער גערעכט; איך האב געהאט א פריינד, וועלכער פלעגט זאָגען, (דאָס) ער איז ניט געוועזען רייך גענוג צו קויפען ביליגע זאַכען.—וויא געפעלט אייך מיין פלעמעניצע, וועלכע איז אנגעקומען היער פאָריגען דיענסטאג?—איך האב נאָך ניט געהאט דאס פערגניגען צו רעדען (of speaking) מיט איהר. זיא איז זעהר שעהן.—יע, און אזוי גוט, און אזוי געשיקט (clever), וויא זיא איז שעהן.—זיא שיינט צו זיין זעהר יונג.—זיא איז געוועזען זיבצעהן פאָריגען דאָנערסטאָג.—אלזאָ (then) איז זיא גראַדע אזוי אלט, וויא מיין שארלאָטע.—לערנט איהר אייך שווימען?—איך האב גענומען א פּאָאָר לעקציאָנען (=א לעקציאָן אדער צווייא).—האט איהר קיין פערטרויען צו דיזען מאַן?—איך קען קיין פערטרויען זעצען (place) אין איהם, וועיל ער האט אימער געבראָכען זיין וואָרט, ווען ער האט מיר עפּעס פערשפּראָכען.

---

## 52nd Lesson.—52סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| How often do you go to the play? | וויא אָפט געהט איהר אין טהעאטער? |
| Now (אָד. at present) I go at most once or twice a month. | יעצט געה איך העכסטענס איין מאָל אדער צווייא מאָל א מאָנאַט. |
| Did you formerly use to go oftener? | פלעגט איהר פריהער געהן אָפטער? |
| O yes, till (אָד. until) about a year ago, I used to go regularly three times a week. | אָ יע, ביז אונגעפעהר א יאהר צוריק, פלעג איך געהן רעגעלמעסיג דרייא מאָל א וואָך. |
| How many times? | וויא פיעל מאָל? |
| Three times. | דרייא מאָל. |

**At most** (אֶט מאָוסט), **מעהרסטענס, העכסטענס.**

**Once** (וואָנס), **א מאל, איין מאָל.**

**Twice** (טוואַיס), **צווייא מאָל.**

| | |
|---|---|
| א מאָל. | Time (טאַים). |
| דרייא מאָל. | Three times. |
| פיער מאָל. | Four times. |

פון דרייא מאָל און ווערט מאָל אויסגעדריקט מיט דעם וואָרט times :—three times דרייא מאָל, four times פיער מאָל, five times פינף מאָל או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| נאָך א מאָל, נאָך איין מאָל, ווידער. | Once more.<br>Once again. |

## At once, גלייך, אויף א מאָל.

## Only once, but once, נאָר אַן איינציגעם מאָל.

| | |
|---|---|
| איך וועל געהן אהין נאָר נאָך איין מאָל. | I shall go there only once again אָדר once more. |
| זייא זיינען אלע אוועקגעגאַנגען אויף א מאָל. | They all went away at once. |
| ווען איך זאָג דיר צו טהאָן א זאַך (עפּעס צו טהאָן), טהוא עס גלייך. | If I tell you to do a thing, do it at once. |
| ער האט עס מיר בעצאהלט גלייך. | He paid it me at once. |
| רעגעלמעסיג. | Regular (רעגיולאַר)—Regularly. |
| דרייא מאָל א יאהר. | Three times a year. |
| דרייא מאָל א מאָנאט. | Three times a month. |
| איין מאָל א טאָג. | Once a day. |
| פיער מאָל א טאָג. | Four times a day. |
| פינף מאָל א שטונדע. | Five times an hour. |
| זיבען מאָל א וואָך. | Seven times a week. |
| זיין געהאלט איז זיבען הונדערט און פופציג דאָללער א יאהר. | His salary is seven hundred and fifty dollars a year. |
| דער געהאלט. | The salary (סאַלאַרי). |
| אויף וועלכען פּרייז האט איהר געקויפט דאָס היי און שטרוי? | At what price have you bought the hay and straw? |

The hay (היי) דאָס היי | The straw (סטראָ) דאָס שטרוי

| | |
|---|---|
| איך האב בעצאהלט צוויא דאָללער און א האלב פיר הונדערט פונט היי, און דרייסיג סענט פיר א בינטעל שטרוי. | I have paid two dollars and fifty cents a hundred-weight for the hay, and thirty cents a bundle for the straw. |
| דאָס געוויכט פון הונדערט פונט. | The hundred-weight (האָנדרעד-ווייט). |

Hundred-weight ווערט געשריבען אָבגעקירצט Cwt; wt שטעהט פיר weight, געוויכט, און c—פיר centum, הונדערט.

| | |
|---|---|
| דאָס בינטעל. | The bundle (באָנדל). |

| | |
|---|---|
| וואס צאהלט איהר א הונדערט פיר אייערע ציגארען? | What do you pay a hundred for your cigars? |
| דיא ציגאר. | The cigar (סיגאר). |
| איך קויף זייא ניט הונדערט־ווייז, נאר טויזענד־ווייז. | I do not buy them by the hundred but by the thousand. |
| הונדערט־ווייז. | By the hundred. |
| טויזענד־ווייז. | By the thousand. |
| דוצענד־ווייז. | By the dozen. |
| פערקויפט איהר דיזעס זיגעל־לאק (טריפ־וואקס) שטיק־ווייז אדער נאך דעם געוויכט? | Do you sell this sealing-wax by the piece or by weight? |
| הונדערט דאללער דיא הונדערט פונט. | A hundred dollars a hundred-weight (אָד. Cwt.). |
| אכצעהן סענט אן אייל. | Eighteen cents a yard. |
| פיער דאָלער און א האלב א דוצענד. | Four dollars and a half a dozen. |
| וואס איז דער פרייז פון (וואס קאָסטען) דיזע זאָקען? | What is the price of these stockings? |
| פינף דאָלער א דוצענד (אין ענגליש: א דו־צענד פּאָאר). | Five dollars a dozen pair. |
| וויא פיעל האט איהר בעקומען פיר אייער צוקער? | How much have you got for your sugar? |
| איך האב איהם פערקויפט צו דרייסיג דאָללער פער הונדערט פונט. | I have sold it at thirty dollars a hundred-weight. |
| הונדערט־ווייז, אויפ'ן הונדערט. | By the hundred. |
| דוצענד־ווייז, אויפ'ן דוצענד. | By the dozen. |
| פונט־ווייז, אויפ'ן פונט. | By the pound. |
| אנדערטהאלבען דוצענד (=א דוצענד און א האלב). | A dozen and a half. |
| אנדערטהאלבען פונט (=א פונט און א האלב). | A pound and a half. |
| דריטהאלבען דוצענד (=צווייא דוצענד און א האלב). | Two dozen and a half. |
| פערטהאלבען איילען (=דרייא איילען און א האלב). | Three yards and a half. |
| א פונט און דרייא פערטעל. | A pound and three quarters. |
| זיבען איילען און א פערטעל. | Seven yards and a quarter. |
| אנדערטהאלבען טויזענד (=פופצעהן הונדערט). | Fifteen hundred. |

| | |
|---|---|
| דריטהאלבען הונדערט (=צווייא הונדערט און פופציג) דאָללער. | Two hundred and fifty dollars. |
| פערטהאלבען טויזענד (=דרייא טויזענד פינף הונדערט) דאָללער. | Three thousand five hundred dollars. |
| ער איז רייך אין אַנדערטהאלבען מילליאָן (=אַ מיליאָן און אַ האלב). | He is worth a million and a half. |
| ווערטה; רייך אין—. | Worth (וואָירטה). |
| זיין רייך אין—. | To be worth—. |
| דיזער הערר איז רייך אין זעקסטהאלבען טויזענד (=פינף טויזענד פינף הונדערט) דאָללער. | This gentleman is worth five thousand and five hundred dollars. |
| אַנדערטהאלבען יאהר. | A year and a half. |
| אַ יאהר און אַ פערטעל. | A year and a quarter. |
| אַ יאהר און דרייא פערטעל. | A year and three qurters. |
| דאס פערטעל. | The quarter (קוואָרטער). |
| שלאָגט דיזע אוהר דיא פערטעל-שטונדען? | Does this clock strike the quarters? |
| דאָס פערטעל, דער פערטעל-טהייל. | The fourth (פאָורטה).<br>The fourth part. |
| דער פערטעל-טהייל פון צוואנציג. | The fourth part of twenty. |
| מיר האבען בעקומען דרייא פערטעל דערפון און ער איינס. | We got three fourths of it, and he one. |
| וואס איז דער פרייז פון—? וויא פיעל קאָסט? | What is the price of—? |
| פון וואָס לעבט דער מאַן? | What does the man live upon? |
| ער לעבט פון—. | He lives upon—. |
| ער לעבט פון זיינע איינקינפטע (הכנסה). | He lives upon his income. |
| דיא איינקינפטע (דיא הכנסה). | The income (אינ׳קאָם). |
| קען אַ מענש היער לעבען מיט צווייא טויזענד דאָללער אַ יאהר? | Can a man live here upon two thousand dollars a year? |
| לעבען פון ארבייט. | To live by labor. |
| לעבען פון—. | To live by—. |
| ער לעבט פון זיין געשעפט (אָד. פראָפעסיאָן). | He lives by his trade. |
| דיא ארבייט. | The labor (לייבאָר). |
| דאס געשעפט; דיא פראָפעסיאָן. | The trade (טרייד). |
| ער איז אַ סטאָליער פון פראָפעסיאָן. | He is a joiner by trade. |
| וויא פיעל האט ער צו פערצעהרען אַ יאהר? | How much has he to spend a year? |

| | |
|---|---|
| To spend (ספענד); spent (ספענט), spent. | פערצעהרען, אויסגעבען; פערצעהרט, אויס־געגעבען. |
| He has from four hundred to five hundred (אָד. four or five hundred) dollars a year. | ער האט פון פיער ביז פינף הונדערט דאָל־לער א יאהר. |
| How much have you spent? | וויא פיעל האט איהר פערצעהרט? |
| He has a fortune of from twenty thousand to thirty thousand dollars. | ער האט א פערמעגען פון צוואנציג ביז דרייסיג טויזענד דאָללער. |
| The fortune (פאָר׳טשון). | דאָס פערמעגען. |

ווען מען געברויכט דאָס וואָרט to (ביז) צווישען הונדערטער, טויזענדער און מיליאָנען, דאַרפען דיא הונדערטער, טויזענדער און דיא מיליאָנען ווידערהאָלט ווערען; צ. ב. פיר: צוויא ביז דרייא הונדערט זאָגט מען ניט two to three hundred, זאָנדערן: two hundred to three hundred (צוויי הונדערט ביז דרייא הונדערט). וואו מען געברויכט דאָס וואָרט or (אָדער) איז ניט נויטהיג צו ווידערהאָלען דיא קלענערע צאָהל; צ. ב. two or three hundred, five or six thousand או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| From four hundred to five hundred. | פון פיער ביז פינף הונדערט. |
| From one thousand to two thousand. | פון איינס ביז צווייא טויזענד. |
| From twenty-four thousand to twenty-five thousand. | פון פיער און צוואנציג ביז פינף און צוואנ־ציג טויזענד. |
| Four or five hundred. | פיער אָדער פינף הונדערט. |
| One or two thousand. | איינס אדער צווייא טויזענד. |
| Twenty-four or twenty-five thousand. | פיער און צוואנציג אדער פינף און צוואנ־ציג טויזענד. |

### From—to, פון—ביז (פון אָרט, געוויכט, מאָס און צאָהל).

### From—till, פון—ביז (פון צייט).

| | |
|---|---|
| From morning till night. | פון מאָרגען ביז נאכט. |
| From forenoon till afternoon. | פון פאָרמיטטאָג ביז נאָכמיטטאָג. |

### As far as, ביז (פון אָרט).

As far as בעדייטעט אייגענטליך: אזוי ווייט וויא. דיזער אויסדרוק ווערט געברויכט, ווען עס ווערט פריהער ניט געזאָגט פון וואַנען אָדער פון וועלכען פונקט.

| | |
|---|---|
| As far as our house. | ביז אונזער הויז, ביז אונז. |
| I went with him as far as our uncle's. | איך בין מיט איהם געגאנגען ביז אונזער פעטער. |
| When you have copied the letter as far as here, tell me. | ווען איהר האט איבערגעשריבען דעם בריף ביז היער, זאָגט מיר. |
| Read as far as here (אָד. as this). | לעזט ביז דאַנען. |
| Read till I call you. | לעזט ביז איך רוף אייך. |

| | |
|---|---|
| Go with me as far as the gate, and wait there till I come to you again. | געהט מיט מיר ביז דעם טהויער און ווארט דאָרטן ביז איך קום צו אייך ווידער. |

## How far, וויא ווייט? ביז וואוהין, ביז וואַנען?

| | |
|---|---|
| How far will you travel to-day? | ביז וואוהין וועט איהר היינט רייזען? |
| We shall go only as far as Philadelphia. | מיר וועלען נאָר געהן (רייזען) ביז פילאַ-דעלפיא.<br>מיר וועלען געהן ניט ווייטער אלס פילאַ-דעלפיא. |
| How far did you get with your work yesterday? | וויא ווייט זייט איהר נעכטען געקומען מיט אייער ארבייט? |
| He used to work from morning till night and scarcely earn one dollar a day. | ער פלעגט ארבייטען פון מאָרגען ביז נאכט און קוים פערדיענען איין דאָללער א וואָך. |

## Scercely (סקע׳רס׳לי), hardly (האַרד׳לי), קוים.

| | |
|---|---|
| Scarcely אָד. hardly anything. | קוים עטוואָס, פאַסט גאָרנישט. |
| *To earn (אֶירן). | פערדיענען. |
| As much again. | נאָך א מאָל אזוי פיעל. |
| As many again. | נאָך א מאָל אזוי פיעלע. |
| As good again. | נאָך א מאָל אזוי גוט. |
| As dear again. | נאָך א מאָל אזוי טהייער. |
| Half as much again. | נאָך האלב אזוי פיעל. |
| Dearer by half. | מיט א העלפט טהייערער. |
| Twice as long. | צווייא מאָל אזוי לאַנג. |
| Three times as large. | דרייא מאָל אזוי גרויס. |
| Twice, three times as much. | צווייא מאָל, דרייא מאָל אזוי פיעל. |
| What is he proud of? | אויף וואָס איז ער שטאָלץ? |
| He is proud of his riches. | ער איז שטאָלץ אויף זיין רייכטהום. |
| Proud (פראַוד). | שטאָלץ. |
| Wealth (וועלטה), riches (ריטשיז). | רייכטהום, פערמעגען. |
| His wealth is immense.<br>His riches are immense. | זיין רייכטהום איז אונערמעסליך (זעהר גרויס). |

דאָס וואָרט riches ווערט נאָר געברויכט אין דער מעהרצאָהל און דעריבער קומט נאָך איהם are, ניט is.

## 154. צום איבערזעצען.

וויא פיעל מאָל האָט איהר איבערגעשריבען דיזען בריף?—איך האָב איהם איבער-געשריבען איין מאָל.—וויא פיעלע ענגלישע לעקציאָנען האָט איהר א וואָך?—איך האָב

דרייא לעקציאָנען א וואָך.—האבען אייערע קינדער מעהר פראנצויזישע לעקציאָנען אלס ענגלישע א וואָך?—זייא האבען צווייא לעקציאָנען פון יעדע א וואָך.--וועט איהר געהן נאָך א מאָל צו אייער פעטער אֵיידער ער רייזט אָב?—איך וועל געהן אהין (there) ווידער היינט פארנאכט.—ווארום שיקט איהר ניט מיין ברודער זיין איטאליענישעס בוך צוריק (back)?—איך וואָלט שוין עס האבען געשיקט איהם צוריק, ווען איך וואָלט ניט ווינשען עס צו לעזען נאָך א מאָל.—ווייסט איהר ניט, אויב ער קען עס לאָזען (=שפּאַרען) פיר נאָך איינינע טעג? (נ א ך, longer, צולעצט)—איך דענק ניט, דאס ער קען עס לאָזען לענגער, ווייל מיין פלעמעניק האט איהם שוין געבעטען וועגען דעם (for it) א פּאָאַר מאָל און ער האט פערשפּראָכען, דאס ער וועט(=זאָל) עס האבען היינט.—האט אייך דער רוסע געגעבען דאס בוך?—ער האט עס מיר געגעבען זאָגלייך (at once), ווען איך האָב איהם געבעטען וועגען דעם.—ווארום האט ער עס געהאלטען אזוי לאַנג?—ער זאָגט ער איז געוועזען צווייא מאָל אין מיין הויז מיר עס צו ברייננען און האט קיינעם געזעהן, וועמען ער זאל דאָס קענען געבען (=וועמען ער האט געקענט האָבען געגעבען עס).—ווארום מוז דיזער בריף איבערגעשריבען ווערען צווייא מאָל?—ווייל אייער ברודער נעהמט אֵיין קאָפּיע מיט זיך (=מיט איהם) און דיא אנדערע דארף בלייבען (=איז צו בלייבען) היער.—וויא פיעל איז צווייא מאָל זעכצעהן און א האלב?—צווייא מאָל זעכצעהן און א האלב איז גראַדע אזוי פיעל, וויא דרייא מאָל עלף.—און וויא פיעל איז פיער מאָל דרייא און דרייסיג?—פיער מאָל דרייא און דרייסיג איז הונדערט צווייא און דרייסיג.—זיינען אלע וואארען אָבגעשיקט געוואָרען מיט א מאָל?—ניין, יאָהאָן האט ניט געקענט נעהמען זייא אלע אויף א מאָל, ער האט געמוזט געהן צווייא מאָל.

## 155. צום איבערזעצען.

לעזט איהר אָפט ביכער מעהר אלס אֵיין מאָל?—ווען זייא געפעלען מיר זעהר פיעל, לעז איך צווייא אדער דרייא מאָל.—וויא אָפט בעזוכט איהר אייער פעטער?—איך בעזוך איהם רעגעלמעסיג אֵיין מאָל אדער צווייא מאָל א וואָך.—וויא אָפט געהט אייער שוועסטער צו איהר מומען?—זיא געהט אֵיין מאָל אדער צווייא מאָל אין פערצעהן טאג (in a fortnight).—ווארום געהט זיא ניט עפטער?—ווייל מיין מומע וואוינט יעצט פיעל ווייטער פון אונז אלס זיא פלעגט וואוינען (אנשטאָט צו ווידערהאָלען דאָס וואָרט וואוינען קומט do).—געהט נאָך אייער פאָטער אין (to) לאָנדאָן יעדעם יאהר, וויא פריהער? (=וויא ער פלעגט טהאָן?)—ער געהט נאָך לאָנדאָן רעגעלמעסיג אֵיין מאָל א יאהר.—איז ער שוין געוועזען אין לאָנדאָן דיזעס יאהר?—נאָך ניט.—וואָס צאָהלט איהר פיר אייערע ציגארען?—איך האב צווייא זאָרטען, פיר איינע האב איך בעצאָהלט פינף און דרייסיג און פיר דיא אנדערע פיער און פערציג דאָללער א טויזענד.—וואָס איז דער פּרייז פון אייערע?—איך קויף מיינע בייא דיא הונדערט.—זייא שיינען צו זיין זעהר גוט; וואָס קאָסטען זייא?—איך האב בעצאָהלט פיער דאָללער און א האלב א הונדערט פיר זייא.—וואָס האט איהר בעצאהלט פיר דיזע האנדשוה?—איך האב געקויפט צווייא פּאָאַר אויף (at) א דאָללער און א האלב יעדעס.—וואָס צאָהלט איהר פיר אייער צוקער?—איך צאהל פופצעהן סענט א פונט.—וויא פיעל צוקער ברויכט איהר א וואָך?—איך ברויך פון א פונט און א פערטעל ביז א פונט און א האלב א וואָך.

## 156. צום איבערזעצען.

יאָהאַן, וויא פיעל האסט דוא בעצאָהלט פיר דאס היי און שטרוי?—היי און שטרוי זיינען זעהר טהייער יעצט; איך האב געצאהלט פיער סענט א בינטעל פיר דאָס שטרוי און איין דאָללער און א פערטעל א הונדערט פונט פיר דאס היי.—וויא פיעל האט איהר געקויפט פון יעדען?—איך האב געקויפט הונדערט און פופציג בינטלאך שטרוי און טויזענד פונט (=צעהן הונדערט פונט געוויכט) היי.—האט איהר פערקויפט אייער וויין?—יע, איך האב איהם פערקויפט זעהר גוט — וויא פיעל האט איהר בעקומען דערפיר?—איך האב פערקויפט איין סאָרט אויף אַכט דאָללער אַ האלב און דיא אַנדערע אויף דרייצעהן דאָללער א דוצענד.—וויא פיעלע פלאשען זיינען געוועזען דאָרטען?—עס זיינען געוועזען צוויא הונדערט און פופציג פלאשען פון יעדער סאָרט.—פון וואָס לעבט דיזער מאַן? ער מאַכט (=טהוט) קיין געשעפט, דענק איך.—ער איז רייך גענוג; ער קען לעבען אָהן (צו) טהאָן וועלכעס געשעפט; ער לעבט פון (upon) זיינע איינקינפטע.—וויא פיעל האט ער א יאהר?—ער האט מיר געזאָגט ניט לאַנג (the other day), ער האָט (=האָט געהאט) יעצט צוויא טויזענד פינף הונדערט דאָללער א יאהר, אבער ער ערוואַרטעט (פערג. צ.=פ.) צו האָבען פון פינפטהאַלבען טויזענד ביז פינף טויזענד דאָללער א יאהר נאָך (on) דעם טוידט פון זיין מומען, וועלכע איז (=איז געוועזען) זיבען און אַכציג יאהר אַלט און קען (=האט ניט געקענט) לעבען פיעל לענגער (דיא צייט=פאָרם פון דיא האַנדלונגכווערטער פון דיא וויכטיגע טהיילען פון אַ זאַץ מוזען שטימען מיט דער צייט=פאָרם פון דעם פאָרדער=טהייל פון זאַץ און דעריבער קומען אין דיזען זאַץ אַלע האַנדלונגכווערטער אין דער איינפאַכער פערגאַנגענער צייט=פאָרם).—איז אימעצער געוועזען אין מיין צימער אַלס איך בין געוועזען אוועג (=וועהרענד מיין אבוועזענהייט, during my absence)?—איך האָב געפונען צוויא הערען וואַרטענדיג אויף (for) אייך; זייא האבען געוואַרט בייגאהע א שטונדע.—וואָס האבען זייא פערלאַנגט?—איך וויים ניט; זייא האבען מיר ניט געוואָלט זאָגען, און זיינען אוועגגעגאַנגען גלייך, ווען איך האב זייא געזאָגט (on my telling them), דאָס איהר וועט ניט (=וואָלט ניט) קומען אהיים צוריק ביז אכט א זייגער אדער האלב ניין, דיזען אַבענד.—וויא פיעל געהאלט האט אייער זוהן?—ער האט זיבען הונדערט און פופציג דאָללער א יאהר; אבער נעכסטעס יאחר וועט ער וואהרשיינליך (probably) האָבען טויזענד.

## 157. צום איבערזעצען.

האט איהר וועלכע גוטע לייוועגד פיר העמדער?—איך האב וועלכע זעהר גוטע, מאדאם, אַי אירלענדישע אַי דייטשע.—וויא פיעל לייוועגד וועל איך ברויכען פיר אַנדערטהאַלבען דוצענד העמדער?—איהר וועט פאָרדערן זעקסטהאַלבען איילען פיר א העמד; דאָס וועט זיין הונדערט און פינף און זעכציג איילען.—וועט איהר זיין אַזוי גוט צו מעסטען דיזעם שטיק?—איהר מוסט נעהמען מעהר אַלס איין שטיק.—דיזע צוויא שטיקער זיינען געוואָרען געמאָסטען היינט אין דער פריה; זייא ענטהאַלטען צוזאַמען הונדערט און זעקס און דרייסיג איילען און א האלב; אַלזאָ (so) וועט איהר מוזען נעהמען (you will have to take) אַכט און צוואַנציג איילען און א האלב מעהר פון דיזען

שטיק.—נעהערען דיזע שטיקער צוזאמען?—יע (they do).—וויא לאנג זייט איהר שוין (=זייט איהר געוועזען) היער?—איך בין שוין היער דרייא וואכען.—ווען האט איהר אייך אומגעקעהרט צוריק פון האמבורג?—איך האב מיך אומגעקעהרט צוריק פאריגען דאנער־סטאג אין דער פריה.—ווען האט איהר פערלאזען האמבורג?—איך האב פערלאזען האמ־בורג דאנערסטאג נאכמיטטאג.—וויא פיעלע טעג זייט איהר געוועזען אויף דעם וועג?—מיר זיינען געוועזען פינפטהאלבען טעג אויף דעם וועג.—זייט איהר געקומען אליין?—ניין, מיין עלטסטע שוועסטער און מיין יונגסטער ברודער זיינען געקומען מיט מיר.—וויא לאנג זייט איהר געוועזען אין ניו יארק?—איך בין געוועזען דארטען א יאהר און דרייא פערטעל.—זייט איהר געוועזען אין ניו יארק מעהר אלס איין מאל?—יע, אכט יאהר צוריק בין איך דארטען געוועזען א יאהר און א פערטעל (פאר דער צייט קומט דאס ווערטעל for).—פון וואס לעבען דיזע מענשען? זייא גיבען אוים זעהר פיעל (א סך) געלד.—זייא מיזען אויסגעבען פיעל; זייא זיינען זעהר רייך.—וויא פיעל האבען זייא צו פערצעהרען?—יעדערער פון דיא צווייא ברידער האט פון עלף ביז צוועלף טויזענד דאללער א יאהר.—ווינשט איהר ניט, דאס איהר זאלט האבען (=דאס איהר וואלט געהאט, that you had) אזוי פיעל?—ניין, איך וואלט זיין צופרידען מיט וועניגער.

## 158. צום איבערזעצען.

וואס איז דיזער מאן?—ער איז א אוהרמאכער פון פראפעסיאן.—איז ער א גע־שיקטער מענש?—ער איז דער געשיקטעסטער אוהרמאכער, וועלכען מיר האבען אין דיזער שטאדט (וועלכען ווערט אויסגעלאזען).—זיינען דא פיעלע אוהרמאכערס אין דיזער שטאדט?—זעהר פיעלע; עס איז דא איינער פאסט אין יעדער גאס.—וויא לאנג וואוינט איהר (=האט איהר געוואוינט) אין דיזען הויז?—איך וואוין נאך ניט גאנצע (quite) פופצעהן מאנאטען דערין.—וויא לאנג וואוינט אייער שוואגער אין זיין הויז?—ער וואוינט לענגער אלס איך אין מיינעם. ער וואוינט דערין א יאהר און דרייא פער־טעל.—וויא לאנג איז געוועזען מיין זוהן בייא אייך נעכטען?—ער איז געוועזען בייא אונז פון א פערטעל צו זיבען ביז האלב עלף.—איז נאך אימעצער (=אימעצער אנדערס) גע־וועזען בייא אייך?—דער אלטער רוסע, דער יונגער דייטש, דער קליינער ענגלענדער און דער הויכער אמעריקאנער און מיין זוהנ'ס שוועער זיינען געוועזען בייא אונז.—זיינען זייא געבליבען לאנג?—זייא זיינען אוועגגעגאנגען באלד נאך דעם, (וויא) אייער זוהן איז אוועג; זייא זיינען געבליבען ביז א פערטעל צו עלף.—זעהט איהר אפט דעם קליינעם פראנצויז יעצט?—מיר זעהען איהם קוים ווען (קוים ווען, scarcely ever, פאר זעהן).—וויא לאנג נאך (how much longer) וועט איהר בלייבען היער?—איך וועל בלייבען היער ביז נעכסטען דיענסטאג.—וויא ווייט איז עס פון היער ביז אייער לאנד־הויז?—איך געה עס געוועהנליך איין (איינגעהן, to walk) אין א שטונדע און א פערטעל.—ביז וואנען (=וויא ווייט) האט איהר געלעזען אין דיזען בוך?—איך האב געלעזען ביז היער.—ביז וואנען האט איהר געררייזט מיט אייער שוואגער?—איך האב מיט איהם געררייזט ביז פאריז.—וועט איהר מיט מיר געהן ביז דעם טהויער?—איך קען ניט געהן מיט אייך, איך וועל האבען צו שרייבען ביז זעקס א זייגער דיזען אבענד.—ווארום איז יאהאן נאך ניט געקו־מען צוריק?—ער קען נאך ניט זיין ווידער צוריק.

### .159 צום איבערזעצען.

וואָס קאָסטען (=וואָס איז דער פּרייז) פון דיזע זאַקען?—זייא זיינען דריטהאַלבען דאָללער, מאַדאַם.—איז דאס ניט זעהר טהייער?—איך קען אייך ווייזען ביליגערע, און איך האב אויך מאַנכע, וואָס (that) קאָסטען נאָך א מאָל אזוי פּיעל (as much again).—האט איהר געשריבען מעהר בריף אַלס איך?—איך האב געשריבען גראדע נאָך א מאָל אזוי פּיעלע.—וויא פּיעל קען דיזער מאַן פערדיענען א טאָג?—ער פעדיענט ניט אזוי פּיעל יעצט וויא פריהער. ער האט מיר נעכטען געזאָגט, דאס לעצטעס יאהר האט ער יעהר אָפט פערדיענט נאָך א מאָל אזוי פּיעל וויא יעצט (as he does now).—איז דיזער מאַן אזוי רייך וויא יענער?—ער איז ווענינסטענס נאָך א מאָל אזוי רייך; אבער ער איז זעהר שטאָלץ אויף זיין רייכטהום.—וויא פּיעל האט ער צו פערצעהרען א יאהר?—מיין שוואָגער האט מיך פערזיכערט, דאס ער האט צו פערצעהרען פון הונדערט טויזענד ביז הונדערט און צוואַנציג טויזענד דאָללער א יאהר (צו פערצעהרען, to spend, צולעצט).—איז עס ניט נאָך א מאָל אזוי ווייט פון מיין הויז ביז דער בערזע וויא (as) פון אייערן?—ניט גאַנץ נאָך א מאָל אזוי ווייט, אונגעפעהר נאָך האַלב אזוי ווייט (נאָך, again, צולעצט).—איז דיזעס בוך אזוי גוט וויא יענעס?—עס איז נאָך א מאָל אזוי גוט, אָבער עס קאָסט צווייא מאָל אזוי פּיעל; יענעס קאָסט אכטהאַלבען דאָללער און דיזעס קאָסט זיבצעהן.

---

## 53rd Lesson.—53סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| האט איהר יעצט אַלעס, וואָס איהר ברויכט? | Have you now all you want? |
| איך האב אַלע ביכער, וועלכע איך דאַרף, אבער ניט דאס גאַנצע געלד. | I have all the books I want, but not all the money. |
| האט איהר אויסגעניצט דאס גאַנצע פּאַפּיער? | Have you used up all the paper? |
| אויסניצען, פערניצען. | To use up. |
| גיט איהם ניט אַלעס און מיר גאָרנישט. | Do not give him all and me nothing. |
| דאָס גאַנצע געלד איז אויסגעגעבען. | All the money is spent. |
| אַלע געשעפטס בריף שרייבט ער אַליין. | All business letters he writes himself. |
| זייט איהר געוועזען צו הויז דעם גאַנצען טאָג? | Were you at home all the day? |
| איך בין געוועזען צו הויז דעם גאַנצען טאָג. | I was home all the day. |
| זייט איהר געוועזען גאַנץ אַליין? | Were you all alone? |
| איך בין געוועזען גאַנץ אַליין. | I was all (.אָד quite) alone. |
| עס איז גאַנץ פאַרביי מיט איהם. | It is all over with him. |
| זייא זיינען אַלע צו הויז. | They are all at home. |
| עס איז גאַנץ דאס זעלביגע. | It is all the same. |
| איבער דער גאַנצער גאַס. | All along the street. |

## All (אָ־ל), אל, אלע, אלעס, גאַנץ.

ווען עס דאַרף קומען בייא all דאָס ווערטעל the, שטעהט עס אימער נאָך איהם: all the houses, אַלע הייזער, אל דיא הייזער; all the house, דאָס גאַנצע הויז.

The ווערט אויסגעלאָזען נאָך all, ווען עס קומט פאַר אַ וואָרט צו בעצייכענען אַלע אָדער גאַנץ אין אַ גאַנץ פֿריימען זין: all America, גאַנץ אַמעריקאַ; at all times, צו אַלע (צו יעדער) צייט.

| | |
|---|---|
| All my money is gone. | מיין גאַנצעס געלד איז ניטאָ (אוועג). |
| Is this quite a new coat? | איז דאָס אַ גאַנץ נייער ראָק? |
| He has grown quite an old man. | ער איז געוואָרען אַ גאַנץ אַלטער מאַן. |

## Quite (קוואַיט), גאַנץ.

דאָס ווערטעל a (an) בייא quite שטעהט אימער נאָכהער.

| | |
|---|---|
| It is quite a young horse. | עס איז אַ גאַנץ יונגעס פערד. |
| Is this quite true? | איז דאָס גאַנץ וואהר? |
| Will you be quite ready by six o'clock? | וועט איהר זיין גאַנץ פערטיג ביז זעקס אַ זייגער? |
| He was quite fatigued (אָד. tired). | ער איז געוועזען גאַנץ מיד. |
| Fatigued (פעטיגד), tired (טאַירד). | ערמידעט, מיד. |
| Is it not quite surprising? | איז עס ניט גאַנץ ערשטוינענד? |
| It is cut quite through. | עס איז גאַנץ דורכגעשניטען. |
| He is quite able to do it. | ער איז גאַנץ פעהיג עס צו טהאָן. |
| He is quite the man I want. | ער איז גאַנץ (גראַדע) דער מאַן, וועלכען איך ברויך. |
| Able (אייבל). | פעהיג. |
| She is quite well. | זיא איז גאַנץ געזונד. |

Quite ווערט אויך זעהר אָפט געברויכט אין דעם זין פון גאַנצער, גאַנצע, גאַנצעס און האָט דאַן נאָך זיך אימער דאָס ווערטעל a (an) אָדער the:

| | |
|---|---|
| He is quite a אָד. the man of business. | ער איז אַ גאַנצער געשעפטסמאַן. |
| She has grown quite a woman. | זיא איז געוואָרען אַ גאַנצע ערוואַקסענע פרוי. |
| He is quite a gentleman. | ער איז אַ גאַנצער חערר. |

## Half (האַף), האַלב, העלפט.

| | |
|---|---|
| Have you drunk a whole bottle? | האָט איהר געטרונקען אַ גאַנצע פלאַש? |
| No, I have drunk only half a bottle. | ניין, איך האָב נאָר געטרונקען אַ האַלבע פלאַש. |
| Do you occupy the whole house? | בעוואוינט איהר דאָס גאַנצע הויז? |
| *To occupy (אָקקיופּאַי). | פערנעהמען, בעוואוינען. |
| No, we have only half the house. | ניין, מיר האָבען נאָר דאָס האַלבע הויז. |

| | |
|---|---|
| Can you give me half a sheet of paper? | קענט איהר מיר געבען א האלבען בויגען פאפיער? |

דאָס ווערטעל a (an) בייא half שטעהט געוועהנליך נאָכהער; the שטעהט געוועהנליך פאָרהער; a אָדער the שטעהט אימער פאָרהער, ווען half ווערט געברויכט אין דעם זין פון העלפט.

| | |
|---|---|
| Half an apple. | א האלבער עפעל. |
| The half apple. | דער האלבער עפעל. |
| Half a dozen. | א האלבע דוצענד. |
| Half a hundred. | א האלבעס הונדערט. |
| The half hundred. | דאָס האלבע הונדערט. |
| Half an hour. | א האלבע שטונדע. |
| I will take half אָד. one half. | איך וויל נעהמען העלפט. |
| The halves (האוּוז). | דיא העלפטען. |
| The two halves. | דיא צווייא העלפטען. |
| The half hour is past (אָד. gone), we will wait no longer. | דיא האלבע שטונדע איז פאָריבער, מיר ווילען ניט לענגער וואַרטען. |
| Half the town knows it. | דיא האלבע שטאָדט ווייס עס |
| The half of an apple. | דיא העלפט פון אַן עפעל. |
| This half apple. | דיזער האלבער עפעל. |

## Such a (an), אזעלכער, אזוינער, אזא; such, אזעלכע, אזוינע (מ.).

| | |
|---|---|
| I should like to have such a hat as my brother has bought of you. | איך וואָלט וועלען האָבען אזא הוט, וויא מיין ברודער האט געקויפט בייא אייך. |
| Have you ever seen such a large dog? | האט איהר ווען געזעהן אזא גרויסען הונד? |
| If I could get such a horse, I should buy it at once. | ווען איך וואָלט געקענט בעקומען אזא פערד, וואָלט איך עס קויפען גלייך. |
| I know who has such a one; it is quite such another as this. | איך ווייס ווער עס האט אזעלכעס; עס איז נאָך איינס עבען אזוי וויא דיזעס. |
| Have you ever before seen such glasses? | האט איהר שוין ווען געזעהן אזעלכע גלעזער? |
| No, such I have never seen before. | ניין, אזעלכע האָב איך נאָך קיינמאָל געזעהן. |
| I have seen many such. | איך האב געזעהן פיעלע אזעלכע. |
| She has such fine eyes. | זיא האט אזעלכע שעהנע אויגען. |

## Ever before? שוין א מאָל? שוין ווען?

## Never before, נאָך קיינמאָל.

| | |
|---|---|
| Have you ever before heard such a thing? | האט איהר שוין אזוינס געהערט? |
| Such a thing I have never heard before. | אזוינס האב איך נאָך קיינמאָל געהערט. |

## Such a thing, אזא זאך, אזוינס, אזוי׳נס וואס.

## Such a one, אזא איינער.

| | |
|---|---|
| My brother has bought such a fine horse! | מיין ברודער האט געקויפט אזא פיינעס פערד! |
| I never saw such a fine horse! | איך האב קיינמאל געזעהן אזא שעהנעס פערד! |
| We have now such a large house. | מיר האבען יעצט אזא גרויסעס הויז. |
| Why (אד. what for) so large a house for so small a family? | ווארום אזא גרויסעס הויז פיר אזא קליינע פאמיליע? |

## What for? Why?, ווארום? צו וואס?

## Such as—, דיא, וואס—, דיא יעניגע, וועלכע—.

| | |
|---|---|
| Such as we have seen till now, do not please us (אד. we do not like). | דיא יעניגע, וועלכע מיר האבען געזעהן ביז יעצט, געפעלען אונז ניט. |
| Such as wish to go with us, must say so now. | דיא, וואס ווילען געהן מיט אונז, מוזען עס יעצט זאגען. |
| Such as are large enough, I will keep. | דיא, וואס זיינען גרויס גענוג, וויל איך בעהאלטען. |

| | |
|---|---|
| *To ruin (רואין). | רואינירען, צושטערן, צו גרונד ריכטען. |
| A sheet (שיט). | א בויגען. |
| A quire (קוואיר). | א בוך, א ליווער (24 בויגענס). |
| A ream (ריח). | א ריעז (20 ליווערס). |
| A sheet of paper. | א בויגען פאפיער. |
| A quire of paper. | א ליווער פאפיער. |
| A ream of paper. | א ריעז פאפיער. |

### 160. צום איבערזעצען.

האט איהר פערקויפט אייער גאנצע וואל?—מיר האבען זיא נאך ניט פערקויפט אין גאנצען (all).—ווענט איהר היינט שיקען צוריק אלע דיזע ביכער?—איך וועל ניט שיקען (זייא) אלע צוריק; צווייא פון זייא וועל איך בעהאלטען.—איז אלעס וואהר, וואס (that) דער מאן האט געשריבען צו אייך?—איך גלויב עס איז אלעס גאנץ וואהר.—האט איהר אויסגעגעבען (אד. פערצעהרט) דאס גאנצע געלד?—איך האב גיט נאר אויסגעגעבען אין גאנצען, נאר איך האב אויך געבארגט וועלכעס בייא (of) מיין שוועסטערקינד.—האט איהר אלע געלערנט אייערע לעקציאנען?—איך האב געלערנט מיינע, אבער איך ווייס ניט, אויב דיא אלע אנדערע האבען געלערנט זייערע.—האט איהר געזאגט אלע יונגלאך, דאס זייא מוזען היער זיין אום צווייא א זייגער?—איך האב עס געזאגט זייא אלעמען (to all of them).—זאל (shall) איך זייא זאגען נאך א מאל (ווידער)?—יע, זאגט זייא נאך א מאל.—האט איהר געקאפירט (איבערגעשריבען) אלע בריף?—

איך קאפיר עבען דעם לעצטען.—ווען וועט איהר זיין פערטיג?—אין א האלבע שטונדע
וועל איך זיין גאנץ פערטיג.—זייט איהר געבליבען צו הויז נעכטען דעם גאנצען טאג
(all yesterday)?—איך בין געבליבען צו הויז דעם גאנצען פארמיטטאג, אבער ניט דעם
גאנצען נאכמיטטאג.—זייט איהר געגאנגען גאנץ אליין צו אייער מומען?—איך בין גע=
גאנגען דעם גאנצען וועג אליין (by myself).—איז דיזער הוט גאנץ נייא?—ער איז ניט
גאנץ נייא, ווייל איך האב איהם שוין (I have had it) א וואך.—האט איהר געזאגט אייער
פאטער, דאס איך ווינש צו רעדען מיט איהם היינט אבענד?—איך האב גאנץ פערגע=
סען צו זאגען איהם.—קענט איהר מיר געבען (וועלכעס) פאפיער?—וואס האסט דוא
געטהאן מיט דעם גאנצען פאפיער, וועלכעס איך האב דיר געגעבען נעכטען?—איך האב
עס פערניצט אין גאנצען.—איז אייער הויז אזוי גרויס וויא אונזערס?—איך גלויב עס איז
ניט גאנץ אזוי גרויס.—ווען דוא מיר ברייננען א האלבעס הונדערט ציגארען?—וויא
פיעל דארף (=מוז) איך בעצאהלען פיר זייא?—איך צאהל געוועהנליך צווייא דאללער
און א האלב דאס האלבע הונדערט.

## 161. צום איבערזעצען.

וויא לאנג זייט איהר שוין היער?—איך בין היער נאר א האלבע שטונדע.—האט
איהר געקויפט א גאנצע דוצענד זאקען? (דוצענד בייא זאקען מיינט א דוצענד פאאר
און עס ווערט איבערזעצט a dozen pair).—איך האב געקויפט א גאנצע דוצענד, אבער
נאר א האלבע דוצענד פיר מיך אליין, דיא אנדערע האלבע דוצענד איז פיר א פריינד.
—צו ועמען געהערט דיזער האלבער עפעל?—ער געהערט צו אייער ברודער.—ווער האט
איהם דארטען געלעגט?—ער האט איהם אליין דארטען געלעגט א האלבע שטונדע צוריק.
—וועט איהר בעהאלטען (keep) אלע דיזע האנדשוה?—וויא פיעלע זיינען דא?—עס
זיינען דא אכט פאאר.—יע, שיקט זייא מיר אלע.—ווארום לאזט איהר מיך ווארטען
(do you keep me waiting) אזוי לאנג?—עס איז ניט לאנג, דיא האלבע שטונדע איז
נאך ניט פארבייא.—גלויבט איהר, וואס דער מאן האט אייך געזאגט?—איך גלויב ניט
א (one) העלפט פון וואס ער זאגט.—וועט איהר נעהמען דאס גאנצע שטיק?—ניין, איך
ברויך נאר א (one) העלפט דערפון.—האט איהר פערקויפט אייער גאנצען וויין?—איך
האב פערקויפט נאר א העלפט דערפון; דיא אנדערע העלפט וועלען מיר, איך האף,
פערקויפען מארגען.—וועט איהר מיר געבען א האלבעס גלאז וויין, געפעליגסט?—נעהמט
א גאנצעס (a whole one).—קענט איהר קומען צו מיר פיר א האלבע שטונדע היינט
נאכמיטטאג?—היינט קען איך ניט (=וואלט איך ניט געקענט, I could not) אוועג=
געהן פיר א האלבע מינוט; אבער מארגען וועל איך בלייבען א האלבען טאג בייא אייך,
ווען איהר ווינשט עס.—וואס זאל איך טהאן (what am I to do) מיט דיזען פאפיער?
—האלט דעם גאנצען בויגען פיר דיך זעלבסט, און גיב דיא צווייא האלבע בויגענס (צו)
דיין ברודער.—קענט איהר מיר געבען עטוואס פאפיער?—איך האב נאר האלבע
בויגענס.—גיט זייא מיר; צווייא העלפטען זיינען אזוייא גוט וויא א גאנצער.—וועלכע פון
דיזע צווייא העלפטען ווילט (will) איהר האבען?—איך קען אייך נאר געבען איינע.—
אלזא (then) גיב מיר דיזע.

## 162. צום איבערזעצען

**האט איהר שוין אמאל געזעהן אזא מעסער?—איך האב געזעהן פיעלע אזעלכע.**
—קען אייער קליינער זוהן שוין שרייבען אזא שעהנעם בריף?—ער האט געשריבען
אזעלכע בריף שוין א האלב יאהר צוריק.—איך וואלט ווילען האבען אזעלכעס פאפיער,
ווייא מיין שוועסטער האט געקויפט בייא (of) אייך גיבטען; האט איהר נאך וועלכע
דערפון (any more)?—איך האב ניט מעהר פון דער זעלביגער סארט; איך וועל אייך
ווייזען מאנכעס אנדערעס.—האט איהר געהאט פיעלע ערדבעערען (פאזיעמקעס)?—מיר
האבען געהאט אזוי פיעלע (such a great many), דאס מיר האבען זייא ניט געקענט
אויפעסען (eat) אין גאנצען (all).—האט איהר שוין א מאל געטרונקען אזא ווין?—ניין,
אזעלכען האב איך נאך קיינמאל געטרונקען.—האט שוין אייער שניידער ווען געמאכט אזא
ראק?—ער זאגט ער האט נאך קיינמאל געמאכט אזעלכען (=אזוי איינעם, such a one).
—האט איהר געזעהן דיא קינדער פון דער פראנצויזישער דאמע, וועלכע איז נעכטען גע=
ווזען בייא אונז?—יע, איך האב זייא געזעהן אייערנעכטען אין גאס; איך דענק איך
האב נאך קיינמאל געזעהן אזעלכע שעהנע קינדער; דאס יונגסטע האט אזעלכע שעהנע
גרויסע אויגען און אזעלכע שעהנע קליינע פיס!—וועמ האט ווען געהערט אזוינס?—
קיינער האט געהערט אזוינס.—וועט איהר בעהאלטען (keep) דיא אלע ביכער, וועלכע
איך האב אייך נעכטען געשיקט?—איך קען נאך ניט זאגען, אויב איך וועל זייא אלע
בעהאלטען, אבער דיא, וועלכע (such as) איך האב בעשטעלט, וועל איך געוויס בע=
האלטען.—איז דאס ניט גראדע נאך אזא (such another) פערד, ווייא אייער שוואגער
האט געהאט פאריגעס יאהר?—יע, עס איז גראדע נאך אזא ווייא זיינס.—ווער וואלט
טהאן אזא זאך?—איך וואלט ניט ווילען (like) טהאן אזא זאך.—וואס פיר א סארט
הוט וואלט איהר ווילען (wish) האבען?—איך וואלט ווילען האבען גראדע נאך אזעל=
כען, ווייא מיין שוועסטערקינד האט געקויפט בייא אייך פאריגע וואך.—וועלכע פון דיא
קינדער וועט איהר מארגען מיטנעהמען (=נעהמען מיט אייך) אויף דעם לאנד?—דיא,
וועלכע זיינען גוט און פלייסיג, וועל איך מיטנעהמען (=נעהמען מיט מיר).—פיר וועמען
האט איהר געקויפט דיזען הוט?—איך האב איהם געקויפט פיר מיין קליינעם פלעמע=
ניק; געפעלט ער אייך?—ער איז זעהר שעהן; אבער צו וואס אזא גרויסער הוט פיר
אזא קליינעם יונגע?—וואו איז אהינגעקומען (what has become of) דער מאן, וועלכע,
איך האב געזעהן בייא אייך אויף דעם לאנד פאריגעס יאהר?—ער האט זיך גאנץ צו
גרונד געריכטעט לייהענדיג (by lending) זיין גאנצעס געלד דעם שפאניער.—האט ער עס
איהם בעצאהלט צוריק?—ניין, און ער וועט עס ניט (nor ever will).—איז דיזעס
פאפיער אזוי טהייער, ווייא יענעס?—עס איז נאך א מאל אזוי טהייער.—ווייא פיעלע בוי=
גענס פאפיער זיינען דא אין א ליזער?—פיער און צוואנציג בויגענס זיינען א ליזער, און
פיער און צוואנציג ליזערס זיינען א ריעז.—אלזא, זיינען צווייא הונדערט און פופציג ליזערס
צוועלף ריעז און א האלב (זיינען קומט פאר צוועלף ריעז).—איהר זייט גאנץ גערעכט.
—און צווייא מאל צווייא הונדערט און פופציג זיינען פינף הונדערט, און צווייא מאל פינף
הונדערט איז א טויזענד.—דא האט איהר ווידער רעכט (ווידער, again, צולעצט).

# 54th Lesson.—54סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| דיא נאטור. | Nature (נֵיי׳טשור). |
| דאָס שווייגען; דיא שטילקייט. | Silence (סאַי׳לענס). |
| דאס גליק; דיא גליקזעליגקייט, דיא פרייד. | The happiness (האָפּ׳פּינעס). |
| דיא געזונדהייט. | The health (העלטה). |
| דיא קראנקהייט. | The illness (איל׳לנעס).<br>The sicknes (סיק׳נעס). |
| גליקליך, פערגניגט, ערפרייט. | Happy (האָפּ׳פּי)—Happily. |
| נייטהווענדיג. | Necessary (נע׳סעססאָרי)—Necessarily. |
| דאָס שטיק, דאס טהעאטער־שטיק. | The piece (פּיס). |
| דאָס שוי־שפּיעל. | The play (פּליי). |
| אן אקטיאָר, א שוי־שפּיעלער. | An actor (אֶק׳טאָר).<br>A performer (פּערפאָר׳מער). |
| אן אקטריסע. | An actress (אֶקט׳רעס). |
| קאָמיש. | Comic (קאָ׳מיק). |
| א קאָמישער אקטיאָר, א קאָמיקער. | A comic actor. |
| א טרויער־שפּיעלער, א טראגיקער. | A tragedian (טראָדזשי׳דיען). |
| דאָס פּארטערר, דער אונטער־רוים (דער ערד־פּלאַץ פון א טרעאַטער). | The pit (פּיט). |
| דיא לאָזשע. | The box (באָקס). |
| דיא ראָלע. | The part (פּארט).<br>The character (קאָ׳ראָקטער). |
| ערזעצען; בעזעצען; פערזעהן, פערזאָרגען; ליפערן; פערשאַפען. | *To supply (סאָפּפּלאַי׳). |
| ערזעצען דורך—; בעזעצען (א שטעלע). | To supply by—. |
| ליפערן; פערשאַפען; פערזעהן, פערזאָרגען. | To supply with—. |
| האט איהר ניט געקענט בעזעצען זיין שטעלע דורך אימעצן אנדערס? | Could not you supply his place by some one else? |
| ווער פערזאָרגט אייך מיט ביכער? | Who supplies you with books? |
| הערר פּאָרטער האט מיך ביז יעצט פערזאָרגט דערמיט. | Mr. Porter has hitherto supplied me with them. |

**Hitherto** (הידהערטו׳), ביז אַהער, ביז יעצט.

| | |
|---|---|
| האָבען גערנער, האָבען ליעבער. | *To prefer (פּריפאָיר׳). |
| דענקט איהר, (דאָס) אייער שוועסטער וועט גערנער האָבען דיזעס מוסטער? | Do you think your sister will prefer this pattern? |

| | |
|---|---|
| דאָס מוסטער. | The pattern (פּאַט׳טערן). |
| איך גלויב, זיא ווערט גערנער האָבען דאָס קלענערע. | I dare say she will prefer the smaller one. |
| איך גלויב, איך רעכען; וואהרשיינליך. | I dare say. |
| האָט איהר גערנער טהעע אלס קאַפע? | Do you prefer tea to coffee? |
| האָבען גערנער אלס—. | To prefer to—. |
| איך האָב גערנער קאַפע אלס טהעע. | I prefer coffee to tea. |
| האָט איהר גערנער צו לעזען ענגליש אלס פראַנצויזיש? | Do you prefer reading English to French? |
| טהאָן גערנער איין זאַך אלס אַן אַנדערע. | To prefer doing one thing to another. |
| איך האָב גערנער צו געהן אלס צו זיצען. | I prefer walking to sitting. |
| וואָס האָט איהר גערנער אַ טרויער־שפּיעל אָדער אַ לוסט־שפּיעל? | Which do you prefer a tragedy or a comedy? |
| דיא טראַגעדיע, דאָס טרויער־שפּיעל. | The tragedy (טראַ׳דזשידי). |
| דיא קאָמעדיע, דאָס לוסט־שפּיעל. | The comedy (קאָ׳מידי). |
| דאָס לוסט־שטיק. | The farce (פאַרס). |
| איך האָב ליעבער אַ טרויער־שפּיעל אלס אַ לוסט־שפּיעל. | I prefer a tragedy to a comedy. |
| וועל איך געפינען אייער ברודער צו הויז אום פיער אַ זייגער היינט נאָכמיטטאָג? | Shall I find your brother at home at four o'clock this afternoon? |
| איך גלויב, איהר וועט. | I dare say you will. |
| איך וויל עבען (איך בין עבען אין בעגריף) צו איהם צו שרייבען. | I am just going to write to him. / I am about to write to him now. |
| וועלען, זיין אין בעגריף צו—. | To be going to—. / To be about to—. |
| האָט איהר בעצאָהלט דעם מאַן זיין געלד? | Have you paid the man his money? |
| איך וועל עס איהם עבען שיקען. | I am just going to send it him. |
| געהט איהר אין טהעאַטער היינט בייא נאַכט? | Are you going to the theatre to-night? |
| איך געה ניט, אבער מיין שוועסטער געהט. | I am not going, but my sister is. / I do not go, but my sister does. |
| וועלכער (ווער) פון אייך קען דעם יונגען שפּאַניער, וועלכער איז נעכטען געוועזען היער? | Which of you knows the young Spaniard that was here yesterday? |
| מיין ברודער ווילהעלם קען איהם. | My brother William does. |

דאָס האַנדלונגסוואָרט to do ווערט אָפט געברויכט אנשטאַט צו ווידערהאָלען אַ האַנדלונגסוואָרט פון דעם פריהערדיגען טהייל פון אַ זאַץ אָדער אין אַן ענטפער אויף אַ פראַגע.

| | |
|---|---|
| רעדט איהר איטאַליעניש? | Do you speak Italian? |

I do not, but my sister does very well. — איך ניט, אבער מיין שוועסטער רעדט עס זעהר גוט.

בייא can, may, shall, will, must און ought קען do ניט שטעהן.

Do you pay him? — בעצאָהלט איהר איהם?
I do pay him. — איך בעצאָהל איהם יע.
I do not pay him. — איך בעצאָהל איהם ניט.
Why do you not pay him? — ווארום בעצאהלט איהר איהם ניט?
I do pay him. — איך בעצאָהל איהם יע.
Do pay attention. — שענקט דאָך אויפמערקזאמקייט! (זייט דאָך אויפמערקזאם!)
I do pay attention. — איך בין יע אויפמערקזאם.
Do you read aloud when you are learning your lesson? — לעזט איהר אין דער הויך, ווען איהר לערנט אייער לעקציאָן?
I always do. — איך טהוא עס אימער (ד. ה. איך לעז אימער הויך, ווען איך לערן מיין לעקציאָן).
Do you go into the country to-day? — געהט איהר היינט אויף לאנד?
I cannot tell yet; I shall go, if my brother does. — איך קען נאָך ניט זאָגען, איך געה, ווען מיין ברודער געהט.
I shall not go, if my brother does not. — איך געה ניט, ווען מיין ברודער געהט ניט.

The stage (סטיידזש) — די ביהנע
The curtain (קאָרטיין) — דער פאָרהאנג
The act (אָקט) — דער אַקט
The treasure (טרעזשור) — דער שאַץ
*To perform (פערפאָרם). *To act (אָקט). — שפּיעלען (אין אַ טהעאַטער).
*To destroy (דיסטראָי) — פערדארבען
*To drop (דראָפּ). — העראָבפאלען, זיך העראָבלאָזען (פון אַ פאָרהאַנג).

Youth (יוטה) — די יוגענד
The duty (דיוטי) — די פליכט
The end (ענד) — דאס ענדע
The journey (דזשאָירני) — די רייזע
*To allow (עללאו) — געבען (געהאַלט)

## 163. צום איבערזעצען.

וויא האט איהר נעכטען פערבראכט אייער צייט? — ביז עלף אַ זייגער פאָרמיטטאָג זיינען מיר געוועזען אויף דעם לאנד; אום אַ פערטעל צו צוועלף זיינען מיר געקומען אין (to) שטאָדט און געגעסען מיטטאָג בייא מיין פעטער. — וואָס וועט איהר היינט טהאָן? — איך וועל היינט טהאָן גאָרנישט. — וואָס האט איהר געטהאָן נעכטען און אייערנעכטען? — נעכטען און אייערנעכטען בין איך אויך געוועזען זעהר פויל (idle). — עס טהוט מיר זעהר לייד צו הערען אייך זאָגען עס (so). — אַ מענש מוז קיינמאָל זיין פויל; ער מוז זיך אימער בעשעפטיגען מיט עטוואָס ניצליכעס. — אבער ווען איינער האט גאָרנישט צו טהאָן? — דער, וועלכער (he who) האָט געלערנט עטוואָס, דארף עס קיינמאָל זאָגען (עס, so, צולעצט); לעז, דוא האָסט ביכער גענוג. — איך האָב ניט ליעב אימער צו לעזען

(to be always reading).—זעהסט דוא ניט, וויא דיא נאטור טחוט? זיא איז דיין בעסטע לעהרערין (teacher); דיא נאטור איז אימער בייא (at) דער ארבייט.—אבער האט דיא נאטור מיך ניט געמאכט, וויא איך בין?—דיא נאטור האט דיר געגעבען פערשטאנד (sense) צו וויסען וואס איז אם בעסטען פיר דיך.—גוט, איך וועל נעהמען דיא ערסטע לעקציאן בייא (of) איהר (her, ניט it; דא רעדט זיך פון דער נאטור, און נאטור איז ווייבליך); אבער ביטע לאזט מיך היינט צו רוה.—„מארגען, ניט הייטע (היינט), זאגען אלע פוילע לייטע“.—מענשען ווייסען זעלטען, וואס איז גוט פיר זייא; ווען (if) זייא ווילען ניט הערען, מוזען זייא פיהלען.—דיא צייט וועט קומען, ווען דוא וועסט בעדויערן (be sorry), וואס דוא האסט ניט געמאכט (=ניט צו האבען געמאכט) א בעסערן געברויך פון דיין יוגענד.—וואס קען געבען א גרעסערעס פערגניגען (=וואס פיר א גרעסערעס פערגניגען קען זיין) אלס צו קענען זאגען צו זיך אליין (to yourself) אין אבענד איידער דוא געהסט צו בעט: „דיזען טאג האב איך געטהאן מיין פליכט“.—זיינען ניט מעהרסטע מענשען זייערע אייגענע פיינדע? זייא צושטערן זייער אייגענעם גליק מיט דעם, וואס זייא טהוען (by doing) וואס זייא דארפען ניט טהאן, און מיט דעם, וואס זייא טהוען ניט (by not doing) וואס זייא דארפען.—וואו זייט איהר געוועזען פארינע נאכט?—איך בין געוועזען אין געזעלשאפט מיט עטליכע פריינד.—און וויא האט איהר פערבראכט דעם אבענד?—ביז צעהן א זייגער האבען מיר געשפיעלט אין קארטען; דאן האבען מיר געהאט אן אויסגעצייכענטעס (excellent) אבענד-ברויט און געטרונקען א פלאש וויין יעדערער.—א פלאש וויין נאך צעהן! איהר פערדארבט אייער געזונדהייט, דעם גרעסטען שאץ, וועלכען דער מענש בעזיצט (פאר man, מענש, קומט דא ניט דאס ווערטעל the, ווייל דארונטער איז געמיינט יעדער מענש, און וואו עס איז געמיינט יעדער דארף דיזעס ווערטעל ניט קומען).—מיר זיינען געוועזען אונזערע זעהר פיעל (a great many of us) און מיר האבען געטרונקען אזוי פיעלע מאל צו געזונדהייט (so many healths), דאס א פלאש פיר יעדען (a bottle each) איז ניט געוועזען צו פיעל.—ווייסט איהר ניט, דאס איהר טארט ניט פערדארבען אייער אייגענע געזונדהייט דורך טרינקען צו געזונדהייט פון אנדערע? איך האף איהר וועט עס מעהר ניט (=קיינמאל) טהאן נאך א מאל.—דאס קען איך אייך ווירקליך ניט פערשפרעכען (אייך צולעצט).

## 164. צום איבערזעצען.

וויא פיעל געלד גיט איהר אויס א יאהר?—איך גיב אויס פון דרייצעהן ביז פערצעהן הונדערט דאללער א יאהר.—ווער פערזארגט אייך מיט אזוי פיעל געלד?—מיין פאטער גיט מיר פינף און צוואנציג דאללער טאשענ-געלד (for pocket-money) א מאנאט.—גיט איהר אויס פיעל אויף (for) ביכער?—איך קויף מיר ניט קיין ביכער.—ווער פערזארגט אייך מיט געלד אויף ביכער?—מיין מוטער פערזארגט מיך דערמיט.—האט אייער ברודער א גוטען געהאלט?—ער האט פופצעהן הונדערט דאללער א יאהר.—וויא לאנג האט ער שוין דיזען געהאלט?—ער האט איהם שוין זייט דריטהאלבען יאהר; ער איז שוין צעהן יאהר בייא דער פירמע.—ער איז וואהרשיינליך זעהר ניצליך.—יע, מיין פאטער איז זעהר שטאלץ אויף (of) איהם; ער איז זעהר פלייסיג און געהט קיינ-

מאָל הערוים אין אַבענד.—עס איז זעהר נויטהווענדיג פיר אַ יונגען מענשען צו מאַכען אַ גוטען געברויך (use) פון זיין צייט, אבוואהל ער מוז ניט דוקא (נויטהווענדיג) בלייבען צו הויז יעדען אבענד.—וואָס פיר אַ שוישפּיעל איז געשפּיעלט געוואָרען (was performed) פאָרינגע נאַכט? איז עס געוועזען אַ קאָמעדיע אָדער אַ טראַגעדיע?—עס איז געוועזען אַ טראַגעדיע אין דרייא אַקטען, און דערנאָך איז געוועזען אַ נייעס לוסט-שטיק אין איין אַקט.—וואָס איז (=וואָס איז געוועזען) דער נאָמען פון דעם שטיק?—עס איז געוועזען דיא „שולע פיר סקאנדאל" (the School of Scandal) פון שערידאָן (Sheridan).—ווער האט געשפּיעלט דיא ראָל פון פּעטער טיזל (Peter Teazle)?—הערר דזשאָהנסאָן האט געשפּיעלט.—האט ער געשפּיעלט דיא ראָלע גוט?—ער האט זיא געשפּיעלט זעהר גוט; ער איז ווירקליך אַן אויסגעצייכענטער אַקטיאָר.—וויא האָבען דיא אַנדערע אַקטיאָרען און אַקטריסען געשפּיעלט?—זייא האבען אַלע געשפּיעלט זעהר גוט.—האט איהר אַ גוטען קאָמיקער אויף אייער ביהנע?—מיר האָבען זעהר אַ גוטען קאָמיקער; הערר דזשיימז איז איינער פון דיא בעסטע, וואָס לעבען יעצט (now living).—זייט איהר געקומען אַהיים פריה?—מיר האָבען ניט געקענט בלייבען ביז ענדע פון דעם לוסט-שטיק און האבען פערלאָזען דאָס טהעאַטער איידער דער פאָרהאַנג איז העראָבגעפאַלען, ווייל מיר האָבען פערשפּראָכען אונזער מומען צו עסען (to take) אבענד-ברויט בייא איהר.—האט איהר ניט ליעבער אַ גוטע טראַגעדיע אַלס אַ קאָמעדיע?—ווען דיא שוישפּיעלער שפּיעלען גוט, געפין איך אזוי פיעל פערגניגען (amusement) אין דער איינער, וויא אין דער אַנדערער.

## 165. צום איבערזעצען.

ווער ליפערט אייך וויין?—מיין וויינ-הענדלער, הערר פּאָרטער, ליפערט מיר איהם.—זאָל איך אייך געבען עטוואָס פלייש?—איך דאנק אייך, איך בין פערזעהן (פערזאָרגט).—קען אייער ברודער פערנעהמען (ערזעצען) אייער שטעלע, ווען איהר זייט אויף אייערע רייזען?—ער האט פערנומען מיין פּלאַץ וועהרענד (during) מיין לעצטער רייזע.—האט אייער פראַנצויזישער קאָמי (געשעפטסבעדיענטער, clerk) אייך פערלאָזען?—ער האט אונז פערלאָזען איירנעכטען.—האט איהר שוין אַן אַנדערן צו בעזעצען זיין שטעלע?—איך דענק איך וועל לאָזען מיין זוהן פערטרעטען (בעזעצען) זיין שטעלע.—וויא לאַנג האט הערר פּאָרטער אייך געליפערט פּאַפּיער?—ער האט מיר געליפערט פּאַפּיער זייט אַכט אָדער ניין יאָהר.—וועט איהר קענען מיר ליפערן דיזע ביכער ביז (by) נעכסטען דיענסטאג?—איך וועל זייא אייך קענען ליפערן ביז דאַן (then) (אָד. ביז יענער צייט).—וויא אָפט ערהאַלט איהר בריף פון אייער ברודער אין לאָנדאָן?—ער שרייבט (צו) אונז רעגעלמעסיג איין מאָל אַ מאָנאט.—ענטפערט איהר איהם אזוי רעגעלמעסיג, וויא ער שרייבט צו אייך?—מיין פאָטער שרייבט (צו) איהם אָפטערער אַלס ער ערהאַלט בריף פון איהם; ער איז פערפליכטעט (obliged) צו שרייבען צו איהם ווענינגסטענס איין מאָל אין צווייא וואָכען (once a fortnight).—וועלכע פון דיזע צווייא מעסערס וואָלט איהר האָבען ליעבער?—איך וואָלט האָבען ליעבער יענעם מיט דעם עלפענ-ביינענעם העגטעל.—וועט איהר קויפען דיא טישען און שטולען, וועלכע איהר האט נעכטען געזעהן בייא

**מיין טישלער?**—ניין, איך וועל ליעבער (I shall prefer) ווארטען (waiting), **ביז ער האט** מאנכע, וועלכע געפעלען מיר בעסער.—ווארום שרייבט איהר היינט ניט צו אייער זוהן? —איך שרייב איהם נאך ניט, ווייל איך וויל ליעבער (I prefer) ווארטען ביז איך קריג (have) נאך א בריף פון איהם.—וואס (which) וואלט איהר ליעבער, געהן (going) אויף (to) דעם קאנצערט היינט בייא נאכט און אויף דאס לאנד מארגען אין דער פריה, אדער אויף דאס לאנד היינט נאכמיטטאג און בלייבען דארטען ביז איבערמארגען?—איך וואלט געוויס ליעבער געהן צוערסט אויף דעם קאנצערט היינט בייא נאכט, אבער איך וועל פרעגען מיין שוועסטער; איך גלויב (I dare say), זיא וועט ליעבער געהן גלייך אויף דאס לאנד (גלייך, at once, צולעצט).—קענט איהר מיר זאגען, אויב עס האט גע-שלאגען פיער?—איך רעכען, יע (יע, it has; ווען עס קומט פאר א האנדלונגסווארט דאס הילפסהאנדלונגסווארט can, have, may, must, shall אדער will, ווערט עס אין אן ענטפער אויף א פראגע ווידערהאלט אנשטאט יע, און מיט דעם ווארט not אנשטאט ניט).—וועט אייער פריינד בעהאלטען דאס פערד, וועלכעס דער פערד-העגדלער האט אייערנעכטען איהם געלאזען פרובירען?—איך גלויב יע (he will), ווייל עס געפעלט איהם זעהר.—וואלט אייער שוואגער קומען מיט זיין פרוי צו אונז דיזען אבענד, ווען איך וואלט איהם געבע-טען?—איך גלויב ער וואלט.

## 166. צום איבערזעצען.

געפעלט אייך דיזעס מוסטער?—עס געפעלט מיר גאנץ גוט (pretty well), אבער איך וואלט ליעבער האבען א קלענערעס.—וועלכעס פון דיזע דרייא מוסטערן האלט איהר פיר דאס שעהנסטע?—יענעס, וועלכעס איהר האלט אין אייער לינקער האנד, געפעלט מיר אם בעסטען; פון דיא צווייא אנדערע אין אייער רעכטער האנד איז איינס צו גרויס און דאס אנדערע איז א ביסעל (rather אד. somewhat) צו קליין.—וועט איהר מיר ווייזען וועלכע מוסטערן?—איך האב קיינע מוסטערן, אבער איך וועל אייך שיקען מאנכע היינט נאכמיטטאג, ווען איהר ווינשט עס.—פון (by) וועמען איז דיזער בריף געשריבען געווארען?—ער איז געשריבען געווארען פון מיין ברודער.—איך גלויב איהר פר:גט מיך, ווייל ער איז געשריבען אזוי שעהן.—האט ער ניט רעכט צו זיין שטאלץ אויף (of) זיין האנד-שריפט?—ניין, ער האט ניט רעכט, ווייל עס זיינען דא נאך (more) יונגע לייטע, וואס שרייבען אזוי שעהן.—אויף וואס איז דיזע דאמע אזוי שטאלץ?—זיא איז שטאלץ אויף איהרע שעהנע טעכטער.—אויף וואס איז דיזער הערר (gentleman) שטאלץ?—ער איז שטאלץ אויף זיינע פלייסיגע זיהן.—האט איהר קאפירט (איבערגע-שריבען) דעם פראנצויזישען בריף?—איך בין עבען אין בעגריף איהם צו קאפירען.—ווארום האט אייער שוועסטער מיר ניט געשיקט דעם בריף פון מיין שוועסטערקינד?—זיא האט עבען געוואלט (=זיא איז עבען געווען אין בעגריף) איהם דיר צו שיקען, אלס אייער בעדיענטער איז געקומען.—ווען וועט אייער פריינד פון פאריז אייך ווידער פער-לאזען?—ער איז עבען אין בעגריף אונז ווידער צו פערלאזען.

## 167. צום איבערזעצען.

וועלכער פון אייערע יונגלאך שרייבט אם בעסטען?—עדוואַרד שרייבט אם בעסטען (אנשטאט צו ווידערהאלען שרייבט אם בעסטען קומט does).—פערשטעהט

איהר איטאַליעניש?—איך פערשטעה עס ניט, אבער מיין ברודער פערשטעהט עס זעהר גוט.—האט איהר געדאַנקט דעם פראַנצויז פיר דאָס, וואָס ער האָט אייך געליהען (for lending you) זיין פערד?—איך וואָלט עס געטהאָן, אבער איך בין געגאַנגען צו איהם (=צו זיין הויז) צווייא מאָל היינט פאָרמיטטאָג און האב איהם ניט געפונען (=אָהן צו געפינען איהם, without finding him) צו הויז.—שרייבט איהר איבער אַלע בריף, וועל־כע איהר שרייבט צו אייערע פריינד?—איך טהוא (עס) קיינמאָל; אבער מיין שוועסטער קאָפּירט איהרע; זיא האט וועניגער צו טהאָן אלס איך האָב.—וואָרום גיט איהר ניט אייער ברודער אַן ענטפער, ווען ער פרעגט אייך עטוואָס?—איך ע נ ט פ ע ר איהם (וואו עס ווערט געגעבען אַ דריק דאָס האַנדלונגכוואָרט קומט פאַר איהם דאָס וואָרט do); אבער ער קומט יעדע מינוט מיט אַן אנדער פראַגע.—געהט א י ה ר אין טהעאַטער היינט אבענד, אדער אייער פ אָ ט ע ר געהט?—מיין פ אָ ט ע ר געהט (does).—מאַכט (=נעהמט) איהר אַ שפּאַציער נאָך אַבענד־ברויט?—איך מאַך קיינמאָל, אבער מיין ברודער זאָגט ער קען ניט שלאָפען, ווען (if) ער מאַכט ניט פריהער אַ שפּאַציער פיר אַ האַלבע שטונדע.—ער טהוט עס וואַהרשיינליך, ווייל דאס שפּריכוואָרט (proverb) זאָגט: „נאָך מיטטאָג־עסען זיץ אַ ווייל, נאָך אַבענד־עסען געה אַ מייל“.—פון וואַנען (=אויף וואָס) לעבט אייער פעטער?—ער לעבט פון (by) זיין געשעפט.—קען אַ יונגער מאַן היער לעבען מיט (on) פופצעהן הונדערט דאָללער אַ יאהר?—ער קען זעהר גוט; איך מוז לעבען מיט (on) וועניגער, ווייל מיין געהאַלט איז נאָר טויזענד דאָללער.—וואָס מאַכט איהר?—דאַנק אייך, איך בין היינט בעסער אלס איך בין געוועזן נעכטען.—איז אייער פאָטער ניט בע־סער (any better) נאָך?—ניין, ער היט נאָך דאָס בעט.

---

# 55th Lesson.—.55סטע לעקציאָן

| | |
|---|---|
| Why do you not write like your brother? | וואָרום שרייבסט דוא ניט, וויא דיין ברודער? |
| Does not this man look like a Spaniard? | זעהט דיזער מאַן ניט אויס, וויא אַ שפּאַניער? |
| Your daughter is very much like you. | אייער טאָכטער איז פיעל עהנליך צו אייך. |
| Am I like him? | בין איך עהנליך צו איהם? |
| It is surprising how the two brothers are like each other. | עס איז צום שטוינען, וויא דיא צווייא ברי־דער זיינען עהנליך איינער דעם אַנדערן. |
| What does he look like? | וויא זעהט ער אויס? |

## Like (לאַיק), וויא; גלייך; עהנליך.

ענגליש האָט דרייא ווערטער פיר וויא: how, as און like.

How ווערט געברויכט אין אַ פראַגע אָדער אין אַזעלכע פעלע, וואו עס לאָזט זיך דענ־קען פון אַ פראַגע, און אויך בייא אַן אויסרוף; צ. ב. how does he write?, וויא שרייבט ער? you do not know, how much it is worth, איהר ווייסט ניט, וויא פיעל עס איז ווערטה; how bad he is!, וויא שלעכט ער איז!

As ווערט געברויכט בייא פערגלייכונגען; צ. ב. he is as good as my friend, ער איז אַזוי גוט, וויא מיין פריינד; my friend is not so good as my brother, מיין פריינד איז

ניט אזוי גוט, וויא מיין ברודער; she does not like me so well as him, זיא האט מיך ניט אזוי גערן, וויא איהם.

Like ווערט געברויכט בייא א צוגלייכונג פון איין געגענשטאנד אדער פערזאן צו אן אנדערן; צ. ב. I am like him, איך בין וויא ער (אד. עהנליך צו איהם); what does he look like?, וויא זעהט ער אויס? (אד. צו וואס זעהט ער אויס עהנליך?). Like בעציהט זיך לויטער אויף פערזאנען אד. געגענשטענדע און שטעהט קיינמאל פאר אן אייגענשאפטסווארט אליין, ד. ה. ווען דאס אייגענשאפטכווארט געהערט ניט צו א פערזאן אדער א זאך.

| | |
|---|---|
| These chairs are exactly like ours. | דיזע שטוהלען זיינען גראדע וויא אונזערע. |
| They do not look like brothers. | זייא זעהען ניט אויס וויא ברידער. |
| There is nothing like—. | עס גיט גארנישט איבער (בעסער אלס)—. |
| There is nothing like travelling. | עס גיט גארנישט איבער רייזען. |
| There is nothing like a good glass of wine. | עס גיט גארנישט איבער א גוטעס גלאז וויין. |
| There is nothing like candor. | עס גיט גארנישט איבער אפענהערציגקייט. |
| Candor (קאנ׳דאר). | אפענהערציגקייט, אויפריכטיגקייט. |
| There is nothing like being candid. | עס גיט גארנישט איבער זיין אפענהערציג. |
| Candid (קאנ׳דיד). | אפענהערציג, אויפריכטיג. |
| There is no place like home. | עס גיט קיין ארט איבער א היים. / דיא היים איז דער בעסטער ארט. |

## Likely (לאיק׳לי), וואהרשיינל׳יך, מעגל׳יך, גלויבל׳יך.

| | |
|---|---|
| I am likely to see him this evening. | עס איז מעגליך (אד. וואהרשיינליך), דאס איך זעה איהם דיזען אבענד. |
| He, she, the man etc. is likely to bring the money to-morrow. | עס איז מעגליך (אד. וואהרשיינליך), דאס ער, זיא, דער מאן א. אז. וו. ברייננט מארגען דאס געלד. |
| We, you, they, the gentlemen etc. are likely to want the carriage this afternoon. | עס איז מעגליך (אד. וואהרשיינליך), דאס מיר, איהר, זייא, דיא העררען או. אז. וו. וועלען ברויכען דיא קארעטע היינט נאכמיטטאג. |
| It is not likely he would believe it. / He is not likely to believe it. | עס איז ניט מעגליך (אד. וואהרשיינליך), דאס ער וועט עס גלויבען. |
| Is it likely I should (.אד am I likely to) lend you a book again, when you never return me the books you borrow? | איז עס גלויבליך, דאס איך וועל אייך ווידער לייהען א בוך, ווען איהר ברייננט מיר קיינמאל צוריק דיא ביכער, וועלכע איהר בארגט? |
| Is it likely he would believe her, when she has so often deceived him? | איז עס מעגליך, דאס ער וועט זיא גלויבען, ווען זיא האט איהם אזוי אפט בעטראגען? |

| | |
|---|---|
| בעטריגען, אָבנארען. | *To deceive (דיסי־וו). |
| דאָס איז ניט זעהר וואהרשיינליך (אָד. מעגליך). | That is not very likely. |
| אויסזעהן. | *To look (לוק). |
| אויסזעהן וויא—. | To look like—. |
| עס זעהט אויס וויא רעגען. | It looks like rain. |
| עס זעהט אויס, וויא עס וואָלט האלטען בייא רעגענען. | It looks, as if it were going to rain. |
| קוקען אויף—. | To look at—. |
| א צוזעהער, א צושויער. | A looker-on (לוק־קער־אָן).<br>A spectator (ספּעקטיי־טאָר). |
| זעה, ווער איז בייא דער טהיר? | Look (אָד. see), who is at the door? |
| זיך אומזעהן נאָך—, זוכען. | To look out for—. |
| ער זעהט זיך אום נאָך א שטעלע.<br>ער זוכט א שטעלע. | He is looking out for a situation. |
| זעה, וויא שעהן! | Look (אָד. see) how beautiful! |
| הערומזעהן, הערומקוקען. | To look about. |
| האט איהר הערומגעקוקט אין דער שטאָדט? | Have you looked about in the town? |
| רעדען מיט—. | To talk with אָד. to—. |
| איהר מעגט רעדען אזוי לאַנג, וויא איהר ווילט, איהר קענט מיך ניט איבער־צייגען און ניט איבעררעדען. | You may talk as long as you please, you can neither convince nor persuade me. |
| *To persuade (פּערסווייד) איבעררעדען | *To convince (קאָנווינס) איבערצייגען |
| וועגען וואָס האט איהר דיא גאנצע צייט גערעדט? | About what have you been talking the whole (אָד. all the) time? |
| איבערצייגט מיך, דאָס איהר קענט עס טהאָן. | Convince me that you are able to do it. |
| ערשטוינליך, צום שטוינען. | Surprising(סאַירפּראַ־זינג)—Surprisingly. |
| אייער זוהן איז ערשטוינליך אויסגעוואקסען.<br>עס איז צו שטוינען, וויא אייער זוהן איז אויסגעוואקסען. | Your son is grown surprisingly. |
| רייזען. | *To travel (טראַוועל). |
| ער רייזט זעהר פיעל. | He travels a great deal. |
| דער רייזענדער. | The traveller (טראַוועללער). |
| איינער וואָס רייזט א סך. | A great traveller. |
| ער רייזט זעהר פיעל. | He is a great traveller. |
| דיא רייזען. | The travels (טראַוועלז). |

| | |
|---|---|
| When will your cousin return from his travels? | ווען וועט אייער שוועסטערקינד זיך צוריקקעהרען פון זיינע רייזען? |
| To travel by water. | רייזען מיט וואסער. |
| To travel by land. | רייזען מיט לאנד. |
| To send by water. | שיקען מיט וואסער. |
| To send by land. | שיקען מיט לאנד. |
| The situatison (סיטשואיישאן). | דיא שטעלע. |
| The appointment (אפפאינט'מענט) | דיא אנשטעלונג. |
| He has obtained an appointment. | ער האט געקריגען אן אנשטעלונג. |

### Alike (אלאיק'), גלייך, איין און דאס זעלביגע, איינערליי.

| | |
|---|---|
| To be quite alike. | זיין גאנץ דאס זעלביגע. |
| These three are quite alike. | דיזע דרייא זיינען גאנץ איינערליי (אד. דיא זעלביגע). |
| Mr. Johnson behaves like a respectable man. | העדר דזשאנסאן פיהרט זיך אויף וויא אן אנשטענדיגער מענש. |
| *To behave (ביהייוו). | זיך אויפפיהרען. |
| Respectable (ריספעק'טעבל)—Respectably. | אנשטענדיג. |

## 168. צום איבערזעצען.

וויא האט זיך מיין זוהן אויפגעפיהרט היינט?—ער האט זיך אויפגעפיהרט וויא א גוטער יונגע.—שרייבט ניט מיין ברודער אזוי וויא איך (like me)?—יע, ער שרייבט גראדע וויא איהר.—וואס האט אייער שוועסטער געזאגט, ווען זיא האט געהערט, דאס איהר האט פערלארען אייער גאנצעס געלד?—עס האט איהר זעהר לייד געטהאן און זיא האט געוויינט וויא א קינד.—וויא האט אויסגעזעהן דער מאן (what did the man look like), וועלכער האט אייך פערקויפט דיזעס פערד?—ער האט אויסגעזעהן וויא אן איטאליענער.—איז דיזער העדר אייער ברודער?—ניין, ער איז ניט; אבער יעדערער דענקט אזוי, ווייל ער איז אזוי פיעל עהנליך צו מיר.—איז דיזער הוט גאנץ וויא יענער, וועלכען מיין ברודער האט געקויפט בייא (of) אייך אייערנעכטען?—ער איז גראדע וויא יענער (like it).—איז ניט דיזע קליינע מיידעל זעהר פיעל עהנליך צו איהר מוטער?—זיא איז זעהר פיעל עהנליך צו איהר.—זיינען דיזע יונגע לייטע ברידער?—ניין, זייא זיינען ניט, אבוואהל זייא זעהען אויס וויא ברידער.—וואו זייט איהר געוועזען היינט אין דער פריה אנשטאט צו געהן (instead of going) אין שולע?—עס איז געוועזען אזוי שפעט, ווען איך האב פערלאזען דאס הויז (home), דאס איך האב ניט געהאט גערן צו געהן אין שולע, אלזא (so) בין איך געגאנגען צו מיין מומען.—זאגט דיא וואהרהייט; איהר ווייסט, עס גיט גארנישט איבער דער וואהרהייט; זייט איהר געוועזען ערגעץ אנדערס?—איך בין אין ערגעץ אנדערס ניט געוועזען.—האט איהר פיעל גערייזט דיזעס יאהר?—איך האב גערייזט זעהר פיעל; איך רייז יעדעס יאהר.—איהר זייט זעהר גליק-

ליך. איך ,,ינש איך וואָלט עס אויך געקענט טהאָן (עס אויך, so too, צולעצט).—
יע, איך בין קיינמאָל גליקליכער, וויא (as) ווען איך רייז; ווירקליך עס גיט גאָרנישט
איבער רייזען (like travelling; נאָך like קומט דאָס האַנדלונגסוואָרט אימער אין דער
פּאָרם פון דעם געגענווערטיגען מיטעלוואָרט).—איז געוועזען אימעצער צום מיטטאָג בייא
אייער פעטער נעכטען?—עס איז געוועזען אַן אַלטער העררר פון פּאַריז, וועלכען מיין
פּאַטער קען שוין (has known) פּיעלע יאהר, און וועלכער איז אַן אנגענעהמער קאָמפּאַ=
ניאָן.—איך גלויב איהר האט אייך זעהר געפרייט (you were very happy).—זעהר, איך
קען אייך פערזיכערן. ווירקליך, עס גיט גאָרנישט איבער א גוטען מיטטאָג און א גלאָז
וויין און א פריינד, מיט וועמען עס צו טרינקען.—גיט עס עפּעס בעסערס אַלס
(is there anything like) וואוינען אויף (in) דעם לאַנד?—ניין, עס גיט גאָרנישט בעסערס
אַלס א שעהנער מאָרגען אויף דעם לאַנד.—עס גיט גאָרנישט בעסערס אַלס אויפשטעהן
פריה און מאַכען א שפּאַציער (taking a walk).

## 169. צום איבערזעצע

וואָלט איהר געקענט (could you) מיר לייהען פופצעהן דאָללער פיר א פּאָאָר
טעג?—עס איז ניט מעגליך, דאס איך זאָל אייך לייהען געלד, ווען איך האב קוים גע=
נוג פיר מיך אליין.—ווען איז מעגליך, דאס אייער פריינד וועט מיר בעצאהלען דאָס
געלד, וואָס איך האב איהם געליהען מיט זעקס מאָנאַטען צוריק?—עס איז ניט מעגליך,
דאס ער וועט עס דיר קענען בעצאהלען דיזעס יאהר.—וועט איהר און אייער שוועסטער
זיין אויף (at) דעם באַל היינט אבענד?—עס איז זעהר מעגליך, דאָס מיר וועלען געהן.
—וועט איהר מיר לייהען אייער פערד פיר א נאָכמיטטאָג?—איז עס מעגליך, דאס איך
וועל אייך לייהען מיין פערד, ווען איהר ווייסט ניט, וויא צו רייטען?—זאָל (shall) איך
בעטען אייער פּאַטער ער זאָל אייך ערלויבען (=צו ערלויבען אייך) צו געהן מיט אונז
מאָרגען אויף לאַנד?—איהר מעגט; אבער עס איז ניט מעגליך, דאס ער וועט עס
טהאָן.—ווארום האט איהר ניט געליהען דעם שפּאַניער דאָס געלד, וועלכעס (for which)
ער האט בייא אייך געבעטען?—איז עס מעגליך, איך זאָל איהם ווידער לייהען (מאַנכעס)
געלד, ווען ער בעצאָהלט קיינמאָל, וואָס ער באָרגט?—דענקט איהר, איך וועל ווען האָ=
בען מיין געלד פון דעם פראַנצויז?—עס איז ניט מעגליך, דאָס איהר וועט עס קריגען.
—ווארום קוקט איהר אויף מיך?—טאָר (מעג) איך ניט קוקען אויף אייך?—אויף וואָס
קוקט איהר?—איך קוק אויף דעם קליינעם מאַן מיט דער הויכער פרוי.—איז עס וואהר,
וואָס דוא זאָגסט מיר?—עס איז גאַנץ וואהר; ווארום פרעגט איהר מיך?—וויל דוא
זעהסט אויס, אזוי וויא דוא וואָלסט ניט זאָגען (as if you were not telling) דיא וואהר=
הייט.—זוכט אייער זוהן א שטעלע?—מיר האבען געזוכט א שטעלע פיר איהם זייט
(these) זעקס מאָנאַטען, אבער מיר קענען קיינע געפינען, וועלכע אונז געפעלט.—האבען
אייערע עלטערן שוין געפונען אַן אנדער הויז?—ניין, זייא זוכען נאָך איינס.—זעהט עס
ניט אויס, וויא רעגען?—יע עס זעהט אויס, וויא עס וואָלט האלטען בייא רעגענען.

## 170. צום איבערזעצען

האט איהר געלעזען אַלע ביכער, וועלכע איך האב אייך געשיקט?—איהר האָט
מיר געשיקט אזוי פיעלע, דאס איך האב נאָך ניט געקענט לעזען א העלפט פון זייא.—

האט דער קליינער עדוואַרד (דער אויסגעלאַזען) געגעסען אַלע קאַרשען, וועלכע זיינע געוועזען היער אויף דעם טיש?—ניין, ער האט נאָר געגעסען אַ העלפט פון זייא.—ווער האט געגעסען דיא אַנדערע העלפט?—איך קען ניט זאָגען.—האט דער מאַן געטרונקען דעם גאַנצען וויין?—ניין, ער האט געטרונקען נאָר אַ האַלבע פלאַש.—וואו איז דיא האַלבע פלאַש, וועלכע ער האט איבערגעלאַזען?—איך האָב זיא אוועקגעשטעלט (put it by). —זיינען אַלע יונגלאַך אין אייער שולע אַזוי פויל וויא דוא?—עס זיינען ניט דאָ פיעלע דערין (in it), וועלכע ארבייטען מעהר און זיינען פלייסיגער אַלס איך בין.—וואו זייט איהר געוועזען נעכטען?—איך בין געוועזען צו הויז דעם גאַנצען טאָג; איך האָב געשריבען פון מאָרגען ביז נאַכט.—האט איהר אויסגעגעבען אייער גאַנצעס געלד?—ניין, איך האָב נאָך זיבעטהאַלבען דאָללאַר (נאָך, left, צולעצט).—אין וועלכעס צימער זאָל איך שטעלען דיזע שטולען?—נעהם זייא אַלע אין דאָס עס-צימער (dining-room).—זיינען אַלע הייזער פון דיזער גאַס געבויט פון שטיין?—ניט אַלע, אבער דיא מעהרסטע פון זייא זיינען.—זיינען אַלע שפּראַכען שווער צו לערנען?—אַלע שפּראַכען זיינען שווער, ווען איינער וויל זייא פערשטעהן גוט.—זיינען אַלע ביכער ניצליך?—וויא קענט איהר פרעגען אַזאַ זאַך? עס זיינען דאָ אַ סך, וועלכע זיינען ניט.—געווינט איהר אָפט, ווען איהר שפּיעלט אין קאָרטען?—איך געווין זעהר אָפט.

## 171. צום איבערזעצען.

נוא (well), האט איהר געקויפט דעם קאַפע, פון וועלכען דער מאַן האט אייך געוויזען דיא פּראָבען (samples) היינט אין דער פריה?—ניין, מיט אַל זיין רעדען (talking) האט ער מיך ניט געקענט איבערצייגען, דאס עס איז געוועזען דיא זעלביגע סאָרט, וועלכע ער האט מיר פערקויפט אַנדערטהאַלבען מאָנאַטען צוריק.—ער האט געשיינט זיך שטאַרק צו בעמיהען (to take great pains) מיך איבערצורעדען.—יע, געוויס, אבער איך וויים מיין געשעפט צו גוט; איך זעה מיט מיינע אייגענע אויגען; רעדען (talking) וועט קיינמאָל מאַכען שלעכטען קאַפע גוט.—דאָ זייט איהר געוועזען.—דער האָללענדער איז עבען געקומען צוריק און ער ווינשט צו רעדען מיט אייך.—זאָגט איהם, עס טהוט מיר לייד, דאס איך קען איהם ניט זעהן, איך בין זעהר בעשעפטיגט (busy), איך וועל רעדען מיט איהם אויף דער בערזע.—ער זאָגט, ער האט קיין צייט צו געהן אויף דיא בערזע היינט.—אַלזאָ (well, then) בעט איהם הערייננעהן.—וואו איז אייער זוהן יעצט? —ער רייזט יעצט.—רייזט ער פיעל.—ער רייזט געוועהנליך דרייא מאָנאַטען אין יאהר. —איז ער געוועזען פיעל אויפ'ן ים (at sea)?—ניין, ער איז נאָך קיינמאָל געוועזען אויפ'ן ים; אבער נעכסטעס יאהר וועט ער מאַכען אַ רייזע נאָך (to) ענגלאַנד.—שיקט איהר אייערע וואַארע נאָך האָללאַנד מיט וואַסער אָדער מיט לאַנד?—מיר שיקען גאָר קיין זאַך מיט לאַנד יעצט; מיר שיקען אַלעס מיט וואַסער.—איז עס ביליגער מיט וואַסער אַלס מיט לאַנד?—עס איז פיעל ביליגער מיט וואַסער.—האט אייער זוהן געקריגען (obtained) דיא שטעלע, וועגען (for) וועלכע ער האט געשריבען אין פּאַריז?—עס פרייט מיך צו קענען אייך זאָגען, דאס ער האט זיא בעקומען.—זאָג יאָהאַנען ער זאָל נעהמען (=צו נעהמען) דיא בריף אויף דיא פּאָסט: עס איז האַלב זיבען.

# 56th Lesson.—56סטע לעקציאן.

איינאַנדער (איינער דעם אנדערן, איינע דיא אנדערע, איינס דאָס אנדערע). — One another / Each other

| | |
|---|---|
| מיר ליבען איינער דעם אנדערן. | We love one another (אָד. each other). |
| איהר ווידערשפּרעכט איינער דעם אנדערן. | You are contradicting each other. |
| ווידערשפּרעכען. | *To contradict (קאָנטראַדיקט). |
| דענקט איהר, דאס מיר וואָלטען א מאָל געקענט פערגעסען איינער דעם אנדערן? | Do you think, we could ever forget one another? |
| וועלען מיר מאָרגען זעהן איינער דעם אנדערן? | Shall we see one another to-morrow? |
| זייא האבען ווידערשפּראָכען איינער דעם אנדערן. | They contradicted each other. |

## About (אָבאוט), הערום, בייא.

| | |
|---|---|
| האט איהר געלד בייא אייך? | Have you any money about you? |
| האט ער קיין אוהר בייא זיך? | Has he no watch about him? |
| איך האב קיין געלד בייא מיר. | I have no money about me. |
| ער האָט קיין אוהר בייא זיך. | He has no watch about him. |

## Before (ביפאָור'), פאַר; behind (ביהאַינד'), הינטער.

| | |
|---|---|
| זיך טרעפען, זיך בעגעגנען; זיך געטראָפען, זיך בעגעגענט. | To meet (מי־ט); met (מעט), met. |
| מיר האבען אונז געטראָפען (אָד. בעגעגענט). | We met. |
| וואו האט איהר אייך געטראָפען (אָד. בעגעגענט)? | Where did you meet? |
| וואוינט איהר פ א ר דעם טהויער? | Do you live outside the gate? |
| The city-gate — דאָס שטאָדט־טהויער | The gate (גייט) — דאָס טהויער |
| וואָס (וויא) איז דיזען מאַנ'ס נאָמען? / וויא הייסט דיזער מאַן? | What is this man's name? |
| וואָס (וויא) איז דער נאָמען פון דיזען דאָרף? / וויא הייסט דיזעם דאָרף? | What is the name of this village? |
| דאָס דאָרף. | The village (וויל'לעדזש). |
| וויא הייסט דאָס אין ענגליש? | What is that called in English? |
| רופען, אנרופען. | *To call (קאָ־ל). |
| דאָס הייסט—. | That is called—. |
| וויא רופט איהר דאָס אָן? | What do you call that? |

| | |
|---|---|
| וויא איז דיין נאָמען (אָד. וויא הייסט דוא) מיין קליינער יונגע? | What is your name, my little boy? |
| מיין נאָמען איז (איך הייס) דזשאָן, אבער צו הויז רופען זייא מיך דזשאָק. | My name is John, but at our house they call me Jack. |

## Outside (אוטסאיד'), פאָר, פון דרויסען.

| | |
|---|---|
| ער האָט געלאָזען דיא קינדער געהן פאָר איהם (פאָר זיך). | He let the children walk before him. |
| זיא האט געשיקט דיא דיענסט פאָר איהר (פאָר זיך). | She sent the servant before her. |
| ער האט געלאָזען דעם דיענער געהן הינ=טער איהם (הינטער זיך). | He let the servant walk behind him. |
| דוא קומסט נאָך מיר. | You come after me. |
| הינטער; הינטען. | At the back of—. |
| פאָר; פאָרן. | At the front of—. |
| ער וואוינט הינטער דעם הויז. | He lives at the back of the house. |
| איך וואוין פאָר דעם הויז. | I live in front of the house. |
| א הינטער=געביידע, א הינטער=הויז. | A back-building (באַק'=ביל'דינג). |
| א הינטער=צימער. | A back-room (באַק'=רו־ם). |
| א פאָרדער=צימער. | A front-room (פראָנט'=רו־ם). |
| איך האב צווייא פאָרדער=צימערן און איין הינטער=צימער. | I have two front-rooms and one back-room. |
| וואו וועלען מיר אונז טרעפען היינט נאָכ=מיטטאָג? | Where shall we meet this afternoon? |
| מיר וועלעי אונז טרעפען בייא פעטער'ס טהויער. | We shall meet at Peter's gate. |
| פאָר דעם טהויער? | Outside the gate? |

פיר דעם ווירקליכען נאָמען פון פערזאָנען אָדער זאַכען ווערט פיר הייסען ניט גע=ברויכט to call זאָנדערן: what is the name, my name is, your name is או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| וויא הייסט—? | What is the name of—? |
| איך הייס—. | My name is—. |
| דוא הייסט—. | Your name is—. |
| ער הייסט—. | His name is. |
| זיא הייסט—. | Her name is. |
| ער האט נהייסען—. | His name was—. |
| עס האט געהייסען—. | Its name was—. |
| ביטע, הייסט איהר ניט הערר סמיטה? | Pray, is not your name Mr. Smith? |
| וויא האט געהייסען דאָס בוך, פון וועלכען איהר האט געכטען גערעדט? | What was the name of the book of which you spoke yesterday? |

| | |
|---|---|
| What is the name of the street in which your friend lives? | וויא הייסט דיא גאס, אין וועלכער אייער פריינד וואוינט? |
| What was the name of the street in which you lived when you were in Paris? | וויא האט געהייסען דיא גאס, אין וועלכער איהר האט געוואוינט, ווען איהר זייט געוועזען אין פאריז? |
| The name of the street was Rivoli. | דיא גאס האט געהייסען ריוואלי. |
| Is that his name? | איז דאס זיין נאָמען? (הייסט ער אזוי?) |
| That is not his name. | ער הייסט ניט אזוי. |
| Is that your name? | הייסט איהר אזוי? |
| That is not my name. | איך הייס ניט אזוי. |
| What was the man's name that was at your house yesterday? | וויא הייסט דער מאן, וועלכער איז נעכטען געוועזען בייא אייך? |
| I really do not know his name. | איך ווייס ווירקליך ניט, וויא זיין נאָמען איז (וויא ער הייסט). |
| What is that in German? / What is that called in German? / What do you call that in German? | וויא הייסט דאס אויף דייטש? |
| The name (ניים). | דער נאָמען. |
| Call things by their right names. | רופט אָן זאכען מיט זייערע ריכטיגע נעמען. |
| Call everything by its right name. | רופט אָן יעדע זאך מיט איהר ריכטיגען נאָמען. |
| In English (אינ׳גליש). | אויף ענגליש. |
| In Latin (לאֶ׳טין). | אויף לאטייניש. |
| In Greek (ג ק). | אויף גריכיש. |
| I do not know what that is (אָד. is called) in Italian. | איך ווייס ניט, וויא דאס הייסט אויף איטאליעניש. |
| What? | וואָס? וויא? |
| What do you say? | וואָס זאָגט איהר? |

ווען מען פערהערט אָדער מען פערשטעהט עפּעס ניט אין רעדען דריקט מען זיך אין ענגליש געוועהנליך אוים מיט דיא בעטיטלונגען Sir (מיין הערר), Madam (מאדאם), Miss (פריילין), און דאָס איז ריכטיג, וויא מען וואָלט זאָגען אין יודיש הא מיט א פראגע (הא?); ווען מען פערשטעהט אָבער ניט צום צווייטען מאָל איז דיא מאָדע צו זאָגען: I beg your pardon (איך בעט אום ענטשולדיגונג) פאר דיא בעטיטלונגען; צ. ב. I beg your pardon, Sir, I beg your vardon, Madam, I beg your pardon, Miss.

| | |
|---|---|
| Sir?—Madam?—Miss? | הא? (וואָס זאָגט איהר?) |
| Will you wait for me at the gate? | וועט איהר ווארטען אויף מיך בײ׳ן טהויער? |
| I will walk to and fro till you come; but do not be too late. | איך וועל געהן הין און צוריק ביז איהר קומט; אָבער שפּעטיגט אייך ניט. |

| | |
|---|---|
| I am too late, I fear. | איך בין צו שפּעט, האב איך מורא (פּירכ־טע איך). |
| You are too soon. | איהר זייט צו פריה. |
| You will be in time, if you are there at three. | איהר ווערט זיין אין דער צייט, ווען איהר זייט דאָרטען אום דרייא. |
| Am I still in time? | בין איך נאָך אין דער צייט? |
| You are just in time. | איהר זייט גראדע אין דער צייט |
| When will he be here? | ווען ווערט ער זיין היער?<br>ווען ווערט ער קומען אהער? |
| Do not be too late. | שפּעטיגט אייך ניט.<br>זייט ניט צו שפּעט.<br>קומט ניט צו שפּעט. |

## To and fro (טו אָנד פראָו), אהין און צוריק, אהין און אהער, הערויף און העראָב.

| | |
|---|---|
| *To accoast (אָקקאָוסט').<br>*To address (אָדדרעס'). | זיך ווענדען צו, רעדען צו, נעהמען רעדען צו. |
| He addressed me in German. | ער האט צו מיר גערעדט אויף דייטש. |
| *To resemble (ריזעמבל'). | גלייכען, זיין עהנליך. |
| They resemble each other.<br>They are like each other. | זייא זיינען עהנליך איינער דעם אנדערן. |
| They look like each other | זייא זעהען אויס עהנליך איינער דעם אנ־דערן. |

## 172. צום איבערזעצען.

ביטע, זעהט אויב מיין הוט איז אין דעם נעכסטען צימער.—איך בין עבען געוועזן אין דעם נעכסטען צימער, און איך האב ניט געזעהן קיין הוט.—ווערט איהר זאָגען דעם דיענער צו געהן אויף דיא פּאָסט און זעהן, אויב עס זיינען דאָ וועלכע בריף?—איך האָב איהם געזוכט אומעדום און קען איהם ניט געפינען אין ערגעץ.—זעהט, אויב ער איז אין גאָרטען.—גיט אַ קוק (look at) אייער אוהר און זאָגט מיר, וויא פיעל אַ זייגער (what time) עס איז.—עס ווערט באַלד (it is going) שלאָגען צוועלף.—דאַן מוז איך אַוועגגעהן (be off).—וועלען מיר אונז זעהן (=זעהן איינער דעם אנדערן) מאָרגען?—איך האָף יע.—איז דער יונגער פראנצויז נאָך היער, וועלכער שפּיעלט אין ביליארד אזוי גוט?—איך קען ניט זאָגען; ווארום פרעגט איהר?—איך וואָלט וועלען (like) וויסען, אויב איהר זעהט אייך (=איינער דעם אנדערן) אזוי אָפט, וויא איהר פלעגט אייך זעהן (as you used to do).—מיר האבען אונז ניט געזעהן זייט (these) דרייא אָדער פיער וואָכען.—איז אייער שוועסטער נאָך אין לאָנדאָן?—יע, איך האָב געהאַט זעהר אַ לאַנגען בריף פון איהר נעכטען.—שרייבט איהר אָפט איינער צום אנדערן? (to one another אָד. to each other).

דיא ווערטלאַך to, from, with או. אַז. וו. ווערען ניט געשטעלט צווישען one און another, each און other, (אַנדערן פאַרויס).—מיר שרייבען איינער צום אנדערן רעגעלמעסיג איינמאָל א מאָנאט.—ליעבט איהר איינער דעם אנדערן?—מיר ליעבען איינער דעם אנדערן זעהר פיעל.—ליעבען אייערע אנדערע ברידער און שוועסטער אויך איינע דיא אנדערע? (אויך, too, צולעצט).—יע (=זייא טהוען) גראדע אזוי פיעל, וויא מיר ליעבען איינער דעם אנדערן.

## 173. צום איבערזעצען.

ווארום האסט דוא ניט געלאָזען דיין קליינעם ברודער געהן הינטער דיר?—ער קען ניט געהן אזוי גיך, וויא איך.—ווארום האסט דוא דיך ניט הערומגעקוקט (הערומקוקען, to look round), ווען איך האָב דיך גערופען היינט אין דער פריה?—איך האב אייך ניט געהערט.—איך קען מיך זעלבסט זעהן; קענט איהר מיך זעהן?—איך קען אייך זעהן, אבער איהר קענט מיך ניט זעהן.—זייט איהר געווען פלייסיג היינט?—איך בין (עס) אימער.—איהר לויבט אייך אימער אליין; איך ווינש איהר וואָלט זיין (you were) אזוי אָפט פלייסיג, וויא איהר לויבט אייך.—איז אייער ברודער געווען פלייסיג?—ער איז אויך געווען פלייסיג.—איהר לויבט אימער איינער דעם אנדערן; איהר לויבט איהם און ער לויבט אייך; אייער הערר (master) לויבט אייך גאָר ניט.—ווען אונזער הערר לויבט אונז ניט איז ער זעהר אונגערעכט.—ווארום לעגט איהר ניט אוועג דאָס בוך פאָר אייך?—איך קען ניט זעהן אזוי גוט, ווען איך לעג עס פאָר מיר.—וואוינען אייערע צווייא פריינד, דער אמעריקאנער און דער ענגלענדער, איז דעם זעלביגען הויז?—זייא וואוינען ביידע אין דעם זעלביגען הויז; דער אמעריקאנער האט צווייא פאָרדער-צימערן און איינס פון הינטען (at the back), און דער ענגלענדער האט א הינטער-צימער און איינס פון פאָרנט (at the front).—וואוינען אייערע מומעס אין שטאָדט אדער פאָר דעם טהויער?—זייא וואוינען (ג.=פ. צייט=פאָרם) פאָר דעם טהויער זייט א מאָנאט.—קענט איהר מיר זאָגען וויא הייסט דיא גאס, אין וועלכער אייער שוסטער וואוינט?—ביטע, וויא הייסט איהר?—מיין נאָמען איז פעטער (Peter).—וויא הייסט דוא, מיין מיידעלע (my little girl)?—איך הייס עליזאבעטהא (Elizabeth), אבער צו הויז רופען זייא מיך אימער בעטסי (Betsy).—וויא הייסט דער מאן, מיט וועמען איהר האט היינט גערעדט אין גאס?—ער הייסט ווילליעמז.

## 174. צום איבערזעצען.

וויא הייסט אייער שוועגערן?—זיא הייסט אויגוסטא.—וואס פיר א לאנדסמאן (countryman) איז דער הערר, וועלכער האט אייך געבראכט א בריף פון אייער ברודער אין האמבורג היינט אין דער פריה? ער האט ניט אויסגעזעהן וויא א דייטש.—ער איז עס אויך ניט (nor is he), ער איז א פראנצויז, אבער ער רעדט דייטש, וויא א געבאָרענער דייטש (א געבאָרענער דייטש, native.—נאָך native ווערט ניט געשטעלט דער נאָמען פון דער נאַציאָן; מען דאַרף אימער דאַרונטער פערשטעהן דעם נאָמען פון דער נאַציאָן, וועלכע ווערט אנגעדייטעט אין דיא פריהערדיגע ווערטער).—ווארום האט איהר איהם געוויזען דעם שפּאַנישען בריף?—איך האב איהם געבעטען ער זאָל מיר ערקלערען (=צו ערקלערען)

עפּעס דערין.—פערשטעהט ער שפּאניש אויך?—ער קען (=ווייס) פיעלע שפּראכען; ער האט גערייזט זעהר פיעל.—האט ער אייך געזאָגט, וואָס איהר האט פערלאנגט (wished) צו וויסען?—יע, און נאָכדעם, וויא ער האט עס מיר ערקלערט (after having explained it to me) האט ער מיר אויך געזאָגט, וויא דאס איז (how it was) אויף (in) איטאליעניש, רוסיש, ענגליש און האָללענדיש.—מאַכט איהר אלע אייערע אויפגאבען (tasks) אליין?—ניין, איך און מיין ברודער (אין ענגליש: מיין ברודער און איך) מאכען אימער אונזערע אויפגאבען צוזאמען; מיר האבען פערשפּראָכען איינער דעם אנדערן קיינמאָל צו ארבייטען אליין.—האט איהר געהערט, וואָס דיא צווייא מענשען האָבען געזאָגט איינער צום אנדערן?—זיא האבען געדענקט זייא קענען (=האָבען געקענט) איינער דעם אנדערן און האבען גענומען רעדען איינער צום אנדערן אויף פראנצויזיש.—האבען זייא געקענט איינער דעם אנדערן?—ניין, זייא האבען ניט געקענט (they did not; אנשטאָט צו ווידערהאָלען דיא פערב. צייט־פ. פון האַנדלונגסוואָרט קומט did); זייא האבען זיך ביידע געאירט (זיך אירען, to be mistaken).—איז עס ניט זעהר אונאנגענעהם צו נעהמען רעדען צו א פערזאָן און דערנאָך (afterwards) געפינען, דאָס עס איז אן אירטהום?—עס איז ווירקליך ניט אנגענעהם, אבער עס זיינען דאָ אזוי פיעלע לייטע, וועלכע זיינען עהנליך איינער צום אנדערן, דאס איינער קען לייכט אירען.—וואס האבען געפרעגט דיא דרייא הערען, וועלכע האָבען זיך געווענדעט (addressed) צו אייך?—זייא האבען מיך געפרעגט, אויב איך ווייס, וויא עס הייסט דער הערר, וועלכער וואוינט איז אונזער הויז.—האט איהר זייא געקענט פערשטעהן?—איך האב זייא פערשטאנען זעהר גוט, אבער איך האָב זייא ניט געקענט ענטפערן אין איטאליעניש; איך האב זייא געענטפערט אין פראנצויזיש.—האבען זייא אייך פערשטאנען?—יע, מיר האבען אונז (=איינער דעם אנדערן) פערשטאנען זעהר גוט.

## 175. צום איבערזעצען.

האט דער הערר ניט געהייסען מארטין, וועלכער איז געזעסען נעבען אייך אין טהעאטער פאָריגע נאכט?—ניין, דאס איז ניט געוועזען זיין נאָמען.—קענט איהר מיר ניט זאָגען וויא דאָס הייסט אויף ענגליש?—איך ווייס ניט, פרעגט אייער הערן.—וועט איהר ווארטען אויף (for) מיך בייא דעם טהויער?—איך וועל ווארטען אויף אייך, אבער שפּעטיגט אייך ניט.—בין איך נאָך צו רעכטער צייט (in time) צו שרייבען אייניגע (a few) ווערטער אונטער אייער בריף צו אייער פלעמעניק?—איהר זייט גראדע צו רעכטער צייט.—האט איהר אויף מיך געווארט לאנג?—יע, מיר האבען געווארט א האלבע שטונדע; איהר זייט צו שפּעט.—ווען וועט אייער שוועסטערקינד זיין היער?—ער וועט היער זיין מאָרגען נאָכמיטטאָג.—זיינען אייערע זיהן שוין געגאנגען אין טהעאטער?—זייא זיינען אוועקגעגאנגען א פערטעל שטונדע צוריק; זייא האבען געווארט אויף אייך אזוי לאנג, וויא זייא האבען געקענט; ווארום קומט (=זייט) איהר אזוי שפּעט?—איך האב ניט געקענט אוועקגעהן (get off) פריהער (any sooner).—האָט איהר געטהאָן, וואָס איך האב אייך געזאָגט?—איך האב עס געטהאָן נעכטען.—וויא געפינט אייער שוועסטערקינד דאס לעבען (living) אין פאריז?—ער געפינט עס זעהר אנגענעהם.—האט איהר געפונען דעם שליסעל, וועלכען איהר האט פערלאָרען נעכטען?

—ניין, איך האב איהם נאך ניט געפונען צוריק (again); איך האב מורא איך האב איהם פערלאָרען אין דער גאַס.—האט איהר צובראָכען מיין שעהנעס גלאָז?—איך האָב עס ניט צובראָכען; עס איז העראָבגעפאלען פון טיש און איז צובראָכען געוואָרען; עס איז ניט געוועזען מיין שולד (fault).—ווער האט געבראַכט דיזעס שטיק?—איך ווייס ניט; איך האב ניט געקענט דעם מאַן, וועלכער האט עס געבראַכט.—וויא פיעלע שטיקער גע-וואַנד (טוך, cloth) האט דער מאַן צו שיקען?—ער האט אין גאַנצען געהאַט צוויא און דרייסיג שטיקער צו שיקען (אין גאַנצען, at all, צולעצט); דרייצעהן האט ער געשיקט אייערנעכטען, זיבען נעכטען נאָכמיטטאָג, פינף אום האלב עלף היינט נאָכמיטטאָג, און איינס דרייא פערטעל שטונדע צוריק, אלזאָ (so) האט ער נאך זעקס (six more) צו שיקען.

---

# 57th Lesson.—57סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| She is taking a piece of bread to the poor man that is standing at the door. | זיא בריינגט (=נעהמט) אַ שטיקעל ברויט דעם אָרימען מאַן, וועלכער שטעהט בייא דער טהיר. |
| The good lady! She is always so glad to give to the poor. | דיא גוטע דאַמע! זיא איז אימער אזוי צופרידען צו געבען דיא אָרימע לייט. |
| There is a lame woman without; she begs a piece of bread. | עס איז דאַ אַ הינקעדיגע פרוי אין דרויסען; זיא בעט אַ שטיקעל ברויט. |
| Give her some; the lame are always to be pitied. | גיב איהר עטוואָס; דיא אָרימע זיינען אימער צו בעדויערן. |
| Why have you not learned your lesson again, you lazy fellow? | ווארום האסט דוא ווידער ניט געלערנט דיין לעקציאָן, דוא פוילער יונג? |
| Why, my sister did not call me this morning, and so I had not time to learn before going to school. | אָיי, מיין שוועסטער האט מיך היינט אין דער פריה, ניט געוועקט, און אזוי האב איך ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען פאר'ן געהן אין שולע. |

## Why, אָיי! יע!

| | |
|---|---|
| The lazy are never at a loss for an axcuse; the industrious never need one. | דיא פוילער זיינען קיינמאָל אין פערלעגענ-הייט וועגען אַן ענטשולדיגונג (אַ תירוץ), דיא פלייסיגע דארפען ניעמאלס קיין ענטשולדיגונג. |
| The excuse (עקסקיוז). | דיא ענטשולדיגונג, דער תירוץ. |
| To be at a loss. | זיין אין אַ פערלעגענהייט; ניט וויסען. |
| To be at a loss how to do a thing. | ניט וויסען, וויא עפּעס צו טהאָן. |
| He is at a loss how to procure the money. | ער ווייס ניט, וויא צו שאַפען דאס געלד. |
| *To procure (פּראָוקיור) | שאַפען, קריגען. |

אין יודיש קען אן אייגענשאפטסווארט נאך זיך אויסלאזען דיא פערזאן און שטעהן אליין. מען זאגט, צום בייאשפיעל א גוטער, א קלוגער, א גוטע, א קלוגע אנשטאט: א גוטער מענש, א קלוגער מענש, א גוטע פרוי, א קלוגע פרוי או. אז. וו. אין ענגליש מוזען אימער נאך דיא אייגענשאפטסווערטער קומען דיא פערזאנען אויסגעדריקט מיט ווערטער, וויא: man (א מאן, א מענש), fellow (א מענש, א יונג), woman (א פרוי) או. אז. וו. צ. ב. א גוטער, a good man, a good fellow; א גוטע, a good woman; א קלוגער, a wise man; א קלוגע, a wise woman או. אז. וו.

אין ענגליש קענען נאר דאן דיא אייגענשאפטסווערטער שטעהן אליין אנשטאט דיא פערזאנען, ווען זייא קומען אין מעהרצאהל; צ. ב. the good, דיא גוטע (לייט), the poor, דיא ארימע (לייט), the rich, דיא רייכע (לייט), the lame, דיא הינקעדיגע (מענשען) או. אז. וו. אבער ווען עס געהט פאראויס א צאהל־ווארט אדער דיא ווערטער these, those, other, מוזען אימער קומען צוגעשטעלט דיא פערזאנען: three blind men, דרייא בלינדע (מענשען); two rich men, צווייא רייכע (לייט); these blind men, דיזע בלינדע (מענשען); those blind women, יענע בלינדע (פרויען) או. אז. וו.

עס זיינען דא געוויסע אייגענשאפטסווערטער, וואס קענען סייא אין איינצאהל סייא אין מעהרצאהל שטעהן פיר פערזאנען אהן צוגעשטעלטע ווערטער פיר דיא פערזאנען; צו דיזע געהערען: beloved, בעליעבט, betrothed, פערלאבט, פערקנסט, און equal, גלייך, וועלכע קענען איבערגעזעצט ווערען אזוי:

| | |
|---|---|
| The beloved (בילאָ'ווער). | דער געליעבטער (מאן, יונגער מאן).<br>דיא געליעבטע (פרוי, יונגפרוי). |
| The betrothed (ביטראָטה־ט'). | דער פערלאבטער (מאן, יונגער מאן).<br>דיא פערלאבטע (פרוי, יונגפרוי), דיא כלה. |
| The equal (אייקוועל). | דער גלייכער (א מאן פון אימעצנ'ס גלייכען).<br>דיא גלייכע (א פרוי פון אימעצנ'ס גלייכען). |

אייגענשאפטסווערטער, וואס ווערען געברויכט אנשטאט פערזאנען, ערהאלטען ניט אין מעהרצאהל קיין s (וויא אנדערע ווערטער וואס בעצייכענען פערזאנען); עס זיינען אבער דא איי־ניגע, וועלכע ערהאלטען יע אן s אין דער מעהרצאהל—צו יענע געהערען: ancient, אלט, פארצייטיג, modern, נייא, היינטיג, היינטוועלטיג, unfortunate, אונגליקליך:

| | |
|---|---|
| The ancients (איינ'שיענטס). | דיא פארצייטיגע (מענשען). |
| The moderns (מאָ'דערנז). | דיא היינטיגע (מענשען). |
| The unfortunates (אָנפאָר'טשונייטס). | דיא אונגליקליכע (מענשען). |

יעדעס אייגענשאפטסווארט מיט דעם ווערטעל the פאראויס קען שטעהן צו בעצייכענען דיא אייגענשאפט אליין אהן דער פערזאן: the hanhsome, דאס שעהנע, דיא שעהנהייט; the agreeable, דאס אנגענעהמע, דיא אנגענעהמיגקייט; the useful, דאס ניצליכע, דיא ניצליכקייט או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| The great, the good is admired by every body, except by the envious. | דיא גרויסקייט, דיא גוטסקייט ווערט בעוואונדערט פון יעדען, אויסער פון דיא ניידישע (מענשען). |

## Except (עקסעפּט'), save (סייוו), אויסער, נאר ניט.

| | |
|---|---|
| *To admire (אֶדמאייר'). | בעוואונדערן. |
| Does the green in this pattern please you? | געפעלט אייך דיא גרינקייט (דער גרינער קאלאר) אין דיזען מוסטער? |

| | |
|---|---|
| The blue does not agree well with the yellow. | דאָס בלוי פּאַסט ניט גוט צו דעם גרין. |
| How many different shades of the same colors there are in these flowers! | וויא פיעלע פערשיעדענע שאַטירונגען פון דיא זעלביגע קאָלאָרען זיינען עס דאָ אין דיזע בלומען! |
| Yes, there are two greens, three blues, four yellows and two lilacs. | יע, עם זיינען דאָ צווייערלייא גרין, דרייער־לייא בלוי, פיערערלייא געל און צוויי־ערלייא לילאַ־פאַרב (רויטה־בלוי). |
| Lilac (לאַי־לאָק). | רויטה־בלוי, לילאַ־פאַרב. |

אייגענשאַפטסווערטער פון קאָלאָרען קענען שטעהן אַלס נעמען פון קאָלאָרען און דאַן ווערט צו זייא נאָך אַ צאָהל־וואָרט צוגעזעצט אַן s אין מעהרצאָהל: the green, דאָס גרין, ד. ה. דער גרין־קאָלאָר: two greens, צווייערלייא גרין.

| | |
|---|---|
| Mad (מאֶד). | פערריקט, משוגע. |
| False (פאָ־לס). | פאַלש, ניט ריכטיג. |
| Vain (וויין). | אומזיסט; פוסט, לעער; אייטעל, ניכטיג. |
| *To envy (ענ'ווי). | בענײדען, מקנא זיין. |
| He is much envied. | ער ווערט פיעל בענײדעט (מען איז איהם זעהר מקנא). |
| Have you heard the news? | האט איהר געהערט דיא נייעס? |
| The news (ניוז). | דיא נייעס. |
| What news is there? | וואָס איז דאָ נייעס? |
| Why, nothing particular. | איי, גאָר נישט בעזאָנדערעס. |
| Particular (פאַרטי'קיולאָר). | בעזאָנדער. |
| The particulars (פאַרטי'קיולאָרז). | דיא איינצעלהייטען, דיא פרטים, דיא פאָ־דראָבנאָסטען. |
| Give me all particulars. | גיט (ערצעהלט) מיר אַלע איינצעלהייטען. |
| I shall give you all the particulars. | איך וועל אייך געבען אַלע איינצעלהייטען. |
| Surprising (סאָירפּראַי'זינג). | איבערראַשענד, שטוינענד. |
| Astonishing (אָסטאָ'נישינג). | שטוינענד, זאָנדערבאַר. |
| Wonderful (וואָנ'דערפול). | וואונדערבאַר, זאָנדערבאַר. |
| Strange (סטריינדזש). | מאָדנע, זאָנדערבאַר. |
| To sew (סאָו); sewed (סאָוד), sewn (סאָון). | נעהען; גענעהט. |
| To sew on. | אָננעהען, צונעהען. |
| Sewing (סאָואינג). | דאס נעהען. |
| Sewing-thread (סאָואינג־טהרעד). | נעה־פאָדים. |
| Can you sew me this button on? | קענט איהר מיר אָננעהען דיזען קנאָפּ? |
| The stuff (סטאָף), the cloth (קלאָטה). | דער צייג. |
| To weave (וויװו); wove (וואָו־וו), woven (וואָו־ון). | וועבען; געוועבט. |

| English | Yiddish |
|---|---|
| A weaver (ווי־ווער). | א וועבער. |
| White (הוואיט) | ווייס |
| Black (בלאָק) | שווארץ |
| Red (רעד) | רויטה |
| Yellow (יעל־לאָו) | געל |
| Blue (בליו) | בלוי |
| Green (גריין) | גרין |
| Grey (גריי) | גרוי |
| Brown (בראון) | ברוין |
| Light (לאיט) | העל |
| Dark (דארק) | דונקעל |
| The dark (דארק), darkness (דארק־נעס). | דיא דונקעלהייט, דיא פינסטערקייט. |
| Do you not think that the lilac is too dark? | דענקט איהר ניט, דאס דיא לילא־פארב איז צו דונקעל? |
| What color is your silk bonnet? | וואָס פיר א קאָלאָר איז אייער זיידענער הוט (דאמען־הוט)? |
| Dark-green, almost an olive. | דונקעל־גרין, ביינאהע אָליוועג־פארב. |
| The olive (אָליוו). | דיא אָליוועג־פארב. |
| *To distinguish (דינסטינגוויש). | אונטערשיידען, אויסצייכנען. |
| The sense (סענס). | דאָס געפיהל, דער זין, דער חוש. |
| The senses (סענסיז). | דיא געפיהלע, דיא חושים. |
| *To touch (טאָטש). | בעריהרען, אָנריהרען. |
| Hearing (היר־רינג). | דאָס הערען, דאָס געהער (חוש השמע). |
| He has lost his hearing. | ער האט פערלאָרען דאָס געהער. |
| Sight (סאיט). | דאָס זעהן, דיא זעה־קראפט (דיא ראיה). |
| My sight is very weak. | מיין זעה־קראפט (מיינע אויגען) איז זעהר שוואך. |
| The taste (טייסט). | דער געשמאק (חוש הטעם). |
| I have such a cold that I have no taste in my mouth. | איך האב אזא פערקיהלונג (איך האב מיך אזוי פערקיהלט), דאס איך האב קיין געשמאק אין מויל. |
| The smell (סמעל). | דער גערוך (חוש הריח). |
| You must have no smell, if you cannot smell this; it smells very strong indeed. | איהר מוזט קיין גערוך ניט האבען, ווען איהר קענט דאס ניט שמעקען; עס שמעקט זעהר שטארק. |
| The sense of touch. | דאָס געפיהל פון טאפען (חוש המישוש). |
| Sharp (שארפ), acute (אָקיוט). | שארף. |
| Hard (הארד), callous (קעללאָס). | הארט (פון דער הויט). |
| Soft (סאָפט). | ווייך. |
| The skin (סקין). | דיא הויט. |
| Loud (לאוד)—Loudly, | הויך (פון דער שטימע). |

ליִיז, שטיל, נידריג (פון דער שטימע). — Low (לאָו), gentle (דזשענטל).
דיא שטימע, דער קול. — The voice (וואָיס).
מיט א הויכער שטימע. — With a loud voice.
מיט א נידריגער שטימע. — With a low voice.

Deaf (דעף) טויב | Dumb (דאָם) שטום

טויב-שטום. — Deaf and dumb.
געבאָרען טויב. — Born deaf.
א טויב-געבאָרענע פערזאָן, א טויב-געבאָ-רענע. — A person born deaf.

The motion (מאָושאָן) דיא בעוועגונג | The world (וואָירלד) דיא וועלט

נאָכמאַכען, נאַכאַהמען. — *To imitate (אימיטייט).
הערויסברייִנגען. — *To produce (פּראָודיוס).
דיא שפּראַך פון דיא פינגער, דיא פינגער-שפּראַך. — The language of the fingers.
געשיקטקייט. — Cleverness (קלעווערנעס).

The emperor (עמפּעראָר) דער קייזער | The king (קינג) דער קעניג

וויזהייט, חכמה. — Wisdom (וויזדאָם).

The vessel (וועססעל) דאָס געפעס | The cask (קאָסק), The barrel (בעררעל) — דאָס פאַס, דאָס פעסעל
Vinegar (וויִנעגאָר) עסיג

פעראַנלאַסען, בעוועגען צו—, פעראורזאַכען. — *To induce (אינדיוס). *To occasion (אָקקייזשאָן).
דיא פעראַנלאַסונג, דיא אורזאַך. — The occasion.
געשיקט. — Clever (קלעווער).
דעמיטהיג, קליין בייא זיך, פּשוט. — Humble (אָמבל).
דעמיטהיגקייט (ענִיוּת). — Humility (יומיליטי).
אונפערשעמט, פרעך. — Insolent (אינסאָולענט).
אונפערשעמטהייט, פרעכהייט. — Insolence (אינסאָולענס).
קאָסטבאַר, טהייער. — Valuable (וואָליואָבל).
קאָסטבארקייטען, טהייערע זאַכען. — Valuables (וואָליואָבלז).
אנגענעהם. — Agreeable (אָגריִאָבל).
אונאנגענעהם. — Disagreeable (דיסעגריִאָבל).
פעררינקט. — Deranged (דירייִנדזשד).
וואַהנזיניגקייט ; בייזקייט. — Madness (מאָדנעס).
בעמערקען, געוואָהר ווערען. — *To perceive (פּערסיוו).
ערפאַהרען, קריגען צו וויסען, הערען. — To learn (לאָירן). To get to know.

| | |
|---|---|
| The peasant (פּעזאַנט). | דער בויער. דער **לאַנדמאַן.** |
| Thoughtless (טהאָטלעס). Heedless (הידלעס). | אונבעקימערט; לייכטזיניג. |
| Thoughtlessness (טהאָטלעסנעס). | דיא זאָרגלאָזיגקייט; **דיא לייכטזיניגקייט.** |
| *To unite (יונאַיט). *To combine (קאָמבאַין). | פערייניגען, **פערבינדען.** |
| *To attempt (אַטטעמפּט). | פערזוכען, פּרובירען. |
| Male (מייל). | א מאַנספּערזאָן; **מענליך.** |
| Female (פימייל). | א פרויענצימער; **ווייבליך** |
| The species (ספּישיז). | דיא ארט. |
| *To enjoy (ענדזשאָי). | געניסען. |
| To enjoy one's self. | זיך אמוזירען. |
| The compartment (קאָמפּאַרטמענט). | דיא אבטהיילונג. |
| *To maintain (מיינטיין) | בעהויפּטען |
| *To require (ריקוואַיר) | פאָדערן |
| *To dwell (דוועל) | וואוינען |
| *To talk (טאָק) | רעדען, פּלוידערן |
| Mean (מין). | געמיין, אָרים, פּראָסט. |
| The folly (פאָללי). | דיא דומהייט, דיא נארישקייט. |
| The sage (סיידזש). | דער קלוגער מאַן, דער חכם. |
| A mad-man (מאַד-מאַן). | א משוגענער, א וואהנזיניגער. |

## 176. צום איבערזעצען

האַט איהר געגעבען דעם בלינדען מאַן עטוואָס?—איך האָב איהם הערויסגעשיקט א ביסעל געלד און עטוואָס צו עסען.—האָט איהר שוין געזעהן דיא שולע פיר דיא בלינדע?—יע, איך בין דאָרטען געווען לעצטע וואָך; איך רעכען (I dare say), עס ויינען דאָ פון פערציג ביז פופציג בלינדע מענער און פרויען דערין.—וואָס לערנען זייא דאָרטען?—זייא לערנען זעהר פיעל (a great many) ניצליכע זאַכען, און א בלינדער (a blind man) אדער א בלינדע (a blind woman) לערנט דיא אנדערע.—איך האָב געזעהן, וויא א בלינדע האָט געלערנט דיא אנדערע בלינדע נעהען.—פאָריגעס יאהר, אלס איך בין געווען אין לאָנדאָן, האָב איך געזעהן א שטיק צייג (cloth, stuff), וואָס איז געווען געוועבט פון א בלינדען.—עס איז געווען זעהר א שעהנעס מוסטער מיט פיעלע קאָלאָרען דערין און עס איז געווען אזוי שעהן געארבייטעט! עס זיינען געווען צווייערלייא גרין (two greens), דרייערלייא רויטה, איין (a) העל-בלוי און צווייא דונקעל-בלוי, איין וויס און דרייא פערשיעדענע (different) שאַטירונגען פון לילא-פארב דערין.—דאס איז וואונדערבאַר. וויא קענען זייא אונטערשיידען דיא קאָלאָרען? קענען זייא זייא פיעלייכט פיהלען?—זייא קענען זייא מיט'ן פיהלען ניט אונטערשיידען, דען אבוואָהל דאָס געפיהל פון טאַפּען איז געוועהנליך בייא (with) דיא בלינדע זעהר שאַרף, ווערט עס פערלאָרען בייא (with) דיא וועבער, דען דיא הויט פון זייערע פינגער ווערט הארט פון ארבייטען (with working); אָבער זייא האָבען א פּאָליעצע אדער פּאָליעצעס לעבען זייא; דיזע

זיינען איינגעטהיילט אין אבטהיילונגען, פון וועלכע יעדע (each of which) **האט איהר** איינענעם קאָלאָר, און אַלעס, וואס דיא בלינדע האָבען צו קענען (to know) **איז אַנצוטאַפּען** (to feel) יעדע אָבטהיילונג.—ווארום רעדט דיזער מאן אזוי הויך?—דער, צו וועמען ער רעדט, איז טויב.—איז ער געבאָרען געוואָרען טויב?—ניין; ווארום (for), ווען ער וואָלט געווען (if he were) געבאָרען טויב, וואָלט געווען אומזיסט (=פון קיין נוצען) צו רעדען הויך צו איהם. א פּערזאָן, וועלכע איז געבאָרען טויב, קען לערנען צו פערשטעהן, אבער ניט צו הערען; דעריבער בלייבען יענע, וועלכע קומען אויף (in) דיזע וועלט טויב, אויך שטום (בלייבען קומט פאַר אויך שטום). אין דיא שולען פיר דיא טויבע און שטומע לערנען זייא אויך צו רעדען דאָס הייסט (that is), נאָכצומאכען דיא בעוועגונגען פון דיא ליפּען און פון דער צונג, און הערויסצוגעבען קלענגע (sounds); אבער דיזע אונגליקליכע הערען ניט זיך אליין ניט אַנדערע. א שטומע פּערזאָן קען (may) הערען, אבער א טויבער קען געוויס זיך קיינמאָל ניט לערנען זינגען.—איך האב ניט לאַנג (lately) געזעהן א שטומע רעדענדיג מיט איהרע פינגער.—יע, דיא שטומע לערנען זיך אויך צו מאכען געוויסע צייכענס מיט זייערע פינגער, דיא פינגער=שפּראַך (=דיא שפּראַך פון דיא פינגער

## 177. צום איבערזעצען.

א בלינדע האט בעגעגענענדיג (meetnig) א הינקעדיגען איהם נעפרענט, אויב ער קען שוין (=נאָך) ווידער ניט געהן. „איך קען (שוין) ווידער געהן, וויא איהר זעהט, מאדאם“, האט געענטפערט דער בלינדער.—א קייזער׳ס טאָכטער האט געזאָגט צו א קלוגען מאן: „וואָס פיר גרויסע געשיטקייט ליעגט (=איז) אין דיר און דוא ביסט אזוי מיאוס! וואָס פיר גרויסע חכמה אין אזא געמיינעם פאָס! „זאָג מיר“, האט געזאָגט דער קלוגער מאן, „אין וואָסערע פעסלאַך האלט איהר אייער וויין?“ „אין ליימענע“, האט זיא געזאָגט. „און איהר זייט אזוי רייך! בעט דיין פאָטער הערייננעסען (to put) דעם וויין אין זילבערנע פעסלאַך“. זיא האט אזוי געטהאָן, און דער וויין איז געוואָרען (turned to) עסיג. „ווארום האָסט דוא מיין טאָכטער בערעדט צו אזא נארישקייט?“ האט נעפרענט דער קייזער.—דער קלוגער מאן האָט איהם געזאָגט דיא אורזאַך, און ער האט בעהויפּטעט (maintained), דאס וויזהייט (חכמה) און שעהנהייט וואוינען זעלטען צוזאַמען אין איינער און דערזעלביגער פּערזאָן.—„אָיי“, האט געזאָגט דער קייזער, „עס זיינען דאָ געוויס (surely) פּערזאָנען, וועלכע זיינען אי שעהן אי געשיקט!“ „ווען זייא וואָלטען ניט געווען שעהן, וואָלטען זייא, וואהרשיינליך, זיין געשיקטער און געלערנטער; א שעהנער איז זעלטען דעמיטהיג (קליין, פּשוט), ער דענקט פון זיך אַז ער קען (אַן) לערנען (learning)“.—ווארום קומט ניט ווילהעלם, ווען איך רוף איהם? —ער זאָגט, איהר רופט איהם יעדען אויגענבליק; ער קען ניט קומען אז י אָפּט, וויא איהר רופט איהם.—דער אונפערשעמטער (=דער אונפערשעמטער יונג)! זאָג איהם ווען (if) ער קומט ניט דיזען אויגענבליק, וועט ער געוואָהר ווערען היינט נאָכמיטטאָג, וואָס דיא הונגעריגע און דאָרשטיגע דענקען.—צו וועמען שרייבט אייער קוזינע?—זיא שרייבט צו איהר געליעבטען.—איז אייער פריינד זעהר געשיקט?—יע (=ער איז); ער האט ווע= נע זיין גלייכען (few equals).—איז געווען אימעצער הייער היינט אין דער קריה?—יע, עס

איז געווען היער א פרויענצימער, וועלכע האט פערלאנגט (wished) צו רעדען מיט אייך; זיא האט געזאָגט זיא וועט (would) קומען ווידער דיזען נאָכמיטטאָג.

## 178. צום איבערזעצען.

וואָרום איז געוועזען אייער ברודער היער דרייא מאָל היינט פאָרמיטטאָג?—אָיי, ער איז אין א גרויסער פערלעגענהייט (=ער איז זעהר פיעל אין פערלעגענהייט, he is very much at a loss) וועגען (for) הונדערט דאָללער, וועלכע ער האט פערשפּראָכען צו לייהען זיין פריינד.—וויא קען דער לייכטזיניגער יונגער מאַן פערשפּרעכען צו לייהען, וואָס ער האט אליין ניט?—ער האט גערעכענט (=ערוואַרטעט) מיין פאָטער וועט (would) היער זיין דיזען פאָרמיטטאָג, און ער וועט היער ניט זיין ביז איבערמאָרגען.—נוא (well), זאָג איהם, איך וועל איהם געבען דאָס געלד.—וויא גוט איהר זייט!—עס איז גאָר ניט גוט פיר גוטע לייטע, דאס זייא קענען ניט זאָגען „ניין". ווען א פאָטער זעהט, דאס זיין זוהן האט א צו פריינדליכעס הערץ, דאַרף ער (he ought to) איהם לאָזען זאָגען (make him say) „ניין" פיר א שטונדע יעדען טאָג.—און ניט א מוטער איהר טאָכטער אויך?—יע, געוויס; יעדע מוטער דאַרף לאָזען יעדע פון איהרע טעכטער זאָגען עס צווייא מאָל א טאָג פיר אָנדערטהאַלבען שטונדען יעדעס מאָל.—איז אייער פלעמעניק שוין צוריקגעקומען (returned) פון זיין רייזע, מאדאם?—ניין, ער וועט היער ניט זיין ביז נעכסטען מאָנאט.—האט ער געענדיגט זיין געשעפט?—נאָך ניט אין גאַנצען (quite), אבער בייגאַהע (אַם ענדע קומט צוגעשטעלט דאָס ווערטעל so); ער פערבלייבט א וואָך אדער פערצעהן טאָג בייא זיין פעטער אין טשיקאַגאָ.—ער האט רעכט (=ער איז גערעכט); ער פערבינדט דאָס אַנגענעהמע מיט דעם ניצליכען.—יע, ווירקליך, עס קומט פאָר (=עס טרעפט, there happens) גענוג אונאַנגענעהמעס (of the disagreeable) אין געשעפט, אבער מיין פלעמעניק נעהמט עס וויא עס געהט (=קומט) דאס אַנגענעהמע וויא (=און) דאס אונאַנגענעהמע.—איז דאָ עפּעס נייעס (new)?—איך האב ניט געהערט קיין (=גאָרנישט) גוטעס.—וואָס איז עס?—דער קויפמאַן קען ניט בעצאהלען וואָס ער איז שולדיג.—איז דאס אייערע נייעס?—יע, ער זאָגט עס איז אונמעגליך; און עס וואָלט זיין (א) דומהייט (folly) צו פאָדערן אונמעגליכעס (the impossible).—האט איהר עפּעס פערלאָרען?—עפּעס זעהר קאָסטבאַרעס; קאָסטבאַרער (=טהייערער) אַלס אַלע קאָסטבאַרקייטען אויף (in) דיזער וועלט.—וואָס איז עס?—מיין צייט; דער אַלטער פון דער נעכסטער טהיר איז געוועזען היער א שטונדע לאַנג און געפּלוידערט (=פּלוידערנדיג, talking).—וועגען וואָס?—וועגען גאָרנישט.

## 179. צום איבערזעצען.

וואָרום געהט יענער מאַן צו רעדען (=צוגעהן רעדען, to address) צו יעדען אין גאַס?—ער האט יעדען עפּעס צו זאָגען.—ער איז פעררוקט; ער זאָגט יעדען איינעם, וועמען ער בעגעגענט, דאס ער קען איהם שוין א לאַנגע צייט, דאס ער איז זעהר אייטעל, און דאס עס איז אומזיסט צו פערזוכען צו בעהאַלטען עס; און דאָס ער געפעהלט איהם גאָר ניט.—זאָגט ער אזוי צו יעדען איינעם?—יע, און ער איז אויך ניט אזוי אונגערעכט.—געהען אַלזאָ היער אום (אומגעהן, to walk about) דיא משוגעים אין דיא גאַסען?—

עס געהען היער, וויא איבעראל, מעהר משוגעים איבער (about) דיא נאסען, אלס עס ווערען געהאלטען אין דיא הייזער; דיזער מאן איז גאר ניט אזוי פערריקט, וויא ער זעהט אויס; ער טהוט קיינעם ניט קיין שאדען (harm), ער זאגט נאר יעדען דיא וואהרהייט. —האט איהר א זיידענעם פאדים?—צו וואס דארפט איהר איהם?—איך דארף איהם צו צו שטעכען (stitch) א סטיינגע (באנד, ribbon) צו מיין הוט (דאמענהוט).

# 58th Lesson.—58סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Why does one always wish to be rich? | ווארום ווינשט מען אימער צו זיין רייך? |
| Because with money one can do so much good to one's fellew (.אד we can do so much good to our fellow men). | וויל מיט געלד קען מען דיא מיט-מענשען טהאן אזוי פיעל גוטעס. |
| If people are content, they are rich. | ווען מען איז צופרידען איז מען רייך. |
| I have been told so. | מען האט עס מיר געזאגט. |
| Where were you told so? | וואו האט מען עס אייך געזאגט? |
| When shall we have the pleasure of seeing you again? | ווען וועט מען האבען דאס פערגניגען אייך ווידער צו זעהן? |
| Is this the shop where you were shewn the prints (.אד printed cottons)? | איז דאס דער לאדען, וואו מען האט אייך געוויזען דיא געדרוקטע קארטונען? |
| We went to table at four. (ווען דיא שפרעכענדע פערזאן איז געווען דערביי). They went to table at four. (ווען דיא שפרעכענדע פערזאן איז ניט געווען דערבייא). | מען איז געגאנגען צום טיש אום פיער (אוהר). |
| You can have (.אד get) nothing of (.אד from) him. | מען קען פון איהם גארנישט האבען. |
| I had it given me. | מען האט עס מיר געגעבען. |
| What will people say of it? | וואס וועט מען זאגען ווענען דעם? |
| One scarcely could turn one's self. | מען האט זיך קוים געקענט הערומדרעהען. |
| There is no dancing on this floor. | מען קען ניט טאנצען אויף דיזען באדען. |
| Will there be any card-playing at your house to-night? | וועט מען היינט אבענד בייא אייך שפיעלען אין קארטען? |
| They (.אד we) sang and were merry. | מען האט געזונגען און מען איז געוועזען לעבעדיג (פרעהליך). |
| Merry (מער'רי). | לעבעדיג, פרעהליך. |
| Did not they sing? Was there no singing? Had you no singing? | האט מען ניט געזונגען? |
| I was long looked at. | מען האט מיך לאנג אנגעקוקט. |

| | |
|---|---|
| One does not like to lose (.אד losing) one's money, if one is ever so rich. | מען האט ניט ליעב צו פערלירען קיין געלד, ווען מען זאל וויא רייך זיין. |
| May we expect you? | קען מען אייך ערווארטען? |
| You have been waited for above an hour. | מיר האבען אויף אייך געווארט איבער א שטונדע. |
| As is seen from his letter. | וויא מען זעהט פון זיין בריף. |
| A man loses all confidence in himself. | מען פערליערט דאס גאנצע צוטרויען צו זיך אליין. |
| One does not like to hurt one's self, if one can help it. / You do not like to hurt yourself if you can help it. | מען האט ניט גערן זיך זעלבסט צו שאדען, ווען מען קען עס העלפען. |
| I will be obeyed. | מען וועט מיר געהארכען. |
| He will not be persuaded. | מען וועט איהם ניט איבעררעדען. |
| You will not be explained anything. | מען וועט אייך גארנישט ערקלערען. |
| They shall not be asked anything. | מען זאל זייא גארנישט פרעגען. |

דער זין פון דעם יודישען ווארט מען ווערט אין ענגליש אויסגעדריקט אויף פערשיעדענע ארטען:

מען ווערט אויסגעדריקט דורך one, we, you, they, people, a man, a person, the world; צ. ב. one says, מען זאגט; people think, מען דענקט או. אז. וו.

מען ווערט אויך א מאל אויסגעדריקט דורך דיא ליידענדע ארט פון האנדלונגס־ווערטער (פאססיווע פארם); צ. ב. I am loved, מען ליעבט מיך; he was hated, מען האט איהם געהאסט; I am told, מען ערצעהלט מיר.

מען ווערט מאנכעס מאל אויסגעדריקט דורך there is, there was, there will be, פאר דעם געגענווערטיגען מיטעלווארט פון האנדלונגסווערטער; there is no dancing, מען טאנצט ניט; there was no singing, מען האט ניט געזונגען; there will be no reading, מען ווערט ניט לעזען.

One, people, a man, a person (מעהרסטענס one), ווערען געברויכט, ווען מען רעדט פון מענשען בכלל, ניט פון געוויסע גרופען פערזאנען; נאר אויך דאן קען מען זיך אויסדריקען מיט we, you, they.

ווען עס ווערט גערעדט אויף א געוויסע אבטהיילונג פון פערזאנען, וויא אויף א טיש־געזעלשאפט, אויף א פערזאמלונג או אז. וו., ווערען נאר געברויכט we, you, they.

We ווערט אימער געברויכט, ווען מען דייטעט אויף דיא פערזאן, וואס רעדט; you—ווען מען דייטעט אויף דיא פערזאן, וואס הערט זיך צו; they—ווען מען האט קיין בעצוג (שייכות) ניט אויף דיא פערזאן, וואס רעדט, ניט אויף דיא פערזאן, וואס הערט זיך צו.

There is, there was, there will be ווערען געברויכט, ווען מען קען אין יודיש פערטייטשען דאס מען מיט דיא ווערטער עס איז, עס איז געוועזען, עס וועט זיין; צ. ב. מען טאנצט ניט=עס איז ניטא קיין טאנצען (there is no dancing); מען האט ניט געזונגען=עס איז ניט געוועזען קיין זינגען (there was no singing); מען וועט ניט שרייען=עס וועט ניט זיין קיין שרייען (there will be no crying) או. אז. וו.

דיא ליידענדע ארט פון האנדלונגסווערטער ווערט געברויכט, ווען מען קען אין יודיש פער־

ביישען דאס מען מיט ווערען: מען ליעבט מיך=איך ווער געליעבט (I am loved)· מען האסט דיך=דוא ווערסט געהאסט (you are hated); מען ערצעהלט איהם=איהם ווערט ערצעהלט (he is told) או. אז. וו.

ווען דאס ווארט one שטעהט פיר מען, ווערט דיא אנגעהעריגקייט בעצייכענט מיט one's און דאס ווארט זיך—מיט one's self; צ. ב. one does not like losing one's money, מען האט ניט ליעב צו פערליערען (זיין) געלד; one does not like to hurt one's self, מען האט ניט גערן זיך צו שאדען; ווען מען ווערט אויסגעדריקט מיט we, קומט our, ourselves; ווען מען ווערט אויסגעדריקט מיט you, קומט your, yourselves או. אז. וו. we love our parents, מען האט ליעב (זיינע) עלטערן; we love ourselves, מען האט זיך ליעב או. אז. וו.—דיא ארדנונג איז אזוי:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| נאך | one | קומט | one's | און | one's self. |
| " | we | " | our | " | ourselves. |
| " | you | " | your | " | yourslves. |
| " | they | " | their | " | themselves. |
| " | people | " | their | " | themselves. |
| " | a man | " | his | " | himself. |

ווען מען ווערט אויסגעדריקט מיט דער ליידענדער ארט פון דיא האנדלונגסווערטער קומען אזעלכע ווערטלאך, וויא at, of, to, from, for או. אז. וו. אם ענדע פון זאץ; צ. ב.

| | |
|---|---|
| Has he been heard of? | האט מען פון איהם געהערט? |
| She was looked at. | מען האט אויף זיא געקוקט. |
| Why was not the doctor sent for? | ווארום האט מען ניט געשיקט נאך דעם דאקטאר? |

אין מאנכע פעלע בייא א פראגע קענען דיא ווערטלאך אויך שטעהן אם אנפאנג זאץ:

| | |
|---|---|
| Whom am I taken for? / For whom am I taken? | פיר ווען האלט מען מיך? |
| The thief (טהיף), the thieves (טהיווז). | דער גנב, דיא גנבים. |
| To catch (קעטש); caught (קא־ט), caught. | כאפען, געכאפט. |
| *To acknowledge (אקנאלעדזש). | אנערקענען; בעקענען, מודה זיין. |
| I have to acknowledge the receipt of your letter. | איך האב צו אנערקענען דיא ערהאלטונג פון אייער בריף. |
| The receipt (ריסי־ט). | דיא ערהאלטונג, דער עמפפאנג, דיא קבלה. |
| The lodging (לאדזשינג). | דאס לאזשי, דיא וואוינונג, דיא קווארטיר. |
| Have you a good lodging? | האט איהר א גוטע קווארטיר? |
| My lodging is very dear. | מיין לאזשי (קווארטיר) איז זעהר טהייער. |
| I am looking for an other lodging. | איך זוך אן אנדער לאזשי. |
| The beggar (בעגאר). | דער בעטלער. |
| There is a beggar at the door. | עס איז דא א בעטלער בייא דער טהיר. |
| To die a beggar. | שטארבען א בעטלער. |
| You will die a rich man. | איהר וועט שטארבען א רייכער מאן. |

| | |
|---|---|
| The balloon (בעללוּן). | דער לופט־באַלאָן. |
| *To ascend (אַססענד). | אויפשטייגען, הערויפשטייגען. |
| To go up; went up, gone up. | אויפשטייגען, הערויפגעהן; אויפגעשטיגען, הערויפגעגאַנגען. |
| *To descend (דיסענד). | העראָבשטייגען. |
| To come down; came down, come down. | העראָבשטייגען, הערונטערקומען; העראָבגעשטיגען, הערונטערגעקומען. |

## Up (אָפּ), אויף, הערויף; down (דאַון), הערונטער, העראָב.

| | |
|---|---|
| Why do you not go up? | ווארום געהט איהר ניט הערויף? |
| Does he come up?<br>Is he coming up? | קומט ער הערויף? |
| Tell him to come down. | זאָגט איהם, ער זאָל הערונטערקומען. |
| I shall come down directly. | איך וועל גלייך הערונטערקומען. |
| Pray, come down. | ביטע, געהט הערונטער. |
| We went up the hill. | מיר זיינען הערויפגעגאַנגען אויפ'ן בארג. |
| We sailed down the river. | מיר האבען הערונטערגעזעגעלט דעם טייך. |
| He rode up the street. | ער האט געריטען הערויף דער גאס. |
| The hill (היל).<br>The mountain (מאונ'טיין). | דער בארג. |
| The river (רי'ווער). | דער טייך. |
| The stairs (סטעׂרז).<br>The staircase (סטעׂר'קייס).<br>A pair of stairs. | דיא טרעפּ, דיא שטיעגען. |
| She ran up stairs (אָד. up the stairs). | זיא איז הערויפגעלאָפען אויף דיא טרעפּ. |
| *To sail (סייל). | זעגלען, זיך שיפען. |
| They walked slowly up the hill. | זייא זיינען לאַנגזאם געגאַנגען הערויף בארג. |
| They sailed very slowly up the stream. | זייא האבען געזעגעלט זעהר לאַנגזאם הערויף דעם שטראָם. |
| The stream (סטרים). | דער שטראָם. |
| Come directly down the tree! | קום גלייך הערונטער פון בוים! |

ווען עס קומען פאַר אַזעלכע ווערטער, וויא slowly, directly, quickly, ווערען דיא ווערטלאך up און down איבערגעשטעלט נאָך זייא, וויא עס איז צו זעהן פון דיא געגעבענע בייששפיעלען.

## Below (בילאָו'), אונטען; above (אַבאָוו'), אויבען.

| | |
|---|---|
| Up stairs; above. | אויבען (אין הויז). |
| Down stairs; below. | אונטען (אין הויז). |

| | |
|---|---|
| ווער איז אויבען? | Who is up stairs (אַד. above)? |
| איז אימעצער אונטען? | Is anybody down stairs (אַד. below)? |
| איז אייער פאָטער אויבען? | Is your father up stairs (אַד. above)? |
| ער איז עבען הערונטערגעקומען. | He is just come down stairs (אַד. come down). |
| מיר וואוינען צווייא טרעפּ הויך. | We live two pair of stairs high.<br>We live up two pair of stairs. |
| דיא טרעפּ זיינען זעהר דונקעל. | The stairs are very dark.<br>The staircase is very dark. |
| פאָדערן, ברויכען, נעטהיג האבען. | *To require (ריקוואיר). |
| ראטהען, געבען אַן עצה. | *To advise (אַדוואיז). |
| וואס ראטה איהר מיר צו טהאָן? | What do you advise me to do? |
| אברעדען, אבראטהען. | *To dissuade (דיססווייד). |
| איך רעד (ראטה) אייך אָב דערפון; געהט אויף קיין פאל ניט. | I dissuade you from it; do not go by any means. |

**By all means (באַי אָ־ל מי־נז), יעדענפאַלס, אין יעדען פאַל.**

**By no means**
**Not by any means** — **אויף קיין פאַל.**

| | |
|---|---|
| געראטהען ווערען. | To be advised. |
| איבערגערעדט ווערען. | To be persuaded. |
| אבגערעדט ווערען פון— (ד. ה. זיך לאָזען אברעדען פון—). | To be dissuaded from—. |
| ער וועט ניט געראטהען ווערען (ד. ה. מען וועט איהם ניט ראטהען). | He will not be advised. |
| לאָזט אייך ניט אָברעדען פון געהן. | Do not be dissuaded from going. |
| לאָזט אייך איבעררעדען. | Be persuaded. |
| דער ראטה, דיא עצה. | The advice (אַדוואיס). |
| נעהמט (פאָלגט) מיין ראטה! | Take (אַד. follow) my advice! |
| העלפען. | *To assist (אַססיסט). |
| העלפט אַן אָרימען מאַן! | Assist a poor man! |
| העלפען. | *To help (העלפּ). |
| ווארום האט איהר איהם ניט געוואָלט העלפען? | Why would you not help him? |
| וויא געפעלט אייך דער יונגער מאַן, וועלכען איך האב אייך רעקאָמענדירט? | How are you pleased with the young man I recommended you? |

| | |
|---|---|
| *To recommend (רעקאָממענד׳). | רעקאָמענדירען. |
| Very well indeed; the more I see of him, the better I like him. | זעהר גוט, ווירקליך; וואָס מעהר איך זעה פון איהם, געפעהלט ער מיר אַלץ בעסער. |
| The longer you sleep, the lazier you become. | וואָס איהר שלאָפט לענגער, ווערט איהר אַלץ פוילער. |

## The—the—, וואָס—אַלץ—.

| | |
|---|---|
| The smaller your wants, the greater your independence. | וואָס קלענער דיינע בעדירפניסע זיינען, איז אַלץ גרעסער דיין אונאבהענגיגקייט. |
| The want (וואָנט). | דאָס בעדירפניס. |
| The independence (אינדיפּענ׳דענס). | דיא אונאַבהענגיגקייט, דיא זעלבסטשטענ= דיגקייט. |
| *To threaten (טהרעטן). | דראָהען, סטראַשען. |
| The more you threaten me, the less I shall obey you. | וואָס מעהר איהר דראָהעט (סטראַשעט) מיר, וועל איך אַלץ וועניגער גע= האָרכען. |
| Disposed (דיספּאָוזד). | געניינט, וויליג. |

## 180. צום איבערזעצען.

ווען עסט איהר היער אבענד=ברויט (אָרט צולעצט)?—געוועהנליך אום האלב צעהן.—האט מען געכאַפּט דעם גנב?—ניין, און איך דענק מען וועט איהם אויך ניט כאַפּען (אויך, either, צולעצט).—דאַרף מען ניט, ווען מען געפינט, דאָס מען האט זיך געאירט, פרייא (freely) אַנערקענען דעם (=זיין, one's) אירטהום?—מען איז ניט אימער געניינט (וויליג) צו אַנערקענען פעהלערן (=זיינע פעהלערן, one's faults).—וואָס האט מען (בייא) אייך געבעטען פיר דיזע זאַקען?—מען האט געבעטען אַנדערטהאַלבען דאָללער א פּאָאַר, אבער איך האב זייא געקריגען פיר זעכצעהן דאָללער און א האלב א דוצענד. —וואו קען איך היער קויפען א גוטען הוט? (אָרט צולעצט).—מען האט מיר געוויזען מאַנכע זעהר פיינע היט אין (at) דעם נייעם לאַדען אין דיוויזשאָן (Division) גאַס.—זייט איהר נעכטען געווען צו (at) מיטטאָג (dinner) בייא הערךן פּאָרטער? (צייט צולעצט).— יע, איך בין געווען דאָרטן מיט מיין פאָטער און דיא צווייא אמעריקאַנער.—ווען זייט איהר געגאַנגען צו מיטטאָג?—מיר זיינען געגאַנגען צו מיטטאָג אום א פערטעל אויף זעקס (=א פערטעל נאָך פינף).—זייט איהר געווען אויף (at) דעם קאָנצערט פאָריגע נאַכט?—איך בין געווען; אבער עס איז געווען אַזוי פול (full), (דאָס) מען האט שוין אום האַלב זיבען קוים געקענט קריגען א זיץ (שוין אום האלב זיבען צולעצט); איך האב געמוזט (=געווען געצוואונגען) שטעהן דעם גאַנצען אבענד.—קענט איהר מיר זאָגען, וואו איך קען היער קריגען א גוטע קוואַרטיר?—עס זיינען דאָ צווייא צימערן צו פערדינגען דיא צווייטע טהיר, און איך דענק, מען וועט זיין צופרידען (glad) צו פער=

דינגען זייא אייך בילינ.—האט איהר געטאנצט פיעל פאריגע נאכט?—מען האט ניט געקענט טאנצען, עס זיינען דארטען געווען אזוי פיעלע לייטע (ארט צולעצט).

## 181. צום איבערזעצען

וויא פלייסיג איהר זייט! מען געפינט אייך אימער בייא (דער) ארבייט.—מיין טהייערער פריינד, מען קען זיין בייא (דער) ארבייט טאג און נאכט, און דאך שטארבען א בעטלער.—האט איהר נעכטען געזעהן דעם לופט=באלאן אויפשטייגען?—יע, עס איז געווען שעהנעס וועטער, מען האט געקענט זעהן דעם לופט=באלאן פיר א שטונדע.—ווייס מען, וואו ער איז הערונטערגעקומען?—מען האט מיר געזאגט ער איז הערונטערגעקומען אין (at) ב. אום אכט אוהר.—ווארום זייט איהר ניט געגאנגען אין טהעאטער פאריגע נאכט?—מען האט מיך אבגערעדט פון געהן, ווייל דאס שטיק איז ניט געווען אמוזאנט (אונטערהאלטענד, entertaining).—מען האט אייך ניט גוט געראטהען; איך בין (דארטען) געווען, איך האב מיך אונטערהאלטען (enjoyed myself) זעהר גוט.—ווען וועט מען שפיעלען דאס שטיק ווידער?—וואהרשיינליך נעכסטע וואך; מען ערווארטעט הערן דזשאהנסאן, וועלכער וועט שפיעלען דיא ראלע פון דעם קעניג.—וועט איהר שיקען אייער זוהן אין פאריז דיזעס יאהר?—ניין, איך דענק ניט; מען האט מיר געראטהען צו ווארטען נאך א (another) יאהר.—האט אייער נעפע (פלעמעניק) בעקומען דיא שטעלע, וועלכע ער האט ערווארטעט?—ער האט זיא ניט בעקומען, און עס פרייט מיך זעהר; ווייל מען האט איהם יעצט פערשפראכען אן אנדערע, וועלכע איז פיעל בעסער.—ווען קען מען רעדען מיט אייער פאטער?—אום צעהן אוהר וועט ער זיין צו הויז.—האט מען גארנישט געהערט פון דעם מאן, וועלכער איז אוועגגעלאפען פאריגע וואך?—מען האט נאך פון איהם ניט געהערט.—דארף מען ניט שיקען נאך דעם דאקטאר?—מען האט שוין געשיקט נאך דעם דאקטאר.—ווער איז הערויפגעגאנגען אויבען (up stairs) יעצט עבען?—איך האב קיינעם ניט געזעהן הערויפגעהן אויבען.—וואוינט איהר איין אדער צווייא טרעפ הויך?—איך וואוין איין טרעפ הויך; איך האב צווייא פארצימערן; אבער מיין ברודער וואוינט צווייא טרעפ הויך און האט זיין זיץ=צימער צום פארנט (to the front) און זיין שלאף=צימער פון הינטען.—איז אייער ברודער יעצט אויבען?—ניין, איך דענק, ער איז אונטען בייא מיין פאטער.

## 182. צום איבערזעצען.

וועט איהר מיט מיר הערויפגעהן אויפ'ן בארג מארגען אין דער פריה?—ווען וועט איהר געהן?—אום פיער א זייגער.—ווען וועט איהר ווידער הערונטערקומען?—אום האלב אכט.—ווען איהר געהט הערויף אויפ'ן בארג, וועל איך מיך אומדרעהען (turn round) אין מיין בעט, און ווען איהר קומט ווידער הערונטער, וועל איך פיעלייכט (probably) דענקען פון אויפשטעהן.—וואס איהר ווערט עלטער, ווערט איהר אלץ פוילער.—ווארום זייט איהר געקומען אזוי שפעט?—מיר קומען מיט'ן וואכער פון מ., און מיר האבען געזעגעלט אזוי לאנגזאם הערויף דעם טייך, דאס איך האב מורא געהאט (I was afraid) מיר וועלען (should) ניט אנקומען פאר צעהן א זייגער.—ווען איהר זעגעלט הערונטער דעם טייך, וועט איהר ניט האבען צו זיין אויף דעם וואסער אזוי לאנג.—דארף (must)

איך היינט שרייבען אין (to) לאָנדאָן?—יע, איהר מוזט שרייבען, יעדענפאַלס.—האט איהר געזאָגט, איך בין אייך שולדיג געלד?—אויף קיין פאַל; ווייל איך האָב לאַנג פער־געסען, דאס איך האב אייך געליהען וועלבעס.—ראַטהעט איהר מיר צו קויפען דיזע ביכער?—פאָלגט מיין ראַטה און קויפט ניט מעהר ביכער, אַלס איהר האט צייט צו לעזען.—וואָס איז דאָס? וואָס מעהר מען נעהמט דערפון ווערט עס אַלץ גרעסער?—אַיי, דאס הייסט, וואָס מעהר מען לעגט צו צו דעם (put to it), ווערט עס אַלץ קלענער.

---

## 59th Lesson.—59סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| I bought twenty ells of linen yesterday, and to-day I want double the quantity. | איך האב נעכטען געקויפט צוואַנציג איילען לייווענד און היינט ברויך איך דאָפּעלט. |
| Double (דאָבל). | דאָפּעלט. |
| Double the quantity. | דאָפּעלט, צווייא מאָל אַזוי פיעל. |
| Deep (דיפּ); the depth (דעפּטה). | טיף; דיא טיף, דיא טיפקייט. |
| Long (לאָנג); the length (לענגטה). | לאַנג; דיא לענג. |
| Strong (סטראָנג); the strength (סטרענגטה) | שטאַרק; דיא שטאַרקקייט. |
| Broad (בראָ־ד); the breadth (ברעדטה).<br>Wide (וואַיד); the width (ווידטה). | ברייט; דיא ברייט. |
| High (האַי); the height (האַיט). | הויך; דיא הויך. |
| Round (ראַונד); the circumference (סאָיר־קאָמ׳פערענס) | רונד; דיא רונד (דיא מאָס הערום און הערום). |
| Thick (טהיק); the thickness (טהיק׳נעס). | דיק, גראָב; דיא דיק, דיא גרעב. |
| Distant (דיס׳טענט); Far (פאַר); the distance. | וויט; דיא וויטקייט. |
| Heavy (העװוי); the weight (וויט). | שווער; דיא שווערקייט, דאָס געוויכט. |
| Large (לאַרדזש); Tall; (טאָ־ל); the size (סאַיז). | גרויס (אין מאָס); דיא גרויס (אין מאָס).<br>גרויס (אין וואוקס); דיא גרויס (אין וואוקס). |
| Double the distance of—. | דאָפּעלט דיא וויטקייט, ד. ה. נאָך אַ מאָל אזוי וויט, וויא—. |
| Twice as far as—. | צווייא מאָל אזוי וויט, וויא—. |
| As far again as—. | נאָך אַ מאָל אזוי וויט, וויא—. |
| What is that in circumference? | וויא פיעל איז דאָס אין דיא רונד? ד. ה. וויא פיעל האַלט דאָס אין דער מאָס הערום און הערום? |
| How much is that round? | וויא פיעל רונד איז עס? ד. ה. וויא פיעל האַלט עס אין דער רונד? |

| | |
|---|---|
| וויא פיעל איז דיא ברייט פון דעם? ד. ה. וויא פיעל האַלט דאָס אין דער ברייט? | What is the width of this? |
| דערטאַפּען, פּאַקען, כאַפּען; דערטאַפּט, געפּאַקט, געכאַפּט. | To overtake (אָו=ווערטייק); overtook (אָו=ווערטו־ק), overtaken (אָו=ווערטייקן). |
| דיא אייזענבאַהן. | The railway (רייל'וויי). The railroad (רייל'ראָוד). |
| דיא רעלסע. | The rail (רייל). |
| דאָפּעלט דיא לענג, ד. ה. דאָפּעלט אזוי לאַנג. | Double the length. |
| דאָפּעלט דיא גרויס, ד. ה. דאָפּעלט אזוי גרויס. | Double the size. |
| מיין שטאָק איז דאָפּעלט דיא גרעב פון אייערן. | My stick is double the thickness of yours. |
| מיין שטאָק איז דאָפּעלט (צווייא מאָל) אזוי דיק, וויא אייערער. | My stick is double as thick as yours. |
| דיזער געדרוקטער קאַרטון איז דאָפּעלט דיא ברייט פון יענעם. | This printed cotton is double the widtk of that. |
| דער קאַרטון, דער ציץ. | The cotton (קאָטן). |
| געדרוקט. | Printed (פּרינ'טעד). |
| דער פוס (פֿלס מאָכ). | The foot (פּו־ט). |
| דער צאָל. | The inch (אינטש). |
| דער קוואַדראַט, דער פיער=עק; אין קוואַד=ראַט, אין פיער=עק. | The square (סקווע־ר). |
| דער קוואַדראַט=פוס. | The square-foot. |
| פינף פוס אין קוואַדראַט. | Five feet (אָד. foot) square. |
| דיזעם צימער איז זיבעצן פוס זעקס צאָהל לאַנג (אין דער לענג) און פערצעהן פוס ברייט (אין דער ברייט). | This room is seventeen feet six inches long (in length) and fourteen broad (in breadth). |

בייא מאָכען שטעהען אימער דיא אייגענשאַפטסווערטער long, wide, high, tall אַ. אַז. וו. נאָכהער.

| | |
|---|---|
| צוואַנציג פוס רונד הערום. | Twenty feet in circumference אָד. twenty feet round. |
| צוועלף פוס הויך אָד. אין דיא הויך. | Twelve feet high אָד. in height. |
| זיבען פוס הויך אָד. אין דיא הויך. | Seven feet wide אָד. in width. |
| דער ברונען איז פערציג פוס טיף אד. אין דיא טיף. | The well is forty feet deep אָד. in depth. |
| דער ברונען. | The well (וועל). |

| | |
|---|---|
| Six feet by four feet. | זעקס פוס אויף פיער פוס. |
| Six feet by four feet six. | זעקס פוס אויף פיער פוס זעקס צאָהל. |
| Square (סקוועיר). | גלייך, גראדע. |
| Sit square before the table when you are writing. | זיץ גלייך פאר דעם טיש, ווען דוא שרייבסט. |
| Square (סקוועיר). | קוויט; אויסגלייכען; זיך אָברעכענען. |
| Now we are square. | יעצט זיינען מיר קוויט. |
| We will square our accounts. | מיר וועלען אויסגלייכען אונזערע רעכנונגען. |
| I will be square with you some other day. | איך וועל זיין קוויט (איך וועל מיך אָברע-כענען) מיט אייך אַן אנדער טאָג. |
| *To multiply (מאַלטיפּלאי). | דאָפּלען, כּפלען. |
| *To divide (דיוואיד). | טהיילען, צוטהיילען. |
| *To add (אַד). | צוזאמענרעכנען, צוזאמענציהען; צולעגען. |
| *To subtract (סאַבטראַקט). | הערּאָבנעהמען. |
| To multiply by—. | כּפלען אויף—. |
| To divide by—. | טהיילען אויף—. |
| To add to—. | צולעגען צו—; צוזאמענרעכנען מיט—. |
| To subtract from—. | הערּאָבנעהמען פון—. |
| Multiply seventeen by three. | כּפל זיבעצן אויף דרייא. |
| Divide twenty by four. | צוטהייל צוואנציג אויף פיער. |
| Add a third and subtract the product from a hundred and twenty-five. | לעג צו א דריטעל און נעהם הערּאָב דעם בעטראג פון הונדערט און פינף און צוואנציג. |
| The product (פּראָדאַקט). | דער בעטראג, דער סך הכל. |
| A third (טהאירד), two thirds. | א דריטעל, צוויא דריטעל. |
| A quarter (קוואָרטער), three quarters. / A fourth (פאָורטה), three fourths. | א פערטעל, צוויא פערטלאך. |
| A fifth (פיפטה), two fifths. | א פינפטעל, צווייא פינפטלאך. |
| A sixth (סיקסטה), five sixths. | א זעקסטעל, פינף זעקסטלאך. |
| An eighth (אֵייטה), seven eights. | אן אכטעל, זיבען אכטלאך. |
| One twentieth (טווענטיעטה). | איין צוואנציגסטעל. |
| Thirteen twentieths. | דרייצעהן צוואנציגסטלאך. |

דיא טהייל-צאָהלען קריגען אין מעהרצאָהל צו s: a ninth, א ניינטעל—ninths, ניינטלאך.

| | |
|---|---|
| What is the sixth part of eighty-four? | וואס (וויא פיעל) איז דער זעקסטער טהייל פון פיער און אכציג? |
| Fourteen is the sixth part of eighty-four. | פערצעהן איז דער זעקסטער טהייל פון פיער און אכציג. |

| | |
|---|---|
| The part (פארט). | דער טהייל. |
| I do not believe a hundredth part of it. | איך גלויב ניט א הונדערטען טהייל דערפון. |
| Do you know the man that went past here just now? | קענט איהר דעם מאן, וועלכער איז יעצט עבען היער פארבייגעגאנגען? |
| I know him only by sight. | איך ווייס (קען) איהם נאר פון זעהן. |
| I know him by name. | איך קען איהם נאך דעם נאמען. |
| Will you tell me how late (.אד what time) it is by your watch? | ווערט איהר מיר זאגען, וויא שפעט עס איז (וויא פיעל עס איז) אויף אייער אוהר? |
| One by one. | איינס נאך דעם אנדערן, איינציגווייז. |

## By (באי), דורך, פון, אויף, נאך.

| | |
|---|---|
| Hand me the pieces down (.אד hand me down the pieces) one by one. | גיב (דערלאנג) מיר דיא שטיקער הערונטער איינס נאך דעם אנדערן (איינציגווייז). |
| Give me both of them. | גיב מיר זייאביידע. |
| Give me them all three. | גיב זייא מיר אלע דרייא. |
| You ought to have won the game, for you had all the tens and queens, and two aces. | איהר האט געדארפט געווינען דאס שפיעל, דען איהר האט געהאט אלע צעהנט-לאך און קעניגינען, און צווייא טייז. |
| The queen (קוויין). | דיא קעניגין (מלכה) } (אין קארטען). |
| The king (קינג). | דער קעניג (מלך) } (אין קארטען). |
| The ace (אייס). | דיא טויז } (אין קארטען). |
| The knave (נייוו). | דער אונטער } (אין קארטען). |
| The twos, the threes, the fours, the fives, the sixes, the sevens, the eights, the nines, the tens. | דיא צווייטלאך, דריטלאך, פערט-לאך, פינפטלאך, זעקסטלאך, זיבעטלאך, אכטלאך, ניינט-לאך, צעהנטלאך. } (אין קארטען). |
| Yes, but our adversaries had the four nines, the sevens and all the knaves. | יע, אבער אונזערע געגנער האבען געהאט דיא פיער ניינטלאך, דיא זיבעטלאך און אלע אונטערם. |

ווען דיא צאהלען בעצייכנען נעמען פון קארטען ערהאלטען זייא צו s פיר דיא מעהרצאהל: four fives, פיער פינפטלאך.

| | |
|---|---|
| The adversary (אֶדוואֶירסאֶרי). | דער געגנער. |
| We have not won a single game. | מיר האבען קיין איינציגעס שפיעל (קאן) געוואונען. |
| This is the only game we have won the whole (.אד all the) evening. | דאס איז דאס איינציגע שפיעל, וועלכעס מיר האבען געוואונען דיזען אבענד. |
| Give me all the single sheets, the double ones I shall want by and by .אד afterwards. | גיב מיר אלע איינציגע בויגענס, דיא דאפ-פעלטע וועל איך ברויכען נאכהער. |

## By and by, באלד, נאכהער.

| | |
|---|---|
| איך וועל באלד זיין היער. | I shall be here by and by. |
| איינציג, איינצעלן; אונפערהייראטהעט. | Single (סינגל). |
| אן אונפערהייראטהעטער העדר. | A single gentleman. |
| איז זיא אונפערהייראטהעט? | Is she single? |
| זיא איז אן איין־איינציגע טאכטער און נאך אונפערהייראטהעט. | She is an only daughter and still single. |
| איינציג, איין־איינציג. | Only (אָונ׳לי). |
| דאס איז דיא איינציגע פלאש וויין, וואס איז נאך דא אין הויז. | This is the only bottle of wine that is left in the house. |
| עס איז ניטא קיין איינציגע פלאש וויין מעהר אין קעלער. | There is not a single (.אד not one) bottle of wine left in the cellar. |
| דער קעלער. | The cellar (סעל׳לאָר). |

## Single, only, איינציג.

Single און only האבען ניט אימער גענוי דיא זעלביגע בעדייטונג. Single מיינט געוועהנליך איינציג פון מעהרערע זאכען, only מיינט איינציג, וואו עס זיינען ניט דא קיין מעהרערע זאכען; דיא גענויע איבערזעצונג פון only אין יודיש קען זיין איין־איינציג.

ביי דעם געברויך פון single און only דארף מען היטען דיא פאלגענדע רעגלען:

נאך א פערניינונג מיט דעם ווערטעל a (ד. ה. not a) קומט אימער single; צ. ב. I have not a single cent, איך האב ניט קיין איינציגען סענט; נאך א פערניינונג מיט דעם ווערטעל the (ד. ה. not the) קומט אימער only; צ. ב. this is not the only thing, דאס איז ניט דיא איינציגע זאך.

נאך דיא ווערטער this, that קומט אימער single; צ. ב. this single reason, דיזע איינציגע אורזאך; נאך דיא ווערטער my, your, his, our או. אז. וו. קומט אימער only; צ. ב. here is my only son, היער איז מיין איין־איינציגער זוהן.

| | |
|---|---|
| זייא האבען אן איין־איינציגעס קינד. | They have an only child. |
| איך גיב אייך דיזען איינציגען גרונד. | I give you this single reason. |
| דער גרונד, דער טעם, דיא אורזאך. | The reason (רי־זן). |
| עס איז נאר דא נאך אן איינציגע פלאש. | There is only a single bottle left. |
| דיזע איז ניט דיא איינציגע פלאש אין הויז; אלזא, מוזט איהר טרינקען. | This is not the only bottle in the house; so, you must drink. |
| אורטהיילען, שליסען. | *To judge (דזשאדזש). |
| אורטהיילען פון—, שליסען פון—. | To judge by—. |
| אורטהיילען אויף—, שליסען אויף—. | To judge of—. |
| פון דעם שרייבען אורטהיילען אויף דעם שרייבער. | To judge of the writer by the writing. |

*To hand (האַנד). — דערלאַנגען.

To lead (ליד); led (לעד), led. — פיהרען, אויספּיעלען (אין קאָרטען); אָנגעשפּיעלט.

The relation (רילײשאַן). — דער פערוואַנדטער, דיא פערוואַנדטע.

Disengaged (דיסענגײדזשד) פריי | Engaged (ענגײדזשד) פערנומען

## 183. צום איבערזעצען.

אונזער גאָרטען איז צווייא הונדערט און פופציג פוס לאַנג; וויא לאַנג איז אייער מומע'ס?—איהרער איז ביינאַהע דאָפּעלט דיא לענג.—וויא, ביינאַהע זיבען הונדערט פוס? איז ער אויך דאָפּעלט דיא ברייט?—אײַי, איך וויים ניט, וואָס פיר א ברייט אייערער איז.—ער איז צווייא הונדערט און צוואַנציג פוס ברייט.—ניין, דאַן איז מיין מומע'ס גאָרטען ניט גאַנץ דאָפּעלט דיא ברייט; דען ער איז נאָר דרייא הונדערט און זיבען און ניינציג פוס און דרייא פערטעל אין דער ברייט.—וואס פיר א הויך (אָד. וויא הויך) איז דיזער יונגער בוים?—ער איז ניין פוס הויך, דענק איך.—וועט ער וואַקסען העכער (any higher)?—אָ, געוויס, ווען ער איז אויסגעוואַקסען (full grown), וועט ער זיין דאָפּעלט דיא הויך.—אייער צימער איז זעהר נידריג; איז עס ניט זעהר אונאַנגענעהם צו וואוינען אין אַזא נידריגען צימער?—עס געפעלט מיר גאָר ניט, אבער וואָס קען איך טהאָן?—איך ווינש עס וואָלט געוועזן (it were) נאָך א מאָל אזוי הויך; אבער איך האָב ניט געקענט געפינען קיין אַנדער קוואַרטיר אין דיזער גאַס און איך מוז וואוינען אזוי נאָהענט פון אונזער לאַדען וויא מעגליך.—וויא פיעל (what) דענקט איהר, קען דיזע פלאַש האַלטען (=זיין) אין דער רונד.—ווארום טראָגט איהר אַזא גראָבען שטאָק? ער מוז זיין זעהר שווער. איהר זאָלט (=מוזט) ניט אורטהיילען אויף זיין געוויכט פון זיין גרעב; איהר וואָלט אייך אזוי פיעל געאירט, וויא איך (וואָלט), ווען איך וואָלט געאורטהיילט אויף אייער פערשטאַנד פון אייער גרויס.

## 184. צום איבערזעצען.

וויא גרויס (what size) דאַרף (=מוז) זיין דער טעפּיך פיר אייער זיצ-צימער? (זייַן, be, צולעצט)—איך האָב עבען געמאָסטען דעם באָדען; ער דאַרף זיין זיבעצן פוס און דרייא פערטעל לאַנג און צוועלף פוס אַכט צאָל און א האַלב ברייט.—וויא פיעל איז דרייצעהן געכפלט אויף דרייצעהן?—הונדערט און ניין און זעכציג.—כפלט דאס אויף דרייא און לעגט-צו צווייא דריטעל צום בעטראַג; וויא פיעל וועט דאָס זיין?—עס איז אַכט הונדערט פינף און פערציג.—וואָס דאַרף (=מוז) איך טהאָן, צו וויסען, וויא פיעלע ענגלישע מיילען זיינען דאָ אין דרייא און צוואַנציג טויזענד דרייא הונדערט און זעקס און זעכציג ענגלישע אײַלען (yards) און צווייא דריטעל?—איהר דאַרפט זייא טהיילען אויף טויזענד זיבען הונדערט (=זיבעצן הונדערט) און זעכציג.—זייא זיינען צוועלף מייל און א דריטעל.—וויא פיעלע פוס, ענגלישעס מאָס, זיינען דאָ אין דרייצעהן אײַלען און דרייא פערטעל?—כפלט אויף דרייא: איין און פערציג פוס און א פערטעל.—וויא פיעלע קוואַדראַט-פוס זיינען (=מאַכען) א קוואַדראַט-אײַל?—וואָס איז דאס קוואַדראַט-מאָס פון א צימער פינף און צוואַנציג פוס אויף אַבצעהן?—כפלט דיא לענג אויף דיא ברייט, זייא

זיינען פיער הונדערט און פופציג קוואדראט-פוס.—וויא פיעל איז דרייא פינפטלאך פון פופצעהן?—זייא זיינען אזוי פיעל, וויא דרייא אכטלאך פון פיער און צוואנציג: ניין.—און פינף זעקסטלאך פון פיער און אכציג?—זיבעציג.—לעג צו זיבען זעכצעהנטלאך פון פיער און זעכציג צו פערציג?—אכט און זעכציג.—וויא פיעל (=וואס) איז דער צוואנציגסטער טהייל פון הונדערט?—פינף.—און א פינפטער טהייל פון צווייא הונדערט און צוואנציג?—פיער און פערציג.

## 185. צום איבערזעצען.

ווער איז געוועזן דער מאַן, וועלכער האט געבראכט אייער פלעמעניק דעם בריף פון בערלין?—איך ווייס ניט זיין נאָמען; איך ווייס איהם נאָר פון זעהן (by sight).—קען אייער איידים דעם איטאַליענער, וועלכער האט מיר געשריבען דיזען בריף?—ער זאָגט, ער קען איהם נאָך דעם נאָמען, אבער ער ווייס קיין שום אנדער זאַך (nothing else) וועגען איהם.—לעג דאָס פאַפּיער גלייך (straight) פאָר דיר און זיץ גלייך פאָר דעם טיש, ווען דוא שרייבסט.—וויא פיעלע שטיקער דארף (=מוז) איך דיר הערונטער דערלאַנגען? (הערונטער דערלאַנגען, to hand down).—דערלאַנג מיר זייא אלע הערונטער, אבער איינציגוויז (איינס נאָך דעם אנדערן).—זאָגט (=גיט) מיר דיא לענג (lengths) פון דיא זעקס שטיקער שווארצען טוך.—איך האב זייא שוין הערונטערגענומען; זאָל איך אייך זאָגען, וויא פיעל (=וואָס) זייא זיינען צוזאַמען?—ניין, זאָגט מיר זייא איינציגוויז.—וויא פיעלע שפּיעלען האט איהר געוואונען?—איך האב גע־שפּיעלט דעם גאנצען אבענד און האב ניט געוואונען קיין איינציגעם שפּיעל.—איהר האט דאס לעצטע שפּיעל נאָר ניט גוט געשפּיעלט; איהר האט געהאַט צווייא ניינט־לאַך, אלע צעהנטלאַך און אונטער, קעניגין, קעניג און טויז; עס איז געוועזן זעהר קרום (wrong) אנצושפּיעלען דיא טויז.—איהר זייט גערעכט, עס איז געוועזן א גרויסער איר־טהום.—קענט איהר מיר לייהען איינינע (a few) דאָללער?—עס טהוט מיר זעהר לייד, איך האב ניט קיין איינציגען סענט בייא (about) מיר.—גיט מיר אַן אנדער פעדער, דיזע וועט ניט שרייבען.—איך האב אייך גגעבען דיא איינציגע פעדער, וואָס איך האָב געהאַט.—ווער איז געוועזן דער יונגער מאַן, וועלכער האט אייך יעצט עבען פערלאָזען?—ער איז דער אַיין איינציגער זוהן פון א זעהר רייכען ענגלענדער.—ברייננ נאָך א (another) פלאַש פון דעם זעלביגען וויין.—איך וואָלט אייך ניט געקענט ברייננען, זאָגאר (even), ווען איך וואָלט וועלען; ווייל עס איז דיא איינציגע זאָרט, (וואָס) איך האב אין קעלער.—געהט איהר אָפט אין (דאָס) טהעאטער?—ניין, איך געה יעצט זעהר זעלטען, ווייל איך בין ניט פרייא קיין איינציגען אבענד אין דער וואָך, אויסער דינסטאָג; דאָס איז דער איינציגער אבענד, ווען איך וואָלט קענען (I might) געהן, אבער דאַן מוז איך געהן צו מיין פעטער.—ווארום האט איהר מיר ניט געוואָלט געבען דיא אורזאַך, פיר וואס איהר האט ניט גערעדט (for not speaking) מיט מיין פעטער'ס פריינד?—איך האב אייך ניט געוואָלט זאָגען דיא אורזאַך, ווייל זיין פערוואנדטער איז געשטאַנען הינטער אייך.—האט איהר געהאַט אַן אורזאַך, פיר וואָס איהר האט ניט געטאַנצט (for not dancing) מיט דעם פראַנצויז, ווען ער האט אייך געבעטען?—איך האב ניט

נע־ענט האבען קיין אנדער אורזאך, אויסער, דאס איך בין געוועזן (except my being) שוין בעשטעלט (=פערנומען); דאס איז געוועזן מיין אורזאך, פיר וואס איך האב ניט געקאָנט טאנצען מיט איהם.

## 60th Lesson.—60סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| To which of the servants shall I give the keys? | וועלכען פון דיא בעדיענטע זאָל איך געבען דיא שליסלען? |
| To whichever stays at home. | דעם, וועלכער בלייבט צו הויז. |
| How much must I pay the man? | וויא פיעל זאָל איך בעצאָהלען דעם מאן? |
| Whatever he asks. | וואס (וויא פיעל) ער בעט. |
| Where shall we go? | וואוהין זאָלען מיר געהן? |
| Wherever you like. | וואוהין איר ווילט. |
| Which of the books shall I take? | וועלכעס פון דיא ביכער זאָל איך נעהמען? |
| Whichever you please. | וועלכעס איהר ווילט. |
| Whom (אָד. to whom) shall I tell it? | וועמען זאָל איך עס זאָגען? |
| To whomsoever you find in the house. | דעם, וועמען איהר געפינט אין הויז. |
| Whose tasks (אָד. exercises) will you correct first? | וועמעס לעקציאָנען וועט איהר אויסבעסערן צו ערשט? |
| *To correct (קאָררעקט). | אויסבעסערן, פערריכטען. |
| It is immaterial; whosesoever I have before me. | עס איז גאנץ גלייך; דעמ'ס, וועמע'ס איך האב פאָר מיר. |
| He did not say anything whatever. | ער האט גאָרנישט געזאָגט. |
| Whatever (הוואָטעוועער). Whatsoever (הוואָטסאָועוועער). | וואס נאָר, אלעס וואס. |
| Whichever (הוויטשעוועער). Whichsoever (הוויטשסאָועוועער). | וועלכער עס איז, יעדער וועלכער. |
| Whoever (הוּעוועער). Whosoever (הוסאָועוועער). | ווער נאָר, יעדער וואס. |
| Whosesoever (הוזסאָועוועער). | וועמע'ס נאָר, יעדענ'ס, דער וועמע'ס. |
| Whomsoever (הומסאָועוועער). | וועמען נאָר, יעדען, דער וועמען. |
| Wherever (הווערעוועער). | וואו נאָר, איבעראל וואו. |
| Immaterial (אימּמאַטיריעל). All the same (אָל דהי סיים). | גאנץ גלייך, אלץ איינס, איינערלייא. |
| It is immaterial whether you write to-day or to-morrow. | עס איז גאנץ גלייך, אויב איהר שרייבט היינט אָדער מאָרגען. |
| It makes no difference whether you go to-day or to morrow. | עס מאכט (עס איז) קיין אונטערשייד, אויב איהר געהט היינט אדער מאָרגען. |

| | |
|---|---|
| The difference (דיפּערענס). | דער אונטערשייד. |
| It is all the same to me. | עס איז מיר גאנץ גלייך. |
| It makes no difference to me. | עס מאכט (איז) מיר קיין אונטערשייד. |
| It is immaterial.<br>It makes no difference. | עס מאכט ניט אויס. |
| Can you see the people on the top of the mountain? | קענט איהר זעהן דיא לייטע (מענשען) אויף דעם שפּיץ בארג. |
| The top (טאָפּ). | דער אויבען, דער שפּיץ. |
| The top of the mountain? | דער שפּיץ פון בארג. |
| On the top of the mountain. | אויפ'ן שפּיץ בארג, אויבען אויפ'ן בארג. |
| On the top of the house. | אויבען אויף דעם הויז. |
| If you have any good cheese in the house, give me some. | ווען איהר האט גוטען קעז אין הויז, גיט מיר וועלכען. |
| Here are some excellent pears; shall I give you some? | היער זיינען אויסגעצייכענטע בארנעס; זאל איך אייך געבען וועלכע? |
| Surely you have some friend in the town who can advise you. | איהר האט געוויס א וועלכען פריינד אין שטאדט, וואס קען אייך ראטהען. |
| What kind of a book shall I bring you? | וואס פיר א בוך זאל איך אייך ברייגגען? |
| Bring me some good book; any book will do, if it is only entertaining. | ברייגגט מיר א וואסער גוטעס בוך; וואס פיר א בוך עס איז וועט זיין גוט, ווען עס איז נאר אמוזאנט. |

עס זיינען דא דרייא זארטען זעצע: בעשטעטיגענדע, פראגענדע און פערניינענדע. א בעשטעטיגענדער זאץ איז אזעלכער, וואס בעשטעטיגט אדער ערצעהלט עפּעס; א פראגענדער איז א זאץ וואס ענטהאלט א פראגע; א פערניינענדער זאץ איז אזעלכער וואס ענטהאלט דאס ווארט ניט.

Some ווערט אימער געברויכט אין בעשטעטיגענדע זעצע; צ. ב. I have some money, איך האב וועלכעס געלד.

Any ווערט אימער געברויכט אין פראגענדע און פערניינענדע זעצע; צ. ב. Have you any money, האט איהר וועלכעס געלד? I have not any, איך האב קיינס.

Some ווערט א מאל אויך געברויכט אין א בעשטעטיגענדען זאץ, אבער נאר דאן, ווען עס ווערט אנגעבאטען א זאך, וואס געפינט זיך נאהענט צו דער האנד; צ. ב. Here are some pears, will you have some? היער זיינען וועלכע בארנעס, ווילט איהר וועלכע האבען? נאך דעם ווערטעל if שטעהט אימער any, קיינמאל some.

| | |
|---|---|
| That will do. | דאס איז גענוג (אד. גוט). |
| Will this paper do? | איז דיזעס פּאפּיער גוט? |
| Will one sheet do? | וועט איין בויגען זיין גענוג? |
| This book is not to be found here. | דיזעס בוך איז היער ניט צו געפינען. |
| What is there to be seen? | וואס איז דארטען צו זעהן? |
| There is no money to be had. | עס איז קיין געלד צו בעקומען. |

| | |
|---|---|
| Which letters are still to be answered? | וועלכע בריף זיינען נאָך צו ענטפערן? |
| To be had. | צו האָבען, צו בעקומען. |
| Tell me where that can be had? | זאָגט מיר וואו דאָס איז צו בעקומען (אָד. וואו בעקומט מען דאָס)? |
| To bear (בע׳ר), bore (באָור), borne (באָרן). | טראָגען, ערטראָגען, ליידען, דולדען; גע־טראָגען, ערטראָגען, געליטען, געדול־דעט. |
| I can scarcely bear the pain. | איך קען קוים ערטראָגען דעם שמערץ. |
| She has had much to bear. | זיא האט געהאט פיעל צו ערטראָגען (אויס־צושטעהן). |
| I cannot bear him. | איך קען איהם ניט ליידען. |
| I cannot bear the sight of him. | איך קען זיין אָנבליק ניט ליידען, ד. ה. איך קען זיין פנים ניט אָנקוקען. |
| The sight (סאיט). | דער אָנבליק. |
| I could not have done this. | איך וואָלט דאָס ניט געקענט טהאָן. |
| Ought he not to have answered this letter? | האט ער ניט געדארפט ענטפערן דיזען בריף? |
| You could not have written this. | איהר וואָלט דאָס ניט געקענט שרייבען. |
| He might have tried it. | ער וואָלט עס געקענט פּרובירען. |
| You ought to have seen him about it. | איהר האט איהם געדארפט זעהן וועגען דעם. |
| Have you seen him? | האט איהר איהם געזעהן? |
| I shall see him about it to-morrow. | איך וועל איהם מאָרגען זעהן וועגען דעם. |
| I had an interview with him. | איך האב געהאט אַן אונטעררעדונג (א געשפּרעך) מיט איהם. |
| An interview (אינ׳טערוויו). | א אונטעררעדונג, א געשפּרעך, א שמועס. |
| I wish to have an interview with you on a subject of great importance. | איך ווינש מיט אייך צו האבען א געשפּרעך איבער א זאך פון גרויסער וויכטיגקייט. |
| A subject (סאָב׳דזשעקט). | א געגענשטאנד, א זאך. |
| The importance (אימפּאָר׳טאָנס). | דיא וויכטיגקייט. |
| *To accept of (אָקסעפּט׳ אָוו). | אָננעהמען. |
| I really do not know whether I ought to accept of it. | איך ווייס ווירקליך ניט, אויב איך דארף עס אָננעהמען. |
| Gratitude (גראַטיטיוד). | דאנקבארקייט. |
| The mind (מאינד). | דער שכל, דער זין; דער גייסט. |
| The body (באָ׳די). | דער קערפּער. |

| | |
|---|---|
| The novel (נאָוועל) דער ראָמאן | The author (אָ־טהאָר) דער פּערפאסער |
| *To endure (ענדיור). | אויסהאלטען, ערטראָגען. |
| To offer (אָפּפער). | אָנבאָטען, פּאָרלעגען. |
| *To offer. To bid (ביד); bid, bid. | באָטען (אַ פּרייז); געבאָטען. |
| What can I offer you? | וואָס קען איך אייך אָנבאָטען? |
| I am much obliged to you, not anything. | איך דאנק אייך זעהר, קיין זאך ניט. |
| Allow me to offer you a glass of wine. | ערלויבט מיר אייך אָנצובאָטען אַ גלאָז וויין. |
| What has he offered you for the iron? | וואָס האט ער אייך געבאָטען פיר דאָס אייזען? |
| He has offered me two cents a pound. | ער האט מיר געבאָטען צוויא סענט אַ פונט. |
| Iron (איירען). | אייזען; אַן אייזערנער. |
| *To fit (פּיט). | פּאסען. |
| Fit, fitting (פּיט־טינג), befitting. | פּאסליך; שיקליך, טויגליך. |
| Narrow (נאָררָאָו) שמאָל; ענג | Tight (טאַיט) שטייף; ענג |

## 186. צום איבערזעצען

וועלכען פון דיא בריף זאָל (=מוז) איך קאָפּירען צוערשט?—וועלכען (whichever) איהר ווילט; זייא דארפען אלע ווערען (be) געקאָפּירט.—וועלכעס פון דיא קינדער געהט אין שטאָדט מיט אונז?—יענעס, וועלכעס האט זיך אויפגעפיהרט אם בעסטען און איז געוועזען אַם פלייסיגסטען.—וועלכעס פון דיא צוויא ביכער זאָל איך נעהמען?—וועלכעס אייך געפעלט; זייא זיינען ביידע זעהר אמוזאנט.—גלויבט איהם ניט, וואָס ער זאָגט.—וואָס זאָל (must) איך אייך ברייגגען פון פּאריז?—וואָס איהר ברייגגט מיר, וועל איך אָננעהמען מיט דאנקבארקייט.—גלויבט אייך וואָס איהר ווילט (=וואָס איהר מעגט גלויבען) איך האלט איהם פיר אַן עהרליכען מענשען.— וואס קויפט איהר אין (at) יענעם לאָדען?—אלעס, וואָס איך דארף, ווען דער מאַן האט עס.—וואו מען געהט נאָר, טרעפט מען יענעם מענשען.—וואוהין ווילען מיר געהן?—וואו עס איז נאָר עפּעס צו זעהן (to be seen).—עס מעג זיך דאָרטען זיין וואָס פיר אַ געזעלשאפט עס איז (=וואָס פיר אַ געזעלשאפט דאָרטען מעג זיין), וועל איך ניט געהן.—וועט איהר מיר ניט זאָגען דיא אורזאַך, פיר וואָס איהר האט מיך געלאָזען ווארטען (for having) אויף אַן ענטפער אזוי לאַנג?—איך קען אייך ניט געבען קיין שום אורזאך.—ער ווייס קיין שום זאך (nothing whatever).—וועלכע פון דיזע האנדשוה וועט איהר נעהמען?—דיא, וועלכע זיינען דיא שטארקסטע.—וועמען זאָל איך פרעגען?—יעדער, וועמען איהר פרעגט, וועט אייך זאָגען דאס זעלביגע.—יעדעס (any) קינד פערשטעהט דאָס.—אום וועלכע צייט איך קום צו הויז אין אבענד, לעז איך אימער פיר אַ האלבע שטונדע, איידער איך געה (=פאר'ן געהן (before going) צו בעט. —יעדער, וואָס האט לוסט צו טאנצען, קומט הערויף איבען (up stairs) מיט מיר.—

## 187. צום איבערזעצען.

האט איהר נאָך מעהר (any more) גלעזער איז הויז?—איך דענק ניט, דאָס עס זיינען נאָך דאָ וועלכע.—היער זיינען דאָ גוטע ערדבעערען (פּאָזיעמקעס); זאָל איך אייך געבען וועלכע?—ווען איהר האט וועלכען גוטען וויין, ניט אונז וועלכען.—איך וועל אייך באלד בריינגען וועלכען (צייט צולעצט).—ווען עס זיינען דאָ קארטאָפּעל, שיקט אונז וועלכע הערויף(up).—איך וועל אייך גלייך וועלכע הערויפשיקען (צייט צולעצט).—האט איהר ווען גענעסען אַנאַנאַס=פרוכט (pine-apple)?—איך האב קיינמאָל ניט גענעסען (צולעצט קומט צוגעשטעלט any).—מיין פעטער האָט אונז וועלכע געבראַכט פון דעם לאַנד.—קענט איהר מיר לייהען אַ גוטעס בוך?—איך האב עטליכע (several); וואָס פיר איינס (what sort of one) זאָל איך אייך לייהען?—א וואָסער עס איז (any) אבער ניט קיין ראָמאַן.—איז דיזער ראָמאַן פון (by) דעם זעלביגען פּערפאַסער, וועלכער האט געשריבען דיזעס בוך?—ניין, דיזעס איז פון אַן אַנדערן פּערפאַסער.—זייט איהר שוין געוועזען אויף דעם בארג היינט אין דער פריה?—יע, מיר זיינען געוועזען גאַנץ אויבען אויף דעם שפּיץ (quite on the top).—קענט איהר ערקענען (=אונטערשיידען, distinguish), וואָס (עס) זיצט אויבען אויף דעם הויז?—איך קען עס ניט ערקענען.—לעגט דיזעס בוך אויבען אויף דיא אַנדערע.—ווּעלען דיזע שטיפעל זיין גוט?—יע, דיזע וועלען גראַדע זיין גוט.—וועט דיזעס פּאַפּיער זיין גוט?—ניין, עס וועט ניט זיין גוט; איך דאַרף האָבען אַ גאַנצען בויגען.—וויא פיעל געלד ברויכט איהר?—צעהן אדער צוועלף דאָללער וועלען זיין גענוג.—וואָס איז יעצט צו טהאָן?—יעצט זיינען דאָ נאָך (still) צווייא שטיקער טוך צו מעסטען.—איז דאָס געוועזען צו ערוואַרטען?—איז דיזעס הויז צו פּערקויפען?—יע, דאס הויז און דער גאָרטען זיינען צו פּערקויפען.—דיזעס מוסטער איז ניט צו געפינען אין דער גאַנצער שטאָדט.—עס איז גאָר ניט צו לאַבען.—דיזע דרייא שטיקער זיינען ניט צו אונטערשיידען איינס פון אַנ=דערן (from each other).—האט איהר ליעב דיזען יונגען מאַן?—איך קען זיין פּנים ניט אָנקוקען.—איך אויך ניט.

## 188. צום איבערזעצען.

וואָס מאַכט אייער שוועסטער?—זיא איז זעהר אונפּאַסליך (unwell).—זיא האָט געהאט אזא קאָפּ=וועהטאָג זייט (these) דרייא טעג, דאָס זיא קען עס קוים ערטראָגען.—וויא איז אייער שוועסטערקינד'ס פרוי?—זיא איז אַ ביסעל בעסער; אבער זיא ליידט מעהר אין איהר גייסט אַלס אין איהר קערפּער; דיא אָרימע פרוי האט פערלאָרען צווייא קינדער פאָריגען מאָנאַט, אַ יונגעל און אַ מיידעל, דיא פיינסטע קינדער, וועלכע מען האט געקענט זעהן, און יעצט איז איהר מאַן אויך קראַנק; זיא האט געהאַט פיעל אויסצושטעהן; עס איז אַ וואונדער, וויא זיא האַלט עס אויס.—וואָס האט מען אייך געבאָטען פיר אייערע צווייא פערד?—מען האט מיר געבאָטען הונדערט דאָללער ווענִי=גער אַלס זייא קאָסטען מיר.—האט איהר זייא פערקויפט?—ניין, איך האב זייא נאָך.—איהר האט זייא געדאַרפט פּערקויפען.—וואָרום האט איהר מיר ניט אומגעקעהרט (אָד. געשיקט צוריק) מיין פראַנצויזישעס בוך? איהר האט עס שוין געדאַרפט אומקעהרען אֵייערנעכטען.—איך האב עס אייך ניט געקענט שיקען זאָגאר, ווען איך וואָלט (had)

געוואָלט (=געוואונשען), ווייל (for) איך בין ניט געווען אין שטאָדט.—האט איהר גע־בראַכט דאָס געלד?—ניין, דער מאַן איז ניט געווען צו הויז.—אַיי, איהר האט געקענט וואַרטען (=האָבען געוואַרט) ביז ער איז געקומען (came) אהיים.—דאַן וואָלט איך גע־קומען (=האָבען געקומען) צו שפּעט צו מיטטאָגעסען.—דאָס וואָלט ניט געווען (=האָ־בען געווען) אַ גרויסעס אונגליק (misfortune).—ווען קען איך זעהן אייער פאָטער?—קומט מאָרגען, אָבער פאַר ניין אין דער פריה; ווייל אום האלב צעהן דאַרף ער האָבען אַן אונטעררעדונג איבער אַ זאַך פון גרויסער וויכטיגקייט מיט אַ העררן (gentlman) פון בערלין.—דענקט איהר ניט, דאס עס איז געפעהרליך (dangerous), ווען דרייצעהן זיצען ביי'ן טיש?—אין אַיין פאַל (case) קען עס זיין אונאַנגענעהם (unpleasant).—אין וועלכען פאַל?—ווען עס איז דאַ נאָר גענוג צו עסען פיר צוועלף.

---

# 61st Lesson.—61סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| וואָרום ערגערט זיך אייער ברודער? | Why is your brother angry?<br>Why is your brother vexed? |
| ערגערליך; בייז | Angry (אַנג'רי) |
| ריינקט | Vexed (וועקסט) |
| זיך ערגערן. | To be angry, to be vexed. |
| איבער וואָס ערגערט זיך אייער ברודער? | At what is your brother angry?<br>What is your brother vexed about? |
| ער ערגערט זיך, ווייל דער שרייב־לעהרער האט זיך אויף איהם בעקלאָגט פאַר זיין פאָטער. | He is vexed, because the writing-master has complained of him to his father.<br>He is vexed at the writing-master's having complained of him to his father. |
| זיך בעקלאָגען. | *To complain (קאָמפּליין). |
| נאָך וועמען ערקונדיגען זיך דיזע מענשען? | For (אָד. after) whom do these people enquire? |
| פרעגען, ערקונדיגען. | To enquire (ענקוואַיר'). |
| זיך ערקונדיגען, נאָכפרעגען. | *To enquire for (אָד. after). |
| זייא ערקונדיגען זיך נאָך אַ יונגען מאַן, וועלכער האט זיך זעהר גראָב בענו־מען געגען זייא, און האט ניט געוואָלט זאָגען זיין נאָמען. | They enquire after a young man who has behaved very rudely to them, and refused to tell (אָד. give) his name. |
| גראָב, אונאַרטיג. | Rude (רוד)—Rudely. |
| זיך ענטזאָגען, זיך וויינערן, ניט וועלען. | *To refuse (ריפיוז). |
| זיין בייז אויף—, זיין אין כעס אויף—, | To be angry with—, |

| | |
|---|---|
| איך בין בייז אויף מיין ברודער. | I am angry with my brother. |
| זיך בעקימערן. | *To mind (מאינד).<br>*To care (קע־ר). |
| זיך בעקימערן אום (אָד. וועגען)—. | To care for—. |
| זיך מישען, זיך בעקימערן. | *To meddle (מעדדל). |
| זיך מישען אין—, זיך בעקימערן וועגען—. | To meddle with—. |
| זיך איילען, זיך בעאיילען. | *To hasten (הייסן).<br>To make haste. |
| איך אייל מיך צו ענטפערן אייער בריף. | I hasten to reply to your letter. |
| איילט אייך! איהר מוזט אייך איילען. | Make haste! You must make haste. |
| אין איילע, אין איילענעס. | In haste. |
| זיך איינבילדען, פאָרשטעלען, זיך דענקען. | *To imagine (אימאַדזשין).<br>*To fancy (פאַנסי). |
| בילדעט איהר אייך איין, דאס ער וויים עס ניט? | Do you parhaps fancy he does not know it? |
| איהר קענט אייך ניט פאָרשטעלען, וויא שעהן עס איז. | You cannot imagine how beautiful it is. |
| בעקימערט אייך ניט אום מיך! | Do not mind me!<br>Do not meddle with me! |
| בעקימערט אייך וועגען אייער אייגענע זאך. | Mind your own business (.אָד affair). |
| איך בעקימער מיך ניט וועגען איהם. | I don't (=do not) care for him.<br>I don't (=do not) mind him. |
| וואָס בעקימער איך מיך! (וואָס גערט עס מיך אָן! אָד. וואָס ארט עס מיך!) | What do I care! |
| איך בעקימער מיך ניט (וואָס גערט מיך אָן). | I don't (=do not) care.<br>I don't (=do not) mind. |
| ער בעקימערט זיך אום קיין זאך (איהם גערט קיין זאך ניט אָן). | He does not care for anything. |
| ער מעג טהאָן, וואָס איהם געפעלט, פון מיינטוועגען. | He may do what he pleases, for anything I care. |
| פון מיינטוועגען. | For anything I care. |
| וועלען מיר טרינקען נאָך א פלאַש? | Shall we drink another bottle? |
| נוא, פון מיינטוועגען (גוט, זאָל זיין אזוי). | Well, I don't (=do not) care. |
| פון מיינטוועגען (וואָס גערט עס מיך אָן). | I don't care. |
| לאזט עס זיין. | Never mind it. |
| עס מאַכט ניט אוים! | Never mind! |
| לאָזט עס יעצט זיין. | Never mind it now. |

| | |
|---|---|
| *To mind (מאינד). | זיך מערקען; אכטען. |
| You never mind what I tell you. | איהר אַכטעט קיינמאָל ניט אויף דאָס, וואָס איך זאָג אייך. |
| Take care (אָד. mind)! | נעהמט אייך אין אכט! זייט פאָרזיכטיג! |
| To take care of—. To mind. | אין אכט נעהמען, זיין פאָרזיכטיג. |
| Do it for my sake (סייק). | טהוט עס פון מיינטוועגען. |
| She did it for your brother's sake. | זיא האט עס געטהאָן פון אייער ברודער׳ס וועגען. |
| For my sake. | פון מיינטוועגען. |
| For your sake. | פון אייערטוועגען. |
| For his sake. | פון זיינטוועגען. |
| For our sakes. | פון אונזערטוועגען. |
| For your sakes. | פון אייערטוועגען. |
| For their sakes. | פון זייערטוועגען. |
| I rejoice at it. | איך פרייא מיך איבער דעם. |
| *To rejoice (רידזשאָיס׳). | זיך פרייען. |
| To rejoice a t—. | זיך פרייען איבער—(וייא אַ גוטער פריינד). |
| To rejoice o v e r. | זיך פרייען איבער—(וויא אַ פיינד). |
| He rejoices at my fortune. | ער פרייט זיך איבער מיין גליק. |
| My enemies rejoice over my misfortune. | מיינע פיינד פרייען זיך איבער מיין אונגליק. |
| The fortune (פאָר׳טשון) | דאָס גליק |
| The misfortune (מיספאָר׳טשון) | דאס אונגליק |
| *To hurry (האָר׳רי). | זיך איילען; יאָגען, טרייבען. |
| The hurry (האָר׳רי). | דיא איילע, דיא איילענעס. |
| I hurry to go. | איך אייל מיך צו געהן. |
| It is no use hurrying now, you are too late already. | עס איז קיין נוצען צו איילען זיך יעצט, איהר זייט שוין צו שפעט. |
| I cannot stop a moment, I am in a hurry. | איך קען מיך ניט אָבשטעלען איין אויגענ-בליק, איך בין אין איילענעס. |
| What is your hurry? | וואָס איז אייער איילענעס? (וואָס איילט איהר אייך אזוי?) |
| Pray, do not hurry me so! | ביטע, יאָגט (איילט) מיך ניט אזוי! |
| To dare (דער); durst (דאָירסט), darst. | טאָרען, מעגען; געטאָרט, געמעגט. |
| *To dare (דער). | וואגען, זיך אונטערשטעלען. |
| He durst not do it. | ער האט עס ניט געטאָרט טהאָן. |
| He dared not do it. | ער האט עס ניט געוואגט צו טהאָן. |

ווען to dare בעדייטעט ט אָ ר ע ן, מ ע ג ע ן, קומט דאָס האַנדלונגכוואָרט, וואָס שטעהט נאָך איהם, אָ ה ן דעם ווערטעל to; ווען דאָס בעדייטעט אָבער וו אַ ג ע ן, ז י ך א ו נ ט ע ר-ש ט ע ל ע ן, קומט דאָס ווייטערדיגע האַנדלונגכוואָרט מ י ט דעם ווערטעל to; מען קען אָבער אויך אין צווייטען פאַל אויסלאָזען דאָס ווערטעל to.

| | |
|---|---|
| I dare say. | איך מעג זאָגען, איך קען זאָגען. |
| I dared to speak to him. | איך האב געוואגט מיט איהם צו רעדען. |
| I dare not do it. | איך וואג עס ניט צו טהאָן. |
| Why durstn't he? | ווארום האָט ער ניט געטאָרט? |
| Durstn't (=durst not). | ניט געטאָרט. |

אין היימישע געשפּרעכע ערלויבט מען זיך הערויסצולאָזען בוכשטאַבען און צוזאַמענצוציהען צוויא ווערטער אין איינעם. דיא געברויכליכסטע צוזאַמענציהונגען זיינען פאָלגענדע·

| | | | |
|---|---|---|---|
| Can't (קאַ־נט) | פיר | cannot | קען ניט, קענען ניט. |
| Couldn't (קודנט) | 〃 | could not | ניט געקענט. |
| Don't (דאָונט) | 〃 | do not | טהוא ניט, טהוען ניט. |
| Doesn't (דאָזנט) | 〃 | does not | טהוט ניט. |
| Didn't (דידנט) | 〃 | did not | ניט געטהאָן. |
| Daren't (דע־רנט) | 〃 | dare not | טאָר ניט, טאָרען ניט. |
| Durstn't (דאָירסטנט) | 〃 | durst not | ניט געטאָרט. |
| Haven't (האָוונט) | 〃 | have not | האָב ניט, האָבען ניט. |
| Hasn't (האָזנט) | 〃 | has not | האָט ניט. |
| Hadn't (האָדנט) | 〃 | had not | ניט געהאָט. |
| Isn't (איזנט) / Ain't (אֵיינט) | 〃 | is not | איז ניט. |
| Wasn't (וואָזנט) | 〃 | was not | ניט געוועזן. |
| Weren't (וואָירנט) | 〃 | were not | ניט געוועזן. |
| Shan't (שאַ־נט) | 〃 | shall not | זאָל ניט, זאָלען ניט. |
| Shouldn't (שודנט) | 〃 | should not | ניט געזאָלט. |
| Won't (וואָ־נט) | 〃 | will not | וויל ניט, וועלען ניט. |
| Wouldn't (וואודנט) | 〃 | would not | וואָלט ניט, וואָלטען ניט. |
| I've (אַיוו) | 〃 | I have | איך האָב. |
| We've (ווי־וו) | 〃 | we have | מיר האָבען. |
| You've (ירוו) | 〃 | you have | איהר האָט. |
| They've (דהייוו) | 〃 | they have | זייא האָבען. |
| I'd (אַייד) | 〃 | I would | איך וואָלט. |
| It's (איטס) / 'Tis (טיז) | 〃 | it is | עס איז. |
| I'll (אַיל) | 〃 | I will | איך וויל, איך וועל. |
| He'll (היל) | 〃 | he will | ער וועט. |
| She'll (שי־ל) | 〃 | she will | זיא וועט. |
| We'll (ווי־ל) | 〃 | we will | מיר ווילען, מיר וועלען. |
| You'll (יו־ל) | 〃 | you will | איהר וועט. |
| I'm (אַים) | 〃 | I am | איך בין. |
| He's (הי־ז) | 〃 | he is | ער איז. |
| She's (שי־ז) | 〃 | she is | זיא איז. |
| We're (ווי־ר) | 〃 | we are | מיר זיינען. |
| You're (יו־ר) | 〃 | you are | איהר זייט. |
| They're (דהייר) | 〃 | they are | זייא זיינען. |
| What's (הוואָטס) | 〃 | what is | וואָס איז. |

| | |
|---|---|
| לאָזט דיא ביכער ווערען געבונדען, ד. ה. לאָזט דיא ביכער בינדען. | Let the books be **bound.** |
| לאָזט דעם מאַן ווערען גערופען, ד. ה. לאָזט דעם מאַן רופען. | Let the man be called. |
| ווארום האט ער געלאָזען דעם הונד געשלאָגען ווערען? ד. ה. ווארום האט ער געלאָזען דעם הונד שלאָגען? | Why did he let the dog be **beaten?** |
| בינדען; געבונדען. | To bind (באַינד); bound (באונד), bound. |
| שלאָגען; געשלאָגען. | To beat (בי־ט); beat (בעט), beaten (בי־טן). |

אין אַזעלכע אויסדריקע, וויא **לאָזען** בינדען (עפּעס), **לאָזען רופען** (אימעצן), **לאָזען שלאָגען** (אימעצן), **לאָזען זעהן** (עפּעס אָד. אימעצן) או. אַז. וו. קומט דאָס האַנלונגסוואָרט, וואָס געהערט צו דער זאַך אָדער פּערזאָן, אין דער **ליידענדער פאָרם**.—דיא ליידענדע פאָרם פון האַנדלונגסווערטער איז דיא, וועלכע ווערט געמאַכט אין יודיש דורך **ווערען** און אין ענגליש דורך to be; צ. ב. געזעהען ווערען—to be seen; גערופען ווערען—to be called; געשלאָגען ווערען—to be beaten או. אַז. וו. (וועגען דער ליידענדער פאָרם פון האַנדלונגסווערטער זעה 40סטע לעקציאָן).

| | |
|---|---|
| לאָזט ניט זעהן דאס געלד. | Do not let the money to be **seen.** |
| לאָזט ניט נעהמען דאָס געלד. | Do not let the money to be **taken.** |
| זיך וואונדערן. | *To wonder (וואָנ׳דער). |
| זיין ערשטוינט, זיך וואונדערן. | To be surprised (סאָירפּראַיזד). |
| זיך וואונדערן אויף—. | To wonder at—. To be surprised at—. |
| ער וועט זיך וואונדערן אויף דעם. | He will wonder at it. |
| דערויף איז זיך ניט צו וואונדערן. | That is not to be wondered (אָד. surprised) at. |
| זיך וואונדערן; זיין ניעריג צו וויסען. | *To wonder. |
| איך בין ניעריג צו וויסען, איך וואָלט וועלען וויסען. | I wonder. |
| איך בין ניעריג צו וויסען, אויב—. | I wonder whether—. |
| איך בין ניעריג צו וויסען, אויב ער וועט זיין היער היינט נאָכמיטאָג. | I wonder whether he will **be here this** afternoon. |
| איך בין ניעריג צו וויסען, אויב מיר וועלען היער זיין אין דער צייט. | I wonder whether **we shall** be here in time. |
| ענדערן; זיך ענדערן. | *To change(טשיינדזש). *To alter(אָ־ל׳טער) |
| בעסערן; זיך בעסערן. | *To improve (אימפּרו־וו). |
| ער האט זיך געענדערט צום ערגערן. | He is changed (אָד. altered) **for the worse.** |
| מיין יונגעל האט זיך געענדערט צום בעסערן. | My boy is changed for **the better.** |
| צום ערגערן. צום בעסערן. | For the worse. For the better. |

| | |
|---|---|
| He is very much improved. He improved very much. | ער האט זיך זעהר פיעל געבעסערט. |
| He improved in every respect. | ער האט זיך געבעסערט אין יעדער הינ־זיכט (אין אלעם). |
| In every respect (ריספעקט). | אין יעדער הינזיכט (אין אלעם). |

**Rather** (ראַדהער), **פיעל מעהר, בעסער, ריכטיגער געזאָגט.**

| | |
|---|---|
| I cannot do that, or rather, I must not do that. | איך קען דאָס ניט טהאָן, אָדער ריכטיגער געזאָגט, איך דאַרף עס ניט טהאָן. |
| You cannot wonder at that, or rather, you ought not to wonder at it. | איהר קענט אייך ניט וואונדערן אויף דעם, אדער ריכטיגער געזאָגט, איהר האָט אייך ניט געדארפט וואונדערן אויף דעם. |
| You ought not to wonder at it; for, in the first place, he has only been gone nine days, and secondly he told you on leaving, that he should not write till the second day after his arrival in London. | איהר דארפט אייך אויף דעם ניט וואונ־דערן; ווייל ערשטענס איז ער ערשט ניין טעג אוועגגעפאָהרען, און צוויי־טענס האט ער אייך געזאָגט בייא זיין אָברייזען, דאס ער וועט ערשט שריי־בען דעם צווייטען טאָג נאָך זיין אָנקו־מען אין לאָנדאָן. |

**Only** (אָונ׳לי), **ערשט** (ניט מעהר אַלס).

| | |
|---|---|
| He has only been gone nine days. | ער איז ערשט ניין טעג אוועגגעפאָהרען. |

**Not—till** (נאָט—טיל), **ערשט** (ניט פריהער אַלס).

| | |
|---|---|
| I shall not go till Friday. | איך וועל ערשט געהן פרייטאָג. |
| We shall not meet till next Wednesday. | מיר וועלען אונז ערשט צוזאמענטרעפען נעכסטען מיטוואָך. |
| The arrival (אַרראַי׳וואַל). | דאָס אָנקומען, דיא אָנקונפט. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| First | אָד. in the first place. | ערשטענס. |
| Secondly | „ in the second place. | צווייטענס. |
| Thirdly | „ in the third place. | דריטענס. |
| Fourthly | „ in the fourth place. | פערטענס. |
| Fifthly | „ in the fifth place. | פינפטענס. |
| Sixthly | „ in the sixth place. | זעקסטענס. |
| Seventhly | „ in the seventh place. | זיבעטנס. |
| Eighthly | „ in the eighth place. | אכטענס. |
| Ninthly | „ in the ninth place. | נייטענס. |
| Tenthly | „ in the tenth place. | צעהנטענס. |

פיר עלפטענס, צוועלפטענס און וויטער זאָגט מען נאָר: in the eleventh place, in the twelfth place או. אז. וו.

## On (אָן), בייא.

| | |
|---|---|
| On the receipt of your letter. / On receiving your letter. | בייא דעם ערהאלטען פון אייער בריף. |
| The receipt (ריסי־ט) | דאס ערהאלטען, דיא ערהאלטונג. |
| On pain of death. | בייא טוידט־שטראָף. |
| The pain (פיין) דיא שטראָף | The death (דעטה) דער טוידט |
| Pain of death. | טוידט־שטראָף. |
| The cause for complaint (אָד. complaining). | דיא אורזאך צו בעקלאָגען זיך. |
| The complaint (קאָמפליינט) דיא קלאגע | The cause (קאָ־ז) דיא אורזאך |
| This charming lady wears a plain dress. | דיזע רייצענדע (שעהנע) דאמע טראָגט אן איינפאכעס קלייד. |
| Plain (פליין) איינפאך | Charming (טשאַרמינג) רייצענד, שעהן |
| I like to drink plain water. | איך האב האָלט צו טרינקען איינפאכעס וואסער. |
| I am a plain man. | איך בין אן איינפאכער מענש. |
| *To mention (מענ־שאָן). | ערמאנען; זאָגען. |
| *To learn (לאָירן). | ערפאהרען, הערען. |
| To hold (האָולד); held (העלד), held. | האלטען; געהאלטען. |
| Assured (אַששורד). | פערזיכערט, זיכער. |
| *To rest (רעסט). | בלייבען, זיין. |
| You may rest (אָד. be) assured. | איהר מעגט זיין זיכער. |
| Sure (שור). | זיכער, געוויס. |
| I am sure. We are sure. | איך בין זיכער. מיר זיינען געוויס. |

דיא זעצע I am sure, you are sure קענען איבערגעזעצט ווערען מיט דעם איין וואָרט געוויס:

| | |
|---|---|
| Will your brother be here? | וועט אייער ברודער זיין היער? |
| I am sure. | געוויס (=איך בין געוויס). |
| Will your sister write a letter? | וועט אייער שוועסטער שרייבען א בריף? |
| We are sure. | געוויס (=מיר זיינען געוויס). |
| I am sure he will come. / He is sure to come. | ער וועט געוויס קומען. |
| My cousin is sure to be here to-night. | מיין שוועסטערקינד וועט געוויס היער זיין היינט בייא נאכט. |

## Or, זאָנסט, װען ניט.

| | |
|---|---|
| You must be careful, or you will fall. | איהר מוזט זיין פאָרזיכטיג, זאָנסט (אָד. װען ניט) װעט איהר פאַלען. |
| Take as much as I am giving you, or you will get nothing. | נעהמט אזוי פיעל, װיא איך גיב אייך, זאָנסט (אָד. װען ניט) קריגט איהר גאָרנישט. |

## Every other—, א—אום א—.

| | |
|---|---|
| Every other day. | א טאָג אום א טאָג. |
| Every other week. | א װאָך אום א װאָך. |
| To examine (עגזאַ׳מין). | עקזאמענירען אונטערזוכען. |
| The apology (אֶפּאָ׳לאָודזשי). The excuse (עקסקיוז). | דיא ענטשולדיגונג, דיא פערענטפערונג. |
| *To apologize (אֶפּאָ׳לאָודזשאיז). | זיך ענטשולדיגען, זיך פערענטפערן. |
| To apologize to—for. | זיך ענטשולדיגען פאר—װעגען. |
| The pupil apologized to the teacher for his rude words. | דער שילער האט זיך ענטשולדיגט פאר׳ן לעהרער פיר זיינע גראָבע װערטער. |
| The pupil (פיופּיל). | דער שילער, דער לעהרלינג. |

## 189. צום איבערזעצען.

איך װאָלט װעלען װיסען, װארום אייער שװער איז געװען אזוי ערגערליך געבטען? —איך קען אייך זאָגען; ער איז אימער ערגערליך, װען ער בריינגט אימעצען (some one) צו זיך אהיים (home with him) און געפינט ניט א גוטען מיטטאָג.—היינט אין דער פריה בין איך געװען זעהר בייז.—עס טהוט מיר לייד עס צו הערען; א מענש דארף (ought) קיינמאָל ניט זיין בייז.—איף װאָס זייט איהר געװען ערגערליך?—איך האָב געבעטען בייא (of) מיין מאַן ער זאָל געבען (=צו געבען) מיין טאָכטער עמיליע א נייעס קלייד פיר דעם באַל, אויף (to) װעלכען זיא געהט איבערמאָרגען, און ער ענטזאגט עס צו טהאָן.—װארום ענטזאגט ער?—ער האט געזאָגט, זיא דארף נאָך ניט האבען קיין נייעס קלייד.—איך װיל ניט אונטערזוכען, אויב ער איז גערעכט אדער אונגערעכט, װאס ער קויפט ניט (in not buying) זיין טאָכטער א נייעס קלייד פיר דעם באַל; אָבער פריילין עמיליע איז צו יעדער צייט (at all times) אזוי רייצענד, דאס זאָגאר אין דעם איינפאכסטען קלייד זעהט זיא אוים (אויסזעהן, to look) זעהר שעהן.—איך הער (I understand) אייער מומע האט זיך בעקלאָגט אויף אייך פאר (to) אייער מוטער.—מיין מומע בעקלאָגט זיך זעהר לייכט (easily); מיין מוטער װייס דאָס; איך אכט ניט פיעל דערויף. —אבער איך האב מיך אויך צו בעקלאגען אויף אייך.—װירקליך, װעגען װאָס האט איהר אייך צו בעקלאגען?—איהר האט פערשפּראָכען צו קומען צו אונז (=צו אונזער הויז) פאָריגע נאכט, און איהר האט ניט געהאַלטען אייער פערשפרעכען.—איהר מעגט זיין זיכער, איך װאָלט האָבען געקומען, װען איך װאָלט געקענט.—האט איהר אייך אמוזירט

(זיך אַמוזירען, to enjoy one's self) אויף דעם לאַנד פאָריגען דיענסטאָג?—אָ, זעהר; דער טאָג איז געוועזן זעהר פיין; איך אַמוזיר מיך אימער אויף דעם לאַנד.—מיין קוזינע אויגוסטא האט זיך נאָכגעפרעגט נאָך אייך; איך האב געהאַט אַ בריף פון איהר היינט אין דער פריה.—זיא איז זעהר פריינדליך.—וואָס מאַכט זיא?—זיא איז זעהר געזונד.—האט זיא זיך ניט ערקונדיגט נאָך מיין ברודער?—ניין, זיא עראינערט איהם ניט.

## 190. צום איבערזעצען.

ווען איהר געהט היינט צו אונזער פעטער זאָלט איהר נאָכפרעגען (=פרעגט נאָך), אויב מען האט עפּעס געהערט פון אונזער שוועסטערקינד.—ווילהעלם האט שוין זיך ערקונדיגט היינט אין דער פריה; ער איז אָנגעקומען מיט'ן שיף „סיטי אָוו ניו יאָרק" וואָס געהט אונטער דער לייטונג פון קאַפּיטאַן (captain) סמיטה (שיף איז אין ענגליש ship אָדער boat. ווען מען וויל זאָגען יענעם און יענעם שיף, וואָס געהט אונטער דער לייטונג פון דעם און דעם קאַפּיטאַן, לאָזט מען הערויס דאָס וואָרט שיף און אויך דיא ווערטער וואָס געהט אונטער דער לייטונג פון—און מען גיט בלויז אָן דעם נאָמען פון שיף, דאָס וואָרט קאַפּיטאַן און דעם נאָמען פון קאַפּיטאַן; צ. ב. the John, captain Roe—דאָס שיף דזשאָהן, וואָס געהט אונטער דער לייטונג פון קאַפּיטאַן ראָו. עס איז ווייטער צו בעמערקען, דאָס אַ שיף, ווערט אין ענגליש געהאַלטען פיר ווייבליך, און ווען מען רעדט פון אַ שיף זאָגט מען אימער she, ניעמאַלס it, וויא בייא אַנדערע ניט-לעבעדיגע זאַכען).—דאָס שיף האט געזעגעלט פערצעהן טאָג און עס (she) איז אָנגעקומען פאָריגע נאַכט.—אַלזאָ (then) מוזט איהר אייך איילען און געהן איהם זעהן.—געהט איהר נאָך (to) ניו יאָרק מיט (by) דער אייזענבאַהן אום צעהן אַ זייגער?—יע, ווען איך קען ווערען פערטיג פאַר יענער צייט; איך מוז מיך זעהר בעאיילען (I must make great haste), ווייל עס איז שעהן אַ פערטעל צו צעהן.—זאָגט יאָהאַנען ער זאָל זיך איילען (=צו איילען).—יאָהאַן איז שוין אַוועג (gone).—איהר טרייבט (איילט) מיך אימער, ווארום טרייבט איהר מיך אַזוי?—נוא, עס געהט מיך ניט אָן (I don't care); ווען איהר קומט (=זייט) צו שפּעט, וועט עס זיין אייער אייגענע שולד.—בעקימערט אייך ניט וועגען מיר, איך וועל זיין פערטיג אין דער צייט; איהר זייט אימער אין איילענעס.—קאַרל, ביסט דוא פערטיג מיט דיין ארבייט?—קימערט אייך ניט וועגען מיינע געשעפטען (business, affairs); בעקימערט אייך וועגען אייערע אייגענע געשעפטען.—וועלען מיר מאַכען (=נעהמען) אַ שפּאַציער?—נוא, פון מיינטוועגען; וואוהין זאָלען מיר געהן?—וואוהין איהר ווילט (=אייך געפעלט); אָבער איהר מוזט אייך איילען אַ ביסעל, ווייל איך מוז זיין ווידער צו הויז אום פיער, און עס איז שוין אַ פערטעל אויף פיער.—זאָל (=וועל) איך אייך לעזען דעם בריף יעצט?—ניין, לאָזט עס יעצט זיין.—ווען איהר האט נאָך ניט געמאָסטען דאָס שטיק טוך, לאָזט עס יעצט זיין.—ווארום האט איהר געקויפט דיעזען מיאוסן הונד?—עס טהוט מיר יעצט לייד.—איהר אַכטעט קיינמאָל ניט אויף דאָס, וואָס מען זאָגט אייך.—ווארום נעהמט איהר אַזוי פיעלע גלעזער אויף איין מאָל (at once)?—ווייל איך האב ניט ליעב צו געהן צווייא מאָל.—נעהמט אייך אין אַכט, ווען ניט וועט איהר פאַלען.—האט איהר געשיקט דעם מאַן דיא וואַארע?—יע, איך האָב זייא איהם געשיקט.—האט איהר ערהאַלטען אייער געלד?—איך בין אַליין געוועזן בייא

איהם; ער האט געזאָגט ער איז (=ער איז געווען) אין גרויסע איילענעס, ער וועט (=געוואָלט) מיר שיקען דאס געלד פון האמבורג פון מאָרגען איבער אַכטאָג.—מערקט אייך, וואָס איך זאָג אייך; ער וועט אייך ניט שיקען דאָס געלד א וואָך פון מאָרגען, אויך ניט פון נעכסטען דאָנעסטאָג איבער פערצעהן טאָג.—איך האף איהר וועט אייך אירען.—איך האב אייך געזאָגט צו נעהמען זיך אין אכט.—ווארום וויינסט דוא?—איך בין געפאלען העראָבגעהענדיג (=אלס איך בין העראָבגעגאנגען) פון דיא טרעפּ.—ווארום נעהמט איהר אייך ניט אין אכט?—איך האב מיך גענומען אין אכט, אבער מיין פוס האט זיך אויסגעגליטשט.

## 191. צום איבערזעצען.

הערר דזשאָהנסאָן איז זעהר בייז אויף (with) אייך; ער זאָגט ער וועט זיך בעקלאָגען אויף אייך פאר אלע אייערע פריינד.—ווען איהר זעהט איהם זאָגט איהם, ער מעג זיך בעקלאָגען פאר וועמען (whomsoever) ער וויל; עס ארט מיך ניט (עס געהט מיך ניט אָן).—איהר מוזט, ווירקליך, מיטקומען מיט (=קומען מיט) מיר; איהר מוזט עס טהאָן פון מיין ברודער'ס וועגען; ער האט זיך פערקיהלט (זיך פערקיהלען, to catch cold), און ער האט ניט געקענט הערויסגעהן זייט (these) צווייא טעג.—עס וואָלט מיך געפרייט עס צו טהאָן, ניט נאָר פון אייער ברודער'ס וועגען, נאָר וועגען אייער זעהר אנגענעהמער געזעלשאפט (society), אבער איך האב מורא עס וועט זיין אונמעגליך.—ווארום זייט איהר ניט פלייסיג?—איהר דארפט עס זיין (עס, so) אזוי גוט פון אייערטוועגען אליין (for your own sake), וויא וועגען אייערע עלטערן.—וועט איהר ניט הערויפקומען אויף אן אויגענבליק?—איך קען ניט בלייבען קיין אויגענבליק; איך בין אין גרויסע איילענעס.—וואוהין געהט איהר?—איך מוז געהן צו דער אייזענבאהן.—עס איז קיין נוץ צו זיין יעצט אין איילענעס (זייט צולעצט); איהר זייט שוין צו שפעט.—וועט איהר קומען צו מיר דיזען נאָכמיטטאָג?—איך וואָג ניט הערויסצוגעהן; איהר קענט אייך ניט פאָרשטעלען, וויא פיעל איך האב צו טהאָן.—וואָרום איז אייער ברודער נעכטען ניט געקומען צו אונז? (זייט צולעצט)—ער האט ניט געטאָרט; ער האט ניט אויפגעשריבען זיינע אויפגאבען (exercises).—האט איהר געזאָגט אייער מומען, דאס נעכטען איז געשטאָרבען מיין פאָטער? (זייט צולעצט)—מיהר האבען איהר ניט געטאָרט זאָגען, עס וואָלט זיא זעהר בעטריבט.—לאָזט דעם פראנצויז ניט איינלאדען.—לאָזט ניט צווינגען (to be forced) דאס קינד צו עסען, וואָס עס האט ניט האָלט.—לאָזט נאָך דאָס פערד ניט פערקויפען; איהר וועט קריגען מעהר דאפיר אין א פּאָאָר מאָנאטען.—לאָזט נאָך ניט טרינקען דעם וויין.—ווארום לאָזט איהר ניט שיקען נאָך דעם סטאָליער?—לאָזט דיא שטולען הערייננעהמען אין דאָס אנדערע צימער.

## 192. צום איבערזעצען.

מיין מוטער וואונדערט זיך, וואָס מיר זעהען (at our seeing) אייך אזוי זעלטען אין אונזער הויז.—זיא דארף (must) זיך ניט וואונדערן דערויף (at it); זיא ווייס, וויא פיעל איך האב צו טהאָן צו הויז.—וואונדערט איהר אייך ניט, וואָס הערר ריטשארדז האט אונז נאָך ניט געשריבען?—איך וואונדער מיך דערויף גאָר ניט; ער האט פיעלע

געשעפטען.—ווייסט איהר, דאס מיר ערוואַרטען אונזער ברודער זאָל מאָרגען קומען צוריק פון זיינע רייזען?—ניין, איך האב ניט געוואוסט.—איז ער געוועזן אַוועג אַ לאַנגע צייט?—פון מאָרגען אין צווייא וואָכען הערום וועט עס גראַדע זיין פערטהאַלבען יאהר. —איך בין גיעריג צו וויסען, אויב ער האט זיך (=וועט זיין) געענדערט.—הערר פאָרטער האט מיר געזאָגט ער האט איהם געזעהן אין בערלין, און האט איהם געפונען אַ סך פערבעסערט.—וואו זייט איהר געוועזן דיזע גאַנצע צייט?—עס פרייט מיך צו זעהן אייך ווידער; איהר האט אייך (=איהר זייט) פיעל פערבעסערט.—האט איהר געשריבען צו העררן וויללּיאַמז, דאס מיר האבען אַוועגגעשיקט דעם ווין גלייך (immediately) בייא דער ערהאַלטונג פון זיין בריף?—יע, איך האב.—זאָל איך אייך לעזען, וואָס איך האָב געשריבען.—ניין, לאָזט עס זיין; איך וועל לעזען דעם בריף אַליין נאַכהער (by and by). —וואַרום שרייבט איהר אימער אונטער אייערע בריף: „אין איילענעס“? איילענעס איז קיין ענטשולדיגונג.—האָב איך ניט געהאַט רעכט צו זאָגען דעם מאַן דיא וואַהרהייט? —אַזוי וויא איהר פרעגט מיך, מוז איך אייך זאָגען, דאס איהר זייט געוועזן אונגערעכט אין יעדער הינזיכט; וויל, ערשטענס, דאס וואס (what) איהר האט געהאַלטען פיר (considered to be) דיא וואַהרהייט, איז ניט געוועזן דיא וואַהרהייט; צווייטענס, ווען עס וואָלט געוועזן דיא וואַהרהייט, האט איהר איהם אויך ניט געדאַרפט זאָגען (אויך, either, צולעצט), וואָס איהר האט געטהאָן, און דריטענס, בין איך (I am) פעסט (=פול, fully) איבערצייגט, דאס דער מאַן איז געוועזן גערעכט.—האט איהר קיין פערטענס, פינפטענס, זעקסטענס, זיבעטנס?—אָ יע, איך האב אויך עלפטענס און צוועלפטענס.

## 62nd Lesson.—62סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Who is there? | ווער איז דאָרטען? |
| It is I, William; come down. | דאס בין איך (אָד. איך בין עס), ווילהעלם; קום הערונטער. |
| O, is it you? I come down directly. | אָ, זייט איהר דאָס? איך קום גלייך הערונטער. |
| It was Mary. | דאס איז געוועזן מאַריע. |
| Indeed; was it she? | אזוי; איז זיא דאָס געוועזן? |

### Indeed? (אינדיי־ד׳), אזוי? טאַקי?

| | |
|---|---|
| Is anybody up stairs? | איז אימעצער אויבען? |
| It is we; are you coming up? | דאס זיינען מיר; קומט איהר הערויף? |
| Was it he in a black coat and white waist-coat? | איז דאָס געוועזן דער, וואָס אין שוואַרצען ראָק און ווייסער וועסט? |
| No, it was he (אָד. that man) in a white hat and trousers. | ניין, דאָס איז געוועזן דער, וואָס אין ווייסען הוט און ווייסע הויזען. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| It is I | דאס בין איך, איך בין עס | It is we | דאס זיינען מיר |
| It is you | דאס ביסט דוא | It is you | דאס זייט איהר |
| It is he | דאס איז ער | It is they | דאס זיינען זייא |

בייא דיא זעצע it is I, it is you או. אז. וו. מוז דאָס ווייטער־שטעהענדע האַנדלונגס־וואָרט אימער שטימען מיט דער פערזאָן און ניט מיט דעם וואָרט who, וועלכעס קומט געוועהנליך נאָך זייא; צ. ב.

| | |
|---|---|
| זייט איהר דאָס געווען, וואָס האט געשריבען דיזען בריף? האט איהר דאס געשריבען דעם בריף? | Was it you who have (ניט has) written this letter? |
| איך בין עס ניט געווען, וואָס האט עס צובראָכען. | It was not I, who have (ניט has) broken it. |
| ער איז דאס געווען, וואָס האט עס געטהאָן. | It was he who has done it. |
| איך בין עס, נאָך וועמען איהר האט געשיקט. | It is I whom you have sent for. |
| זייט איהר דאָס געווען, מיינע העררען, וואָס האָבען נאָך מיר געפרעגט? | Was it you, gentlemen, who have enquired after me? |
| וואָס מיינט איהר? | What do you mean? |
| מיינען, וועלען; געמיינט, געוואָלט. | To mean (מיין); meant (מענט), meant. |
| וואָס האט ער דערמיט געוואָלט זאָגען? | What did he mean to say by it? |
| איך וויל מיט איהם רעדען ערנסטליך וועגען דעם. | I mean to talk to him seriously about it. |
| ערנסט, ערנסטליך. | Serious (סיריאָס)—Seriously. |
| איהר פערשטעהט שלעכט מיין מיין. | You mistake my meaning. |
| רעכענט איהר דעם קומענדיגען זומער צו מאַכען א רייזע? | Do you intend making a journey next summer? |
| איך קען נאָך ניט זאָגען. ווען דער זומער ווערט ניט שעהנער אלס דער פריה־לינג איז געווען ביז אהער, וועט קיין סך רייזען ניט זיין (ד. ה. וועט ניט פיעל געררייזט ווערען). | I cannot tell yet. If the summer do not turn out finer than the spring has been hitherto, there will not be much travelling. |
| ווערען. | To turn out (טאָירן אוט). |

## Hitherto (הידהערטו'), ביז אהער.

| | |
|---|---|
| זומער איז ניט גראָדע דיא צייט, אין וועלכער איך האב ליעב אָם בעסטען צו רייזען; איך האב ליעבער דעם אָנ־פאנג הערבסט, ווען דאָס וועטער איז גינסטיג (גוט). | Summer is not exactly the season in which I like best to travel; I prefer the beginning of autumn, if the weather is favorable. |
| האָבען ליעבער, בעסער ליעבען. | *To prefer (פריפאָיר). |
| גינסטיג, גוט. | Favorable (פייוואָרעבל). |
| דער הערבסט. | The autumn (אָ־טאָם). |
| דער אָנפאנג, דער אָנהייב. | The beginning (ביגינינג). |

The last summer that I made an excursion—it was two years ago in the beginning of August—was so hot that I often wished I had stayed at home.

דעם לעצטען זומער, וואָס איך האָב געמאכט א לוסט־רייזע—דאס איז געווען צווייא יאהר צוריק אין אנפאנג אויגוסט—איז געווען אזוי הייס, דאס איך האָב געוואונשען, הלואי וואָלט איך געבליבען צו הויז.

The excursion (עקסקאָירשאָן). — א לוסט־רייזע, א לוסט־פאָהר.

| | | | |
|---|---|---|---|
| The spring (ספרינג) | דער פריהלינג | The autumn (אָ־טאָם) | דער הערבסט |
| The summer (סאָמ׳מער) | דער זומער | The winter (ווינ׳טער) | דער ווינטער |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The rain (ריין) | דער רעגען | The dust (דאָסט) | דער שטויב |
| The hail (הייל) | דער האָגעל | The cloud (קלאָוד) | דער וואָלקען |
| The snow (סנאָו) | דער שניי | The lightning (לאיט׳נינג) | דער בליץ |
| The wind (ווינד) | דער ווינט | The fog (פאָג) | דער טומאן, דער נעבעל |

The thunder (טהאָנ׳דער). — דער דונער.

The thunder-storm (טהאָנ׳דער-סטאָרם). — דאָס דונער־וועטער, דונער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| *To rain (ריין) | רעגנען | *To snow (סנאָו) | שנייען |
| *To hail (הייל) | האָגלען | *To lighten (לאיטן) | בליצען |

*To thunder (טהאָנ׳דער). — דונערן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| It rains | עס רעגענט | It snows | עס שנייט |
| It hails | עס האָגעלט | It lightens | עס בליצט |

It thunders. — עס דונערט.

The weather (וועד׳דהער). — דאָס וועטער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Rainy (רייני) | רעגענדיג | Warm (וואָרם) | וואַרם |
| Dusty (דאָס׳טי) | שטויביג | Wet (וועט) | נאַס |
| Cloudy (קלאָו׳די) | וואָלקענדיג | Dry (דראי) | טרוקען |
| Foggy (פאָג׳גי) | טומאַנ׳ע, נעבעלדיג | Close (קלאָוז) } Sultry (סאָל׳טרי) } | שטיקענד, שוויל, דושנע |
| Cold (קאָולד) | קאַלט | | |

The thaw (טהאָ־). — דאָס טהוי־וועטער, דיא אָדליגע.

*To thaw (טהאָ־). — צוגעהן, אבגעהן, ווערען אָן אָדליגע.

It thaws. — עס געהט אָב, עס ווערט אָן אָדליגע.

To freeze (פריי־ז); froze (פראָוז), frozen (פראָוזן). — פרירען; געפראָרען.

It freezes. — עס פרירט.

To blow (בלאָו); blew (בליו), blown (בלאָון) — בלאָזען; געבלאָזען.

It blows. — עס בלאָזט.

The open air. — דיא פרייע לופט.

| | |
|---|---|
| Open (אָופּן). | אָפען, אויף; פרייא. |
| Close (קלאָוז), closed (קלאָוזד), shut (שאַט). | געשלאָסען, צו. |
| *To open (אָופּן). | עפנען, אויפמאכען. |
| *To close.<br>To shut (שאַט); shut, shut. | שליסען, צומאכען; געשלאָסען, צוגעמאכט |
| To shut up.<br>*To lock (לאָק).<br>To lock up. | פערשליסען, איינשליסען. |
| *To pour (פּאור, פּאָור). | גיסען (פון רעגען). |
| It pours .אָד it is pouring. | עס גיסט. |
| The rain falls in torrents. | דער רעגען פאלט (גיסט) אין שטראָמען. |
| It rains cats and dogs. | עס גיסט שרעקליך. |

דער אויסדרוק it rains cats and dogs (עס רעגענט קעץ און הינט) ווערט ניט געברויכט אין ערנסטער שפּראַך.

| | |
|---|---|
| The wind is high. | דער ווינד איז הויך (שטארק). |
| It rains very hard (.אָד fast). | עס רעגענט זעהר שטארק. |
| It snows very hard (.אָד fast). | עס שנייט זעהר שטארק. |
| I was caught in the rain. | איך בין איבערפאלען געוואָרען פון רעגען. |
| I was caught in the thunder-storm. | איך בין געוואָרען איבערפאלען פון דונער. |
| The cold (קאָולד). | דיא קעלט. |
| I feel cold. | איך פיהל קאלט.<br>מיר איז קאלט. |
| I am cold. | מיר איז קאלט. |
| My feet are cold. | מיינע פיס זיינען קאלט.<br>מיר פרירען דיא פיס. |
| I have cold feet. | איך האב קאלטע פיס.<br>מיר פרירען דיא פיס. |
| My hands are cold. | מיינע הענד זיינען קאלט.<br>דיא הענד זיינען מיר קאלט. |
| I have cold hands. | איך האב קאלטע הענד.<br>מיינע הענד זיינען מיר קאלט. |
| Do you feel cold? | פיהלט איהר קאלט?<br>איז אייך קאלט? |
| Are you cold? | איז אייך קאלט? |
| The sun (סאָן) | די זון |
| The moon (מרן) | דיא לבנה, דער מאָנד |

דיא זון איז אין ענגליש מענליך און דיא לבנה איז ווייבליך; ווען מען רעדט פון דער זון זאָגט מען ער (he), פון דער לבנה—זיא (she), ניט it, וויא פון אַנדערע ניט־לעבעדיגע זאַכען.

| | |
|---|---|
| To shine (שאין); shone (שאָן), shone. | שיינען; געשיינט. |
| The sun shines by day and the moon shines by night. | דיא זון שיינט בייא טאָג און דיא לבנה שיינט בייא נאכט. |
| The sun shines right into my face. | דיא זון שיינט גלייך אין מיין געזיכט העריין. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| Sunshine (סאָנ׳שאין) | זונענ=שיין | Starlight (סטאר׳לאיט) | שטערנ=ליכט |
| Moon-shine (מרנ׳=שאין) | לבנה=שיין | Sun-rise (סאָנ׳רייז) | זונענ=אויפגאַנג |
| Moon-light (מונ׳=לאיט) | לבנה=שיין | Sun-set (סאָנ׳סעט) | זונענ=אונטערגאַנג |

| | |
|---|---|
| A moon-light night, | א נאַכט בעלויכטען פון דער לבנה, א לבנה=נאַכט. |
| A starlight night. | אַן אויסגעשטערנטע נאַכט, א שטערנ=נאַכט. |
| Heaven (העװן).<br>The sky (סקאי). | דער הימעל. |

Heaven ווערט געברויכט אָהן דעם ווערטעל the פאַר זיך.

| | |
|---|---|
| Sky-blue (סקאי׳=בליו). | הימעל=בלוי. |
| The sky is quite overcast. | דער הימעל איז גאַנץ בעדעקט. |
| Overcast (אָו=ווערקאָסט). | בעדעקט, איבערצויגען. |
| The stars are out. | דיא שטערן זיינען הערויס (ד. ה. זייא שיינען). |
| To awake (אָווייק); awoke (אָוואָוק), awoke.<br>*To awake. | אויפוואַכען; אויפגעוואַכט. |
| To order (אָר׳דער). | בעשטעלען, געבען אַן אויפטראַג. |
| *To extend (עקסטענד). | אויסדעהנען, אויסברייטען, פערגרעסערן. |
| *To stay (סטיי). To make a stay. | זיך אויפהאַלטען (אין אַן אָרט). |
| *To depend (דיפענד). | אָבהענגען, זיך ווענדען. |
| To depend on אָד. upon. | אבהענגען פון—, זיך ווענדען אַן—. |
| It depends upon circumstances. | עס הענגט אָב פון אומשטענדען. |
| Circumstance (סאָירקאָמסטאָנס) | אַן אומשטאַנד, א לאַגע. |
| *To continue (קאָנטי׳ניו).<br>To keep; kept, kept. | אָנהאַלטען, דויערן, פאָרטזעצען, געהן ווייטער. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The East (אירסט) | מזרח=זייט, אָסט | The North (נאָרטה) | צפון=זייט, נאָרד |
| The West (וועסט) | מערב=זייט, וועסט | The South (סאוטה) | דרום=זייט, זיד |

| | |
|---|---|
| Eeast. | עסטליך, צו מזרח=זייט. |
| West. | וועסטליך, צו מערב=זייט. |
| North. | נערדליך, צו צפון=זייט. |
| South. | זידליך, צו דרום=זייט. |
| Eastern (אירס׳טערן). | עסטליך, מזרח=זייטיג. |
| Western (וועס׳טערן). | וועסטליך, מערב=זייטיג. |
| Northern (נאָר׳דהערן). | נערדליך, צפון=זייטיג. |
| Southern (סאָו׳דהערן). | זידליך, דרום=זייטיג. |

| | |
|---|---|
| From the North. | פון צפון-זייט, פון נאָרד. |
| Towards the East. | געגען מזרח-זייט, געגען אָסט. |

**Towards** (טאָו'אָרדז), געגען.

| | |
|---|---|
| Towards the South. | געגען דרום-זייט, געגען זיד. |
| Towards the West. | געגען מערב-זייט, געגען וועסט |
| *To button (באָטטן). | צוקנעפּלען, צושפּיליען. |
| To button up to the top. | צוקנעפּלען ביז אויבען הערויף. |

## 193. צום איבערזעצען.

האט איהר געשריבען דיזע רעכנונגען?—ניין, ניט איך האָב דאָס (=ניט איך
בין עס געוועזן).—איז דאס געוועזן דיזער מאַן, וועלכער האט בעצאהלט דאס געלד?—יע,
דאס איז ער געוועזן.—ווער איז הערייגעקומען אין מיין שלאָף-צימער אזוי שפּעט פאָריגע
נאכט?—דאס בין איך געוועזן.—ווער איז עס געוועזן, וואס (that) האט געקלאַפּט אין
טהיר אזוי שטארק (=הויך, loud) פאָריגע נאכט?—דאָס איז געוועזן יצחק.—זייט איה
עס ניט געוועזן?—ניין, איך בין שוין געוועזן אין בעט אום א פערטעל צו עלף.—איך האָב
גערופען, איהר זייט עס געוועזן.—ווער איז אויבען?—דאס בין איך, אברהם; איך זוך
מיין הוט.—זייט איהר ניט דער הערר, וועלכער איז געשטאַנען נעבען מיר אויפ'ן קאָנ
צערט פאָריגע נאכט?—יע, דאס בין איך געוועזן.—זייט איהר דער סטאָליער, נאָך וועמ
מען איך האָב געשיקט?—יע, איך בין דאָס.—זייט איהר דער הערר, וועלכען מיין פריינ
אין פּאריז האט מיר רעקאָמענדירט?—ניין, עס איז דיזער יונגער הערר, וועלכער האט
איך נעכטען געבראכט דעם בריף.—זיינען דיזע דיא לייטע, וועלכע האבען געבראכ
דעם וויין?—ניין, דאס זיינען ניט זייא, וועלכע האבען געבראכט דעם וויין; זייא זיינע
געקומען נאָך (for) דיא צוואנציג שטיקער טוך, וועלכע הערר גאָרדאָן האט געקויפ
היינט אין דער פריה.—נוא, ווער האט אַלזאָ געבראכט דעם וויין? (אַלזאָ, then, צו
לעצט)—יענע זיינען דיא (they), וועלכע האבען געבראכט דעם וויין.—איז דיזע דיא פרוי
וואס האט געשטריקט (knit) דיא זאָקען?—ניין, דיזע איז ניט דיא (she); זיא איז געקו
מען צו בריינגען דיא לייוואנד פיר דיא העמדער.—ווער איז יענער מאַן אין ווייסען הוט
—איך ווייס ניט; איך קען איהם ניט.

## 194. צום איבערזעצען

גערהט איהר אין פּאריז יעדעס יאהר?—איך מאַך א קורצע לוסט-רייזע יעדען
זומער; און ווען איך האב צייט גענוג פערגרעסער איך געוועהנליך מיין רייזע ביז פּאַ-
ריז.—אום (in) זומער געפינט מען זעלטען אַלע פריינדע צו הויז.—ווינטער זייט איהר
אימער צו הויז, רעכען איך.—איך מאַך א יאהר אום א יאהר א רייזע נאָך
ענגלאַנד, און דאס איז אימער אום ווינטער.—איך פאהר אוועג (I leave) אין אָנפאַנג
דעצעמבער און פערבלייב אין לאָנדאָן יאַנואר ביז דעם מיטען (middle) פעברואר.—זייט
איהר דאָרטען געוועזן פאָריגען ווינטער?—יע, איך בין דאָרטען געוועזן לעצטען ווינטער.—
אַלזאָ גערהט איהר נעכסטען ווינטער?—איך האָף אזוי.—איך האָף דאס וועכער וועט

זיין בעסער אלס עס איז געוועזן פֿאריגען ווינטער.—איז עס געוועזן אזוי שלעכט?—מיר האבען נאר געהאט רעגען, ווינד און שניי, פאסט דיא גאנצע צייט.—ווינטער איז, געוויס, דיא ערנסטע יאהרעס צייט (season) צו געהן נאך ענגלאנד.—אזוי איז עס.—איך רייז געוועהנליך נאך לאנדאן אין פריהלינג און הערבסט וועגען (for) מיינע געשעפֿטען. —בלייבט איהר לאנג אין פאריז?—עס הענגט אב פון אומשטענדע, לעצטען זומער האב איך ניט געקענט בלייבען לענגער אלס פערצעהן טאג.—האט איהר בעשטעלט א נייעם ראק פיר קומענדיגען (coming) ווינטער?—ניין, איך האב נאך ניט בעשטעלט, אבער איך וועל בעשטעלען נעכסטע וואך.—ערווארטעט מען א קאלטען ווינטער?—מען ער־ווארטעט זעהר א קאלטען ווינטער.

## 195. צום איבערזעצען.

קענט איהר מיר לייהען אייער רעגענשירם פיר א האלבע שטונדע?—געוויס; אבער מיין מאן האט גענומען דעם זיידענעם, אלזא (so) קען איך אייך נאר געבען דעם באַ־וועלנעם.—וואסערער עס איז (any) וועט זיין גוט (will do) אין אזא שרעקליכען רעגען. זעהט, וויא עס גיסט.—איך האב ניט גערעכענט (=גערענקט) עס וועט (=וואלט) רעגענען אזוי גיך (soon), ווען איך האב פערלאזען דאס הויז.—עס איז א דונער־וועטער און וועט ניט אנהאלטען לאנג.—האט עס גערעגענט, ווען איהר זייט געקומען אין (to) שטאדט היינט אין דער פריה?—עס האט ניט גערעגענט, אבער עס האט געשנייט און געהאגעלט, און דער ווינד האט געבלאזען אזוי שטארק (hard), דאס איך האב קוים געקענט האלטען מיין רעגענשירם.—דענקט איהר מיר וועלען האבען א דונער־וועטער? —איך דענק אזוי, ווייל עס איז זעהר שטיקענד.—רעגען וואלט זיין זעהר גוט יעצט; דיא וועגען זיינען אזוי שטויביג.—מען קען ניט עפענען קיין (=א) פענסטער, עס איז אזוי ווינדיג און שטויביג.—איז עס קאלט אין דרויסען?—ניין, אומגעקעהרט (on the contrary), עס איז ווארם.—איך דענק אויך, עס איזווארמער אלס עס איז געוועזן נעכטען; דיא קעלט האט געדויערט לאנג גענוג.—זיינען אייערע פיס קאלט?—מיינע פיס און מיינע הענד זיינען קאלט.—זייט איהר נאס?—איך בין גאנץ נאס; איך מוז אויסטהאן (=הע־ראבציהען, pull off) מיינע שטיפעל.—זיינען אייערע זאקען נאס?—יע, מיינע זאקען זיינען אויך נאס.—איך דארף אנטהאן א פאאר טרוקענע זאקען.—זייט איהר געווארען נאס, קומענדיג פון מארק היינט אין דער פריה?—ניין, איך בין געוועזן גאנץ טרוקען, ווען איך בין געקומען.

## 196. צום איבערזעצען.

דענקט איהר עס וועט באלד רעגענען?—איך דענק אזוי; דער הימעל איז גאנץ בעדעקט.—האט עס געפֿראָרען פֿאריגע נאכט?—עס האט געפֿרארען, אבער ניט שטארק (hard).—דענקט איהר עס וועט פרירען היינט ביינאכט?—עס זעהט אויס זעהר מעג־ליך (likely), עס איז א געשטערנטע נאכט.—איז עס ווינדיג אין דרויסען?—דער ווינד איז זעהר שטארק.—שיינט דיא לבנה?—דיא לבנה וועט ניט אויפגעהן ביז מיטען נאכט (midnight).—איז עס פינסטער אין דיא גאסען?—עס איז ניט פינסטער; אומגעקעהרט, עס איז גאנץ ליכטיג; דיא לבנה שיינט.—האט איהר געזעהן דאס בליץ יעצט עבען?—

איך האב איהם געזעהן; עס האט געבליצט דעם גאַנצען אָבענד.—זאָל איך עפענען דאס פענסטער?—יע, עפענט דאס פענסטער, דיא לופט איז זעהר אנגענעהם נאָכ'ן דונער.—ווען איהר עפענט דאָס פענסטער, מוזט איהר צומאַכען דיא טהיר.—מאַכט צו דאס פענסטער יעצט, עס ווערט קאַלט.—שפּיליעט צו אייער ראָק, עס איז זעהר קאַלט; שפּיליעט אייך צו ביז אויבען.—האט איהר פערשלאָסען דיא ביכער, וועלכע מיין פריינד האט אייך געגעבען?—מיין פאָטער האט זייא פערשלאָסען.—ווען געהט יעצט דיא זון אויף?—דיא זון געהט אויף אום דרייא מינוטען און אַ האַלב נאָך דרייא.—און ווען איז זונען-אונטערגאַנג?—איך וויים ניט.—וויא ווייסט איהר אַלזאָ, ווען דיא זון געהט אויף?—וויל איך שטעה אויף אַ שטונדע נאָך זונען-אויפגאַנג.—וועקט מען אייך (=ווערט איהר געוועקט)?—ניין, איך וואַך געוועהנליך אויף אום פיער אַ זייגער אין דער פריה, און איינינע מינוטען נאָך דעם, וויא איך ערוואַך, געה איך הערויס פון בעט.—וויא איז דער ווינד?—דער ווינד איז וועסטליך (דער ווינד קומט פון וועסט-זייט); פיר דיא לעצטע דרייא טעג האבען מיר געהאַט דעם ווינד פון אַלע זייטען, פון מזרח-זייט, מערב-זייט, צפון-זייט און דרום-זייט; אבער יעצט בלאָזט עס אַזוי שטאַרק פון מערב-זייט, דאס מיר זיינען זיכער מיר וועלען האבען (=מיר זיינען זיכער צו האבען) רעגען.

---

# 63rd Lesson.—63סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| To have something done אָד. made.<br>To get something done אָד. made. | עטוואָס לאָזען מאַכען. |
| I am having a coat made. | איך לאָז מיר מאַכען אַ ראָק. |
| Where have you had this bonnet made? | וואו האט איהר געלאָזען מאַכען דיזען דאַמען-הוט? |
| Will not you have the boy's hair cut? | וועט איהר ניט לאָזען שניידען דעם יונגעל דאָס האָאָר? |
| I should have it cut, if it were not cold. | איך וואָלט עס געלאָזען שניידען, ווען עס וואָלט ניט זיין אַזוי קאַלט. |
| Why do not you have your coat brushed? | ווארום לאָזט איהר אייך ניט אבפּוצען (אויסבערשטען) דעם ראָק? |
| I shall have my coat brushed, when I get down-stairs. | איך וועל מיר לאָזען אָבפּוצען דעם ראָק, ווען איך קום הערונטער. |

To have און to get ווערען געברויכט אין דער בעדייטונג פון לאָזען, און דאַן מוז דאס פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט פון דעם וויטערדיגען האַנדלונגסוואָרט קומען נאָך דער זאַך, אויף וועלכע דאס לאָזען בעציהט זיך; צ. ב. איך האָב געלאָזען מאַכען אַ ראָק—I had a coat made, ניט: I had made a coat; איך וועל עס לאָזען אָבפּוצען—I shall have it brushed, ניט: I shall have brushed it; I had made a coat מיינט: איך האָב געמאַכט אַ ראָק, און I shall have brushed it—איך וועל עס האָבען אָבגעפּוצט. דער לערנער זאָל גוט מערקען און הערייננעהמען אין קאָפּ דעם אונטערשייד

נוויסען דיא ערשטע און דיא אנדערע זעצע. (וועגען דעם פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט זעה 25סטע לעקציאָן.)

| | |
|---|---|
| Get (.אָד have) these books bound. | לאָזט בינדען דיזע ביכער. |
| Get me these shirts washed. | לאָזט מיר וואשען דיזע העמדער. |
| He ought to have (.אָד get) that dog shot. | ער האט געדארפט לאָזען שיסען דעם הונד. |
| Get me something prepared for supper. | לאָזט מיר עפּעס צוברייטען צום אבענד-עסען. |
| How do your sisters get (.אָד how have your sisters) their dresses made? / How are your sisters having their dresses made? | וויא לאָזען אייערע שוועסטערס מאכען זייערע קליידער? |
| Why does he not get (.אָד have) the man arrested? | וואָרום לאָזט ער ניט דעם מאן ארעטירען? |
| *To arrest (אררעסט). | ארעטירען, פערהאפטען. |
| *To get (געט); got (גאָט), got. | אויסווירקען; אויסגעווירקט. |
| My brother got him to do it. | מיין ברודער האט בייא איהם אויסגעווירקט, ער זאָל עס טהאָן. |
| Do you think, you can get him to show you the letters? | דענקט איהר, איהר קענט בייא איהם אויס-ווירקען, ער זאָל אייך ווייזען דיא בריף? |
| I got him to read me the letter. | איך האב בייא איהם אויסגעווירקט, ער זאָל מיר לעזען דעם בריף. |
| To shoot (שרט); shot (שאָט), shot. | שיסען, ערשיסען; געשאָסען, ערשאָסען. |
| *To fire (פאיר). | שיסען. |
| To shoot at—. / To fire at—. | שיסען אויף—. |
| To hit (היט); hit, hit. | טרעפען. |
| Let me shoot at the bird. | לאָזט מיך שיסען אויפ'ן פויגעל. |
| To have a shot. | געבען א שאָס. |
| Let me have a shot at that bird. | לאָזט מיך געבען א שאָס אויף יענעם פויגעל. |
| The shot (שאָט). | דער שאָס. |
| The bird (באירד). | דער פויגעל. |
| The report of a gun. | דער קנאַל פון א פלינט. |
| The gun (גאַן) דיא פלינט | The report (ריפּאָורט) דער קנאַל |
| How many times have you fired (.אָד shot)? | וויא פיעלע מאָל האָט איהר געשאָסען? |
| Whose turn is it now to shoot? / Whose turn to shoot is it now? | וועמע'ס רייהע (קאָלייע) איז יעצט צו שיסען? |
| It is my turn, your turn. | עס איז מיין רייהע, דיין רייהע. |

| | |
|---|---|
| Is it not now my brother's turn? | איז עס יעצט ניט מיין ברודער'ס רייהע? |
| No, it is yours. | ניין, עס איז דיינע. |
| Do not answer till your turn comes. | ענטפער ניט, ביז עס קומט דיין רייהע. |
| The turn (טאָירן). | דיא רייהע, דיא קאָלייע. |
| Each in his turn. | יעדער נאָך זיין רייהע. |
| When will your turn be? | ווען וועט זיין אייער רייהע? |
| When does your turn come? | ווען קומט אייער רייהע? |
| My turn will come, too. | מיין רייהע וועט אויך קומען. |
| He was going to shoot him. | ער האט איהם געוואָלט שיסען. |
| Who shot last? | ווער האט געשאָסען צולעצט? |
| The beer (ביר) | דאָס ביער |
| The cork (קאָרק) | דיא קאָרקע |
| The stopper (סטאָפּפּער) | דיא שטאָפּקע |
| The picture (פּיקטשור) | דאָס בילד |
| *To bottle (באָטטל). | פילען אין פלאשען. |
| *To cork (קאָרק). | פערקאָרקעווען. |
| To stop up. | פערשטאָפּען, צושטאָפּען. |
| *To boil (באָיל) | קאָכען, זידען |
| To roast (ראָוסט) | בראָטען |
| Boiling water. | קאָכעדיגעס וואסער. |
| Roast meat. | געבראָטענעס פלייש. |

ווען roast ווערט געזעצט פאר פלייש=שפייזען, ווערט עס געברויכט אהן ed צו בעצייכע=נען געבראָטענע: roast beef, געבראָטענעס רינד=פלייש; a roast leg of mutton, א געבראָטענע שעפּסענע פאָלקע. ביי אנדערע שפייזען קען מען שוין זאָגען וויא מען וויל— roast אָד. roasted; צ. ב. roast potatoes אָד. roasted potatoes, געבראָטענע קאַרטאָפּעל.

| | |
|---|---|
| *To bake (בייק) | באַקען |
| *To fry (פראַי) | פרעגלען, בראָטען |
| The fish (פיש). | דער פיש, דיא פיש. |

דאָס וואָרט fish האָט ניט אין מעהרצאָהל קיין אנדערע פאָרם, אויסער ווען עס האַנדעלט זיך פון אַ בעשטימטער צאָהל פיש.

| | |
|---|---|
| Fried fish. | געבראָטענע פיש. |
| Have you caught many fish? | האט איהר געכאפּט פיעלע פיש? |
| I have been fishing the whole afternoon and caught only these four little fish (אָד. fishes). | איך האב געפישט דעם גאנצען פאָרמיט=טאָג און האב געכאפּט נאָר דיזע פיער קליינע פיש. |
| *To fish (פיש). | פישען, כאפּען פיש |
| Shall I get the potatoes fried or baked? | זאָל איך לאָזען דיא קארטאָפּעל בראָטען אָדער באַקען? |
| To burst (בּאָירסט); burst, burst. | פלאצען, צושפּרינגען; געפלאצט, צושפּרונגען. |
| To burst open. | אויפשפּרענגען, מאכען אָפען מיט גוואַלד. |

| | |
|---|---|
| Get the door burst open. | לאָזט אויפשפרענגען (אויפברעכען) דיא טהיר. |
| *To mend (מענד) | אויסבעסערן, פערריכטען |
| *To repair (ריפּע־ר) | פערריכטען |
| *To cover (קאָווער) | בעדעקען |
| *To darn (דארן) | פערצירעווען (זאָקען) |
| The cover (קאָווער). | דיא דעקע. |
| The carpet (קאר־פעט). | דער דיוואן, דער טעפּיך. |

דיא מעהרסטע זאַכווערטער קענען אין ענגליש פערוואַנדעלט ווערען אין הענדלונגסווער־טער, ווען מען שטעלט פאַר זייא דאָס ווערטעל to; צ. ב.

| | |
|---|---|
| Water (וואָ־טער)—*to water. | וואסער—וועסערן, בעגיסען. |
| Sleep (סליפּ)—to sleep (slept). | דער שלאָף—שלאָפען. |
| Dream (דרים)—*to dream. | א טרוים—טרוימען, חלומען. |
| Pocket— (פּאָק־קעט)—*to pocket. | א טאש—הערייגלעגען אין טאש. |
| Watch (וואָטש)—*to watch. | א וואך—וואכען, אבהיטען. |
| Cover (קאָ־ווער)—*to cover. | א דעקע—בעדעקען. |
| Shelter (שעל־טער)—*to shelter. | א שוץ—שיצען. |
| Frame (פריים)—*to frame. | א ראם—איינפאסען אין א ראם. |
| Trouble (טראָבל)—*to trouble. | מיהע—בעמיהען. |
| To give trouble. | מאכען מיה, געבען מיה. |
| To take trouble (אָד. pains). | זיך נעהמען (אָד. געבען) מיה. |
| Take the trouble to look for it and you will find it. | נעהמט אייך דיא מיה עס צו זוכען און איהר וועט עס געפינען. |
| *To apprehend (אַפּפּריהענד). | ארעטירען, פערהאפטען. |
| The arrest. | דער ארעסט, דער פערהאפט. |
| *To prevent (פּריווענט). | הינדערן, שטערן, פערהיטען. |

נאָך prevent קומט דאָס הענדלונגסוואָרט אימער אין דער פאָרם פון דעם געגענוואַרטי־גען מיטעלוואָרט, וואָס ענדיגט זיך מיט ing; צ. ב. to prevent from doing, פערהיטען פון טהאָן.

| | |
|---|---|
| To gather (גאָ־דהער). | זאמלען, קלייבען, איינזאמלען. |
| To gather streugth. | זאמלען קרעפטע. |
| The strength (סטרענגטה). | דיא קראפט, דער כח; דיא שטארקקייט. |
| Will you try the strength of this linen? It is very strong. | ווילט איהר פּרובירען דיא שטארקקייט פון דיזע לייווענד? זיא איז זעהר שטארק |

**By (באי), near (ני־ר), ביי, נעבען.**

| | |
|---|---|
| Sit by אָד. near me. | זעצט אייך נעבען מיך. |
| To sit (סיט); sat (סאָט), sat. | זיצען; געזעסען. |
| To sit down. | זיך זעצען, זיך אוועקזעצען. |
| He sat by (אָד. near) the fire. | ער איז געזעסען ביי'ן פייער. |

| | |
|---|---|
| שטעהט ניט ביי'ן פענסטער דעם גאַנצען טאָג. | Do not stand by (.אָד near) the window all day. |
| לעגט דאָס נעבען מיינע אַנדערע זאַכען. | Put this by (.אָד near) my other things. |
| האָט איהר אַוועגגעלעגט דאָס בוך? | Have you put the book by? |
| אַוועגלעגען, לעגען אָהן אַ זייט. | To put by. |
| דער פליישער, דער קצב. | The butcher (בוטשער). |
| שלאַכטען, קיילען. | *To kill (קיל). |
| דער קצב קיילעט אַן אָקס. | The butcher is killing an ox. |
| דאָס אורטהייל, דער משפט. | The judgment (דזשאַדזשמענט). / The sentence (סענטענס). |

דזשאַדזשמענט ווערט געוועהנליך געשריבען אָהן אַן e נאָכ'ן g (judgment), אָבער מען קען עס אויך שרייבען מיט אַן e נאָכ'ן g (judge'ment).

| | |
|---|---|
| אויסשפּרעכען; הערויסגעבען. | Pronounce (פּראָנאַונס). |
| לאָזען דורכגעהן; הערויסלאָזען. | *To pass (פּאַס). |
| הערויסגעבען אַ משפט, אויסשפּרעכען אַן אורטהייל. | To pronounce judgment. / To pass judgment (.אָד sentence). |
| דיא מיינונג. | The opinion (אָפּיניאָן). |
| וואָס איז אייער מיינונג וועגען דעם? | What is your opinion about it? |
| איך קען ניט געבען מיין מיינונג. | I cannot give my opinion. |
| מיטעלמעסיג. | Middling (מידלינג). |
| פליהען; געפלויגען. | *To fly (פלאַי); flew (פליו), flown (פלאָן) |
| פערצייהונג, פערגעבונג. | Pardon (פּאַרדן), forgiveness (פאָרגיווניעס). |
| בעטען אום פערצייהונג, דאָס—. | To beg (.אָד ask) pardon for—. |
| ער מוז צוערשט בעטען אום מיין פערצייהונג. / ער מוז צוערשט מיך בעטען אום פערצייהונג. | He must first beg my pardon. |
| וועמע'ס פערצייהונג דאַרף איך בעטען? / וועמען דאַרף איך בעטען אום פערצייהונג? | Whose pardon must I ask? |
| איך בעט קיינעמ'ס פערצייהונג. / איך בעט קיינעם אום פערצייהונג. | I beg nobody's pardon. |
| זיא האָט געבעטען מיין מוטער'ס פערצייהונג. / זיא האָט געבעטען מייז מוטער אום פערצייהונג. | Rhe has begged my mother's pardon. |
| איך בעט אייער פערצייהונג (אָד. איך בעט אייך אום פערצייהונג), דאָס איך האָב אַזוי געזאָגט. | I beg your pardon for having said so (.אָד for saying so). |

The remainder (רימיינ׳דער). דער רעסט, דאס איבעריגע.
*To piece (פּי־ס). אָנשטוקעווען.

## 197. צום איבערזעצען.

האט איהר געלאָזען קאָפּירען דיא בריף?—דיא צווייא פראנצויזישע בריף האָ.. איך אליין געקאָפּירט, דיא אַנדערע האב איך געלאָזען קאָפּירען.—וועט איהר לאָזען ברייננ׳ען דיא פערד יעצט?—איך וועל צוערשט לאָזען בריינגען מיין פריהשטיק.—מאכט איהר אליין אייער פריהשטיק?—ניין, איך וויל ניט נעהמען דיא מיה; איך לאָז דיא קעכין מאכען מיין פ־יהשטיק.—האט איהר געלאָזען מאכען דיזע קארעט׳ע היער?—מיין מאן האט זיא געלאָז׳ען קויפען אין וויען (Vienna).—זאָל איך לאָזען דאָס רינד־פלייש קאָכען אדער בראָטען?—לאָזט אַיין העלפט דערפון קאָכען, דאס איבעריגע קענט איהר מאָרגען לאָזען בראָטען.—לאָזט איהר אייער זיידענעם קלייד מאכען מיט לאנגע ארבעל?—איך וויס נאָך ניט. אויב איך וועל עס לאָזען מאכען מיט לאנגע ארבעל אדער קורצע; אבער איך דענק מיט׳ לאנגע, ווייל לאנגע קען מען אימער לאָזען מאכען קירצער, אבער קורצע קען מען ניט לאָזען מאכען לענגער.—אַיי, איהר קענט זייא לאָזען אָנשטוקעווען.—האט איהר פערצי־דעוועט אייערע זאָקען?—איך האב זייא געלאָזען מאריע׳ן פעררייכטען פיר מיך: איך בי׳ן געוועזן אין גרויסע איילענעס.—איהר זאָלט ניט לאָזען פעררייכטען אייערע זאָקען, איהר זאָלט פעררייכטען אַליין.—וואו קען איך לאָזען פעררייכטען מיין אוהר?—איך קען אייך רעקאָמענדירען מיין אוהר־מאכער; ער איז זעהר א געשיקטער (clever) מאן און ניט טהייער.—וועט איהר פיר מיך לאָזען קאָכען עטוואָס וואסער?—איך לאָז יעצט עבע׳ן עטוואָס הייס מאכען.—איהר האט געדארפט לאָזען דאס ביער פילען אין פלאשען.—דארף איך עס זאָגלייך לאָזען קאָרקעווען?—ניין, איהר דארפט עס לאָזען שטעהן א ווײלע, זאָנסט וועלען דיא פלאשען פּלאצען.—זאָל איך יעצט שיסען?—ניין, עס איז נאָך ניט אייער רייהע; איהר האט יעצט עבען געשאָסען. אייער רייהע וועט קומען.—וועט עס ניט זיין עדוואָרד׳ס רייהע מאָרגען?—יע, זיין רייהע איז א טאָג אום א טאָג.—יעצט קומט מיין רייהע.—צו שיסען אדער צו ווער׳ען געשאָסען?—צו שיסען.—אויף וואָס וועט איהר שיסען?—זייט פאָרזיכטיג, זאָנסט וועל איך שיסען אויף אייך.—שיסט אויף דעם פויגעל אויף דעם בוים.—וועלכער פון אייך שיסט אם בעסטען?—מיר שיסען אלע גלייך (alike), איינער שיסט אזוי גוט, וויא דער אַנדערער.—וואָלט איהר געקענט טרעפען א פויגעל אין פליהען (flying)?—איך קען ניט זאָגען, איך האב קיינמאָל געפּרובירט.—האָב איך ניט געשאָסען אם ווייטסטען?—ניין, הענריך (=הענריך האט).

## 198. צום איבערזעצען.

איז דער אלטער הונד געשאָסען געוואָרען?—מיין ברודער האט געוואָלט (was going) איהם לאָזען שיסען, אבער מיין שוועסטער האט געבעטען בייא (of) איהם עס ניט צו טהאָן.—האט אימעצער געטרונקען מיין ביער?—איך האב עס געטרונקען, איך בין געוועזן זעהר דורשטיג.—וואָרום האט איהר ניט פערקאָרקעוועט דיא פלאש בעסער? דאס ביר וועט ווערען (turn) זויער.—איך וועל אכטונג געבען עס זאָל נ י ט (I will take care it does not).—וויא קענט איהר עס פערהיטען?—איך וועל עס פערהיטען מיט דעם וואָס איך וועל

אויסטרינקען (by drinking it) אָיידער עס ווערט זויער.—וואָס פיר א סאָרט פלייש האט אייך היינט דער פליישער (קצב) געגעבען?—ער האט מיר געגעבען שעָפסענ=פלייש און קאָלב=פלייש.—ווערט איהר ניט לאָזען אייער בילד איינפאַסען (איינראַמען)?—מיין פאָטער וועט עס לאָזען איינפאַסען פיר מיך.—וויא וועט ער עס לאָזען איינראַמען?—ער וועט לאָזען מאַכען א שווארצען האָלצערנעם ראַם דערפיר (for it).—וואו האט אייער ברודער געכאַפּט דיזען שעהנעם פויגעל?—ער האט איהם געכאַפּט אין זיין צימער; ער איז געקומען הערייַנפליהענדיג (flying in) דורך דאס פענסטער.—האט איהר דאס פלייש געקאָכט אדער געבראָטען?—איך האב עס ניט געקאָכט ניט געבראָטען.—וואס האט איהר געטהאן דערמיט?—איך האב עס געלאָזען בראָטען דורך דיא קעכין.—וואָס וועלען מיר היינט האבען צום מיטטאָג?—איך האב בעשטעלט, ערשטענס, עטוואָס געקאָכ=טעס פלייש, צווייטענס, עטוואָס געבראָטענעס קאָלב=פלייש (veal).—מעהר גאָרנישט? (nothing else?)—וואָס קומט דריטענס?—דריטענס, וועלען מיר מאָרגען האבען געבראָ=טענע פיש.—וואָס פיר א סאָרט פיש?—געפּרעגעלטע.—וועלען ניט זיין קיין קארטאָפעל?—אָ, יע; היינט זיינען דאָ געקאָכטע, מאָרגען געפּרעגעלטע און איבערמאָרגען געבאַקטע.—יאָהאַן, איך קען ניט עפענען דיא טהיר.—איז זיא פערשלאָסען?—ניין, זיא איז ניט פערשלאָסען.—דאַן מוזען מיר זיא לאָזען אויפברעכען.

## 199. צום איבערזעצען.

זיינען ניט דיזע זאָקען גוט פערצירעוועט, מוטער?—דיא זאָקען זיינען זעהר גוט פערצירעוועט.—איז דאס ניט גוט פעררעכט?—עס איז מיטעלמעסיג.—ווער האט גע=אַרבייטעט דיזע דעקע?—מיין עלטעסטע טאָכטער האט זיא געאַרבייטעט.—פיר וויא פיעלע האט איהר געלאָזען דעקען דעם טיש?—פיר אזוי פיעלע, וויא איהר האט איינגעלאַדען.—ווערט איהר נעהמען דיא מיה צו עפענען דיזע פלאַש?—מיט דעם גרעסטען פערגניגען.—וואס מאכט (וויא בעפינדעט זיך) אייער מוטער? איז זיא ווידער געזונד?—איך דאַנק אייך, זיא איז ווידער געזונד. זיא זאַמעלט קרעפטע זעהר שנעל.—האט איהר געפּרובירט דיא שטאַרקייט פון דיזען וויין?—איך האָב עס שוין געפּרובירט מעהר אלס אָיין מאָל.—ווערט איהר זיצען לעבען מיין פאָטער, פריילין?—געוויס, מיין העררר; נעכטען זייט איהר געזעסען לעבען מיין פאָטער און היינט וועל איך זיצען לעבען אייערן.—וואָס איז אייער מיינונג איבער דיזע געזעלשאַפט?—איך געפין, דאס דיזע געזעלשאַפט איז זעהר אַנגענעהם.—וואָס דענקט איהר וועגען דעם הערן, וועלכען איך האב אייך נעכטען רע=קאָמענדירט?—איך קען ניט געבען קיין מיינונג איבער איהם.

---

## 64th Lesson.—64סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| If you should happen to see your cousin William to-day. | ווען איהר זאָלט היינט צופעליג זעהן אייער שוועסטערקינד ווילליאַמז. |
| I am not likely to meet him to-day by chance; I know he is very busy at home. | עס איז ניט מעגליך, דאס איך זאָל איהם היינט צופעליג בעגעגנען; איך ווייס ער איז זעהר בעשעפטיגט צו הויז. |

| | |
|---|---|
| If your friend Porter should chance not to be at home. | ווען אייער פריינד פּארטער זאל היינט צופעליג ניט זיין צו הויז. |
| My wife chanced to see him. | מיין פרוי האט איהם צופעליג געזעהן. |
| *To happen(האַפּפּן). *To chance(טשאַנס). | טרעפען, געשעהן, פּאסירען. |
| That happened on a Tuesday. | דאס האט געטראָפען א דיענסטאָג. |
| I know what will happen. | איך וויים, וואָס עס וועט פּאסירען. |
| Who knows what may happen. | ווער וויים, וואָס עס קען געשעהן. |
| He chanced to mention his name. | ער האט צופעליג ערמאָהנט זיין נאָמען. |
| I happened to have no money about me. | איך האב צופעליג ניט געהאט קיין געלד בייא מיר. |
| If ever I chance to meet him. | ווען איך טרעף איהם א מאָל צופעליג. |
| His father chanced (אָד. happened) to come into the room, when he opened the letter. | זיין פאָטער איז צופעליג העריינגעקומען אין צימער, אלס ער האט געעפענט דעם בריף. |
| I chanced to see him at my uncle's. | איך האב איהם צופעליג געזעהן בייא מיין פעטער. |

וויא עס איז צו זעהן פון דיא געגעבענע ביישפּיעלען קומען דיא האנדלונגסווערטער to chance און to happen פאר אנדערע האנדלונגסווערטער צו בעצייכנען צ ו פ ע ל י ג ק י י ט.

| | |
|---|---|
| The chance (טשאַנס). | דער צופאל, דאס גליק, דיא מעגליכקייט. |
| It was a mere chance. | עס איז געוועזן א בלויזער צופאל. |
| Mere (מי־ר)—merely. | בלויז. |
| The mere thought. | דער בלויזער געדאנק. |
| The thought (טהאָ־ט). | דער געדאנק. |
| It was merely a suspicion. | עס איז געוועזן בלויז א פערדאכט. |
| The suspicion (סאָספּי־שאָן). | דער פערדאכט, דער חשד. |
| I will take my chance. | איך וויל מיך פערלאָזען אויף גליק. |
| There is no chance of your getting your money. | עס איז ניט דאָ קיין מעגליכקייט, דאָס איהר זאָלט בעקומען אייער געלד. |
| There are many chances of your succeeding. | עס זיינען דאָ פיעלע מעגליכקייטען, דאָס אייך וועט געלינגען. |
| Perhaps (פערהאָפּס). Perchance (פערטשאַנס). | פיעלייכט, אפשר. |
| By chance, | דורך צופאל, צופעליג. |
| To succeed (סאָקסי־ד). | געלינגען, גליקען, זיך איינגעבען. |
| To succeed in—. | געלינגען צו—, גליקען צו—. |
| Have you succeeded? | איז אייך געלונגען? |
| Do you think he will succeed? | גלויבט איהר, דאס איהם וועט געלינגען? |

| | |
|---|---|
| We have at last succeeded in selling your wine. | עס איז אונז ענדליך געלונגען צו פערקויפען אייער וויין. |
| They succeeded in getting rid of their enemies. | זייא איז געלונגען צו ווערען פרייא פון זייערע פיינד. |
| To get rid. | ווערען פרייא, ווערען לויז, פטור ווערען. |
| Cannot you get rid of him? | קענט איהר אייך פון איהם ניט בעפרייען? |
| Has your sister not got rid of her cold? | איז אייער שוועסטער נאך ניט לויז געוואָרען פון איהר פערקיהלונג? |
| This man is a very distant relation of ours. | דיזער מאן איז אונזערער א ווייטער פערוואנדטער. |
| Do you know that lady in the second box? | קענט איהר יענע דאמע אין דער צווייטער לאָזשע? |
| Of course, I do; she is a cousin of mine. | געוויס, ווייס איך; זיא איז מיינע א קוזינע. |

## Of course (אָוו קאָורס), געוויס, נאַטירליך.

| | |
|---|---|
| He went out with a friend of his. | ער איז הערויסגעגאנגען מיט זיינעם א פריינד. |
| He was an old acquaintance of my husband's. | ער איז געוועזען אן אלטער בעקאנטער פון מיין מאן. |
| The acquaintance (אֶקקוויינ'טאֶנס). | דיא בעקאנטשאפט, דער בעקאנטער, דיא בעקאנטע. |
| If you don't tie up that dog of yours, he'll do some mischief. | ווען איהר בינדט ניט צו אייער הונד, וועט ער טהאָן מאנכען שאָדען. |
| The mischief (מיס'טשיף). | דער שאָדען. |
| A friend of mine. | מיינער א פריינד.<br>א פריינד פון מיר.<br>איינער פון מיינע פריינד. |
| A relation of ours. | אונזערער א פערוואנדטער.<br>א פערוואנדטער פון אונז.<br>איינער פון אונזערע פערוואנדטע. |
| A sister of my friend's. | א שוועסטער פון מיין פריינד.<br>איינע פון מיין פריינד'ס שוועסטערס.<br>מיין פריינד'ס א שוועסטער. |
| An acquaintance of my mother's. | א בעקאנטע פון מיין מוטער.<br>מיין מוטער'ס א בעקאנטע.<br>איינע פון מיין מוטער'ס בעקאנטע. |
| A friend of my daughter's. | א פריינדין פון מיין טאָכטער.<br>מיין טאָכטער'ס א פריינדין.<br>איינע פון מיין טאָכטער'ס פריינדינע. |

| | |
|---|---|
| That pen of yours is good for nothing. | יענע פעדער אייערע איז גאָרנישט ווערטה (אָד. טויג אויף כפּרות). |
| To be good for nothing. | גאָר נישט ווערטה זיין, טויגען אויף כפּרות. |
| Those pens of yours are good for nothing. | יענע פעדערן אייערע זיינען גאָרנישט ווערטה (אָד. טויגען אויף כפּרות). |
| Where is that pen of mine? | וואו איז יענע פעדער מיינע? |

דער לערנער דאַרף זיך אָבשטעלען בייא דיא געגעבענע זעצע און אַליין גוט בּעטראַכטען, וויא זייא זיינען געבּויט אָדער צוזאַמענגעשטעלט.

דאָס וואָרט that ווערט אין אַזעלכע זעצע אָפט געבּרויכט ניט צו בּעצייכענען יענער, יענע, יענעס, נאָר צו מאַכען אַן אַפּעקט אין רעדען; צ. בּ.

| | |
|---|---|
| Oh, that talk of yours, it makes me sick! | אָ, אייער ריידען, עס מאַכט מיר קראַנק! |
| We shall dine at a relation of Mr. Martin's to-morrow.<br>We shall dine at one of Mr. Martin's relation to-morrow. | מיר וועלען מאָרגען עסען מיטטאָג בייא מאַרטינ'ס א פערוואַנדטען אָד. בייא איינעם פון הערר מאַרטינ'ס פערוואַנדטע. |
| To which of the two gentlemen must I tell it? | וועלכען פון דיא צווייא העררען זאָל איך עס זאָגען? |
| You may tell it to either. | איהר קענט עס זאָגען יעדען. |
| Did you like the two books I sent you? | זיינען אייך געוועזען געפעלען דיא צווייא ביכער, וואָס איך האָב אייך געשיקט? |
| I am sorry to say, I do not like either of them אָד. I like neither of them. | עס טהוט מיר לייד צו זאָגען,ביידע געפעלען מיר ניט.<br>עס טהוט מיר לייד צו זאָגען קיינס פון זייא געפעלט מיר ניט. |

## Either (איי'דהער), יעדער (פון צווייא).

## Neither (ניי'דהער), not either, קיין איינער (פון צווייא).

| | |
|---|---|
| I will not have either of them.<br>I will have neither of them. | איך וויל קיין איינעם פון זייא ניט האָבען. |

Either און neither (אָד. not either) קענען אָפט אויך געבּרויכט ווערען פון מעהר אַלס צווייא פערזאָנען אָדער זאַכען.

| | |
|---|---|
| To be אָד. to stand in the way. | זיין אָד. שטעהן אין וועג. |
| Am I in your way? | בין איך אייך אין וועג? |
| Get out of my way. | געהט מיר הערוים פון וועג. |
| Get out of his way. | געהט איהם הערוים פון וועג. |
| He is always in her way. | ער איז איהר אימער אין וועג. |
| It was a pity he was just in her way. | עס איז געוועזען א שאָד, דאס ער איז איהר גראדע געוועזען אין וועג. |

| | |
|---|---|
| עס איז א שאַד. | It is a pity (פּיטי). |
| עס וואָלט זיין א שאַד, ווען ער וואָלט נים געקומען. | It would be a pity, if he did not come |
| דאָס איז געווען א שאַד! | That was a pity! |
| וואָס פיר א שאַד! | What a pity! |
| דאָס איז א גרויסער שאַד! | That is a great pity! |
| פערדעכטיג; מיסטרויאיש. | Suspicious (סאָספּי׳שאָס). |
| פערדעכטיגען, חושד זיין, האָבען אין פער־דאכט. | *To suspect (סאָספּעקט׳). |
| דאס איז זעהר א פערדעכטיגע פּערזאָן. | That is a very suspicious person. |
| ווער וואָלט זיין אזוי מיסטרויאיש? | Who would be so suspicious? |
| איך פערדעכטיג איהם זעהר שטארק. | I suspect him very strongly. |
| מען האט זעהר שטארק געהאט אין פער־דאכט, דאס ער האט געגנבעט דאָס געלד. | He was strongly suspected to have stolen the money. |
| גנבענען; געגנבעט. | To steal (סטי־ל); stole (סטאול), stolen (סטאָולן). |
| האט מען בייא אייך עפּעס געגנבעט? | Has anything been stolen of you?<br>Have you been robbed of anything? |
| גנבענען, בערויבען. | *To rob (ראָב). |
| מען האט מיך בערויבט פון מיין געלד.<br>מען האט בייא מיר געגנבעט מיין געלד. | I was robbed of my money. |
| עס איז פון קיין בעדייטונג.<br>עס האט ניט צו זאָגען.<br>עס מאכט ניט אויס. | It is of no consequense (קאָנ׳סיקווענס). |
| עס מאכט ניט אויס. | It is immaterial. |
| ניט וויכטיג. | Immaterial (אימטאָטי׳ריעל). |
| אינטים, פערטרויט, גענוי. | Intimate (אינ׳טימייט)—Intimately. |
| איך קען איהם גענוי. | I know him intimately. |
| ער איז מיט איהם גענוי (גוט) בעקאנט. | He is intimately acquainted with him. |
| דיא ברילען, דיא ספּאקולען. | The spectacles (ספּעק׳טאָקלז). |
| איין פּאָר ברילען, א פּאָר ספּאקולען. | A pair of spectales. |
| וואו זיינען מיינע ברילען? | Where are my spectacles? |
| דאס איז א גוטעס פּאָר ברילען. | This is a good pair of spectacles. |
| דיזע זיינען גוטע ברילען. | These are good spectacles. |
| א שאַדען, א היזק. | Harm (הארם). |

| | |
|---|---|
| עס קען קיין שאָדען ניט זיין צו—. | There can be no harm in— |
| וואָס פיר א שאָדען קען עס טהאָן? וואָס קען עס שאדען? | What harm can it do? |
| עס וועט איהם קיין שאָדען טהאָן. | It will do him no harm. |
| עס קען ניט זיין קיין שאָדען יעדענפאלס צו שרייבען צו איהם. | There can be no harm at all events in writing to him. |

## At all events (אֶט אָל איווענטס), יעדענפאלס, אויף קיין פאל.

| | |
|---|---|
| בעשעדיגט, בראקאָווגע. | Damaged (דאַמיידזשד). |
| בעשעדיגטע (בראקאָווגע) וואארע. | Damaged goods. |
| דער קונד. | The customer (קאַסטאָמער). |
| דער הויזירער, דער קאראבעלניק. | The peddler (פעדלער). |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The purse (פאָירס) | דער בייטעל | The bridge (ברידזש) | דיא בריק |
| The ticket (טיקקעט) | דאָס בילעט | The river (ריווער) | דער טייך |

| | |
|---|---|
| דער ערפאָלג, דאָס גליק. | The success (סאָקסעס). |
| דאָס אָפּפער, דער קרבן; היזק, פערלוסט. | The sacrifice (סאַקריפאיס). |
| בריינגען אַן אָפּפער; פערקויפען מיט היזק. | To make a sacrifice. |
| פערקויפען, אויסבריינגען, פערהאַנדלען. | *To dispose (דיספאָוז) of—. |
| א נדבה. | An alms (אַמז). |
| איך האב געגעבען א נדבה יענער אָרימער פרוי. | I gave an alms to that poor woman. |
| גאָט. | God (גאָד). |
| אום גאָטעס ווילען! | For God's sake! |
| אום הימעל'ס ווילען! | For heaven's sake! |
| זעה! קוק! אָ! | Behold (ביהאָולד)! Lo (לאָו)! |
| זעהן, קוקען, דערזעהן; געזעהן, געקוקט, דערזעהן. | To behold (ביהאָולד); beheld (ביהעלד), beheld. |

## At first, אָנפאַנגס; first, צוערשט.

| | |
|---|---|
| פערקעהרט (דיא אויבערסטע זייט אונטען). | Upside down. |
| פערקעהרט (דיא לינקע זייט הערויס). | Wrong side out. |

## 200. צום איבערזעצען.

זייט איהר געווען בעקאַנט מיט דיזען מאַן א לאַנגע צייט?—ניין, איך בין צופעליג געזעסען לעבען איהם אין טהעאטער פאָריגע נאַכט.—איז ער א דייטש?—יע, ער איז; ער איז געווען א לאַנגע צייט אין פאריז און איז צופעליג בעקאַנט מיט צווייא פון מיינע אינטימסטע פריינד דאָרטען.—ווען איהר זאָלט צופעליג בעגעגנען אונזער טאַנצלעהרער היינט, ביטע, זאָגט איהם, דאס איך וועל ניט זיין אין שטאַנד צו קומען מאָרגען צו מיין לעקציאָן.—עס איז א שאָד איהר האט עס מיר ניט געזאָגט א האלבע

שטונדע צוריק; ער איז געווען בייא מיין מומען און האט געגעבען (giving) א לעקציאָן מיינע קוזינען.—ווייס אייער פאָטער, דאס איהר מאַכט דיזען בייכעל פיר איהם?—ער איז צופעליג היינט אין דער פריה הערונטערגעקומען צו פריהשטיק פריהער וויא געוועהנליך, אלס איך האב גראדע געאַרבייטעט אויף דעם (at it).—האט ער איהם געזעהן?—ניין, איך בין צופעליג געזעסען מיט מיין רוקען געגען דער טהיר, און אזוי האב איך געהאַט צייט איהם צו בעהאלטען.—ער איז ווירקליך זעהר שעהן, און ער וועט זיין זעהר צופרידען (pleased) דערמיט.—איך האָף אזוי; ער איז זעהר א פריינדליכער פאָטער.—האט איהר געהאַט א גוטען פּלאַץ אויף (at) דעם קאָנצערט פאָריגע נאַכט?—עס איז געווען א בלויזער צופאַל, דאס מיר האבען געקריגען פּלעצער (seats); צוויא בעקאנטע פון אונז זיינען געווען געשטערט פון געהן, אלזאָ (so) האבען מיר גענומען זייערע בילעטען.—דענקט איהר אייער זוהן וועט האבען דיא שטעלע, וועלכע מען האט איהם פערשפּראָכען?—ניין, עס טהוט מיר זעהר לייד, עס איז ניט דאָ קיין מעגליכקייט (chance) ער זאָל עס האָבען (of his having it).—וועל איך געפינען דעם ענגלענדער צו הויז, ווען איך געה צו איהם (=צו זיין הויז) יעצט?—איך גלויב עס קוים (עס, so, צולעצט).—עס איז אַ גרויסער צופאַל, ווען איהר געפינט איהם נאָך.—ווארום האט איהר ניט געגעבען א נדבה דיזער אָרימער, בלינדער פרוי?—עס וואָלט מיך געפרייט איהר צו געבען עפּעס, נאָר, צו זאָגען אייך דיא וואהרהייט, איך האב צופעליג ניט געהאַט קיין סענט בייא מיר.

## 201. צום איבערזעצען.

האט אייער פריינד הערר סטאָנטאָן געלונגען לויז צו ווערען (in getting rid) פון זיין פערדאָרבענעם (damaged) קאָפּע?—אין דעם לעצטען בריף, וועלכען איך האב פון איהם ערהאלטען, האט ער מיר געשריבען, דאס עס איז ניטאָ קיין מעגליכקייט איהם זאָל געלינגען (of his succeeding) לויז צו ווערען דערפון אָהן א גרויסען היזק.—איז דער קליינער מאַן, וועלכער איז געווען מיט אייך נעכטען בייא אונז, אייערער א פערוואַנדטער?—ניין, ער איז ניט א פערוואַנדטער, ער איז נאָר א בעקאַנטער; ער איז היער אויף א בעזוך צו זיינע א טאָכטער.—איז ער א קויפמאַן?—ניין, ער איז אַ דאָקטאָר.—ער זעהט אויס זעהר פיעל עהנליך צו מיין פרוי'ס א שוועסטערקינד, העררן פּאַין פון באַלטימאָר.—גלויבט איהר דאס אויך ניט?—איך געדענק ניט, דאס איך האב איהם געזעהן; אָדער, ווען יע, מוז עס זיין זעהר לאַנג צוריק.—וואָס האט איהר געטהאָן מיט יענעם פערד אייערן (of yours) וועלכעס איהר פלעגט רייטען פאָריגעס יאהר?—אָ, איך האב עס געמוזט פערקויפען; עס האט אָנגעפאַנגען צו געהן גאַנץ הינקעדיג (lame), עס האט מיך זעהר געפרייט לויז צו ווערען פון איהם, אבוואהל איך האב פערלאָרען זעהר פיעל אָן דעם (by it).—וואו איז אהינגעקומען דיא גאָלדענע אוהר מיין ברודער'ס? (דאָ ווערט געזאָגט גאָלדענע אוהר מיט אַן אַפעקט און דעריבער מוז דער זאַץ איבערגעזעצט ווערען מיט that gold watch of my brother's, נעמליך: דיא צוזאַמענשטעלונג: „מיין ברודער'ס גאָלדענע אוהר" האט אַ גאַנץ אַנדערן זין און ווערט איבערזעצט איינפאַך: my brother's gold watch. דער לערנער זאָל גוט מערקען דעם אונטערשייד צווישען דיזע צוויא צוזאַמענשטעלונגען פון דיא ווערטער אין אַ זאַץ).—איך גלויב ער האט זיא געגעבען צו זיינעם

א פריינד איידער ער איז אוועגגעפאָרען (left) נאָך (for) פאריז.—וויא שרעקליך יענע פעדערן אייערע (yours) זיינען! האט איהר קיינע בעסערע?—טאקי? מיינע פעדערן טויגען אויף כפרות?—איך מוז אייך דערצעהלען א געשיכטע (story).

## 202. צום איבערזעצען.

א מאַן פון לאנד, וואָס האט זיך קיינמאָל ניט געלערנט לעזען, האט געזעהן פיעלע לייטע, אָנטהאָנדיג (put) א פּאָאר ברילען אויף זייער נאָז, ווען זייא לעזען.—ווינשענדיג אויך צו קענען לעזען, איז ער אוועגגעגאנגען צו א ברילען-מאַכער (optician).—„גוטען מאָרגען, העדר ברילען-מאַכער", האט ער געזאָגט.—„אייער דיענער, מיין העדר", האט געענטפערט דער ברילען-מאַכער.—„וועט איהר מיר געפעלינסט ווייזען א פּאָאר ברילען, איך וויל קויפען א פּאָאר".—דער ברילען-מאַכער האט איהם געגעבען צוויא פּאָאר צום פּרובירען און א בוך, דאס ער זאָל קענען זעהן, אויב דיא ברילען וועלען זיין גוט (would do).—דער מאַן האט אָנגעטהאָן דיא ברילען אויף זיין נאָז און האט געעפענט דאס בוך.—„וועלען דיזע ברילען זיין גוט?" האט געפרעגט דער ברילען-מאַכער.—„ניין, זייא טויגען אויף כפרות", האט געזאָגט דער מאַן, וועלכער האט ניט געקענט לעזען.—„זייט אזוי גוט און פּרובירט (please to try) דיא אַנדערע, זייא זיינען זעהר שטארק, זייא פערגרעסערן (magnify) זעהר פיעל".—„קיינע פון זייא וועט זיין גוט (will do) פיר מיך", האט געזאָגט דער מאַן.—דער ברילען-מאַכער האט איהם דאַן געגעבען פערשיעדענע (several) אַנדערע, דיא בעסטע ברילען, וואָס ער האט געהאט אין זיין לאַדען, אבער עס איז געווען פון קיין נוצען, דער מאַן האט ניט געקענט לעזען.—„איך קען קיינע פון אייערע ברילען בענוצען; איך קען ניט לעזען מיט זייא".—דאָ (here) האט דער ברילען-מאַכער צופעליג הערייננעקוקט אין בוך, וועלכעס זיין קונד האט געהאט אין זיין האַנד, און אָ! ער האט עס געהאַלטען פערקעהרט.—דאַן האט דער ברילען-מאַכער געפרעגט דעם לאַנדמאַן (countryman), אויב ער קען, פיעללייכט, גאָר ניט לעזען?—„ווען איך וואָלט געקענט, האט געענטפערט דער לאַנדמאַן, „וואָלט איך ניט גענומען דיא מיהע צו פּרובירען אַלע אייערע ברילען".—איהר קענט אייך לייכט פאָרשטעלען דעם ברילען-מאַכער'ס צאָרן (anger) אויף דעם, וואָס ער האט (at having) פערלאָרען זיין צייט און מיהע אויף (upon) א מענשען, וואָס האט ניט געקענט לעזען.—אבער דער לאַנדמאַן האט אַלץ (=דיא גאַנצע צייט) געזאָגט: „וויא שרעקליך שלעכט אייערע ברילען זיינען!"—„אום גאָטעס ווילען, הערוים (get out) פון מיין לאַדען!"

## 203. צום איבערזעצען

האט אייער פעטער געקויפט יעדעס פון דיא צוויא פערד?—ניין, ער האט קיין איינס פון זייא גענומען; זייא זיינען איהם ניט געווען געפעלען; ער האט מורא געהאט זייא וועלען (would) ניט זיין שטארק גענוג.—וואָס פיר א שאַד! זייא האבען אויסגעזעהן אזוי שעהן.—בייא (of) וועמען האט איהר געקויפט אייערע זאַקען?—איך האב זייא געקויפט בייא דעם הוזירער.—דאט דער הוזירער אויך צו פערקויפען א געלד-בייטעל?—יע, ער האט און פערקויפט זעהר ביליג.—קויפט בייא איהם א געלד-בייטעל פיר מיך.—האט איהר שוין געזעהן דיא גרויסע ברוקלינער (Brooklyn) בריק?—איך האב זיא געזעהן; איך

דענק זיא איז איינע פון דיא גרעסטע בריקען אין דער וועלט.—ווען רעכענט איהר צו געהן אין טהעאַטער, היינט אדער מאָרגען?—איך רעכען צו געהן היינט און איך געה יעצט קויפען בילעטען פיר אונזער פאַמיליע.—געהט מיר הערויס פון וועג!—איך וויל ניט; איך האב אזוי פיעל רעכט צו שטעהן היער, וויא איהר האט.—געה איהם הערויס פון וועג, ווילהעלם; דוא קענסט זעהן גראַדע (quite) אזוי גוט, ווען דוא שטעהסט א ביסעל ווייטער אוועג; דוא ביסט העכער פאַר איהם (=העכער אַלס ער איז).—מען האט מיך בערויבט פון מיין גאַנצען געלד.—ווען האט מען אייך בערויבט דערפון?—יעצט עבען, אין גאַס.—איך גלויב יענער מאַן אין ווייסען הוט האט עס גענגבעט.—וואָס פיר אורזאך האט איהר איהם צו פערדעכטיגען?—וויל ער איז געווען דער איינציגער (the only one), וועלכער איז געשטאַנען הארט (close) נעבען מיך.—ער זעהט ניט אויס וויא א גנב; טאַפט (feel) אין אייער אנדער טאש, פיעללייכט האט איהר עס דאָרטען? יע, זיכער געננג, היער איז עס; וויא פרייט עס מיך, דאס איך האב מיין געלד ווידער!—עס איז זעהר אונרעכט גלייך (immediately) צו פערדעכטיגען א מענשען (person); איהר האט ניט געדאַרפט זיין אזוי מיסטרויאיש. איהר דאַרפט געהן און בעטען דעם מאַן אום ענטשולדיגונג.—דאַרף (must) איך זאָגען צו איהם: „איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג, מיין הערר, פיר וואָס איך האב געדענקט (for thinking), איהר האט מיך בערויבט, אבער איך געפין, דאס איך האב מיך גענאירט?“—האבען אייערע עלטערן נאָך ניט געשריבען פון פאַריז?—יע, מיר האבען געהאט א בריף פון זייא נעכטען.—האט נאָך אייער פעטער ניט אויסגעפונען (discovered), ווער האט גענגבעט זיין געלד?—ניין; אבער אויס געוויסע אורזאכען פערדעכטיגט ער דעם בעדיענטען, און ער האט איהם געלאָזען ארעטירען.

---

# 65th Lesson.—65סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Have you already been to hear the new opera? | זייט איהר שוין געוועז הערען דיא נייע אָפּערא? |
| The opera (אָ׳פּעראָ). | דיא אָפּערא (אַ פאָרשטעלונג מיט געזאַנג). |
| Yes, I went the night before last. | יע, איך בין געגאַנגען אֵייערנעכטען אבענד. |
| Did your sisters go, too? | זיינען אייערע שוועסטערס אויך געגאַנגען? |
| No, they went to see Mr. Crawford perform King Lear the night before, and they do not like going two evenings successively. | ניין, זייא זיינען געגאַנגען זעהן הערר קראָפאָרד שפּילען „קעניג ליר“ דעם אבענד פריהער, און זייא האבען ניט ליעב צו געהן צוויא אבענדס נאָך אנאַנד. |
| Let us go and see what is the matter there. | לאָמיר געהן זעהן, וואָס איז דאָרטען פיר א מעשה. |
| The matter (מאַ׳טער). | דיא זאך, דיא מעשה. |
| Successive (סאַקסעס׳סיוו)—Successively.<br>Following (פאָ׳לאָואינג).<br>Together (טוגע׳דהער). | נאָך אנאַנד, כסדר. |

| | |
|---|---|
| Three days successively אָד. following.<br>For three successive days. | דרייא טעג נאָך אנאנד. |
| Mr. Crawford is a superior actor. | הערר קראָפאָרד איז א פאָרטרעפליכער אקטיאָר. |
| Is Miss Crawford a good singer? | איז פריילין קראָפאָרד א גוטע זענגערין? |
| The singer (סינ׳גער). | דער זענגער, דיא זענגערין. |
| She sings delightfully; and she is as good an actress as she is a singer. | זיא זינגט אנגענעהם; און זיא איז אזא גוטע שוישפילערין, וויא זיא איז א זענגערין. |
| Superior (סיופּי׳ריאָר). | פאָרטרעפליך. |
| Delightful (דילאיט׳פול)—Delightfully. | געשמאק, אנגענעהם. |
| Was not Baron Birch at the theatre? | איז ניט געוועזן באראָן באירטש אין טהעאטער? |
| I think not, at least I did not see him; but the baroness and her two beautiful daughters were in their box. | איך דענק ניט, ווענינגסטענס האב איך איהם ניט געזעהן; אבער דיא באראָנעסע און איהרע צווייא שעהנע טעכטער זיינען געוועזן אין זייער לאָזשע. |
| The eldest, it is said, will soon be a duchess; the Duke of W. is going to marry her. | דיא עלטעסטע, זאָגט מען, וועט באלד ווערען א דוקסע; דער דוקס פון וו. וועט זיא הייראטהען. |
| The actor (אֶק׳טאָר). | דער אקטיאָר. |
| The actress (אֶקט׳רעס). | דיא אקטריסע. |
| The baron (באֶ׳ראָן). | דער באראָן. |
| The baroness (באֶ׳ראָנעס). | דיא באראָנעסע. |
| The duke (דיוק). | דער דוקס, דער הערצאָג. |
| The duchess (דאָ׳טשעס). | דיא דוקסע. |

פיעלע ווערטער, וואָס בעצייכענען מענליכע פערזאָנען, נעהמען צו ess צו בעצייכענען דיא ווייבליכע פערזאָנען פון דעם זעלביגען מין:

| | | | |
|---|---|---|---|
| Count (קאונט). | Countess (קאונ׳טעס). | גראַף. | גרעפין. |
| Emperor (עמ׳פּעראָר). | Empress (עמ׳פּרעס). | קייזער. | קייזערין. |
| Jew (דזשו). | Jewess (דזשו׳עס). | יוד (איד). | יודין (אידענע). |
| Heir (ע־ר). | Heiress (ע־׳רעס). | ערב (יורש). | ערבין (יורשטע). |
| God (גאָד). | Goddess (גאָד׳דעס). | גאָט. | געטין. |
| Host (האָוסט). | Hostess (האָוס׳טעס). | ווירטה. | ווירטהין. |
| Prince (פּרינס). | Princess (פּרינ׳סעס). | פּרינץ. | פּרינצעסין. |
| Benefactor (בעני־פאֶק׳טאָר). | Benifactress (בעני־פאֶקט׳רעס). | וואָהלטהעטער. | וואָהלטהעטערין. |

אייניגע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט or, פערוואַנדלען דיזע ענדונג אין rix צו בעציי־כענען דיא ווייבליכע פּערזאָן, וויא:

| | |
|---|---|
| Administrator (אַדמיניסטריי׳טאָר). | פערוואַלטער. |
| Administratrix (אַדמיניסטריי׳טריקס). | פערוואַלטערין. |
| Executor (עק׳סיקיוטאָר). | אַן אַפּעקון (אַפּטרופּוס). |
| Executrix (ענזע׳קיוטריקס). | אַן אַפּעקונקע. |
| Testator (טעסטיי׳טאָר). | אַן ערב־לאַזער. |
| Testatrix (טעסטיי׳טריקס). | אַן ערב־לאַזערין. |

ביא אַנדערע ווערטער ווערט דיא ווייבליכע פּערזאָן געמאַכט אונרעגעלמעסיג, וויא:

| | | | |
|---|---|---|---|
| Hero (הי׳ראָו). | העלד. | Heroine (הע׳ראָואין). | העלדין. |
| Master (מאַס׳טער). | הערר. | Mistress (מיס׳טרעס). | מאַדאַם. |
| King (קינג). | קעניג. | Queen (קווין). | קעניגין. |
| Earl (אירל). | גראַף. | Countess (קאַונ׳טעס). | גרעפין. |
| Marquis (מאַר׳קוויז). | מאַרקיז. | Marchioness (מאַר־־משאָנעס). | מאַרקיזין. |

פיעלע ווערטער בלייבען אונפערענדערט און בעצייכענען צוגלייך מענליכע און ווייבליכע פּערזאָנען, וויא: cook, א קאָך, א קעכין; cousin, א קוזין, א קוזינע; friend, א פריינד, א פריינדין; servant, א דיענסט־מיידעל, א דיענער; Catholic, א קאַטהאָליק, א קאַטהאָליקין. פון דיא איבעריגע ווערטער פון זאַץ קען מען שוין אליין פערשטעהן, אויב זייא בעצייכענען מענ־ליכע אָדער ווייבליכע פּערזאָנען, וויא צ. ב. דורך דיא ווערטער he און she.

| | |
|---|---|
| He is a good child. | ער איז א גוטעס קינד (א יונגעל). |
| She is a quiet child. | זיא איז א רוהיגעס קינד (א מיידעל) |
| She is a celebrated poet. | זיא איז א בעריהמטע דיכטערין. |
| He is no great poet. | ער איז קיין גרויסער דיכטער. |

Poet (פּאָ׳עט) א דיכטער, א דיכטערין | Celebrated (סע׳ליברייטעד) בעריהמט

You must not trust her, she is both a liar and a thief. — איהר מוזט איהר ניט טרויען, זיא איז אי א ליגנערקע אי א גנבטע.

Liar (לאַי׳אָר) א ליגנער, א ליגנערקע | Thief (טהי־ף) א גנב, א גנבטע

| | | | |
|---|---|---|---|
| Frenchman. | פראַנצויז. | Frenchwoman. | פראַנצויזין. |
| Englishman. | ענגלענדער. | Englishwoman. | ענגלענדערין. |
| Scotchman. | שאָטלענדער | Scotchwoman. | שאָטלענדערין. |
| Irishman. | אירלענדער. | Irishwoman. | אירלענדערין. |
| Dutchman. | האָללענדער. | Dutchwoman. | האָללענדערין. |
| German (דזשאָיר׳מאָן). | דייטש. | | דייטשקע. |
| Italian (איטאַ׳ליאָן). | איטאַליענער. | | איטאַליענערין. |
| Swiss (סוויס). | שווייצער. | | שווייצערין. |
| American (אַמע׳ריקאַן). | אמעריקאַנער. | | אמעריקאַנערין. |
| West-Indian (וועסט־אינ׳דיאַן). | וועסט־אינדיער. | | וועסט־אינדיערין. |

אין ווײַטער, וואָס ענדיגען זי מיט דעם צוגעזעצטען וואָרט man (אַ מאַן), ווערט צו בעצייכנען דיא ווייבליכע פערזאָן געשטעלט woman (אַ פרוי). אנשטאָט woman קען מען אויך געברויכען lady, ווען עס האַנדעלט זיך פון אַ פרוי פון הויכען שטאַנד.

ביא דער בעצייכנונג פון געבורטיגע פון שטעדט ווערט דיא ווייבליכע פערזאָן אויסגעדריקט מיט woman אָדער lady; צ. ב.

| | |
|---|---|
| A Francfort woman אָד. lady. | א פראנקפורטערין. |
| A Berlin woman אָד. lady. | א בערלינערין. |
| A Chicago woman אָד. lady. | א טשיקאגאָערין. |

אַלע בענענונגען פון שיפען, וויא ship (שיפּ), אַ שיף; vessel (וועס'סעל), אַ שיף; boat (באָוט), אַ לאָדקע; merchant-man (מאָירטשאַנט-מאַן), אַ האַנדעלס שיף; man-of-war (מאַן-אָוו-וואָר), אַ קריגסשיף או. אז. וו. זיינען אין ענגליש ווייבליך און ווען עס ווערט פון זייא גערעדט זאָגט מען she; צ. ב.

| | |
|---|---|
| She is a first class man-of-war. | עס איז אן ערשטע קלאסע קריגס-שיף. |
| She is a large merchant-man. | עס איז א גרויסעס האנדעלס שיף. |
| She is a strong vessel. | עס איז א שטארקעס שיף. |

דיא לבנה (the moon) ווערט אין ענגליש גערעכענט פיר ווייבליך און דיא זון (the sun) —פיר מענליך; צ. ב.

| | |
|---|---|
| The moon has first risen; she will light us till four o'clock. | דיא לבנה איז עבען אויפגעגאנגען; זיא וועט אונז לייכטען ביז פיער א זייגער. |
| The sun will not come out to day, he cannot break through the clouds with his beams. | דיא זון וועט היינט ניט הערויסקומען, זיא קען זיך ניט דורכברעכען דורך דיא וואָלקענס מיט איהרע שטראהלען. |
| To break through. | דורכברעכען, זיך דורכברעכען. |
| The beam (בים). | דער שטראהל. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| דיא לייבין. | דער לייב. | The lion (לאייאָן). | The lioness (לאיי'אָנעס). |
| דיא טיגערין. | דער טיגער. | The tiger (טאַיגער). | The tigress (טאַי'גרעס). |
| דיא קוה. | דער אָקס. | The bull (בול). | The cow (קאו). |
| דיא צוינ. | דער הונד. | The dog (דאָג). | The bitch (בימש). |
| דיא קליאטשע. | דער אָגער. | The stallion(סטאָלליאָן). | The mare (מע־ר). |
| א קאָביליצע (אַ יונגע קליאַטשע). | א זשערעבעץ (אַ יונגער אָגער). | The colt (קאָולט). | The filly (פילי). |

צו בעצייכענען דעם מין זכר און דעם מין נקבה פון מעהרסטע אַנדערע פיער-פיסיגע טהיערע ווערט פאַר'ן וואָרט געזעצט a he- אָד. male פיר מענליך און a she- אָד. female פיר ווייבליך; צ. ב. a he-goat, אַ באָק, a she-goat, אַ ציעג; a he-cat אָד. male cat, אַ קאָט; a she-cat אָד. female cat, אַ קאַץ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| דיא הון. | דער האָן. | The cock (קאָק). | The hen (העז). |
| דיא ענטע. | דער ענטער. | The drake (דרייק). | The duck (דאָק). |
| דיא גאנז. | דער גענזער. | The gander(גאַנ'דער). | The goose (גוס). |

צו בעצייכענען דעם מין זכר און דעם מין נקבה פון מעהרסטע אַנדערע עופות אָדער

פויגלאַך ווערט נאָכ'ן וואָרט געזעצט פיר מענליך cock און פיר ווייבליך hen; צ. ב. pea (פּיר), אַ פּאַווע—pea-cock, אַ פּאַווער (אַן ער), pea-hen, אַ פּאַווע (אַ זיא).

| | |
|---|---|
| Is captain Crawford at home? | איז קאַפּיטאַן קראָפאָרד צו הויז? |
| Yes, colonel Peters is with him. | יע, אָבערסט (פּאָלקאָווניק) פּיטערז איז בייא איהם. |
| When can I see the captain? | ווען קען איך זעהן דעם קאַפּיטאַן? |
| I will announce you as soon as the colonel is gone. | איך וועל אייך מעלדען אַזוי באַלד, וויא דער פּאָלקאָווניק וועט אַוועג. |
| *To announce (אַנאַונס'). | מעלדען, אָנמעלדען. |
| The captain (קאָפּ'טען) דער קאַפּיטאַן | The lieutenant (לעפטע'נאָנט) לייטענאַנט |
| The colonel (קאָיר'נעל) דער פּאָלקאָווניק | The general (דזשע'נעראָל) דער גענעראַל |

ווען אַ טיטעל געהט צוזאַמען מיט'ן נאָמען פון דער פּערזאָן ווערט פאַר איהם קיינמאָל ניט געשטעלט דאָס ווערטעל the; צ. ב. Captain Crawford, קאַפּיטאַן קראָפאָרד; מען דאַרף ניט זאָגען The Captain Crawford.

| | |
|---|---|
| Can you tell me where Doctor Johnson lives? | קענט איהר מיר זאָגען, וואו דאָקטאָר דזשאָהנסאָן וואוינט? |
| The Doctor will be at home directly. | דער דאָקטאָר וועט באַלד זיין צו הויז. |

אין ענגליש שטעלט מען ניט דעם טיטעל הערר, .Mr, פאַר'ן טיטעל דאָקטאָר, וויא עס איז דיא מאָדע אין יודיש און אין דייטש; אין ענגליש ווערט קיינמאָל געזאָגט Mr. Doctor— „העררדאָקטאָר".

| | |
|---|---|
| *To marry (מאָר'רי). | הייראַטהען, חתונה האָבען. |
| He will marry her. | ער וועט זיא הייראַטהען. |
| Ta get married; to marry. | זיך פערהייראַטהען. |
| When will he get married? | ווען וועט ער זיך פערהייראַטהען. |
| Is she married? | איז זיא פערהייראַטהעט? |

## Plenty (פּלענ'טי), פיעל.

| | |
|---|---|
| Plenty of money. | פיעל געלד. |
| To make up one's mind. | ענטשליסען, אָבמאַכען (בייא זיך). |
| To make up one's mind to something. | זיך ענטשליסען צו עפּעס. |
| To alter one's mind. / To change one's mind. | זיך אנדערס בעזינען, חרטה האבען. |
| *To change (טשיינדזש). To alter (אָ'לטער) | ענדערן, פערענדערן. |
| Changeable (טשיינדזש'אָבל). | פערענדערליך, אונבעשטענדיג. |
| She is heiress to a large property (אָד. fortnne). | זיא איז אַן ערבין (אַ יורשטע) פון א גרויסען פערמעגען. |
| Property (פּראָ'פּערטי). Fortune (פאָר'טשון). | אַ פערמעגען. |
| To inherit (אינהע'ריט). | ערבען, ירשענען. |

| | |
|---|---|
| דיזע יונגע דאַמע האט געערבט (גענירשעט) דאָס גרויסע פערמעגען פון איהר פערשטאָרבענעם ברודער. | This young lady inherited the fortune of her deceased brother. |
| פערשטאָרבען. | Deceased (דיסי־סט׳). |
| פאָריג, געוועזען, פערשטאָרבען. | Late (לייט). |
| פריילין קראָפאָרד איז א ליעבענסווירדיגעס פריילין. | Miss Crawford is an amiable young lady. |
| ליעבענסווירדיג. | Amiable (איי־מיעבל). |
| דיא אונטערהאלטונג, דאס געשפּרעך. | The conversation (קאָנווערסיישאָן). |
| דיא מאנירען, דיא בענעהמונג. | The manners (מאָנ׳נערס). |
| גראָב. | Coarse (קאָורס). |
| דיזער יונגער מאַן האט גראָבע מאנירען. | This young man has coarse manners. |

## Among (אַמאָנג׳), amongst (אַמאָנגסט׳), אונטער, צווישען.

| | |
|---|---|
| ווארום מישט איהר איך אונטער דיזע לייטע? | Why do you mix among these people? |
| מישען; זיך מישען. | *To mix (מיקס). |
| זיינען ניט דאָ קיין גרעסערע אונטער זייא (אָד. דערונטער)? | Are there no larger ones among them? |
| מען זאָגט ער איז זעהר רייך. / ער זאָל זעהר רייך זיין. | He is said to be very rich. |
| ער זאָל—, מען זאָגט (אז) ער—. | He is said to—. |
| זייא זאָלען—, מען זאָגט (אז) זייא—. | They are said to—. |
| מען זאָגט קארל איז א גוטער זענגער. / קארל זאָל א גוטער זענגער זיין. | Charles is said to be a good singer. |
| מען זאָגט זיא איז א גוטע זענגערין. / זיא זאָל א גוטע זענגערין זיין. | She is said to be a good singer. |
| מען זאָגט זייא האבען פערלאָרען פיעל געלד. / זייא זאָלען פיעל געלד פערלאָרען האָבען. | They are said to have lost a great deal of money. |
| מען רעכענט ער איז געגאנגען נאָך ענגלאנד. / ער זאָל האבען געגאנגען נאָך ענגלאנד. | He is said (אָד. supposed) to have gone to England. |
| ערוואַרטען, רעכנען. | *To expect (עקספּעקט). |
| ער ווערט ערוואַרטעט. / מען ערוואַרטעט איהם. | He is expected, |
| מען רעכענט, אז ער, זיא וועט—. | He, she is expected to—. |
| מען רעכענט, אז זייא וועלען. | They are expected to—. |

| | |
|---|---|
| He is expected to come. | מען רעכענט ער וועט קומען. |
| They are expected to come here next week. | מען רעכענט, אז זייא וועלען קומען אהער נעכסטע וואָך. |

He is expected to—, she is expected to—, they are expected to— קענען אויך איבערגעזעצט ווערען מיט דעם וואָרט זאָל: Doctor Johnson is expected to come here next week, דאָקטאָר דזשאָהנסאָן זאָל אַהער קומען נעכסטע וואָך (ד. ה. מען רעכענט, אַז דאָקטאָס דזשאָהנסאָן או. אַז. וו.).

| | |
|---|---|
| *To suppose (סאָפפאָוז'). | רעכנען, דענקען, מיינען. |
| It is said, it is supposed. | מען רעכענט. |
| I suppose, he is gone out.<br>He is gone out, I suppose. | איך רעכען ער איז אוועגגעגאַנגען. |
| Exhibition (עגזהיבי'שאָן). Show (שאָו). | אן אויסשטעלונג. |
| Exhibition of paintings. | אן אויסשטעלונג פון געמעלדען. |
| The painting (פיינ'טינג). | דאָס געמעלדע. |
| Flower-show. | א בלומען=אויסשטעלונג. |
| The flower (פלאַו'ער). | דיא בלום. |
| Filled (פיללד) בעזעצט [פון טהעאַטער] | Elegant (ע'ליגאַנט) עלעגאנט, שעהן |
| Overfilled (אָו=ווערפיללד) איבערפילט | Fair (פע'ר) אנשטענדיג; שעהן |
| *To offend (אָפפענד').<br>*To insult (אינסאָלט').<br>*To affront (אַפפראָנט'). | בעליידיגען. |
| To foressee(פאָורסי'); foresaw(פאָורסאָ'), foreseen (פאָורסי'ן). | פאָרויסזעהן; פאָרויסגעזעהן. |
| To foretell (פאָורטעל'); foretold (פאָור=טאָולד', foretold. | פאָרויסזאָגען; פאָרויסגעזאָגט. |
| *To communicate (קאָממיו'ניקייט). | מיטטהיילען, געבען צו וויסען. |
| *To joke (דזשאָוק). *To jest (דזשעסט). | שפאסען, טרייבען קאטאָוועס. |
| The joke. The jest. | דער שפאַס, דער קאטאָוועס. |
| The widow (ווי'דאָו) דיא אלמנה, דיא וויטווע | The widower (ווי'דאָוער) דער אלמן |
| The service (סאָיר'וויס). | דיא דיענסט; דיא געפעליגקייט. |
| The character (קאַ'ראַקטער).<br>The testimony (טעס'טימאָני). | דאָס צייגניס. |
| The step (סטעפ). Pace (פייס). Stride (סטראַיד). | דער שריט, דער טריט. |
| *To step. *To pace. | שרייטען, טרעטען. |
| To stride; strode (סטראָוד), stridden (סטרידדן). | שרייטען; געשריטען. |

| | |
|---|---|
| Snuff (סנאָף) שמעק־טאבאק | Pinch (פינטש) א צופּ, א שמעק |
| A pinch of snuff. | א שמעק טאבאק. |
| To take snuff. | שמעקען (טאַבּאַק). |
| Will you take a pinch? | וועט איהר נעהמען א שמעק? (טאַבּאַק) |
| To be a judge of something. | זיין א קענער פון עפּעס.<br>זיין א מבין אויף עפּעס.<br>זיך גוט פערשטעהן אויף עפּעס. |
| Are you a judge of cloth? | זייט איהר א קענער פון טוך?<br>זייט איהר א מבין אויף טוך? |
| He is a good judge of wine. | ער איז א גוטער קענער פון וויין.<br>ער איז א גוטער מבין אויף וויין.<br>ער פערשטעהט זיך גוט אויף וויין. |
| A judge (דזשאָדזש). | א קענער, א מבין. |
| You are no judge. | איהר זייט קיין מבין ניט.<br>איהר פערשטעהט ניט. |
| The point (פּאָינט). | דער פּונקט; דער שפּיץ. |
| *To reach (רידטש). | גרייכען (ביז); ערגרייכען. |
| *To confess (קאָנפעס׳). | בעקענען, מודה זיין. |

## 204. צום איבערזעצען.

זייט איהר שוין געוועזן הערען דיא נייע זענגערין?—איך בין זיא געגאנגען הערען אייערנעכטען בייא נאכט (the night before last).—מען זאָגט זיא איז זעהר א גוטע זענגערין.—זיא איז ניט נאָר א פאָרטרעפליכע זענגערין, אבער אויך א גוטע אקטריסע. —וואו האט זיא געשפּיעלט (שפּיעלען, to act) צולעצט?—אין בערלין, וויא איך הער (וויא ווערט אין דער איבערזעצונג אויסגעלאָזען).—וויא אָפט איז דיזעס שטיק (play) גע־שפּיעלט געוואָרען?—עס איז געשפּיעלט געוואָרען צעהן נעכט נאָך אנאנד.—עס זאָל זיין זעהר גוט.—זיינען געוועזן דיא לאָזשען גוט בעזעצט?—דאס הויז איז געוועזן פאסט אי־בערפילט; דיא גרעפין מיט איהרע טעכטער, דער באראָן און דיא באראָנעסע זיינען געוועזן דאָרטן, און, ווען איך האב מיך ניט געאירט, האב איך אויך געזעהן דעם דוקס און דיא דוקסע פון נ.—האט איהר געהערט, דאס דיא דוקסע מ. איז נעכטען געשטאָר־בען?—איך האב עס געהערט; עס איז א גרויסער שאָד, ווייל זיא איז געוועזן א גרויסע וואָהלטהעטערין צו דיא אָרימע.—דער קייזער און דיא קייזערין פון עסטרייך (Austria) און דער קעניג און קעניגין פון פּרייסען (Prussia) זאָלען קומען נאָך פּאריז נעכסטען ווינטער (ד. ה. מען רעכענט אז דער קייזער און קייזערין פון עסטרייך און דער קעניג און קעניגין פון פּרייסען וועלען קומען נאָך פּאריז נעכסטען ווינטער).—וואָרום האסט איהר דיזען מענשען; רעכענט איהר ער איז אייער פיינד? האט ער אייך ווען בעליידיגט?— מיר זיינען געוועזן זעהר אינטימע פריינד ביז אונגעפעהר (about) זעקס וואָכען צוריק, ווען איך האב איהם געזאָגט אין שפּאס, דאס ער איז א נאר; זייט (ever since) יענער

צייט האט ער מיט מיר ניט גערעדט.—וואָס פיר שאָד, דאס מענשען (people) ליעבען ניט צו הערען דיא וואהרהייט, זאָגאר אין שפּאַס.—קענט איהר מיר רעקאָמענדירען דיא קעכין, וועלכע, וויא זיא זאָגט (וויא אויסגעלאָזען), האט פערלאָזען אייער דיענסט פאר דרייא מאָנאטען? (פאַר, since, צולעצט).—אזוי וויא איהר זייט מיינער א פריינד, קען איך מיין געוועזענער (late) קעכין געבען דאס צייגניס, דאס זיא איז אן אויסגעצייכענטע קעכין און זעהר א געשיקטע גנבטע.

## 205. צום איבערזעצען.

איז יענע דאַמע, פון וועלכע מען רעדט אזוי פיעל, א שפּאַניערין?—מאַנכע זאָגען זיא איז אן ענגלענדערין, אנדערע, דאס זיא איז א שאָטלענדערין און אנדערע ווידער, דאס זיא איז ניט קיין ענגלענדערין ניט קיין שאָטלענדערין.—און וואָס איז זיא דען?—זיא איז א דייטשקע.—ווען האט איהר פערקויפט אייער שעהנע פערד?—איך האב זייא פערקויפט צו פּאָלקאָווניק וועבסטער.—קענט איהר זיין איידים, קאַפּיטאַן קראָפאָרד?—ניין, איך קען קיינעם פון זייא, ניט דעם פּאָלקאָווניק ניט דעם קאַפּיטאַן.—איך בין ניעריג צו וויסען (I wonder), אויב גענעראל גאָרדאָן וועט היער קומען דיזען זומער?—אויב איהר מיינט דעם גענעראל גאָרדאָן, וועלכער איז געשטאָרבען פאָריגען מאָנאט, קען איך אייך זאָגען אויף (for) געוויס, דאס ער וועט ניט קומען דיזען זומער.—וואָס, דענקט איהר, וועט פּאַסירען קומענדיגען (next) זומער?—וואָס עס קען פּאַסירען קומענדיגען זומער קען ניט פאָרויסגעזעהן ווערען און ניט (nor) פאָרויסגעזאָגט ווערען.—דיא פרוי פון דעם פערשטאָרבענעם גענעראל איז א שעהנע יונגע אלמנה.—ירשעט זיא דאָס פערמעגען פון איהר פערשטאָרבענעם מאַן?—ווען עס איז אן ערלויבטע (=אַנשטענדיגע) פראַגע, ערקונדיגט איהר אייך נאָך דער אלמנה אדער דעם פערמעגען, אדער (נאָך) ביידען?—ווען איהר וואָלט ניט געהאט געפרעגט, וואָלט איך אייך, פיעללייכט, האבען געזאָגט; אבער אזוי וויא איהר האט יע געפרעגט (יע געפרעגט אויסגעלאָזען), וועט איהר גאָרנישט קריגען צו וויסען (גאָרנישט צולעצט).—איך ווייס גענוג, מיין טהייערער פריינד, אָהן אייער מיטטהיילען (communicating) מיר.—איז דאָקטאָר פּיטערז צו הויז?—דער דאָקטאָר איז ניט צו הויז, אבער ער וועט זיין אין א פּאָאָר מינוטען; וועט איהר זיין אזוי גוט וואַרטען?—איז זיין פרוי (=דאַמע) צו הויז?—זיין פרוי (=דאַמע) איז אויך ניט צו הויז.—אלזאָ וועל איך וואַרטען.—קומט העריין (step in), נעפּעלינגסט.—איז ניט מאַדאַם ז. א בערלינערין?—ניין, זיא איז פון וויען.—טאַקי? איז זיא ניט דעם דאָקטאָר'ס צווייטע פרוי?—יע; דער דאָקטאָר איז געוועזען אן אלמן, ווען ער האט זיא געהיראַטהעט.

## 206. צום איבערזעצען.

מען האט מיר ערצעהלט היינט אין דער פריה, דאס איהר געהט הייראַטהען; האט מען מיר ערצעהלט דיא וואַהרהייט?—ווייסענדיג, דאס איהר זייט מיין פריינד, וועל איך אייך מודה זיין, דאס איך קען האָפען, זעהר באַלד צו זיין איינער פון דיא גליקליכסטע מענשען אין דיזער וועלט.—האט אייער ברודער, ענדליך, זיך ענטשלאָסען מיר צו פערקויפען דעם וויין אויף (at) דעם פּרייז, וועלכען איך האב איהם געבאָטען?

—ער קען זיך נאָך ניט ענטשליסען; איהר האט איהם געבאָטען צו וועניג.—ווערט איהר געהן מיט אונז אויף (to) דעם קאָנצערט דיזען אבענד?—ניין, איך האב מיך בעזאָגען אנדערס; איך וועל בלייבען צו הויז, מיין מוטער איז ניט גאנץ געזונד.—איהר האָט חרטה פון איין האַלבער שטונדע ביז אַן אנדערער (אָד. אַלע האַלבע שטונדע); איהר זייט זעהר אונבעשטענדיג; איך האב קיינמאָל ניט געזעהן אזא אונבעשטענדיגע יונגע דאַמע.—עס איז אימער בעסער זיך אנדערס צו בעזינען, זאָגאר ווען מען האט זיך ענטשלאָסען פאָרויסגעזעצט (=בתנאי, provided), דאס מען ענטשליסט זיך צו עפּעס בעסערן.—וואָס דענקט איהר פון מיין פלעמעניק? האט ער זיך ניט זעהר פיעל פערבעסערט?—יע, ווירקליך; איך האב געהאט א לאנגע און זעהר אנגענעהמע אונטערהאַלטונג מיט איהם איבער (on אָד. upon) זיינע רייזען.—האט ער ניט זעהר שעהנע (elegant) מאַנירען?—יע; איהר קענט אורטהיילען נאָך זיינע מאַנירען אויף (of) דיא גוטע געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האט זיך געמישט.

## 207. צום איבערזעצען.

דיזע זאַכען זיינען צו גראָב (coarse), קענט איהר מיר ניט ווייזען וועלכע פיינע? —איהר ווערט געפינען פיינערע צווישען דיזע.—עס וואונדערט מיך (I wonder) איך געפין קיינע ענגלישע ביכער צווישען יענע, וועלכע איהר האט מיר געשיקט.—איהר אירט אייך, עס זיינען דאָ וועלכע דערונטער (among them).—איהר מוזט האבען איינע פון מיינע פעדערן אונטער אייערע.—דיזע זיינען אַלע מיינע, עס זיינען קיינע פון אייערע דאָ דערונטער.—ווען ווערט הערר לאָנגמאַן זיין היער?—ער זאָל היער זיין נעכסטען מאָנאַט.—מען זאָגט דאס טהעאַטער איז געווען זעהר פיל פאָריגען אבענד; איז עס וואהר?—עס איז געווען שרעקליך געפאַקט (crowded); איך פערזיכער אייך, עס איז ניט געווען זאָגאר אָרט (room) צו לאַכען.—זייט איהר געוויז נאָך (for) דיא בריף, יאָהאַן?—איך געה גלייך אויף דיא פאָסט.—אויב עס איז דאָ איינער פיר מיך דערונטער, ברענגט איהם כויר גלייך הערויף (up stairs), ווילט איהר?—געוויס.—זייט איהר געווען זעהן דיא בלומען-אויסשטעלונג?—איך בין געגאַנגען נעכטען נאָכמיטטאָג, אבער איך בין קיין מבין אויף בלומען, איך בין געגאַנגען צו בעפרידיגען (to please) מיינע טעכטער.—איך פירכטע איך האב אייך געלאָזען ווארטען (kept you waiting) א לאנגע צייט, אבער איך האב אונמעגליך געקענט קומען פריהער (any sooner).—נוא; עס פרייט אונז, איהר זייט ענדליך געקומען; בעסער שפּעט אַלס גאָר ניט (=קיינמאָל).

# 66th Lesson.—66סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| וועט איהר מיר ערלויבען צו זעהן דעם בריף? וועט איהר מיך לאָזען זעהן דעם בריף? | Will you allow (אָד. permit) me to see the letter? |
| וועט איהר מיר געבען ערלויבניס צו זעהן דעם בריף? וועט איהר מיך לאָזען זעהן דעם בריף? | Will you give me leave to see the letter? |

| | |
|---|---|
| Will you let me see the letter? | ?וועט איהר מיר לאָזען זעהן דעם בריף |
| *To allow (אַללאַר). *To permit (פּערמיט). | ערלויבען, לאָזען. |
| To give leave. | געבען ערלויבניס. |
| To let; let, let. | לאָזען; געלאָזען. |
| The leave (לירוו). | דיא ערלויבניס, דיא פרייהייט. |
| To take leave. To beg leave. | נעהמען דיא פרייהייט, זיך ערלויבען. |
| I take (.אָד beg) leave to tell you that—. | איך ערלויב מיר אייך צו זאָגען, דאָס—. |
| They will not allow us (permit .אָד give us leave) to go through the meadow. | זייא וועלען אונז ניט ערלויבען (לאָזען) געה־ איבער דיא לאָנקע. |
| The meadow(מעדאָו). | דיא לאָנקע. |
| I cannot allow you to go on talking that way. | איך קען אייך ניט ערלויבען (לאָזען) אזוי רעדען ווייטער. |

## That way, אזוי.

| | |
|---|---|
| To go on talking. | פאָרטזעצען רעדען, רעדען ווייטער. |
| To go on singing. | פאָרטזעצען זינגען, זינגען ווייטער. |

וועו to go on געפינט זיך פאר אן אנדער האנדלונגסוואָרט, קען עס אימער איבערגעזעצט ווערען ווייטער.

| | |
|---|---|
| He suffered (.אָד allowed) us to gather as many flowers and as much fruit as we liked. | ער האט אונז געלאָזען קלייבען אזוי פיעלע בלומען און אזוי פיעל פרוכט, וויא מיר האבען געוואָלט. |
| *To suffer (סאָפפער). To allow. | לאָזען, ערלויבען, דולדען. |
| I dare not (.אָד must not) allow (.אָד suffer) you to stand here. | איך טאָר אייך ניט לאָזען שטעהן היער. |

וועו לאָזען בעדייטעט ניט שטערן, ניט הינדערן, ווערען געברויכט דיא ווער־טער allow, suffer, .אָד let.

| | |
|---|---|
| Who has ordered you to carry the chairs away? | ווער האט אייך געהייסען אוועגטראָגען דיא שטולען? |
| Mr. Williams ordered (.אָד told) me to (.אָד bade me) carry them down. | הערר ווילליאַמז האט מיר זייא געהייסען הערונטערטראָגען. |
| To order(אָרדער).To command(קאָממאַנד) | בעפעהלען, הייסען. |
| To tell (טעל); told (טאָולד), told. | זאָגען, הייסען; געזאָגט, געהייסען. |
| To bid (ביד); bade (בעד) .אָד bid, bidden (בידדן). | הייסען; געהייסען. |
| I desired him to write the letter for me. | איך האב איהם געהייסען פיר מיך שריי־בען דעם בריף. |
| *To desire (דיזאַיר). | פערלאַנגען, וועלען, הייסען. |

| | |
|---|---|
| I ordered (.אָד desired) the men to take the wine back directly.<br>I bade the men take the wine back directly. | איך האב דיא לייטע געהייסען גלייך נעה־מען דעם וויין צוריק. |
| He caused this large building to be erected for the poor. | ער האט געלאָזען אויפבויען דיזעס געביידע פיר דיא אָרימי׳ |
| *To erect (אירעקט׳). | אויפבויען. |
| I caused him to be (.אָד I had him) immediately arrested. | איך האב איהם געלאָזען גלייך ארעטירען. |
| *To cause (קאָ־ז). | פעראורזאכען, אָנמאכען; לאָזען. |
| To have (האָוו); had (האָד), had. | לאָזען, ברייננען דערצו, אז—; געלאָזען. |
| To cause to be arrested.<br>To have arrested. | לאָזען ארעטירען. |
| You are causing me to do what I do not approve of myself. | איהר ברייננט מיך דערצו, אז איך זאָל טהאָן וואָס איך האלט אליין ניט פיר גוט. |
| *To approve (אָפפרו־וו). | האלטען פיר גוט. |

ווען מען פערשטעהט אונטער לאָזען צוגלייך דיא אויספיהרונג, ווערט עס איבערזעצט מיט to cause .אָד to have אָבער ניט מיט to let. פעראורזאכען, אָנמאכעי ווערט אי־מער אויסגעדריקט מיט to cause.

| | |
|---|---|
| I am causing you a great deal of trouble and am (.אָד feel) greatly obliged to you. | איך מאך אייך אָן זעהר פיעל מיהע און בין איך זעהר פערפליכטעט. |
| I thank you many times. | איך דאנק אייך פיעלע מאָל. |
| Don't mention it. | ניט דאָ פאר וואָס. |

Don't mention it איז דער טייטש ערמאָהנט עס ניט, אָבער עס ווערט אימעוי געברויכט אין ענגליש, וואו מען זאָגט אין יודיש „ניט דאָ פאר וואָס" נאָך א דאנק.

| | |
|---|---|
| You are quite welcome. | איהר זייט גאנץ בעליעבט.<br>איהר זייט מיר גאנץ אנגענעהם. |
| You are welcome to anything I can do for you. | איהר קענט אלעס האבען, וואָס איך קען טהאָן פיר אייך. |
| You are welcome to whatever I have. | איהר קענט האָבען אלעס פרייא, וואָס איך האָב נאָר. |
| Take them! You are welcome to them. | נעהמט זייא! איהר קענט זייא האבען פרייא. |
| The welcome (וועלקאָם). | דיא (פריינדליכע) אויפנאהמע, דער ברוך־הבא. |
| Welcome (וועלקאָם). | ווילקאָמען, בעליעבט, אנגענעהם; פרייא צו געניסען, פרייא צו האָבען |

| | |
|---|---|
| To be welcome. | קענען, ערלויבט זיין; קענען געניסען (פרייא). |
| You are welcome to go, whenever you please. | איהר קענט געהן, ווען נאָר איהר ווילט. |
| *To welcome. | בעגריסען, פריינדליך אויפנעהמען, געבען א שעהנעם ברוך-הבא. |

דאָס וואָרט welcome ווערט בעדיענט אין נאָך א פאַל. ווען אימעצער דאַנקט פיר עפּעס זאָגט מען: you are welcome; דאָס איז אזוי פיעל, וויא מען זאָגט „ביט דאַ פיר וואָס“. נאָר וואו מען זאָגט אין יודיש "ביט דאַ פיר וואָס" זאָגט מען אין ענגליש געוועהנליך Do not mention it.

| | |
|---|---|
| When the man calls again ask (desire, request .אָד tell) him to wait a moment. | ווען דער מאַן קומט ווידער לאָזט איהם ווארטען אַן אויגענבליק. |
| *To ask (אַסק). | פרעגען, בעטען, פאָדערן. |
| *To request (ריקוועסט'). | בעטען. |
| *To desire (דיזאיר'). | ווינשען, וועלען, פערלאַנגען, בענעהרען. |
| Should you see your cousin Charles, request (ask .אָד desire) him to tell you the name of the painter again; I have forgotten it. | ווען איהר זעהט אייער שוועסטערקינד קאַרלען, בעט איהם (ער זאָל) אייך זאָגען דעם נאָמען פון דעם מאַלער; איך האָב איהם פערגעסען. |
| My father desires me to tell you that—. | מיין פאָטער וויל, איך זאָל אייך זאָגען, דאָס—. |
| My friend requests me to inform you that—. | מיין פריינד בעט מיך אייך צו מעלדען, דאָס—. |
| *To inform (אינפאָרם'). | מעלדען, געבען צו וויסען, מודיע זיין. |
| At the request .אָד desire of my friend. | אויף דיא ביטע אָד. פערלאַנג פון מיין פריינד. |
| The request (ריקוועסט'). | דיא ביטע, דער פערלאַנג. |
| The desire (דיזאיר'). | דער פערלאַנג, דער וואונש. |
| The wish (וויש). | דער וואונש. |
| It was done by your orders. | עס איז געטהאָן געוואָרען (געשעהן) אויף אייער בעפעהל. |
| The order (אָר'דער). | דער בעפעהל. |

Order ווערט זעהר אָפט געברויכט אין מעהרצאָהל—orders; צ. ב. by my orders, אויף מיין בעפעהל.

| | |
|---|---|
| The bidding (ביד'דינג). | דאָס געהייס, דער בעפעהל. |
| He did it at my bidding. | ער האָט עס געטהאָן אויף מיין בעפעהל. |

## At, by, אויף.

| | |
|---|---|
| John never brings my boots properly cleaned. | יאָהאַן ברייננט מיר קיינמאָל מיינע שיך ארענטליך (נעהעריג) געפּוצט. |

| | |
|---|---|
| Proper (פראָפּער)—Properly. | אָרענטליך, געהעריג, וויא עס דאַרף צו זיין. |
| Make him do them over again. | לאָזט איהם זייא פוצען איבער-אַ-ניי. |
| To make; made, made. | מאַכען, מאַכען, אַז—, צווינגען, לאָזען; גע-מאַכט געצוואונגען, געלאָזען. |
| Augusta will not give me my book. | אויגוסטאַ וויל מיר ניט געבען מיין בוך. |
| Tell her, I shall make her give it you directly. | זאָג איהר, איך וועל גלייך מאַכען, אַז זיא זאָל עס דיר געבען. / זאָג איהר, איך וועל זיא גלייך צווינגען דיר עס צו געבען. |
| Our teacher makes us copy the translations when they are corrected. | אונזער לעהרער לאָזט אונז איבערשרייבען דיא איבערזעצונגען, ווען זייא זיינען אויסגעבעסערט. |
| The translation (טראַנסליישאָן). | דיא איבערזעצונג. |
| *To correct (קאָררעקט). | אויסבעסערן, פעררריכטען (פעהלערן). |
| I make my children get up at six every morning. | איך לאָז מיינע קינדער אויפשטעהן אום זעקס אוהר יעדען מאָרגען. |
| He made me wait a full hour for the money. | ער האט מיך געלאָזען וואַרטען אַ גאַנצע שטונדע אויף דאס געלד. |
| I cannot make him understand me. | איך קען איהם ניט מאַכען, ער זאָל מיך פערשטעהן. |

דער לערנער זאָל עטליכע מאָל איבערגעהן דיא בּיזהעריגע זעצע און גוט בּעטראַכטען דיא פערשיעדענע אַנוועגדונגען פון דעם האַנדלונגסוואָרט to make.

האַנדלונגסווערטער, וועלכע קומען נאָך to make, האָבּען קיינמאָל פאַר זיך דאָס ווער-טעל to.

דיא פאָלגענדע האַנדלונגסווערטער לאָזען ניט צו דאָס ווערטעל to פאַר האַנדלונגסווער-טער, וואָס קומען נאָך זייא:

| | | | |
|---|---|---|---|
| Will have | וועלען, אַז— | Can (could) | קענען |
| To hear (heard) | הערען | May (might) | מעגען |
| To help | העלפען | Must | מוזען |
| To let (let) | לאָזען | Shall (should) | זאָלען |
| To make (made) | מאַכען, צווינגען | Will (would) | וועלען |
| *To need | ברויכען, האבען נעטהיג | To behold (beheld) | ערזעהן |
| *To observe (אָבזאָירוו) | בעמערקען | To bid (bade, bidden) | הייסען |
| *To perceive (פּערסיוו) | בעמערקען | *To dare | וואַגען |
| To see (saw, seen) | זעהן | To do (did, done) | טהאָן |
| To smell (smelt) | שמעקען | To feel (felt) | פיהלען |

ווען דיזע האַנדלונגסווערטער ווערען אָבּער געבּרויכט אין דער לײדענדער אָרט,

ווערט דאָס ווערטעל to פאַר דיא וויטערטיגע האַנדלונגסווערטער ניט אויסגעלאָזען; צ. ב. He was made to go, מען האט איהם געצוואונגען צו געהן.

Will have. — ווּעלען, אז—, ווינשען, אז—.

דיא ווערטער will have קענען פערטייטשט ווערען וועלען, אז— אָד. ווינשען, אז—, ווען נאָך זייא קומט א פּערזאָן און נאָך דער פּערזאָן א האַנדלונגסוואָרט אָהן דעם ווערטעל to; צ. ב.

| | |
|---|---|
| I will have you go there directly. | איך וויל, אז איהר זאָלט גלייך געהן אהין. |
| He would have me wait for him. | ער האט געוואָלט, אז איך זאָל ווארטען אויף איהם. |
| Mary would have me write the letter for her. | מאריע האט געוואָלט, אז איך זאָל שרייבען דעם בריף פיר זיא. |
| *To borrow (באָר־ראָו). | באָרגען. |
| He knew me to have been there. | ער האט געוואוסט, דאס איך בין געווען דאָרטען. |
| I cannot believe him to be so bad. | איך קען ניט גלויבען, דאס ער איז אזוי שלעכט. |
| I believe this man to be old. | איך גלויב, אז דיזער מאַן איז אלט. |
| You need not come again till to-morrow morning. | איהר ברויכט ניט קומען ווידער ביז מאָרגען פריה. |
| He dared not say it again. | ער האט עס ניט געוואגט צו זאָגען נאָך א מאָל. |
| You have so often been bid not to do it. | מען האט אייך אזוי אָפט געהייסען עס ניט צו טהאָן. |
| He was made to go up stairs. | מען האט איהם געצוואונגען הערויפצוגעהן אויבען. |
| To be אָד. to feel oblidged. | זיין פערפליכטעט (ד. ה. דאנקבאר). |

מען ברויכט זעהר אָפט to feel, פיהלען, אנשטאָט to be, וויא:

| | |
|---|---|
| I am אָד. feel happy. | עס פרייט מיך. |
| He was אָד. felt offended. | ער איז געוואָרען בעליידיגט. |
| I am אָד. feel unwell. | איך בין ניט געזונד. |
| I was אָד. felt sorry. | עס האט מיר לייד געטהאָן. |
| I am אָד. feel convinced. | איך בין איבערצייגט. |
| *To offend (אָפּפענד) בעליידיגען | *To convince (קאָנווינס׳) איבערצייגען |
| *To call (קאָ־ל). | הערייננעהן, בעזוכען. |
| To make a call.<br>To give a call. | מאכען א קורצען בעזוך. |
| To call upon a person. | הערייננעהן צו אימעצן, אימעצן בעזוכען. |
| To call at a person's place אָד. house. | הערייננעהן צו אימעצן. |
| To go and see.<br>To go to see. | בעזוכען, זיך זעהן מיט—. |

| | |
|---|---|
| קומען זעהן, בעזוכען. | To come and see.<br>To come to see. |
| ער איז קראַנק, איך מוז איהם געהן זעהן (בעזוכען). | He is ill, I must go and see him. |
| ווארום געהט איהר זיא ניט זעהן (אָד. וואָרום בעזוכט איהר זיא ניט)? | Why do not you go and see her? |
| ווען וועט איהר קומען אונז זעהן (ווען וועט איהר אונז בעזוכען)? | When will you come and see us? |
| איהר בעזוכט אונז יעצט נאָר ניט. | You never come to see us now. |
| איך האב איהם נעכטען בעזוכט. | I went to see him yesterday. |
| זיא האט אונז נעכטען בעזוכט. | She came to see us yesterday. |
| ווען וועט איהר הערײנקומען? | When will you call? |
| זיצען; געזעסען. | To sit (סיט); sat (סאַט), sat. |
| זיך אנידערזעצען, זיך אוועגזעצען, זיך זעצען. | To sit down. |
| ווילט איהר אייך ניט זעצען? | Will you not sit down? |
| ווילט איהר אייך זעצען? | Will you be seated? |
| זעצט אייך. | Be seated. |
| מיר האבען אונז געזעצט אויף דאס גראָז. | We sat down in (אָד. upon) the grass. |
| וואו וועט איהר זיצען? | Where will you sit? |
| ווארום זעצט איהר אייך ניט? | Why do not you sit down? |

## 208. צום איבערזעצען.

וועט איהר מיר ערלויבען צו וואַרטען היער אן אויגענבליק אויף (for) מיין פריינד? —געוויס; וועט איהר אייך זעצען?—האט אייער נאכבאר ניט געוואָלט לאָזען אייערע קינדער געהן דורך זיין פעלד?—ניין, ער האט געזאָגט, ער דולדעט קיינעם עס דורכצוגעהן.—ווער האט אייך ערלויבט צו נעהמען מיין רעגענשירם?—אייער שוועסטער האט איהם מיר געלאָזען נעהמען.—מיין שוועסטער האט אייך געזאָלט (should) געבען איהר איינענעם.—דאס האט זיא ניט געקענט טהאָן, ווייל איהר שוועסטערקינד האט איהם נעבאָרגט.—ווארום לאָזט (suffer) איהר אייך זאָגען אזא זאך?—איך לאָז איהם זאָגען, וואָס איהם געפעלט, און איך טהוא וואָס מיר געפעלט.—ווארום לאָזט איהר יעדען לעזען, וואָס איהר שרייבט?—איהר לאָזט יעדע זאך זיך וואַלגערן (to lie about) אין אייער צימער.—קיינער וועט זיך ניט נעהמען דיא מיהע צו לעזען מיין שלעכטעס שרייבען.—ווארום לאָזט איהר אייערע האָאר וואקסען אזוי לאנג?—ווייל עס איז צו קאלט פיר מיך זיא צו לאָזען שניידען.—ווען איך וואָלט געווען (if I were) אויף (in) אייער אָרט, וואָלט איך לאָזען (have) מיין זוהן קומען צוריק זאָגלייך.—ווער האט דיך בעפאָהלען איבערצושרייבען דיזען בריף?—קיינער האט מיך בעפאָהלען; איך האב געדענקט ער מוז געקאָפּירט ווערען.—ווארום האט איהר אויך דיא צעהן שטיקער טוך ניט געלאָזען הערויפנעהמען, אויבען?—איך לאָז זייא עבען הערויפנעהמען אויבען—וועט איהר מיר ערלויבען צו

פערזוכען דיזען וויין?—געוויס; איך האף ער וועט אייך געפעלען.—ווארום האט אייער מוטער ניט געלאָזען אייער שוועסטער טאנצען אויפ'ן באל פאָריגע נאכט?—וויל מיין שוועסטער האט קראנקע (sore) פיס.

## 209. צום איבערזעצען.

וועט איהר ניט ערלויבען מיינע קינדער אויסרייסען (to gather) אייניגע בלומען?—לאָזט זייא רייסען אזוי פיעלע בלומען, וויא זייא ווילען.—ווער האט אייך ערלויבט צו לעזען דיזעס בוך?—קיינער האט עס מיר ערלויבט, איך האב עס געפונען היער אויף דעם טיש.—ווארום האט איהר מיך געלאָזען (caused) שיקען דיא ווארע צו יענעם מאַן? ער ענטזאגט זיך יעצט זייא צו צונעהמען (=צו בעהאלטען, to keep).—איהר זאָלט (must) ניט זאָגען, דאס איך האב אייך געראטהען, עס איז געוועזען אייער איינענער וואונש.—הייס דיא קעכין מאַכען פערטיג דאס אבענד-עסען.—ער האט געלאָזען (caused) דיא אָרימע געבען ברויט און נדבות.—ער האט געלאָזען בויען א שולע און דערין אונטעררריכטען דיא קינדער פון דרייסיג אָרימע פאמיליעס.—בעט דיא דאמע זיך אנידערזעצען אן אויגענבליק.—אויף דעם פערלאנג פון מיין ברודער, האב איך אייך צו בעטען, ווען איהר האט גאָרנישט בעסערס צו טהאָן, איהם צו בעזוכען אויף (for) אייניגע שטונדען היינט אבענד.—אויף וועמע'ס בעפעהל איז דיזעס געלד אוועגגעטראָגען געוואָרען?—ווען איך איר מיך ניט, אויף אייער אייגענעם בעפעהל; איהר האט געהייסען הענריכן אוועגטראָגען דאָס געלד, איידער איהר זייט הערויסגעגאנגען.—לאָזט איהר איהם דאס ניט איבערשרייבען עטליכע מאָל?—ניין, צווייא מאָל וועט זיין גענוג (will do).—וויא פיעל האבען זייא אייך געלאָזען (made) בעצאָהלען דערפיר?—זייא האבען מיך געלאָזען בעצאָהלען פינפטהאלבען דאָללער דערפיר; נאָך א מאָל אזוי פיעל, דענק איך, וויא עס איז ווערטה.—ווארום האט איהר איהם ניט געמאכט בעצאָהלען דיא רעכנונג?—איך וועל איהם לאָזען מיר געבען א קוויטונג פיר פול.—האט איהר ניט אייער פערד מעהר?—ניין, מיין פעטער האט עס מיך געלאָזען פערקויפען.—ווארום נעהמט איהר ניט מיט דעם הונד?—איך קען איהם ניט בריינגען דערצו, אז ער זאָל מיר נאָכגעהן.—קליידט מיר ניט דיזער ראָק זעהר שלעכט? (קליידען, to fit)—ער איז זעהר שלעכט געמאַכט; איך וועל לאָזען דעם שניידער איהם נעהמען צוריק.—מוסט דוא לערנען דיא לעקציאָן אויף אויסווענדיג (by heart)?—אונזער לעהרער לאָזט אונז אימער לערנען אונזערע לעקציאָנען אויף אויסווענדיג.

## 210. צום איבערזעצען.

ווארום האט דער יונגע ניט געטהאָן, וויא איהר האט איהם געהייסען?—איך קען איהם ניט צווינגען (make) מיר צו געהאָרכען (obey).—ווען ווילט איהר, אז איך זאָל קומען נאָך אייך?—קומט נאָך מיר אום א פערטעל פאר צעהן.—ווילט איהר, אז דיא קאַרעט זאָל ווארטען אויף אייך?—יע, זאָל זיא ווארטען.—איך וועל לאָזען דיא יונגלאָך בריינגען (to be fetched) פון שולע.—איך וויל, אז איהר זאָלט מיר געהאָרכען.—דער בעדיענטער ווארט נאָך דרויסען (without).—איך ווייס עס; איך האב איהם געהייסען ווארטען. ווען וועט דער מאַן קומען ווידער?—ער וואגט ניט צו קומען ווידער.—וואגט ער מיר

דאס צו זאָגען אין (to) מיין געזיכט?—קענט איהר פיהלען, דאס איך שנייד אייער פינ-
גער?—איך קען קוים פיהלען, דאס איהר ריהרט מיך אָן (אָנריהרען, to touch).—האט
זיא געפיהלט, דאס ער האט הערויסגעצויגען איהר צאָהן? (הערויסציהען, to pull out).
—זיא זאָגט, זיא האט גאָר ניט געפיהלט, דאס ער האט זיא אנגעריהרט.—וועט איהר
העלפען מיין ברודער מאַכען (do) זיין אויפגאַבע?—איך קען עס איהם ניט העלפען מאַ-
כען; דער לעהרער האט עס פערבאָטען.—איך וויל, דאס איהר זאָלט זאָגלייך שרייבען.
—זיא האט געוואָלט, דאס ער זאָל בלייבען צו הויז.—איך האָב געדענקט, איך האָב
געהערט, וויא ער רופט.—האט איהר זיא ווען געהערט זינגען?—האט אייער קליינער
זוהן ווען געזעהן מאַכען אַ שטיפעל?—קענט איהר איהם ניט בריינגען דערצו, אַז ער
זאָל בייא אונז עסען מיטטאָג היינט?—איהר ברויכט ניט צו עסען, וואָס איהר האט ניט
גערן.—האט איהר ניט בעמערקט, דאס ער האט איהר עפּעס געזאָגט?—איך האָב גע-
קענט גאַנץ דייטליך זעהן, דאס ער האט גערעדט צו איהר און געלעגט עפּעס אונטער
זיין הוט.—האט איהר געזעהן דיא זון אויפגעהן אויף דעם בארג היינט אין דער פריה?
—דיא זון האט ניט געוואָלט ווארטען אויף אונזער הערויפקומען אויף (coming up) דעם
בארג און איז אויפגעגאַנגען, איידער מיר זיינען געווען אויף (at) דעם שפּיץ.

## 211. צום איבערזעצען

האט מען אייך ניט אָפט געהייסען פערשליסען דיא ביכער, ווען איהר זייט
פערטיג מיט זייא?—איך וואָלט זייא האבען פערשלאָסען, ווען איך וואָלט געקענט האָ-
בען געפונען דיא שליסלען.—האט מען איהם ניט מעהר אלס צוואנציג מאָל געהערט
זאָגען, דאס ער האט עס געוואָלט בעצאהלען?—ווארום האט מען מיך געלאָזען הע-
רויפגעהן, ווען מען האט געוואוסט, דאס מיין ערגסטער פיינד איז געווען אין צימער?—
ווער האט געקענט האבען געוואוסט, דאס ער איז געווען דאָרטען?—האט איהר היינט
אָבגעשטאָטעט (paid) פיעלע בעזוכען?—איך האָב נאָר אָבגעשטאָטעט אַ קורצען בעזוך
בייא אייער שוויגער.—ווען זייט איהר צום לעצטען מאָל (last) העריינגעגאַנגען צו הערר
פּאָרטער?—איך בין איהם נעכטען געגאַנגען זעהן; ער איז שוין קראַנק זייט דרייא וואָ-
כען.—ווען זאָל איך ווידער הערייננקומען?—קומט מאָרגען ווידער העריין.—איך וואונדער
מיך, דאס איהר זייט נאָך ניט געווען זעהן מיין שוועסטערקינד עמיליען.—איך וואָלט זיא
געווען זעהן, ווען איך וואָלט געוואוסט, דאס זיא איז שוין געקומען צוריק פון דעם לאַנד.
—האט איהר שוין אבגעשטאטעט אַ בעזוך דעם גענעראַל קראָפּאָרד?—נאָך ניט, אָבער
איך רעכען (intend) איהם אָבצושטאַטען אַ בעזוך מאָרגען נאָכמיטטאג.—אַ געוויסע
(some) פערזאָן האט געוויזען זיין נייעם גאָרטען זיינעם אַ פריינד, אלס (when) דער
לעצטערער (latter) האט העריינגעטראָטען אין אַ טיפענס לאָך (hole) פול מיט (of) וואַסער.
„אָ, עס טהוט מיר זעהר לייד", האט אויסגערופען (exclaimed) דער אַנדערער, „איך האָב
פערגעסען אייך צו זאָגען, (דאס) עס איז היער דאָ אַ לאָך".—„עס מאַכט ניט אויס
(no matter)", האט געענטפערט זיין פריינד, „איך האָב עס געפונען".—ווען הערר
אייבראָהאַמז (Abrahams) קומט, בעט איהם זיצען אָן אויגענבליק און ווארטען אויף
(for) מיך.—יעצט זעצט אייך, הערען און דאַמען.—ווארום לאָזט איהר דעם מאַן

שטעהן? באָט איהם אָן (offer him) א שטול און בעט איהם זיך זעצען.—איך דאַנק אייך, דאס קליינע מיידעל האט מיר שוין אָנגעבאָטען א שטול, אבער איך האב געוואָלט נעסער (I preferred) שטעהן.

---

# 67th Lesson.—67סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| The city of New York. | דיא שטאָדט ניו יאָרק. |
| The city of Chicago. | דיא שטאָדט טשיקאגאָ. |
| The island of Elba. | דיא אינזעל עלבא. |
| The town of Rochester. | דיא שטאָדט ראָטשעסטער. |
| The kingdom of Bavaria. | דאס קעניגטהום בייערן. |
| The empire of Austria. | דאס קייזערטהום עסטרייך. |
| Bavaria (באָווייריאָ) | בייערן |
| Austria (אָ־ס׳טריאָ) | עסטרייך |
| The island (איילאָנד). | דיא אינזעל. |
| The kingdom (קינג׳דאָם) | דאס קעניגטהום |
| The empire (עמ׳פּאיר) | דאס קייזערטהום |

צווישען דיא ווערטער שטאָדט, לאַנד, טייך, אינזעל או. אַז. וו. און דיא נעמען וועלכע ווערען זייא געגעבען, קומט אימער דאָס ווערטעל of.

| | |
|---|---|
| To be known (.אָד to go) by a certain name. | בעקאַנט זיין (אָד. געהן) אונטער א געוויסען נאָמען. |

## By, אונטער.

| | |
|---|---|
| The excercise (עק׳סערסאַיז). | דיא איבונג, דיא בעוועגונג. |
| To take excercise. | מאכען בעוועגונג. |
| The former (פאָר׳מער). | יענער, יענע, יענעס.<br>ערשטער ערשטערע, ערשטערעס (דער פריהער־ערמאָהנטער). |
| The latter (לאָט׳טער). | דיזער, דיזע, דיזעס.<br>לעצטער, לעצטערע, לעצטערעס (דער לעצט־ערמאָהנטער). |
| To please a person. | אימעצען צו פרידען שטעלען. |
| Almighty God. | אלמעכטיגער גאָט. |
| Almighty (אָ־למאַי׳טי). | אלמעכטיג. |
| To be fond of—. | זיין א פריינד פון—.<br>ליעבען, גערן האבען צו—. |
| I am fond of reading. | איך בין א פריינד פון לעזען.<br>איך האב גערן צו לעזען. |
| Are you fond of fish? | זייט איהר א פריינד פון פיש?<br>האט איהר האָלט פיש? |

| | |
|---|---|
| He is not fond of working. | ער איז ניט א פריינד פון ארבייטען.<br>ער האט ניט האַלט צו ארבייטען. |
| He is not fond of work. | ער איז ניט קיין פריינד פון ארבייט. |
| She is very fond of him. | זיא האט איהם זעהר גערן. |

א האַנדלונגסוואָרט קומט אימער נאָך to be fond אין דער פאָרם פון געגענווערטיגען מיטעלוואָרט.

| | |
|---|---|
| To be ofraid of—. | מורא האבען פאר—. |
| To be afraid to—. | מורא האבען צו—. |
| He is afraid of doing that.<br>He is afraid to do that. | ער האט עס מורא צו טהאָן. |
| *To apprehend (אַפּפּריהענד). | בעפירכטען, פירכטען, מורא האבען. |
| To be apprehensive (אַפּפּריהענ׳סיוו). | פירכטען, מורא האבען, זיין בעזאָרגט. |
| I am afraid of doing that. | איך האב דאס מורא צו טהאָן. |
| He is afraid of you. | ער האט מורא פאר אייך. |
| Do you apprehend any danger in it? | בעפירכטעט איהר וועלכע געפאהר אין דעם? |
| He is apprehensive the letter may have been lost. | ער בעפירכטעט דער בריף איז פערלאָרען געוואָרען. |
| The lobby (לאָבּי). The hall (האָ־ל). | דער פאָר־פּלאַץ, דאס פאָר־הויז. |
| Mankind (מאַנקאינד). | דאָס מענשליכע געשלעכט, דיא מענשהייט. |
| *To bark (בארק). | בילען. |
| To bark at—. | בילען אויף—. |
| The dogs are barking at— | דיא הינט בילען אויף—. |
| A plateful (פּלייט׳פול). | א טעלער (אין מאָס). |
| A handful (האַנד׳פול). | א הויפען. |
| By handfuls. | הויפען ווייז. |
| Two platefuls of soup. | צוויא טעלער זופּ. |
| Two handfuls of money. | צוויא הויפענס געלד. |

## Many a—, מאַנכער.

| | |
|---|---|
| Many a poor man would be glad, if—. | מאַנכער אָרימער מאַן וואָלט זיך פרייען, ווען—. |
| The bee (בי־). | דיא ביען. |
| The bee-hive (בי־׳האַיוו). | דער ביענ־שטאָק. |
| Now-a-days (נאַו־ע־דייז). | היינט צו טאג. |

## Beside, נעבען; close (קלאָוז), הארט, פּאזע.

| | |
|---|---|
| My book lies close beside yours. | מיין בוך ליעגט פּאזע נעבען אייערן. |
| The river is close beside our house. | דער טייך איז פּאזע נעבען אונזער הויז. |

## Besidse (בּיסאַידז'), אויסער דעם.

| | |
|---|---|
| ער האט א הויז אויף לאַנד אויסער דעם. | He has a house in the country besides. |
| און אויסערדעם האב איך עס ניט געקענט טהאָן, זאָגאר ווען איך וואָלט וועלען. | And besides, I could not do it, even if I would (אָד. wished). |
| האט ער אייך עפּעס ערצעהלט אויסער דעם? | Did he tell you anything besides? |
| מאַכען דיא בעקאַנטשאַפט פון—. בעקאַנט ווערען מיט—. | To make the acquaintance of—. |
| בעקאַנט ווערען מיט—. בעקאַנטשאַפט מאַכען מיט—. | To become acquainted with—. |
| איך האב געמאַכט זיין בעקאַנטשאַפט. איך בין מיט איהם בעקאַנט געוואָרען. | I have made his acquaintance. |
| איך בין מיט איהם בעקאַנט געוואָרען. איך האב געמאַכט זיין בעקאַנטשאַפט. | I have become acquainted with him. |
| טראָגען; געטראָגען. | To wear(וועיר); wore(וואָור), worn(וואָרן). |
| ווארום טראָגט איהר אזעלכע דינע שיך? | Why do you wear such thin shoes? |
| ער האט שוין געטראָגען דעם ראָק פאָריגען זומער. | He wore that coat already last summer. |
| וויא לאַנג טראָגט איהר שוין דיזע שטיפעל? | How long have you worn these boots? |
| טראָגט ער א שווערד? | Does he wear a sword? |
| דאָס שווערד, דער דעגען. | The sword (סאָורד). |
| יע; ער טראָגט אויך א פּאָאַר גרויסע שפּאָרען און ברילען. | Yes; he wears a pair of large spurs, too, and spectacles. |
| דער שפּאָרן, דיא שפּאָרע. | The spur (ספּאָיר). |
| אבניצען, אבטראגען, אויסטראָגען. | To wear (וועיר). To wear out. |
| אבגעניצט, אבגעטראגען, אויסגעטראָגען. | Worn; worn out. |
| דיא שיך זיינען גאַנץ אָבגעטראָגען. | The shoes are quite worn אָד. worn out |
| זיך טראָגען. זיך גוט טראָגען. | To wear. To wear well. |
| גלויבט איהר, דיזעס טוך וועט זיך גוט טראָגען? | Do you think this cloth will wear well? |
| זיך פערליערען, פערגעהן. | To wear off. |
| זיין שרעקעדיגקייט וועט זיך פערליערען (וועט פערגעהן) מיט דער צייט. | His timidity will wear off in time. |
| שרעקעדיג. | Timid (טימיד). Shy (שאי). |
| שרעקעדינקייט. | Timidity (טימידיטי). Shyness (שאינעס). |
| דער גלאַנץ וועט באלד פערגעהן (זיך פערליערען). | The gloss will soon wear off אָד. be worn off. |

| | |
|---|---|
| The gloss (גלאָס). | דער גלאַנץ. |

## Rather than (ראַ'דהער דהאַן), אײדער — ליעבער, ליעבער — אַלס.

| | |
|---|---|
| Rather than put on that hat I will not go out at all. | אײדער אָנטהאָן דעם הוט װעל איך ליעבער גאָר ניט אויסגעהן. |
| I would rather stay at home than be obliged to sit there the whole of the evening and not be allowed to speak a word. | איך װאָלט ליעבער בלײבען צו הויז אלס צו מוזען זיצען דאָרטען דעם גאנצען אבענד און ניט טאָרען רעדען א װאָרט. |
| Rather than do that he will make him a present of the money. | אײדער טהאָן דאס, װעט ער איהם ליעבער מאכען א געשענק דאס געלד. |
| *To insist (אינסיסט'). | בעשטעהן. |
| To insist on אָד. upon—. | בעשטעהן אויף—. |
| I insist upon your going there directly. | איך בעשטעה דערויף, דאס איהר זאָלט גלײך געהן אהין. |
| He insited on our staying. | ער איז בעשטאַנען דערויף, דאס מיר זאָלען בלײבען. |
| The stuff is too thin to wear well. | דאס צײג איז צו דין זיך צו טראָגען גוט. |
| The news is too good to be true. | די נײס איז צו גוט צו זײן װאהר. |
| The news (ניוז). | די נײס, די נײאיגקײט. |
| The news is too good for me to believe. | די נײס איז צו גוט פיר מיך זיא צו גלויבען. |
| The parcel is too heavy for the little boy to carry. | דאס פעקעל איז צו שװער פיר דאס קלײנע יונגעל צו טראָגען. |
| *To carry (קאַר'רי). | טראָגען. |
| *To require (ריקװאיר'). | פאָדערען, ברויכען. |
| To take (took, taken). | נעטהיג זײן. |
| How much cloth shall I require for an overcoat | װיא פיעל טוך װעל איך האבען נעטהיג פיר אַן אויבער־ראָק? |
| The overcoat (אָװוערקאָוט). | דער אויבער־ראָק. |
| How much cloth will it take to make me a coat? | װיא פיעל טוך װעט עס זײן נעטהיג מיר צו מאכען א ראָק? |
| To take (took, taken). | נעהמען, דויערן. |
| How long will it take you? | װיא לאַנג װעט עס איך נעהמען (דויערן)? |
| It will not take me long. | עס װעט מיר ניט נעהמען לאַנג. |
| It will take me an hour. | עס װעט מיר נעהמען א שטונדע. |
| It takes a good deal to persuade him. | עס דויערט זעהר פיעל איהם צו איבער־רעדען. |
| *To persuade (פערסװײד'). | איבעררעדען, אײנרעדען. |

| | |
|---|---|
| וויא פיל צייט ווערט נעהמען דאס צו אי־בערשרייבען? | How much time will it take to copy this? |
| זיין גענוג. | To make (made, made). |
| ווערט דאס זיין גענוג אויף א וועסטעל? | Will this make a waist-coat? |
| דאס וועסטעל. | The waist-coat (וויסט־קאָוט) |
| גענוג. | Sufficient (סאָפפּישענט)—Sufficiently. |
| געהן פאָרויס, פארויסגעהן. | To walk first אָד. before.<br>To go first אָד. before. |
| פיהרען; געפיהרט. | To lead (ליד); led (לעד), led. |
| געהן פאָרויס. | To lead the way. |
| דיזע צוויא העררען זיינען געגאנגען פאָרויס. | These two gentlemen led the way |
| ער איז געגאנגען פאָראויס און מיר זיינען נאָכגעגאנגען. | He led the way and we followed. |
| נאָכגעהן. | *To follow (פאָללאָו). |
| That way אהין | This way אהער |
| קומט אהער. | Come this way. |
| געהט אהין. | Go that way. |
| דיא ארט. | The way (וויי). The manner (מאַנ'נער). |
| אויף דיזע ארט, אזוי. | This way; in this way.<br>In this manner. |
| זאָגט מיר, אויף וועלכע ארט (וויא אזוי) איך מוז עס מאכען. | Tell me in what manner (אָד. which way) I must do it. |
| שלאָפען. | To be asleep (אָסליפּ). |
| שלאָפען פעסט. | To be fast asleep. |
| שלאָפט זיא נאָך? | Is she still asleep? |
| איינשלאָפען, ענטשלאָפען ווערען. | To fall asleep. |
| איך בין ערשט איינגעשלאָפען אום האלבע נאכט. | I did not fall asleep till midnight. |

**Not—till, ערשט.**

| | |
|---|---|
| מיטערנאכט, האלבע נאכט. | Midnight (מידנאיט). |
| ער ווערט אימער ענטשלאָפען איבער (בייא) דער ארבייט. | He always falls asleep over his work. |
| איך האב ניט צוגעמאכט קיין אויג דיא גאנצע נאכט. | I did not close an eye all night. |
| טרויען, געטרויעט. | *To trust (טראַסט). |
| טרויט איהר מיר ניט? | Do you not trust me? |

| | |
|---|---|
| I cannot trust you. | איך קען אייך ניט טרויען. |
| *To consider (קאָנסידער). | בעדענקען, איבערלעגען. |
| Let us consider the matter. | לאָמיר בעדענקען דיא זאך. |
| I will consider it. | איך וועל עס איבערלעגען. |
| The consideration (קאָנסידערייישאָן). | דיא איבערלעגונג, דיא בעטראכטונג. |
| To take into consideration. | נעהמען אין בעטראכט, נעהמען אין זינען, בעטראכטען. |
| You must take into consideration that I have no money. | איהר מוזט נעהמען אין בעטראכטונג, דאס איך האב קיין געלד. |
| To consult (קאָנסאָלט). | פרעגען א ראטה, פרעגען אן עצה. |
| Has he not consulted anybody? | האט ער קיינעם ניט געפרעגט קיין ראטה? |
| You ought to consult him about it. | איהר האט איהם געדארפט פרעגען אן עצה וועגען דעם. |
| A hem (העם) — א זוים | A seam (סים) — א נאַט |
| To be used to—.<br>To be accustomed to—. | זיין געוועהנט צו—. |
| I am used (אָד. accustomed) to it. | איך בין דערצו געוועהנט. |
| They are accustomed to read. | זיא זיינען געוועהנט צו לעזען. |
| The habit (האַביט). The use (יוס). | דיא געוואוינהייט. |
| The dress (דרעס) — דיא קליידונג | The clothes (קלאָוז) — דיא קליידער |
| A suit (סיוט).<br>A suit of clothes. | אן אַנצוג. |
| *To venture (ווענטשור). | וואגען. |
| I dare not venture it. | איך טאָר עס ניט וואגען. |
| To bring up (brought up). | ערציהען (ערצויגען). |
| He brings up his children in the country. | ער ערציהט זיינע קינדער אויף דעם לאנד |
| He was brought up in the country. | ער איז ערצויגען געוואָרען אויף דעם לאנד. |
| To educate (עדיוקייט). | ערציהען; בילדען, געבען בילדונג. |
| The education (עדיוקיישאָן). | דיא ערציהונג; דיא בילדונג. |
| At a distance. From afar (אַפאַר). | פון וויטען. |
| In the dark. | אין דער פינסטער. |
| *To translate (טראַנסלייט). | איבערזעצען. |
| To translate from English into German. | איבערזעצען פון ענגליש אין דייטש. |

## At least (אַט ליסט), ווענינגסטענס.

| | |
|---|---|
| This book is worth five dollars at least. | דיזעס בוך איז ווערטה פינף דאָללער ווענינגסטענס. |

## 212. צום איבערזעצען.

וועך איז דארטען אין דעם פאר=הויז?—א, עס איז דיא ארימע הינקעדיגע מאריע; זאל איך איהר געבען עפעס?—גיב איהר א טעלער זופ, און זאג דער קעכין איהר צו געבען עטוואס ברויט.—איך האב געמאכט דיא בעקאנטשאפט פון הערן סטאנטאן; ער איז אן אנשטענדיגער (respectable) און פריינדליכער מאן.—זייט איהר בעקאנט מיט מאדאם קראפארד?—יע; מיין הערר; איך בין געווארען מיט איהר בעקאנט אין פאריז.—וואו האט איהר פערבראכט (spent) דעם פאריגען ווינטער?—איך און מיין פאמיליע האבען פערבראכט דעם פאריגען ווינטער אין דער שטאדט פאריז.—האט איהר ווען געוואוינט אין דער שטאדט ניו יארק?—ניין, קיינמאל; איך האב אימער געוואוינט (lived) אין דער שטאדט פילאדעלפיא.—זאגט מיר, זייט אזוי גוט, וועלכעס איז דאס גרעסטע קייזער=רייך פון דער וועלט?—דאס גרעסטע קייזער=רייך פון דער וועלט איז, דענק איך, דאס קייזער=רייך רוסלאנד.—וועלכעס איז דאס גרעסטע קעניגטהום פון דייטשלאנד?—דאס גרעסטע קעניגטהום פון דייטשלאנד איז דאס קעניגטהום פרייסען (Prussia).—איהר זעהט אויס זעהר קראנק; איהר האט געדארפט האבען (=מאכען) מעהר בעוועגונג.—איך וויים זעהר גוט, דאס איך האב געדארפט האבען מעהר בעוועגונג, אבער איך קען ניט פערלאזען דאס הויז.—האט איהר גערן צו געהן (=זייט איהר א פריינד פון געהן)?—איך האב זעהר גערן צו מאכען א שפאציער פאר פריהשטיק.—זייט איהר א פריינד פון בלומען?—איך האב בלומען זעהר גערן; איך וואלט ניט וועלען (like) זיין אהן בלומען אין מיין צימער.—ווארום האט איהר מורא פאר דיזען הונד?—איך שרעק מיך פאר איהם, ווייל ער זעהט אויס, וויא ער וואלט וועלען (as if he were going) מיך בייסען.—האבען דיא קינדער מורא צו געהן אהיים אליין?—זייא שרעקען זיך ניט; איך האב ניט ליעב זייא צו לאזען געהן אליין.—האט איהר מורא הערויסצוגעהן אין רעגען?—איך האב ניט קיין מורא פאר'ן רעגען, אבער איך האב מורא איך וועל מיך פערקיהלען.

## 213. צום איבערזעצען.

זאל איך אייך געבען נאך א טעלער זופ?—גיט מיר נאך א ביסעל, געפעליגסט; אבער נאר צווייא אדער דרייא לעפעל.—לעג העריין צווייא הויפענס זאלץ אין דאס וואסער.—צווייא הויפענס וועלען זיין צו פיעל; איין הויפען וועט זיין גענוג (will do).——מאנכער מענש פערשווענדעט (spends) א סך און איז דאך ניט רייך.—ווארום עסט דוא ניט דיין זופ?—איך האב זיא ניט האלט.—דיא זופ איז זעהר גוט; מאנכעס ארימעס קינד וואלט זיך געפרייט (would be glad), ווען עס וואלט געקענט האבען אזא טעלער זופ יעדען טאג.—איז ניט דער ענגלענדער געזעסען נעבען אייך ביי'ן (at) מיטטאג?—ניין, ער איז געזעסען נעבען מיין ברודער.—וואו געפינט זיך אייער הויז?—אונזער הויז געפינט זיך פאזע נעבען דעם בארג.—וואו זייט איהר געזעסען אויף (at) דעם קאנצערט פאריגע נאכט? איך האב אייך ניט געזעהן?—איך בין ערשטוינט; איהר האט געזעהן מיין שוועסטערקינד, און מיר זיינען געזעסען הארט נעבען אייננאנדער.—וואלט איהר מיר ניט געקענט (could not you) לייהען פופציג דאללער אויף (for) א

פאַר טעג?—איך האב קיין איבעריגעס געלד, און, אויסער דעם, זייט איהר מיר נאָך שולדיג דיא דרייסיג דאָללער, וועלכע איך האב אייך געליהען פערצעהן טעג צוריק.—איך וועל זייא בעצאהלען צוזאמען.—וועלען (to intend) און קענען, פערשפרעכען און האלטען זיינען צוויא זאכען.—האט אייער טאָכטער נאר דיזעס איינציגע (one) באַל־קלייד?—זיא האט נאָך א ווייסעס זיידענעס, אויסער דעם.—בעפירכטעט איהר וועלכע געפאהר?—ניין, איך בעפירכטע קיין געפאהר.—גיט איהר אייערע קינדער א גוטע ערציהונג?—איך גיב מיינע קינדער זעהר א גוטע ערציהונג. גוטע ערציהונג פון קינדער איז א גליק (happiness) פיר (to) דיא מענשהייט (דאָס ווערטעל דיא פאַר מענשהייט ווערט אין דער איבערזעצונג אויסגעלאָזען).—איך האב צוויא פעטערס: יעקב און דוד; דער ערסטער (former) איז יונג און דער אנדערער (latter) איז אַלט.—האט איהר געזעהן דעם ביעגשטאָק?—איך האב איהם געזעהן; עס זיינען דאָ פיעלע ביעגען דערין.—אָ, עס איז שרעקליך הייס!—איהר בעקלאָגט אייך אימער אויף דאס וועטער, סיי (either) אויף דיא היץ, סייא אויף דיא קעלט; דער אלמעכטיגער גאָט קען אייך קיינמאָל צופרידען שטעלען (please).—איהר דערמאָנט דעם אלמעכטיגען גאָט אין אלעס, וואָס איהר זאָגט, גראדע וויא גאָט וואלט געוועזען (as if God were) א פערזאָן, מיט וועלכער איהר זייט בעקאַנט.—דאס איז נאָר א געוואוינהייט.—אבער אויך א שלעכטע געוואוינהייט (אויך, too, צולעצט).

## 214. צום איבערזעצען.

ווען וועט איהר מיך זוכען?—איך וויים קיינמאָל, ווען איך קען אייך געפינען צו הויז.—איך וויים ווירקליך ניט, וויא אייך צו דאנקען פיר אייער גוטסקייט (kindness).—זיא האט ניט געוואוסט, אויב זיא זאָל בלייבען (whether to stay) אדער געהן.—דיא צייטען זיינען אזוי שלעכט, מען וויים ווירקליך ניט וועמען צו טרויען.—ווען וועט איהר אָבשטאַטען (pay) אייער בעזוך דעם גענעראל בלייק (Blake)?—איך וויים ניט, צי (whether) געהן היינט אדער מאָרגען?—האט אייער מוטער שוין געקויפט עטוואָס אלס (for) א געשענק פיר (to) אייער שוועסטערקינד?—זיא קען זיך ניט ענטשליסען (make up her mind), וואָס צו קויפען.—ווארום טראָגט איהר א ווייסען הוט?—אַיי, צו האלטען מיין קאָפּ ווארים.—וויא לאנג טראָגט שוין דער יונגע דיזע שיך?—ער טראָגט זייא ניט מעהר אלס (above) פיער וואָכען, און זייא זיינען שוין גאנץ אבגעטראָגען.—האט איהר געזעהן דעם שפּאַניער היינט אין דער פריה?—יע, איך האב איהם געזעהן פון ווייטען; אבער איך האב איהם גלייך ערקענט אָן (by) דעם גרויסען הוט, וועלכען ער טראָגט.—האט איהר מיך געקענט ערקענען פון אזא ווייטקייט?—איך האב אייך ערקענט אָן דעם, דאס איהר טראָגט (by your wearing) א גרויסען הוט און א העלען (light) אויבערראָק.—איך וואונדער מיך איבער (at) אייערע קליידער.—איבער וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן (to wonder at)?—דאָס איהר טראָגט (at your wearing) אזעלכע דינע קליידער אין אזא קאלטעס וועטער.—איך בין געוואוינט צו זייא, איך פיהל ניט קאלט; געוואוינהייט איז דיא צווייטע נאַטור, פערשטעהט איהר מיך (you know).—וועט זיך דיזעס צייג טראָגען גוט?—עס וועט זיך טראָגען אזוי גוט, וויא יעדעס (any) צייג, וועלכעס איהר קענט קויפען.—מיין מוטער דענקט עס האט צו פיעל גלאנץ.—דער גלאנץ וועט זיך פער־

לירען אין א פּאָאר טעג.—וויא שרעקעדיג דער יונגער מאן איז געוועזען, וועלכער איז גע־ווען בייא אייך נעכטען; ער איז נאך ניט געוועזען (=האט זיך ניט געמישט, has not mixed) אין געזעלשאפט, דענק איך.—ער איז ערצויגען געוואָרען אויף דעם לאנד, זיין שרעקע־דיגקייט וועט זיך באלד פערליערען, ווען ער קומט (=געהט) אין געזעלשאפט.

## 215. צום איבערזעצען.

ווארום געהט איהר ניט שפּאציערען?—איך וויים ניט, וואוהין צו געהן.—איהר האט געקענט האבען אויסגעגאנגען מיט אייער שוועסטערקינד.—איידער געהן מיט איהם, וועל איך ליעבער בלייבען צו הויז.—וועט אייער פעטער נעהמען דאס הויז, וועלכעס ער האט געזעהן נעכטען?—ער וועט ניט, עס געפעלט איהם ניט. ער זאָגט, איידער נעה־מען יענעס, וועט ער ליעבער האלטען זיין אייגענעס.—איהר מאכט אימער זעהר פיעלע פעהלערן אין אייערע אויפגאבען (exercises); ווארום בעט איהר ניט אייער מומען אייך צו העלפען?—איידער פרעגען זיא, וועל איך ליעבער מאכען פעהלערן און זייא לאָזען פעררינכטען (have them corrected) דורך אייך.—ווארום בעצאהלט ניט אייער ברודער דעם מאן, וואָס ער איז איהם שולדיג?—ער האט אויסגעגעבען (spent) זיין גאנצעס געלד, איידער (before) דער מאן האט געדערט וועגען (for) זיינס.—ער האט ניט ליעב (he is not fond of) צו באָרגען, און ער איז גערעכט.—אבער דער מאן דארף האָבען זיין געלד, און ער בעשטעהט דערויף, דאס ער זאָל איהם בעצאָהלען (on being paid).—און מיין ברודער וועט בעשטעהן דערויף, דאָס ער זאָל ווארטען.—ווארום רעדט איהר ניט, אימער ענגליש?—איך מאך נאָך צו פיעלע פעהלערן צו וואגען (to venture) עס צו רעדען.—איהר לערנט עס שוין צו לאנג צו מאכען וועלכע פעהלערן.—געהט אייער טאָכטער מאריע אויף דעם באל דיזען אבענד?—זיא איז צו יונג צו לאָזען זיא געהן אויף דעם באל.—מעג איך לעזען דיזעס בוך?—איהר מעגט עס לעזען; אבער עס איז צו שווער פיר אייך צו פערשטעהן.—האט אייער שוועסטערקינד געקויפט דאס שווארצע טוך?—עס איז צו טהייער פיר איהם צו קויפען; און, אויסערדעם, דענקט ער, האט עס צו פיעל גלאנץ און איז צו דין זיך צו טראָגען גוט.—ווארום וויל אייער פעטער ניט טרינקען יענעם וויין?—ער זאָגט, איידער טרינקען אזא וויין, וועט ער ליעבער קיינעם (any) ניט טרינקען; ער איז פיעל צו זויער פיר איהם, צו גלויבען דאס עס קען זיין דיא זעלבע כאָרט, וועלכע ער האט געהאט נעכטען.—ווארום האט איהר ניט געבראכט אייערע שוועסטערס, מיר האבען זייא ערווארטעט?—עס טהוט זייא זעהר לייד, (דאָס) זייא קענען ניט קומען; אבער דאס וועטער איז צו שלעכט פיר זייא צו וואגען אויסצו־געהן אין אבענד.

## 216. צום איבערזעצען.

ווארום זייט איהר נאך ניט פערטיג מיט אייער ארבייט?—ווען איך וואלט גע־וואוסט (had known), אז דאס וואלט נעהמען אזוי פיעל צייט, וואלט איך אייך ניט געהאט פערשפּראָכען צו האָבען עס פערטיג ביז מאָרגען.—וויא לאנג וועט דאָס דויערן צו געהן פון היער צו אייך?—עס וועט געדויערן וועניגסטענס דרייא פערטעל שטונדע (of an hour). —וועט עס אייך דויערן לאנג צו איבערזעצען דיזע צווייא בריף?—עס וועט, דענק איך,

מיר דויערן א גוטע האלבע שטונדע.—וועט דאס זיין גענוג אויף א קלייד? (גענוג זיין אויף, to make)—עס איז צו ווענינ; איהר וועט ברויכען עלף איילען און א האלב, ווענינ־סטענס, און דיזע זיינען נאר עלף איילען און א פערטעל.—וועט איהר געהן אויבען מיט מיר?—איך וועל אייך נאכגעהן, ווען איהר וועט געהן פאראויס.—זייט איהר געקומען אהיים אליין אין דער פינסטער?—מיר זיינען געקומען גאנץ אליין; עס איז געוועזען גאנץ פינסטער, מיר האבען קוים געקענט זעהן דעם וועג, און יאהאן און איך זיינען נאכגע־גאנגען.—וועט איהר זיין אזוי גוט קומען אהער (this way)?—איך האב געדענקט איך מוז קומען אהין.—ווארום צייגט איהר ניט אייער שוועסטער וויא אזוי זיא דארף (must) מאכען דעם זוים?—איך האב איהר געוויזען דרייא מאל, וויא אזוי זיא דארף איהם מאכען, און זיא טהוט עס אימער ניט, וויא עס דארף צו זיין (=ניט רעכט, wrong).—איז אייער פעטער שוין געוועזען איינגעשלאפען, ווען איהר זייט געקומען אהיים פאריגע נאכט?—ניין, ער איז נאך ניט געוועזען איינגעשלאפען; ער איז נאר וואס (just) געגאנגען צו בעט.—האט איהר געהערט, וויא איך בין געקומען (=האט איהר מיך גע־הערט קומען) אהיים פאריגע נאכט?—איך האב אייך ניט געהערט; איך בין שוין גע־ווען פעסט איינגעשלאפען אום א פערטעל צו עלף; און, איך רעכען, איהר זייט געקומען אהיים אום האלבע נאכט.—לעזט איהר אין דיא אבענדען?—איך לעז פאר אבענד־עסען; ווען איך לעז נאך א בענד־עסען ווער איך ענטשלאפען דערבייא (over it).—איך נעהם אימער א בוך מיט מיר, ווען איך געה צו בעט; איך קען ניט געהן שלאפען, ווען איך לעז ניט א זייטעל (וועז—ניט, unless).

# 68th Lesson.—68סטע לעקציאן.

| | |
|---|---|
| Will you be so kind as to reach me that book? | וועט איהר זיין אזוי גוט מיר צו דערלאנגען דאס בוך? |
| *To reach (רייטש). | דערלאנגען. |
| Would you be so obliging as to show me the way to Mr. Richardson's house? | וואלט איהר זיין אזוי געפעליג, מיר צו וויי־זען דעם וועג צו העררן ריטשארד־סאנ'ס הויז? |
| How could you be so thoughtless as to send the money by your little brother? | וויא אזוי האט איהר געקענט זיין אזוי לייכטזיניג, צו שיקען דאס געלד דורך אייער קליינעם ברודער? |

וויא עס איז צו זעהן פון דיא געגעבענע ביישפיעלע, ווערט דאס ווארט אזוי אויסגע־דריקט מיט so—as, ווען דיא אנדערע העלפט פון זאץ, אד. דער נאכזאץ, הויבט זיך אן מיט א האנדלונגסווארט. דאס האנדלונגסווארט וואס קומט פאר אין אזעלכע זעצע האט אימער פאר זיך דאס ווערטעל to.

| | |
|---|---|
| Will you be so kind as to go to market? | וועט איהר זיין אזוי פריינדליך, צו געהן אין מארק? |
| Be so obliging as to return me the book. | זייט אזוי געפעליג, מיר צו אומקעהרען דאס בוך. |

| | |
|---|---|
| I shall not be so bad as to trouble you. | איך וועל ניט זיין אזוי שלעכט, אייך צו בעמיהען. |
| *To trouble (טראָבל). | בעמיהען, בעלעסטיגען. |
| You remained out so long that your father became quite alarmed (אָד. uneasy). | איהר זייט אויסען געבליבען אזוי לאנג, דאס אייער פאָטער איז געוואָרען גאנץ בעזאָרגט (אָד. אונרוהיג). |
| Alarmed (אַלאַרמד). Uneasy (אָנאִי־זי). | בעזאָרגט, אונרוהיג. |
| To become alarmed אָד. uneasy. | ווערען בעזאָרגט אָד. אונרוהיג. |
| He spends so much money uselessly, that I shall henceforth allow him no more pocket-money. | ער גיט אוים אזוי פיעל געלד אָהן נוץ, דאס איך וועל איהם פון יעצט אָן מעהר קיין טאשענ-געלד געבען. |
| Useless (יוס׳לעס)—Uselessly. | אוננוציג, אָהן נוץ. |
| *To allow (אַללאַו). | געבען. |
| Pocket-money (פּאָק׳קעט-מאָ׳ני) | טאשענ-געלד. |

## Henceforth (הענס׳פאָורטה), פון יעצט אָן.

| | |
|---|---|
| The waggon was so heavily laden that the horses could not drag it along. | דער וואָגען איז געווען אזוי שווער געלאָדען, דאס דיא פערד האבען איהם ניט גע-קענט שלעפען. |
| Heavy (האָ׳ווי)—Heavily. | שווער. |
| Laden (ליי־דען). | געלאָדען, אָנגעלאָדען. |
| *To drag (דראָג). | שלעפען, ציהען. |
| We stayed at the ball till after mid-night; but we were the first to leave. | מיר זיינען געבליבען אויף דעם באל ביז נאָך האלבע נאכט; אבער מיר זיינען געווען דיא ערסטע, וואָס זיינען אוועג-געגאנגען. |
| He was the only one to agree to it. | ער איז געווען דער איינציגער, וואס האט איינגעשטימט דערצו. |
| *To agree (אַגרי־). | איינשטימען. |
| There was no one there to go with us. | עס איז קיינער ניט געווען דארטן, וואָס זאָל געהן מיט אונז. |
| He would be the last man to do such a thing. | ער וואָלט זיין דער לעצטער, וואָס וואָלט טהאָן אזא זאך. |
| The first thing to be done. | דיא ערסטע זאך, וואָס דארף געטאָן ווערען. |
| You were the second person to tell me so. | איהר זייט געווען דער צווייטער, וואָס האָט עס מיר געזאָגט. |

| | |
|---|---|
| עס איז ניט דאָ קיין איינציגע פעדער צום שרייבען. | There is not a single pen to write with. |
| איז דאָרטען קיינער געוועזן, מיט וועמען צו רעדען? | Was no one there to speak to? |
| לאָזען זאָגען. | To send word. |
| לאָזען וויסען שריפטליך. | To write word. |
| ווען איהר קענט ניט קומען, לאָזט עס מיר זאָגען. | If you cannot come send me word. |
| אין פאַל ווען איך האב קיינעם, וועמען צו שיקען, וועל איך אייך לאָזען וויסען שריפטליך. | In case I have no one to send, I shall write you word. |
| שרייבט מיר א ציילע. | Drop me a line. |
| היינט אבענד לעזען מיר, ניט וואהר? | This evening we read, don't we? |
| איהר האט געזאָגט איהר האט מיר גע-וואָלט לייהען דיזעם בוך, ניט וואהר? | You said you would lend me this book, did not you? |
| איהר וועט היינט ניט אויסגעהן, ניט וואהר? | You will not go out to-day, will you? |
| מיר וואָלטען ניט געוועזן געבליעבען צום מיטטאָג-עסען, ניט וואהר? | We should not have stayed at dinner, should we? |
| איהר וואָלט דעם מאַן ניט טרויען, ניט וואהר? | You would not trust the man, would you? |
| ער שרייבט זעהר גוט, ניט וואהר? | He writes very well, does not he? |

ניט וואַהר? ווערט אין ענגליש אויסגעדריקט דורך דיא ווידערהאָלונג פון דעם הילפס האַנדלונגסוואָרט פון זאַץ, אָדער—ווען עס איז אין זאַץ ניט דאָ קיין הילפס האַנדלונגסוואָרט—דורך do.—ווען עס איז אין דעם פאָרדערטהייל פון זאַץ דאָ דאָס וואָרט not, ווערט עס אין דעם אויסדרוק ניט וואַהר? אויסגעלאָזען, און פערקעהרט, ווען not איז ניט דאָ, ווערט עס אין דיזען אויסדרוק צוגעשטעלט; צ. ב.

| | |
|---|---|
| איהר וואָלט דעם מאַן ניט טרויען, ניט וואהר? | You would **not** trust the man, would you? |
| ער שרייבט זעהר גוט, ניט וואהר? | He writes very well, does **not** he. |

מען ברויכט אָפט אין יודיש דאָך אנשטאָט ניט וואַהר; אין אַזא פאַל ווערט דאָך איבערגעזעצט אין ענגליש מיט דיא זעלביגע ווערטער וויא ניט וואַהר:

| | |
|---|---|
| איהר קומט דאָך? / איהר קומט, ניט וואַהר? | You come, don't you? |
| איהר וועט דאָך קומען? | You will come, will not you? |
| היינט אבענד לעזען מיר דאָך? | This evening we read, do not we? |
| היינט אבענד וועלען מיר דאָך לעזען? | This evening we shall read, shall we not? |
| איהר געהט דאָך נאָך ניט צו בעט? | You don't go to bed yet, do you? / You are not going to bed yet, are you? |

| | |
|---|---|
| ער וועט דאך ניט אוועגלויפען? | He will not run away, will he?<br>He is not going to run away, is he? |
| ער האט דאך ניט געלעזען דעם בריף? | He has not read the letter, has he? |
| איהר ווילט דאך מיך ניט בעליידיגען? | You do not mean to offend me, do you? |
| זיא האט זיך דאך ניט וועה געטהאן? | She has not hurt herself, has she? |
| וועה טהאן, קאליעטשען. | *To hurt (האירט). |
| דערלאנגען, געבען. | *To reach. *To hand. |
| בלייבען צו פריהשטיק. | To stay breakfast. |
| בלייבען צו מיטטאג. | To stay dinner. |
| בלייבען צו אבענד־ברויט. | To stay supper. |
| הערויסגעהן, ענטרינען (פון), ענטלויפען (פון); אויסמיידען, אויסווייכען. | To escape (איסקייפ׳). |
| איך האב אויסגעמידען דיזע געפאהר. | I have escaped this danger. |
| דיא געפאהר. | The danger (דיינ׳דזשער). |
| איהר האט מיך אויסגעמידען (אויסגעוויכט) דיזעס מאל. | You have escaped me this time. |
| עס איז מיר הערויסגעגאנגען פון געדאנקען (אד. פון געדעכטניס). | It had escaped my memory |
| אין פאל. | In case. |
| דער פאל. | The case (קיים). |
| אין פאל ער קומט ווידער. | In case he calls again. |
| געבען, בעשטימען, אויסזעצען. | To allow (אֶללאר). |
| וויא פיעל גיט אייך אייער פאטער טאשען־געלד א וואך? | How much does your father allow you for pocket-money a week? |
| איהרע אן אלטע מומע גיט איהר צוויא הונדערט דאללער א יאהר אויסער דעם. | An old aunt of hers allows her two hundred dollars a year besides. |
| בעשטימטעס געלד. | The allowance (אֶללאואָנס). |
| זיין וועכענטליכעס געלד.<br>וואס ער בעקומט וועכענטליך. | His weekly allowance. |
| מיין יעהרליכעס געלד.<br>וואס איך בעקום יעהרליך. | My yearly allowance |
| דיא פערגיטיגונג. | The allowance. |
| פערגיטיגען. | To allow. |
| פערגיטען, מאכען א פערגיטונג (פיר א שאדען). | To make an allowance. |
| וואס פיר א פערגיטונג וועט איהר מיר מאכען? | What allowance will you make me? |
| נעהמען אין בעטראכטונג. | To make allowence for—. |

| | |
|---|---|
| מיר מוזען נעהמען אין בעטראכטונג זיין אלטער. | We must make allowance for his age. |
| איהר מוזט נעהמען אין בעטראכטונג, דאס זיא איז ערצויגען געוואָרען אויף דעם לאנד. | You must make allowance for her having been brought up in the country. |
| פראצענט. | Per cent. (פער סענט). |

דאס וואָרט cent, וואס קומט אין per cent., איז אן אַבקירצונג פון דעם לאַטיינישען וואָרט centum (הונדערט) און דעריבער קומט נאך דעם t א פונקט, צו ווייזען אויף דיא אַבקירצונג.

| | | | |
|---|---|---|---|
| | דער פראָפיט, דאס פערדיענסט. | The profits (פראָ׳פיטס). | |
| | א טהייל, א חלק. | A share (שע־ר). | |
| | א טהייל אין פערדיענסט. | A share in the profits. | |
| | אן אכטעל פון פראָפיט. | An eighth of the profits. | |
| | דער פערלוסט, דער היזק. | The loss (לאָס). | |
| | דיא רעכנונג פון פראָפיט און פערלוסט. | The account of profits and loss. | |
| | דער פערלוסט (פערלירונג) פון צייט. | Loss of time. | |
| | אונפערנינפטיג; ניט מעסיג. | Unreasonable (אַנרי־זנ׳אֶבל). | |
| | ליסטיג, כיטרע. | Cunning (קאַנ׳נינג). | |
| | אונגעשיקט, אונגעלומפערט. | Clumsy (קלאַמזי)—Clumsily.<br>Awkward (אָ־ק׳וואָ־רד)—Awkwardly. | |
| | געשיקט. | Dexterous (דעקס׳טעראָס)—Dexterously. | |
| Fit (פיט) | פאסענד, גוט, טויגליך | Proper (פראָ׳פער) | נעהעריג, גוט |
| | זיין גוט, פאסענד אָד. טויגליך. | To be proper אָד. fit. | |
| | האלטען פיר פאסענד אָד. טויגליך. | To think proper אָד. fit. | |
| *To notice (נאָ׳רטיס) | בעמערקען | *To observe (אָבזאָירוו) | בעאָבאכטען |
| | איין טאָג. אין איין פריה־מאָרגען. | One day. One morning. | |
| | א מאָל, איין מאָל. | Once (וואַנס). | |
| | א שליחות, א גאנג. | A message (מעס׳סעדזש).<br>An errand (ער׳ראָנד). | |
| | שיקען אימעצן מיט א שליחות.<br>שיקען אימעצן א גאנג. | To send a person with a message אָד. on an errand. | |
| | א לויפ־יונגעל, א יונגעל אויף גענג. | An errand-boy. | |
| | שאָקלען; געשאָקעלט. | To shake (שייק); shook (שוק), shaken (שייקן). | |
| | שאָקלען דעם קאָפּ. | To shake one's head. | |
| | ווארום שאָקעלט איהר דעם קאָפּ? | Why do you shake your head? | |
| | געבען דיא האנד, געבען שלום־עליכם. | To shake hands. | |
| | קלינגען; געקלונגען. | To ring (רינג); rang (ראַנג), rung (ראָנג). | |

| | |
|---|---|
| קלינגען דאס גלעקעל.<br>אָנקלינגען. | To ring the bell. |
| ציהען דאס גלעקעל.<br>אָנקלינגען. | To pull the bell. |

## 217. צום איבערזעצען.

ווארום נעהט איהר שוין?—איהר שיינט (seem) צו זיין אין גרויסע איילענעס.—
איך וואָלט וועלען בלייבען א ביסעל לענגער, אבער מיין מוטער וויל, דאָס איך זאָל זיין
(=ווינשט מיך צו זיין) צו הויז פאר צוועלף.—וועט איהר זיין אזוי גוט זאָגען אייער ברו=
דער, דאס עס איז נעטהיג דעם לאָנדאָנער בריף היינט אָבצושיקען (=דאס עס איז נעטהיג
פיר דעם לאָנדאָנער בריף היינט אבגעשיקט צו ווערען)?—איך בין עבען געקומען אייך
צו פרעגען וועגען דעם.—וויא קענט איהר זיין אזוי אונפערנינפטיג צו ערוואַרטען, אז
זיך זאָל עס טהאָן?—איך געפין קיין אונפערנינפטיגע זאַך (nothing unreasonable) דערין.
—ווער איז געוועזן אזוי אונגעשיקט איבערצוקעהרען (to upset) דאָס גלאָז וואסער?—
איך האב עס געטהאָן; אבער עס איז ניט געוועזן מיין שולד (=איך האב עס ניט גע=
קענט העלפען).—זיא האט עס געטהאָן אזוי געשיקט, דאס זיא איז פון קיינעם ניט בע=
מערקט געוואָרען.—זיא האט גערעדט אזוי נידריג, דאס זיא איז פון קיינעם ניט געהערט
געוואָרען.—איהר ווידערשפּרעכט (contradict) איינער דעם אנדערן אזוי אָפט, דאָס איך
קען קיינעם פון אייך ניט גלויבען.—זייא זיינען געוואָרען אזוי אָרים, דאס זייא האבען
ניט געהאַט קיין מיטטאָג זייט דרייא טעג.—איהר שרייבט אזוי שלעכט, דאס קיינער
קען עס ניט לעזען.—איך האלט איהם ניט פיר אזא רייכען און ניט פיר אזא עהרליכען
מאַן, דאס איך זאָל איהם אָנטרויען (as to trust with) אזא גרויסע סומע געלד.—שרייבט
איהר פיעלע בריף?—ניין, איך האב קיינעם, צו וועמען צו שרייבען (צו וועמען ווערט
אין דיזען זאַץ איבערגעזעצט בלויז מיט דעם וואָרט to אַם ענדע זאַץ).—אויסער מיין מומען
איז דאָרטען ניט געוועזן קיין איינציגע זעעלע, צו וועמען צו רעדען א וואָרט.—געהט איהר
אויף (to) דעם באַל היינט בייא נאכט?—איך וואָלט זעהר וועלען געהן, אבער איך האב
קיינעם, מיט וועמען צו געהן (מיט וועמען ווערט אין דיזען זאַץ איבערגעזעצט בלויז דורך
with אַם ענדע זאַץ).

## 218. צום איבערזעצען.

איהר האט פערשפּראָכען מיר צו לאָזען זאָגען, אויב איהר וועט קומען; ווארום
האט איהר (עס) ניט געטהאָן? מיר האבען אייך ערוואַרטעט.—אַיי, איך האב אייך
יע געלאָזען זאָגען; אדער ריכטיגער (rather) איך האב געבעטען שאַרלאָטטען אייך זאָ=
גען, ווען זיא געהט פארבייא, דאָס איך וועל ניט קענען קומען פאר האלב אכט, און צו
דער זעלבער צייט אויך צו בעטען מיך צו לאָזען וויסען שריפטליך, אויב עס וואָלט זיין
פּריה גענוג; אבער איהר האט מיר ניט געשריבען ניט געלאָזען זאָגען.—אייער שוועס=
טערקינד איז בייא מיר געוועזן א האַלבע שטונדע, אבער זיא האט ניט געזאָגט א וואָרט
פון אייך.—איהר האט דאָך געשריבען דעם בריף נאָך (to) פּאריז?—געוויס (to be sure),
אבער ער וועט ניט אָבגעשיקט ווערען ביז מאָרגען, ניט וואהר?—עס איז א וואָך זייט

הערר פּאַרסאָן (Parson) האט אונז געבראַכט א בריף פון אונזער פעטער, ניט וואהר? —עס איז שוין מעהר אַלס א וואָך, דענק איך.—עס וואָלט זיין זעהר אונרעכט, ווען אונזער פעטער וואָלט ניט קומען, ניט וואהר?—מיר האבען היינט געדאַרפט שרייבען, ניט וואהר?—איהר האט איהם געזעהן פאָריגע וואָך, ניט וואהר?—איהר וועט בלייבען צו אבענד-עסען, ניט וואהר?—איהר וועט מעהר ניט טרינקען, ניט וואהר?—דאס איז דאָך ניט דער זעלביגער וויין, וועלכען מיר האבען געהאַט נעכטען?—האט איהר עטוואָס פערלאָרען אָן (by) דיזעס געשעפט?—ניין, איך האב אויסגעמידען דעם פערלוסט (היזק). —וואָס זאָל (must) איך זאָגען צו דעם העררן (gentleman), אין פאַל ער קומט (calls), ווען איהר זייט ניט צו הויז?—זאָגט איהם נאָר, דאס איך קען איהם ניט פערגיטיגען מעהר אַלס דרייא פּראָצענט פיר דעם שאַדען (damage).—אבער, אויב ער בעשטעהט אויף פינף פּראָצענט?—בעמיהט אייך עס אָבצומאַכען (to settle) מיט איהם אזוי גוט וויא איהר קענט; דען, איידער צו נעהמען צוריק דיא וואַארע, וויעל איך ליעבער מאַכען א פערגיטיגונג פון פינף פּראָצענט.—בעצאָהלט אייער מוטער פיר דיא האַנדשוה, אָדער מוזט איהר פיר זייא בעצאָהלען פון אייער טאַשענ-געלד?—מיין מוטער גיט מיר און מיין שוועסטער פינף דאָללער אַלס טאַשענ-געלד א וואָך, און אונזער מומע גיט יעדען פון אונז צעהן דאָללער א מאָנאַט אויסער דעם.

## 219. צום איבערזעצען

האָט איהר א טהייל אין דעם פּראָפיט?—אונזער פאָטער גיט יעדען פון אונז אַן אַכטעל פון דעם פערדינסט.—וואָלט עס ניט זיין רעכט פון (for) איהם מיר צו מאַכען א פערגיטיגונג פיר מיין מיהע און פערלוסט פון צייט?—איך דענק ער וועט אייך פערניטיגען וויא (=וואָס) געהעריג איז; אבער איהר וואָלט איהם בעליידיגען, ווען איהר וואָלט עטוואָס געפאָדערט (פאָדערן, to ask for).—ווען איך בעט גאָרנישט, וועט ער מיר גאָרנישט געבען.—וועט איהר זיין אזוי פריינדליך מיר צו דערלאַנגען א לעפעל?—געוויס, מיין הערר.—עס טהוט מיר לייד, איך בעמיהע אייך אימער.—איהר בעמיהט מיך ניט. —וואָרום זייט איהר אויסען געבליבען (אויסען בלייבען, to remain out) אזוי לאַנג? אייער פאָטער איז געוואָרען גאַנץ בעזאָרגט פאָריגע נאַכט.—עס איז ניט געוועזען מיין שולד, מיין פעטער האט מיך געבעטען בלייבען בייא איהם א ביסעל לענגער.—פון יעצט אָן זאָלט איהר ניט אויסען בלייבען אזוי שפּעט.—איך שעם מיך זעהר, איהר האט גאַנץ רעכט.—וועט איהר מיר שרייבען א בריף פון דעם לאַנד?—איך וועל אייך שרייבען א ציילע נעכסטע וואָך.—איך האָף איהר וועט האַלטען וואָרט; גיב מיר דיא האַנד, מיין טהייערער פריינד.

---

# 69th Lesson.—69סטע לעקציאָן.

**But, but what, וואָס—ניט; וואו—ניט; דאָס—ניט; אויב—ניט.**

| | |
|---|---|
| איז געשעפט עטוואָס בעסער? | Is business any better? |
| געשעפט איז שלעכט; עס איז ניט דאָ איינער, וואָס בעקלאָגט זיך ניט. | Business is bad; there is not one but complains. |

I never go to your house, but you are out.
איך געה קיינמאָל צו אייך, וואו איהר זאָלט ניט זיין אוועק (פון הויז).

You never touch anything, but you spoil it.
איהר ריהרט קיינמאל עפעס אן וואו איהר פערדארבט עס ניט.

*To spoil (ספּױל).
פערדארבען, איבערפיהרען.

The exercise is not so long, but what you might have finished.
דיא אויפגאבע איז ניט אזויא לאנג, דאָס איהר זאלט זיא ניט קענען האָבען פערטיג געמאַכט.

You cannot tell, but I may have something else to do.
איהר קענט ניט זאָגען (וויסען), אויב איך קען עטוואָס אַנדערש ניט האָבען צו טהאן.

Have I ever told you anything but what was true?
האב איך אייך ווען עטוואס געזאגט, וואס איז ניט געווען וואהר?

There is scarcely a work on that subject but what he has read.
עס איז קוים דא א ווערק איבער יענעם געגענשטאנד, וואס ער האט ניט געלעזען.

There is not a family in the town but what he knows.
עס איז ניט דא קיין פאמיליע אין דער שטאדט, וואס ער קען ניט.

He never meets anybody but what he has something to say to.
ער בעגעגענט קיינמאל אימיצען, וועמען ער האט ניט עפעס צו זאגען.

## But for, ווען ניט, ווען—ניט געווען, אָהן.

But for your assistance I should not have accomplished this.
אהן אייער הילף וואלט איך דאס ניט עררייכט.

The assistance (אַססיס׳טאַנס)
דיא הילף.

*To accomplish (אַקקאָמ׳פּליש).
עררייכען, ערלאנגען.

But for his being angry I should have told it to him at once.
ווען ער וואלט ניט געוועזן בייז, וואלט איך עס איהם גלייך געזאגט.

## Cannot but (could not but), ניט קענען אַנדערס, מוזען.

I cannot but allow that you are right.
איך מוז צוגעבען, דאס איהר האט רעכט.

*To allow
צוגעבען.

They could not but do what we required.
זייא האבען געמוזט טהאן, וואס מיר האבען פערלאנגט.

*To require (ריקוואיר).
פערלאַנגען.

You cannot but pay the bill.
איהר מוזט בעצאהלען דעם וועקסעל.

Present (פּרעז׳ענט).
געגענווערטיג, יעצטיג.

Yesterday's, of yesterday.
נעכטיג.

| | |
|---|---|
| To-morrow's, of to-morrow. | מאָרגענדיג. |
| Last year's, of last year. | פאַר-אַ-יאָהריג. |
| Then, at that time. | דאַמאָלדיג. |
| My note of yesterday was quite unnoticed. | מיין נעכטיגער צעטעל איז געווען גאַנץ אונבעמערקט. |
| Unnoticed (אַננאָטיסט). | אונבעמערקט, ניט בעמערקט. |
| The present month. | דער געגענוועהרטיגער מאָנאַט. |
| Yesterday's business אָד. the business of yesterday. | דאס נעכטיגע געשעפט. |
| To morrow's date אָד. the date of to-morrow. | דאס מאָרגענדיג׳ דאַטום. |
| Last year's present אָד. the present of last year. | דאס פאַר-אַ-יאָהריגע געשענק. |
| The then teacher אָד. teacher at that time. | דער דאַמאָלדיגער לעהרער. |

| | |
|---|---|
| Necessary (נע׳סעססאֶרי) | נעטהיג |
| Improper (אימפראָ׳פער) | אונפאַסענד |
| Remarkable (רימאַר׳קעבל) | מערקווירדיג |
| Right (ראַיט) } Just (דזשאָסט) } | רעכט |
| Wrong (ראָנג) | אונרעכט |
| Mortifying (מאָר׳טיפאַיאינג) | קרענקענד |
| Sad (סאֶד) } Melancholy (מע׳לאֶנקאָלי) } | טרויריג |
| Fortunate (פאָר׳טשונייט) } Lucky (לאָק׳קי) } | גליקליך |

| | |
|---|---|
| Advisable (אֶדוואַי׳זאֶבל) } Expedient (עקספי׳דיענט) } | ראַטהזאַם |
| Astonishing (אֶסטאָ׳נישינג) | זאָנדערבאַר |
| Surprising (סאָירפּראַי׳זינג) | ערשטוינענד |
| Hard (האַרד) | האַרט; שלעכט |
| Impossible (אומפּאָס׳סיבל) | אונמעגליך |
| Important (אימפּאָר׳טאֶנט) | וויכטיג |
| Credible (קרע׳דיבל) | גלויבליך |
| Incredible (אינקרע׳דיבל) | אונגלויבליך |
| Shocking (שאָק׳קינג) | שוידערנד |
| Unfortunate (אָנפאָר׳טשונייט) | אונגליקליך |

| | |
|---|---|
| It is impossible for him to be here to-morrow. | עס איז אונמעגליך פיר איהם צו זיין היער מאָרגען. עס איז אונמעגליך, דאס ער זאָל זיין היער מאָרגען. |
| It is impossible that he should be here to-morrow. | עס איז אונמעגליך, דאס ער זאָל זיין היער מאָרגען. |
| Would it be so incredible for her to answer such a question in the negative? | וואָלט עס זיין אזוי אונמעגליך פיר זיא צו ענטפערן „ניין" אויף אזא פראַגע? וואָלט עס זיין אזוי אונמעגליך, דאס זיא זאָל ענטפערן „ניין" אויף אזא פראַגע? |
| Would it be so incredible that she should answer such a question in the negative? | וואָלט עס זיין אזוי אונגלויבליך, דאס זיא זאָל ענטפערן „ניין" אויף אזא פראַגע? |

| | |
|---|---|
| פערניינענד, דייטענד אויף ניין. | Negative (נעגאַטיוו). |
| ענטפערן „ניין“, פערניינענ. | To answer in the negative. |
| בעשטעטיגענד, בעיאהענד, דייטענד אויף יע. | Affirmative (אַפפאירמאַטיוו). |
| בעיאהען, ענטפערן „יע“. | To answer in the affirmative. |
| וועל איך געפינען אייער פאַטער צו הויז יעצט? | Shall I find your father at home now? |
| איך גלויב, יע. | I think you will. |
| איך גלויב, ניין (אַד. ניט). | I think not. |

אין אזעלכע זעצע ווי „איך דענק, יע“, „ער זאַגט, יע“, „איך האָף, יע“ או. אז. וו. ווערט יע אין ענגליש אויסגעדריקט ניט מיט דעם וואָרט yes, נאָר מיט דער ווידערהאָלונג פון דעם הילפס האַנדלונגסוואָרט פון דער געשטעלטער פראַגע; צ. ב. Will you go? וועט איהר געהן? — I hope I will, איך האָף, יע; Does he write? שרייבט ער? I think he does, איך דענק, יע או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| וועט ער עס קענען טהאָן? | Will he be able to do it? |
| ער זאָגט, יע. | He says he will. |
| קען אייער שוועסטער קומען? | Can your sister come? |
| איך דענק, יע. | I think she can. |
| אַלץ מעהרער. | More and more. |
| אַלץ גרעסער. | Larger and larger. |
| אַלץ ווייניגער. | Less and less. |
| עס איז געוואָרען אַלץ פינסטערער. | It grew darker and darker. |
| עס ווערט אַלץ ערגער. | If grows worse and worse. |
| ער ווערט אַלץ אויפמערקזאמער. | He grows more and more attentive. |
| אויפמערקזאם. | Attentive (אַטטענטיוו)—Attentively. |
| דאס בוך ווערט אַלץ אמוזאנטער (אַד. אינטערעסאַנטער). | The book becomes more and more entertaining. |
| אַלמעליג, שטופענווייז. | Gradual (גראַדיואַל). |
| שטופענווייז, גראַדענווייז. | Gradually (גראַדיואַללי). By degrees (באַי דיגריז). |
| ביסלאַכווייז. | By little and little. |
| דאס ביישפּיעל. | The example (עגזאַמפּל). The instance (אינסטאַנס). |
| צום ביישפּיעל. | For instance. For example. |
| איך האָב געזעהן פיעלע אזעלכע ביישפּיעלען. | I have seen many such instances. |
| נעהמט אייך א ביישפּיעל פון דעם. | Take an example by it. |
| א זעלטענעס ביישפּיעל פון טרייהייט | A rare instance of fidelity. |

| | |
|---|---|
| The fidelity (פידע'ליטי). | דיא טרייהייט. |
| History does not furnish an instance of greater cruelty. | דיא געשיכטע ליפערט ניט קיין ביישפיעל פון גרעסערער גרויזאמקייט. |
| The history (היס'טארי). | דיא געשיכטע, דיא היסטאריע. |
| *To furnish (פאיר'ניש). | געבען, ליפערן. |
| Cruelty (קרועלטי). | גרויזאמקייט, אכזריות. |
| *To reach (ריי'טש). | קומען צו דער האנד, אנקומען (פון בריף); אנקומען, אנלאנגען (אין אן ארט). |
| Your favor of the 30th of last month has just reached me. | אייער ווערטהער (בריף) פון דעם 30סטען פון פאריגען מאנאט איז מיר עבען אנגעקומען. |
| Favor (פיי'וואר). | ווערטהער (בריף). |

צאהלען וויא: ערסטער, צווייטער, דרייצעהנטער, פערצעהנטער, צוואנציגסטער, דרייסיגסטער או. אז. וו. הייסען ארדנונגס צאהלען. ארדנונגס צאהלען קענען געשריבען ווערען אבגעקירצט; דיא אבקירצונג ווערט געמאכט דורך ציפער און דורך דיא לעצטע צוויא בוכשטאבען פון ווארט; צ. ב. דער ערסטער—1st (first), דער צווייטער—2nd (second), דער דריטער—3rd (third), דער פערטער—4th (fourth), דער צעהנטער—10th (tenth), דער צוואנציגסטער—20th (twentieth), דער דרייסיגסטער—30th (thirtieth) או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| Instant (אינ'סטאנט).<br>Of this month. | פון דיזען מאנאט. |
| Ultimo (אל'טימאו).<br>Of last month. | פון פאריגען מאנאט. |

Instant און ultimo ווערען געוועהנליך געשריבען אבעקירצט—inst. און ult.

| | |
|---|---|
| When did you receive the letter? | ווען האט איהר ערהאלטען דעם בריף? |
| I received it the 20th inst. (אד. of this month). | איך האב איהם ערהאלטען דעם 26סטען פון דיזען מאנאט. |
| My brother received a letter the 2nd ult (אד. of last month). | מיין ברודער האט ערהאלטען א בריף דעם 2טען פון לעצטען מאנאט. |
| When do you expect to reach Paris? | ווען דענקט איהר אנצוקומען אין פאריז? |
| Immediately after reaching Paris (אד. on my arriral at Paris) I shall write to you. | גלייך נאך מיין אנקומען אין פאריז, וועל איך אייך שרייבען. |
| *To embark (עמבארק). | זיך איינשיפען, זיך זעצען אויף א שיף. |
| To embark for—. | זיך איינשיפען נאך—. |
| The board (באורד). | דאס דעק פון א שיף. |
| To go on board. | הערויפגעהן אויף א שיף. |
| I embarked at Hamburg on the 6th of last month. | איך האב מיך איינגעשיפט אין האמבורג דעם זעקסטען פון פאריגען מאנאט |

| | |
|---|---|
| דיא געלעגענהייט; דיא בעדערפעניס, דיא נויטהווענדיגקייט. | The occasion (אָקקיי׳זשאָן). |
| האבען נעטהיג, בעדארפען. | To have occasion for—.<br>To have occasion to—. |
| וועט דאָ זיין וועלכע נויטהווענדיגקייט?<br>וועט עס זיין נעטהיג? | Will there be any occasion? |
| עס וועט קיין נויטהווענדיגקייט זיין.<br>עס וועט ניט זיין נעטהיג. | There will be no occasion. |
| איז געווען וועלכע נויטהווענדיגקייט פיר איהם צו געהן?<br>איז עס געווען נעטהיג פיר איהם צו געהן? | Was there any occasion for him to go? |
| וועל איך האבען נעטהיג צו ווארטען? | Will there be any occasion for me to wait?<br>Shall I have any occasion to wait? |
| איהר ברויכט ניט צו ווארטען. | You have no eccasion to wait. |
| איך האב ווייטער ניט נעטהיג אייערע דיענסטע. | I have no further occasion for your services. |
| אָנקומען, אנלאנגען. | *To arrive (אֶרראַיוו). |
| אנקומען צו—, אנלאנגען אין—. | To arrive at—. |
| ווען איז ער אָנגעקומען אין לאָנדאָן? | When did he arrive at London?<br>When did he reach London? |
| קומען. | *To arrive (אֶרראַיוו). |
| קומען צו דער וואהרהייט. | To arrive at the truth. |
| ברענען; געברענט. | *To burn (באָירן); burnt (באָירנט), burnt. |

To burn אין אויך רעגעלמעסיג און קען זיין פיר דיא איינפאכע פערגאנגענע צייט און אלס פערגאנגענהייטס מיטעלוואָרט burned.

| | |
|---|---|
| אָבברענען. | To burn down. |
| אָנצינדען, אונטערצינדען. | To set on fire.<br>To set fire to—. |
| דאס פייער, דער בראנד, דיא שרפה. | The fire (פאיר). |
| דאָס הויז איז אונטערגעצונדען געוואָרען. | The house was set on fire. |
| עס איז געווען א פייער (א שרפה) פאָריגע נאכט.<br>עס האט פאָריגע נאכט געברענט. | There was a fire last night. |
| וואו איז דיא שרפה?<br>וואו ברענט עס? | Where is the fire? |
| צוויא הייזער האבען אָבגעברענט. | Two houses were burnt down. |
| ספעקולירען. | *To speculate (ספעקיולייט). |

| | |
|---|---|
| He has speculated very much in grain. | ער האט זעהר פיעל ספעקולירט אין גע-טריידע. |
| The grain (גריין). | דאס געטריידע. |
| *To suspend (סאספענד׳). | איינשטעלען, אויפהערען. |
| To suspend (אד. stop) payment. | איינשטעלען צאהלונג (אויפהערען צאהלען). |
| *To fail (פייל). | מאכען באנקראט, באנקראטירען, אנזעצען. |
| The failure (פיי׳ליור). | דער באנקראט. |
| He has failed in a large amount. | ער האט געמאכט באנקראט אין א גרויסע סומע. |
| Another businessman has stopped (אד. suspended) payment. | נאך א געשעפטסמאן האט איינגעשטעלט צאהלונג. |
| Another house (אד. firm) has failed. | נאך א פירמע האט באנקראטירט. |
| How much in the dollar will Johnson & Co. pay? | וויא פיעל (פראצענט) פון דאללער וועט דזשאהנסאן און קאמפ. בעצאהלען? |
| They will pay 30 cents in the dollar. | זייא וועלען בעצאהלען 30 פראצענט פון דאללער. |

& איז דאס לאטיינישע ווארט et (און) און שטעהט אין ענגליש אימער בייא א פירמע אנשטאט and. Co. איז דיא אבקירצונג פון דעם ווארט company (א קאמפאניע, ד. ה. שותפים).

| | |
|---|---|
| *To turn (טאירן). | דרעהען, ווענדען, קעהרען. |
| To turn out. | אויספאלען, זיך אויסלאזען. |
| The thing has turned out better than I expected. | דיא זאך איז אויסגעפאלען בעסער אלס איך האב ערווארטעט. |
| I hope it may turn out as you wish. | איך האף עס קען אויספאלען (זיך אויס-לאזען) וויא איהר ווינשט. |
| It turned out according to my wishes. | עס האט זיך אויסגעלאזען נאך מיין וואונש. |
| To stop at—. To stay at—. | זיך אויפהאלטען אין—. |
| To hang (האנג); hung (האנג), hung. | הענגען, אויפהענגען; געהאנגען, אויפגע-האנגען. |
| A rich harvest. / A plentiful harvest. | א רייכע ערנטע. |
| The harvest (הארוועסט). | דיא ערנטע, דיא שניט (איינזאמלונג פון פעלד). |
| Plentiful (פלענ׳טיפול). | רייך. |
| What makes you think so? | וואס מאכט איך (איהר זאלט) דענקען אזוי? / וויא אזוי דענקט איהר עס? |
| A gossip (גאס׳סיפ). | א פלוידערער, א פלוידערין; פלוידערייא. |
| I understand he is to be here to-morrow. | איך הער, ער דארף זיין היער מארגען. |

דאס ווארט to nnderstand לעגט זיך אויף הערען אין דעם זין פון פערשטעהן: וואס מען הערט, אבער ניט אויף דיא קראפט פון הערען.

## 220. צום איבערזעצען.

האט איהר ניט ווידער א נייעם ראָק אויף אייך? (אויף אייך ווערט איבערגעזעצט בלויז מיט דעם ווערטעל on)—איהר זאָגט ווידער, גראדע וויא איך וואָלט געלאָזען (as if I had) אזוי אָפט מאכען א נייעם ראָק.—גיט איהר ניט אוים (אויסגעבען, to spend) זעהר פיעל אויף (for) קליידער?—איך קען אייך פערזיכערן, עס איז ניט דאָ איינער אין דער גאנצער שטאָדט, וואס גיט אוים מעהר אויף קליידער אלס איך (than I do).—האט אייער פריינד פיעלע בעקאנטשאפטען אין שטאָדט?—ער האט מעהר בעקאנטשאפטען אלס איך, וועלכער איז געוועזען היער פיעל לענגער; עס איז קוים דאָ א פאמיליע אין דער שטאָדט, וואָס ער ווייס ניט.—וועט איהר, פיעללייכט, האבען צייט (=וועלכע צייט) היינט נאָכמיטטאָג צו געהן מיט מיר צו אייער מומען?—איך האב פיעל צו טהאָן; ניט אזוי פיעל, אָבער (however), דאס איך וואָלט ניט קענען (might) געפינען צייט צו געהן מיט אייך צו מיין מומען אויף (for) א האלבע שטונדע.—האט איהר געלעזען בולווער׳ס (Bulwer's) ווערקע?—איך גלויב עס איז ניט דאָ איינס פון זיינע ווערקע, וואָס איך האָב ניט געלעזען.—וואָס מאכט איהר?—איך בין גאָר ניט געזונד; איך האב א פערקיהלונג.—עס טהוט מיר זעהר לייד; איהר מוסט אייך בעסער נעהמען אין אכט; איהר געהט קיינמאָל ניט אוים, וואו איהר זאָלט אייך ניט פערקיהלען.—ווער ווייס אויב ער קומט ניט היינט אבענד?—איז געשעפט עטוואָס בעסער יעצט?—געשעפט איז יעצט שלעכט; עס איז ניט דאָ איינער וואָס בעקלאָגט זיך ניט.—געפינט איהר ווען אייער ברודער צו הויז?—איך קום קיינמאָל צו איהם, וואו ער זאָל ניט זיין אוועג.—וועט איהר מיר ערלויבען צו האלטען דאָס גלאָז, וועלכעס איהר האט נעכטען געקויפט?—ניין, מיין פריינד; איהר ריהרט קיינמאָל עפּעס אָן, וואו איהר פערדארבט עס ניט.—איך וועל ניט האבען געענדיגט מיין אויפגאבע אום פיער א זייגער נאָכמיטטאָג.—דיין אויפגאבע איז ניט אזוי לאנג, דאס דוא זאָלסט זיא ניט קענען האבען געענדיגט ביז יענער שטונדע.—אזוי וויא דוא האסט יעצט גאָרנישט צו טהאָן, וועסט דוא זיין אזוי גוט שרייבען פיר מיך א בריף נאָך לאָנדאָן.—איהר קענט ניט וויסען, אויב איך קען עטוואָס אנדערש ניט האבען צו טהאָן.—איך גלויב ניט, וואָס דו זאָגסט.—האָב איך ווען עטוואָס געזאָגט, וואָס איז ניט געוועזען וואהר?—האט איהר געלעזען וועלכע ווערקע איבער יענעם געגענשטאנד?—עס איז קוים דאָ א ווערק איבער יענעם געגענשטאנד, וואָס איך האָב ניט געלעזען.—קען אייער ברודער וועלכע פאמיליע אין פילאדעלפיא?—עס איז ניט דאָ איין פאמיליע אין פילאדעלפיא, וואָס ער קען ניט.

## 221. צום איבערזעצען.

יעצט האט איהר עררייכט (accomplished), וואָס איהר האט פערלאנגט.—ווען ניט (אָהן) אייער הילף וואָלט איך דאָס ניט עררייכט.—וואָרום האט איהר עס ניט דערצעהלט?—ווען ער וואָלט ניט געוועזען בייז, וואָלט איך עס איהם גלייך געזאָגט.—איך מוז צוגעבען, (דאָס) איהר האט רעכט.—האבען זייא געטהאָן, וואָס אונזער פעטער האט פערלאנגט?—יע, מיין הערר; זייא האבען געמוזט טהאָן, וואָס ער האט פערלאנגט.—זאָל איך בעצאהלען דעם וועקסעל היינטיגע (=דיזע) וואָך?—איהר מוזט בעצאהלען

דעם וועקסעל היינטיגע וואָך, זאָנסט וועט ער אייך ניט מעהר געטרויען.—האט איהר נעקריגען געשענקע פון אייערע עלטערן?—יע, איך האב געקריגען צוויא געשענקע, איינס היינט און איינס נעכטען.—וועלכעס איז בעסער, דאס היינטיגע געשענק אדער דאס נעכ־טיגע?—וועלכער שנעע איז געוועזן ווייסער דער היינט־יעהריגער (this year's) אָדער פאר־א־יאָהריגער?—דאס ווייס איך ניט; דוא מוסט עס פרעגען אימעצן אנדערס.—וואו איז אהינגעקומען דער לעהרער, וואָס האט אונז אונטערריכטעט צווייא יאהר צוריק?—אונזער דאמאָלדיגער לעהרער איז אוועגגעפאָהרען נאָך (for) טשיקאגא.—איז עס ראטהזאם צו שרייבען א בריף צום נייעם קויפמאַן?—איך דענק עס איז זעהר ראטהזאם אזוי צו טהאָן.—זעהט איהר וויא שעהן מיין קליינע טאָכטער שרייבט?—עס איז ווירק־ליך ערשטוינענד! איך האב קיינמאָל געזעהן א קינד שרייבענדיג אזוי שעהן.—העררד דזשאָהנסאָן איז א הארטער (שלעכטער) מענש; ער וועט אייך זעלטען טהאָן א טובה.—וואָס רעדט איהר? דאס איז אונגלויבליך; איך האב איהם אימער געהאלטען פיר א גוטען, פריינדליכען מענשען.—האט איהר געהערט דיא נייעס? דאָקטאָר ריטשארדז איז שון געקומען צוריק פון זיינע רייזען.—איך האב עס ניט געהערט, דאס איז זעהר א וויכטיגע נייעס.—דיא צווייא העררען, וועלכע זיינען צו אונז נעכטען הערייננעקומען, זיינען מיט צווייא יאהר צוריק געווען אָרימע לייט און היינט זיינען זייא זעהר רייך; זייא זאָגען, זייא האבען געמאכט זעהר פערמעגען ספעקולירענדיג אין געטריידע, איז עס מעג־ליך?—ווארום ניט; איך האלט זייא פיר עהרליכע מענשען און איך גלויב, זייא ערצעהלען דיר דיא וואהרהייט.—זייא זיינען גליקליכע און מיר זיינען אונגליקליכע מענשען; מיר וועלען קיינמאָל זיין רייך.—דאס קענען מיר ניט וויסען (=זאָגען), מיר קענען נאָך ווע־רען אזוי רייך, וויא זייא.—עס איז נויטהיג פיר יעדען פאָטער צו געבען זיין קינד א גוטע ערציהונג, און וויא קרענקענד איז עס צו זעהן, וויא פאָטערס פערנאכלעסיגען (neglect) עס צו טהאָן.—יעדער מענש מוז טהאָן זיין פליכט (duty), טהאָן אימער וואָס איז רעכט.—איהר מוזט אבער ניט פערגעסען, דאס מיר קענען ניט אימער טהאָן וואָס איז רעכט, מיר זיינען מאנכמאָל געצוואונגען צו טהאָן דאָס, וואָס איז אונרעכט.—דיא יונגע דאמע וועלכע שטעהט איין (איינשטעהן, to stay) בייא מאדאם קראָפאָרד איז שטענדיג טרויריג; קענט איהר מיר זאָגען פיר וואָס?—איך קען אייך זאָגען פיר וואָס: זיא ליעבט א יונגען מאן און ער ליעבט זיא ניט.—קענט איהר דעם יונגען מאן, וועמען זיא ליעבט?—איך קען איהם זעהר גוט און איהר קענט איהם אויך: עס איז העררר גאָרדאָן דער בוכ־האלטער (book-keeper) פון דער פירמע ריטשארדסאָן און קאָמפּאַניע.—עס איז מערקווירדיג, וויא ליעבע איז בלינד; זיא איז אזא שעהנעס מעדכען און ער איז אזא גראָבער (rude) מענש.

## 222. צום איבערזעצען.

האט אייער ברודער געפרעגט דעם יונגען מאן, אויב ער וועט איהם לייהען זיינע ביכער מאָרגען?—יע (יע אַלס אַן ענטפער ווערט איבערזעצט דורך דיא ווידערהאָלונג פון דעם הילפס האַנדלונגסוואָרט, וואָס קומט פאָר אין דער פראַגע).—האט ער געענטפערט „יע" אָדער „ניין"?—ער האט געענטפערט „יע".—וועל איך אייער ברודער יעצט געפינען צו הויז?—איך גלויב, יע.—וועלען אייערע פערוואנדטע אייך היינט מאכען א בעזוך?—איך דענק

ניין; זייא ווילען, פיעללייכט, אונז בעזוכען מאָרגען.—וועט ער קענען שרייבען דיא בריף ווענען אונזער נייעם געשעפט?—ער זאָגט, יע.—קענט איהר קומען?—איך דענק, יע.—עס׳ איז צייט אוועגצולעגען דיא ביכער, עס ווערט אַלץ פינסטערער.—דוא האָסט רעכט; מיר ווילען לעגען דיא ביכער אָן א זייט (aside) און מיר ווילען אויסגעהן מאַכען א שפּאַציער.—דיזע יונגע דאַמע ווערט אַלץ שעהנער און דיזער יונגער העדר ווערט אַלץ שטאַרקער.—פריילין מאַרטאָן ליעבט הערדן האַרטאָן און זיא איז איהם זעהר טרייא, אבוואהל ער איז העסליך און ניט רייך.—דאס איז ווירקליך א זעלטענער פאַל פון טרייהייט; נעהמט אייך א ביישפּיעל דערפון.—איך האב געזעהן פּיעלע אַזעלכע ביישפּיעלען. —אייער בריף פון דעם 27סטען פון דיזען מאָנאט איז מיר עבען אָנגעקומען. איך בעט אייך איהר זאָלט מיר שיקען דיא וואַרע אַזוי באַלד וויא מעגליך.—ווען האט איהר ערהאַלטען מיין פאָרלעצטען בריף?—איך האב איהם ערהאַלטען דעם 5טען פון פערגאַנגענעם מאָנאט.—מיין שוועסטער האט ערהאַלטען א בריף דעם 2טען פון דיזען מאָנאַט.—ווען רעכענט (intend) איהר אייך איינצושיפען נאך לאָנדאָן?—איך רעכען מיך איינצושיפען נאָך לאָנדאָן העם 6טען פון קומענדיגען (next) מאָנאַט.—איז געווען וועלכע נויטהווענדיגקייט פיר זיא צו שרייבען?—יע.—ווען איך האבען נעטהיג (=וועלכע נויטהווענדיגקייט) צו ווארטען אויף אייך?—איהר האט ניט נעטהיג צו ווארטען אויף מיך.—ווען איז ער אָנגעקומען אין ניו יאָרק?—ער איז אָנגעקומען אין ניו יאָרק דעם 29סטען פון פאָריגען מאָנאַט.—וואָס איז דאָרטען געווען דיא מעשה (matter) פאָריגע נאַכט?—א הויז איז אונטערגעצונדען געוואָרען.—אַזוי, דארטען אין געווען א פייער (א׳ שרפה) פאָריגע נאַכט?—יע, דארטען איז געווען א שרפה און צווייא הייזער האבען אָבגעברענט.—איך הער, דאס דיא פירמע ברידער דזשאָהנסאָן (Johnson Brothers) האט איינגעשטעלט צאהלונג.—דיא ברידער דזשאָהנסאָן האבען באַנקראָטירט.—האבען זייא באַנקראָטירט אין א גרויסער סומע (amount)?—זייא האבען באַנקראָטירט צווייא הונדערט טויזענד דאָללער.—מען האט מיר ערצעהלט, דאס נאָך א פירמע האט באַנקראָטירט, איז דאָס וואהר?—יע, עס איז וואהר; דאס איז דיא פירמע ריטשארדז און קאָמפּ.—רעכענען זייא אבצומאַכען (to settle) מיט זייערע קרעדיטאָרען (creditors)?—יע, זייא רעכענען אָבצומאַכען; זייא ווילען צאָהלען 30 סענט פון (in) דאָללער.—וויא געפעלט אייך מיין ארבייט?—אייער ארבייט געפעלט מיר זעהר גוט; זיא איז אויסגעפאַלען בעסער אַלס איך האב ערוואַרטעט.—וויא, דענקט איהר, וועט זיך דיא זאַך אויסלאָזען?—איך האָף זיא וועט זיך אויסלאָזען נאָך מיין וואונש.—זייט איהר בעקאַנט מיט מאַדאַם האַרריסאָן (Harrison)?—איך קען זיא, זיא געפעלט מיר ניט; זיא איז א פּלוידערין; זיא מאַכט מענשען קראַנק מיט איהר רעדען (talking); עס איז ניט דאָ איינער, וועמען זיא האט ניט צו ערצעהלען א גאַנצע היסטאָריע.—יאָהאָן, דער לעהרער, בעקלאַגט זיך אויף דיך; ער זאָגט דוא לערנסט ניט דיינע לעקציאָנען, איז עס וואהר?—עס איז וואהר, פאָטער; אבער איך בין ניט שולדיג, איך האב זעהר שווערע לעקציאָנען זייט צווייא וואָכען.—יעצט מוז איך דיר זאָגען, דאס עס איז ווירקליך דיין שולד, דען (for) דוא לערנסט אין איילענעס און דאס גאַנצע אויף איין מאָל; דוא דאַרפסט לערנען לאַנגזאַם און ביסלאַכווייז.

---

# 70th Lesson.—70סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| He will never come till he has been told three or four times. | ער קומט קיינמאָל, ווען מען זאָגט איהם ניט דריי א אדער פיער מאָל. |
| Why will you always come half an hour too late? | ווארום קומט איהר אימער א האלבע שטונדע צו שפּעט? |
| John will always be the first. | יאָהאָן איז אימער דער ערסטער. |
| He would always complain, though nothing was the matter with him. | ער האט זיך אימער בעקלאָגט, אבוואָהל עס האט איהם גאָרנישט געפעהלט. |

Will דריקט אָפּט אוים אַ האַנדלונג וועלכע ווערט ווידערהאָלט אוים געוואוינהייט. Will שטעהט פיר דיא געגענווערטיגע צייט, would—פיר דיא פערגאַנגענע.

| | |
|---|---|
| When he is told anything, he will stand shaking his head, as if it were not to be conceived or understood. | ווען מען זאָגט איהם עטוואָס, שטעהט ער און שאָקעלט דעם קאָפּ, וויא עס וואָלט ניט געווען צו בעגרייפען אדער צו פערשטעהן. |
| *To conceive (קאָנסיװ). | בעגרייפען. |
| Have you left the key in the door, or has Henry? | האסט דוא אדער האט העגריך געלאָזען דעם שליסעל אין טהיר? |
| Neither I nor Henry has left it, but either William or you always forget to lock the door. | ניט איך ניט העגריך האט איהם געלאָזען; אבער ווילהעלם און איהר פערגעסט אימער צו פערשליסען דיא טהיר. |
| Which of us two goes into the country to-day? | ווער פון אונזביידען געהט היינט אויף לאַנד? |
| Neither he nor you go into the country, for neither you nor he has said his lesson well. | ניט איך ניט דוא געהסט אויף לאַנד; דען ניט דוא ניט ער האט זיין לעקציאָן גוט געזאָגט. |

ווען עס קומען צוויא אָדער מעהרערע זאַבווערטער געטרענט דורך or (אדער), either—or (ענטוועדער—אָדער), neither—nor (ניט—ניט), whether—or (אויב—אָדער, צי—צי), קומען דיא האַנדלונגסווערטער, וואָס געהערען צו זייא, אין דער פאָרם, וועלכע ווערט געפאָדערט פון דעם זאַבוואָרט, וואָס שטעהט צולעצט: איז דאָס לעצטע זאַבוואָרט אין איינצאָהל, קומט דאָס האַנדלונגסוואָרט אויך אין דער פאָרם פון איינצאָהל; איז עס מעהרצאָהל—קומט דאס האַנדלונגסוואָרט אין מעהרצאָהל; צ. בּ.

| | |
|---|---|
| Either he or I am. | ענטוועדער ער אדער איך בין. |
| Neither I nor he has. | ניט איך ניט ער האט. |
| You or he has. | איהר אָדער ער האט. |
| He or you have. | ער אדער איהר האט. |
| Whether you or he goes. | אויב איהר אדער ער געהט. |
| Whether he or they go. | אויב ער אדער זייא געהען. |

| | |
|---|---|
| Neither my son nor you dance well. | ניט מיין זוהן ניט איהר טאַנצט גוט. |
| Neither you nor my son dances well. | ניט איהר ניט מיין זוהן טאַנצט גוט. |

ווען עס געפינט זיא אונטער דיא צווייא אָדער עטליכע זאַכווערטער, וואָס קומען געטרענט דורך or, either—or או. אַז. וו. אַ זאַכוואָרט אין מעהרצאַל, איז גלייכער אַז דאָס מעהרצאָהליגע זאָל שטעהן צו לעצט, צ. ב.

| | |
|---|---|
| Either your nephew or my sons know that man. | ענטוועדער אייער פּלעמעניק אדער מיינע זיהן קענען יענעם מאַן. |
| Neither he nor they know him. | ניט ער ניט זייא קענען איהם. |
| Whether my daughter or my nieces go to theatre. | אויב מיין טאָכטער אדער מיינע פּלעמעניצעס גיהען אין טהעאטער. |

## Not only—but, ניט נאָר—נאָר אויך.

| | |
|---|---|
| Not only the horses, but the servant man was drowned. | ניט נאָר דיא פערד נאָר אויך דער דיענער איז ערטרונקען געוואָרען. |
| *To drown (דראון). | ערטרינקען. |
| Not only the goods, but the vessel was seized. | ניט נאָר דיא וואארע, נאָר אויך דאס שיף איז געוואָרען קאָנפיסקירט. |
| *To seize (סיז). | צונעהמען, קאָנפיסקירען. |
| Not only the son, but the two daughters assist in the business. | ניט נאָר דער זוהן, נאָר אויך דיא צווייא טעכטער העלפען אין דעם געשעפט העלפען. |
| *To assist (אַססיסט). | |
| Who has been here this forenoon? | ווער איז געווען היער היינט פאָרמיטטאָג? |
| Mrs. Crawford with her two nieces was here. | מאַדאַם קראָפאָרד מיט איהרע צווייא פּלעמעניצעס איז געווען היער. |
| The house, with all the furniture in it, has been let at four hundred dollars. | דאס הויז מיט דער גאַנצער מעבעל דערין איז פערדונגען געוואָרען פיר פיער הונדערט דאָללער. |
| The gardens, with all the fruit in them, are sold. | דיא גערטנער מיט דער גאַנצער פרוכט דערין זיינען פערקויפט. |
| The garden, with all the fruit in it, is sold. | דער גאַרטען, מיט דער גאַנצער פרוכט דערין, איז פערקויפט. |

ווען פערזאָנען אָדער זאַכען ווערען געבונדען דורך דאָס ווערטעל with (מיט). שטימט דאָס זאַגדלונגסוואָרט פון זאַץ מיט דער פערזאָן אָדער זאַך, וואָס שטעהט צוערסט: ווען יענע פערזאָן אָד. זאַך שטעהט אין איינצאָהל, קומט דאָס האַנדלונגסוואָרט אין דער פאָרם, וואָס פּאַסט פיר איינצאָל; ווען דיא פערזאָן אָד. זאַך קומט אין מעהרצאָהל, קומט דאס האַנדלונגכוואָרט אין דער פאָרם פון מעהרצאָהל; צ. ב. the man with the two horses is here (דער מאַן מיט דיא צווייא פערד איז היער); the men with the white caps are here, דיא מענשען מיט דיא ווייסע היטלען זייגען היער.

האָט אָבער דאָס ווערטעל with דעם זין פון און, דאַן שטעהט דאָס האַנדלונגסוואָרט

this cottage with the small garden make the .פון זאַץ אימער אין מעהרצאָהל; צ. ב (דאָס הייזעל מיט דעם קליינעם גאָרטען—ד. ה. דאס הייזעל און דער whole of his property קליינער גאָרטען—מאַכען זיין גאַנצעס פערמעגען).

| | |
|---|---|
| The body of a child has been found in the river which its own father is supposed to have drowned. | מען האט אין דעם טייך געפונען דעם קערפער פון א קינד, וואָס מען רעכענט, אז זיין אייגענער פאָטער האט עס ערטרונקען. |
| He is supposed to have gone to America. | מען רעכענט, דאָס ער איז געגאַנגען נאָך אמעריקא. |
| *To suppose (סאָפּפּאָוז'). | רעכענען, דענקען, מיינען, משער זיין. |
| Is .אָד are supposed to—. | מען רעכענט, דאָס (אז)—. |
| They are supposed to have gained their money in the lottery. | מען רעכענט, דאָס (אז) זייא האבען געוואונען זייער געלד אין דער לאָטעריי. |
| *To gain (גיין). | געווינען. |
| *To suppose (סאָפּפּאָוז'). *To presume (פּריזיום'). | משער זיין, דענקען, אננעהמען, פארויסזעצען. |
| Can you suppose such a thing? | קענט איהר פארויסזעצען (משער זיין) אזא זאך? |
| Who would have supposed that? | ווער וואלט דאס פארויסגעזעצט? |
| I suppose so. | איך רעכען אזוי. |
| I suppose he has paid it. | איך רעכען, ער האט עס בעצאָהלט. |
| I do not suppose he will say so. | איך רעכען ניט, דאס ער וועט עס זאָגען. |
| Suppose. | אנגענומען, מעלד דיר, מעלדט אייך. וויא וואָלט זיין? וויא איז ווען? |
| Suppose, he comes. | אנגענומען ער קומט. |
| Suppose, we take a walk first? | וויא וואָלט זיין, ווען מיר מאכען פריהער א שפּאַציער? |
| But suppose, he comes this evening? | וויא איז אָבער, ווען ער קומט היינט אבענד? |
| Suppose, you had lost your money? | מעלד דיר, דוא וואָלסט געהאט פערלאָרען דיין געלד? |
| But suppose, he sees me? | וויא איז אבער, ווען ער זעהט מיך? |
| Suppose, I had no money? | וויא וואָלט זיין, ווען איך וואָלט ניט געהאט קיין געלד? |
| To be drowned. | ערטרונקען ווערען. |
| He was drowned. | ער איז ערטרונקען געוואָרען. |
| Had not a boat come to our assistance, we should have been drowned. | ווען א שיפעל וואָלט אונז ניט געקומען צו היקף, וואָלטען מיר ערטרונקען געוואָרען. |

| | |
|---|---|
| The assistance (אַססיסטאַנס). | דיא הילף. |
| One man was saved, but three were drowned. | איין מאַן איז גערעטעט געוואָרען, אבער דרייא זיינען ערטרונקען געוואָרען. |
| *To save (סייוו). | רעטען, ראטעווען. |
| Could not they save him? / Could not he have been saved? | האט מען איהם ניט געקענט רעטען? |
| No, he could not possibly have been saved. | ניין, מען האט איהם אונמעגליך געקענט רעטען. |
| *To save (סייוו). | שפּאָרען, בעהאַלטען; ערשפּאָרען. |
| He has saved a great deal of money. | ער האט געשפּאָרט זעהר פיעל געלד. |
| Will you save me this (אָד. will you save this for me) for to-morrow? | ווערט איהר דאָס פיר מיך בעהאַלטען אויף מאָרגען? |
| I am saving this coat for next summer. | איך האַלט דיזען ראָק פיר נעכסטען זומער. |
| He is supposed to have saved a good deal of money. | מען רעכענט, דאס ער האט געשפּאָרט פיעל געלט. |
| I will save you this trouble. | איך וועל אייך פערשפּאָרען דיזע מיהע. |
| You might have saved that trouble. | איהר האט אייך געקענט פערשפּאָרען דיא מיהע. |
| Save while you can. | שפּאָרט כל־זמן איהר קענט. |

## While (הוואַייל), אזוי לאַנג, כל־זמן.

| | |
|---|---|
| Saving (סייווינג). / Economical (איקאָנאָמיקעל). | שפּאַרזאַם. |
| The savings (סייווינגז). | דיא ערשפּאַרניסע, דאס אָבגעשפּאָרטע. |
| He has saved so much as to be able to spare something to his poor relations. | ער האט געשפּאָרט אזוי פיעל, דאס ער איז אין שטאַנד עטוואַס איבערצולאָזען פיר זיינע אָרימע פערוואַנדטע. |
| *To spare (ספּעיר). | שפּאָרען, איבערלאָזען. |
| Enough and to spare. | גענוג און נאָך איבריג. / מעהר אַלס גענוג. |
| Spare (ספּעיר); to spare. | איבריג. |
| A spare bad. | אַן איבריגעס בעט. |
| A spare room. | אַן איבריגעס צימער. |
| *To spare (ספּעיר). | שוינען, פערשוינען; דורכלאָזען. |
| He will be spared if possible. | מען וועט איהם שוינען, ווען מעגליך. |
| Spare her this painful meeting. | לאָזט איהר דורך דיזע שמערצליכע צוזאַמענקונפט. |

| | |
|---|---|
| Painful (פיינ׳פול). | שמערצליך. |
| The meeting (מי־טינג). | דיא צוזאמענקונפט. |
| *To vex (וועקס). | ערגערן. |
| Vexatious (וועקסיי׳שאָס). | ערגערליך. |
| It vexes him.<br>He is vexed at it. | עס ערגערט איהם. |
| She is so much the more vexed about it. | עס ערגערט איהר נאָך מעהר דעריבער. |
| So much the more. | נאָך מעהר. |
| So much the better. | נאָך בעסער. |
| So much the worse. | נאָך ערגער. |
| *To grieve (גרי־וו). *To fret (פרעט). | זיך ערגערן, זיך קרענקען. |
| Of what use is fretting about it? | פון וועלכען נוץ איז זיך צו ערגערן (אָד. קרענקען) דעריבער? |
| To be done. | געטהאָן ווערען, געשעהן; פערטיג זעהן. |
| It is done. | עס איז געשעהן; עס איז פערטיג. |
| *To waste (וויסט). | צונישטשען, פערשווענדען, פערברענגען אויף גאָרנישט. |
| *To squander (סקוואָנ׳דער).<br>To squander away. | פערשווענדען. |
| To waste one's time. | צונישטשען דיא צייט (פערברענגען דיא צייט אויף גאָרנישט). |
| He has squandered (אָד. squandered away) his whole property. | ער האט פערשווענדעט זיין גאנצעס פערמעגען. |
| That is a dainty. | דאס איז א זיסער ביסען. |
| The dainty (דיינ׳טי). | דער זיסער ביסען, דיא נאשעריי. |
| I am delighted. | איך בין זעהר ערפרייט. |
| *To delight (דילאַיט׳). | שטארק ערפרייען. |
| You have upset the glass. | דוא האָסט אומגעוואָרפען דאס גלאָז. |
| To upset (אָפּסעט׳); upset, upset.<br>*To overturn (אָ־ווערטאָירן׳). | איבערקעהרען, אומוואָרפען. |
| Unfortunately (אָנפאָר׳טשונייטלי). | אונגליקליכערווייז. |

## 223. צום איבערזעצען.

ער ארבייטעט קיינמאָל, ווען מען זאָגט איהם ניט צווייא מאָל. ער מוז זיין א פויליער יונג.—איהר זאָגט איהם אימער צו טהאָן דאָס, וואָס איז אונרעכט.—איך טהוא עס קיינמאָל; איהר אירט אייך.—ריטשארדז איז אימער דער ערסטער; ווען מען זאָגט איהם עפּעס טהוט ער עס גלייך.—דאס איז מיין מיינונג אויך; ער איז זעהר א גוטער יונג.—טאַנצט איהר גוט? טאַנצט אייער זוהן גוט?—ניט איך ניט מיין זוהן טאַנצט

גוט.—קענט איהר אדער אייער זוהן דעם יונגען העררן, וועלכער איז נעכטען געווען בייא אונז?—ניט איך ניט מיין זוהן קען יענעם יונגען העררן.—האט איהר אדער אייער טאָכטער געשריבען דעם בריף צו דעם ניו יאָרקער קויפמאַן?—מיין טאָכטער האט געשריבען; עס איז אַלץ איינס (all the same), אויב איך אדער מיין טאָכטער שרייבט.—איך האָב געהערט, דאָס הערר דזשאָהנסאָן האט פערקויפט זיין הויז?—ער האט ניט נאָר פערקויפט זיין הויז, נאָר אויך זיינע פעלדער.—העלפט איהם זיין זוהן אין דעם געשעפט?—ניט נאָר זיין זוהן, נאָר אויך זיינע טעכטער העלפען איהם אין דעם געשעפט.—ווער אי געוועזן היער היינט פאָרמיטטאָג?—הערר גאָרדאָן מיט זיינע דרייא שוועסטער איז געווען היער.—וויא פיעל האט מאַדאַם קראָפאָרד געקריגען פיר איהר הויז מיט דיא מעבעל?—איהר הויז מיט דער גאַנצער מעבעל דערין איז פערקויפט געוואָרען פיר זיבן הונדערט און פופציג דאָללער.

## 224. צום איבערזעצען.

קענט איהר מיר זאָגען, אויב אייער ברודער אדער אייערע שוועסטערס געהן מאָרגען צו מיין מומען אויף לאַנד?—איך דענק ניט נאָר מיין ברודער, נאָר אויך מיינע שוועסטערס געהען.—געפעלען אייך דיא טישין און שטולען, (וועלכע) איך האב געקויפט היינט אין דער פריה?—זייא געפעלען מיר, אבער ניט נאָר דער טיש, נאָר אויך דיא שטולען זיינען צו טהייער.—דענקט איהר, אַז זייא זיינען (=האַלט איהר זייא פיר) טהייערער אַלס מיין ברודער'ס?—איך דענק זייא זיינען ביליגער אַלס אייערע.—האט אייער שוואָגער פערקויפט זיינע פערד?—ניט נאָר זיינע פערד, נאָר אויך זיין וואָגען (=קאַררעטע) איז פערקויפט.—לערנט אייער זוהן לאַטיין (Latin)?—ניט נאָר מיין זוהן, נאָר אויך מיינע טעכטער לערנען עס.—וועלכע פון זייא; אַלע דרייא?—ניין, נאָר דיא צווייא עלטעסטע; דיא יונגסטע איז נאָר זעקסטהאַלבען יאָהר אַלט.—איז עס וואָהר, דאָס מען האט בייא דיר אַוועגגעגנבעט (=דאָס דוא ביסט געוואָרען בערויבט פון) דיינע קליידער?—ניט נאָר מיינע קליידער, נאָר אויך מיין גאָלדענע אוהר איז געגנבעט געוואָרען.—האָט איהר פערקויפט דאָס פעסעל (cask) וויין, וואָס אייערע פריינד אין ניויאָרק האבען אייך געשיקט (=וואָס איז אייך געשיקט געוואָרען פון (by) אייערע פריינד אין ניו יאָרק?)—ניט נאָר דאָס פעסעל, נאָר צווייא הונדערט און פופציג פלאַשען וויין, וועלכע מיר האָבען געהאַט ליעגענדיג (lying) היער זייט צוועלף מאָנאַטען און האבען גאָר ניט געקענט ווערען לויז, זיינען פערקויפט, און אויף (at) פיעל בעסערע פרייזען אַלס איך וואָלט ווען האבען ערוואַרטעט.—עס פרייט מיך שטאַרק עס צו הערען.

## 225. צום איבערזעצען.

האט איהר עטוואָס פערלאָרען?—ניט איך, נאָר דיזער אָרימער מאַן האט פערלאָרען זיין געלד־בייטעל.—נוא, וועל איך איהם געבען מיינעם.—וויא פיעל געלד געפינט זיך (=איז) אין אייערן?—גאָר קיינס.—אין זיינעם זיינען געוועזן צווייא דאָללער, זאָגט ער.—איז דער געלד־בייטעל מיט דיא צווייא דאָללער פערלאָרען?—יע.—ווייסט איהר אַז עס האט געברענט (=אַז עס איז געוועזן אַ פייער) פאָריגע נאַכט?—ניין; וואו האט געברענט? איז עס געוועזן אַ גרויסעס פייער?—עס איז געוועזן אַ שרעקליכעס פייער;

דער גאנצער וואארענ־שפייכלער (warehouse) מיט וועניגסטענס פינף הונדערט פעגן (bales) באוועל דערין איז פערברענט געוואָרען.—איז לואיזע צו הויז?—ניין, זיא איז געגאנגען מיט דיא צווייא מיידלאך צו זייער באָבען.—וויא איז יענער מאן געוואָרען אזוי רייך?—מאנכע זאָגען ער האט געוואונען (won) אין דער לאָטעריי, אבער דאס איז ניט דער פאל.—ער האט געמאכט זיין געלד דורך פלייס (industry) און שפּארזאמקייט (economy); דיזע זיינען דיא זיכערסטע מיטלען (means) צו ווערען רייך.—דיזער מאן איז א ביישפּיעל, וויא פלייס און שפּארזאמקייט קענען א מענשען מאכען רייך. ער האט מיך פערזיכערט, דאס ער האט קיינמאָל פערדיענט (earned) פיעל אויף איין מאָל; אבער ער איז אימער געווען שפּארזאם; און יעצט, אין זיין פופציגסטען יאהר, האט ער ניט נאָר גענוג פיר זיך, נאָר ער קען אויך שפּאָרען עטוואס פיר צווייא אָרימע פלעמע־ניצעס.—איך בין געוועזן זעהר ערפרייט צו ערפאהרען (to learn), דאס אייער שוועסטער־קינד האט זיך גערעטעט, ווען דאס שיפעל, אין וועלכען ער איז געווען, האט זיך איבערגעקעהרט און ווען צווייא אנדערע יונגע מענשען זיינען אונגליקליכערוויז ער־טרונקען געוואָרען.—איך וואָלט וועלען (like) וויסען, אויב עס איז וואהר, דאס דיא פרוי, וועלכע איז נעפּונען געוואָרען אין דעם טייך א פּאָאר (a few) טעג צוריק, האט זיך ערטרונקען.—וואָרום וואָלט איהר וועלען וויסען?—ווייל איך קען איהרען מאן זעהר גוט, און מען זאָגט, ער האט זיא ניט בעהאנדעלט (treated) גוט.—איך גלויב ניט, אז עס איז וואהר; איך קען אויך צופעליג דעם מענשען, און וויים, אז ער איז זעהר א גוטער מאן.

---

# 71st Lesson.—71סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Was the company numerous? | איז דיא געזעלשאפט געווען צאָהלרייך (גרויס)? |
| Numerous (נִיוּמעראָס). | צאָהלרייך, גרויס. |
| The whole company were dancing, when I entered the saloon. | דיא גאנצע געזעלשאפט האט געטאנצט, אלס איך בין הערייננעגאנגען אין זאאל. |
| *To enter (ענ׳טער). | הערייננעהן, הערייננטרעטען. |
| The whole town speak of it. | דיא גאנצע שטאָדט רעדט דערפון. |
| The committee meet once a month and then they decide which of the accounts are to be paid. | דאָס קאָמיטע פערזאמעלט זיך איינמאָל א מאָנאט, און דאן בעשליסט עס וועלכע פון דיא רעכנונגען זאָלען בע־צאָהלט ווערען. |
| The committee (קאָממיט׳טִי). | דאָס קאָמיטע. |
| *To meet (מִיט); met (מעט), met. | זיך פערזאמלען; זיך פערזאמעלט. |
| Do your family go into the country this summer? | געהט אייער פאמיליע אויף לאַנד דיזען זומער? |
| No, they remain in town. | ניין, זיא בלייבט אין שטאָדט. |

אַ וואָרט וואָס בעצייכענט אַ זאַמלונג פון מעהרערע פערזאָנען אָדער זעעלען, וויא קאָמפּאַניע, פאַמיליע, קאָמיטע או. אַז. וו., ווערט אַ מאָל בעהאַנדעלט וויא אַן איינצאָהל און אַ מאָל וויא אַ מעהרצאָהל, און דאָס ווענדעט זיך אָן דעם זין פון זאַץ, אין וועלכען עס געפינט זיך.

ווען דער זאַץ ווייזט אַ טהעטיגקייט, וואָס בעציהט זיך אויף יעדען איינציגען מיטגליעד פון דער זאַמלונג, ווערט דאָס זאַמעל-וואָרט געברויכט אין דעם זין פון מעהרצאָהל; צ. ב. the whole company were dancing (דיא גאַנצע קאָמפּאַניע האָט געטאַנצט); the committee have spoken (דאָס קאָמיטע האָט גערעדט) או. אַז. וו. טאַנצען און רעדען זיינען אַזעלכע האַנדלונגען וואָס בעציהען זיך אויף יעדען איינציגען פו דער זאַמלונג, ווייל דאָס מוז יעדע איינציגע פעריאָן טהאָן בעזונדער.

ווען דער זאַץ ווייזט אַ צושטאַנד אָדער אַ טהעטיגקייט, וואָס בעציהט זיך אויף דיא גאַנצע זאַמלונג צוגלייך, ד. ה. ניט פערטהיילט בעזונדער, ווערט דאָס זאַמעלוואָרט בעהאַנדעלט וויא אַן איינצאָהל; צ. ב. the company was numerous (דיא געזעלשאַפט איז געוועזען גרויס); the whole town is in commotion (דיא גאַנצע שטאָדט איז אין אויפרוהר) א. אַז. וו.

| | |
|---|---|
| The committee elected him their president. | דאס קאָמיטע האט איהם אויסגעוועהלט אלס זייער פּרעזידענט. |
| *To elect (אילעקט׳). | אויסוועהלען. |
| The election (אילעק׳שאָן). | דיא וועהלונג, דיא וואהל. |
| President (פּרעז׳ידענט). | א פּרעזידענט, א פאָרזיצענדער. |
| The committee gave him full power to act in their name. | דאס קאָמיטע האט איהם געגעבען פולע מאכט צו האנדלען אין זיין נאָמען. |
| The power (פּאַו׳ער). | דיא קראפט, דיא מאכט. |
| *To act (אֶקט). | האנדלען, טהאָן. |
| The committee have postponed their meeting to some other day. | דאס קאָמיטע האט אבגעלעגט זיין פערזאמלונג אויף אן אנדערן טאג. |
| *To postpone (פּאָסטפּאָון׳). | אבלעגען. |
| The association (אֶססאָוסיאֵיי׳שאָן). / The society (סאָוסאַי׳איטי). | דיא געזעלשאפט. |
| The community (קאָממיו׳ניטי). | דיא געמיינדע. |
| The club (קלאָב). | דער קלוב, דיא געזעלשאפט. |
| The union (יו׳ניאָן). | דער פעראֵיין (איבערהויפּט פון ארבייטער). |
| A chairman (טשע׳רמאָן). | א פאָרזיצענדער. |
| To deal (די׳ל); dealt (דעלט), **dealt.** | האנדלען; געהאנדעלט (געשעפטליך). |
| To deal in—. | האנדלען מיט—. |
| He deals in silks. | ער האנדעלט מיט זייד-וואארען. |
| I deal in all kinds of wool. | איך האנדעל מיט אלע זאָרטען וואָל. |
| What do they deal in? | מיט וואָס האנדלען זייא? |
| To set; set, set. | אויפגעבען (אַן ארבייט אָד. אַ לעקציאָן). |
| Will you set me something to do? | וועט איהר מיר אויפגעבען עטוואס צו טהאָן? |

| | |
|---|---|
| זיך נעהמען צו עפּעס. | To set about something.<br>To set to something. |
| איך וועל מיך גלייך נעהמען צו דער ארבייט. | I will set to work directly. |
| ער האט זיך גלייך גענומען דערצו. | He set about it directly. |
| געווינען אין דער לאָטעריי. | To win אָד. gain in the lottery. |
| רייך, פערמעגענד. | Rich (ריטש). Wealthy (וועלטהי).<br>Opulent (אָפּיולענט). |
| קלוג. | Prudent (פרודענט). Wise (וואיז). |
| וועלען. | *To offer (אָפּפער). |
| זיך באָדען. | *To bathe (ביידה). |
| שווימען; געשוואומען. | *To swim (סווים); swam (סוועם), swum (סוואָם). |
| ער האט מיך געוואָלט שלאָגען. | He offered to strike me. |
| אָרים, נעבאך. | Poor (פרר). |
| אָרימער מאן! נעבאך! | Poor man! |
| דער אָרימער מאן! ער האט נעבאך פער-לאָרען זיין גאנצעס פערמעגען. | Poor man! he has lost his whole property. |
| דיא אָרימע קינדער! זייא האבען נעבאך פערלאָרען זייער מוטער. | Poor children! they have lost their mother. |
| איך אונגליקליכער! איך אָרימער! | Unhappy me! Poor me! |
| איהר גליקליכער! | You happy man! |
| איהר גליקליכע! | You happy woman! |
| דוא גליקליכער! דוא גליקליכע! | Happy you! Happy thou! |
| דער גליקליכער! דיא גליקליכע! | Happy he! Happy she! |
| דיא גליקליכע. | Happy they! |
| אך, מיר אונגליקליכע! | Alas, unhappy we! |
| אך! | Alas (אֶלאֶס'). |
| אך! אָ! | Ah! O אָד. Oh! |
| אָ גאָט! הימעל! | O Lord! Heaven! |
| דער העהר, גאָט. | The Lord (לאָרד). |
| אָ וועה! וועה! אי, אי! אך! וואָס! | Oh dear! Dear me! Dear! |

עס איז צו בעמערקען, דאָס Oh dear! און Dear me! Dear! ווערען זעהר אָפט געברויכט.

| | |
|---|---|
| אך, וויא שעהן! | O dear, how pretty! |
| אי, אי, איהר טהוט מיר וועה! | O dear, you hurt me! |
| וועה, וויא לאַנג איהר זייט געוועזן אוועג! | Dear me, how long you have been away! |
| וואָס! זייט איהר נאך היער? | Dear me! are you still here? |
| אָ וועה! וואו איז ער אהינגעקומען? | Dear me! what has become of him? |

| | |
|---|---|
| וואָס מיינט איהר? / וואָס זאָל דאָס הייסען? | What do you mean? |
| אוועג! טראָג דיך! טראָגט אייך! | Be off! Get off! |
| געה צו דיין געשעפט! / פּאַק דיך! אוועג פון דאַנען! | Get about your business! |
| זיך אָבטראָגען. | To go off. |

## 226. צום איבערזעצען.

האט איהר געקענט ערפאַהרען (to learn), וואו איז דער יונגער מאַן, וועלכער האט געוואוינט דיא צווייטע טהיר?—איך האב מיך ערקונדיגט נאָך איהם בייא (of) יענטליכע לייטע, ווייל ער איז שולדיג איבער צוויא הונדערט דאָללער מיינעם א בעקאַנטען, וועלכער האט איהם אימער בעהאַנדעלט, וויא (like) א פריינד.—ער האט זיך אָבגעטראָגען ניט (=אָהן) בעצאָהלענדיג זיין שולד (debt); מען רעכענט ער איז געגאַנגען נאָך האמבורג.—איך האב איהם אימער געהאַלטען פיר אַן עהרליכען מאַן; איך וואָלט וועלען וויסען, אויב עס איז וואַהר, דאס ער האט פערלאָרען זיין גאַנצעס געלד אין שפּיעלען (at play).—מען רעכענט אזוי; ווייל זיין פאָטער האט איהם בעשטימט (=געגעבען, allowed) דרייא טויזענד פינף הונדערט פראַנק א יאָהר, און ער איז שולדיג א סך געלד אין שטאָדט; עס איז ניט מעגליך, דאָס ער האט אויסגעגעבען (=ער קען אונמעגליך האבען אויסגעגעבען) דאָס גאַנצע געלד. מען זאָגט, ער האט פערלאָרען פון זיבען ביז אכט טויזענד דאָללער אין איין נאַכט.—פאָריגען דיענסטאָג האט מען געזאָגט ער האָט זיך ערטרונקען; אבער עס איז ניט וואהר.—איך האָב קיין צווייפעל (doubt), דאס ער איז געגאַנגען נאָך באַלטימאָר, וואו מען זאָגט אז ער האט רייכע פערוואַנדטע.—וואו איז אהינגעקומען דער יונגער מאַן, וועלכער איז געוועזען אין אייער קאָנטאָר (counting-house) פאָריגעס יאהר?—עס האט מיר זעהר לייד געטהאָן צו הערען, דאס ער איז ערטרונקען געוואָרען אויף זיין רייזע (voyage) נאָך (to) אַמעריקא.—וואו איז דער קליינער הונד, וואָס איהר פלעגט (used) אימער האָבען מיט אייך?—ער איז פּלוצלינג געוואָרען (=געפאַלען, fell) קראַנק, האט גאָרנישט געגעסען, און האט געוואָלט (offered) בייסען יעדען, ווער עס איז איהם געקומען נאָהענט; אזוי, דאס איך האב געהאַט מורא ער וועט (was going) ווערען (to be) משוגע (mad); אלזא (so) האב איך איהם גלייך געלאַזען (=לאָזען, to have) ערטרינקען.—איהר האט עס ניט געדאַרפט טהאָן; איהר האט איהם געדאַרפט לאָזען שיסען. ווער האט איהם ערטרונקען?—דער דיענער האט אָנגעבונדען א שטיין אָן (to) זיין האַלז און האט איהם העריינגעוואָרפען אין (דאס) וואַסער.—ווען איך וואָלט געוועזען אויף (in) דעם דיענער׳ס אָרט, וואָלט איך עס ניט געוואָלט טהאָן. וויא וואָלט זיין, ווען דער הונד וואָלט איהם געביסען?—דער הונד האט איהם זעהר ליעב געהאַט (ליעב האבען, to be fond of) און וואָלט איהם ניט בייסען.—ווען הינד זיינען משוגע, בייסען זייא יעדען (anybody); עס זיינען דאָ פיעלע בייששפּיעלען (instances) פון משוגענע הינד, וואָס האבען געביסען קינדער, וועלכע זייא האבען פריהער זעהר ליעב געהאַט.

## 227. צום איבערזעצען.

איז עס ניט געוועזן זעהר מזלדיג (=גליקליך), דאס עס איז געוועזן א שיפּעל נאָהענט, ווען איהר האט אייך נעכטען געבאָדען?—יע, געוויס; אָהן מיין הילף וואָלטען מיר ערטרונקען געוואָרען.—איך האָף איהר וועט זיין פאָרזיכטיגער אין דער צוקונפט (future).—וועט איהר בעהאלטען דיזע האלבע פלאַש וויין פיר מיך אויף (for) מאָרגען?—איך וועל זיא בעהאלטען פיר אייך; אבער ווען אייער ברודער זאָל (should) קומען אהיים און בעטען א ביסעל (some), וועל איך זיא איהם מוזען געבען, ווייל עס איז ניט דאָ קיין אַנדער וויין אין (דעם) הויז.—פיר וועמען האלט איהר דיזע קארטאָפעל?—איך האלט זייא פיר אייער קליינעם ברודער.—וואו זיינען דיא עפּעל, וואָס איהר האט געהאלטען פיר מיך?—היער זיינען זייא; אבער איהר מוזט אייער שוועסטער געבען איינעם פון זייא.—וויא פיעל געלד האט איהר שוין געשפּאָרט?—איך האב שוין געשפּאָרט זיבעצן דאָללער און א האלב.—ווען איך האָב געשפּאָרט פערציג דאָללער וועל איך קויפען א גאָלדענע אוהר.—האב איך אייך געגעבען פּאַפּיער גענוג?—יע, איך האב מעהר אַלס גענוג (אָד. גענוג און נאָך איבריג).—זאָל איך אייך שיקען דיזע ביכער אהיים?—ניין, איך וועל אייך פערשפּאָרען דיא מיהע; איך וועל זייא נעהמען אליין.—האט ווילהעלם געקאָפּירט דעם בריף?—יע, ער האט איהם געקאָפּירט צווייא מאָל.—ער האט זיך געקענט פערשפּאָרען דיא מיהע; איין מאָל וואָלט זיין גענוג.—איהר האט געזאָגט ער מוז איבערגעשריבען ווערען צווייא מאָל.—איך ווייס איך האב עס געזאָגט; אבער איך האב געלאָזען הענריכן איהם איין מאָל איבערשרייבען.—וואו וועט אייער קוזינע וואוינען, ווען זיא קומט אין (to) שטאָדט?—זיא וועט וואוינען אין (at) אונזער הויז; מיר האבען אימער אן איבריגעס בעט, פערשטעהט איהר מיך (you know).—וועט אייער פאָטער זיין צו הויז היינט נאָכמיטטאָג?—ווארום פרעגט איהר?—דער ארימער מאַן, פון וועלכען איך האב מיט איהם גערעדט, וואָלט וועלען געהן איהם זעהן.—איך בעט אייך (Pray) פערשווינט מיין פאָטער דיזען אונאַנגענעהמען בעזוך; איך קען אייך פערזיכערן, מיין פאָטער האט געטהאָן פיר דיזען אָרימען מאַן אזוי פיעל, וויא ער קען.—וועט אייער מומע אויפנעהמען (receive) מאַדאַם קליוולאַנד (Cleveland), ווען זיא געהט צו איהר?—איך האָף זיא וועט זיא גוט אויפנעהמען.

## 228. צום איבערזעצען.

איהר האט ניט געטהאָן א העלפט, פון וואָס איך האב אייך געגעבען צו טהאָן; וויא האט איהר צוגעבראַכט (spent) דעם (=אייער) נאָכמיטטאָג?—איך האב געאַרבייטעט אזוי פיעל, וויא איך האב נאָר (ever) געקענט.—דוא האסט געשפּיעלט אָנשטאָט צו ארבייטען, און פערבראַכט דיין צייט אויף גאָרנישט (=צונישטשעט דיין צייט); עס איז א גרויסער שאָדען, דאס דוא דענקסט קיינמאָל נאָך, וויא וויכטיג (important) עס איז דיא צייט, וועלכע דוא האסט צום (for) לערנען.—וועט איהר מיר געבען אייניגע דאָללער?—איך האב מעהר קיין געלד.—איך האב אייך געגעבען צעהן דאָללער פערצעהן טעג צוריק; איז שוין גאָרנישט דאָ פון זייא?—איך האב זייא אויסגעגעבען אין גאַנצען.—איהר מוזט זיין מעהר שפּארזאם; איהר פערשווענדעט זעהר פיעל געלד; אייער פאטער וועט גאר ניט זיין צופריעדען (pleased), ווען ער ערפאהרט, וויא

פיעל איהר גיט אויס.—דיזער מאַן איז זעהר אָרים יעצט, און פינף אדער זעקס יאָהר
צוריק איז ער געווען אֵיינער פון דיא רייכסטע לייטע אין דיזער שטאָדט; ער האט
פערשווענדעט זיין גאַנצעס פערמעגען.—וואָס האָט איהר געטהאָן בייא אייער פעטער
פאָריגע נאַכט? האט מען דאָרטען געטאַנצט?—עס זיינען געווען וועניגע לייטע דאָרטען,
און קיינע (not) דרייא יונגע דאַמען אונטער (among) זייא; דיא גאַנצע געזעלשאַפט,
אויסער מיך און מיינע צווייא שוועסטערס, האט געשפּיעלט אין קאַרטען.—וועמען
האָט דיא געמיינדע געוועהלט אַלס איהר פּאָרזיצענדען?—זיא האט געוועהלט העררן
קליוולאַנד (אלס) איהר פּרעזידענט.—ווען וועלען זייא מאַכען זעהר וואַהל?—זייא וועלען
מאַכען זעהר וואַהל אזוי גיך, וויא מעגליך.—וואָרום איז קיינער געווען פון אייער פאַמיליע
אויף (at) דעם קאָנצערט בייא העררן און מאַדאַם פּאָרטער אייערנעכטען?—אונזער
גאַנצע פאַמיליע איז געווען אויף דעם לאַנד דיזע וואָך.—האב איך געהאַנדעלט רעכט
(right)?—איך האָב געהאַנדעלט דאָס זעלביגע וויא איהר (as you have done).—וויא
אזוי האט דער מאַן געקענט האַנדלען אזוי (this way)?—יעדער אַנדערער (everybody else)
וואָלט געטהאָן דאָס זעלביגע אויף זיין אָרט.—ווען איהר האַנדעלט אזוי (thus), ווערט
איהר זעהר פיעל בלאַמירט ווערען (בלאַמירען, to blame).—ווען איך וואָלט געהאַנדעלט
אזוי, וואָלט איהר געווען זעהר אונצופרידען.—איך האב ניט געוואוסט, (דאס) איהר
האַנדעלט ניט מיט לייווענט.—איך האב ניעמאלס געהאנדעלט מיט אזעלכע וואארען.
—מיר האבען געהאנדעלט פיעלע יאהרען מיט דיזער פירמע (=הויז).—ער האט מיך
גיט געדאַרפט בעהאַנדלען אזוי (בעהאַנדלען, to treat).—איך האב איהם בעהאַנדעלט
וויא (like) א ברודער.—ער האט מיך בעהאַנדעלט וויא אַ פריינד.—זיא איז געוואָרען
זעהר שלעכט (ill) בעהאַנדעלט.—דיא גאַנצע שטאָדט איז ערשטוינט איבער דעם (at it).
איבער וואָס? פון וואָס רעדט איהר?—איך האב עבען ערצעהלט אייער שווער פון דעם
באַנקראָט פון קראָפאָרד און קאָמפּאַניע.—אָרימע לייט נעבאָך!—ליעבער (rather) זאָגט
איך אָרימער; וויל איך פערליער ביינאהע צווייא טויזענד און פינף הונדערט דאָללער
דורך זייא.—איז עס לאַנג זייט איהר זייט געווען בייא העררן קליוולאַנד?—איך בין בייא
איהם געווען נעכטען.—איז זיין גאַנצע פאַמיליע געזונד?—דיא פאַמיליע איז גראַדע
געווען ביי'ן מיטטאָג-עסען, ווען איך בין דאָרט געקומען, און איך האב יעדען פון זייא
געפונען ביי'ן טיש, און אורטהיילענדיג פון דעם אַפּעטיט, מיט וועלכען זייא האבען גע-
געסען, קען איך אייך זאָגען, דאס זיין גאַנצע פאַמיליע איז געזונד.

---

## 72nd Lesson.—72סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Shall you embark at Hamburg for London? | ווערט איהר אייך איינשיפען אין האמבורג נאָך לאָנדאָן? |
| No, I have some business to attend at Rotterdam, so I shall go hence to Rotterdam to-morrow, and thence by steamer to London on Saturday morning next. | ניין, איך האב צו בעזאָרגען אַ געשעפט אין ראָטטערדאַם, אַלזאָ וועל איך פון היער מאָרגען געהן נאָך ראָטטערדאַם, און פון דאָרטען מיט'ן דאַמפּער נאָך לאָנדאָן נעכסטען שבת אין דער פריה. |

**Hence** (הענס), פון היער; **thence** (דהענס), פון דאָרטן.

| | |
|---|---|
| *To attend (to—). | בעזאָרגען. |
| The steamer (סטי־מער). | דער דאמפפער, דאָס דאמפפשיף. |
| How did you know that my son would be here to-morrow? | וויא אזוי האט איהר געוואוסט, דאס מיין זוהן וועט זיין היער מאָרגען? |
| He intended to write to me in case he should not come; I have no letter, hence I conclude he will soon be here himself. | ער האט גערעכענט צו מיר צו שרייבען, ווען ער וועט ניט קומען; איך האב קיין בריף, דערפון שליס איך, דאס ער וועט באלד אליין זיין היער. |

**Whence** (הווענס), פון וואנען; דערפון, דעריבער.

**Hence** (הענס), פון היער; דערפון, דעריבער.

**Thence** (דהענס), פון דאָרטן; דערפון, דעריבער.

| | |
|---|---|
| *To conclude (קאָנקליוד). | שליסען. |
| A week hence. | נאָך פערלויף פון א וואָך, אין א וואָך. |
| A month hence. | נאָך פערלויף פון א מאָנאט, אין א מאָנאט. |

**Hence** (הענס), נאָך פערלויף.

| | |
|---|---|
| A year hence. | נאָך פערלויף פון א יאהר, אין א יאהר. |
| Not many days hence. | אין פערלויף פון וועניגע טעג, אין וועניגע טעג. |
| We will talk about that two or three years hence. | מיר וועלען רעדען וועגען דעם אין צווייא אדער דרייא יאהר. |

**Forth** (פאָורטה), אַב, אָן.

**Henceforward** (הענס־פאָרוואָרד), **Henceforth** (הענס־פאָורטה), פון יעצט אָן, קינפטיג.

**Hitherto** (הידהערטו׳), ביז אהער, ביז יעצט.

**Heretofore** (הירטופאָור׳), פריהער, ביז אהער.

**Beforehand** (ביפאָור׳האָנד), פאָרהער, פאָרויס.

| | |
|---|---|
| But I tell you beforehand he will not do it. | איך זאָג אייך פאָרויס, ער וועט עס ניט טהאָן. |
| *To anticipate (אָנטי׳סיפייט). | ערוואַרטען; האבען א פאָרגעפיהל, פיהלען פאָרויס. |
| I anticipate great pleasure from it. | איך ערוואַרט גרויסעס פערגניגען דערפון. |
| To look forward to—. | ערוויסקוקען אויף—. |
| I look forward with pleasure to to-morrow. | איך קוק ערויס מיט פערגניגען אויף מאָרגען. |

| | |
|---|---|
| I look forward with pleasure for his return. | איך קוק הערוים מיט פערגניגען אויף זיין צוריקקומען. |
| The return (ריטאָירן'). | דער צוריקקעהר, דאס צוריקקומען. |
| I look forward with dread to to-morrow. | איך קוק הערוים מיט שרעק אויף מאָרגען. |
| Dread (דרעד). Fear (פי־ר). | שרעק, פורכט, מורא. |
| *To dread (דרעד). To fear (פי־ר). | זיך פירכטען, זיך שרעקען. |
| I dread seeing him. | איך שרעק מיך איהם צו זעהן. |
| The dawn (דאָ־ן). | דער טאָגעס אנברוך. |
| *To dawn (דאָ־ן). | טאָגען, אנברעכען אויף טאָג. |
| Break of day.<br>Day-break (דיי־=ברייק). | טאָגעס אנברוך. |
| Before break of day אָד. day-break.<br>Before dawn. | פאר טאָגעס אנברוך. |
| *To prolong (פראָולאָנג'). | פערלענגערן. |
| To prolong one's stay. | פערלענגערן זיין אויפהאַלט. |
| The stay (סטיי). | דער אויפהאַלט. |
| *To defer (דיפאָיר').<br>*To postpone (פאָוסטפאָון).<br>To put off. | אָבלעגען (אויף אַן אַנדער צייט). |
| I have deferred (postponed אָד. put off) my departure until (אָד. till) the twelfth of this month. | איך האב אָבגעלעגט מיין אברייזע ביז דעם צוועלפטען פון דיזען מאָנאט. |
| The departure (דיפאר'טשור). | דיא אָברייזע. |
| To put off. | אבציהען, אבפיהרען. |
| He has put me off from day to day. | ער האט מיר אָבגעצויגען פון טאָג צו טאָג. |
| It is very wrong of you to put him off with empty promises. | עס איז זעהר אונרעכט פון אייך איהם אָב־צוציהען מיט לעערע פערשפרעכונגען. |
| *To proceed (פראָוסי־ד'י).<br>*To continue (קאָנטי'ניו). | פאָרטזעצען, געהן ווייטער. |
| Proceed. | געה ווייטער; רעד ווייטער. |

## Direct (דירעקט') straight (סטרייט), גלייך, גראַדע.

| | |
|---|---|
| Are you going straight (אָד. direct) home? | געהט איהר גלייך (איין גלייכען וועג) אהיים? |
| He came straight up to me. | ער איז הערויפגעקומען גלייך צו מיר. |

## Before (ביפאָור'), ביז, איידער.

| | |
|---|---|
| To be (till אָד. before). | דויערן, געוועהרען. |
| It will be a good half hour till (אָד. before) we dine. | עס וועט דויערן א גוטע האַלבע שטונדע ביז מיר עסען מיטטאָג. |

| | |
|---|---|
| עס וועט זיין פינף א זייגער, דענק איך, איידער איך קען היער ווידער זיין. | It will be five o'clock, I think, before I can be here again. |
| עס וועט דויערן לאנג גענוג ביז—. | It will be long enough before—. |

## Not—till, ניט ביז, ערסט.

| | |
|---|---|
| מיר וועלען ערסט קענען עסען מיטטאָג אין א האלבע שטונדע. | We shall not be able to dine till half an hour hence. |
| דיזער וויין וועט ניט טויגען צום טרינקען ביז ער איז ווענינגסטענס צוועלף מאָנאטען עלטער. | This wine will not be fit to drink till it is at least a twelvemonth older. |
| זיך קריגען. | *To quarrel (קוואָר׳רעל). |
| זיך קריגען וועגען—. | To quarrel about—. |
| ער קריגט זיך מיט יעדען. | He quarrels with everybody. |
| זידלען. | *To scold (סקאָולד). |
| ווערען געזידעלט, קריגען געזידעלט. | To be scolded. |
| איך וועל קריגען געזידעלט, ווען איך בין ניט צו הויז אום פינף. | I shall be scolded, if I am not at home at five. |
| וואָס פיר א נוץ איז זיך צו קריגען דעריבער? | What use is quarrelling about it? |
| ענדערן; זיך ענדערן. | *To alter (אָ־ל׳טער). |
| בייטען; זיך בייטען. | *To change (טשיינדזש). |
| דער ווינד האט זיך געביטען. | The wind has changed. |
| היינט אין דער פריה איז דער ווינד געווען א זיד־ווינד און יעצט איז ער א וועסט־ווינד. | This morning the wind was south, and now it is west. |
| וויא איז דער ווינד?<br>וואָס פיר א ווינד האָבען מיר? | How is the wind? |
| האָט איהר געלאָזען איבערניצעווען דעם ראָק? | Have you had the coat altered? |
| איבערניצעווען. | *To alter (אָ־ל׳טער). |
| הערויסקומען, קומען פון; הערויסגעקומען, געקומען פון. | To arise (אֶראַיז); arose (אֶראָוז), arisen (אֶריזן). |
| קומען פון—. | *To proceed (פּראָוסי־ד׳). |
| דערפון קומט עס, דאס—. | Hence it arises that—. |
| פון וואנען קומט עס, דאָס—? | Whence does it arise that? |
| אלע דיזע פעהלערן קומען פון אייער אונאבטזאמקייט (נאכלעסיגקייט). | All these faults arise (.אָד proceed) from your inattention. |
| דיא אונאבטזאמקייט, דיא נאַכלעסיגקייט. | The inattention (אינאַטטענ׳שאָן). |

| | |
|---|---|
| עס איז אזוי מיט—. | That is the case with—.<br>It is so with—. |
| עס איז אימער מיט מיר אזוי. | It is always so with me.<br>That is always the case with me. |
| אזוי איז עס אימער. | So it is always.<br>That is always the case. |
| אזוי וועט עס אימער זיין מיט אייך. | Thus (אָד. so) it will always be with you. |
| אזוי איז מיט מיר אויך. | That is my case, too. |
| עס איז דאָ אן אורזאך פיר יעדע זאך. | There is a reason for everything. |

**So אָד. so, and, אויך.**

| | |
|---|---|
| איך וועל געהן און מיין ברודער אויך. | I shall go and so will my brother. |
| איך געה. | I am going. |
| און איך אויך. | So am I. And so am I. |
| מיר האבען נעכטען געהאט א בריף פון קארלען. | We had a letter from Charles yesterday. |
| מיר אויך. | So had we. And so had we. |
| מיין פערד קען שפרינגען איבער דיזען גראָבען. | My horse can leap this ditch אָד. over this ditch. |
| שפרינגען. | *To leap (ליפּ). |
| דער גראָבען. | The ditch (דיטש). |
| מיינער קען אויך. | So can mine. And so can mine. |
| מיין ברודער'ס קען אויך. | So can my brother's. |
| הענריך שרייבט זעהר גוט. | Henry writes very well. |
| און ווילהעלם אויך. | And so does William. |
| דוא ביסט א נאר. | You are a fool. |
| דוא אויך. | And so are you. |
| ער איז א גרויסער גנב. | He is a great rogue. |
| אין זיין זוהן אויך. | And so is his son. |
| דער גנב, דער מאָשעניק. | The rogue (ראָוג). |
| ערשטוינען. | *To surprise (סאָירפּראיז).<br>*To astonish (אָסטאָ'ניש). |
| איהר איבערראשט מיך. | You surprise me. |
| ער געהט הייראטהען, ער פערהייראטהעט זיך, ער הייראטהעט, ער האט חתונה. | He is going to be (אָד. get) married. |
| זייא געהען הייראטהען, זייא וועלען זיך פערהייראטהען, זייא וועלען חתונה האבען. | They are going to be married. |
| גראָטולירען, געבען מזל־טוב. | *To congratulate (קאָנגראָ'טיולייט). |

| | |
|---|---|
| To wish joy. | ווינשען פרייד. |
| May one congratulate you? | מעג מען אייך גראַטולירען? / מעג מען אייך געבען מזל־טוב? |
| I wish you a happy new year. | איך ווינש אייך אַ גליקליכעס נייעס יאהר. / איך ווינש אייך גליק צום נייען יאהר. |
| The nobleman (נאָובל'מאַן). | דער עדעלמאַן. |
| The noble lord. | דער עדעלער הערר. |
| His lordship (לאָרד'שיפּ). | זיינע גנאַדען; דער גנעדיגער הערר. |
| Her ladyship (ליי'דישיפּ). | איהרע גנאַדען; דיא גנעדיגע פרוי. |
| Mylord (מאַילאָרד'); your lordship. | גנעדיגער הערר. |
| Mylady (מאַילייידי'); your ladyship. | גנעדיגע פרוי. |
| Mr. Crawford, where is Mrs. Crawford? | הערר קראָפאָרד, וואו איז מאדאם קראָפאָרד? (וואו איז אייער פרוי?) |
| Mrs. Crawford, where is Mr. Crawford? | מאדאם קראָפאָרד, וואו איז הערר קראָפאָרד? (וואו איז אייער מאַן?) |

עס איז בייא דיא ענגלענדער און אַמעריקאַנער ניט דיא מאָדע, דאָס דער מאַן זאָל פון זיין פרוי רעדען מיט דיא ווערטער my wife (מיין ווייב) און דיא פרוי פון איהר מאַן my husband (מיין מאַן); אָדער ווען מען רעדט צו אַ מאַן אָד. אַ פרוי צו זאָגען: your wife (אייער ווייב), your husband (אייער מאַן); מאַן אָדער ווייב ווערט גענאַנט מיט'ן נ אָ מ ע ן, וויא: Mr. Crawford, Mrs. Crawford. ווען מען רעדט מיט אנפערטרויטע פריינד זאָגט מען וויא מען וויל.

| | |
|---|---|
| *To introduce (אינטראָודיוס'). | פאָרשטעלען. |
| To introduce to—. | פאָרשטעלען פאר—. |
| *To distinguish (דיסטינ'גוויש). | אונטערשיידען. |
| The difference (דיפ'פערענס). / The distinction (דיסטינק'שאָן). | דער אונטערשייד. |

## 229. צום איבערזעצען.

ווערט איהר היער בלייבען פיעל לענגער?—איך בעדויער זעהר פיעל, דאס איך וועל אייך מוזען פערלאָזען (have) אין אַ פּאָאָר טעג.—געהט איהר גלייך אהיים?—ניין, איך געה פון היער נאָך בערלין און פון דאָרטען צוערסט נאָך לייפּציג (Leipsic) און דרעזדען (Dresden); עס וועט דויערן דרייא, אויב ניט פיער וואָכען, איידער איך וועל אָנקומען (reach) אַ היים.—רייזט איהר אין אייער אייגענעם וואָגען (carriage)?—ניין.—איידער עס זיינען געווען אייזענבאַהנען אין דייטשלאַנד, האב איך גערייזט אין מיין אייגענעם וואָגען, אבער יעצט רייז איך ענטוועדער מיט (by) אייזענבאַהן אָדער פּאָסט.—האָט איהר גערן צו רייזען מיט'ן דאַמפּשיף?—ווען דאס וועטער איז שעהן, און הערונטער דעם טייך, האב איך עס גוט גערן.—פון דרעזדען קעהר איך מיך צוריק אין לייפּציג; פון דאָרטען אין בערלין, וואו איך האב צו זעהן מאנכע פריינד, און פון וואנען איך וועל, וואהרשיינליך, פאָרטזעצען מיין רייזע ביז (to) האמבורג מיט'ן דאַמפּפער.—וויא קומט עס, דאס איהר האט אימער אזוי פיעל צייט איבריג צו מאַכען (to pay) וויזיטען?—איך

שטעהע אויף בעגינען (=מיט טאָגעס אָנברוך); דעריבער קען איך מאַכען מיינע וויזיטע אין דער פריה.—וואָרום געהסט דו ניט מיט די אַנדערע יונגלאַך?—זייא וועלען מיך ניט לאָזען מיטגעהן (=געהן מיט זייא).—וואָרום ניט? וואָס איז די אורזאַך? איך וועל דיר זאָגען: דו קריגסט דיך אימער, ביסט קיין מאָל צופרידען, מיט וואָס די די אַנדערע טהוען; דעריבער האָבען זייא דיך ניט ליעב; און אַזוי וועט עס זיין מיט דיר דורך דיין גאַנצעס לעבען (דורך, through, צולעצט). ווען דו ענדערסט דיך ניט.—עס איז דאָ אַן אורזאַך פיר יעדע זאַך; ווער עס האָט קיין פריינד, פערדיענט (deserves) קיינע. —וואָרום דענקט איהר (=וואָס מאַכט אייך דענקען), אַז דאָס וועטער וועט (is going) זיך ענדערן?—דער ווינד האָט זיך געביטען. ביז נעכטען איז געוועזן אַן אָסט־ווינד (the wind was east); פאָריגע נאַכט איז געוועזן אַ זיד־ווינד, און יעצט איז אַ וועסט־ווינד; דערפון שליס איך, (דאָס) מיר וועלען האָבען רעגען היינט ביי נאַכט אָדער מאָרגען אין דער פריה.—וואָרום שטעהט איהר אויף שפּעט? ווילהעלם איז אונטען (down-stairs) אַ האַלבע שטונדע פאַר דיר יעדען מאָרגען.—דער דיענער וועקט מיך קיינמאָל, ווען ער וועקט די אַנדערע.—איך וועל איהם זאָגען דיך צו וועקען אום האַלב זעקס; פון יעצט אַן מוזט דו זיין אָנגעטהאָן אום אַ פערטעל אויף זיבען, זאָנסט וועסט דו ניט קריגען קיין פריהשטיק.

## 230. צום איבערזעצען.

וועט אייער שווענערין קומען צו אונז, ווען מיר לאַדען זיא איין?—איהר קענט (my) זיא פרעגען; אַבער איך קען אייך זאָגען פאָרויס, דאַס זיא וועט ניט אויסגעהן דיזען אַבענד, ווייל זיא ערוואַרטעט איהר ברודער און שווענערין.—איך הער דו גערהסט הייראַטהען, מיין טהייערער פריינד; מעג מען דיר געבען מזל־טוב?—יע, איהר קענט מיר געבען מזל־טוב.—איך האָב אייך צו ערצעהלען אַ נייס (a piece of news), וועלכע וועט אייך איבערראַשען.—איך וייס, וואָס איהר ווילט (are going) זאָגען: אייער קוזינע, פריילין קליוולאַנד, וועט (is going to get) הייראַטהען מיט (to) העררן כטאָנטאָן. איהר זייט צו שפּעט מיט אייער נייס, אייער שוועסטער האָט עס מיר שוין ערצעהלט פריהער פאַר אייך; זיא איז היער געוועזן אַ האַלבע שטונדע צוריק, און האָט מיר ערצעהלט אַלעס וועגען דעם.—וועט איהר אויך געהן צום קאָנצערט מאָרגען?—איך וועל געהן מיט מיין מומען; איך פערשפּרעך מיר פיעל פערגניגען, ווייל מען זאָגט, אַז פריילין קליוולאַנד איז אַ פאָרטרעפליכע (superior) זענגערין.—האָט אייער פריינדין שוין געהערט, וואָס האָט פּאַסירט איהר ברודער?—זיא האָט עס געהערט פאָריגע נאַכט, און איך האָב מורא זיא צו זעהן; אַבער איך מוז זיא געהן זעהן.—הערר קליוולאַנד, וואָס מאַכט אייער פרוי?—מיין פרוי איז געזונד, איך דאַנק אייך.—מאַדאַם דזשאָהנסאָן, וואו איז אייער מאַן?—מיין מאַן איז ביי מיין שוויגער.

## 231. צום איבערזעצען.

האָבען אייערע עלטערן שוין געמאַכט זייער אָברייזע?—ניין; זייא זיינען געוועזן געצוואונגען זיא אָבצולעגען אויף (for) אַ וואָך.—וואַרטען זייא, פיעללייכט, אויף אייער ברודער'ס אַנקונפט (arrival)?—יע.—האָט דער מאַן שוין בעצאָהלט אייער ברודער

דאָס געלד, וועלכעס ער איז איהם געווען שולדיג?—ניין, ער האט איהם אָבגעצויגען מיט דער צאָהלונג פון כאג צו טאג זייט צווייא וואָכען.—דענקט איהר דער מאן וועט איהם בעצאהלען?—אָ, געוויס; דער מאן איז זעהר רייך און זעהר עהרליך, אבער ער קען זיך ניט שיידען (part) מיט זיין געלד.—האט איהר אייך קיינמאָל נאָך בעגעגענט (זיך בעגעגנען, to meet) מיט אַזעלכע מענשען (=לייטע)?—יע, איך האב מיך בעגעגענט מיט זייא; אבער עס איז זעהר אונרעכט אזוי אבצוציהען מיין ברודער מיט פּוסטע (לעערע) פערשפּרעכונגען פון טאָג צו טאָג.—איז דיזע פלאש שוין לעער?—יע.—איך וועל זאָגלייך הערונטערשיקען נאָך (for) איינע אין קעלער.—איך דאנק אייך פיר אייער פריינדשאפט.—קענט איהר דיזען אָדעלמאָן?—איך קען איהם ניט.—דאס איז לאָרד טשעסטער (Chester). דער לאָרד איז מיינער אַ פריינד און איך וועל אייך פאָרשטעלען פאַר (to) איהם.—גנעדיגער הערר, דאס איז מיין פריינד, הערר מילטאָן.—עס פרייט מיך זעהר אייך צו קענען.—איך וועל אייך אויך פאָרשטעלען פאַר דער אָדעליגער (noble) דאמע, דעם לאָרד'ס פרוי.—גנעדיגע פרוי, דאס איז מיין פריינד הערר מילטאָן.—עס פרייט מיך זעהר אייך צו קענען, הערר מילטאָן.

## 232. צום איבערזעצען.

וויא לאַנג וועט עס דויערן ביז איהר זייט פערטיג מיט דעם בריף?—עס וועט דויערן אַ האַלבע שטונדע ביז איך קען איהם האבען פערטיג, דען איך האב איבערצושרייבען דיא רעכנונג.—וועט עס דויערן לאַנג ביז אייער ברודער קעהרט זיך צוריק?—עס וועט זיין האַלב צעהן אֵיידער ער קען זיין היער ווידער.—וויא איז דער ווינד?—עס איז יעצט אַן אָסט-ווינד; איך דענק עס וועט (it is going) פרירען.—פון וואַנען קומען אַלע דיזע פליגען אויף אֵיין מאָל?—איך קען ניט זאָגען, פון וואַנען זייא קומען; עס פערדריסט מיך נאָר, וואָס זייא זיינען היער, ווייל זייא זיינען זעהר בעלעסטיגענד (troublesome).—וועט איהר געהן מיט מיר צו מיין פעטער?—איך וועל געהן מיט אייך; אבער איך זאָג אייך פאָרויס, איך וועל ניט בלייבען איבער אַ האַלבע שטונדע; דען אום האַלב זיבען וועל איך געהן אין טהעאַטער.—איך אויך.—אַלזאָ וועלען מיר אונז ניט קריגען וועגען דעם.—איך האב גערן צו געהן אין טהעאַטער בעצייטען (betimes); ווייל, ווען איך בין ניט גאַנץ אין פאָרנט קען איך ניט זעהן.—אַזוי איז מיט מיר אויך. איך וואָלט ליעבער גאָר ניט געהן אֵיידער צו שפּעט.—וואו זייט איהר געוועזען נעכטען?—איך בין פאָרמיטטאָג געוועזען צו הויז און אום צווייא אַ זייגער בין איך געגאַנגען נאָך ברוקלין (Brooklyn) מיט דער אייזענבאַהן.—איך וואָלט וועלען עסען מיטטאָג אויף (at) דעם לאַנד; אבער איך האב ניט ליעב צו געהן (going) אליין.—דאס איז אויך דער פאַל מיט מיר; אַלזאָ לאָמיר געהן צוזאַמען נאָך ברוקלין.—עס וועט זיין צו ווייט, האַב איך מורא; מיין פאָטער וויל, איך זאָל עסען אָבענד-ברויט אום ניין.—אויך מיינער; איך בין געוועהנליך צו הויז אום ניין.—נעכטען האב איך געאַרבייטעט דעם גאַנצען טאָג.—מיר אויך.—מיין טאָכטער האט עבען (just) אַנגעפאַנגען צו לערנען (learning) איטאַליעניש.—מיינע אויך.—איך בין זעהר שלעפעריג.—איך אויך.—דיזעס מוסטער (pattern) איז זעהר שעהן.—און יענעס אויך.—אייער ברודער איז געווען צו הויז אום

צוועלף און איהר האט אויך געדארפט זיין.—מיין שוועסטער שרייבט היינט צו איהר קוזינע, און איהר האט אויך געדארפט שרייבען.—איהר זאָלט (must) זאָגלייך זיין צוריק, זאָנסט וועל איך געהן אָהן אייך.—זאָגט איהם, איך בין היער, זאָנסט וועט ער מיינען, (think) איך בין אוועקגעגאנגען.—לעג דיזעס בוך אוועג (by), זאָנסט וועט עס ווערען שמוציג.—איהר מוזט אייך בעאיילען, זאָנסט וועט איהר זיין צו שפעט.

# 73rd Lesson.—73סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| The very—. | דער סאַמע, דיא סאַמע, דאָס סאַמע—. גראדע דער, גראדע דיא, גראדע דאָס—. |
| This very day. | נאָך היינטיגען טאָג, נאָך היינט, טאקע היינט. |
| This very evening. | נאָך היינטיגען אבענד, נאָך היינט אבענד, טאקע היינט אבענד. |
| Just this very moment he has arrived. | טאקע עבען דיזען אויגענבליק איז ער אָנגעקומען. |
| You are the very man I am looking for. | איהר זייט גראדע דער מאַן, וועלכען איך זוך. |
| I shall leave this very day. | איך רייז אָב טאקע היינט. |
| He is the very man I want to speak to. | ער איז גראדע דער מאַן, מיט וועמען איך דארף שפרעכען. |
| That is the very color I have been wishing for so long. | דאס איז גראדע דיא פארב, וועלכע איך האב אזוי לאַנג געוואונשען. |
| *To wish for. | ווינשען, וועלען האבען. |

### As to—, as for—, וואָס אנבעטרעפט—, וואס איז נוגע—.

| | |
|---|---|
| As to (אָד. as for) my youngest son. | וואָס אנבעטרעפט מיין יונגען זוהן. |
| As for (אָד. as to) me. | וואָס אנבעטרעפט מיך. |
| As for (אָד. to) the books, you may keep them a litle longer. | וואָס אנבעטרעפט דיא ביכער, מעגט איהר זייא האלטען א ביסעל לענגער. |
| As to (אָד. for) myself and my sisters, we shall go nevertheless. | וואָס אנבעטרעפט מיך און מיינע שוועסטערס, וועלען מיר פון דעסטוועגען געהן. |

### Nevertheless (נעווערדהילעס'), פון דעסטוועגען.

| | |
|---|---|
| What? notwithstanding all that you hear of the people? | וואָס? ניט קוקענדיג אויף אלעס, וואָס איהר הערט פון דיא לייטע? |

### Notwithstanding (נאָטווידהסטאַנ'דינג), ניט קוקענדיג אויף—, אָבוואָהל, כאָטש.

| | |
|---|---|
| Notwithstanding all my admonitions, he did not stay at home yesterday. | ניט קוקענדיג אויף אלע מיינע ווארנונגען, איז ער (דאָך) ניט געבליבען צו הויז נעכטען. |

| | |
|---|---|
| The admonition (עדמאָני'שאָן). | דיא ווארנונג. |
| Notwithstanding all the pains I take. | ניט קוקענדיג אויף אַלע מיהע, וועלכע איך גיב מיר. |
| I think he will come nevertheless. | איך דענק ער וועט קומען פון דעסטוועגען. |

Notwithstanding האָט אויך דיא בעדייטונג פון דעסטוועגען, ווען עס קומט אין מיטען אָדער אַם ענדע פון זאַץ:

| | |
|---|---|
| I think he will come notwithstanding. | איך דענק ער וועט קומען פון דעסטוועגען. |
| I have, nevertheless (אָד. notwithstanding), paid him his money.<br>I have paid him his money nevertheless (אָד. notwithstanding). | איך האָב איהם פון דעסטוועגען בעצאָהלט זיין געלד. |

אין דער אַלטענגלישער שפּראַכע בעדיענט מען זיך אויך מיט דיא ווערטער for all אין דיא בעדייטונגען פון ניט קוקענדיג און אָבוואָהל:

| | |
|---|---|
| For all he promises so much. | ניט קוקענדיג, וואָס (אָבוואָהל) ער פערשפּרעכט אַזוי פיעל. |
| For all you say so. | אבוואָהל איהר זאָגט אַזוי. |
| Does he not say anything respecting (אָד. concerning) the cotton? | זאָגט ער גאָרנישט וועגען דיא באַוועל? |
| What does she say concerning (אָד. about) me? | וואָס זאָגט זיא וועגען מיר? |

## Concerning (קאָנסאָר'נינג), respecting (ריספּעק'טינג), וועגען.

| | |
|---|---|
| *To affect (אָפּפעקט').<br>*To concern (קאָנסאָירן'). | אָנגעהן, בעטרעפען, בעריהרען. |
| That concerns you. | דאָס בעריהרט אייך. |
| How can that concern my brother? | וויא קען דאָס אָנגעהן מיין ברודער? |
| *To affect (אָפּפעקט'). | ריהרען (דאָס געמיטה). |
| It affected me. | עס האָט מיך געריהרט. |
| An affecting scene. | א ריהרענדע סצענע. |
| He was much affected by it. | ער איז זעהר געריהרט געוואָרען דערפון. |
| *To touch (טאָטש). | אָנריהרען, בעפיהלען. |
| You must not touch everything. | מען דאַרף יעדע זאַך ניט אָנריהרען. |
| *To move (מו=וו). | בעוועגען; זיך בעוועגען; זעצען אין בעוועגונג. |
| It moves very slowly. | עס בעוועגט זיך זעהר לאַנגזאַם. |
| I can hardly perceive it. | איך קען עס קוים בעמערקען. |
| *To perceive (פּערסי־וו). | בעמערקען; זעהן. |
| I perceived him put something in his pocket. | איך האָב בעמערקט, וויא ער האָט עטוואָס הערייגעלעגט אין זיין טאַש. |

| | |
|---|---|
| *To hint (הינט).<br>*To allude (אֶלליוד).<br>*To insinuate (אינסיניואֵייט). | אַנדייטען, אָנווינקען. |
| At what is he hinting?<br>What is he hinting at? | אויף וואָס דייטעט ער אָן? |
| At what is he alluding?<br>What is he alluding to? | אויף וואָס ווינקט ער אָן? |
| I gave you a hint. | איך האָב אייך געגעבען א ווינק. |
| The hint (הינט). | דער וואונק, דער ווינק, דיא אַנדייטונג. |
| I acted according to the hints you gave me. | איך האָב געהאַנדעלט לויט דיא ווינקען, וועלכע איהר האט מיר געגעבען. |
| According to what your brother says. | לויט דעם, וואָס אייער ברודער זאָגט. |
| According as he says. | לויט דעם, וויא ער זאָגט. |
| According as it is. | נאָך דעם, וויא עס איז. |

## According (אֶקקאָר'דינג), לויט, נאָך דעם.

| | |
|---|---|
| According to circumstances. | נאָך אומשטענדע, נאָך דער לאַגע. |
| The circumstance (סאָיר'קאָמסטאֶנס). | דער אומשטאַנד, דיא לאַגע. |

According to שטעהט פאַר א זאַך אָדער א פערזאָן; according as שטעהט פאַר א וואָרט, וואָס בעצייכענט א טהואונג.

## Accordingly (אֶקקאָר'דינגלי), לויט דעם; אַלזאָ.

| | |
|---|---|
| Accordingly, I have written to my friend. | איך האָב אַלזאָ געשריבען צו מיין פריינד. |

## Consequently (קאָנ'סיקווענטלי), so (סאָו), דעריבער, אַלזאָ.

| | |
|---|---|
| Consequently (אד. so) you are wrong. | אַלזאָ האט איהר אונרעכט. |
| It depends upon whether he acts according to his promise (אד. as he promised). | עס ווענדעט זיך אָן דעם, אויב ער האנדעלט לויט זיין פערשפּרעכען. |
| I depended (אד. relied) upon your speaking to him previously. | איך האָב מיך פערלאָזען דערויף, דאס איהר וועט מיט איהם רעדען פריהער. |
| Previous (פּרי'וויאָס)—Previously. | פריהערדיג—פריהער. |
| A previous engagement. | א פריהערדיגע אנגענומענע איינלאַדונג. |
| The engagement (ענגיידזש'מענט). | דיא אַנגענומענע איינלאַדונג. |
| Your previous letter. | אייער פריהערדיגער בריף. |
| Subsequent (סאָב'סיקווענט).<br>Latter (לאֶט'טער). | נאכהעריג, שפּעטער. |
| Subsequently (סאָב'סיקווענטלי).<br>Afterwards (אֶפ'טערוואָרדז). | נאכהער, דערנאָך. |

| | |
|---|---|
| Your subsequent statement differs much (.אָד widely) from the previous one. | אייער שפּעטערדיגע מיטטהיילונג אונטער= שיידעט זיך פיעל פון דער פריהערדיגער. |
| He says he did not perceive me give him a hint. | ער זאָגט, ער האט ניט בּעמערקט, דאס איך האב איהם געגעבען א ווינק. |
| The statement (סטייט׳מענט). | דיא אָנגעבונג, דיא מיטטהיילונג. |
| *To differ (דיפ׳פער).<br>Te be different. | זיך אונטערשיידען, זיין אנדערס. |
| To aim (אֵיים). | ציעלען. |
| To aim at something .אָד somebody. | ציעלען אויף עפּעס אָד. אימעצן.<br>אָנדייטען אויף עפּעס אָד. אימעצן. |
| At whom are you aiming? | אויף וועמען ציעלט איהר? |
| Are you perhaps aiming at me? | ציעלט איהר פיעללייכט אויף מיך? |
| He aimed (.אָד took aim) at his enemy and then fired into the air. | ער האט געציעלט אויף זיין פיינד און האט דאן געשאָסען אין דיא לופט. |
| To aim (אֵיים).<br>To take aim. | ציעלען, ציעלעווען. |
| Deliberate (דילי׳בערייט)—Deliberately. | לאנגזאם, מיט בעדאכט. |
| He took deliberate aim at him and shot him dead on the spot. | ער האט אויף איהם געציעלט מיט בע= דאכט און האט איהם געשאָסען טוידט אויפ׳ן אָרט. |
| He killed him on the spot. | ער האט איהם געטוידטעט אויפ׳ן אָרט. |
| *To kill (קיל). | טוידטען, אומברייננגען. |
| To shoot (שוּט); shot (שאָט), shot. | שיסען; געשאָסען. |
| *To fire (פאֵיר). | פייערן, שיסען, אויסשיסען. |
| To fire a gun. | אויסשיסען מיט א פלינט. |

| | | | |
|---|---|---|---|
| The rifle (ראֵיפל) | דיא ביקס | The gun (גאַן) | דיא פלינט |
| The cannon (קאֶנ׳נאָן) | דיא קאנאָן | The pistol (פּיס׳טאָל) | דער פּיסטאָל |

דאָס וואָרט cannon ענטערט ניט זיין פאָרם אין מעהרצאָהל, ד. ה. עס ערהאלט ניט קיין s: the cannon, דיא קאַנאָן—two cannon, צוויא קאַנאָנען.

| | |
|---|---|
| To hit (היט); hit, hit. | טרעפען; געטראָפען. |
| I could not hit the mark. | איך האב ניט געקענט טרעפען אין ציעל. |
| The mark (מארק). | דאָס ציעל. |
| You have hit it. | דוא האָסט עס געטראָפען.<br>דאָס איז עס! |
| That was a good hit; a lucky hit. | דאס איז געווען א גוטער איינפאל; א גליקליכער איינפאל. |
| The hit (היט). | דער איינפאל. |

| | |
|---|---|
| איך שטעה איין אין דעם נייען האָטעל. | I am stopping at the new hotel. |
| The inn (אין) דאס גאסטהויז | The hotel (האָוטעל') דער האָטעל |
| דער גאָלדענער אָדלער. / דער ווייסער הירש. / דאָס ווייסע הויז. } נעמען פון האָטעלען אָד. גאסט־הייזער. | The Golden Eagle. / The White Hart. / The White House. |
| לאָזשירען, איינשטעהן. | *To stop (סטאָפּ). To stay (סטיי). |
| איך שטעה איין אין דעם גאָלדענעם אָדלער. | I am stopping (אָד. staying) at the Golden Eagle. |
| אין וועלכען גאסטהויז שטעהט איהר איין? | At what inn are you staying? |
| איך שטעה איין אין דעם ווייסען הירש. | I am staying at the White Hart. |
| איינקעהרען. | To put up. |
| אין וועלכעם גאסטהויז (אָד. האָטעל) קעהרט איהר איין? | At what inn (אָד. hotel) do you put up? |
| איך קעהר איין אין דאס ווייסע הויז. | I put up at the White house. |
| דאס לעצטע מאָל, וואָס איך בין געווען אין לאָנדאָן, בין איך איינגעשטאַנען אין דעם רויטהען לייב. | The last time I was in London I put up at the Red Lion. |
| דיא פראגע; דיא רייד. | The question (קוועס'טשאָן). |
| פרעגען; אונטערזוכען; פערהערען. | *To question. |
| מעג איך היינט אויסגעהן? | May I go out to-day? |
| ניין; דאס איז גאר אויסער פראגע, ד. ה. וועגען דעם איז גאר קיין רייד ניט. | No; that is quite out of the question. |
| דיא פראגע איז, אויב ער וועט עס גלויבען. | The question is, whether he will believe it. |
| איך צווייפעל עס גאר ניט. | I do not doubt it at all. |
| צווייפלען. | *To doubt (דאוט). |
| ער בעצווייפעלט מיינע ווערטער. | He questions my words. |
| בעצווייפלען, צווייפלען אין—. | *To question (קויעס'טשאָן). |
| בעשטעלט דעם סטאָליער צו קומען צו מיר אום דרייא אַ זייגער. | Order the joiner to come to me at three o'clock. |
| בעאויפטראגען, בעשטעלען. | *To order (אָר'דער). |
| דער אויפטראג, דיא בעשטעלונג. | The order. |
| דיזע וואארען זיינען ניט לויט בעשטעלונג. | These goods are not according to (אָד. are not to) order. |
| איינווענדען, האבען דאגעגען, זיין געגען. | *To object (אָבדזשעקט'). |
| איינווענדען געגען, ניט וועלען, אז—, זיין געגען. | To object to—. |

נאָך — to object to קומט אימער דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט, ד. ה. דיא פאָרם פון האַנדלונגסוואָרט, וואָס ענדיגט זיך מיט ing:

| | |
|---|---|
| I object to singing now. | איך וויל ניט, דאָס מען זאָל יעצט זינגען. |
| He objects to writing. | ער איז געגען שרייבען. |
| We object to your playing at cards. | מיר זיינען געגען אייער שפּיעלען אין קאָרטען. |
| Mr. Porter objects to receiving (.אָד. taking) the money. | הערר פּאָרטער וויל ניט אָננעהמען דאס געלר. |

## 233. צום איבערזעצען.

ווּעמעס פערדער־מעסערל איז דאָס?—דאס איז מיינס; עס איז גראַדע דיא זאַך, וועלכע איך האב געזוכט.—דאָרטען קומט הערר האָרריסאָן.—עס פרייט מיך; ער איז גראַדע דער מאַן, וועלכען איך דארף זעהן.—היער ברייננג איך אייך אן ענגלישעס בוך.—אַך, דאס איז גראַדע דיא זאַך, וועלכע איך ווינש.—איהר טהוט אימער גראַדע דיא זאַך, וועלכע איהר דארפט ניט טהאָן.—ער איז געשטאָרבען גראַדע דעם טאָג, וואָס מיר זיינען אָנגעקומען אהער.—ווען דארף (must) דיא לאָנדאָנער רעכנונג געשיקט ווערען נאָך האַמבורג?—זיא מוז אָוועגגעשיקט ווערען טאַקע היינט (this very day), זאָנסט וועט זיא אָנקומען (get) דאָרטען צו שפּעט.—ווען רייזט איהר אָב?—איך וועל אָברייזען טאַקע היינט נאָכמיטטאָג.—אין וועלכען גאַסטהויז זייט איהר איינגעשטאַנען אין פילאַדעלפיא?—אין דעם גאָלדענעם אָדלער.—דאס איז גראַדע דאס זעלביגע הויז, אין וועלכען איך בין איינגעשטאַנען דרייא יאהר צוריק.—איך בעט אייך אום ענטשולדיגונג; עס קען ניט זיין דאס זעלביגע הויז; וויל דאס הויז, אין וועלכען איך בין געווען, איז ערסט געבויט געוואָרען צווייא יאָהר צוריק.—זייט איהר אויפגעלעגט (disposed) צו מאַכען א שפּאַציער מיט מיר?—איך וויל, מיט פערגניגען, עס איז גראַדע דיא זאַך, וואָס איך ברויך; איך בין דעם גאַנצען טאָג געזעסען, און איך וואָלט וועלען מאַכען (=נעהמען) א ביסעל בעוועגונג (exercise).—קענט איהר מיר לייהען אייער פערד און וואָגען אויף (for) א פּאָאָר שטונדען היינט נאָכמיטטאָג?—וואָס אַנבעטרעפט דעם וואָגען, דארף איך איהם האבען אליין, און וואָס אַנבעטרעפט דאָס פערד, האב איך בייא מיר אָבגעמאַכט (I made up my mind) קיין מאָל עס צו לייהען ווידער.—ווארום ניט? איהר האט עס מיר (דאָך) געליהען פריהער.—דאס איז טאַקע דיא מעשה (דיא זאַך); דאס איז גראַדע דיא אורזאַך, ווארום איך וועל עס מעהר (=ווידער) ניט לייהען מיין סאַמע בעסטען פריינד און פיר אַזעלכען האלט איך אייך.—האט איהר נאָכגעדענקט וועגען (דעם), וואָס איך האב אייך פאָרגעלעגט (proposed) נעכטען?—יע; איך וועל נעהמען דעם פּרייז, וועלכען איהר באָט מיר; אבער, וואָס אַנבעטרעפט דעם קרעדיט (credit), וועלכען איהר פערלאַנגט (require), איז גאָר קיין רייד ניט (that is quite out of the question).—וועט איהר ערלויבען אייערע טעכטער צו קומען צו אונז היינט בייא נאַכט?—וואָס אַנבעטרעפט מאַריען און שאַרלאָטטען, האב איך גאָרנישט דאַגעגען (=קיין איינווענדונג); אבער עמיליען קען איך אויף קיין פאַל (I cannot possibly) ערלויבען, אויך איז זיא ניט געזונד געווען; עס קען דעריבער ניט זיין קיין רייד וועגען איהר אויסגעהן היינטיגען אבענד.

## 234. צום איבערזעצען.

וועט איהר שיקען דעם מאן דיא וואארען, וועלכע ער בעשטעלט?—וואס אנבעטרעפט מיך אליין, וואלט איך עס טהאן; אבער מיין ברודער איז געגען דעם.—ער האט אייך בעצאהלט דיא לעצטע סומע, ניט וואהר?—יע, דאס איז גראדע דיא אורזאך; ער וויל מיט איהם מעהר ניט האבען צו טהאן.—האט אייער שוואגער געקויפט דאס הויז?—יע, ער האט עס געקויפט, ניט קוקענדיג אויף מיין אבריידען (dissuading) איהם דערפון.—וועט אייער פאטער ווידער איינלאדען דעם איטאליענער?—ער וועט איהם ווידער איינלאדען, נוט קוקענדיג אויף וואס ער האט וועגען איהם געהערט; ווייל ער האט פון איהם א צו גוטע מיינונג צו האלטען עס פיר וואהר.— וועט אייער מומע געהן צו מאדאם קראפארד נאך דעם, וואס דיא לעצטערע האט געזאגט אויף (of) איהר?—זיא וועט פון דעסטוועגען געהן, ווייל זיא גלויבט עס ניט.—שרייבט דיא האמבורגער פירמע (house) עטוואס וועגען (respecting) דעם וויין?—זייא שרייבען, דאס זייא האבען נאך אלץ ניט געהאט א גוטען באט דערפיר; אבער זייא האפען פון דעסטוועגען איהם אבצוזעצען (to dispose of it) אין דעם לויף (course) פון נעכסטען מאנאט.—וועט אייער זוהן עטוואס פערלירען דורך וועבסטער און קאמפ.?—איך גלויב ניט, דאס זייער באנקראט וועט בעריהרען מיין זוהן.—איז עס ניט געווען זעהר א ריהרענדע סצענע?—וועגען וואס רעדט איהר?—וועגען דעם ארימען מאן, וועלכען אייער מוטער האט געשיקט דעם וויין. ער האט איהם ניט געוואלט אנריהרען, ביז זיין וויב, וועלכע איז אויך געווען זעהר קראנק, האט דערפון געטרונקען.—קענט איהר זעהן, וויא דער ווייזער (finger אד. hand) פון דיזען זייגערל בעוועגט זיך?—איך קען עס קוים בעמערקען, ער בעוועגט זיך זעהר לאנגזאם.—האט איהר ניט געזעהן דעם מאן העריינלעגען עטוואס אין זיין מויל, איידער ער האט גערעדט מיט אייך?—איך האב זיכער בעמערקט, וויא ער האט עס געטהאן, אבער איך האב מיך געמאכט (זיך מאכען, to pretend) ניט זעהענדיג (not to see).

## 235. צום איבערזעצען.

ווארום האט איהר מיר ניט געגעבען א ווינק, ווען איהר האט געוואלט אוועגגעהן?—איך האב אייך געגעבען (I did give you) א ווינק, אבער עס האט אויסגעזעהן (it appeared), אזוי וויא איהר וואלט מיך ניט פערשטעהן.—האט איהר בעמערקט, וויא דער מאן האט הערייינגעווארפען א בריף אין פייער, ווען מען האט איהם געפרעגט, אויב ער האט נאך וועלכע פאפיערען?—איך האב ניט נאר געזעהן איהם דאס טהאן, נאר איך האב איהם געגעבען א ווינק עס צו טהאן.—אויף וואס האט איהר אנגעדרייטעט (=געציעלט), ווען איהר האט געזאגט פאריגע נאכט, דאס געוויסע לייטע האבען אלעס בעמערקט, און דאך האבען זייא גארנישט געזעהן?—דאס איז געווען א ווינק, וועלכען איך האב געגעבען אייער ברודער, וועלכער האט מיך פערשטאנען זעהר גוט.—האט איהר געטהאן, וואס איך האב אייך געראטהען?—איך האב געהאנדעלט לויט דיא אנדייטונגען, וואס איהר האט מיר געגעבען.—וועט איהר בלייבען לאנג בייא אייער טאכטער אין פאריז?—דאס וועט זיך ווענדען אן (דיא) אומשטענדע. ווען איך וועל זיא טרעפען (find) אזוי געזונד, וויא זיא שרייבט מיר, אז זיא איז, וועל איך דארטן ניט בלייבען

איבער א מאָנאט.—איז עס א ריכטיגע זאך (a fact), דאָס דער הויכער מאן, וועלכער איז געוועזן בייא אייך אייערנעכטען בייא נאַכט, האט זיך געשאָסען היינט אין דער פריה? —לויט דעם, וואָס איך האָב געהערט יעצט עבען, איז עס גאַנץ וואהר.—ווייס מען ניט, ווארום ער האט עס געטהאָן?—איך דענק ער האט ניט געהאַט קיין גרויסע לוסט (wish) צו לעבען מעהר (any longer); און אזוי וויא ער איז געוועזן זיין אייגענער הערר (master), האט ער וואהרשיינליך געדענקט, (דאס) ער האט ניט נויטיג צו פערבלייבען היער לענגער אַלס איהם האט געפעלען.—מען האט איהם געהאַלטען פיר זעהר רייך.—ער האט געהאַט פון צווייא ביז דרייא טויזענד דאָללער א יאָהר; אבער ער האט געהאַט אזוי פיעלע בעדירפניסע (wants), דאס מען האט איהם געקענט גיכער (rather) אנרופען אן אָרימער אלס א רייכער.—איהר ווייסט (דאָך), מען קען זיין רייך מיט א ביס:ל און אָרים מיט פיעל געלד.—דיזער מאן האָט אויסגעגעבען מעהר אלס ער האָט געהאַט, דעריבער איז ער געוועזן, מיט אַל זיין געלד, אן אָרימער מאָן.—איך בין נייגיעריג צו וויסען, אויב מיר וועלען היינט בעקומען (have) אונזער געלד פון העררן קליוולאָנד.—ווען (if) ער האַנדעלט לויט זיין פערשפּרעכען, מוז ער עס האָבען אָבגעשיקט דעם פינפטען, אייערנעכטען, און אין דיזען פאַל קענען מיר עס ניט ערהאַלטען ביז מאָרגען; אבער איהר ווייסט, אַז מען קען זיך אויף איהם ניט פערלאָזען זעהר פיעל.

## 236. צום איבערזעצען.

רעכענט איהר היינט צו שיקען דעם מאן דאָס געלד?—דיא וואַארען זיינען ערסט אָנגעקומען היינט אין דער פריה.—איך וועל פון דעסטוועגען היינט איהם שיקען זיין געלד, ווייל, ערסטענס, ווייס איך, דאס ער דאַרף עס האבען; און, צווייטענס, האב איך עס איהם פערשפּראָכען; דיא וואַארען זיינען לויט בעשטעלונג און זעהר גוט; עס וואָלט, אלזאָ (consequently), זיין זעהר אונרעכט איהם צו לאָזען (to have) ווארטען (waiting); ער ווייס, ער קען זיך אויף מיך פערלאָזען, און ער זאָל זיך ניט אירען.—ווער האט הערויסגענומען מיין פראַנצויזישעם בוך פון מיין צימער?—איך ווייס ניט; איך האב קיינעם געזעהן הערייגגעהן אין אייער צימער; איהר האט עס וואַהרשיינליך אליין אוועגגעשיקט ערגעץ, ווייל קיינער ריהרט עטוואָס אין אייער צימער.—האט איהר ווידער גענומען מיין פעדער? איך האב מיך אָפט געבעטען (זיך בעטען, to beg) בייא (of) אייך ניט צו ריהרען מיינע פעדערן.—ווארום איז אייער שוועסטערקינד מיר פאַרבייגעגאַנגען היינט אין דער פריה און האט ניט גערעדט (without speaking)?—האט איהר איהם ניט געזאָגט ביי'ן (at the) באַל פאָריגע נאַכט, (דאָס) ער דאַרף ווידער נעהמען לעקציאָנען אין טאַנצען (dancing lessons)?—יע, געוויס; איך האב געדענקט, עס איז געוועזן זעהר פריינדליך פון (in) מיר איהם צו געבען א קליינע אָנדייטונג.—איהר האט עס ניט גערדארפט זאָגען; ער וועט עס קיינמאָל פערגעסען.—עס טהוט מיר לייד, (דאָס) ער קען ניט פערשטעהן (=נעהמען) א שפּאַס (joke); ווען איך זעה איהם דיזען אבענד, וועל איך איהם זאָגען, דאס ער האָט נאָך עטוואָס (something else) צו לערנען אויסער טאַנצען (dancing).—ער איז פיעל אנדערס (very different) פון זיין ברודער; איהר קענט איהם זאָגען, וואָס איהר ווילט; ער גיט עס אייך ווידער צוריק, אבער ער

ווערט קיינמאָל בייז (angry).—איז דאָס א נייע פלינט?—יע, איך האב זיא ערסט נעכטען געקויפט.—וויא פיעל קאָסט זיא? (=וואָס איז דער פרייז ד׳רפון?)—איך האב פיר זיא בעצאָהלט פינף און אכציג דאָללער; זיא איז זעהר א גוטע; איך האב מיט איהר היינט אין דער פריה געשאָסען, און האב געטראָפען אין ציעל דרייא מאָל נאָך אנאנד (successively).

---

# 74th Lesson.—74סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Do you like my uncle's new house? | געפעלט אייך מיין פעטער׳ס נייעס הויז? |
| I cannot say I do; for large as it is, and many rooms as it has, there is not one comfortable room in it. | איך קען ניט זאָגען, דאָס עס געפעלט מיר; דען, וויא גרויס עס איז און וויא פיעלע צימערן עס האָט, איז ניט דאָ קיין איינציגעס בעקוועמעס צימער דעריין. |
| Rich as he is, he is not happy. | וויא רייך ער איז, איז ער (דאָך) ניט גליקליך. |
| Little as he is, he is stronger than you are. | וויא קליין ער איז, איז ער שטארקער אלס איהר. |
| Whatever you may say, I do not believe you. | וואָס איהר מעגט זאָגען, איך גלויב אייך ניט. |
| Mnch as it pleases her, she does not show it. | וויא פיעל עס מעג איהר געפעלען, ווייזט זיא עס (דאָך) ניט הערויס. |

אנשטאָט as קען אויך though געבריכט ווערען; אָבער נאָך though שטעהט דאָס האנדלונגסוואָרט אין אונגעענדערטער פאָרם:

| | |
|---|---|
| Rich though he be (is :ניט), he is not happy. | וויא רייך ער איז, איז ער (דאָך) ניט צופרידען. |
| Much though it please (pleases :ניט) her, she does not show it. | וויא פיעל עס מעג איהר געפעלען, ווייזט זיא עס (דאָך) ניט הערויס. |
| Comfortable (קאָמפאָרטעבל). | בעקוועם. |
| Had like to have. | וואָלט ביינאהע.<br>וואָלטען ביינאהע. |
| They had like to have all been drowned. | זייא וואָלטען ביינאהע אלע געוואָרען ערטרונקען. |
| She had like to have lost an eye. | זיא וואָלט ביינאהע פערלאָרען אן אויג. |
| We had like to have all been burnt. | מיר וואָלטען ביינאהע אלע פערברענט געוואָרען. |
| You had like to have been too late. | איהר וואָלט געוועז ביינאהע צו שפעט. |
| *To excuse (עקסקיוז). | ענטשולדיגען. |
| Will you excuse me? | וועט איהר מיך ענטשולדיגען? |
| I will certainly excuse you. | איך וועל אייך געוויס ענטשולדיגען. |

| | |
|---|---|
| דיא ענטשולדיגונג. | The excuse (עקסקיוז).<br>The apology (עפּאָלאָודזשי). |
| זיך ענטשולדיגען, בעטען אום ענטשולדיגונג. | To make an axcuse אָד. apology. |
| איך מוז בעטען אום ענטשולדיגונג. | I must beg to be excused. |
| איהר מוזט מיך געפעליגסט ענטשולדיגען. | You must excuse me, if you please. |
| געהט איהר שוין? | Are you already going? |
| יע, עס ווערט גאנץ פינסטער. | Yes, it is getting quite dark. |
| ערלויבט מיר אייך צו בעגלייטען נאך הויז. | Permit me (אָד. give me leave) to see you home. |
| איך וועל אייך בעגלייטען אונטען. | I will see you down stairs. |
| אימעצן בעגלייטען (ביים צו א רייזע, אין א הויז, אויף דיא פּאָכט, אויף דיא אייזענבאהן, אויף דעם וועג או. צז. וו.) | To see a person off. |
| האט אייער שוועסטערקינד אָבגערייזט? | Has your cousin left? |
| יע, ער איז אוועגגעגאנגען היינט אין דער פריה אום האלב זיבען; איך האָב איהם בעגלייטעט (צו דער באהן). | Yes, he went this morning at half past six; I saw him off. |
| ווארום האט ער פון מיר ניט גענומען קיין אָבשיעד? | Why did he not take leave of me? |
| אָבשיעד. | Leave (ליוו). |
| איך האב פיר איהם צו בעטען אום ענטשולדיגונג; ער איז געווען ביז דעם סאמע לעצטען אויגענבליק צו בעשעפטיגט צו קענען געהן צו אימעצן. | I have to make an apology for him; he was too busy to the very last moment to be able to go to (אָד. call upon) any one. |
| בעטען ערלויבניס.<br>זיך נעהמען דיא פרייהייט, זיך ערלויבען. | To beg leave. |
| נעהמען אבשיעד, זיך זעגענען.<br>זיך נעהמען דיא פרייהייט, זיך ערלויבען. | To take leave. |
| איך נעהם מיר דיא פרייהייט צו—.<br>איך ערלויב מיר צו—. | I take (אָד. I beg) leave to—. |
| ערלויבט מיר אייך צו זאָגען. | Give me leave to tell you. |
| זייא געזונד! אדיע! | Farewell (פערוועל)! Good bye (גוד באַי)! |
| זאָגען „זייא געזונד", זאָגען „אדיע". | To bid (אָד. say) farewell. |
| איבערמאָרגען פריה אום זיבען. | The day after to-morrow at seven o'clock in the morning. |
| אום פינף פאָרמיטטאָג. | At five A. M. |
| אום פינף נאָכמיטטאָג. | At ffve P. M. |

פון קורצקייט וועגען בעדיענט מען זיך אָפט אין שרייבען מיט דיא בוכשטאַבען A. M. פיר פאָרמיטטאָג און P. M. פיר נאָכמיטטאָג. דיזע בוכשטאַבען זיינען אבקירצונגען פון לאַטיינישע ווערטער. A. M. זייגען דיא אָנפאַנגסבוכשטאַבען פון דיא ווערטער Ante, פאָר, און Meridiem, מיטטאָג; P. M.—פון Post, נאָך, און Meridiem.

| | |
|---|---|
| To find fault with—. | טאַדלען. |
| He finds fault with me. | ער טאַדעלט מיך. |

## Rather, אַ ביסעל, עטוואַס.

| | |
|---|---|
| Is not my coat rather too long? | איז ניט מיין ראָק אַ ביסעל צו לאַנג? |
| I think it might be rather shorter. | איך דענק ער האט געקענט זיין אַ ביסעל קירצער. |
| Is it cold out of doors? | איז עס קאַלט אין דרויסען? |
| Out of doors. | דרויסען, אין דרויסען. |
| It is rather colder than it was yesterday. | עס איז עטוואַס קעלטער אלס עס איז געווען נעכטען. |
| Is it not rather strange he should not write? | איז עס ניט עטוואַס זאָנדערבאַר, דאַס ער שרייבט ניט? |
| Strange (סטריינדזש). | זאָנדערבאַר, מאָדנע, אויפפאַלענד. |
| That is rather too bad. | דאָס איז עטוואַס צו שלעכט. |
| It is rather fresh this morning. | עס איז עטוואַס פריש (פרישליך) היינט אין דער פריה. |
| This is rather darker than that. | דאָס איז אַ ביסעל דונקעלער אַלס יענס. |
| I rather like it. | עס געפעלט מיר ציעמליך. |

## Rather, ציעמליך, נישקאָשע, נישקאָשעדיג.

| | |
|---|---|
| She is rather pretty; but I have seen prettier. | זיא איז ציעמליך שעהן; אבער איך האב געזעהן שעהנערע. |
| Is this book entertaining? | איז דיזעס בוך אמוזאַנט? |
| Rather. | נישקאָשע, ציעמליך. |
| This hat is rather too tight, could you not stretch it a little? | דיזער הוט איז אַ ביסעל צו ענג; וואָלט איהר איהם ניט געקענט מאַכען אַ ביסעל ברייטער? |
| Tight (טאַיט). | ענג. |
| *To stretch (סטרעטש). | מאַכען ברייט, אויסשטרעקען, אויסציהען. |
| Have you had that stick shortened? | האט איהר דעם שטאָק געלאָזען מאַכען קירצער? |
| *To shorten (שאָרטען). | קירצען, מאַכען קירצער. |
| *To widen (וואַידן). | ברייט מאַכען. |

| | |
|---|---|
| איז ניט אונזער הויז גרעסער אלס אייער ברודער'ס? | Is not our house larger than your brother's? |
| איך גלויב ניט; זייא זיינען אונגעפעהר פון דער זעלבינער גרויס. | I think not; they are about of a size. |
| איז דיזעס שטיק אזוי גרויס, וויא יענעס? | Is this piece as long as that? |
| זייא זיינען ביידע פון דער זעלביגער לענג. | They are both of a length. |
| פון איין גרויס, פון דער זעלביגער גרויס. | Of a size. |
| פון איין לענג, פון דער זעלביגער לענג. | Of a length. |
| פון איין קאָלאָר, פון דעם זעלבינען קאָלאָר. | Of a color. |
| צו גלייך; צו גלייכער צייט.<br>אויף א (איין) מאָל. | At a time. |
| איינער אויף אמאָל. | One at a time. |
| צווייא, דרייא אויף א מאָל. | Two, three at a time. |
| ווארום גיט איהר איהם אזוי פיעל אויף א מאָל? | Why do you give him so much at a time? |
| ווען איהר רעדט אלע אויף איין מאָל, קען איך קיין איינעם ניט הערען. | If you speak all at a time, I cannot hear any one. |

## However (האוע'ווער), אָבער, פון דעסטוועגען.

| | |
|---|---|
| איך קען אָבער ניט קומען פאר אכט א זייגער. | I cannot, however, come before eight o'clock. |
| מיר וועלען פון דעסטוועגען אָננעהמען דעם וועקסעל. | We shall, however, accept the bill. |

However קען שטעהן סיי אין מיטען זאַץ סיי אין אָנהויב זאַץ—וויא מען וויל:

| | |
|---|---|
| מיר וועלען פון דעסטוועגען אָננעהמען דעם וועקסעל. | We shall, however, accept the bill.<br>However, we shall accept the bill. |

But פיר אָבער מוז אימער שטעהן אַם אָנפאַנג זאַץ; וויל מען דאס וואָרט אָבער (וויא דאָס קומט אָפט פאָר אין יודיש) שטעלען אין מיטען זאַץ, מוז מען עס אויסדריקען דורך however. דאָס וואָרט however פיר אָבער קען שטעהן סיי אם אָנפאַנג, סיי אין מיטען, סיי אַם ענדע.

| | |
|---|---|
| ער האט אבער געזאָגט, ער וועט איהם שיקען דאס געלד. | He said, however, he would send him the money.<br>However, he said, he would send him the money.<br>He said he would, however, send him the money. |
| האט איהר איינגעלעזט דעם וועקסעל? | Have you taken up the bill? |
| איינגעהמען, איינלעזען. | To take up. |
| געווים, האב איך (איינגעלעזט). | Of course, I have. |

| | |
|---|---|
| Has he told it him? | האט ער עס איהם געזאָגט? |
| Of course, he has. | עס פערשטעהט זיך, ער האט (איהם געזאָגט). |
| A matter of course. | א נאטירליכע זאך, א זאך וואס פערשטעהט זיך פון זעלבסט. |
| *To appear (אַפּפּיר'). *To seem (סי־ם). | פאָרקומען, שיינען, אויסזעהן. |
| It appears (.אָד seems) very strange to me. | עס קומט מיר פאָר זעהר זאָנדערבאר (מאָדנע). |
| That seems to me to be very dear: | דאס קומט מיר פאָר זעהר טהייער. |
| The purpose (פּאָירפּאָז). | דער צוועק, דיא אבזיכט. |
| *To purpose (פּאָירפּאָז). | בעאבזיכטיגען, בעצוועקען, רעכענען. |
| What is your purpose in doing so? | וואס איז אייער צוועק טהוענדיג דאָס? |
| I purpose writing him to-day. | איך בעאבזיכטיג (רעכען) איהם היינט צו שרייבען. |
| What do you purpose doing this evening? | וואס רעכענט איהר צו טהאָן היינט אבענד? |
| I purpose writing a letter. | איך רעכען צו שרייבען א בריף. |

נאָך דעם האַנדלונגסוואָרט to purpose קומט געוועהנליך דאָס געגענווערטיגע מיטעלוואָרט (—ing).

| | |
|---|---|
| On purpose. For the purpose of—. | מיט דעם צוועק, אום—. |
| I am going now, on purpose to speak to him about it. | איך געה יעצט, אום מיט איהם וועגען דעם צו רעדען. |
| What can be his purpose? | וואס קען זיין זיין אבזיכט? וואס קען ער ווילען? |
| I went three times to your house, on purpose to pay you a visit. | איך בין געגאַנגען דרייא מאָל צו אייך, אום אייך אבצושטאטען א בעזוך. |
| You have done that, on purpose to vex me. | איהר האט דאס געטהאָן, אום מיך צו ערגערן. |
| On purpose. | אבזיכטליך, מיט אבזיכט, מיט פלייס, אומישנע. |
| Really, I did not do it on purpose. |ווירקליך, איך האב עס ניט געטהאָן מיט אבזיכט (מיט פלייס). |
| To no purpose. | גאַנץ אומזיסט; עס העלפט (נוצט) ניט. |
| It is no purpose telling him. | עס איז גאַנץ אומזיסט (עס העלפט ניט) איהם צו זאָגען. |
| It will be to no purrose trying. | עס וועט ניט נוצען צו פּרובירען. |
| It is to no purpose, whatever I do. | עס איז אומזיסט, וואָס איך טהוא. |

## .237 צום איבערזעצען.

איז ניט דער מאן משוגע (mad) צו פערלאנגען אזא זאך פון מיר?—וויא משוגע עס מעג אייך פאָרקומען, מוז איך אייך דאָך זאגען, דאס איך שטים גענצליך מיט איהם איין.—האט איהר האָלט דיזען ווין? איך האב פיר איהם בעצאהלט פיער דאָללער און א האלב א דוצענד מעהר אלס פיר יענעם, וואס מיר האבען געטרונקען נעכטען.—וויא טהייער ער איז, האב איך איהם דאָך ניט גערן.—ווארום האט איהר גענומען אזא קליינעס הויז?—וויא קליין דאס הויז מעג אייך פאָרקומען, איז עס פיעל בעקוועמער אלס אייער שוואָגער'ס גרויסעס הויז.—דענקט איהר, דאס העררר סמיטה (Smith) וועט היינט איינלעזען דעם וועקסעל?—ער האט עס פערשפּראָכען.—איך דענק ער וועט ניט איינלעזען דעם וועקסעל.—וועט איהר אויסגעהן דיזען אבענד? עס איז זעהר נאס און קאלט אין דרויסען; איהר זאָלט (had) בעסער בלייבען צו הויז און שיקען אן ענטשולדיגונג.—וויא נאס און קאלט עס איז, מוז איך געהן, וויל איך האב מיין שווענגערין פערשפּראָכען און איך דארף (must) זיא ניט טוישען (disappoint).—וועט איהר געהן אין טהעאטער מיט מיר? מאָררריסאָן (Morrison), דער נייער אקטיאָר, שפּיעלט היינט בייא נאכט.—וויא שטארק (much) איך פערלאנג צו זעהן דעם מענשען שפּיעלען, וואג איך דאָך ניט אויסצוגעהן אין זעבענד.—וואס איז געוועזען דיא מעלאָדיע (tune) פון דעם ליעד, וואס פריילין מאָררריסאָן האט געזונגען פאָריגע נאכט?—איך ווייס ניט; וויא אָפט איך האב געהערט דיזעס ליעד, קען איך דאָך ניט געדענקען, וויא עס פאנגט זיך אָן.

## .238 צום איבערזעצען.

האט מען גענומען דעם בריף אויף דיא פּאָסט?—יע; עס וואָלט בייגאהע געוועזען צו שפּעט; עס האט עבען געשלאָגען זיבען, ווען איך בין אָנגעקומען (got) דאָרטען.—וועט איהר מיך בעגלייטען אהיים?—עס וואָלט מיך פרייען צו געהן מיט אייך; אבער איך מוז מאכען (do) מיין ענגלישע אויפגאבע; איך וואָלט עס בייגאהע גאנץ פערגעסען.—ווען האט אייער ברודער אבגערייזט?—אום א פערטעל צו זעקס היינט אין דער פריה; ער וואָלט עס בייגאהע פערשלאָפען (פערשלאָפען, to oversleep one's self).—זייט איהר געגאנגען מיט איהם צו דער אייזענבאהן?—יע, געוויס, מיין שוועסטערקינד ווילהעלם און איך האבען איהם בעגלייטעט.—ווארום האט אייער ברודער ניט גענומען קיין אָבשיעד פון אונז?—איך האב צו מאכען אן ענטשולדיגונג פיר איהם; ער איז געוועזען אין קאָנטאָר (counting-house) ביז עלף פאָריגע נאכט, זאָנסט וואָלט ער אייך אבגעשטאטעט א בעזוך.—געהט איהר נאָך מאָרגען פריה נאָך באלטימאָר?—ניין, איך בין געצוואונגען עס אבצולעגען (to defer) ביז איבערמאָרגען.—האט איהר פיעלע אָבשיעדס בעזוכען (farewell visits) צו מאכען (to pay)?—ניין, איך בין פערטיג.—וועט איהר מיר געבען ערלויבניס מיטצונעהמען דיזעס בוך אהיים?—געוויס; אבער איהר מוזט עס גוט היטען (take good care of it).—האט העררר מאָררריסאָן געהאלטען (made) א לאנגע אָבשיעדס רעדע (speech)?—ניין, ער האט נאָר געזאָגט איינינע ווערטער; ער איז געוועזען אזוי גערירהט, דאס ער האט קוים געקענט רעדען.—אדיע; מיר וועלען אונז טרעפען בייא אונזער שוועער היינט פארנאכט, ניט וואהר?—איך האף אזוי; אדיע.

### 239. צום איבערזעצען.

זייט איהר שוין מיד?—יע, איך בין ציעמליך (מיד).—איז פריילין מאָרריסאָן אזוי חויך, וויא איהר ברודער?—זיא איז עטוואָס העכער, דענק איך.—דיזעס מוסטער געפעלט מיר גאָר ניט; געפעלט עס אייך? (do you?)—מיר געפעלט עס נישקאָשע.—איז דיזעס צייג (stuff) אזוי ברייט וויא יענעס?—עס איז עטוואָס ברייטער, אונגעפעהר אָנדערטהאַל־בען צאָל.—זאָל איך אייך געבען עטוואָס מעהר רינד־פלייש?—איך דאנק אייך; איך וועל נעהמען א ביסעל מעהר; עטוואָס וועניגער פעט (of the fat), זייט אזוי גוט.—האט איהר געלאָזען (had) דיזען ראָק אומענדערן?—יע, איך האב איהם געלאָזען מאַכען א ביסעל קירצער און ברייטער.—איך ווינש צו האבען נאָך א פּאָר האַנדשוה; זיינען דיזע מיין גרויס?—דיזע דרייא פּאָאר זיינען פון איין גרויס.—איז דיזע זייד ניט עטוואָס דונקעלער אלס דיא, וואס איהר האט מיין מוטער נעכטען געוויזען?—זייא זיינען ביידע פון איין קאָלאָר.—איך וואלט זייא וועלען האבען א ביסעל העלער.—זאָל איך שיקען אלע פלאַשען אויף איין מאָל?—ניין, עס זיינען דאָ צו פיעלע פיר איהם צו נעהמען אויף איין מאָל. שיקט ניט מעהר אלס דרייא דוצענד אויף איין מאָל.—גיט איהם ניט אזוי פיעלע שטיקער צו טראָגען אויף א מאָל.—געהט איהר אויס? עס זעהט אויס וויא (=מעגליך, likely) אויף (for) רעגען.—איך מוז אויסגעהן, פון דעסטוועגען.—איך וועל איהם פון דעסטוועגען ניט לאָזען וויסען וועגען דעם.—ער וועט פון דעסטוועגען נעהמען דאס געלד, וועלכעס איך האב איהם געבאָטען.—ווען איהר ווילט אבער ניט האלטען דיא וואארען, מוזט איהר מיך לאָזען וויסען אם שפּעטסטען מאָרגען אין דער פריה.—געווים (נאַטירליך).—איהר האט געלאָזען דיא בריף איבערליפערן (deliver) גלייך (at once), ניט וואהר?—געוויס (נאַטירליך).—זייא האבען געזאָגט, זייא וועלען פון דעסטוועגען שרייבען צו זייער פריינד, דאס זייא האבען איינגעלעזט דעם וועקסעל.—איהר וועט זאָגען אייער מוטער, דאס עס איז ניט געוועזען מיין שולד, ניט וואהר?—נאַטירליך. איהר מעגט אייך פערלאָזען אויף דעם.—קומט עס אייך ניט פאָר, וויא דיזעס וואָלט געוועזען קלענער?—איך קען ניט זעהן קיין אונטערשיעד.—איך קען, אָבער.

---

## 75th Lesson.—75סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| The expected advice. | דיא ערוואַרטעטע נאַכריכט. |
| The advice (אַדוואיס׳). | דיא נאַכריכט. |
| The broken stick. | דער צוברָאכענער שטאָק. |
| The last published reports. | דיא לעצט פערעפענטליכטע בעריכטע. |
| *To publish (פּאָבּ׳ליש). | פערעפענטליכען, בעקאַנט מאַכען. |
| The furnished apartments. | דיא מעבלירטע צימערן. |
| The apartment. | דאס צימער. |
| My esteemed friend. | מיין געשעצטער פריינד. |
| *To esteem (איסטי׳ם). | שעצען. |
| The inclosed letter. | דער איינגעשלאָסענער בריף. |

| | |
|---|---|
| *To inclose (אינקלאָוז'). | איינשליסען. |
| They are deeply afflicted at the loss of a near relative. | זייא זיינען העכסט בעטריבט איבער דעם פערלוסט פון אַ נאָהענטען פערוואַנד-טען. |
| *To afflict (אֶפפליקט'). | בעטריבען. |
| Afflicted (אֶפפליק'טעד). | בעטריבט. |
| The relative (רע'לאֶטיוו). | דער פערוואַנדטער, דיא פערוואַנדטע. |
| We were quite alarmed at her long silence. | מיהר זיינען געווען זעהר אונרוהיג איבער איהר לאַנגעס שטיל-שוויינגען. |
| Were not you quite charmed with her? | זייט איהר ניט געווען גאַנץ ענטציקט אי-בער זיא? |
| *To charm (טשארם). | ענטציקען. |
| Charmed (טשארמד). | ענטציקט. |
| He was highly (אָד. greatly) displeased with her and her sister. | ער איז געווען העכסט אונצופרידען מיט איהר און איהר שוועסטער. |
| *To displease (דיספלי'ז). | אונצופרידען מאַכען. |
| Displeased (דיספלי'זד). | אונצופרידען. |
| Highly (האי'לי).<br>Greatly (גרייט'לי). | העכסט, זעהר. |

דיא פערגאַנגענהייטס מיטעלווערטער, וויא alarmed (פון to alarm), charmed (פון to charm), displeased (פון to displease) או. אז. וו., האָבען נאָך זיך דאָס ווערטעל at, ווען נאָך זייא געהט אַ פּערזאָן, און דאָס ווערטעל with, ווען נאָך זייא געהט אַ האַנדלונג אָדער אַ טהואונג; צ. ב. he was alarmed at her loss, ער איז געווען בעאונרוהיגט איבער איהר פערלוסט; I am dissatisfied with her, איך בין אונצופרידען מיט איהר.

דאָס וואָרט זעהר ווערט נאָך אַ פערגאַנגענהייטס מיטעלוואָרט ניעמאַלס אויסגעדריקט דורך very, נאָר דורך much, highly, greatly און מאַנכמאָל אויך דורך quite.

| | |
|---|---|
| Greatly alarmed. | זעהר בעאונרוהיגט. |
| Highly esteemed. | זעהר געשעצט. |
| Quite respected. | זעהר געעהרט. |
| I shall apply direct to him. | איך וועל מיך ווענדען גלייך צו איהם. |
| *To apply (אֶפּלאַי'). | זיך ווענדען. |
| Will you apply to her? | ווערסט דוא דיך ווענדען צו איהר? |
| No, not I. | איך ניט. |
| Has William made that mistake? | האט ווילהעלם געמאַכט דיזען פעהלער? |
| Not William. | ווילהעלם ניט. |

אין ענגליש קומט דאָס וואָרט ניט (not) אימער פאָרויס.

| | |
|---|---|
| May I take these two books? | מעג איך נעהמען דיזע צוויא ביכער? |

| | |
|---|---|
| בײדע ניט; דעם צװײטען טהײל האב איך נאך ניט געלעזען. | Not both; the second volume I have not read yet. |
| דער טהײל. | The volume (װאָליום). |
| דענקט איהר, עס װעט הײנט רעגנען? | Do you think it will rain to-day? |
| הײנט ניט; עס איז צו װינדיג. | Not to day; it is too windy. |
| געװיס. | To be sure.<br>I am sure.<br>You are sure.<br>He is sure.<br>They are sure .א. ז. װ |
| איך װעל געװיס אזוי פיעל ניט געבען. | I am sure, I shall not give so much. |
| ער קומט געװיס. | He is sure to come. |
| מײנע שװעסטער װעלען עס אײך לײהען מיט פערגניגען. | My sisters are sure to lend it you with pleasure. |
| מײן פאָטער װעט געװיס היער זײן אין א מינוט. | My father is sure to be here in a minute. |
| װעט אײער שװאָגער געװיס מיט מיר געהן? | Will your brother-in-law be sure to go with me? |
| ער װעט געװיס מיט אײך געהן. | He is sure to go with you. |
| האט איהר באַארעס געלד? | Have you ready money (.אָד cash)? |
| באַארעס געלד, גרײט געלד. | Ready money .אָד cash (קאָש). |
| באַארעס געלד האב איך קײנס; װען א װעקסעל קען אײך טויגען, קענט איהר עס האבען. | Ready money I have none; if you can do with a bill, that you may have. |
| נײן, דאס װעט ער געװיס ניט נעהמען. | No, this I am sure, he will not take. |
| װאָס האסט דו געטהאָן מיט דעם איברי־גען געלד? | What have you done with the remainder of the money? |
| איך האב עס געגעבען װילהעלמען, װעלכער איז געגאַנגען אויף לאַנד מיט דיא איבריגע יונגלאך. | I gave it to William who went into the country with the rest of the boys. |
| דאס איבריגע, דער איבריגער טהײל. | The remainder (רימײנ׳דער).<br>The rest (רעסט). |
| װאָס האט איהר געטהאָן דעם איבריגען טהײל פון נאָכמיטטאָג? | What did you do the remainder of the afternoon? |
| מיר מײדלאך זײנען געבליעבען צו הויז, אבער מײנע ברידער זײנען געגאַנגען צו הערן מאָרריסאָן, װעלכער װאױנט איבער׳ן װעג. | We girls stayed at home, but my brothers went to Mr. Morrison's, who lives opposite (.אָד over the way). |

| | |
|---|---|
| Oposite (אַפּפּאָזיט).<br>Over the way. | געגענאיבער, איבער'ן וועג. |
| Does Mr. Smith live here? | וואוינט הערר סמיטה דאָ? |
| No, he lives opposite (.אד over the way). | ניין, ער וואוינט איבער'ן וועג. |
| Who sat opposite you (.אד to you)? | ווער איז געזעסען אייך געגענאיבער? |
| My sister sat opposite me (.אד to me). | מיין שוועסטער איז געזעסען מיר געגענאי-בער. |
| Opposite. | געגענגעזעצט. |
| He went into an opposite direction. | ער איז געגאנגען אין א געגענגעזעצטע ריכטונג. |
| The direction (דירעקשאָן). | דיא ריכטונג, דיא ווענדונג. |
| *To oppose (אָפּפּאָוז'). | זיך שטעלען געגען, זיין געגען. |
| He opposed the execution of the plan. | ער איז געווען געגען דער אויספיהרונג פון דעם פּלאַן. |
| The execution (עקסיקיו'שאָן). | דיא אויספיהרונג. |
| The disposition (דיספּאָזי'שאָן). | דאס געמיטה. |
| The nature (ניי'טשור). | דיא נאַטור. |
| She is very good-natured. | זיא איז זעהר גוט-מוטהיג. |
| Good-natured. Kind. | גוט-מוטהיג, פריינדליך. |
| Ill-natured. Unkind. | שלעכט, אונפריינדליך. |
| It was very ill-natured of her not to lend me the pattern. | עס איז געווען זעהר שלעכט (אונפריינדליך) פון איהר, מיר ניט צו לייהען דאס מוסטער. |
| The temper (טעמ'פּער). | דיא געמיטהסשטימונג, דער מוטה. |
| Ill-tempered. | שלעכט געשטימט, בייז. |
| Good-tempered. | פריינדליך, גוט. |

פון דיא מעהרסטע זאַכווערטער קען מען אין ענגליש מאַכען אייגענשאַפטסווערטער דורך דיא צוזעצונג פון ed, אָדער d, ווען זייא ענדיגען זיך אויף e.

ביא דער צוזעצונג פון ed ווערט אַן אייגצעלנער שלוס-קאָנסאָנאַנט, פאַר וועלכען עס געפינט זיך אַן אייגצעלנער וואָקאַל, אימער פערדאָפּעלט; צ. ב. leg, א פוס—short-legged, קורצ-פיסיג.

| | |
|---|---|
| The heart (האַרט). | דאס הערץ. |
| Good-hearted. Hard-hearted. | גוט הערציג. האַרט-הערציג. |
| Distress (דיסטרעס'). | עלענד, נויטה. |
| Distressed (דיסטרעסט'). | בעקימערט, בעדרענגט. |
| The head. Thick-headed. | דער קאָפּ. דיק-קעפּיג, גראָב-קעפּיג. |
| Curly (קאָיר'לי). | קרייזעלדיג. |
| Curly-headed, | קרייז-קעפּיג. |

| | |
|---|---|
| The hair (הע־ר). | דאָס האָאָר. |
| Long-haired. | לאַנג־האָאָריג, מיט לאַנגע האָאָר. |
| Red-haired. | רויטה־האָאָריג, מיט רויטהע האָאָר. |
| The feature (פי־טשור). | דער געזיכטסצוג. |
| Ill-featured. | העסליך, מיט מיאוסע געזיכטסציגען. |
| Well-featured. | מיט גוטע געזיכטסציגען, מיט רעגעלמע־סיגע געזיכטסציגען. |
| The leg (לעג). | דער פוס. |
| Long-legged. | לאַנג־פיסיג, מיט לאַנגע פיס. |
| Short-legged. | קורצ־פיסיג, מיט קורצע פיס. |
| The cheek (טשי־ק). | דיא באַק. |
| Red-cheeked. Rosy-cheeked. | רויטה־באַקיג, מיט רויטהע באַקען. |
| The eye (אי). | דאָס אויג. |
| Blue-eyed. | בלוי־אויגיג, מיט בלויע אויגען. |
| Black-eyed. | שווארצ־אויגיג, מיט שווארצע אויגען. |
| The face (פיים). | דאָס געזיכט. |
| Pale-faced. | בלייך, מיט א בלייכען געזיכט. |
| Red-faced. | רויטה, מיט א רויטהען געזיכט. |
| The curtain (קאֶיר־טיין). | דער פאָרהאַנג. |
| A curtnined room. | א צימער מיט א פאָרהאַנג. |
| A curtained window. | א פענסטער מיט א פארהאַנג. |
| The carpet (קאַר־פעט). | דער טעפּיך, דער דיוואַן. |
| A carpeted room. | א צימער מיט טעפּיך. |
| The bed (בעד). | דאָס בעט. |
| A double-bedded room. | א דאָפּעל־בעטיגעס צימער, א צימער מיט צווייא בעטען. |
| The breast (ברעסט). | דיא ברוסט. |
| A double-breasted coat. | א ראָק מיט צווייא רייהען קנעפּ. |
| A single-breasted coat. | א ראָק מיט אֵיין רייהע קנעפּ. |
| Heel (הי־ל). | אַן אבזאַץ, א קנאַפּעל. |
| High-heeled. Low-heeled. | מיט הויכע קנאַפּעל. מיט נידעריגע קנאַפּעל. |
| Toe (טאָו). | א שפּיץ (פון א שוך). |
| Square-toed. | מיט ברייטע שפּיצען. |

צו דיא אייגענשאַפטסווערטער, וואָס ווערען געמאַכט פון זאַכווערטער דורך דיא צוזעצונג פון ed אדער d, ווערט בייא א האַנדלונג צוגעזעצט דיא ענדונג ly, אזוי גוט וויא צו געוועהנ־ליכע אייגענשאַפטסווערטער; צ. ב.

| | |
|---|---|
| He very good-naturedly went the whole way with us. | ער איז זעהר פריידליך מיט אונז געגאַנגען דעם גאַנצען וועג. |

א בעט פיר אײן פערזאָן. A single bed.
א בעט פיר צווייא פערזאָן. A double bed.

## 240. צום איבערזעצען.

דיא ערוואַרטעטע נאַכריכט איז ניט געקומען.—איך קען ניט העלפען, עס איז ניט מיין שולד.—וואו האָסט דוא געקויפט דעם צוּבראָכענעם שטאָק?—איך האב געקויפט דעם צוּבראָכענעם שטאָק בייא (of) פּאָרטער און קאָמפּ.—דיא לעצט פערעפענטליכטע בעריכטע זיינען ניט געווען וואהר.—איך דענק זייא זיינען געווען גאנץ וואהר.—האט איהר געזוכט מעבלירטע צימערן?—איך האב געזוכט מעבלירטע צימערן, אבער איך האָב ניט געפונען.—געשעצטער פריינד, לאָז מיך וויסען, אויב דוא האסט שוין געקריגען א בריף פון אונזער קוזינע מאַריע.—איך האב ערהאַלטען פון איהר א פּאַקעט (packet) מיט אן איינגעשלאָסענעם בריף; זיא שרייבט, זיא איז געזונד.—איך בין העכסט בע־טריבט איבער דעם פערלוסט פון אונזער פריינד.—איך אויך.—איך בין געווען זעהר אונרוהיג איבער דיין לאַנגעם שטיל־שווייגען.—ער איז אונצופרידען מיט זיין ברודער.—ער איז אונגערעכט.—וואָס זאָל איך טהאָן?—ווענד דיך צו איהם; ער וועט דיר געבען א גוטען ראַטה.—ווענדסט דוא דיך ווענדען צו איהר?—ניין, איך וועל מיך ניט ווענדען צו איהר.—האט אייער ברודער געמאַכט דיזען פעהלער?—מיין ברודער ניט.—מעג מיין שוועסטער נעהמען דיזע צווייא ביכער?—ביידע ניט; דעם צווייטען טהייל האב איך נאך ניט געלעזען.—דענקט איהר, עס וועט היינט רעגענען?—היינט ניט. עס איז צו ווינדיג.—ווערסט דוא געבען אזוי פיעל פיר דיזעם בוך?—איך וועל געוויס אזוי פיעל ניט געבען.—וועט ער היינט קומען?—ער קומט געוויס.—וועלען אייערע שוועס־טערס מיר לייהען זייערע ביכער?—זייא וועלען זייא אייך לייהען מיט פערגניגען.—ווען וועט אייער פאָטער זיין היער?—ער וועט געוויס היער זיין אין א מינוט.—איך וויים ניט אויב אייער שוואָגער וועט מיט מיר גיהן.—האט ער באַארעס געלד?—ער האט געוויס.—וועט ער נעהמען א וועקסעל?—ער וועט געוויס נעהמען א וועקסעל, ווען איהר האט קיין געלד.—וואס האסט דוא געטהאָן מיט דעם איבריגען געלד?—איך האָב עס געגע־בען קאַרלען, וועלכער איז געגאַנגען אויף לאַנד מיט דיא איבריגע יונגלאַך.—וואָס האָט קאַרל געטהאָן דעם איבריגען טהייל פון נאָכמיטטאָג?—ער איז געגאַנגען צו הערךן קליוולאַנד, וועלכער וואוינט איבער׳ן וועג.—וואוינט הערר קליוולאַנד היער?—ניין, ער וואוינט איבער׳ן וועג.—ווער איז געזעסען אייך געגענאיבער?—מיין שוועסטער איז געזע־סען מיר געגענאיבער.—וויא איז יאָהאַן געגאַנגען?—יאָהאַן איז געגאַנגען אין א געגענגע־זעצטע ריכטונג.—זייט איהר געווען צופרידען מיט דעם פּלאַן?—ניין, איך בין געווען נעגען דער אויספיהרונג פון דעם פּלאַן.

## 241. צום איבערזעצען.

ער איז יעצט אין גוטען מוטה, איך וועל פּרובירען רעדען מיט איהם.—עס איז וואהר, דאס ער איז יעצט אין א גוטען מוטה, אבער ער איז צו בעשעפטיגט און איך גלויב ניט, דאס ער וועט דיך יעצט עמפּפאַנגען.—איז יענע פרוי גוט־מוטהיג?—איך קען אייך פערזיכערן, דאס זיא איז גוט־מוטהיג.—איז אייער פעטער א גוט־מוטהיגער מענש?—

ער איז זעהר שלעכט (אונפריינדליך).—וויא האט זיך העגריכ׳ס שוועסטער אויפגעפיהרט? —עס איז געווען זעהר שלעכט (אונפריינדליך) פון איהר מיר ניט צו לייהען דאס בוך.—קען איך יעצט בעזוכען דיין ברודער?—געוויס ניט; ער איז יעצט שלעכט געשטימט.—איז ער ווען גוט=געשטימט?—מאנכמאָל; ער איז א גוט=הערציגער מענש.—זעהסט דוא יענעם מענשען? ער איז זעהר הארט=הערציג.—אָ, איך קען איהם; דוא האָסט אן אירטהום; ער איז זעהר א גוט=מוטהיגער מענש, נאָר יעצט איז ער בעדרענגט און איז יעצט שלעכט געשטימט.—זעהט איהר יענעם לאַנג=האָריגען מענשען? ער איז איינער פון דיא גרעסטע קויפלייטע פון דיזער שטאָדט.—ער זעהט אויס זעהר אן אײנפאַכער מענש.—קענט איהר יענע קרייז=קעפּיגע און רויט=האָריגע דאמע? זיא איז דיא פרוי פון גענעראל מאָרטאָן.—איך וויים עס; זיא איז אבער זעהר העסליך (מיט מיאוסע געזיכטסצינגען).—אומגעקעהרט (on the contrary), זיא האט רעגעלמעסיגע געזיכטסצינגען (she is well-featured).—יענער לאַנג=פיסיגער יונג איז דער זוהן פון העררן טשארלז, דעם לעהרער.—און ווער איז דאס לאַנג=פיסיגע מיידעל?—איך וויים ניט.—בייא וועמען האט איהר געקויפט דיזע זאָקען?—אין דעם לאדען איבער דעם וועג.—האט איהר נעכטען געהאט אן אנגענעהמען נאכבאַר צו מיטטאָג=עסען?—זעהר; גענענאיבער איז געזעסען דאָס שעהנע פריילין מאָררימאָן מיט דיא רויטהע באקען (=דאס שעהנע רויטה=באקיגע פריילין מאָררימאָן) און צו (on) מיין רעכטער זייט דער יונגער קרויז=קעפּיגער פראנצויז.—איז אייער קוזינע נאך ניט פערהייראַטהעט?—ניין.—געהט איהר נאך פּאַריז?—ניין, איך געה אין א גענענגעזעצטע ריכטונג; איך וועל געהן נאך בערלין.—וויא געפעלט אייך מיין פלעמעניצע?—זיא געפעלט מיר זעהר; זיא זעהט אויס זעהר גוט=מוטהיג (good-tempered). —וואָס מאַכט אייך היינט אזוי שלעכט געשטימט?—ווילט איהר האָבען אייער ראָק מיט צווייא אדער מיט איין רייהע קנעפּ?—ווער איז דער יונגער מאן מיט דיא בלויע אויגען?—קענט איהר איהם ניט? ער איז מיין פּלעמעניק, וועלכער האט מיט מיר גערייזט נאָך איירעאָפּא צווייא יאהר צוריק.—ווירקליך? איך וואָלט איהם ווידער ניט ערקענט; וויא ער האט זיך געענדערט, און וויא שעהן ער איז געוואָרען!—יע, און ער איז זעהר געשיקט און דער גוט=מוטהיגסטער (best-tempered) מענש אין דער וועלט; מיר זיינען גאנץ גליקליך צו האבען איהם בייא אונז.

---

# 76th Lesson.—76סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| Does your son read much? | לעזט אייער זוהן פיעל? |
| He is a great reader; I can never get him away from his books. | ער איז א גרויסער לעזער (ער לעזט זעהר פיעל); איך קען איהם קיינמאָל ניט אוועגנעהמען פון זיינע ביכער. |
| Will you join us at a play of cards? | וועט איהר מיט אונז מיטמאַכען א פּאַרטיע קאָרטען? |
| *To join (דזשאָין). | מיטמאַכען. |
| I am obliged to you; I am no player. | איך דאנק אייך; איך בין קיין שפּיעלער. |

| | |
|---|---|
| I was a great traveller in my youth. | איך בין געווען אַ גרויסער הערומרייזער אין מיינע יונגע יאהרען. |

מעהרסטע ווערטער, וואָס בעצייכנען ווירקענדע פּערזאָנען, וויא: לעזער, שפּיעלער, הערומרייזער או. אז. וו., ווערען געמאַכט פון אַנדערע ווערטער (מעהרכטענס פון האַנד־לונגסווערטער) דורך דיא צוזעצונג פון er (אָד. r ווען דאָס וואָרט ענדיגט זיך מיט e); צ. ב. player (אַ שפּיעלער)—פון play (שפּיעלען); reader (אַ לעזער)—פון read (לעזען); saddler (אַ זאַטעל־מאַכער)—פון saddle (אַ זאַטעל) או. אז. וו.

ביי דער צוזעצונג פון er ווערט אַן איינצעלנער שלוס־קאָנסאָנאַנט, פאַר וועלכען עס גע־פינט זיך אַן איינצעלנער וואָקאַל, אימער פערדאָפּעלט, ווען דאָס וואָרט איז איינ־זילביג, אָדער ווען דער אַקצענט געפינט זיך אויף דער לעצטער זילבע פון וואָרט; צ. ב. to rob (רויבען)—robber (אַ רויבער).

ווען דאָס וואָרט ענדיגט זיך אויף l, קען עס אויך פערדאָפּעלט ווערען זאָגאַר, ווען דער אַקצענט געפינט זיך ניט אין דער לעצטער זילבע; צ. ב. to travel (טראַ'וועל)—traveller.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| דער שרייבער | The writer (ראַי'טער) | פון | to write | שרייבען. |
| דער טענצער | The dancer (דאַנ'סער) | „ | to dance | טאַנצען. |
| דער רייטער | The rider (ראַי'דער) | „ | to ride | רייטען. |
| דער ליעבהאָבער | The lover (לאַ'ווער) | „ | to love | ליעבען. |
| דער גערטנער | The gardener (גאַרדנ'ער) | „ | garden | אַ גאָרטען. |
| דער ארבייטער | The laborer (לייבאָרער) | „ | to labor | ארבייטען. |
| דער ארבייט־געבער. | The employer (עמפּלאָי'ער) | „ | to employ | בעשעפטיגען. |
| דער הענדלער | The dealer (דיי'לער) | „ | to deal | האַנדלען. |
| דער פער־וואלטער. | The manager (מע'נעדזשער) | „ | to manage | פערוואלטען. |
| דער האַנדשוה־מאַ־כער, דער האַנדשוה־הענדלער. | The glover (גלאַ'ווער) | „ | glove | אַ האַנדשוה. |
| אַ לויפער | A runner (ראַנ'נער) | „ | to run | לויפען. |
| אַ קאַנאָנען־שיסער | A gunner (גאַנ'נער) | „ | gun | אַ קאַנאָן. |
| אַ דרעקסלער | A turner (טאָיר'נער) | „ | to turn | דרעהען, דרעקסלען. |

דיא ווערטער מיט דער צוגעזעצטער ענדונג er קענען בעצייכנען אי אַ מענליכע פּער־זאָן אי אַ ווייבליכע: speaker, אַ רעדנער, אַ רעדנערין; dancer, אַ טענצער, אַ טענצערין או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| I am afraid you will have a poor partner in me. | איך האָב מורא איהר וועט מיך ניט האָבען פיר אַ גוטען שותף. |
| The partner (פּאַרט'נער). | דער טהיילהאָבער, דער קאָמפּאַניאָן, דער שותף. |
| Have you mentioned it to your partner? | האט איהר עס געמעלדעט אייער קאָמפּאַניאָן (שותף)? |
| To mention (מענ'שאָן). | ערמאָהנען, מעלדען, זאָגען. |

| | |
|---|---|
| I have, but he will not part with the goods at that price. | יע, אָבער ער וועט זיך ניט שיידען מיט (אוועג־געבען) דיא וואארע אויף יענעם פּרייז. |
| To part with—. | זיך שיידען מיט—, אוועגגעבען. |
| Above mentioned אָד. above said. | אויבען ערמאָהנט, אויבען געזאָגט. |
| The above mentioned letter. | דער אויבען ערמאָהנטער בריף. |
| It is not worth mentioning. | עס איז ניט ווערטה צו ערמאָהנען.<br>עס איז ניט ווערטה דיא רייד. |
| Do not mention anything of (אָד. about) it to your mother. | ערמאָהנט גאָרנישט וועגען דעם פאר אייער מוטער. |
| Do not mention it. | ערמאָהנט עס ניט.<br>מאַכט דערפון קיין ווע‌זען.<br>מאַכט דערפון קיין רייד. |
| It matters not. | עס מאַכט ניט אויס. |
| *To matter (מאֶט׳טער). | אויסמאַכען, דעראן ליעגען. |
| It is all the same. | עס איז אַלץ דאס זעלבינע.<br>עס איז אַלץ איינס. |
| Are you afraid to go (אָד. of going) by yourself? | פירכטעט איהר אייך צו געהן אליין? |
| He need not be afraid of telling the truth. | ער ברויכט זיך ניט פירכטען צו זאָגען דיא וואהרהייט. |
| I am afraid he will not pay the bill. | איך פירכטע, ער וועט ניט בעצאָהלען דעם וועקסעל. |
| Never fear! He is sure to pay. | האט נאָר קיין מורא ניט! ער וועט געוויס בעצאָהלען. |
| To part with—. | אָבשאַפען; זיך שיידען מיט; אוועגגעבען. |
| Has he parted with his servant? | האט ער אָבגעשאַפט זיין דיענער? |
| I shall part with my horse. | איך וועל אָבשאַפען (פערקויפען) מיין פערד. |
| Stay a little longer; I cannot part with you yet. | בלייבט א ביסעל לענגער, איך קען מיך נאָך מיט אייך ניט שיידען (איך קען אייך נאָך ניט אוועגלאָזען). |
| You should not have parted with the money, before you had the goods. | איהר האט ניט געזאָלט אוועגגעבען דאס געלד, אֵיידער איהר האט געהאַט דיא וואַארע. |
| *To part. | זיך שיידען. |
| We parted on the bridge. | מיר האבען אונז געשיידט אויף דער בריק. |
| The best friends must part. | דיא בעסטע פריינד מוזען זיך שיידען. |
| To be short אָד. to be wanting. | האבען צו ווענינ, פעהלען. |

| | |
|---|---|
| וויא פיעל פעהלט אייך? | How much are you short? |
| וואָס פעהלט אייך (נאָך)? | What are you short of? |
| עס פעהלען מיר נאָך צוואַנציג דאָללער פול צו מאַכען דיא סומע. | I am short (.אָד I am wanting) twenty dollars to make up the sum. |
| מאַכען פול. | To make up. |
| ווען עס פעהלט אייך עטוואָס (נאָך), לאָזט מיך וויסען. | If you are anything short, let me know. |
| עס קען זיין איך קריג דיא צווייא הונדערט דאָללער, וועלכע פעהלען מיר, היינט; דאַן ברויך איך אייך ניט צו בעמיהען. | May be, I get the two hundred dollars which I am short of, to-day, then I need not trouble you. |
| עס קען זיין, פיעללייכט. | May be. |
| איך ווינש מיין פאָטער וואָלט היער געוועזען! | I wish my father were here! |
| עס קען זיין, ער קומט היינט. | May be, he comes to-day. |
| איך וועל פיעללייכט ניט קומען ווידער ביז מאָרגען. | I shall, may be, not come back (.אָד not return) till to-morrow. |
| זאָלט איהר האַבען א גליקליכע רייזע און באַלד קומען צוריק. | May you have a safe journey and return soon. |
| מעגען, זאָלען, הלואי! | May. |
| הלואי זאָלט איהר זיין רייך! | May you be rich! |
| הלואי זאָלען מיר זעהר אָפט צוברייגגען אזעלכע גליקליכע אבענדען צוזאַמען. | May we very often spend such happy evenings together. |
| געבען; צוגעבען; טהאָן. | *To grant (גראַנט). |
| טהוט מיר דיזע געפעליגקייט. | Grant me this favor. |
| איך וועל דאָס אייך צוגעבען. | I will grant you that. |
| דער ערפאָלג, דאָס גליק. | The success (סאַקסעס'). |
| איך ווינש אייך גליק! | I wish you success! / Success to you! |
| איך ווינש אייך געזונדהייט! | Health to you! |
| איך ווינש אייך געזונדהייט און געדייהונג! | Health and prosperity to you! |
| געדייהונג, גליק. | Prosperity (פּראָספּעריטי). |
| וועט אייך געדויערן לאַנג עס צו מאַכען? | Will it take you long to make it? |
| איך וועל עס האַבען געמאַכט אין א וואָך (אָד. אין א וואָך צייט). | I shall have it made in a week's time. |

ציימ־בעשטימונגען ווערען אין ענגליש זעהר אָפט געמאַכט דורך דיא צושטעלונג פון דעם וואָרט time צום וואָרט, וואָס בעצייכענט דיא צייט. אין דיזען פאַל ווערט צום וואָרט צוגעזעצט דאָס אַנגעהעריקייטס צייכען (ס' אָד. ')؛ צ. ב. in a week's time, אין א וואָך; in a month's time, אין אַ מאָנאַט; in three weeks' time, אין דרייא וואָכען או. אז. וו.

| | |
|---|---|
| Upon my word, I never saw a prettier hat than yours. | אויף מיין ווארט, איך האב קיינמאל ניט געזעהן א שעהנערן הוט פאר אייערן. |
| Upon my word. | אויף מיין ווארט, אויף מיינע נאמנות. |
| Will you give me your word of honor, that you will tell nobody? | ווענט איהר מיר געבען אייער עהרענ־ווארט, דאס איהר וועט קיינעם ניט ערצעהלען? |
| The honor (אָנאָר). | דיא עהרע. |
| A word of honor. | אן עהרענ־ווארט. |
| Upon my honor, I will not tell anybody. | אויף מיין עהרע, איך וועל קיינעם ניט זאגען. |
| By all that is sacred, I swear to you, that I did not tell anything to your brother about it. | מיט אלעם, וואס איז הייליג, שווער איך אייך, דאס איך האב אייער ברודער גארנישט געזאגט וועגען דעם. |
| Sacred (סייקרעד). | הייליג. |

## .242 צום איבערזעצען.

ווער איז הערר מאָררִיסאָן?—הערר מאָררִיסאָן איז דער גרויסער רייזענדער, פון וועלכען איך האב מיט אייך געשפראָכען עטליכע מאָל.—קען דיזע יונגע דאמע און דיזער יונגער הערר טאנצען?—אָ יע; זייא זיינען גרויסע טענצער.—קען אייער טאָכטער טאנצען?—זיא איז א גרויסע טענצערין.—לעזט איהר פיעל אין אבענד?—איך לעז זעהר פיעל; איך בין א גרויסער לעזער; מיין פרוי לעזט אויך זעהר פיעל; זיא איז א גרויסע לעזערין.—קענט איהר דעם יונגען מאן, וועלכער ארבייטעט בייא דזשאָהנסאָן און קאָמפּ.?—איך קען איהם זעהר גוט; ער איז אַן אנשטענדיגער (respectable) יונגער מאן און זיינע ארבייט־געבער זיינען זעהר צופרידען מיט איהם.—מיט (in) וואס האנדעלט אייער פעטער?—ער האנדעלט מיט פאפּיער; ער איז איינער פון דיא גרעסטע פאפּיער־הענדלער אין דיזער שטאָדט.—ווער איז זיין פערוואלטער?—הערר דזשאָהנסאָן איז דער פערוואלטער פון זיין געשעפט.—האנדעלט אייער שוועסטער'ס מאן מיט (in) טוך?—ניין, ער האנדעלט מיט האנדשוה; ער איז א האנדשוה־הענדלער.—האט איהר געהערט אונזער שוועסטערקינד רעדען?—מיר האבען איהם געהערט רעדען אויף פערשיעדענע געלעגענהייטען; ער איז ווירקליך א גרויסער רעדנער; ער רעדט זעהר שעהן.—האט איהר א שותף צו אייער געשעפט?—ניין; איך ברויך קיינע שותפים; איך האב האָלט אליין צו מאכען געשעפטען; מיט א שותף האט מען זעהר אָפט צרות (trouble).—האט איהר צו טהאָן מיט דער זאך, וועלכע איז אויבען ערמאָהנט געוואָרען?—איך האב גאָרנישט צו טהאָן מיט דער אויבענ־ערמאָהנטער זאך.—ווען האט איהר ערהאַלטען דעם אויבענ־ערמאָהנטען בריף?—דעם אויבענ־ערמאָהנטען בריף האב איך ערהאלטען צווייא וואָכען צוריק.—ערמאָהנט אייער פעטער אייך צו בעצאָהלען דיא צווייא דאָללער, וועלכע ער איז אייך שולדיג.—עס איז ניט וויכטיג צו ערמאָהנען.—ווען איהר זעהט אייער מוטער ערמאָהנט גאר נישט וועגען דעם פאר (to) איהר.—איך וועל עס (so) געוויס ניט טהאָן.—איך בין אייך זעהר דאנקבאר פיר אייער פריינדליכקיט.—

מאַכט דערפון קיין ווענען.—איך דענק איהר וועט מיט דיא לייטע ניט רעדען ווענען
אונזערע געשעפטען.—עס מאַכט ניט אויס; עס איז אַלץ דאס זעלביגע, אויב איך רעד
מיט זייא אדער ניט; זייא וועלען אונז ניט טהאָן קיין שאָדען (harm).—פירכטעט איהר
איך ניט צו געהן אַליין?—איך פירכטע מיך גאָר ניט.—פירכטעט ער צו זאָגען דיא
וואהרהייט? ער ברויכט זיך ניט פירכטען צו זאָגען דיא וואהרהייט.—איך פירכטע ער
וועט ניט בעצאהלען דעם וועקסעל.—איהר ברויכט ניט צו פירכטען; ער וועט אייך גע-
ווים אין אַ וואָך בעצאָהלען, וואָס ער איז אייך שולדיג.—וואו איז אהינגעקומען זיין דיע-
נער, האט ער איהם אָבגעשאפט?—דער דיענער איז נאָך בייא איהם, ער האט איהם
ניט אָבגעשאפט.

## 243. צום איבערזעצען.

אַדיע! איך געה שוין אוועג.—בלייבט אַ ביסעל לענגער, איך קען אייך נאָך ניט
אוועגלאָזען.—האט איהר דאס גאַנצע געלד, וואָס איהר ברויכט?—ניין איך האב ניט;
עס פעהלען מיר צעהן דאָללער.—וויא פיעל פעלט נאָך אייער ברודער פול צו מאַכען
דיא סומע?—עס פעהלט איהם נאָר איין דאָללער און צוואַנציג סענטס.—וועט איהר
היינט קויפען אַ רעגענשירם און אַ הוט?—עס קען זיין, איך קען ניט זאָגען.—איז ווער
דאָ בייא אייך אין הויז יעצט?—ניין; איך ווינש מיינע עלטערן וואָלטען געווען צו הויז
יעצט.—וואו זיינען אייערע עלטערן יעצט?—זייא זיינען אוועגגעפאָרען (=געגאַנגען) אויף
לאַנד אָבצושטאטען אַ בעזוך מיין אלטען פעטער.—איהר בעהאַנדעלט מיך וויא אַן
עדעלער מענש (עדעלער מענש, gentleman); איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר פיר אייער
גרויסע פריינדליבקייט; עמפפאַנגט מיין בעסטען וואונש; הלואי זאָלט איהר זיין רייך און
גליקליך!—מאַכט קיין ווענען דערפון; איך טהוא קיינע געפעליגקייטען אום (in order) גע-
דאַנקט צו ווערען.—טהוט מיר דיזען געפאַלען.—מיט'ן גרעסטען פערגניגען, מאַדאַם.—איך
דענק אייער ברודער'ס זוהן איז ניט געשיקט אין געשעפט.—איך וועל דאס אייך צוגעבען;
אבער ער איז אַ געלערנטער יונגער מאַן.—ווייסט איהר, דאס איך געה אויף עפנען אַ
נייעם געשעפט?—איך האב פון דעם געהערט; אייער שוואָגער האט מיר ווענען דען
ערצעהלט; איך ווינש אייך גליק.—איך ווינש אייך דאס זעלביגע אין אייער נייעם גע-
שעפט.—וועט איהר טרינקען אַ גלאָז וויין?—איך וועל מיך ניט ענטזאַגען צו טרינקען
אַ גלאָז וויין, ווען דוא וועסט עס מיר געבען.—היר איז עס.—איך ווינש אייך געזונדהייט!
איך דאַנק אייך זעהר; איך ווינש אייך געזונדהייט און גליק.—וויא לאַנג וועט עס אייך
נעדויערן צו שרייבען דעם בריף צום קויפמאַן?—איך וועל עס האבען פערטיג אין אַ
שטונדע צייט.—איך הער (understand) איהר לאָזט אוועג (part with) אייער דיענער;
זייט איהר אונצופרידען מיט איהם?—ניין, איך קען איהם רעקאָמענדירען צו אייך; איך
וואָלט איהם ניט אוועגלאָזען, ווען איך וואָלט ניט גערעכענט אָבצורייזען פון היער
(to leave this place) אויף אַ לאַנגע צייט.—איך האָף, איהר האט קיין זאַך ערמאָהנט
פאַר אייער פאָטער, פון וואָס מיר האבען גערעדט נעכטען.—אַ וואָרט ניט.—נוא, מוזען
מיר אונז ווירקליך שיידען?—יע, ווירקליך; איך האָף אבער ניט אויף לאַנג.—אַדיע;
איך ווינש איהר זאָלט מיך ניט פערגעסען.—קען איך אייך זיין פון וועלכען נוצען (service)?
—איהר זייט זעהר פריינדליך.—איך גלויב חערר בלייק האט מיר היינט געשיקט דרייא

דאַללער צו ווענינ; וועט איהר זיין אזוי פריינדליך איהם עס צו זאָגען און איהם בעטען מיר צו שיקען דיא דרייא דאַללער?—איך וועל עס טהאָן מיט פערגניגען.—ווען אייך זאָל פעהלען געלד, שרייבט מיר, וועל איך אייך שיקען עטוואס.—איך דאנק אייך זעהר פיר אייער גוטעס הערץ.—זיינען דאָ, פיעללייכט, וועלכע בריף פיר מיך אונטער (among) יענע, וועלכע אייער דיענער האט עבען געבראכט?—איך האב נאָכגעזוכט (נאָכזוכען, to look); עס זיינען קיינע ניט דאָ אונטער זייא.

---

# 77th Lesson.—77סטע לעקציאָן.

| | |
|---|---|
| We swam across. | מיר האָבען געשוואומען העריבער אויף יענע זייט. |
| Did you go across (אָד. over) the bridge? | זייט איהר געגאנגען איבער דער בריק? |
| I called to him across the street. | איך האב צו איהם גערופען איבער'ן גאס |
| Cut it across. | שניידט עס דורך אין דער קווער. |
| **Across** (אַקראָס), **העריבער; דורך; איבער אין דער קווער.** | |
| Make a cross where you leave off. | מאַכט אַ קרייץ (אַ צייכען), וואו איהר בלייבט שטעהן. |
| The cross (קראָס). | דאס קרייץ, דער צלם. |
| To leave off. | זיך אבשטעלען, בלייבען שטעהן; אויפהערען. |
| I crossed the street. | איך בין העריבערגעגאנגען איבער דער גאס. |
| *To cross (קראָס). | העריבערגעהן איבער; רייזען איבער; קרייצען. |
| Cross. Ill-tempered. | פערדריסליך, שלעכט, בייז. |
| She is a cross woman. | זיא איז אַ בייזע פרוי. |
| You are cross. | דוא ביסט שלעכט (בייז). |
| O, you are a cross boy! | אָ, דוא ביסט אַ בייזער יונג! |
| I have crossed the Atlantic three times. | איך האב געקרייזט איבער'ן אטלאַנטישען ים דרייא מאָל. |
| The Atlantic (אַטלאַנ'טיק). | דער אַטלאַנטישער ים, דאס אטלאנטישע מעער. |
| I have crossed the street four times. | איך בין העריבערגעגאנגען איבער דער גאס פיער מאָל. |
| To cross the river. | העריבערגעהן איבער'ן טייך. |
| To cross אָד. to cross out. | דורכשטרייכען; אויסשטרייכען. |
| Remind her to-morrow morning to put something over my books, when she sweeps the room. | עראינערט זיא מאָרגען אין דער פריה עטוואס איבערצולעגען איבער מיינע ביכער, ווען זיא קעהרט דאס צימער. |

| | |
|---|---|
| קעהרען, אויסקעהרען; געקעהרט אויסגע־קעהרט. שוועבען, פאָהרען; געשוועבט, געפאָהרען. | To sweep (סוויפּ); swept (סועפּט), swept. |
| שוועבען דורך דיא לופט. | To sweep through the air. |
| קענט איהר לעזען, וואס איז געשריבען איבער דער צייל, וועלכע איז אויס־געשטריכען? | Can you read what is written over (.אָד above) the line that is crossed out? |
| איך קען עס ניט לעזען וועגען דיא אויס־שטרייכונג. | I cannot read it for the crossing. |
| וועל איך קענען געפינען דאָס הויז? עס איז פינסטער. | Shall I be able to find the house? it is dark. |
| איהר קענט עס ניט פערפעהלען; דער נאָמען איז אין גרויסע בוכשטאבען איבער דער טהיר, און עס איז דאָ א לאַטערנע־סלופּ פאַר דעם הויז. | You cannot miss it; the name is in large letters over (.אָד above) the door, and there is a lamp-post before the house. |
| פערפעהלען. | *To miss (מיס). |
| דער לאַטערנע־סלופּ. | The lamp-post (לעמפּ־פּאָוסט). |
| וועט איהר ניט אָנטהאָן נאָך א ראָק איבער דיזען? | Will you not put on another coat over this? |
| זעהט, האלט דעם רעגענשירם איבער מיך, איך ווער גאַנץ נאַס. | Do hold the umbrella over me, I am getting quite wet. |

## Above (אֶבאָוו׳), over (אָ׳ווער), איבער; העכער אַלס.

דיא ווערטער over און above, וועלכע האָבען דיא זעלבע בעדייטונגען, ווערען ניט אימער־גלייך אַנגעווענדעט.

ווען דיא אויבערסטע זאַך קומט אין בעריהרונג מיט דער אונטערסטער, אָדער דיא אויבער־סטע בעדעקט דיא אונטערסטע, ווערט פיר איבער געברויכט דאָס וואָרט over.

וואו עס איז ניט דאָ קיין בעריהרונג פון אַן אויבערסטער זאַך מיט אַן אונטערסטער, אָדער וואו עס קומט ניט פאָר קיין בעדעקונג, קען שטעהן פיר איבער over אָד. above גאַנץ גלייך.

וואו עס דאַרף בעצייכענט ווערען אַ אונטערשייד צווישען אַ העכערע זאַך און אַ נידרי־געריע, אָדער וואו עס דאַרף אויסגעדריקט ווערען מעהר אַלס, העכער אַלס, ווערט איבער אימער אויסגעדריקט דורך above.

| | |
|---|---|
| האלט עס איבער דאָס פייער. | Hold it over the fire. |
| ער האט געהאלטען זיין האנד איבער זיין געזיכט. | He held his hand over his face. |
| לעגט א טוך איבער דעם. | Lay a cloth over it. |
| ער האט אָנגענאָגעלט (אָנגעשלאָגען) א ברעט איבער דיא עפנונג. | He has nailed a board over the aperture. |
| אננאָגלען, אנשלאָגען. | *To nail (נייל). |

| | |
|---|---|
| The aperture (אֶפּערטשור). | דיא עפנונג. |
| The picture hangs above אָד. over the sofa. | דאס בילד הענגט איבער דער סאָפע. |
| He has a scar above אָד. over the right eye. | ער האט א שנאר (א צייכען) איבער דעם רעכטען אויג. |
| Write your name above אָד. over mine. | שרייבט אייער נאָמען איבער מיינעם. |
| The scar (סקאר). | דער שנאר, דאס צייכען. |
| It is above thirty feet high. | עס איז איבער דרייסיג פוס הויך. |
| He has lost above a hundred dollars. | ער האט פערלאָרען איבער הונדערט דאָללערס. |
| He lives above us. | ער וואוינט איבער אונז. |
| The sun has just appeared above the horizon. | דיא זון האט זיך עבען בעוויזען איבער דעם האָריזאָנט (הימעל-קרייז). |
| The horizon (האָוראייזאָן) | דער האָריזאָנט, דער הימעל-קרייז. |
| He is above all in rank. | ער איז איבער(העכער פאר)אַלעמען אין ראנג. |
| The rank (ראֶנק). | דער ראנג, דער טשין. |

**Over (אָו'ווער), העריבער.**

| | |
|---|---|
| He went over to the other side. | ער איז העריבער געגאנגען אויף דיא אנדער זייט. |
| Come over to me. | קום העריבער צו מיר. |

**Over (אָו'ווער), איבער (אין מאַכט, אין בעפעהל או. אַז. וו.).**

| | |
|---|---|
| He had the command over two hundred men. | ער האט געהאט דעם בעפעהל איבער צווייא הונדערט מאן. |
| The command (קאָממאָנד). | דער בעפעהל. |
| The provinces over which he ruled. | דיא פראָווינצען, איבער וועלכע ער האָט רעגיערט. |
| The province (פּראָ'ווינס). | דיא פראָווינץ, דיא מדינה. |
| *To rule (רול). | רעגיערען, הערשען. |

**Over (אָו'ווער), פאַריבער, פאַרביי, אויס.**

| | |
|---|---|
| Is school over? | איז שולע פאַריבער (אָד. אויס)? |
| When the play is over. | ווען דאס טהעאטער איז אויס. |
| Now all is over. | יעצט איז אַלעס פארבייא. |

**All over, איבעראַל, איבער גאַנץ—, אין גאַנץ—.**

| | |
|---|---|
| I have been all over. | איך בין געוועזן איבעראל. |
| I have been all over the town. | איך בין געוועזן איבער דער גאַנצער שטאָדט. |

| | |
|---|---|
| They talk of it all over the town. | מען רעדט דערפון אין דער גאנצער שטאָדט. |
| The awkward fellow has spilled the wine all over my table-cloth. | דער אונגעשיקטער מענש האט פערגאָסען דעם וויין איבער מין גאנצען טישטוך. |
| Awkward (אָ־קוואָ־רד). | אונגעשיקט, אונגעלומפערט. |
| The fellow (פעלֹלאָו). | דער קערל, דער מענש. |
| He paid me twenty dollars over and above my expences. | ער האט מיר בעצאָהלט צוואנציג דאָללער העריבער מיינע קאָסטען. |
| Over and above | איבער, מעהר; נאָך דערצו; אויסער. |

## Up (אָפּ), אין דער הויך.

| | |
|---|---|
| Look up! now the bird is just above (אָד. over) our heads. | קוקט אין דער הויך! יעצט איז דער פויגעל גראדע איבער אונזערע קעפּ. |
| Hold up your hand. | האלט אייער האנד אין דער הויך. |
| It grew straight up. | עס איז געוואקסען גראד אין דער הויך. |

## Uuder (אָנ׳דער), beneath (בּיני־דה׳), underneath (אָנדערני־דה׳), below (בילאָו׳), אונטער.

| | |
|---|---|
| The book lay under (beneath אָד. underneath) the table. | דאס בוך איז געלעגען אונטער דעם טיש. |
| The box stands under (beneath אָד. underneath) my bed. | דער קאסטען שטעהט אונטער מיין בעט. |
| The boat stopped below the bridge. | דאס שיפעל האט זיך אָבגעשטעלט אונטער דער בריק. |

Underneath ווערט אימער נאר געברויכט מיט בעצוג אויף אָרט; under, below און beneath ווערען אויך געברויכט מיט בעצוג אויף ווירדע אָד. שטאנד; צ. ב.

| | |
|---|---|
| He considers it below (אָד. beneath) him. | ער האלט עס אונטער זיין ווירדע. |
| I consider this beneath (אָד. below) my notice. | איך האלט עס אונטער מיין אכטונג (ד. ה. איך האלט עס צו קליין דערויף צו אכטען). |
| The notice (נאָוטיס). | די אכטונג; די אויפמערקזאמקייט; די בעמערקונג. |
| That was far below my expectation. | דאס איז געווען ווייט אונטער מיין ערווארטונג. |
| The expectation (עקספּעקטיי־שאָן). | די ערווארטונג. |
| He sold it me below (אויך under) cost-price. | ער האט עס מיר פערקויפט אונטער׳ן קאָסט־פּרייז. |
| There is nothing new under the sun. | עס איז ניט דאָ קיין נייעס אונטער דער זון. |
| He has a brown spot under (אָד. below) his left eye. | ער האט א ברוינעם פלעק אונטער זיין לינקען אויג. |

| | |
|---|---|
| The spot (ספאָט). | דער פלעק. |
| Under these circumstances. | אונטער דיזע אומשטענדע. |
| How many men had he under his command? | וויא פיעלע לייטע האט ער געהאט אונטער זיין בעפעהל? |

## Among (אַמאָנג'), אונטער, צווישען.

| | |
|---|---|
| There were three gold coins among them. | עס זיינען געווען דרייא גאָלדענע מינצען דערונטער (צווישען זייא). |
| Are there no larger ones among them? | זיינען ניט דאָ קיין גרעסערע אונטער זייא? |
| I saw you among the crowd. | איך האב אייך געזעהן צווישען דעם געזעמעל. |
| *To remind (רימאינד'). | עראינערן, ערמאָהנען. |
| To remind of—. | עראינערן אָן—, ערמאָהנען אָן—. |
| To remind a person of something. | עראינערן אימעצן אָן עפּעס. |
| You ought to remind him of it. | איהר האט איהם געדארפט עראינערן אָן דעם. |
| Why did you not remind me? | ווארום האט איהר מיך ניט עראינערט? |
| To remind of—.<br>To put in mind of—. | עראינערן אָן—. |
| That reminds me (אָד. puts me in mind) of a story I heard some time ago. | דאָס עראינערט מיך אָן א געשיכטע, וועלכע איך האב געהערט אייניגע צייט צוריק. |
| *To miss (מיס). | פעהלען (אימעצן), פערפעהלען; אויסלאָזען; ניט געפינען. |
| I am missing two books in my library. | עס פעהלען מיר צוויא ביכער אין מיין ביבליאָטהעק. |
| The library (לאַיבּרערי). | דיא ביבליאָטהעק. |
| There is a silver fork missing; what can have become of it? | עס פעהלט א זילבערנע גאָפּעל; וואו קען זיא האָבען אהינגעקומען? |
| We shall miss you very much. | איהר וועט אונז פעהלען זעהר פיעל. |
| You have missed a page. | איהר האט אויסגעלאָזען א זייטעל. |
| I felt my pocket, and missed my watch. | איך האב געפיהלט (געטאפּט) אין מיין טאש און איך האב ניט געפונען מיין אוהר. |
| He is missing. | ער פעהלט (מען ווייס ניט, וואו ער איז). |
| I missed the train. | איך האב פערפעהלט (פערזאמט) דיא אייזענבאהן. |
| If you do not haste, you will miss the train. | ווען איהר איילט אייך ניט, וועט איהר פערזאמען דיא אייזענבאהן. |

| | |
|---|---|
| *To fail (פייל). | פעהלען, פערפעהלען. |
| Don't fail to do it. | פערפעהלט עס ניט צו טהאָן. |
| I shall not fail; depend upon it. | איך וועל ניט פערפעהלען; איהר קענט אייך דערויף פערלאָזען. |
| *To fail. | מיסגעלינגען. ניט געלינגען. |
| He cannot fail, he is sure to succeed. | עס קען איהם ניט מיסגעלינגען, עס וועט איהם געוויס געלינגען. |
| *To fail. | פערפעהלען, ניט האלטען. |
| You have faild in your promise. | איהר האט פערפעהלט (ניט געהאלטען) אייער פערשפּרעכען. |
| The love (לאָוו). | דיא ליעבע; דער גרוס. |
| The respects (ריספּעקטס'). | דיא אכטונג; דער גרוס. |
| Give my best respects to all at home. | גיט מיין בעסטען גרוס צו אלעמען צו הויז. |
| Give my best love to your sister. | גיט מיין בעסטען גרוס צו אייער שוועסטער. |
| I shall not fail to give your respects to my brother; you may depend upon it. | איך וועל ניט פערפעהלען אָבצוגעבען א גרוס צו מיין ברודער; איהר קענט אייך דערויף פערלאָזען. |
| *To spill (ספּיל). | פערגיסען. |
| Mind! you are spilling the ink over your dress. | נעהמט אין אכט! איהר פערגיסט דיא טינט איבער אייער קלייד. |
| *To mind (מאינד). | נעהמען אין אכט. |
| Mind! you will drop the glass. | נעהמט אין אכט! איהר וועט העראָבוואר־פען דאָס גלאָז. |
| To shed (שעד); shed, shed. | פערגיסען; פערגאָסען (טרערען, בלוט). |
| She shed tears when she was told of it. | זיא האט פערגאָסען טרערען, ווען מען האט עס איהר געזאָגט. |
| The tear (טיר). | דיא טרער. |
| He has shed his blood in an unjust cause. | ער האט פערגאָסען זיין בלוט אין אן אונ־גערעכטער זאך. |
| The blood (בלאָד). | דאס בלוט. |
| Unjust (אָנדזשאסט')—Unjustly. | אונגערעכט. |
| Where do you come from? and why all in black? | פון וואנען קומט איהר? און ווארום גאנץ אין שווארצען (געקליידעט)? |
| I have just come from a funeral; Mr. Blake was buried this morning. | איך בין עבען געקומען פון א בעערדיגונגס צערעמאָניע; הערר בלייק איז בעער־דיגט געוואָרען היינט אין דער פריה. |

| | |
|---|---|
| The fnneral (פיונעראָל). | דיא בעערדיגונגס צערעמאָניע, דיא לויה. |
| *To bury (באֶירי). *To inter (אינטאֶיר). | בעערדיגען, מקבר זיין. |
| Is he dead at last! he was an invalid a long time. | איז ער ענדליך טוידט! ער איז געווען א קראנקער א לאנגע צייט. |
| Dead (דעד). | טוידט, געשטאָרבען. |
| An invalid (אינ'וואָליד). | א קראנקער, א ליידענדער. |
| He died of the yellow fever. | ער איז געשטאָרבען פון געלען פיבער. |
| *To die (דאי). | שטארבען. |
| The fever (פי'ווער). | דאס פיבער, דיא קדחת. |
| She suffers greatly from indigestion. | זיא ליידט זעהר פון אונפערדייליכקייט. |
| The indigestion (אינדידזשעס'טשאָן). | דיא אונפערדייליכקייט. |
| Is she not recovered yet? | איז זיא נאָך ניט געוואָרען געזונד? |
| *To recover (ריקאָ'ווער). | געזונד ווערען. |
| She will soon get better. | זיא וועט באלד ווערען בעסער. |
| She will soon recover. / She will soon get well. | זיא וועט באלד געזונד ווערען. |
| *To attend (אַטטענד'). | בייוואוינען, זיין צוגעגען בייא—. |
| I have attended his funeral. | איך האב בייגעוואוינט זיין בעערדיגונגס צערעמאָניע. |
| I have attended his lectures. | איך האב בייגעוואוינט (בין געווען צוגעגען בייא) זיינע פאָרלעזונגען. |
| The lecture (לעק'טשור). | דיא פאָרלעזונג, דיא לעקציע. |

## .244 צום איבערזעצען.

דענקט איהר איך וועל באלד ווערען געזונד, דאָקטאָר?—איהר וועט זיין געזונד ווידער אין א וואך.—וועט איהר מיך לאָזען פיהלען אייער פולס (pulse)?—אַ געוויס.—איהר האט פיבער.—האט איהר דורכגעלעזען דאס בוך?—איך וועל עס היינט ענדיגען.—ווארום ברעכט איהר דיזען שטאָק ניט דורך?—ער איז אזוי הארט (hard), (דאָס) איך קען איהם ניט ברעכען.—דורך א פעהלער פון מיין ברודער'ס זייט (on the part of my brother), איז דער איינגעשלאָסענער בריף, וועלכען מיר האבען פיר אייך נעכטען ערהאלטען, צו אייך ניט געשיקט געוואָרען זאָגלייך.—דענקט איהר, (דאָס) מיר קענען יעצט געהן (get) איבער דעם טייך?—איהר וועט ניט קענען העריבערגעהן נאָך אין דרייא טעג (these three days to come).—זעהט, געהט העריבער צו מיין שוועסטער, און בעט מיין מאַנטעל.—פערגעסט ניט מאָרגען צו ערמאינערן צו שרייבען אין האמבורג.—איך וועל אייך ערמאָהנען.—ערמאינערט יאָהאַנען, דאס ער מוז געהן אויף דיא פאָסט אום האלב זיבען.—ווען איהר וועט איהם ניט ערמאינערן, וועט ער פערגעסען.—ווער האט אויסגעקעהרט דאס צימער היינט אין דער פריה?—מאריע קעהרט עס אויס יעדען מאָרגען.—זיא האט איבערגעקעהרט דעם טינטער און פערגאָסען דיא

טינט איבער מיינע ביכער.—איהר האט זייא ניט געדארפט לאָזען הערומליעגען; איך
האב אייך געזאָגט ווידער און אָבער (over and over again) אייערע זאכען צו לעגע:
בייא זייט אין אבענד.—קענט איהר לעזען, וואָס איז געשריבען איבער דער טהיר?—
איבער וועלכער טהיר?—איבער יענער טהיר.—ווען וועט אייער שולע אויס זיין היינט
נאָכמיטטאָג?—היינט, מיטוואָך, איז קיין שולע ניט דאָ נאָכמיטטאָג.—וועט דאס קאָנ=
צערט זיין אויס אום ניין?—איך גלויב ניט, (דאס) עס וועט זיין אויס פאר האלב צעהן.
—אַ גוטער נאָמען איז איבער רייכטהום.—וועט איהר באלד צוריקקומען פון ענגלאנד?
—איהר פעטער וועט זיא העריבערברייגגען מיט זיך (with him); מיר ערווארטען זייא
בייא דעם אָנפאנג פון דעם נעכסטען מאָנאט.—קענט איהר שפּרינגען איבער דעם
שטוהל?—יע.—ער האט געבראָכען זיין פוס=ביין גראדע איבער דעם קניע.—האלט אייער
געוועהר הערויף!—קוקט הערויף! זעהט איהר עטוואָס?—ניין, איך זעה גאָרנישט.—
אלזאָ קוקט ווידער הערונטער.

## 245. צום איבערזעצען.

הערט איהר אָפט פון אייער פלעמעניק?—ער שרייבט אונז איין מאָל אַ מאָנאט;
איך גלויב ניט, דאס ער האט פערפעהלט איין מאָל זייט ער האט אונז פערלאָזען.—
ער איז געוועזען זעהר אַן אנגענעהמער קאָמפּאניאָן און ער איז אַן אנשטענדיגער יונגער
מאַן; ער מוז אייך פעהלען (you must miss him) זעהר פיעל.—געוויס; עס טהוט אונז
זעהר לייד, דאס ער האט אונז פערלאָזען.—וואָס זוכט איהר?—דאָרטען פעהלט דער
דריטער טהייל פון שעקספּיר'ס ווערק; האט איהר פיעללייכט איהם גענומען פון מיין
צימער?—ניין, איך ניט; אבער איך דענק, אייער שוועסטער האָט איהם.—מוז איך קאָ=
פּירען אלעס, וואָס איז דאָ (that is) אויף דיזען בויגען (sheet)?—ניין, דיזעס ניט; אלעס,
וואָס איך האב געצייכענט (צייכנען, to mark) מיט אַ קרייץ קענט איהר אויסלאָזען.—
האט איהר ניט פערפעהלט אַ סומע?—יע; מיין פאָטער זאָגט, זיא מוז נאָך העריינ=
געבראכט ווערען (העריינברינגען, to bring into) אין דיא נעכסטע רעכנונג.—האט
אייער ברודער אָבגערייזט מיט (by) דעם ערסטען צוג (train) היינט אין דער פריה?—
ניין, ער האט פערזאמט דעם זעקס=אַ=זייגערדיגען צוג (the six o'clock train), און האט
נאָך אַ האָאָר אויך פערזאמט דעם צווייטען צוג; ער שלאָפט אזוי לאנג; מען קען
איהם ניט הערויסקריגען (get him out) פון בעט אין דער פריה.—וועט איהר געבען מיין
גרוס צו אייער מוטער?—איך וועל ניט פערפעהלען.—אויגוסטא, איך געה צו מיין מו=
מען, ווערסט דוא מיט מיר געהן?—ניין, איך קען יעצט ניט אויסגעהן; גיט איהר מיין
גרוס.—ווער האט פערגאָסען דאָס וואסער אויף דיא דילען (floor)?—ווילהעלם האט עס
געטהאָן; ער האט אָנגעגאָסען אַ גלאָז וואסער און האט עס געמאכט אזוי פול, דאס
עס איז איבערגעלאָפען (איבערלויפען, to run over).—ער איז אימער אזוי אונגעשיקט.
—זעהט, זייט פאָרזיכטיג! דא האט איהר ווידער איינגעמאכט (איינמאכען, to dirty)
דעם ריינעם טישטוך. נעכטען האט איהר פערגאָסען דעם ווין איבער דעם טיש, און
היינט דיא זופּ (soup).—נאָר פערגיסט קיין טרערען אויף (about) דעם; איך האב עס
ניט געטהאָן מיט (on) אבזיכט; איהר ווייסט, איך וואָלט ליבערסט פערגאָסען איינינע

טראָפּענס (drops) בלוט, אַלס פּערגיסען א גלאַז גוטען ווײן. איך וועל עס קיינמאָל טהאָן ווידער.—איהר מוזט מיר וועקען אום האלב זיבען אין דער פריה, איך האב צו בייוואוינען א בעערדיגונגס צערעמאָניע.—ווען העררן ריטשארדז מאָרגען בעערדיגט ווערען?—יע: ער איז געשטאָרבען אַייערנעכטען.—פון וואס איז ער געשטאָרבען?—ער איז געשטאָרבען פון טרינקען צו פיעל ווײן; ער פלעגט (would) אימער טרינקען צו פיעל ווײן און צו ווענינ וואסער.—וואס פעהלט אייער שוואָגער?—ער ליידט פיעל פון אונפערדייליכקייט; אבער עס איז זיין אייגענע שולד; עס איז מיט איהם וויא מיט (דיא) מעהרסטע מענשען (people): ער בעדענקט ניט (בעדענקען, to consider), דאס ווען ער פאקט איבער (איבערפּאקען, to overload) זיין מאַגען (stomach), מוז ער עס אליין טראָגען.—איך דענק, דאס ער וועט זיין א קראנקער אזוי לאנג, וויא ער וועט לעבען, ווען ער וועט ניט אוועגווארפען (stop) דיזע שלעכטע געוואוינהייט (habit).

---

# 78th Lesson.—.78סטע לעקציאָן

| | |
|---|---|
| Are you aware that your remarks gave offence to his brother? | ווייסט איהר, דאס אייערע בעמערקונגען האבען בעליידיגט זיין ברודער? |
| To be aware (אָווער). | וויסען. |
| The remark (רימאַרק). | דיא בעמערקונג. |
| The offence (אָפּפענס). | דיא בעליידיגונג. |
| To give offence to—. | בעליידיגען. |
| I cannot see how he can take offence at them. | איך קען ניט איינזעהן, וויא ער קען זיך בעליידיגען פון זייא. |
| To take offence at—. | זיך בעליידיגען פון—. |
| He says he will teach you a lesson. | ער זאָגט ער וועט אייך אָנלערנען. |
| To teach a lesson. | לערנען א לעקציאָן, אָנלערנען. |
| You don't say so! | וואָס איהר זאָגט! וואָס איך הער! |
| To become aware of—. | געוואָהר ווערען פון—. |
| I became aware of that. | איך בין דערפון געוואָהר געוואָרען. |
| I am well aware that—. | איך וויים גוט, דאס—. |
| Is your father aware that the bill on Morton and Company is not paid? | וויים אייער פאָטער, דאס דער וועקסעל אויף מאָרטאָן און קאָמפּ. איז ניט בעצאָהלט? |
| I told him this morning, but how did you come to know of it? | איך האב עס איהם געזאָגט היינט אין דער פריה, אבער וויא אזוי האט איהר ערפאהרען וועגען דעם? |
| To come to know. | ערפאהרען, געוואָהר ווערען. |
| I am not permitted to tell you that. | עס איז מיר ניט ערלויבט אייך צו זאָגען דאָס. |

| | |
|---|---|
| If he should come to know of it. | ווען ער זאָל עס ערפאהרען. |
| How does he come to suppose such a thing? | וויא קומט ער צו רעכנען אזא זאך? |
| When shall we be able to buy a house? | ווען וועלען מיר זיין אין שטאנד צו קויפען א הויז? |
| That will never come to pass, I am afraid. | דאס וועט קיינמאָל ניט זיין (פּאסירען) האב איך מורא. |
| To come to pass. | פּאסירען, זיין. |
| Don't be afraid, that may come to pass. | האט קיין מורא ניט, דאס קען פּאסירען. |

**Nay (ניי), יע (בייא דעם וואָרט זאָגאַר).**

**Even (איוון), זאָגאר.**

| | |
|---|---|
| Nay, he had even promised me to be here himself at three o'clock. | יע, ער האט מיר זאָגאַר פערשפּראָכען צו זיין היער אליין אום דרייא אוהר. |
| Nay, if you tell me so, I must believe it. | יע, ווען איהר זאָגט עס מיר, מוז איך עס גלויבען. |
| When in New York. | אלס איך בין געוועזן אין ניו יאָרק. |
| When travelling. | ווען איך רייז. |
| When in health. | ווען איך בין געזונד. |

נאָך דעם וואָרט when קען מען אויסלאָזען דיא פּערזאָן און דיא ווערטער בּין, זיין, געוועזן או. אז.

| | |
|---|---|
| When in London. | ווען איך בין אין לאָנדאָן.<br>וזען דוא ביסט אין לאנדאן.<br>ווען ער איז אין לאָנדאָן.<br>ווען איך בין געוועזן אין לאנדאן.<br>ווען דוא ביסט געוועזן אין לאָנדאָן.<br>ווען ער (אָד. זיא) איז געוועזן אין לאָנדאָן.<br>ווען מיר זיינען געוועזן אין לאָנדאָן או. אז. וו. |
| My father when in London last year, visited his cousin several times. | אלס מיין פאָטער איז געוועזן אין לאָנדאָן לעצטעס יאהר, האט ער בעזוכט זיין שוועסטערקינד עטליכע מאָל. |

**When (הווען), אַלס, ווען; און דאָ; און דאן.**

| | |
|---|---|
| He went with us as far as the gate, when he, all at once, would go no farther. | ער איז געגאנגען מיט אונז ביז דעם טהויער, און דאָ האט ער אויף איין מאָל ניט געוואָלט געהן ווייטער. |
| To-morrow he will receive his money, when he will pay what he owes. | מאָרגען וועט ער קריגען זיין געלד און דאן וועט ער בעצאָהלען, וואָס ער איז שולדיג. |

He gave me a piece, which being too small, I returned to him.

ער האט מיר געגעבען א שטיק און אזוי וויא עס איז געוועזן צו קליין, האב איך עס איהם געגעבען צוריק.

דארטען, וואו מען זאגט אין יודיש: און אזוי וויא עס איז. און אזוי וויא דיזער (דיזע, דיזעס) ווערט אין ענגליש בלויז געברויכט דאס ווארט which; און וואו מען זאגט אין יודיש בייא פערזאנען: און אזוי וויא ער, זיא, עס, ווערט אין ענגליש בלויז געברויכט דאס ווארט who. אין דיזע פעלע שטעהט דאס האנדלונגסווארט אין דער פארם פון דעם געגענווער־טיגען מיטעלווארט (ing—).

Mr. Cleveland went to see your brother, who not being at home, he left his card.

הערר קליוולאנד איז געגאנגען זעהן אייער ברודער, און אזוי וויא ער איז ניט געוועזן צו הויז, האט ער געלאזען זיין קארטע.

The card (קארד). — דיא קארטע.

She spoke to your mother, who not being able to give her any information, she sent the letter off.

זיא האט גערעדט מיט אייער מוטער, און אזוי וויא זיא האט איהר ניט געקענט געבען קיין אויסקונפט, האט זיא אוועג־געשיקט דעם בריף.

The information (אינפארמיישאן). — דיא אויסקונפט.

Do you often see Mr. Cleveland just now? — זעהט איהר הערר קליוולאנד יעצט אפט?

Only now and then. — נאר צייטענווייז.

Now and then. — צייטענווייז.

Does your watch go well just now? — געהט אייער אוהר גוט יעצט?

It stops every now and then. — זיא שטעלט זיך אב זעהר אפט.

Every now and then. — פון צייט צו צייט, זעהר אפט.

## Upwards (אפ'וואַ־רדז) העכער.

Upwards of—. / And upwards. — העכער אלס, מעהר אלס, איבער.

He has earned upwards of twenty dollars. / He has earned twenty dollars and upwards.

ער האט פערדיענט איבער צוואנציג דאל־לער.

*To earn (אירן). — פערדיענען.

She has been married upwards of twelve years.

זיא איז שוין איבער צוועלף יאהר פערהיי־ראטהעט.

She must be fifteen years and upwards. — זיא מוז זיין איבער פופצעהן יאהר.

He must be fifty years and upwards. — ער מוז זיין איבער פופציג יאהר.

I have been standing here two hours and upwards, waiting for my money.

איך שטעה שוין היער איבער צווייא שטונ־דען, ווארטענדיג אויף מיין געלד.

## On (אָן), איבער, וועגען.

| | |
|---|---|
| Have you spoken to Mr. Harrison on this matter? | האָט איהר גערעדט מיט העררן האָררִיסאָן איבער דיזע זאך? |
| I as well as my brother have spoken to him about it. | איך, וויא אויך מיין ברודער, האבען מיט איהם גערעדט וועגען דעם. |
| As well as. | אזוי גוט וויא, וויא אויך. |
| I shall take these as well as those. | איך וועל נעהמען דיזע אזוי גוט, וויא יענע. |
| He knows Spanish as well as English. | ער קען שפּאניש, וויא אויך ענגליש. |
| They are gone out a walking. | זייא זיינען אויסגעגאַנגען שפּאַציערען. |
| Will you go a shooting to-morrow? | וועט איהר געהן מאָרגען שיסען (ר. ה. אויף יאגד)? |
| A walking. | געהן. |
| A shooting. | שיסען. |

מען געבּרויכט מאַנכמאָל אין ענגליש דאָס ווערטעל a פאָר דעם געגענווערטיגען מיטעלוואָרט (—ing) אָנשטאָט דיא אונבעשטימטע אָרט פון האַנדלונגסוואָרט מיט דעם ווערטעל to:

| | |
|---|---|
| They are gone out to walk.<br>They are gone out a walking. | זייא זיינען אויסגעגאַנגען שפּאַציערען. |
| Will you go to shoot?<br>Will you go a shooting? | וועט איהר געהן שיסען? |

## 246. צום איבערזעצען.

ווייס אייער שוועסטער, דאס דיא יונגע פראַנצויזין האט זיך בעליידיגט, פון וואָס זיא האט איהר געזאָגט נעכטען?—זיא ווייס ניט און קען עס אויך ניט (nor) וויסען; אָבער וויא אזוי האט זיך געקענט דיא יונגע דאַמע בעליידיגען דערפון (at it)? זיא קען מיין שוועסטער צו גוט צו דענקען, דאס זיא וואָלט אבזיכטליך זאָגען עפּעס, וואָס זאָל (might) אימעצען פעראורזאַכען (give) שמערץ.—וויא אזוי קומט עס, דאס מיר זעהען אזוי זעלטען אייער ברודער ווילהעלם אין אונזער הויז יעצט? ער איז אונז ניט געווען זעהן זייט דרייא וואָכען, געוויס.—ער זאָגט ער האט אימער אזוי פיעל צו טהאָן.—זיין פאָטער האט אזוי פיעלע מענשען אין זיין קאָנטאָר, וויא ער פלעגט (used) האָבען, ניט וואהר? און געשעפט איז ניט אזוי זעהר גוט יעצט.—יע, זייא האבען זאָגאר איינעם מעהר אלס פאָרהער.—איז דאס ניט געווען פריילין מאריע, מיט וועמען איך האב געזעהן אייך און אייער שוועסטער צוזאמען שפּאַציערען?—יע.—איהר זאָלט זיא הייראַטהען; זיא האט א סך געלד; האט זיא ניט געערבט (inherited) פופציג טויזענד דאָללער פון איהרער א מומען?—איך האב גאָרנישט דאַגעגען זיא צו הייראַטהען, ניט פיר איהר געלט, אָבער (though), נאָר פיר איהרע גוטע אייגענשאַפטען (איינענשאַפט, quality).—וועט איהר הייראַטהען יענע יונגע דאַמע, וועלכע איהר האט פאָרגעשטעלט פאר מיר נעכטען?—איך וואָלט זיא הייראַטהען, ווען עס וואָלט זיין מעגליך; אבער דאס קען ניט געשעהן, ווייל זיא איז שוין פערלאָבט (פערלאָבען, to engage).—וואו האבען

אייערע טעכטער געמאכט דיא בעקאנטשאפט פון דיא צווייא פריילינס מארטאן?—זיא האבען געמאכט זייער בעקאנטשאפט לעצטען ווינטער אין פאריז.—קענט איהר מיר זאגען, וואו איך קען געפינען אייער פאטער?—ווען (if) ניט אין דיזען צימער, דענק איך, וועט איהר איהם געפינען אין גארטען.—וואו קען מען יעצט געפינען אונזער פעטער?—מען קען איהם יעצט געפינען בייא זיך צו הויז (=אין זיין אייגענעם הויז).—וועט הערר הארריסאן אננעהמען אונזער איינלאדונג?—איך וויים, דאס ער וועט זיא ניט אננעהמען, פון דעסטוועגען וועל איך איהם איינלאדען צו דער האכצייט (wedding) פון אונזער טאכטער.—ער מוז זיין א שלעכטער מענש.—ער איז ניט קיין שלעכטער מענש, נאר ער בעליידיגט זיך זעהר לייכט; איך האב איהם געזאגט א ווארט, פון וועלכען ער האט זיך געפונען בעליידיגט, און וואס איך האב געזאגט איז נאר געווען א שפאס (a joke).—ניט יעדערער פערשטעהט א שפאס און מיר מוזען וויסען, מיט וועמען מיר רעדען.—איך האב איהם געהאלטען פיר א מענשען, וואס פערשטעהט א שפאס.—אלזא האט איהר אייך געאירט.

## 247. צום איבערזעצען.

האט איהר בעליידיגט הערען דזשאהנסאן?—עס טהוט מיר לייד צו זאגען, איך האב איהם בעליידיגט.—ער איז געווען היינט זעהר אין כעס (angry); ער האט געזאגט ער וועט אייך אנלערנען.—וואס איך הער! וואס זאל איך טהאן, איך קען עס ניט העלפען.—היינט איז אייער געבורטסטאג (birthday), ניט וואהר?—וויא אזוי האט איהר ערפאהרען וועגען דעם?—אייער מוטער האט עס מיר געזאגט.—ווען וועלען מיר קענען קויפען ביכער און מאכען א ביבליאטהעק?—דאס וועט קיינמאל ניט זיין, האב איך מורא.—ווארום ניט?—וויל געשעפט איז זעהר שלעכט, און איך קען ניט זעהן, וויא אזוי (how) מיר וועלען קריגען געלד פיר ביכער.—האט קיין מורא ניט, דאס קען נאך פאסירען.—וועט ער אונז לאזען וויסען דורך אימעצען וועגען דעם געשעפט, פון וועלכען מיר האבען מיט איהם געכטען גערעדט?—יע, ער האט זאגאר פערשפראכען צו זיין היער אליין אום דרייא אוהר.—האט אייער פאטער ווען (ever) בעזוכט זיין שוועסטער־קינד אין לאנדאן?—אלס מיין פאטער איז געווען אין לאנדאן לעצטעס יאהר, האט ער בעזוכט זיין שוועסטערקינד עטליכע מאל.—איז מיין זוהן געגאנגען מיט אייך דעם גאנ־צען וועג?—ער איז געגאנגען מיט מיר ביז דעם מארק, און דא האט ער ניט געוואלט געהן וויטער; ער האט געזאגט, ער האט געפיהלט זעהר שוואך (weak) און האט ניט געקענט געהן.—ווען וועט ער מיר בעצאהלען דיא סומע (sum), וועלכע ער איז מיר שול־דיג?—מארגען וועט ער קריגען זיין געלד, און דאן וועט ער אייך בעצאהלען, וואס ער איז אייך שולדיג.—האט ער אייך שוין געגעבען א שטיק פאפיער?—ער האט מיר געגעבען א שטיק און אזוי וויא עס איז געווען צו קליין, האב איך עס איהם געגעבען צוריק.—זעהט איהר אפט אייער פלעמעניק?—איך זעה איהם צייטענווייז.—וויא פיעל האבען זייא אייך בעצאהלט פיר אייערע ביכער?—זייא האבען מיר בעצאהלט איבער פערציג דאללער.—וויא אלט קען דיזער מאן זיין?—ער איז געווים איבער זעכציג יאהר.



# דיא איינטהיילונג פון ווערטער אין גראמאטיק.

דיא ווערטער פון דער ענגלישער שפראך ווערען אין גראמאטיק איינגעטהיילט אין אכט קלאסען, וועלכע הייסען רעדע־טהיילען (Parts of speech).

דיא אכט רעדע־טהיילען זיינען:

1) זאכווערטער, Nouns (נאונז),
2) פירווערטער, Pronouns (פראָנאונז),
3) אייגענשאפטסווערטער, Adjectives (אֶדזשעקטיווז),
4) האנדלונגסווערטער, Verbs (ווארבז),
5) בעשטימונגסווערטער, Adverbs (אֶדווארבז),
6) ריכטונגסווערטער, Prepositions (פּרעפּאָזי׳שאָנז),
7) בינדווערטער, Conjunctions (קאָנדזשאנק׳שאָנז),
8) אויסרופונגסווערטער, Interjections (אינטערדזשעק׳שאָנז).

1. זאכווערטער זיינען ווערטער, וועלכע בעצייכנען אלע מינים זאכען (לעבע־דיגע, ניט־לעבעדיגע און גייסטיגע), וויא: man (א מענש), ox (אן אָקס), stone (א שטיין), beauty (שעהנקייט), thought (א געדאנקען).

2. פירווערטער זיינען ווערטער, וועלכע ווערען בענוצט אנשטאט צו ווידער־האָלען דעם נאָמען פון א זאך אָדער א פּערזאָן, וויא: he (ער), she (זיא), it (עס), they (זייא), we (מיר), my (מיין), your (אייער) או. אז. וו.

3. אייגענשאפטסווערטער זיינען ווערטער, וועלכע ווייזען דיא אייגענ־שאפטען פון זאכען אָדער פּערזאָנען, וויא: good (גוט), bad (שלעכט), sweet (זיס), bitter (ביטער), strong (שטארק), merry (לוסטיג), strict (שטרענג) או. אז. וו.

4. האנדלונגסווערטער זיינען ווערטער, וואס בעצייכנען א האנדלונג, ד. ה. א טהואונג אָדער א ווירקונג, וויא: to go (געהן), to make (מאכען), to write (שרייבען), to eat (עסען), to sit (זיצען), to stand (שטעהן) או. אז. וו.

5. בעשטימונגסווערטער זיינען ווערטער, וועלכע בעשטימען אָרט אָדער, צייט, וויא: here (היער), there (דאָרטען), to-day (היינט), yesterday (נעכטען); אָדער וועלכע בעשטימען דיא ארט, וויא א האנדלונג געשעהט, וויא nicely (שעהן) אין דעם זאץ I write nicely (איך שרייב שעהן).

6. ריכטונגסווערטער זיינען ווערטער, וועלכע ווייזען דיא ריכטונג אָדער דיא ווענדונג פון איין זאך אָד. פּערזאָן צו אן אנדערער, וויא: on (אויף), in (אין), over (איבער) או. אז. וו.

7. בינדווערטער זיינען ווערטער, וועלכע בינדען איין וואָרט מיט אן אנדערן אדער איין זאץ מיט אן אנדערן, וויא: and (און), also, too (אויך), with (מיט), if (אויב), that (אז) או. אז. וו.

8. אויסרופונגסווערטער זיינען ווערטער, וועלכע מען רופט אויס מיט אויפרעגונג פון פרייד אָדער לייד, פון פערוואונדערונג אָד. פּעראכטונג, וויא: Ah! (אך!), Oh! (אָה!), alas! (וועה!).

